יחיאל האָפּער

# אין ווייסער פאַרפאַלנקייט

פון אַ סאָוויעטישן לאַגער פאַר צוואַנגס־אַרבעט
אויפן ווייטן צפון

ראָמאַן



פאַרלאַג „המנורה" תל־אביב
תשכ"ט — 1969

# אינהאַלט:


1. אין כף הקלע . . . . . . . . . . 7
2. דער וועג אַהער . . . . . . . . . . 33
3. אין ווייסער פּאַרפּאַלנקייט . . . . . . . . 50
4. פערד און מענטשן . . . . . . . . . . 82
5. דער סקעלעט מיט דער קאָסע אין דער האַנט . . . . . 106
6. נאָך דער „איבערקערעניש" . . . . . . . . 135
7. נעכט אין דער טייגע . . . . . . . . . 162
8. דער טייוול און זיין משפט . . . . . . . . 189
9. וואָראָניקידזע . . . . . . . . . . 220
10. „כאָנדראַ" . . . . . . . . . . . 244
11. חרטה . . . . . . . . . . . 274
12. גורלות . . . . . . . . . . . . 309
13. „פרילינג" . . . . . . . . . . . 347
14. מלחמה . . . . . . . . . . . . 380
15. דער שנייַ פּאַלט . . . . . . . . . . 404

# אין כף הקלע

פאַרטאָג טוט אַן אייזערנער לאַם אַ זעץ אין אַ דיקער שינע, צוגעקלאַפּט צו אַ האַלצערנעם באַלקן. דאָס געשטעל פון באַלקן און שינע זעט אויס ווי אַ תליה.

אַ טעמפּער געהילעך טראָגט זיך איבער דער זאַנע. זיין אייזערנער פּיסק דרעזגעט לאַנג און מיט כעס דאָס וואָרט: פּאַדיאָם! (אויפשטיין!).

די קאַלטע לופט ציטערט. דער געהילעך רייסט זי מיט אייזערנע נעגל.

אין פינצטערן באַראַק טוט זיך אַ ראַיע. פיר הונדערט אַרעסטאַנטן, וואָס שלאָפן אויף גרויסע צוויי־שטאָקיקע נאַרעס, טוען זיך מיט אַמאָל ווי אָפּרייסן פון אַ בשותּפותדיקער שטריק. פון דעם לאַנגן געפּלעכט גופים, נעמט יעדער אייליק אַרויספּלאָנטערן זיינע אייגענע אברים. אַ טיפער ציטער, ווי פון אַן אַנציענדיקער כוואַליע, טוט מיט יעדן אַ שאָקל און רייסט אים אַרויס פון מידן שלאָף. יעדער פון די מענטשן, מאַכט משונהדיקע באַוועגונגען, ווי ער וואָלט זיך געגרייט ראַטעווען פון דעם אַנקומענדיקן צופּלוס. אייגנט־לעך, מאַכן אַלע די זעלביקע באַוועגונגען, נאָר ביי יעדערן קומען זיי אַרויס מאָדנע אַנדעריש.

דער דניעוואַלני צינדט אָן אַ קליין נאַפט־לעמפּל. דאָס לעמפּל עפנט אויף אַ רויט, קאַליעדיק אויג און פינטלט ווי פאַרווירט. פון דער ענגשאַפט אויף די נאַרעס, טוען זיך די מענטשן אָן, צי פאַריכטן זייער אַנטועכץ, האַלב־ליגנדיק און האַלב־זיצנדיק. ווער ס׳ליגט אויפן בויך, ווער אויף אַ זייט און ווער אויפן רוקן. פיס זענען איינגעקאַרטשעט און הענט הענגען ווי אין דער לופט. אין דעם רויטן שיין פון דעם פינטלדיקן לעמפּל, זעט דער באַראַק מיט דער משונהדיקער פאַנטאַמימע אויס, ווי אַ ריזיקע צוויי־שטאָקיקע שטייג מיט מאַלפּעס.

ס׳איבלט דער טשאַד פון נישט־אויסגעשלאָפענעם שלאָף, דער עיפּוש פון אַדורכגענעצטע אַנטועכצן, פון קראַנקע אינגעווייידן און נישט איבער־געבונדענע ווונדן.

ווען ס'זענען אָנגעקומען די גרויסע פרעסט, האָבן אַ טייל אַרעס־טאַנטן פון פרישן עטאַפּ, יידן און אַ קליינע צאָל פּאָליאַקן, נישט דערפאַרענע און אומבאַהאָלפענע אָנטקעגן די מוראדיקע באַדינגונגען פון דער טייגע, זיך אָפּגעפרוירן פינגער פון הענט און פיס, אויערן, שפּיצן פון די נעז און פון די מענער־גלידער.

אַ טרוקענער קלאַפּ מיט דער טיר פון באַראַק, ווי זי וואָלט זיך פון פראָסט צעפּאָלן אויף שטיקער, ווי אַ פּלוצעם געפּלאַצטע אייז־קריע צערייסט אַ טראַטווע.

אין דעם האַלב־פינצטערן באַראַק פאַלט אַריין וואַניאַ, דער נאַר־יאַדטשיק, מיט דעם אויסגעשובענעם פּנים, און שטעלט זיך אַוועק הינטער דעם אָנגעצונדענעם לעמפּל. זיינע גרינע אויגן און פאַררויסענע נאָז פול מיט רציחה. דער שמאָלער שניט פון זיין מויל פאַרשטעלט מיט דער קלאַפּע פון דער ברוינער שעפּסענער שובע, אויפן נאַקעטן שאַרבן — אַ שמוישן היטל מיט אָפּשטייענדיקע אייזל־אויערן.

ער ציט האַסטיק אַרויס פון דער קעשענע אַ שטיק פּאַפּיר און בילט אַרויס די נעמען פון די באַפרייטע, צוליב פאַרשידענע קראַנקהייטן, פון דער אַרבעט. יעדן באַפרייטן קוקט ער אָן לאַנג און שטעכעדיק, ווי יענער וואָלט געווען זיין פערזענלעכער שונא.

צום דאָקטאָר האָבן זיך געהאַט אָנגעמאָלדן אַרום צען קראַנקע און באַפרייט פון זיי זענען געוואָרן פיר־פינף, האָבן זיך פונדעסטוועגן אַלע פיר הונדערט אַרעסטאַנטן פון באַראַק גוט צוגעהערט צום אויסלייענען די נעמען. אפשר איז געשען אַ נס און אויך ער געפינט זיך אויף דער ליסטע? קיינער פון זיי גיט זיך נישט אָפּ קיין חשבון, ווי אומזיניק ס'איז אַזאַ דערוואַרטונג.

געענדיקט לייענען, טוט וואַניאַ אַ שריי אויס: פּאַראַזיטן פאַרשאָל־טענע! ער שפּייט אויס צוויי מאָל צוביידע זייטן פון די נאַרעס און לויפט אַרויס פון באַראַק.

ס'פאַלט אַריין דער קאָמענדאַנט פון דער זאָנע, סאַבאַטשאַוו. ער טראָגט אויף זיך אַ דרייפערטלדיקן פּעלץ, אַ גרויס סיבירער, פוטערן היטל, ווי אַ שטריימל, און הויכע וואַלענקעס אויף די פיס. זיינע אויגן זענען גרויס און ווייס, ווי דער אַכזריותדיקער פראָסט. די כסדר אַרויס־געשטשירעטע ציין, זענען ביז אין דער העלפט באַדעקט מיט בלוי־רויטע יאַסלעס.

ער שרייט, שעלט, זידלט, טופּעט מיט די פיס, ביילט די פויסטן. ער רייסט, שטאַרגעט, שלעפּט. דעם רייסט ער אַרויס אַ פּאָר הויזן פון די

הענט, וועלכע יענער האַלטביים אַנטאָן, אַ צווייטן רייסט ער אַרויס אַ שוך, אַן אַנדערן ווידער זעצט ער אַרויף דאָס היטל אויפן קאָפּ מיט אַזאַ אימפּעט, אַז יענער פאַלט אום און קייקלט זיך איבער. ער יאָגט, טרייבט, שלעפּט. די הענט אַרבעטן ביי אים ווי פליגל פון אַ משוגע געוואָרענער ווינט־מיל, און כסדר סיקעט ער אַרויס דורך די פאַרהאַקטע ציין: פּאַראַ־זיטן! פאַראַזיטן! אין אייער מאַמען אַריין! אין אייער מאַמען אַריין!

פלוצים באַמערקט ער, ווי אין דעם גאַנצן טומל, רעש און געיעג, אין דעם וויסטן האַרמידער, שלאָפט זיך עמעצער זייער רואיק און געמיטלעך איינער אַליין און ברייט צעלייגט אויף דער אויבערשטער נאַרע.

סאַבאַטשאַוו ווערט ווילד. זיינע ווייסע אויגן ווערן נאָך גרעסער און אַכזריותדיקער. ער קריצט מיט די ציין. מען הערט אין דעם קריצן, ווי ער וואָלט געשליפן די אויבערשטע ציין אויף די אונטערשטע.

ער בייסט מיט די אויגן דעם שלאָפנדיקן. אָבער יענעם אַרט דאָס נישט. ער מוז אַפנים זיין טיף פאַרזונקען אין שלאָף, פאַרפלאָנטערט אין זייער אַ וויטן חלום.

סאַבאַטשאַוו דערקענט אים.

— דאָס איז ער, דער הורישער זון! — שרייט ער. — דאָס איז ער, דער לאַדיר, דער פּאַראַזיט! נאָר וואָס געזעסן אין איזאָלאַטאָר. וויניק פאַר אים! ער שענדט די סאָוויעטישע געזעצן! חוזקט פון לאַגער־רעזשים! מיר וועלן אים פאַרשיקן אין אַ שטראָף־לאַגער!

ער טוט זיך אַ ריס אין דער ריכטונג פון דער נאַרע, אויף וועלכער עס ליגט דער מענטש פאַרטיפט אין שלאָף. סאַבאַטשאַוו פאַרוואַרפט זיינע הענט אַרויף צו, צו דער אויבערשטער נאַרע. זיינע גרויסע דלאָניעס אוןביינערדיקע פינגער פאַרלייגט ער אַרום דעם שלאָפנדיקנס פיס, ווי מען פאַרלייגט צוואַנגען, און מיט איין האַסטיקן צי, טוט ער אים אַ שלעפּ אַראָפּ אויף דער ערד.

דער אַרעסטאַנט פאַלט האַרט און שווער מיטן פּנים אַראָפּ. ער בלייבט ליגן אויף דער ערד שטום און אומבאַוועגלעך. סאַבאַטשאַוו דרייט אים איבער. דעם מענטשס פּנים איז געל און פאַרשפּיצט, בלויז ביים סוף פון איין נאַזלעכל זעט זיך אָן אַן איינציקער טראָפּן בלוט.

סאַבאַטשאַוו טוט אַ ריטשע ווי אַ ווילדער אָקס. ער שרייט צו עטלעכע אַרעסטאַנטן, זיי זאָלן אים אַרויפלאָדענען דעם ליגנדיקן אויף די פּלייצעס. ער בייגט זיך אונטערן לאַסט פון שטאַרן קערפּער, אָבער ער לויפט מיט אים, ווי אַ פערד געטריבן מיט אַ בייטש, דורך דעם גאַנצן לאַנגן שנייוועג פון דער זאָנע — ביז דעם קליינעם הייזל פון דער אַמבולאַטאָריע.

דאָרט, אין דער אַמבולאַטאָריע, לייגט ער אים אַוועק אויף דער נאַקעטער נאַרע, וועלכע שטייט אין אַ ווינקל. ער ווישט זיך אָפּ דעם שווייס פון שטערן.

דער דאָקטאָר אַלעקסעי וואַסיליעוויטש, שטעלט פעסט דעם טויט.

דער געשטאָרבענער איז אַ יונגער, איידעלער, יידישער בחור פון וואַרשע. ער הייסט פריליך. זיך אָפּט באַקלאָגט, אַז ער איז שוואַך, קראַנק. קאָן נישט אַרבעטן. באַטשאַלסטוואָ האָט אים נישט געגלויבט, געזעצט אים אין איזאָלאַטאָר. לעצטנס איז ער יעדן טאָג געגאַנגען אין אַמבולאַטאָריע. מען האָט אים דאָרט געמאָסטן די טעמפּעראַטור. ער האָט געהאַט ווייניקער ווי פינף און דרייסיק גראַד. דער רוסישער דאָקטאָר, אַלעקסעי וואַסיליעוויטש, אויך אַן אַרעסטאַנט, האָט אים געוואָלט כאָטש אויף איין טאָג באַפרייען פון דער אַרבעט אין וואַלד, אָבער נישט געקאָנט. דער רעגולאַמין פון סאַן־אַטדיעל זעט פאָראויס דאָס באַפרייען פון דער אַרבעט, נאָר צוליב הויכער טעמפּעראַטור. וועגן נידעריקער, רעדט זיך דאָרט לגמרי נישט.

דער דניעוואַלני פון דער אַמבולאַטאָריע, דער כינעזער וואַן־פו־יען, גלייכט אויס דעם טויטן. מאַכט אים צו די אויגן. ער לייגט אים צונויף די הענט, וואָס ליגן צעוואָרפן אויף דער נאַרע מיט אַזאַ פאַרצווייפלטן אויסדרוק, ווי דער טויטער וואָלט זיך געגרייט אויסצושרייען זיין לעצטן, אויף אייביק פאַרשטומטן פּראָטעסט. דערנאָך דעקט דער דניעוואַלני איבער דעם מת און די נאַרע מיט אַ ברוינעם קאָץ.

דער כינעזער טוט דאָס אַלץ שטיל, פּאַמעלעך און געניט, מיט די זעלבע באַוועגונגען און פּינקטלעכקייט, מיט וועלכע ער טוט אויסקערן די שטוב און אָפּוואַשן דעם דיל. זיין געל, פאַרגליווערט פּנים האָט קיין צוק נישט געטאָן.

סאַבאַטשאַוו פאַרקוקט זיך אויפן כינעזער, וועלכער דרייט זיך שוין איצט אַרום מיטן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און מיט די הענט פאַרשטעקטע אין די אַרבל פון דער פופייקע. דעם כינעזערס קליינטשיקע טריטלעך און געמאָסטענע באַוועגונגען מאַכן אים משוגע, פירן אים אַרויס פון זיך. ער לויפט צו צום כינעזער, כאַפּט אים אַן ביי די אַרעמס און נעמט מיט אים אַזוי האַסטיק טרייסלען, ווי מען טוט דאָס מיט אַ בוים, ווען מען וויל פון אים אַראָפּשאָקלען די נאָך נישט צייטיקע פרוכטן.

וואַן־פו־יען לאָזט מיט זיך שאָקלען. ער הייבט נישט אויף דעם קאָפּ,

טוט נישט קיין פינטל מיט קיין אויג, מאַכט נישט די מינדסטע באַוועגונג זיך צו באַפרייען פון יענעמס הענט. סאַבאַטשאַוו גיט דעם כינעזער אַ שליידער אַוועק פון זיך, טוט אַ זעץ מיט דער טיר און פאַרשווינדט.



סאַבאַטשאַוו לויפט צוריק אין דעם גרויסן באַראַק. טייל מענטשן שטייען אין דרויסן און וואַשן די שפּיצן פינגער פון די הענט און ווישן די ווינקלען פון די אויגן מיט דעם, פונעם הויך פון זייערע מיילער, צע־טייעטן שניי.

דאַס וואַסער אין די רויטע פעסער, וואָס שטייען אין דעם קליינעם קאָרידאָר אַן אַ דאַך, ביים אַריינגאַנג אין באַראַק, איז פאַרפרוירן. אַ גאַנצן טאָג האָט דער וואַדאַוואַז געשעפּט וואַסער אין דעם טיפן פּשערעמבעל אין דער וויסליאַנאַ און צעפירט עס אין די באַראַקן. אָבער איבער דער נאַכט איז פון דעם זילבערנעם וואַסער געוואָרן ווייס־בלויער אייז.

סאַבאַטשאַוו יאָגט: דאַוואַיטיע! דאַוואַיטיע! סקאַריעי! סקאַריעי! (רירט זיך, שנעלער, שנעלער!).

דער עולם שלעפּט אַרויף אויף זיך די בושלאַטן, וויקלט אַרום די פּנימער מיט וואָס עמעצער האָט: מיט אַ שאַל, אַ האַנטוך אָדער מיט סתם אַ שמאַטע. מען זעט אַרויס באַר די אויגן. די אַרעסטאַנטן גייען גיך אין דער סטאָלאָווע.

אין דרויסן איז נאַכט. דער הימל — אַ שטיק גראַנאַטענער געוואַנט, געדיכט פאַרשטאָכן מיט ברילִיאַנטענע שפּילקעס. די ערד איז ווייס מיט אַ בלינדער ווייסקייט. גאַנצע טעג איז געפאַלן דער שניי, דין ווי מעל. אַ ווייסע פאַרשיטעניש.

דער שניי הינטער די פיס איז האַרט און סקריפּעט ווי געמאַלן גלאָז.

פון אַלע באַראַקן שיטן זיך אַרויס שוואַרצע מענטשן. אַלע זענען אַנגעטאָן אין שוואַרצע פופייקעס און וואַטע־הויזן. די שוואַרצקייט פון זייער אָנטועכץ זעט אויס ווי פאַריסט, ווי זיי אַלע וואָלטן געווען קוימען־קערערס. דער הויפּטבאַראַק שטייט אויף אַ בערגל. ווען מען קוקט אַראָפּ פון אים, זעט אויס ווי הונדערטער שוואַרצע מענטשעלעך וואָלטן זיך געקייקלט קאָמיש און אומגעלומפּערט אינעם הויכן, ווייסן שניי.

באַראַקן זענען אין דער זאַנע פאַראַן עטלעכע, צווישן זיי דער גרויסער באַראַק מיט פיר הונדערט מענטשן, וועלכער איז כמעט

אַ ריין יידישער. אין צווייטן באַראַק, אויך אַ גרויסן, איז פאַראַן אַ קליינע צאָל פּאָליאַקן, מייסטנס סטאַכאַנאָווצעס, און די רעשט זענען בלויז יידן. פאַראַן אויך אַ באַראַק פון גרוזטשיקעס, די וואָס לאָדענען דאָס האָלץ פון וואַלד דירעקט אויף גרויסע לאַנגע משאַ־מאַשינען, אַ באַראַק אַ קליינער נאָר אַ מיחוסדיקער, פון בלויז יידישע סטאַכאַנאָווצעס און עטלעכע קאָרעאַנער און כינעזער. די קאָרעאַנער זענען דיעסאַטניקעס און די כינעזער אַרבעטן אין קיך אָדער אין דער וועשערייִ.

פאַראַן אַ קליינער פּרויען־באַראַק, אַ באַראַק פון רוסישע שאָפערן. איינער פאַר דיעסאַטניקעס און פאַר קאָנטראָלנע־דיעסאַטניקעס, און איינער פאַר די ביוראָ־באַאַמטע און פאַר נאַטשאַלסטווע. די אַלע מענטשן זענען זע.־קאַ. — אַרעסטאַנטן. די וואָלנאַ־נאַיאַמניע — די פריי־געדונגענע, די סטריעלקעס (באַוואָפנטע שומרים), די ענקאַ־ווערע־נאַטשאַלניקעס און דער באַפולמעכטיקטער פאַר ספּעציעלע ענינים, וווינען אויסער דער זאָנע.

אין דער גרויסער סטאָלאָווע איז קאַלט און האַלב־פינצטער. ביי די לאַנגע, פייכטע, נאַקעטע טישן, זיצן שוין די שטענדיק הונגעריקע. זייערע לייבער יויריק און אָנגעגאָסן. די פּנימער געל און געשוואָלן. די אויגן אין בלוין־בלויע וואַסער־טאָרבעלעך. זייערע בידנע ביסל עסן האָבן זיי שוין פאַרצערט. איצט זיצן זיי מיט די הילצערנע לעפל פאַרשטעקט צווישן די קנעפּ פון די פופייקעס — און וואַרטן טאָמער וועט עמעצער איבערלאָזן אַ ביסל וואַסער פון דער קרויט־זופּ, וועלן זיי זיך וואַרפן אויף דעם מיט די הילצערנע לעפל, ווי רויב־פייגל מיט זייערע האַרטע שנאָבלען.

ביי דער וואַנט פון דער סטאָלאָווע, ווו זי גרענעצט זיך מיט דער קיך, זענען פאַראַן צוויי פענצטערלעך, איבער זיי ברענען צוויי גרעסערע נאַפט־לאָמפּן. צוויי לאַנגע, שוואַרצע מענטשן־רייען ציען זיך צו די פענצטערלעך. יעדער דערלאַנגט זיין טאַלאָן און דאָס פענצטערל וואַרפט אַרויס צוויי שוואַרצע, פלאַטשיקע טעפּ. אין איינעם אַ זופּ און אין דעם צווייטן אָ לעפל קאַשע און טייל מאָל אַ שטיקל פיש, טרעסקאַ, וואָס האָט אַ דעמפּיקן ריח פון זיך קאָכנדיקער ברודיקער וועש.

פון דער צווייטער זייט קיך, געפינט זיך די קליינע סטאָלאָווע פאַר סטאַכאַנאָווצעס און דיעסאַטניקעס. דאָרט דערלאַנגט מען דאָס עסן דורכן פענצטערל אין געגלייזטע שיסעלעך. די זופּ און די קאַשע איז געשמאַלצן.

אַ חוץ דעם, באַקומט מען אַ גוליאַזש מיט עטלעכע שטיקלעך געבראָטענע קאַרטאָפל און אַ בולאַטשקע (אַ לענגלעכע ווייסע זעמל), געפילט מיט קרויט.

אין דער קליינער סטאָלאָווע עסן אויך צוויי יידישע בריגאַדירן, סעוועק און מאַניעק. זיי באַקומען עסן פון סטאַכאַנאָווסקע קעסל, ווייל זייערע בריגאַדעס־אוקאַטשיקעס, אַרבעטן אַמבעסטן. זיי, די צוויי יידישע בריגאַדירן, האָבן גיך איבערגענומען דעם אופן ווי אַזוי צו צווינגען זייערע מענטשן צו דער אַרבעט. זיי מיאוסן זיך נישט צו געברויכן אַ פויסט, כאָטש לויטן געזעץ איז דאָס שלאָגן פאַרווערט. זיי זענען אויך גרויסע ספּעציאַליסטן פון געניי איבערזעצן די געפּעפּערטע רוסישע קללות אין אַ נישט ווייניקער געפּעפּערטן יידיש.

זיי זיצן, די צוויי יידישע בריגאַדירן, אין דער קליינער סטאָלאָווע און רעדן רוסיש מיט אַ באַס. זיי האָבן שנעל אויפגעכאַפּט דעם לאַגער־לעקסיקאָן, וואָס פאַרמאָגט אינגאַנצן עטלעכע געמיינע ווערטער, אין וועלכע דער אַרעסטאַנט דריקט אויס אַלץ, וואָס ער וויל זאָגן. איין און דאָס זעלבע וואָרט קאָן באַדייטן פאַרשידענע זאַכן, אָפּהענגיק פון דער אינטאָנאַציע, מיט וועלכער דאָס וואָרט ווערט אַרויסגעזאָגט. דאָס זענען גאַסן־ווערטער, וואָס שילדערן געשלעכטלעכע באַציאונגען, אָבער די אַרעסטאַנטן זאָגן אַרויס די דאָזיקע ווערטער אין גאַנצן גלייכגילטיק, אָן דער מינדעסטער עראָטישער באַפאַרבונג.

די יידישע בריגאַדירן קלאָגן זיך פאַר די רוסן אויף די מענטשן פון זייערע בריגאַדעס, אויף די יידן, וואָס ווילן כלומרשט נישט אַרבעטן. זיי חוזקן פון די יידן, וואָס באַקלאָגן זיך כסדר, אַז זיי זענען קראַנק, האָבן נישט קיין כוח צו מאַכן די נאָרמעס.

סעוועק דערציילט:

— נעכטן בין איך געגאַנגען מיט אַ מענטש פון מיין בריגאַדע צום דאָקטאָר. דער לאַדיר, האָט נישט געאַרבעט, געשריגן אַז ער איז קראַנק, האָט היץ. האָב איך געוואָלט וויסן איין מאָל פאַר אַלע מאָל, וואָס איז מיט אים. אין אַמבולאַטאָריע האָט מען אים געגעבן אַ טערמאָמעטער צו מעסטן די היץ. ער האָט טאַקע געהאַט כמעט פערציק גראַד. בין איך אָבער נישט זיין פרייער — באַרימט זיך ווילעריש סעוועק — נעם איך דעם טערמאָ־מעטער און לייג אים אַרונטער, דעם פּאַראַזיט, אונטערן צווייטן אָרעם. און וואָס ווייזט זיך אַרויס? ער האָט נישט מער ווי זעקס און דרייסיק! דער הורן־זון האָט זיך פאַרשטעקט אונטערן אָרעם אַ פלעשעלע מיט הייס

וואַסער און צוגעלייגט דאָרט דעם טערמאָמעטער. כ׳האָב באַלד, פאַרשטייט זיך, אַריינגערופן דעם קאָמענדאַנט און מען האָט דעם סוואָלאָטש אָפּגע־פירט אין איזאָלאַטאָר.

מיעלניקאָוו, אַ רוס, אַ דיעסאַטניק אין וועמענס בריגאַדע ס׳האָט געאַרבעט דער נאָר וואָס פאַרשטאַרבענער פריילין, רופט זיך אָן:

— פון הײַנט אָן וועל איך שוין אַלע מאָל גלייבן יעדן, וואָס באַקלאָגט זיך, אַז ער האָט נישט קיין כוח צו אַרבעטן. אַלץ איינס צי ער האָט היץ, צי ער האָט נישט.

ס׳ווערט שטיל. די רוסן פאַרדרייען צו ביסלעך מאַכאָרקע־קאָרעניעס אין שטיקלעך צייטונגס־פּאַפּיר. זיי פאַרציען זיך שטאַרק און שפּייען אויס. סעווענקאָ ווערט אומהיימלעך. ער ווייסט נישט צי שפּייען זיי אויף זיינע רייד, צי פון דער ביטערקייט פון דער מאַכאָרקע..

ער טראָגט זיך גיך אַרויס פון דער סטאָלאָווע.

אין דער קליינער סטאָלאָווע עסן די מענטשן מיט אַפּעטיט. דאָס עסן קייט מען. די באַקן פאַררויטלען זיך. די אויגן ווערן לויטערער. דאָס עסן מאַכט זיי לייכט, מאַכט דאָס געמיט געהויבענער. דאָס איז אַ פּאַר־ביקע מאַסע. יעדער מענטש האָט זיך זיין באַשטימטע קאָליר. אַ שוואַרצער — איז שוואַרץ, אַ גרויער — גרוי, און אַ ברוינער — ברוין. די הויט איז פון דער קעלט ביי זיי אַלע אויסגעטריקנט, אָבער אונטער דער דינער הויט ריזלט דאָס בלוט. עס וועקט און גיט חשק זיך צו באַוועגן, צו אַרבעטן, אויסצולאַדענען די ענערגיע.

אין דער גרויסער סטאָלאָווע, ווו ס׳עסן כמעט נאָר יידן און אַ קליינע צאָל פּאָליאַקן, איז די מאַסע אָן אַנפּאַרביקע, אַ גרויע. יונג און אַלט — אַלע זענען גרוי. מען עסט נישט — נאָר מען שלינגט. די אויגן ווערן נישט לויטערער, נאָר נאָך מוטנער ווי ביז איצט. דאָס עסן שלאָגט נישט אין פּנים און אין מוח, נאָר פאַלט ערגעץ אַראָפּ אין דעם אונטערשטן טייל בויך. מאַכט נישט לייכטער, נאָר שווערער. נעמט צו יעדן חשק זיך צו באַוועגן, עפּעס צו טאָן. יעדער וויל זיך פאַרבאָרגן ערגעץ אין אַ לאָך, אָדער אויף אַ נאָרע און ליגן, ליגן, בלייבן ליגן.

אין דער גרויסער סטאָלאָווע עסן אַלע אַרעסטאַנטן, וואָס אַרבעטן אויס ווייניקער ווי די הונדערט פּראָצענט פון דער נאָרמע. פאַראַן אַזעלכע, וואָס אַרבעטן אויס נאָר ביז קנאַפּע דרייסיק פּראָצענט. זיי באַקומען אַ שטראָפנאָי פּאַיאָק, אַ שטראָף־פּאָרציע, אַ זופּ אין דער פרי און אַ זופּ אין אָוונט. זיי נעכטיקן אויך אָפט אין איזאָלאַטאָר.

די וואָס מאַכן מער ווי דרייסיק פּראָצענט, באַקומען אַ חוץ דער זופּ אויך אַ קאַשע. די וואָס אַרבעטן אויס ביי זעכציק, באַקומען אַ חוץ דער קאַשע אויך אַ שטיקל פיש, טרעסקאַ. די וואָס מאַכן נאָך מער — באַקומען אויך אַ בולאַטשקע, אַ זעמעלע פון געמישט מעל אָבער נישט געפילט מיט קרויט, ווי די סטאַכאַנאָוועצעס. אין דער גרויסער סטאָלאָווע פאַרטיילן די בריגאַדירן אויך דאָס ברויט. דער וואָס איז אויף אַ שטראַפנאָי פּאַיאָק, באַקומט נאָר דריי הונדערט גראַם ברויט אויף אַ גאַנצן טאָג. דער וואָס אַרבעט אויס פערציק פּראָצענט — באַקומט פיר הונדערט גראַם. און אַזוי גייט צו צו יעדע צען פּראָצענט — הונדערט גראַם ברויט. די העכסטע נאָרמע ברויט, אַפילו פאַר סטאַכאַנאָווצעס, איז ניין הונדערט גראַם.

דאָס ברויט איז שווער און קלעפּיק. די פּאָרציע קליין און ליימיק. דער בריגאַדיר נעמט זיין חלק מיטן רעפטל. אַזאַ פּאָרציע איז גרע־סער, אויסגעבאַקענער און געשמאַקער. דאָס קומט אים, דעם בריגאַ־דיר, צוליב זיין אַמט. די אַנדערע פּאָרציעס מיט רעפטלעך טיילט דער בריגאַדיר אַזוי איין, אַז יעדן טאָג זאָל זיי באַקומען עמעצער אַנדערש.

ס׳לויפן אַן וואַניאַ, דער נאַריאַדטשיק, און סאָבאַטשאָוו, דער קאָמענ־דאַנט. זיי לויפן אַן האַלב איינגעבויגן, ווי צוואַלנדיקע פערד, מיט די קעפּ פאָרויס, גרייט זיך אַרויפצוואַרפן אויף די מענטשן. זיי שרייען שוין פון דערווייטנס: — ביסטריעי! ביסטריעי! ביסטריעי!!! סטראָיסיאַ פּאָ ברי־גאַדאַם! סטראָיסיאַ פּאָ בריגאַדאַם! פּאָ בריגאַדאַם! גיכער, גיכער, אויס־שטעלן זיך לויט די בריגאַדעס! זיי יאָגן אַרויס די מענטשן, וואָס זענען נאָך געבליבן אין סטאָלאָווע. ביי די וואָס זענען געקומען אַ ביסל שפּעטער און נאָך נישט באַוויזן אַראָפּצושלינגען דאָס ביסל עסן, רייסן זיי אַרויס די טעפּ פון די הענט, גיסן אויס אויף דער פּאָדלאָגע די זופּ, שיטן אויס די קאַשע. זיי פאַרלעשן די ברענענדיקע לאָמפּן ביי די פענצטערלעך און האַלטנדיק די געביילטע פויסטן אין דער הייך, ווייל ס׳איז פאַרבאָטן צו שלאָגן, שטופּן זיי די מענטשן מיט די בייכער, קלאַפּן זיי אינטערווילעכץ מיט די פעסטע פּלייצעס, בויקערן מיט די האַרטע אָרעמס, ווי אָקסן מיט די הערנער, און שטויסן זיי אַרויס מיט די קרעפטיקע זייטן אין דרויסן אַרויס.

אין דרויסן, פאַר דער סטאָלאָווע, זאַמלט זיך שוין פון פריער דער עולם וואָס האָט באַוויזן גיך זיך אָפּצופּאַרטיקן מיטן עסן.

צווישן זיי דרייט זיך אַרום די זעכצן־יאָריקע דינה.



דריי מיידלעך געפינען זיך אויפן הויפט־לאַגער־פונקט. בערטאַ, די דייטשקע, איז שוין דאָ אַן איינגעבירגערטע. זי געפינט זיך אין לאַגער פון ניינצן זיבן און דרייסיקסטן יאָר אָן. איז אַלט עטלעכע צוואַנציק יאָר. אַ באַחנט פריש פּנים מיט אַ קליין מויל, פולע ליפּן און שיינע ציין. זי טראָגט אייגענע קליידער. שטענדיק שוואַרצע און אָפּגעצויגענע סוועטערלעך. טייל מאָל אַ קורץ פוטערל. זי אַרבעט ביים נאַרמיראָוושטשיק פּליוויע, אַ פראַנצויז — אַ געוועזענער דירעקטאָר פון „גאָספּלאַן", מלוכה־פּלאַנירונג־ביוראָ אין מאָסקווע, אַ זע.־קאַ. — אַן אַרעסטאַנט.

די אַנדערע צוויי מיידלעך זענען פון לעצטן עטאַפּ, פון די פּוילישע יידן, חנה און דינה. חנה איז אַ מיאוסע. אַ לאַנגע נאָז, וואָס גרייכט איר ביזן מויל. אַ נידעריקע מיט גלייכע, דיקע פיס, ווי קלעצלעך. זי איז אַ האַלב געלע, האַלב בלאָנדע, זעט אויס ווי אַ בכבודיקע הון, כאָטש זי איז נאָך זייער יונג, אַלט אינגאַנצן צוואַנציק יאָר.

חנה איז גיך אַריין אין לאַגער־לעבן. זי איז צוגעטיילט געוואָרן צו דער בריגאַדע, וואָס אַרבעט ביים אַגראָנאָם באַלושקין. דער בריגאַדיר איז דער ייד, מערקל. אין פרויען־באַראַק פילט זי זיך ווי אַן אייגענע. זי האָט שוין באַקאַנטשאַפטן. דער אַרבעטס־נאַטשאַלניק האָט איר שוין אַפילו צוגעזאָגט צו באַשעפטיקן זי ווי אַ סאַניטאַרין אין דער אַמבולאַטאָריע.

דינה איז אַלט זעכצן יאָר. זי גייט אויף אַ פּאָר גאַנץ הויכע פיס. דער בוזעם און די היפטן זעען זיך ביי איר קוים אָן, אַפילו אין דער דיקער וואַטענער פופייקע און וואַטענע הויזן, איז זי שלאַנק. איר פיגור איז אַזוי אײדל געצייכנט, ווי אַ יונגע, הויכע יאַלקע, ווען זי שיילט זיך אויס פון דער פאַרטאָגיקער גרויקייט. פון אונטער דעם וואַטענעם היטל זעט זיך אַרויס אַ קראַנץ האָר פון העל־ברוינעם קאָליר, וואָס פאַלט רחבותדיק אויף איר נאַקן און אויפן אַרעמען ראַנד פון דער אָפּגעטראָגענער שוואַרצער פופייקע. אירע אויגן אויך פון דעם זעלבן העל־ברוינעם קאָליר. זיי זענען גרויס און פון מאַנדל־פאָרעם. זי האַלט זיי ברייט געעפנט, ווי אין פאַרוווּנדערונג און אומרו. אירע טריט זענען, אַפילו אין די טיפע שנייען און אין די הויכע וואַלענקעס, לייכטע און שפילעוודיקע. זי טראָגט דעם שטאָלצנעם קאָפּ הויך, דאָס פּנים אָפן, ווי זי וואָלט אַנטקעגנגעגאַנגען. ווען זי רעדט, באַוועגן זיך אירע ליפּן אַזוי, ווי זי וואָלט מיט זיי טאַנירט דעם קלאַנג פון אירע ווערטער.

דינה איז שוין צוויי חדשים אין דעם לאַגער און מען האָט זי נאָך

נישט צוגעטיילט צו קיין באַשטענדיקער אַרבעט. זי געהער נישט צו קיין בריגאַדע. יעדן אינדערפֿרי שיקט מען זי צו אַן אַנדערן נאַטשאַלניק אויפֿ־רוימען זיין „צימער״ אין באַראַק. יעדערע פֿאַר שעה טוט זי אַן אַנדער אַרבעט. דינהן העלפֿן אַלע צו. דינהן האָבן אַלע גערן, אַפֿילו וואַניאַ. וואַניאַ, וואָס גייט נישט — נאָר לויפֿט, וואָס רעדט נישט — נאָר שרייט, וואָס האָט קיינמאָל קיין צייט נישט, וואָס האַלט שטענדיק אַ פּאַפּיר אין האַנט און דאַרף כסדר אויספֿילן באַפֿעלן, אויך ער שטעלט זיך אָפּ, ווען ער טרעפֿט דינהן אויפֿן וועג. אַפֿילו סאַבאַטשאַוו מיט דער הייזעריקער, צעריסענער, פֿון אייביקן כעסן זיך, שטימע, מיט די ווי דער פֿראָסט ווייסע אויגן, טוט אַ משונהדיקן שמייכל מיט די ציין, ווען ער זעט דינהן.

דינה האָט מורא פֿאַר אַזוי פֿיל בליקן וואָס גלעטן זי. דינה שרעקט זיך צו בלייבן אין דער זאָנע מיט אַזוי פֿיל מענער — נאַטשאַלניקעס. ס׳איז נאָך נאַכט און דינה דרייט זיך שוין פֿאַר דער גרויסער סטאָלאָווע, וווּהין ס׳גייען אַריין יידן. זי ווענדט זיך צו זיי די ערשטע, זאָגט זיי „גוט מאָרגן״. זי פֿרעגט זיך אויף זייער געזונט, ווי זיי וואָלטן געווען אין אַ פּענסיאָנאַט און נישט אין אַן אַרבעטס־אויסבעסערונגס־לאַגער אויפֿן ווייטן צפֿון אין דער טייגע, נאָענט פֿון די טונדרעס.

די יידן מיט די אַנגעדראָלענע פּנימער קוקן אויף איר מאָדנע, ווי אַרויסגעריסענע פֿון אַ הינערפּלעט. זיי ענטפֿערן איר מיט אַ צעוויינטן בליק, אַזוי ווי זי וואָלט זיי אויפֿגעוועקט אין מיטן אַ חלום, וועלכן ס׳וועט זיי שווער זיין זיך צו דערמאָנען. טייל רופֿן זיך נישט אָפּ אויף איר „גוט מאָרגן״, נישט אויף איר שמייכל. טייל טוען אַן אומגעלומפּערטן שאָקל מיטן שווערן קאָפּ, אַזוי ווי זיי וואָלטן געהאַט פֿאַרלוירן דאָס גלייכגעוויכט. זעלטן ווער זאָגט איר אַ וואָרט.

דורך דער קורצער צייט, וואָס דער נייער פּוילישער עטאַפּ געפֿינט זיך אין לאַגער, האָבן זיך אַ טייל פֿון די יידן און די קליינע צאָל פּאָליאַקן, אינגאַנצן אָפּגעלאָזן. זיי שלאָפֿן אינעם אָנטועכץ, וואַשן זיך זעלטן, שלעפּן אַרויף אויף זיך כלערליי שמאַטעס, פֿאַר־בונדן זיך מיט זיי די פּנימער, פֿאַרוויקלען מיט זיי די העלדזער און די פֿיס. דאָס אַלטע אָנטועכץ, וואָס זיי האָבן באַקומען אין לאַגער, איז זיך אויף זיי גיך צעפֿאַלן. פֿון די שוואַרצע, ווי פֿאַרריסטע, פּופּייקעס און הויזן, קריכן אַרויס שטיקער וואַטע מיט שוואַרצע, ווי גאַנגרענע־פֿלעקן. די מענטשן שלעפּן די פֿיס, ווי שווערע קלאָדעס. אין דער וואַרעם, אין באַראַק, וויגט זיך ביי זיי אויף דער שפּיץ

נאָז כסדר אַ מוטנער טראָפּן, נאָר אַראָפּצופּאַלן. ס׳מערן זיך די נאַכט־נעצערס, דער עיקר צווישן דער אינטעליגענץ. ס׳טראָגט זיך פון זיי מיט השתנה און מיט נאָך מער פאַרדעכטיקע שלעכטע ריחות. די וועשערס, די כינעזערס, באַקלאָגן זיך פאַרן לאַגער־נאַטשאַלניק, אַז די אונטערוועש פון אַ טייל אַרעסטאַנטן איז פאַראומרייניקט מיט צואה.

אָבער ס׳זענען אויך פאַראַן אין לאַגער יידן סטאַכאַנאָווצעס, ווי אין דער בריגאַדע גרוזטשיקעס, וואָס לאָדענען דאָס האָלץ אויף אויטאָ־מאַשינען, זיי זענען אויך דאָ אין סעוועקס בריגאַדע און אויך ביי אַנדערע אַרבעטן.

מיינסטנס זענען דאָס יונגע, פּשוטע מענטשן, געוווינטע צו פיזי־שער אַרבעט. זיי קלאָגן זיך אויף דער שווערער האַרעוואַניע, אָבער זענען נישט אויסגעהונגערט. זיי שלאָפן אויף „מאַטראַצן״, אויף זעק פון שוואַרצן, גראָבן פּאַק־לייוונט, אָנגעפּילטע מיט האָלץ־וויורעס, דעקן זיך צו מיט גאַנצע קאָצן. זייער אַנטועכץ נאָס פון שניי, טראָגט דער דניעוואַלני פון זייער באַראַק אויף ביינאַכט אין דער סושילקע אויסצוטריקענען. זיי באַקומען נישט קיין נייע מלבושים, אָבער דאָך גאַנצע, לייכט אָפּגעטראָגענע.

אין לאַגער זענען די מלבושים פאַר די אַרעסטאַנטן פון פאַר־שיידענע סראָקן (טערמינען).

נייע מלבושים, פון ערשטן סראָק, באַקומען: די אַרעסטאַנטן וואָס פאַרנעמען הויכע פּאָסטנס, דורכאויס קרימינעלע פאַרברעכער; דיעסאַטניקעס און בריגאַדירן פון בריגאַדעס וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט, און איינצלנע, באַדייטנדיקע סטאַכאַנאָווצעס. פון צווייטן סראָק, מלבושים אָפּגענוצטע אַ ביסל, באַקומען סטאַכאַנאָווצעס און בכלל בעסערע אַרבעטער. די רעשט אַרעסטאַנטן טראָגן מלבושים פון ווייטערע סראָקן, אָפּגענוצטע, אויסגעפאַרכטענע, געלאַטענטע.

אָבער נישט צו די סטאַכאַנאָווצעס גייט דינה. זי דרייט זיך צווישן די שוואַכע, אָפּגעלאָזענע, געשוואָלענע. זיי טראָגט זי אַנטקייגן דעם „גוט מאָרגן״, זיי פרעגט זי ווי זיי פילן זיך. צו זיי טוליעט זי זיך. מיט זיי וויל זי מיטגיין צו דער אַרבעט אין וואַלד.

דינה פילט זיך שולדיק קעגן די אַלע עלטערע, פאַרמאַטערטע, אומבאַ־האָלפענע. איר רוקט איטלעך מאָל עמעצער פון דער נאַטשאַלסטוואָ אונטער אַ טאַלאָן אויף אַ סטאַכאַנאָווסקע מיטאָג, אָדער אויף אַ מיטאָג פונעם טעכ־

נישן פערסאָנאַל. פון קיך ברענגט מען איר טייל מאָל מעל־אַלאַדיעס, לאַטקעס, וועלכע מען האָט געפּרעגלט פאַר די נאַטשאַלניקעס.

נאָך דעם פייגלעכן זיצן צוויי חדשים אין טורמע און נאָך דער שווידערלעכער נסיעה מיט באַן און באַרזשע צום ווייטן צפון, איז זי גיך געקומען צו זיך. איר פּנים איז אויסגעלויטערט, פאַררונדיקט, איר לייב האָט ווידער אָנגעהויבן בליען. זי שעמט זיך מיט איר גוטן אויסזען פאַר די אויסגעהונגערטע מענטשן.

דינה איז נאָך געגוג נאַיִוו און באַהאַלט נישט אויס איר דאַנקבאַרקייט פאַר די טובות, וואָס עס טוען איר די דאָזיקע פרעמדע, רוסישע מענטשן. זי נעמט דאָס אָן מיט קינדישן צוטרוי ווי געשאָנקען אָן שום זייטיקע כוונות, נישט געקוקט דערויף וואָס וועגן געוויסע אַרעסטאַנטן, וועלכע באַגייען זיך מיט איר אַזוי מענטשלעך, האָט זי אין לאַגער געהערט דערציילן גרויליקע געשיכטעס, צוליב וועלכע זיי זענען דאָ אַריינגעפאַלן.

אָבער אַ מיטאָמאָל אויפגעוואַכטער פרויען־אינסטינקט, זאָגט איר אונטער צו היטן זיך. ס׳פרייען זי און שרעקן די אַלע טובות, וואָס די מענטשן טוען איר, כאָטש אַ טייל פון זיי, דער עיקר די עלטערע, טוען דאָס פון פאָטערלעכער צערטלעכקייט און פון רחמנות צו אירע יונגע יאָרן און צו איר שיינקייט.

דינה האָט ליגן אין רוקזאַק עטלעכע קליידלעך און אַ ביסל וועש פון איר היים. זי האָט אָבער באַלד אָנגעטאָן די מלבושים פון זע.־קאַ.: וואַטענע הויזן, אַ פופייקע און אַ וואַטן היטל. אינסטינקטיוו באַהאַלט זי איר יונגן קערפּער אונטער דער פאַרריסטער שוואַרצקייט פון די אַרעסטאַנטסקע קליידער.

דינהס לייב צייטיקט זיך פון טאָג צו טאָג. אירע קליינע בריסטן ווערן בולטער, אָנזעעוודיקער. איר יונגקייט און געזונט פילן זי אָן מיט אַ שיכרות, וואָס קיין שום לאַגער־פּיין קאָן נישט אויסניכטערן. ווען דינה לייגט אַ מאָל ביי נאַכט אַרונטער איר האַנט אונטערן ראַציקן לאַגער־העמד, טוט די סאַמעטענע איידלקייט פון דער הויט אויף איר בויך, זי אָנפילן מיט הנאה און מיט פרייד, פאַר וועלכער זי מאַכט זיך שפּעטער ביטערע פאַרוואורפן. זי טוט זיך אָן אין דער פינצטער און וואַרט. ווען זי דערהערט דאָס קייקלען זיך פון דעם טעמפּן געהילעך איבער דער זאָנע, איז זי שוין אין דרויסן, שטייט און וואַרט אויף אירע יידן ביי דער שוועל פון דער גרויסער סטאָלאָווע.

ווען די סטאָלאָווע איז שוין אָפּגערייניקט פון דעם לעצטן מענטש, ווען די אַרעסטאַנטן הייבן זיך אָן אויסשטעלן אין בריגאַדעס, יאָגט דער קאָמענ־

דאַנט סאַבאַטשאַוו אַוועק פון דאָרט דינהן. זי שטעלט זיך אין טיר פון קליינעם פרויען־באַראַק און קוקט זיך צו צו דעם וואָס ס'טוט זיך אין דער זאַנע.



פון אַלע באַראַקן שטראָמען שוואַרצע געשטאַלטן. טייל גייען שוין פון די באַראַקן פאַרמירט אין בריגאַדעס, צו פיר אין אַ ריי. אַ שוואַרצע מאַסע צווישן צוויי הויכע ווענט ווייסן שניי, וואָס ליגט ביי די זייטן פון הויפּט־וועג אין דער זאַנע. פון דער הויך, ווו ס'שטייט דער קליינער פרויען־באַראַק, זעט עס אויס ווי אַ שוואַרצער טייך צווישן ווייסע, הויכע ברעגעס.

די בריגאַדעס הויבן זיך אָן אויסשטעלן נישט ווייט פונעם טויער און זיי ציען זיך איבער דער לענג פון אַ האַלבער זאַנע. זיי ענדיקן זיך דאָרט, ווו ס'געפינט זיך דאָס געשטעל פון באַלקן און שינע, וואָס זעט אויס ווי אַ תליה. איבער דער גאַנצער ברייט פון טויער הענגט אַ רויטער טראַנספּאַ־רענט מיט ווייסע, גרויסע אותיות: „פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער פאַר־אייניקט אייך!" אויף ביידע זייטן: האַמער און סערפּ, האַמער און סערפּ.

איבער דער „תליה" אַ טראַנספּאַרענט, אָנגעצויגן אויף שטריק און צוגעבונדן צו צוויי באַלקנס: „אַרבעט איז אַ זאַך פון כבוד, פון העלדיש־קייט!" נאָך ווייטער ווידער אַ טראַנספּאַרענט: „לאָמיר פירן אַ קאַמף מיט די ליידיק־גייערס, מיט רייסערס, מיט פּאַראַזיטן און סאַמאָטאַזשניקעס!" יעדע פּאָר מעטער אַ רויטער טראַנספּאַרענט איבער די קעפּ פון דער מאַסע שוואַרצע מענטשן.

אויפן הימל איז נאָך אַ יום־טובדיקע נאַכט מיט לבנה און שטערן. אַ רחבותדיקע נישט־געשטערטע פריידיקע שטילקייט. אויפן מילכוועג ראַיען זיך שטערן ווי אומצאָליקע גלי־ווערעם. אונטן איז שניי. שטילער, טרוי־קענער, פאַרפרוירענער שניי. די מענטשן זענען אויך שטיל. נאָר די בריגאַדירן האַלטן אין איין שרייען. דער קאָמענדאַנט סאַבאַטשאַוו שרייט. דאָ שלעפּן זיי עמעצן, וואָס איז נאָך געזעסן אין אַפּטריט. דאָ שלעפּן זיי אַ צווייטן, וואָס האָט זיך געוואָלט אַריינגנבענען אין אַן אַנדערע בריגאַדע, ווו, ער מיינט, עס וועט אים זיין לייכטער. יעדער בריגאַדיר ציילט נאָך אַ מאָל זיינע מענטשן. דערנעבן שטייען די דיסאָטניקעס מיט הילצערנע מעטערס און ברעטלעך אין די הענט, צו מעסטן און פאַרשרייבן די מאָסן און צאָלן פון יעדן אַרעסטאַנטס אָפּגעטאָענער אַרבעט.

עטלעכע יידן האָבן זיך אַריינגעכאַפּט אין פּאָדערהויז פון דער אַמבו־לאַטאָריע, ווו ס'שטייט אַ קליין פעסעלע מיט וואָזעלין. מיטן וואָזעלין טוען

זיך די אָרעסטאַנטן מאַסירן די פיס, איינשמירן די אויערן, די נעז און הענט, צו פאַרהיטן זיי פון אָפּפרירן. די עטלעכע יידן וואָס שטייען איצטביים פעסעלע, נעמען אָן מיט די פינגער צו ביסלעך וואַזעלין און באַשמירן מיט אים די פּאָר שטיקלעך ברויט, וואָס זיי האָבן זיך מיטגענומען צו דער אַרבעט.

דאָס באַמערקט דער סאַניטאַר, מיראַנאָוויטש. ער רופט צו דעם נאַטשאַלניק פון דער סאַניטאַר־אָפּטיילונג, דעם פעלדשער ניקאָלאַי ניקאָלייעוויטש.ביידע פאַרבאַהאַלטן זיך אין ווינקל און אָבסערווירן וואָס עס טוט זיך ביים פעסל וואַזעלין. מיראַנאָוויטש רופט זיך אָן:

— יעוורעאי קאַק סאָבאַקי, ווסיאָ זשרוט. (יידן ווי הינט, פרעסן אַלץ).

ביים פעלדשער צינדן זיך אָן די כיטרע, פויערישע, בלויע אייגעלעך. שטענדיק אַ צופרידענער, אַ האַלב שיכורער, קוקט ער מיט שפּאָט אויף די אויסגעהונגערטע מענטשן. ער כאַפּט אָן דעם סאַניטאַר ביי די אָרעמס און רעדט גיך:

— דאַ, דאַ, אימיעננאָ קאַק סאָבאַקי! (יאָ, יאָ, טאַקע ווי הינט).

די בריגאַדעס אָפּגעשלאָסן. צום לעצטן מאָל איבערגעציילט. ס'איז נאָך אַלץ נאַכט. נאָר דער הימל ווערט בלייכער, די שטערן — מאַט. אַ שטאַרקער פראָסט נעמט די וועלט אין קלעם. דער שניי באַדעקט די גאַנצע ערד מיט אַ ווייסער, האַרטער סקאָרופּע. אַלע דעכער פון די טונקעלע, אומעטיקע באַראַקן זענען באַדעקט מיט פריילעכע, הויכע היטלען שניי. מען וואַרפט אָפּט אַראָפּ דעם שניי פון די דעכער, אויס מורא זיי זאָלן זיך נישט איינברעכן אונטער דער שווערער משא ווייסקייט. דעמאָלט באַווייזן זיך טונקעלע פלעקן פון די פוילנדיקע דאַך־שינדלען, וואָס וואַרפן אָן אָרעמען אומעט אויפן ווייסן, ריינעם שניי. אָבער אינגיכן שנייט ווידער און די טונקעלע באַראַקן שטייען שוין ווייטער פאַרשאָטן ביז די גאַרטלען און די דעכער זענען ווייס און בלענדנדיק.

ס'איז נאָך אַלץ נאַכט. דער הימל ווערט פינצטער. עפּעס אַ מוטנע טונקלקייט. אונטן, אויף דער ערד, בלענדט דער שניי. זיין ווייסקייט שניידט די מידע אויגן ווי מיט שאַרפע, בלאַנקנדיקע מעסערס.

די שוואַרצע אָרעסטאַנטן־מאַסע שטייט און וואַרט. די מענטשן פרירן. זיי טאַפּטשען מיט די פיס. די, וואָס האָבן נישט קיין וואַלענקעס, נאָר גייען אין גומענע שיך, פילן אַז די פיס פרירן ביי זיי. די פינגער פון די הענט שטעכן ווי מיט נאָדלען. די בלעכלעך אויף עסן, וואָס טייל האַלטן אין די הענט, הייבן פון פראָסט אָן צו ברינען.

ס'דערנענטערט זיך אַ קליינע, דאַרע געשטאַלט אין אַן ענקאַווּעדע־

מונדיר. אים גייט נאָך אַ קלענערער אין שוואַרצן אַרעסטאַנטסקן אַנטועכץ, ווי זיין שאָטן. אין דעם שאָטנס האַנט וויגט זיך אַן אַנגעצונדענער, קיילעכ־דיקער לאַמטערן.

דאָס איז דער נאַטשאַלניק פון קאַווּטשע (קולטור־דערציערישער אָפּטיילונג), אַן ענקאַווּעדע־לייטענאַנט. ער שטאַמט פון דער אַרטיקער קאָמי־באַפעלקערונג. אַ נידעריקער און אַ דאַרער, ווי אַ טונדרע־געוויקס. פון די אַרויסשטאַרצנדיקע באַקנביינער און פון די שמאָלע אויגן, זעט זיך זיין מאָנגאָלישע אָפּשטאַמונג. הינטער אים שטייט דער אַלטער אוזבעק, ראַכימאָוו. מיטן ווייסן שיטערן בערדל פון ווייכע ווי זיידענע האָר, און מיטן פוטערנעם היטל אויפן קאָפּ — זעט ער אויס ווי אַ ייד פון אַ גאַלי־ציאַניש שטעטל. ער איז דער דניעוואַלני פון קאַווּטשע.

דער נאַטשאַלניק שטעלט זיך אַוועק אונטער דער „תליה". נעמט אַרויס פון דער טעקע אַ פּעקל פּאַפּירן. אונטער אים שטייט שוין דער דניעוואַלני און לויכט אים צו מיטן לאַמטערן.

דער נאַטשאַלניק פון קאַווּטשע הוסט אָפּ. ער הייבט אָן נישט זיכער, זאַיקעט זיך ביים לייענען. גייט איבער די ווערטער הינקעדיק, ווי אַ קינד, וואָס הייבט נאָר־וואָס אָן צו גיין אַליין און ס'האָט מורא, אַז ס'וועט פאַלן. ער לייענט נישט זיכער, נישט קלאָר. לאַנגע דורות אַנאַלפאַבעטן זיצן אין אים און רויבן ביי אים צו די דרייסטקייט ביים לייענען. מען הערט בולט ווי ער שטעלט צונויף די זילבן. ער אַליין פילט דאָס אַפּנים אויך און זיין לייענען ווערט וואָס אַ מאָל מוטנער און הינקענדיקער.

ער לייענט:

באַפעל!

פון דער אָנפירונג פון די אַרבעטס־אויסבעסערונג־לאַגערן, ראַ־יאָן... נומער... דאַטע....

פיעטראָוו סטיעפּאַן אַקימאָוויטש, זע.־קאַ. פון לאַגער... די לעצטע צייט האָט זיך, דער אויבן־דערמאָנטער זע.־קאַ., סיסטע־מאַטיש אָפּגעזאָגט פון אַרויסגיין צו דער אַרבעט. סאַבאָטירט דאָס סאָוויעטישע געזעץ. נישט אונטערגעוואָרפן זיך די פאַרשריפטן פון לאַגער־רעזשים. נישט געקוקט אויף די פילמאָליקע וואָרענונגען פון קאַווּטשע, איז ער נישט אַרויף אויפן וועג פון תחטה און תשובה, נאָר האָט פאַרגעזעצט זיינע שלעכטע מעשים. ווייטער זיך בייזוויליק אָפּגעזאָגט פון אַרויסגיין צו דער אַרבעט. מיט זיין אויפפירן זיך האָט דער זע.־קאַ. פיעטראָוו סטיעפּאַן אַקימאָוויטש געגעבן אַ דעמאָ־

ראַליזירנדיקן ביישפּיל די אַנדערע זע.-קאַ. זיך געשטעלט פאַר אַ ציל אונטערצורייסן דעם יסוד פון די אַרבעטס-אויסבעסערונג-לאַגערן, מיט וועלכע די קאָמוניסטישע פּאַרטיי און די סאָוויעטישע רעגירונג ווייל העלפן די פאַרזינדיקטע און פאַרפירטע אַרויפצוגייין אויפן וועג פון ערלעכער אַרבעט, ווייל איינפלאַנצן אין זייערע הערצער יושר און גערעכטיקייט און אַ ריכטיק באַנעמען די וועגן פון זייער סאָציאַ-ליסטיש פאָטערלאַנד.

פאַר דעם אויבן דערמאָנטן פאַרברעכן איז דער זע.-קאַ. פּיעטראָוו סטיעפּאַן אַקימאָוויטש, פאַרמישפּט געוואָרן דורך דעם ספּעציעלן געריכט, צו דער העכסטער מאָס פון שטראָף — דערשיסונג.

דער זע.-קאַ. פּיעטראָוו סטיעפּאַן אַקימאָוויטש, איז דערשאָסן געוואָרן דעם... 9.30 אין דער פרי.

נאַטשאַלניק פון די אַרבעטס-אויסבעסערונג-לאַגערן פון ראַיאָן... פאָלקאָווניק פון ענקאַוועדע, קאַלעשניקאָוו.

באַפעל!

פון דער אַנפירונג פון די אַרבעטס-אויסבעסערונג-לאַגערן פון ראַיאָן... נומער... דאַטע...

זע.-קאַ. לאַווראָוו פּאַוועל ניקיטיטש, פון לאַגער.. האָט זיך סיסטעמאַטיש אָפּגעזאָגט פון אַרויסגיין צו דער אַרבעט. אויסגעפירט אין לאַגער אַ ריי גניבות, זיך פאַרנומען מיט שפּילן אין קאָרטן.

נישט געקוקט אויף די פילמאַליקע וואָרענונגען פון קאָוויטשע, וואָס האָט אים געוואָלט העלפן באַפרייען זיך פון זיינע שלעכטע געוווינהייטן, איז דער אויבן דערמאָנטער זע.-קאַ. נישט אַרויף אויפן וועג פון חרטה און תשובה, נאָר פאַרגעזעצט זיין פאַרברעכע-רישע טעטיקייט. מיט זיין אויפפירונג איז דער זע.-קאַ. לאַווראָוו פּאַוועל ניקיטיטש געוואָרן געפערלעך פאַר דעם רעזשים פון די אַרבעטס-אויסבעסערונג-לאַגערן, ווי פאַר דער סאָוויעטישער געזעל-שאַפט און פאַרן גאַנצן סאָציאַליסטישן לאַנד.

פאַר די אַלע אויבן דערמאָנטע פאַרברעכנס, איז דער זע.קאַ. לאַווראָוו פּאַוועל ניקיטיטש, פאַרמישפּט געוואָרן דורך אַ ספּעציעלן געריכט, צו דער העכסטער מאָס שטראָף — צו דערשיסן.

דערשאָסן געוואָרן דעם... 8.25 פרי.

נאַטשאַלניק פון די אַרבעטס-אויסבעסערונג-לאַגערן פון ראַיאָן... פאָלקאָווניק פון ענקאַוועדע, קאַלעשניקאָוו.

דער טונקל געוואָרענער הימל נידערט אַראָפּ. די פאַרשנייטע ערד, ווי זי וואָלט זיך אויפגעהויבן, און דרוקט אויף די מידע אויגן. דער הימל, די ערד, דער גרויסער שטח פון דער זאָנע, ווערט מיט אַ מאָל ענג, ווי עס וואָלט געווען אַ פאַרמאַכטער געבוי מיט גרויסע, דיק געוועלבטע מויערן. אין מיטן שטייט אַ מענטש אין שוואַרצן מיט אַן אויפגעהויבענעם אין דער הייך לאַמטערן, וואָס באַלויכט עמעצנס היטל מיט אַ רויטן לאַמפּאַס און מיט אַ בלויער דענקע. און דער דאַזיקער לייענט... לייענט און לייענט... עפּעס אַ געהיים געמורמל... ס׳דערגייען נאָר די ווערטער: דערשיסן... דער־שאָסן..., וועלכע דער לייענער זאָגט אַרויס הויך און דרייסט, ווי ער אַליין וואָלט דאָס געווען דער אַרויסגעבער פון די דאָזיקע אורטיילן.

איבער דער לאַנגער, שוואַרצער מאַסע מענטשן גייט אַדורך אַ קעלט. נישט בלויז פון פראָסט. אַ קעלט פון אַ ווייטער, ווייסער פאַרפאַלנקייט. אַ קעלט נישט בלויז פון דרויסן, נאָר פון אינעווייניק. פון מידקייט, פון דערשלאָגנקייט, פון בויט און פון צוואַנג.

טראָפּנווייז טריפט אַריין די פאַרטאָגיקע גרויקייט אין דער נאַכט. דער פינצטערער הימל איז פאַרכמורעט. ס׳ווערט לינדער. באַלד הייבט אָן פאַלן אַ שניי. גרויסע שטיקלעך שניי, ווי אָנגעדריבלטע וואַטע. דער שניי פאַלט גלייך און לייגט זיך ווי אַ משא, ווי ער וואָלט נישט געפאַלן, נאָר מיט אַ מאָל אַראָפּגעפאַלן מיטן כוח פון זיין שווערקייט.

דער דניעוואַלני מיטן לאַמטערן נעמט אַראָפּ מיט דער פרייער האַנט זיין פוטערן היטל און פאַרשטעלט דאָס פּאַפּיר אין נאַטשאַלניקס הענט. דעם אַלטן אוזבעקס אָפּגעגאָלטער קאָפּ באַדעקט זיך גיך מיט דער שניי־איקער ווייסקייט.

און דער נאַטשאַלניק לייענט:

באַפעל!

פון דער אָנפירונג פון די אַרבעטס־אויסבעסערונג־לאַגערן פון ראַיאָן... נומער... דאַטע...

די זע.־קאַ. קאַטאַווע זינאַידאַ יעפימאָוונאַ, האָט זיך סיסטעמאַטיש אָפּגעזאָגט פון אַרויסגיין צו דער אַרבעט. אָפּן זיך קעגנגעשטעלט דעם לאַגער־רעזשים. געהוזקט עפנטלעך צווישן די זע.־קאַ. פון די סאָוויעטישע לאַגער־געזעצן. געטריבן אין לאַגער זנות. געשפּילט אין קאָרטן.

נישט געקוקט אויף אַלע וואָרענונגען פון דער קאָמיטשע, איז די זע.־קאַ. קאַטאַווע זינאַידאַ יעפימאָוונאַ, נישט אַרויף אויפן וועג

פון חרטה און תשובה, נאָר פאַרגעזעצט אירע פאַרברעכערישע מעשים. דער עיקר עפּנטלעך און סיסטעמאַטיש זיך אָפּגעזאָגט אַרויסצוגיין צו דער אַרבעט.

צוליב די אויבן אויסגערעכנטע פאַרברעכנס, איז די זע.־קאַ. קאַטאַוואַ זינאַידאַ יעפּימאָוונאַ געמישפּט געוואָרן דורך אַ ספּעציעלן געריכט, וואָס האָט זי פאַראורטיילט צו דער העכסטער מאָס פון שטראָף — צו דערשיסן.

דערשאָסן געוואָרן דעם... 7.30 פרי.

אונטערגעשריבן:

נאַטשאַלניק פון די אַרבעטס־אויסבעסערונג־לאַגערן פון ראַיאָן...
פאַלקאָווניק פון ענקאַווועדע, קאַלעשניקאָוו.

ס'עפּענען זיך ברייט אויף די לאַגער־טויערן. אַ ים מיט שניי. אַלץ איז פאַרשאָטן. די אַרעסטאַנטן דאַרפן זיך אַליין אויסטרעטן אַ וועג פון עטלעכע קילאָמעטער ביז אין וואַלד אַריין. עס שפּילט מוזיק. אַ מאַדיאַר מיט לאַנגע, שוואַרצע וואָנסעס שפּילט אויף אַ פידל, אַ רוס מיט אַ פאַרריסענער נאָז און אַ העלן לאָק, וואָס שטאַרט אים אַרויס פון אונטער דעם וואַטענעם היטל, וויגט זיך איבער אַ האַרמאָניע, און אַ ייד מיט אַ דאַרן האַלדז בלאָזט מיט די לעצטע כוחות אין אַ סאַקסאָפאָן, וועלכן ער האָט ממש מיט ניסים דערפירט ביז דעם לאַגער.

די מוזיק שפּילט דונאַיעווסקיס ליד מיט די ווערטער:

איך קען נישט נאָך אַזאַ לאַנד,
וווּ דער מענטש אָטעמט אַזוי פריי.

די סטריעלקעס ציילן די מענטשן פון די בריגאַדעס. זיי ציילן הויך און מיט פרומער איבערגעגעבנקייט. ס'איז אַן ערנסטער מאָמענט. דאָס נעמען זיי איבער די אַרעסטאַנטן פון דער לאַגער־מאַכט און שרייבן זיך אונטער. פון איצט אָן זענען זיי, די סטריעלקעס, פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער צאָל מענטשן פון זייערע בריגאַדעס, אויף וועלכע זיי האָבן די שמירה.

יעדער סטריעלאָק פירט אָפּ אין אַ זייט זיין בריגאַדע. דער לאַנגער שנור שוואַרץ אָנגעטאָנע מענטשן, ווערט דאַ, ביי די טויערן פון דער זאָנע, ווי צעריסן אויף שטיקער, און יעדער שטיק באַוועגט זיך באַזונדער, שלענגלט זיך, טאַפּטשעט זיך איין און טרעט זיך אויס אַ וועג אין דעם אומענדלעכן ים שניי.

ס׳הערן זיך נאָך די קלאַנגען פון דער מוזיק. פון דער דרויסנדיקער זייט זאַנע, לעבן די געעפנטע טויערן, שטייט אַ גרופּע צונויפגעטוליעטע אַרעס־טאַנטן. זייערע פּנימער ווי גרוי, צעקנייטשט פּאַפּיר. זיי ציטערן אין גאַנצן. ס׳רייסט זיך פון זיי אַ געוויין פון אומבאַהאָלפנקייט, ווי דאָס געוויין פון קליינע, קראַנקע קינדער אין די נעכט. דאָס געוויין רייסט זיך אַריין אין די קלאַנגען פון דונאַיעווסקיס מוזיק.

דאָס זענען אַרעסטאַנטן, אַלץ יידן פון פּוילישן עטאַפּ, וועלכע מען האָט נאָר וואָס געבראַכט פון איזאָלאַטאָר. זיי זענען פאַר ווייניק אַרבעטן באַשטראָפט געוואָרן אויף פאַרשידענע טערמינען איזאָלאַ־טאָר מיט אַרויספירן צו דער אַרבעט. איצט פאַרטיילט זיי סאָבאַטשאַוו צווישן די בריגאַדעס צו וועלכע זיי געהערן שטענדיק.

די מענטשן זענען אויסגעהונגערט און אַדורכגעפרוירן, ווייל די באַשטראָפטע אויף איזאָלאַטאָר, באַקומען נאָר דריי הונדערט גראַם ברויט אַ טאָג און איין זופּ אין דער פרי און איינע אין אָוונט. צודעקן מעגן זיי זיך אַדער מיטן בושלאַט, אַדער מיטן קאַץ. קיין מאָל נישט מיט ביידע זאַכן. דער איזאָלאַטאָר ווערט נישט באַהייצט, אַפילו נישט אין די שאַרפסטע פרעסט.

ווען די לעצטע בריגאַדע הייבט אָן צו פאַרלאָזן די זאָנע, לויפט סאָבאַטשאַוו צו צו די מוזיקאַנטן, רייסט ביי זיי אַרויס די אינסטרומענטן, שטופּט די מוזיקאַנטן אַריין אין די הינטערשטע רייען פון דער לעצטער בריגאַדע און שיקט זיי אַרויס צו דער אַרבעט אין וואַלד.

נאָכן פונאַנדערטיילן די בריגאַדעס, הייסט יעדער סטריעלאָק זיינע מענטשן זיך אַוועקשטעלן אין צוויי רייען, מיט די פּנימער צו זיך. ער גייט אַדורך דורכן פראָנט פון זיין בריגאַדע, שטעלט זיך אָפּ אין מיטן, די ביקס מיטן אַרויפגעזעצטן באַגנעט ביים רעכטן פוס, און ער שרייט אויס:

— בריגאַדע, אַכטונג! אין וועג זיך האַלטן געדיכט אין די רייען. זיך נישט פונאַנדערציען. נישט רעדן. אונטעראָרדענען זיך אַלע פאַרשריפטן פון געזעץ וועגן קאָנוואָיען. פאַר נישט האַלטן זיך אין די רייען, פאַר נישט־אָפּהיטן די פאַרשריפטן פון קאָנוואָיען־געזעץ, וועט באַנוצט ווערן געווער אָן פריערדיקער וואָרענונג. פאַרשטאַנען!!

— פאַרשטאַנען! — ענטפערט הויך די בריגאַדע.

דער סטריעלאָק נעמט די ביקס אין האַנט, ער נעמט זי אָן אין מיטן ווי מען טראָגט אַ רידל.

די בריגאַדע רירט פון אָרט.

מען צעפירט די מענטשן. ס׳גרויט און ס׳שנייט. ס׳שוואַרצן זיך די סילועטן פון די רייען, ביז וואַנען זיי ווערן באַשיט מיט ווייס.

אויפן טורעם, ביי דער רעכטער זייט טויער, שטייט דער סטריעלאָק איוואַניוק. אַלע אַרעסטאַנטן קענען גוט איוואַניוקן. ער איז אַ געלער, מיט אַ גרויס, רונדיק פנים פול מיט זומער־שפּרענקעלעך. ווען ער גייט אַמאָל אַדורך דורך דער זאָנע, קוקן אַלע פאַרוווּנדערט אויף די זומער־שפּרענקע־לעך אין זיין פנים, וואָס איז אין גאַנצן אַרומגענומען מיט אַ ווייסן וואַ־לענעם באַשליק. מאָדנע זעט דאָס אויס אין דעם לאַנד פון כמעט אייביקן ווינטער.

איוואַניוק קוקט איצט פונעם טורעם אויף די מענטשן, וואָס דער־ווייטערן זיך פאַמעלעך און זעען אויס אין אַנהויב גאַנג ווי טינט־טראָפּנס אין אַ ים פון ווייסקייט. — אַ געהירן־פאַרדרייעניש מיט די פאַליאַקן, די יידן — מורמלט ער אַריין אין די עקן פון באַשליק, וואָס זענען וואַרעם און פייכט פון זיין געזונטן אָטעם. — זינט מען האָט זיי אַהערגעבראַכט, די פאַרשאָלטענע, האָט נאָך בראָט קיין רו נישט. אַנשטאָט זיך אָפּצופּאַר־טיקן גיך מיט דער אַרבעט, באַרן זיך אַרום די פאַראַזיטן אַ גאַנצן טאָג מיט גאָרנישט. מען מוז זיי האַלטן אין וואַלד ביז שפּעט ביינאַכט, אַז זיי זאָלן כאָטש מאַכן אַ טייל פון דער נאָרמע. די סטריעלקעס ווערן פאַר־שוואַרצט און פאַרפינצטערט. אַלץ צוליב זיי, די הורישע זין.

דער סטריעלאָק איוואַניוק פאַרריכט זיך די ביקס אויפן אָרעם. טוט עטלעכע מאָל פונאַנדערשפּרייטן און צונויפקלאַפּן די אָרעמס, ווי די גרויסע, טויבע, טייגע־פייגל קלאַפּן מיט די פליגל פאַרן פליען. ער טוט עטלעכע מאָל אַ טופּע מיט די גוט באַשטיוולטע פיס, און פאַרענדיקט זיינע געדאַנ־קען — יאָ, לעצטנס האָבן זיי אָנגעהויבן אָוועקפגרן. אָבער ווען וועלן זיי שוין, צום טייוול, אַלע אויספּגרן!

ער טוט אַ געדיכטן שפּיי אויס.



שמעון גוטפריינד, אַ יונגער מעדיצין־דאָקטאָר פון וואַרשע, האָט נאָך אַלץ נישט קיין רעכט צו אַרבעטן ווי אַ דאָקטאָר אין לאַגער. ער האָט שוין לאַנג וועגן דעם אָפּגעשיקט אַ בקשה אין דער הויפּט־סאַניטאַרער אָפּטיילונג. ער העלפט דערווייל צו אין דער אַמבולאַטאָריע. גייט יעדן טאָג אַרויס צו עטלעכע בריגאַדעס מיט אַ וואַליזקעלע, אויף וועלכער

ס'איז אויסגעמאָלן אַ רויטער קרייץ. ער דאַרף דערטיילן די ערשטע הילף ביי אַרבעטס־פּאַרפּאַלן, אָדער ווען עמעצער ווערט פּלוצים קראַנק ביי דער אַרבעט.

הייסן הייסט שמעון אָפיציעל לעקפּאָם, מעדיצינישע הילף, די פּשוטע רוסן, פּויערים, וואָס רעדן אַרויס אַ סך ווערטער פאַרגרייזט, רופן אים „טאַוואַרישטש לעפּ־קאָם".

שמעון האָט דאָס רעכט צו גיין אויסער דער זאָנע אָן אַ קאָנוואָי. ער גייט נישט אַרויס פאַרטאָג צוזאַמען מיט די בריגאַדעס, נאָר שפּעטער. ער געניסט פון די וועגן, וואָס אַנדערע פאַר אים האָבן שוין אין די טיפע שנייען אויסגעטראָטן. טייל מאָל נעמט אים אויף אַ מאַשין וואָס פאָרט אין וואַלד נאָך האָלץ. טייל מאָל אַ נאַטשאַלניק, וואָס פאָרט מיט אַ שליטן אין וואַלד אַריין זען ווי ס'גייט די אַרבעט.

דעם טאָג, ווען דער קאָמענדאַנט סאָבאָטשאָוו האָט פרייליכן אַראָפּ־געשלעפּט פון דער נאַרע אַ טויטן, גייט שמעון אין וואַלד אַריין שפּעטער ווי געוויינטלעך. ער האָט זיך באַמיט ביים נאַטשאַלניק פון לאַגער, רייגאַ־ראַדזקי, אַ ייד, אַ קאַפּיטאַן פון ענקאַווּעדע, וועלכער פלעגט מיט אים רעדן יידיש, אַז עס זאָל אים, שמעונען, דערלויבט ווערן צו זיין ביי פרייליכס קבורה. דער נאַשטאַלניק האָט זיין ביטע אָפּגעוואָרפן. אַזאַ זאַך איז אין לאַגער נישט דערלויבט.

ווען שמעון איז אויפן וועג אין וואַלד אַריין און ער גייט דורך נעבן דער סטאָלעריי, וועלכע געפינט זיך אויסער דער זאָנע, הערט ער דאָס ראַציקע שניידן פון אַ זעג. אַז ער קומט צו נאָענט זעט ער ווי אין דער אָפענער טיר פון דער סטאָלעריי שטייט רייגאַראַדזקי, אין פולן מונדיר פון אַן ענקאַוועדע־קאַפּיטאַן און שרייט אַריין מיט רוגזה:

— אַ וויכטיקע אַרבעט זיך גענומען אויספירן! מאַכן קאַסטנס פאַר טויטע! מיט דעם ווילט איר מאַכן די נאַרמע? מיר דאַרפן נאַרמעס פאַר לעבעדיקע און נישט פאַר טויטע! געפונען אַ שיינעם תכלית אויף וואָס צו פאַרווענדן דאָס סאָוויעטישע האָלץ, אויף מאַכן קאַסטנס פאַר טויטע! אַ געהירן פאַרדרייעניש מיט די יידן, וועלכע מען האָט מיר דאַ אַהער־געשיקט!

שמעון בלייבט שטיין. אַ לאַנגע ווײַלע קאָן ער נישט שטעלן קיין טריט. דערנאָך נעמט ער זיך צוזאַמען און גייט ווייטער.

ער פאַרנעמט זיך איצט נישט, ווי אַלע מאָל, אויף דעם וועג וואָס אַנדערע האָבן פאַר אים אויסגעטראָטן. דאָס מאָל טרעט ער זיך אַליין אויס

אַ וועג אין די הויכע שניי־זאַספּעס, אין אַ וועלט וואָס זעט אויס צו זיין אַ ווייסער קבר, אַ ווייס פאַרשיטעניש...



ער גייט פּאַמעלעך. ס'איז אַ מאַטערנדיקער וועג. די פיס זינקען אין טיפן שניי. ער מוז זיי ביי יעדן טריט אַרויסשלעפּן פון די ווייסע ט־פּעגישן.

שמעון האָט שוין לאַנג, זייט מען האָט אים אַרעסטירט פאַר דער פאַרשיקונג, פעסטגעשטעלט ביי זיך די עקזיסטענץ פון אַ באַריער, וואָס טיילט אָפּ זיין באַוווסטזיין פון דעם משונהדיקן אַרום, אַ פאַנצער וואָס נעמט אַרום זיין מוח און לאָזט גאָרנישט צו פון דעם וואָס איז אַמאָל געווען, נישט פון דעם, וואָס וועט זיין, און פאַרהיט אים פון שווערע אויפטרייסלונגען. אַ צושטאַנד וואָס איז מן־הסתם אויסגעאַרבעט געוואָרן ביי אים דורכן זעלבסטדערהאַלטונגס־אינסטינקט.

ער האָט שוין געזען אַ סך טויט־פאַלן. אַפילו דאָ אין לאַגער און אויך אויפן וועג אַהער זענען אַרעסטאַנטן געשטאָרבן. געווען פאַלן פון זעלבסטמאָרד. אָבער דאָך האָט דער טויט פון דעם יונגנמאַן פריילך אים טיף דערשיטערט, צעשטערט די באַריער, אָוועקגענומען פון זיין מוח דעם פאַנצער און אים אויסגעשטעלט, געלאָזט אים אָן אַנטוואָפנטן קעגן אַ וועלט מיט זכרונות און טראַכטונגען וועגן אייגענעם גורל און גורל פון די מענטשן, וואָס זענען מיט אים אין לאַגער.

שמעון ווייסט אויף זיכער, אַז דעם ווינטער וועט ער איבערלעבן. בעסער־ערגער, אָבער איבערלעבן וועט ער. אָבער פּונקט מיט אַזאַ זיכער־קייט ווייסט ער, אַז דעם צווייטן ווינטער וועט ער נישט איבערלעבן. ער ווייסט דאָס מיט אַזאַ קלאָרקייט, ער איז דערין אַזוי איבערצייגט, אַז דאָס נעמט ביי אים צו יעדע מורא פאַרן טויט.

ווי אַ מענטש מיט אַ נאַטור־וויסנשאַפטלעכער דיסציפּלין, נעמט ער אויף דעם טויט ווי אַ נאַטירלעכע דערשיינונג. אים דאַכט זיך, אַז טאָקע דאָ, אין דער האַרטער כמעט שטענדיק פאַרפרוירענער ערד, איז דאָס בעסטע אָרט אָוועקצולייגן די ביינער. ער האָט טאָקע נישט מורא פאַרן טויט, אָבער דער געדאַנק, אַז מען וועט נישט וויסן גאָרנישט וועגן אים, מען וועט נישט וויסן ווו זיין געביין איז אַהינגעקומען, וואַרפט אויף אים אָן אַ פּחד.

אַ חוץ דעם לעבנס־אינסטינקט איז נאָך פאַראַן אַ זכרון־אינסטינקט, טראַכט שמעון. יעדער איינער מענטש וויל זיך איינוואָרצלען, וויל פאַר־

אַנקערן אין עמעצענס זכרון. מען האָט קינדער נישט נאָר אויפצוהאַלטן, צו קאָנטינואירן דעם מענטשן מין, נאָר אויך צו דערהאַלטן דעם זכרון פון דעם לעבעדיקן מענטש אויף כאָטש נאָך אַ צוויי־דריי דורות. גרעסער פון דעם פּחד פאַרן טויט גופא, איז ביי די מענטשן דער פּחד פאַרן פאַר־געסן ווערן.

שמעון ווייסט אויך, אַז מען טאָר נישט טראַכטן וועגן אַזעלכע זאַכן. מען טאָר אין לאַגער בכלל נישט טראַכטן, אויב מען וויל לעבן. דער קאָמענדאַנט פון דער זאָנע, אַ דערפאַרענער לאַגערניק, וועו ער קומט אַמאָל אַריין ביינאַכט אין באַראַק און זעט, אַז עמעצער פון די אַרעסטאַנטן ליגט און שלאָפט נישט — שרייט ער: חברים, נאָר נישט טראַכטן! אַרבעטן, שלאָפן און נישט טראַכטן!

איין מאָל איז שמעון געגאַנגען איבער דער זאָנע אַ פאַרטראַכטער. טרעפט אים גראָד דער אַלטער אוזבעק ראַכימאָוו, דער דניעוואַלני פון קאַוווטשע און ער זאָגט צו שמעונען — יונגער מאַן, אויב דו ווילסט לעבן זאָלסטו נישט טראַכטן. אין לאַגער איז נישט פאַראַן קיין נעכטן, נישט פאַראַן קיין מאָרגן. ס׳איז נאָר פאַראַן די איצטיקע רגע. היינט ביסטו אַ דאָקטאָר, מאָרגן וועט מען דיר באַפעלן זיין אַ שוסטער, צי גאָר אַ האָלץ־העקער און דו מוזט זיך מכניע זיין און אָננעמען דעם פּסק. דאָס טראַכטן וועגן דעם וואָס איז געווען, צי וועגן דעם וואָס וועט זיין — פאַרצערט די כוחות פון דעם מענטש אין לאַגער און גיט אים איבער אויף זיכער אין די הענט פון טויט.

נישט געקוקט אויף דעם אַלעם, אויף די אַלע וואָרענונגען, פלעגט זיך ביי שמעונען פון צייט צו צייט דערוועקן אַ בענקשאַפט נאָך דעם אַמאָליקן און ער פלעגט זיך לאָזן אַוועקפירן אין דער וועלט פון זכרונות.

היינט איז ער אינגאַנצן צעטרייסלט. ער דערמאָנט זיך, אַז דער יונגערמאַן, פריילין, פלעגט זיך וועלן דערנענטערן צו אים, רעדן מיט אים. אָבער ער, שמעון, האָט נישט אַרויסגעוויזן יענעם קיין נאָענטקייט, אפילו נישט קיין טיפערן אינטערעס.

פריילין פלעגט שטענדיק רעדן וועגן זיין מוטער, און נישט געקוקט וואָס ער איז שוין געווען אַ מענטש קרוב דרייסיק, פלעגט ער זאָגן אויף איר „מאַמעשי״. שמעונען האָט דאָס שאָקירט. ער טייטשט זיך עס איצט אויס, אַז מסתמא איז פריילינס מוטער געווען אַן אלמנה, דערצויגן אַליין די קינדער און דערפאַר איז ביי איר זון געבליבן אַזאַ קינדישע פּיעטעט צו איר.

שמעון אַליין איז אויך געווען מער צוגעבונדן צו דער מוטער ווי צום פאָטער, און דערפאַר ווייל פרייליך האָט ביי יעדער טרעפונג גערעדט וועגן זיין מאַמעשי, האָט שמעון אים אויסגעמיטן. ער אַליין האָט געוואָלט אַנטלויפן פון דער דערמאָנונג וועגן זיינע עלטערן, וועגן זיין כלה און זיין גאַנצער משפחה.

איצט מאַכט זיך שמעון שווערע פאַרווורפן, פאַרוואָס ער איז נישט געווען געגנוג אויפמערקזאַם צו דעם יונגנמאַן. ס׳צעוואַקסט זיך אין אים אַ שולד־געפיל. ער טראַכט זיך, אַז וואָלט ער דעם מענטש דערנענטערט צו זיך, אַרויסגעוויזן אַ ביסל וואַרעמקייט, וואָלט אפשר יענער אַזוי גיך נישט אומגעקומען. ער וואַרפט זיך פאָר עגאָאיזם, אַז ער אַליין, מיט זיין אייגענעם כוח און ווילן האָט אַרויפגעצויגן אויף זיינע געדאַנקען דעם פאַנצער בכדי זיך אָפּשניידן פון גאַנצן אַרום, זיין פאַסיוו, נישט טראָגן פאַר קיינעם קיין אחריות און מכלומרשט אויך נישט פאַר זיך.

דאָס דאָזיקע שולד־געפיל האָלט אים אין איין אַטאַקירן און ער, שמעון, איז אומבאַהאָלפן לגבי אים. ער פאַרטיידיקט זיך אַפילו נישט. און דעמאָלט נעמט אים דער זכרון אין זיין באַזיץ, באַהערשט אים אינגאַנצן.

דער זכרון דערמאָנט שמעונען אויף גיך, זיין אַנטלויפן צווישן צענד־ליקער טויזנטער אַנדערע פּליטים פון וואַרשע. דער וועג אויף מזרח. זיין אָנקומען קיין ביאַליסטאָק, וואָס איז שוין געווען פאַרנומען דורך דער רויטער אַרמיי. זיין אַרבעטן דאָרט אין שפּיטאָל. דערנאָך דאָס געזעץ וועגן פּאַספּאָרטיזאַציע, וואָס די ראַטן־מאַכט האָט אַרויסגעגעבן, אַז יעדער פּליט מוז אָדער אָננעמען די סאָוויעטישע בירגערשאַפט, אָדער זיך רעגיסטרירן אויף פאָרן צוריק צו די דייטשן.

די פּליטים האָבן „געפאָדערט” דאָס רעכט פון שטאָטסלאָזע, געפאָ־דערט נאָנסן־פּעסער. אָבער ביי דער ראָטן־מאַכט קאָן מען נישט פאָדערן. פאָדערן קאָן נאָר די מאַכט, נישט די באַפעלקערונג. אַזוי אַרום האָבן אַ גרויסער רוב פון די פּליטים מיט אַ שווער געמיט זיך רעגיסטרירט אויף פאָרן צוריק. קייגער האָט דעמאָלט נישט געוואָלט פאַרלירן אויף שטענדיק זיין משפחה, זיינע נאָענטע און נאָענטסטע. גענומען סאָוויעטישע פּעסער האָבן דער עיקר די, וועלכע זענען געווען אויף דער סאָוויעטישער זייט מיט זייערע משפחות.

דערנאָך איז געקומען דער אַרעסט פון די אַלע וואָס האָבן זיך רעגיסטרירט אויף פאָרן צוריק אין דעם אָקופּירטן דורך די דייטשן פּוילן, און דאָס פאַרשיקן זיי אין פאַרשידענע אַרבעטס־לאַגערן אין צפון רוסלאַנד. דאָס אַלץ לויפט אַדורך שמעונס זכרון אויף גיך, מיט אַ וויכערדיקער גע־

שווינדקייט. אָבער ווען ס׳קומט צו צום מאָמענט, ווען ער, שמעון, מיט אַלע אַרעסטירטע מענטשן פון זיין עטאַפּ, זענען געשטאַנען ביים הויכן ברעג פון דער צפונדיקער דווינע, פאַרן איבערגיין אין דער באַרזשע, פאַרפאַמעלעכט דער זכרון זיין טעמפּאָ און דערמאָנט שמעונען אַלץ וואָס איז זיך דעמאָלט פאַרלאָפן. ער דערמאָנט געווי אַלע פרטים, אַפילו די סאַמע קלענסטע. דערמאָנט אַלץ וואָס שמעון האָט געזען און אַפילו וואָס ער האָט געטראַכט אין דער צייט ווען ער און אַלע אַנדערע אַרעסטאַנטן האָבן זיך געפינען אויפן וועג אַהער.

# דער וועג אַהער

ברייט און ווייט, ביז צום ווייסן ים, טראָגן זיך די כוואַליעס פון דער צפונדיקער דווינע. קליינע און רעגלמעסיקע זענען די כוואַליעס און ברוין זענען זיי, ווי אַלט פאַרזשאַווערט אייזן. זיי לויפן גיך און זעען אויס ווי געטריבענע דורך שטויביקע סטעפּעס, ריזיקע סטאַדעס נישט־געוואַשענע שעפּסן.

אַנטקעגנאיבער אַ הויכן און ווילדן ברעג, וואָס זעט אויס ווי אַ גע־וואַלד־ריס אין בויך פון דער ערד, שטייט אין דעם טייך פאַראַנקערט אַ באַרזשע, אַ גרויסער, פּירעקיקער, אין דער פאָרם פון אַ ראָמב, פון רויען האָלץ געמאַכטער קאַסטן, אַרויפגעשטעלט אויף אַ שווערער שיף. די שיף איז אונטן באַשמירט מיט סמאָלע און צוגעפּעסטיקט מיט קייטן און שטריק צו אַ סאַפּנדיקן האָלאָווניק.

צווישן הויכן ברעג פונעם טייך און ראַנד פון דער באַרזשע, ליגן צו צוויי אין דער ברייט, צונויפגעבונדענע און אונטערגעשפּאַרטע ברעטער. דאָס איז אַ לאַנגע, צענדליקער מעטער זיך ציענדיקע בריק, אויף וועלכער עס גייען איצט די אַרעסטאַנטן פון דער הויך פונעם ווילדן ברעג — אין דער טונקעלער טיף פון דער באַרזשע.

די „בריק" האָט נישט קיין אָנלען. די באַרזשע וויגט זיך אויף די כוואַליעס, וועלכע לויפן אויף דעם אָרט זייער גיך, געטריבענע דורך דעם צופלוס פון דעם טייך וויטשעגדאַ, וואָס פאַלט דאָ נאָענט אַריין אין דער צפונדיקער דווינע. די ברעטער הוידן זיך אונטער די פיס פון די מענטשן — און אונטן איז אַ תהום.

איינצלנע גייען די אַרעסטאַנטן איבער די הוידנדיקע זיך ברעטער, איינער נאָכן אַנדערן. זיי באַגלייט נישט קיינער, אַפילו נישט דער פּחד אַראָפּצופאַלן. נאָר די אויגן צוגעקאָוועטע צו דעם ראַנד פון דער באַרזשע, און דער שטאַרקער ווילן צו דערגיין אַהין, זיי באַלאַנסירן דאָס אויס די מענטשנס טריט.

דאָס גייט דער אַזוי גערופענער פּוילישער עטאַפּ, יידן און אַ קליינע צאָל פּאָליאַקן. מיט עטלעכע טעג צוריק, האָט מען זיי פון ביאַליסטאָק געבראַכט אַהער קיין קאָטלאַס, דעם גרעסטן אין ראַטן־פאַרבאַנד דורכגאַנגס־לאַגער, פון וואַנען זיי ווערן צעשיקט איבער די לאַגערן פון גאַנצן צפון, איבער די טייגעס ביז צו די טונדרעס.

אַ לאַנגע, לאַנגע שנור מענטשן, מיט פּעקלעך אין די הענט אָדער אויף די פּלייצעס, ציט זיך אויפן ווילדן ברעג צו די ברעטער פון דער בריק. אַרום און אַרום איז געדיכטער וואַלד, אין מיטן — צוויי ברעגעס פון טייך, און אונטן, נידעריק, שווימען ברייט און גיך די כוואַליעס פון דער צפונדיקער דווינע.

אַ ביסל ווייטער שטייען, אָנגעשפּאַרט אינעם ברעג, האַלצערנע סקעלעטן פון משונהדיקע געביידעס, הייזער צי פּאַלאַצן. זיי זענען הויך די סקעלעטן, אפשר צען־שטאָקיקע. זיי הויבן זיך אָן נידעריק, ביים סאַמע וואַסער און גרייכן ווייט אַריבער דעם הויכן ברעג.

דאָס זענען קונציק געלייגטע שטאַבלעס פון פאַרשידן האָלץ. יעדער שטאַבעל — אַ באַזונדערער סאָרט. פון דאַנען צעשיקט מען דאָס האָלץ דורך די וואַסער־וועגן, אין פאַרשידענע לענדער פון דער וועלט.

די מענטשן אויפן ברעג רוקן זיך פּאַמעלעך, איינער נאָכן צווייטן, שווייגנדיקע, פאַרקלעמטע. ס'דערטראָגט זיך נאָר פון צייט צו צייט אַ רוף פון דער ענקאַוועדע־וואַך: ציט זיך צונויף! ציט זיך צונויף!

צווישן דער לאַנגער שנור מענטשן זעט זיך אָן איינער אַ יונגער, אַ הויכער, מיט אַן אײדל טונקל פּנים. דאָס פּעקל זיינס האַלט ער מיט ביידע הענט, וועלכע זענען שמאָל, און מיט לאַנגע פינגער.

דאָס איז ער, שמעון גוטפריינד, אַ יונגער מעדיצין־דאָקטאָר פון וואַרשע. די מענטשן וואָס שטייען לעבן אים, באַציען זיך צו אים מיט אויפמערקזאַמקייט. זיי געבן אַכטונג מען זאָל אים נישט קיין שטויס טאָן. מען זעט, אַז זיי ווילן אים פאַרלייכטערן דעם שווערן וועג צו דער באַרזשע.

מיט דער רגע, ווען מען האָט אים אַראָפּגענומען פון דער אַרבעט, אין אַ שפּיטאָל אונטער ביאַליסטאָק, אַרעסטירט און איינגעזעצט מיט הונדערטער אַנדערע פּליטים אין תפיסה, אין אַ נישט־אויסגעפּאַרטיקטן באַראַק אונטער דער שטאָט, געפינט זיך זיין באַוווסטזיין ווי אין אַ ליידיקן חלל, אָן פאַרבאַנגענהייט, אָן קעגנוואַרט, אָן יעדער שפּירונג פון דעם, וואָס געשעט.

איצט שטייט ער אין אַ נאָכמיטאָגדיקער שעה ביים ראַנד פון וואַלד, וואָס ציט זיך אומענדלעך. ער אָטעמט איין דעם אָפּפרישנדיקן אַזאָן ריח

פון די סאָסנעביימער. אַ לייכטער, קילער ווינט, וואָס ציט פון טייך, נעמט אים אַדורך.

מיט אַ מאָל דערזעעט ער, אַז ס׳איז גאָר נאָענט זיין ריי אַרויפצוגיין אויף די הוידנדיקע זיך ברעטער פון דער בריק אין דער באַרזשע אַריין. ער געדענקט נישט ווי לאַנג ער שטייט שוין אַזוי אין דער שורה מענטשן, נישט געפילט ווי זיי האָבן געררוקט זיך פאָרויס. ער ווייסט נישט ווי אַזוי וועט ער, האַלטנדיק אין ביידע הענט זיין פעקל, קאָנען אַנהאַלטן גלייכגעוויכט און נישט אַראָפפאַלן. ער פילט נישט קיין פּחד, נאָר אין דער איינער רגע ווערט ער אינגאַנצן, פון קאָפּ ביז די פיס, נאַס, ווי איינגעטונקען אין שווייס.

אין דעם גייט אַרויס פון דער ריי אַ ייִנגל פון אַ יאָר פערצן־פופצן, מיט אַ קיילעכדיק פּנים פון אַ קינד, און זאָגט צו אים:

— גיט מיר, הער דאָקטאָר, אייער פעקל. איך וועל עס אייך אַריבער־טראָגן איבער דער בריק.

שמעון שטייט און האַלט ווייטער זיין פעקל אין די הענט, ווי ער וואָלט נישט קלאָר פאַרשטאַנען וואָס מען רעדט צו אים. די מענטשן וואָס שטייען לעבן אים, זאָגן: גיט אים, גיט אים דאָס פעקל — און דאָס ייִנגל נעמט עס אַרויס פון שמעונס הענט.



אין דער באַרזשע איז טונקל מיט דער נאַכטיקלעכער טונקלקייט פון אַ קעלער. ס׳איז שוין דאָ פול מיט מענטשן, וואָס באַוועגן זיך גרופּנווייז, ווי זיי וואָלטן געוועזן מיט עפּעס צווישן זיך פאַרבונדן און זיך נישט געקאָנט פונאַנדערטיילן. זיי וואַרפן זיך איבער פון איין אָרט באַרזשע אויפן צווייטן, ווי גרופּעס אין אַן איינשטודירטער פּאַנטאָמימע.

דאָ, אין דער באַרזשע, גייט נאָך אָן דער פונאַנדערטייל פון די מענטשן לויט די וואַגאָנעס, אַזוי ווי זיי זענען אָנגעקומען קיין קאַט־לאָס. דער „סטאַראָסטע״ פונעם וואַגאָן, האַלט אויך דאָ אָן זיין אמט. ער באַקומט פאַר זיין גרופּע דעם טרוקענעם פּאַיאָק: אַלט ברויט, סוכאַרעס, געטרוקנטע פיש און שטיקלעך האַרטן צוקער, און ער צע־טיילט עס צווישן זיינע מענטשן.

שעהן לאַנג זענען די אַרעסטאַנטן געשטאַנען אין דער שורה, ביז זיי זענען אַריין אין דער באַרזשע. זיי זענען אויסגעמוטשעט און טויט הונ־געריק. ווען די עשאַלאָנען מיטן פּוילישן עטאַפּ זענען אָנגעקומען קיין

קאַטלאַס, זענען שוין דאָרט געווען, אַ חוץ זיי, אַ צוואַנציק טויזנט אַרעס־טאַנטן. די קיך־פאַבריק האָט געאַרבעט בייטאָג און ביינאַכט. נישט איין מאָל האָט מען דעם פּוילישן עטאַפּ אויפגעוועקט אין מיטן דער נאַכט, זיי זאָלן אויפעסן דאָס מיטאָג פון דעם מאָרגנדיקן טאָג. די קיך־פאַבריק האָט נישט געקאָנט באַוויזן אָפּצוקאָכן, אַז אַלע זאָלן עס באַקומען בייטאָג.

דאָס מיטאָג באַשטייט פון אַ גרויסן קאָכלעפל געקאָכטע נישט־געשייל־טע פּראָסע מיט אַ ביסל אייל פון בוימוואָל־קערנער.

די נישט־געשיילטע פּראָסע פּוישט זיך אָן אין די געדערים און דער אַרויסגאַנג איז אַ סך מאָל גרעסער פון דער פּאָרציע וואָס מען האָט אויפ־געגעסן. די מענטשן פון עטאַפּ, נאָך נישט קיין דערפאַרענע אינעם עסן אַזעלכע מאכלים, דערשרעקן זיך שטאַרק פון דער דאָזיקער משונהדיקער דערשיינונג.

נאָכן שטיין שעהן לאַנג, און פון דער אָנגעפּוישטער קאַשע, דאַרף יעדער אַרעסטאַנט זיין געברויך, ווער אַ קליינס, ווער אַ גרויס. אין דער באַרזשע זענען פאַראַן איבער צוויי טויזנט מענטשן. די ענקאַווועדע־וואַך געפינט זיך אויבן, אויף דער דעק. זיי מישן זיך נישט אין דעם וואָס טוט זיך אונטן, אויף דער דנאָ פון דער באַרזשע. זיי זאָגן אויך נישט ווו ס׳געפינט זיך דער אָפּטריט. פאַרנעמען זיך טייל אַרעסטאַנטן אין אַ ווינקל פון דער באַרזשע און טוען זייער געברויך.

די, וואָס האָבן זייערע ערטער לעבן דעם פאַראומרייניקטן ווינקל, הויבן אויף אַ טומל. זיי שרייען מיט באַנומענע קולות און יאָגן אַוועק די אומגליקלעכע מענטשן, וואָס האָבן מוראדיקע בויך־קראַמפּן. ס׳אַנטשטייט אַ סומאַטאָכע, מען וואַרפט זיך שלאָגן. עס טראָגט זיך איבער דער באַרזשע אַן איבלדיקער געשטאַנק פון דעם וואָס מען האָט שוין באַוויזן אָפּצוטאָן.

מען דערוויסט זיך, אַז דאָס אָפּטריט איז אויבן, אויפן דעק. ס׳שטעלט זיך באַלד אויס אַ ריזן ריי פון אַלע וואָס זענען פאַראַן אויף דער באַרזשע, אַרויפצוגיין אויבן. מענכע פילן, אַז זיי וועלן נישט אויסהאַלטן, וועלן זיך נישט דערוואַרטן אויף זייער ריי. זיי בעטן זיך מען זאָל זיי לאָזן גיין די ערשטע. אָבער קיינער וויל נישט אָפּטרעטן זיין אָרט, יעדער וויל זיך שוין דערוואַרטן אויף דער גליקלעכער מינוט, און הערט זיך נישט צו צום געבעט און געוויין פון די שטאַרק „בויטבאַדערפטיקע״.

איין סטאַראָסטע באַקומט זיך אַרויף אויבן, אויף דער דעק, שמועסט זיך אַדורך מיט דער וואַך און קומט אַראָפּ מיט אַן עמער, אַז די מענטשן זאָלן אין אים מאַכן דאָס קליינע געברויך. אָבער פון לאַנגן איינהאַלטן זיך, קאָנען זיי דווקא דעמאָלט, ווען מען קומט צו זיי צו מיטן עמער, נישט

אָפּגעבן דעם אוריין, ס׳מוז דויערן עטלעכע מינוט. ווען ס׳געשעט שוין, פאַרלירט גראָד דער מענטש מיטן עמער דאָס געדולד צו וואַרטן און אַנט־לויפט ווייטער צו אַנדערע.

דער, וואָס האָט אָנגעהויבן, קאָן שוין דעם דראַנג נישט איינהאַלטן און גיט אָפּ די רעשט השתנה אויף דעם דיל, אויפן דנאָ פון דער באַרזשע, ווו מענטשן וועלן זיך מוזן שפּעטער לייגן, וואָרעם קיין נאַרעס זענען אויף דער באַרזשע נישטאָ. אַ געשריי, אַ געוויין, אַ גיהנום־בילד, און דערביי שטייען שוין גרופּנווייז אַנדערע און מען טוישט. מען טוישט פּיש פאַר ברויט, פּיש פאַר צוקער, צוקער פאַר ברויט. ווער ס׳האָט, טוישט ברויט אויף מאַכאָרקע, און מאַכאָרקע אויף ברויט.

אויף דער דנאָ פון דער באַר:שע איז נישט פאַראַנען געווג אָרט, אַז אַלע זאָלן קאָנען זיך לייגן מיט אויסגעצויגענע פיס. ווען ס׳שטעלט זיך איין די סומאַטאָכע, לייגן זיך די פאַרמאַטערטע מענטשן אויפן דיל. זיי ליגן אין אַן עמביאַנאַלן צושטאַנד, מיט איינגעקאָרטשעטע הענט און פיס.



דאָס ייִנגל לייגט אַוועק שמעונס פּעקל אויפן דיל פון דער באַרזשע און זאָגט: — דאָס איז דאָס בעסטע אָרט.

ער נעמט אַרויס פון שמעונס פּעקל אַ קאָץ און לייגט אים אויס אויף אַ שטיקל דיל. דאָס געבליבענע אין פּעקל לייגט ער שמעונען צוקאָפּנס. ער באַגייט זיך מיט אים, ווי אַן עלטערער, אַ דערפאַרענער מיט גאָר אַ יונגן, וואָס ווייסט נישט ווו איין און ווו אויס.

שמעון קוקט אויף דעם ייִנגל מיטן קיילעכדיקן פּנים פון אַ קינד, און איז פאַרוווּנדערט פון זיין בריהשקייט, פון זיין זיך קאָנען אַזוי גיך געפינען אין פרעמדע באַדינגונגען. פון פאַרוווּנדערונג פאַרגעסט ער אים צו פרעגן ווי ער הייסט.

— איר לייגט זיך דאָ און דעקט זיך איבער מיטן פּאַלטן. איר זענט אוודאי מיד. איך וועל שוין צוגיין צו אייער סטאַראָסטע און אָפּנעמען פאַר אייך דעם פּאַיאָק.

שמעון לייגט זיך. דערווייל קאָן ער נאָך אויסציען די פיס, ווייל נאָך נישט אַלע אין דער באַרזשע האָבן זיך שוין געלייגט. ס׳איז אים אָנגענעם וואָס עמעצער אינטערעסירט זיך מיט אים, ווען אַפילו דאָס איז אַזאַ יונג ייִנגל.

דאָס ייִנגל קומט מיטן פּאַיאָק. ער זעט ווי שמעון קוקט מיט ווידער־

ווילן אויף די געטרוקנטע פיש מיטן דעמפּיקן ריח און אויף דעם דאַרן ברויט. ער לייגט פאַר שמעונען, אַז ער וועט פאַר אים אויסטוישן די פיש און אַ טייל ברויט אויף צוקער. שמעון נעמט אָן זיין אָרעם און טוט אים אַ דרוק פון דאַנקבאַרקייט.

ער ברענגט שמעונען עטלעכע שטיקלעך צוקער און אַ טעפּעלע וואַסער. שמעון לייגט זיך אַריין אַ שטיקל צוקער אין מויל און טרינקט דאָס וואַסער. דאָס וואַסער אין מויל נעמט זיך אָן מיט זיסקייט. ער זויגט דאָס האַרטע שטיקל צוקער און פילט, אַז אַפילו פון דעם קאַלטן וואַסער צעגייט זיך אין אים אַ וואַרעמקייט איבערן גוף.

די גאַנצע צייט, בערך צוויי וואָכן, וואָס שמעון איז געפאָרן פון ביאַליסטאָק קיין קאַטלאָס, האָט ער כמעט גאַרנישט גענומען אין מויל אַריין, אַ חוץ וואַסער. די הירזש-זופּ, וועלכע מען פלעגט אַריינדערלאַנגען אין אַן עמער פאַר אַלע אַרעסטאַנטן אין וואַגאָן, איז געווען געקאַכט אַדער אויף הערינג-לוגער, אַדער אויף קעפּלעך פון קליינע פישעלעך. ער האָט איין מאָל פאַרזוכט די זופּ, אָבער זי נישט געקאָנט עסן. דאָס ברויט פלעגט די וואַך צוטראָגן צום וואַגאָן אין אַ זאַק, אָוועקריקן די טיר און אויסשיטן די צענדליקער פאַרציעס אויפן דיל פון דעם וואַגאָן, וועלכער איז געווען שמוציק און באַקראָכן פון לייז. שמעון האָט זיך געמיאוסט צו עסן דאָס ברויט. ער פלעגט פאַרטוישן ביי אַן אַנדערן אַרעסטאַנט זיין חלק ברויט אויף וואַסער.

שמעון טרינקט אויס דאָס וואַסער, זויגט אויס דאָס שטיקל צוקער. ערשט איצט כאַפּט ער זיך און פרעגט דאָס יינגל:

— ווי הייסט איר?

— סאַמעק גרינשטיין.

שמעון שטרעקט אויס די האַנט מיט אַ שטיקל צוקער, כיבוד פאַר זיין יונגן פריינט.

דאָס יינגל שמייכלט: — באַהאַלט עס פאַר זיך, הער דאָקטאָר. איך האָב גענוג. איך גיב זיך אַן עצה. אין קאַטלאָס האָב איך געאַרבעט אין באַניע, געהאָלפן אין דער קיך און זיך איינגעשאַפט אַ שיינעם זאַפּאַס.

ערשט איצט באַמערקט שמעון אין סאַמעקס הענט אַ שפּאַר זעקעלע. סאַמעק הייבט עס אויף און טוט פריילעך און ווילינגעריש אַ קלאַפּ דעריין, ווי מען גיט עמעצן גוטברודעריש אַ קלאַפּ איבער דער פּלייצע. דאָס יונגע בחורל טוט עס מיט הנאה און זעלבסטזיכערקייט.

שמעון איז אים מקנא.



ס'איז נאַכט. אַלע, ביי צוויי טויזנט אַרעסטאַנטן, ליגן אויפן דיל פון דער באַרזשע. זיי ליגן האַרט איינער לעבן צווייטן און צונויפגעקאַר־טשעט. די באַרזשע גיט זיך אַ וויג און הויבט זיך אָן באַוועגן. ס'הערט זיך נישט קיין שום גערויש. די באַרזשע גייט נאָך דעם האַלאַוויניק שטיל און שווער. זי פאַרנעמט זיך צפון־מזרחדיק. צווישן די אַרעסטאַנטן פאַר־שפרייט זיך אַ ידיעה, אַז מען שווימט נישט מיט דער צפונדיקער דווינע, נאָר מיט דעם טייך ווישעגדאַ.

שמעון ליגט צווישן צוויי פרעמדע מענטשן. זיי שלאָפן טיף, כראָפּען, דריקן אויף אים פוןביידע זייטן. אין שלאָף פרוווט יעדער, נישט פילנדיק אַפילו, אויסצוציען די איינגעקאָרטשעטע פיס און שפּאַרט מיט זיי אויפן קאָפּ פון דעם, וואָס ליגט אים צופוסנס. אַזוי טוען אַלע. אין האַרטן שלאָף פילן נישט די פאַרמאַטערטע מענטשן דעם דרוק פון די פיס אויף זייערע קעפּ. זיי בייגן זיי איין נאָכגיביק און אַליין טוען זיי מיט זייערע פיס שפּאַרן אויף די קעפּ פון די, וואָס ליגן זיי צופוסנס. אַלע ליגן מיט געבוי־גענע קעפּ, און ס'זעט אויס, ווי די גאַנצע באַרזשע וואָלט געווען אויסגע־פילט מיט מענטשן, וועלכע מען האָט נאָר וואָס אַראָפּגענומען פון די תליות.

שמעון ליגט אין דער ערשטער ריי, דעם קאָפּ ביי דער וואַנט און אונטערגעשפּאַרט מיט זיין פּעקל. ער צייגט זיך איבער, אַז סאַמעק איז געווען גערעכט, ווען ער האָט געזאָגט, אַז דאָ איז דאָס בעסטע אָרט. קיינער שפּאַרט נישט מיט זיינע פיס אויף זיין קאָפּ. קיינער טרעט נישט אויף אים בעתן גיין אין אָפּטריט. דער דרוק פון די צוויי שלאָפנדיקע ביי זיינע זייטן מענטשן איז אויך שוואַכער, צי ער האָט זיך דערצו צוגעו־וווינט. ער איז דאַנקבאַר סאַמעקן פאַר דעם אָרט. אים איז באַנג, פאַרוואָס סאַמעק שלאָפט נישט לעבן אים.

ער ווייסט נישט, אַז סאַמעק געפינט זיך איצט אויפן דעק פון דער באַרזשע, זיצט צוזאַמען מיט דער ענקאַווועדע־וואַך, אָטעמט מיט קילער, פרישער לופט, שמועסט מיט דער וואַך און דרייט, מעשה דערוואַקסענער, מאַכאָרקע אין שטיקלעך צייטונגס־פּאַפּיר, אויף זיך מאַכן אַ פּאַפּיראָס. שמעון ווייסט נישט, אַז טאַקע פון סאַמעקן איז מען געוואָר געוואָרן, אַז די באַרזשע שווימט מיט דער ווישעגדאַ.

פאַר שמעונען ווערט קלאָר, אַז אַפילו ווען זיין געדאַנק איז נישט געווען דערביי, האָבן אָבער זיינע אויגן געזען, געזען אַלץ, וואָס ס'טוט

זיך אַרום אים. אָפּגעפּילט האָט ער עס טאָקע נישט, אָבער געזען האָט ער מיט דער גאַנצער שאַרפקייט און פּינקטלעכקייט. סאַמעק האָט אים דער־מאָנט קאָטלאָס און דאָס דאָזיקע בילד איז אים איצט, אין דער נאַכט, אין דער פינצטער, אויפן דנאָ פון דער באַרזשע, אויפגעגאַנגען קלאָר און בולט:

דער עשאַלאָן בלייבט שטיין אויף אַ ראַמפּע. האַסטיק און מיט איין מאָל שיבט מען אָוועק די טירן פון די „טיעפּלושקעס”. אַרום יעדער טיר, אַ ביסל אָפּגערוקט, שטייען אויסגעשטעלט אין אַ האַלבן קרייז ענקאַווועדע־זעלנער מיט די ביקסןביי די פיס.

די אַרעסטאַנטן גייען נישט אַרויס, נאָר פאַלן אַרויס פון די וואַגאָנעס צונויפגעקנוילטע, ווי פאַרטשאַדעטע. קוים וואָס זיי האַלטן זיך אויף די פיס. מען שטעלט זיי אויס צו פיר אין אַ ריי.

לאַנג זענען די רייען מענטשן פון די וואַגאָנעס. אַלע זענען באַוואַקסן מיט בערד. די פנימער פינצטער, און אַפילו די העלע אָנצוגן, וואָס טייל טראָגן אויף זיך, זעען אויס ווי שוואַרצע, ווי איינגעטונקענע אין בלאָטע. אַ מחנה קרוע־בלועניקעס.

איינער, וואָס גייט נעבן שמעונען, רופט זיך אָן: — זעט, וואָס אין אַזאַ קורצער צייט איז פון אונדז געוואָרן.

שמעון ענטפערט נישט. אַנטקעגנאיבער, אויף אַ ראַמפּע, ציט זיך אויך אַזאַ ריי פאַרפינצטערטע מענטשן. פון דער ווייטנס זעט זיך אַ שטאָט, גאַסן מיט האַלצערנע טראָטואַרן און האַלצערנע הייזער, נישט קיין הויכע, אָן באַפּוצעכץ, אָן פאַרב. רוי און אומעטיק.

די רייען אַרעסטאַנטן גייען פאַמעלעך. אַרום און אַרום — זעלנער מיט די ביקסן אין די הענט. ס'הערן זיך געשרייען און קללות: ציט זיך צונויף! ציט זיך צונויף, הינטישע זין!

נאָך די שערענגעס אַרעסטאַנטן פאָרן ענקאַווועדע־אָפיצירן אויף פערד. מיט אַ מאָל טוען די אָפיצירן אַ שוווּם אַרויס מיט די פערד — און שוין געפינען זיי זיך אין שפּיץ פון דער מאַסע אַרעסטאַנטן.

זיי דערגייען צו אַ גרויסן פּלאַץ. אינמיטן זיצן ביי טישן, איבער בערגער גרויע אַקטן־פּאַפּקעס, איינגעבויגענע מענטשן. זייערע פנימער שמאָלע, ערד־קאַליריקע, נישט ראַזירטע. אין די שוואַרצע מונדירן זעען זיי אויס ,ווי ריזיקע שוואַרצע זשוקעס.

די שורות אַרעסטאַנטן צעטיילן זיך אויף פיר. יעדער איינער אַרעס־טאַנט גייט צו צו אַזאַ טיש מיט אַקטן און שרייט אויס זיין נאָמען, דעם פאָטערס און פאַמיליען נאָמען, דאָס יאָר און אָרט פון געבוירן.

די „זשוקעס” מישן מיט זייערע שפּיציקע פינגער און מיט לאַנגע טוש־בלייערס שרייבן זיי אַריין אין די גרויע פּאַפּירן, גרויסע אומגעלומ־פּערטע אותיות.

די אַרעסטאַנטן קומען זיך ווידער צונויף אין פיר־פּערזאַניקע שורות. מען שלעפּט זיך ווייטער.ביים אויסגאַנג פון אַ שמאָלער גאַס באַווייזט זיך אַ גרויס, אויף ברוין געמאָלן טויער. איבער אים פלאַטערן צוויי רויטע פענער.

די צוויי פליגלען פון דעם טויער עפענען זיך ווי טירן אין אַ שלוזע ביי אַ דאַמבע, און די לאַנגע שורות מענטשן הויבן אָן דאָרט אַריינצו־שווומען און ווערן ביסלעכווייז פאַרשווונדן.

ווי ריזיקע שפּינען וואַלטן אויסגעפלאָכטן נעצן פון שטעכל־דראָט, אַזוי זעט אויס דער דאָזיקער פּלאַץ באַדעקט מיט אַ לאַבירינט פון זאַנעס. איין זאַנע אין דער צווייטער, מיט געדרייטע, שמאָלע דורכגענג, מיט זייטיקע טירלעך. די זאַנעס, די שמאָלע וועגן, זענען אָפּגעטיילט פון זיך מיט פלויטן פון שטעכל־דראָט.

די אַרעסטאַנטן פון פּוילישן עטאַפּ פירט מען דורך אַ שמאָלן לאַבי־רינט אין דער פּאָר זיי צוגעגרייטער זאַנע. ביי די שטעכל־דראָט פלויטן שטייען די זשוליקעס, גנבים, באַנדיטן, און רייסן פון די קעפּ פון די פּוילישע אַרעסטאַנטן די היטלען, פּרוּוון אַרויסכאַפּן פון זייערע הענט די פּעקלעך. ס'איז אַ טומל, אַ געוואַלט. אויף די וואַך־טורעמלעך פון אַלע פיר זייטן פאַרצוימטן פּלאַץ, הויבן אָן קלאַפּן פּולעמיאָטן. די בהלה שטילט זיך איין.

אין אַ רגע אַרום שטייען שוין ווידער די אָנפאַלער מיט אויסגע־שטרעקטע הענט צום רויב. דער פּולעמיאָט קלאַפּט ווידער. און שוין ליגן נאָך אַ מאָל די זשוליקעס לעבן די שטעכל־דראָט פלויטן, פלאַטשיקע, איינגעקאָרטשעטע, מיט צונויפגעצויגענע הענט און פיס.

דער האַלאַוּוניק טוט יעדעס מאָל אַ שלעפּ די באַרזשע, און די באַרזשע גייט אים נאָך ווי נישט גערן, אַ צוגעבונדענע צו אים, אַ צוגעפּעסטיקטע מיט שטריקן און קייטן. יעדער שלעפּ פון האַלאַוּוניק טוט אַ וויג מיט דער באַרזשע. דאָס וויגן הויבט אָן ווערן וואָס אַ מאָל רעגלמעסיקער. וואָס אַ מאָל געלאַסענער. פון מידקייט, פון דער מאָנאָטאָנער באַוועגונג, פאַלן ביי שמעונען צו די אויגן־לעפלעך און ער שלאָפט איין מיט אַ טיפן שלאָף.



ער דערפילט ווי עמעצער ציט אים ביי אַן אָרעם. דורך די קליינע פענצטערלעך אין דער הייך, קוקט אַריין דער פאַרטאָג מיט שמאָלע, גרויע אויגן.

לעבן אים, טיף איינגעבויגן, שטייט סאַמעק מיט אַ טעפּעלע אין דער האַנט.

— הער דאָקטאָר, טרינקט אויס דאָס טעפּעלע „קיפּיאַטאָק". די גאַנצע צייט, וואָס מען וועט פאָרן מיט דער באַרזשע, וועט נישט זיין קיין טראָפּן וואַרעמס. טרינקט — בעט ער זיך און ווערט פאַרשווונדן.

שמעון בלייבט האַלב־זיצנדיק און האַלב־ליגנדיק מיטן טעפּעלע אין דער האַנט. אַלע אַרום שלאָפן. ער קווענקלט זיך, שעמט זיך צו טרינקען. ער ווייסט, אַז אויף דער באַרזשע זענען פאַראַן עלטערע מענטשן, אַפילו זקנים און קראַנקע. ס׳וואָלט געווען יושרדיקער ווען מען גיט דאָס טעפּעלע קיפּיאַטאָק איינעם פון זיי. אָבער וועמען? ווי אַזוי מאַכט מען דעם אויס־קלייב? ער האָט אויך מורא, אַז ער קאָן פאַרשאַפן דערמיט סאַמעקן אומ־אַנגענעמלעכקייטן. ס׳וועלן זיך שוין געפונען אַזעלכע, וואָס וועלן דורכאויס וועלן וויסן פונוואַנען ער האָט דעם קיפּיאַטאָק גענומען. און ס׳וועט נישט זיין קיין ווונדער. אין די דאָזיקע באַדינגונגען איז צו פאַרשטיין יעדנס זשעדנעקייט אויף אַ ביסל וואַרעמס.

אַזוי זיצט שמעון מיטן טעפּעלע הייס וואַסער אין דער האַנט. מיט אַ מאָל טראָגט ער עס צו צום מויל און טרינקט אויס. אין דער צייט פון זיין פאַרטראַכטקייט האָט דאָס וואַסער זיך שוין אַ שפּאָר ביסל אָפּגעקילט.

שמעון אַליין פילט זיך אָפּגעשוואַכט. ווען ער איז אָנגעקומען קיין קאָטלאַס, איז ער אַריין אין דער אַמבולאַטאָריע. דאָרט האָט ער געזען אין אַ שפּיגעלע, וואָס האָט אים געבאָרגט אַ קראַנקן־שוועסטער, זיין פּנים. ער איז געווען באַוואַקסן מיט אַ שוואַרצער, געדיכטער באָרד און זיין לענגלעך פּנים איז איצט געווען פול און קיילעכדיק, געשוואָלן פון דעם נישט עסן און פון נאָר טרינקען וואַסער.

ער האָט זיך דעמאָלט געמאַכט פאַרוואורפן, אַז ווי אַ דאָקטאָר, האָט ער באַדאַרפט איבערווינדן זיין ווידערווילן צו דעם הערינג־זופּ און צום פאַראומריינ׳קטן ברויט. ער האָט געגעבן אַ שלעכטן ביישפּיל פאַר אַנדערע, כאָטש קיינער האָט זיין ביישפּיל נישט נאָכגעטאָן. פאַרקערט, מען האָט פון זיין פאַרהאַלטן זיך געגאַסן. יעדן טאָג האָט אַן אַנדערער געגעסן זיין

פֿאַרציע זופּ, און געטורישט זיין פּאַרציע וואַסער אויף שמעונס ברויט. די פּשוטע מענטשן אין וואַגאָן האָבן געהאַט אַ געזונטערן אינסטינקט פֿאַר אים, דעם אינטעליגענט, דעם מעדיצינער.

איצט איז ער אָפּגעשוואַכט, און שטאַט צו באַדינען אַנדערע, באַדינט מען גאַר אים. אָבער ער ווייסט גוט, אַז ווען מען וועט באַדאַרפֿן זיין הילף, וועט ער זי נישט נאָר פֿון קיינעם נישט פֿאַרמיידן, נאָר וועט זי יעדן אַנטקעגנטראָגן.

דער עולם אויף דער באַרזשע וועקט זיך. מען וועקט זיך ווי פֿון אַ נאַרקאָטישן שלאָף, מיט איבל און מיט שוואַכקייט אין אַלע אברים. מען איז נישט אויסגערוט, געררייצט. ס'ברעכן אויס העפטיקע קריגערייען צוליב גאָרנישט. ס'הערן זיך זעקס-שטאָקיקע קללות, מיאוסע רייד, זידלערייען, וועלכע מען האָט שוין באַוויזן איבערזעצן פֿון רוסיש אויף אַן אַנטשפּרעכנ-דיקן יידיש.

ס'שטייט שוין אַ לאַנגע ריי צו דעם אָפּטריט, וואָס געפֿינט זיך אויבן אויפֿן דעק, וווּהין מען לאָזט אַרויף דורך אַ שמאָלער לייטער, איינציקווייז. שמעון שטעלט זיך אין דער ריי. פֿאַראַן אַזעלכע וואָס האַלטן, אַז ער דאַרף גיין אויסער דער ריי. זיי זאָגן הויך: „הער דאָקטאָר, גייט אַרויף, איר דאַרפֿט נישט שטיין". אָבער נישט אַלע זענען דערצו מסכּים. פֿאַראַן טייל וואָס מורמלען, וואָס ווייזן אַרויס כעס, פֿאַרביסנקייט. זיי האָבן פֿיינט אַן אינטעליגענט. כאָטש קיינער ווייסט נישט, וואָס מיט אים אַליין וועט זיין, פֿילן זיי אָבער, אַז אַפֿילו דאָרט, וווּהין מען פֿאַרשיקט זיי, וועט ער אויך זיין אַ פּריווילעגירטער.

שמעון טוט אַ מאַך מיט דער האַנט: נישט וויכטיק. ער האָט נישט בדעה צו געניסן פֿון קיין שום פֿאַרלייכטערונגען פֿאַר זיך. ער שטייט אין דער ריי געדולדיק. זי באַוועגט זיך זייער פּאַמעלעך. מענטשן נוצן אויס די געלעגנהייט, כאָטש אין אַזעלכע באַדינגונגען צו בלייבן אויבן אַ ביסל לענגער איינער אַליין. די וואַך יאָגט זיי פֿון דער דעק, ווייל אויך דאָרט פֿאַרהאַלט זיך יעדער אַנצוזעטיקן דאָס אויג מיט טייך און הימל און אַריינאָטעמען וואָס מער פֿרישע לופֿט אין די לונגען.

ס'קומט שמעונס ריי. ער קומט אַרויף אויף דער דעק. ס'איז מיטן טאָג. דער טייך איז העל-גראָ, כמעט ווי זילבער. דאָס וואַסער לויפֿט גיך, אָבער מיט זייער דראַבנע כוואַליעס, ווי ס'וואָלט געווען לייכט קאַרבירט. פֿון ביידע זייטן טייך, צווייַ הויכע ווענט פֿון ביימער מיט ברוינע שטאַמען און געדיכטע גרינע קרוינען. אויפֿן וואַסער שווימען איינצילנע קלעצער, ס'שווימען לאַסט-שיפֿן און נאָך זיי אין דער לענג, איינער נאָכן אַנדערן,

גרויסע בינטן קלעצער. ס׳איז סוף זומער און דער ספלאָוו, דער טראַנספּאָרט פון געהילץ מיטן וואַסער־שטראָם, איז אַן אייליקער, אַן אינטענסיווער.

שמעון זעט דאָס אַלץ מיט אַ ווינקל פון אַן אויג. ער פאַרהאַלט זיך נישט אויף דער דעק, נאָר גייט באַלד אַראָפּ צוריק אין דער באַרזשע. דאָס מאָלערישע בילד פון וואַלד און טייך האָט נישט געהויבן זיין געמיט, אַפילו נישט אויף אַ רגע, נאָר פאַרקערט, נאָך מער דערדריקט. די מענטשן וואָס שטייען אויבן אויף דער לייטער, באַענט צום „ציל״, קוקן אויף אים מיט דאַנקבאַרקייט, וואָס ער איז אַזוי גיך צוריקגעקומען, אָבער די וואָס שטייען אונטן אין דער באַרזשע, קוקן אויף אים מיט זאָרג און פרעגן: ווי פילט איר זיך?

ער ענטפערט זיי מיט אַ פאַרוווּנדערטן בליק. אים זעען די פראַגעס אויס משונהדיק. ער גייט צו צו זיין אָרט און לייגט זיך אַוועק.

אין דער באַרזשע קאָכט שוין ווידער און ס׳זידט. מענטשן וואָס האָבן נעכטן געטוישט מאַכאָרקע אויף צוקער, האָבן חרטה און טוישן ווידער דעם צוקער אויף מאַכאָרקע, אָדער מען טוישט די טרוקענע פיש אויף ברויט, און פאַרקערט. ס׳גייט אַן אַ ברייטער טויש־האַנדל. ס׳יאָווען זיך מעקלערס, אַזעלכע, וואָס ווייסן ביי וועמען ס׳איז בילכער דאָס עסן און ביי וועמען דאָס רויכערן. זיי פירן צונויף די פאַראינטערעסירטע צדדים און נעמען דערפאַר אַ פּראָצענט פון די געטוישטע „סחורות״. גרופּעס שטייענדיקע און ליגנדיקע מענטשן שמועסן צווישן זיך, מען פירט הייסע וויכוחים, מען זאָגט זיך אָריין, מען זידלט זיך. ס׳טוט זיך.

צו שמועונען שאַרן זיך צו זיינע צוויי שכנים פון וואַגאָן. ס׳איז אַזוי אויסגעקומען, אַז אין וואַגאָן האָט ער פאַרנומען אַן אָרט צווישן זייביידע און אַזוי אַרום זיי פונאַנדערגעטיילט. ביידע זענען זיי טריקאָטאַזש־אַרבעטער פון לאָדזש. ביידע קאָמוניסטן, נאָר איינער אַ סטאַליניסט און דער צווייטער אַ טראָצקיסט. ביידע האָבן זיי זיך געהאָט רעגיסטרירט אויף אַרבעט אין רוסלאַנד און ביידע זענען אַנטוישטע פון דאָרט אַנטלאָפן צוריק קיין ביאַליסטאָק. ביידע זענען אַרעסטירט געוואָרן און ס׳איז ווידער אַזוי געשען, אַז זיי האָבן זיך איצט געפונען אין איין וואַגאָן, אויפן וועג צום אָרט פון פאַרשיקונג.

אין דער ריי צום וואַגאָן זענען זיי געשטאַנען איינער אונטערן אַנדערן. נאָך זיי שמעון. אָבער ווען זיי זענען אַריין אין וואַגאָן, האָבן זיי זיך אינסטינקטיוו פון זיך אָפּגערוקט און שמועונען איז אויסגעקומען צו פאַרנעמען דאָס אָרט צווישן זיי.

וועגן דעם, אַז יענער איז אַ טראָצקיסט, האָט שמועונען דערציילט בסוד

דער סטאַליניסט. ער האָט דאָס אים פאַרטרויט מיט אַזאַ אינטאָנאַציע, ווי ער וואָלט דערציילט וועגן יענעמס אַ שווער פאַרברעכן. כאָטש ביידע אַנטוישטע און אַנטלאָפענע פון דער אַרבעט, זענען זיי נאָך אַלץ פאָליטישע שונאים און שפּיזן זיך מיט בייזע בליקן.

דער טראָצקיסט, אַ נידעריקער, אַ קרעמפּער, אַ טונקל־הויטיקער, מיט שוואַרצע האָר, שוואַרצע אויגן און געדיכטע שוואַרצע ברעמען. איצט איז זיין פּנים אויך באַוואַקסן מיט אַ שוואַרצער, האַרטער, שטעכיקער באָרד.

דער סטאַליניסט, פון מיטעלער וווּקס, אַן אָוואַל פּנים, בלאָנד, בלויע אויגן, און אַפילו די באַוואַקסענע בלאָנדע באָרד האָט גאָרנישט געמינערט פון דער מילדקייט פון זיין אויסזען.

צווישן זיך רעדן זיי נישט, נאָר יעדער טענהט אַריין זיינע טענות צו דער ראָטן־מאַכט אין שמועסן אַריין. זיי זאָגן זיך אויך קעגנזייטיק אַריין דורך אים.

דער טראָצקיסט האָט זיך קודם־כל באַקלאָגט אויף דער פרעמדקייט צום מענטש, אויף דער צו שווערער אַרבעט, אויף די נידעריקע לוינען, אויף דעם ריזיקן ביוראָקראַטישן אַפּאַראַט, וואָס נעמט באַלד דעם מענטש ווי אין אַ קלעם. ער נעמט נישט נאָר זיין הייגט, נאָר דער עיקר זיין נעכטן, און דערביי אַן דער מינדעסטער זאָרג פאַר זיין מאָרגן. די ביוראָקראַטיע, וואָס איז זיך צעוואַקסן מיט דער גיריקייט פון אַ ווילד־געוויקס, פרעסט אויף אַלץ, וואָס ערלעכע מענטשלעכע מי טוט באַשאַפן.

דער סטאַליניסט האָט זיך דער עיקר באַקלאָגט אויף די אויסערלעכע באַדינגונגען. אים האָט נישט אַזוי געאַרט די שווערע אַרבעט פון די מענער, נאָר וואָס די פרויען באַשעפטיקט מען אויך ביי די סאַמע שווערסטע אַר־בעטן. ער האָט געוויטיקט אויף דעם, וואָס די פרוי האָט פאַרלוירן אַלע אירע חנען, איר גאַנצע פרויענהאַפטיקייט. נישט נאָר די סאָוויעטישע פרויען זענען אַזוי — האָט זיך דער סטאַליניסט באַקלאָגט פאַר שמועסן — נאָר אונדזערע פּוילישע מיידלעך, וואָס זענען געפאָרן מיט אונדז אין איין עשאַלאָן קיין דאָנבאַס, יידישע קאָמוניסטקעס, האָבן באַלד אינגאַנצן פאַרלוירן די שעמעוודיקייט, געמיינט, אַז זיי מוזן פאַרווישן יעדן אונטער־שיד צווישן זיך און די מענער.

— אין די טיעפּלושקעס, אין די וואַגאָנעס פון די עשאַלאָנען, דערציילט ער, זענען נישט געווען קיין קלאָזעטן. נאָר ווען די באַן פלעגט זיך אָפּשטעלן, בכדי לאָזן אַדורכפאָרן אַן אַנדערע באַן, פלעגט זיך דער עולם אַרויסכאַפּן, זיך אויסזעצן און טוען זייער געברויך. איינמאָל גייענדיק צוריק אין וואַגאָן, הער איך ווי אַ פרויען־שטימע רופט: חבר! חבר! כ׳קוק

זיך אום. נאָענט ביי די באַן־רעלסן זיצט אַ מיידל אַראָפּגעבויגן, האַלט זיך מיט די הענט ביי די קניען, און רופט צו מיר: חבר, אפשר האָט איר אַ שטיקל פּאַפּיר?

— אַזעלכע סצענעס האָבן זיך אָפט איבערגעחזרט און נישט נאָר דאָס.

דער סטאַליניסט טוט אַן עמפּערטער אַ מאַך מיט דער האַנט. ער איז אַ שיינער, אַ האַרמאָנישער, נאָר אין זיינע אַלע מאָל מילדע, בלויע אויגן, זעט זיך איצט אַן עקשנות, אַ פאַרביסנקייט. דאַקעגן דער טראַצ־קיסט האָט כסדר אַ פאַרביסן פּנים, צונויפגעצויגן און בייז. זיינע אויגן שפּריצן מיט פייער.

שמעון זעט ווי זיי שאַרן זיך ווידער צו אים. אָבער ער האָט גראָד איצט אַן אָנפאַל פון פאַרגעסנקייט. זיין מוח פאַרשליסט זיך. ער וויל גאָרנישט וויסן און נישט פילן. ער מאַכט צו די אויגן, גראָבט איין דאָס פּנים אין דעם זעקל זאַכן, וואָס ליגט אים צוקאָפּנס.



סאַמעק שטייט ווידער איבער שמעונען און וועקט אים. — הער דאָק־טאָר, איר האָט עפּעס געגעסן?

שמעון קוקט אויף אים, אָבער ער ענטפערט נישט. סאַמעק הייסט אים זיך אויפזעצן. נעמט אָפּער פון זיין צוקאָפּנס דאָס זעקל, בינדט עס אויף. נעמט אַרויס אַ סוכאַרע, אַ שטיקל צוקער, דערלאַנגט שמעונען און זאָגט: כ׳וועל גיין אייך ברענגען וואַסער.

סאַמעק ברענגט פאַר שמעונען אַ טעפּל וואַסער. ער גיט אַ זופּ און דערפילט אַ פרישקייט. ער שטויסט זיך באַלד אָן, אַז סאַמעק האָט דאָס וואַסער נישט גענומען פון די פעסער, פון וועלכע עס טרינקען אַלע אַרעסטאַנטן פון דער באַרזשע. די מענטשן שעפּן פון די פעסער מיט די נישט־געוואַשענע טעפּלעך, טונקן אונטער דערביי זייערע נישט־געוואַ־שענע הענט. דאָס וואַסער איז מוטנע און האָט אַ טוכלע ריח פון אַלטע פעסער.

שמעון פילט זיך ווידער פאַרשעמט, וואָס ער איז פּריוויליגירט, וואָס סאַמעק פאַרנעמט זיך מיט אים. ער קוקט אויף סאַמעקן מיט אַ פאַרזשע־נירטן בליק. יענער איז פריילעך, זיינע העל־ברוינע אויגן צעשפּילט, דאָס פּנים אָפּגעברענט פון זון און ווינט. ער זעט אויס איצט נאָך יונגער ווי דעמאָלט, ווען שמעון האָט אים דאָס ערשטע מאָל געזען אויף דער בריק, פאַר דער באַרזשע. איצט זעט ער אויס ווי אַ דרייצן יאָריק ייִנגל, נישט מער.

שמעון טונקט די סוכאַרע אין דעם וואַסער און עסט אין גרויס פאַר־

טראַגנקייט. דערנאָך פאַרבייסט ער מיט אַ שטיקל צוקער. סאַמעק קוקט אויף אים מיט פאַרגעניגן, ווי אויף אַ געראָטן קינד. ווען שמעון ענדיקט דאָס עסן, זאָגט ער צו אים: איצט, דאָקטאָר, קאָנט איר זיך ווידער אויס־רוען, מען וועט נאָך פאָרן אַ שיינע פאָר טעג.

סאַמעק גייט אַוועק און שמעון פאַלט ווידער אַריין אין אַ האַלב דרימלענדיקן צושטאַנד.

אויף דער באַרזשע שטעלט זיך דערווייל איין אַ „נאָרמאַל" לעבן. די מענטשן ליגן אַמייסטנס. זיי זענען אויסגעהונגערט און האָבן נישט מער קיין חשק אַרומצוגיין, זיך צו שטופּן אין דער ענגשאַפט. די קריגערייען און זידלערייען האָבן אויך אויפגעהערט. די ריי צום אַפּטריט איז אַ קליינע. די מענטשן דאַרפן וואָס אַ מאָל ווייניקער גיין טאָן זייער געברויך. ס'ווילט זיך זיי אַפילו נישט אויסנוצן די געלעגנהייט אַרויפצוגיין אויף דער דעק אַריינצואָטעמען אַ ביסל פרישע לופט. זיי זענען שוין צוגעוווינט צו דעם געדיכטן, טוכלען ריח פון דער באַרזשע. ליגן זיי אַפּאַטישע, אָן דעם מינ־דעסטן ווילן אַפילו צו רעדן. דער טויש־האַנדל האָט כמעט אויפגעהערט. זעלטן ווער האָט עפּעס צו טוישן. די פרייזן זענען געוואַלטיק געשטיגן. פאַר איין מאַכאָרקע־פּאַפּיראָס פאָדערט מען דריי שטיקלעך צוקער.

ווען עמעצער האָט אַ ביסל מאַכאָרקע און פאַרדרייט אַ פּאַפּיראָס, טוען אַלע, וואָס ליגן אַרום אים, מיט זשעדנעקייט אַריינציִען אין זיך דעם רויך, וואָס ער לאָזט אַרויס פון זיין מויל. יעדער איינער וויל שלאָפן, שלאָפן וואָס מער, אַבי צו פאַרגעסן דעם הונגער נאָך אַ ביסל עסן און נאָך אַ פּאַפּיראָס.

ביינאַכט, ווען מען צינדט אָן אויף דער באַרזשע עטלעכע קליינע קאָפּטשענדיקע נאַפט־לעמפּלעך, הערט מען פון אַ ווינקל, וועלכן אַ גרופּע יונגע מענטשן האָט פאַרנומען, זינגען דאָס ליד „מיין שטעטעלע בעלז". זיי זינגען אויך אַ לידל, וואָס אַן אַנאָנימער מחבר, פון די וואָס האָבן זיך פאַרשריבן אויף אַרבעט קיין רוסלאַנד און פון דאָרט צוריקגעלאָפן, האָט פאַרפאַסט:

כ'וויל צוריק אַהיים
אין שטעטעלע אין מיין,
ווו כ'האָב געלעבט זיך
רואיק און באַקוועם.
כ'וויל נישט מער זיין דאָ,
ווו קיין פריינדשאַפט איז נישטאָ —
א. א. וו.

די יונגע מענטשן זינגען דאָס ליד דראַמאַטיש, ציען אויס יעדעס וואָרט און די מעלאָדיע, אַז ס'פּאַרגייט אַזש ביים האַרץ. טייל זינגען מיט. אָבער ס'רוב שווייגן די מענטשן און לאָזן זיך טראָגן פון אַ פאַרקלעמטער בענקשאַפט און פון אַ געפיל פון אַ גרויס אומגליק, וואָס איז געשען.

שמעון קוקט טיילמאָל אויף די מענטשן פון דער באַרזשע מיט אַן אויג פון אַ מעדיצינער. ער דערמאָנט זיך, אַז ערשט נישט לאַנג צוריק, ווען ער איז מיט זיי געזעסן אין דער פּראָוויזאָרישער תפיסה אין ביאַלי־סטאָק, איז דאָס נאָך געווען אַ פאַרביקע, דיפערענצירטע מאַסע. יעדער מיט זיין פּנים, יעדער מיט זיין אופן רעדן און פּירעכץ. איצט האָבן אַלע איין פאַרב, אַ ברודיק־גרויע, אַלע האָבן איינגעפאַלענע באַקן, באַוואַקסענע, אַלע מידע, אָפּגעלאָזענע, אַן אַ באַשטימטער צורה.

די מענטשן שווייגן אַמייסטנס, אָבער ווען זיי רעדן צווישן זיך, הערט מען נישט קיין וואָרט וועגן דער גרויזאַמער מלחמה, וואָס גייט אָן אין דער וועלט, נישט וועגן די, וואָס קומען אום אויף די שלאַכט־פעלדער, נישט וועגן די צעשטערטע שטעט און מענטשלעכע היימען, אַפילו נישט וועגן גורל פון אייגענע ווייב און קינדער, צי טאַטע־מאַמע און אַנדערע נאָענטע. מען הערט נאָר, אַז מען פאָרט שוין פינף טעג אויפן טייך, און נאָך נישט געהאַט קיין ביסל וואַרעם וואַסער אין מויל, אַז פון די סוכאַרעס פילט זיך אַ ריח פון שימל, אַז ס'איז נישטאָ וואָס צו פאַררויכערן און נאָך אַזעלכע טענות.

שמעונען דערמאָנט זיך ווידער קאַטלאַס. ער איז דאָרט נישט געשלאָפן אין אַ באַראַק, אָדער אין אַ זעמליאַנקע, ווי אַלע אַנדערע אַרעסטאַנטן. די לופט איז דאָרט געווען פאַר אים צו געדיכט. ער איז געשלאָפן אין דרויסן נעבן אַ וואַנט פון אַ באַראַק, אַרומגעהילט מיט זיין קאָץ. כאָטש ס'איז שוין געווען האַלב אויגוסט און די נעכט זענען שוין געווען קאַלטע, האָט ער בעסער געוואָלט שלאָפן אין דער קעלט, איידער אָטעמען מיט דער קאַליעדיקער לופט פונעם באַראַק.

ביינאַכט האָט אָפּט אויפגעבליצט דאָס ליכט פון רעפלעקטאָרן, וואָס האָט פון דער ווייטנס שאַרף און קאָנצענטרירט באַלויכטן דעם שטח פון דער באַן־ראַמפּע. ס'האָבן זיך אָפּגעשטעלט באַנען מיט אַ סך וואַגאָנעס, פון וועלכע מענטשן זענען אַרויסגעפאַלן, פּונקט ווי זיי, די מענטשן פונעם עטאַפּ, מיט וועלכן שמעון איז געקומען. זיי האָבן זיך אויסגעשטעלט אין רייען, אַלע אָנגעטאָן אין איין פאָרמע פון אַרעסטאַנטן, אין טונקל־גראַנאַ־טענע בלוזעס און הויזן און אין דעם זעלבן קאָליר היטלען מיט שוואַרצע לעדערנע דאַשקעס. אַלע מיט גרויע זעקלעך אויף די פּלייצעס.

פון צייט צו צייט פלעגט אָנקומען אַ באַן, פון וועלכער ס'זענען אַראָפּ נאָר פּרויען. מען האָט זיי געקאָנט אונטערשיידן פון די מענער דורך די ווייסע טיכלעך, מיט וועלכע זיי האָבן געהאַט אַרומגעבונדן די קעפּ. די רעשט אָנטועכץ איז געווען געגנוי די זעלבע, וואָס ביי די מענער, און זיי האָבן אויך געהאַלטן גרויע זעקלעך אויף די פּלייצעס.

אַזוי זענען געגאַנגען מחנה נאָך מחנה פּנימלאָזע מענטשן, אומעטיקע, איינגעבויגענע, שווייגנדיקע. די ווייסע קאָפּ־טיכלעך פון דעם פּרויען־עטאַפּ האָבן נאָך טיפער אונטערגעשטראָכן די איינקאָליריקייט פון דער מאַסע, וועלכע האָט זיך געצויגן אומענדלעך, אומענדלעך... די אַרעסטאַנטן זענען נישט געגאַנגען אין די רייען פּאַמעלעך, פּאַרקערט, די וואַך האָט געיאָגט, ס'האָט זיך כסדר געהערט: דאַוואַיטיע, דאַוואַיטיע! סקאָרעי! סקאָרעי! גיכער! גיכער! די אַרעסטאַנטן האָבן זיך באַוועגן גיך, כמעט געלאָפן, גע־טריבענע דורך די באַוואָפנטע וואַכן, דורך דער נאַכט, דורך פאַרלוירנקייט און אומגליק.

ביי טאָג פלעגן אויך קומען באַנען מיט אַרעסטאַנטן, אָבער בייטאָג האָט דאָס נישט געמאַכט אַזאַ טיפן רושם. מען האָט זיך גאָר גיך צוגעוווינט צו דעם בילד. נאָר די טונקעלע נאַכט און דאָס שאַרפע ליכט פון די רעפ־לעקטאָרן, געוואָנדן אויפן שמאָלן פּאַס פון דער באַן־ראַמפּע, האָבן צוגעגעבן דעם אַלעם אַ טרויעריקע סודותדיקייט, אַן אָפּגרונטלעכע פאַרפאַלנקייט.



כמעט אַ וואָך צייט איז די באַרזשע געשוואומען אויף די ברייטע, גרוי־זילבערנע כוואַליעס פון דעם טייך ווי טשעגדאַ, איבערלאָזנדיק אונטער זיך הויכע און טיפע, אומענדלעך טיפע וועלדער. די וויטשעגדאַ איז געפלאָסן, דאַ צווישן צוויי הויכע ברעגעס ווי אָפּריסן פון בערג, פון וועלכע ס'האָבן זיך אָנגעזען צונויפגעוואַקסענע, געדיכט צונויפגעפלאָנטערטע וואָרצלען פון הונדערט־יאָריקע ביימער, און דאַ, צווישן פלאַכע ברעגעס, אָפּגעדעקטע, נאַקעטע, העל־גאָלדענע, צווישן זאַמדן רייענע, אָפּגעפרישטע, געשוואַנקענע כסדר דורך די וואַסער־כוואַליעס פונעם טייך.

אין איינעם אַ פאַרטאָג האָט די באַרזשע געאַנקערט ביים ברעג פון טייך ווים.

# אין ווייסער פארפאלנקייט

דער טייך ווים איז גרוי און בלוי, ווי ניי, רוי שטאָל. אומעטיקע און דראָענדיקע זענען זייִנע כוואַליעס. אויבן־אויף דאַכט זיך אויס, אַז דער טייך איז גלאַטיק און פלאַטשיק ווי אַ קלינג פון אַ מעסער, אָבער אונטער דער שטילער אויבערפלאַך דרייען זיך די כוואַליעס ווי ווילד געוואָרענע רעדער, גרייט אַרייִנצוכאַפּן אין זייער פאַרווירטן געדריי יעדן איינעם, וואָס לאָזט זיך אויף אַ רגע פאַרפירן פון דער אויבנאויפיקער רואיקייט פון דעם טייך.

ביים שטעטל אוסט־ווים שניידט זיך איין דער טייך ווים מיט אַ שאַרפן שפּיץ, ווי פון אַ שטאָלענעם קינדזשאַל, אין דער גרינקייט און זילבערדיקייט פון די צעשפּילטע כוואַליעס פון דעם טייך וויטשעגדאַ. אויף מיילן ווייט זעט מען אָן דעם שטאָלענעם שניט, ביז וואַנען ער הויבט אָן אַראָפּנידערן וואָס אַמאָל טיפער און טיפער און ס׳פאַרדעקן אים די זילבערנע כוואַליעס פון דער וויטשעגדאַ, ווו ער ווערט פאַרפאַלן.

נאָענט צום ברעג פון טייך, אין אַ זייט פון שטעטל אוסט־ווים, ליגט אַ ברייטע זאַנע,באַוואַקסן דער עיקר מיט זיעמליאַנקעס, ווי מיט ריזיקע שוואָמען, און באַשטעלט מיט אַ צאָל האָלצערנע באַראַקן. דאָרט פירט מען אַריין דעם פּוילישן עטאַפּ, די מענטשן וואָס זענען נאָר וואָס געקומען מיט דער באַרזשע. יעדער פון די אַרעסטאַנטן פאַרכאַפּט אָן אָרט אויף דעם ליימענעם דיל, יעדער וויל קאָנען אויסציִען די פיס, נאָך אַ וואָך ליגן איינגעקאָרטשעט. יעדער וויל זיך קאָנען אָפּרוען אין דער גאַנצער לענג און ברייט פון זיין פאַרמאַטערטן גוף.

אָרט אויפן דיל איז פאַראַן פאַר אַלע גענוג. שמעון בליקט אַריין אין איינעם פון די באַראַקן — און ציט זיך צוריק. ער לייגט ווידער אַוועק, ווי אין קאַטלאַס, אין דרויסן זיין פּעקל אונטער דער וואַנט פון אַ באַראַק. דאָ וועט ער ליגן בייטאָג, דאָ וועט ער שלאָפן ביינאַכט.

סאָמעק פּרוּווט אים אָפּרעדן דערפון. אויך אַנדערע מענטשן טוען דאָס זעלבע. — די נעכט זענען קאַלטע, איר וועט זיך נאָך פאַרקילן, ס׳איז

אַ געפאַר צו בלייבן בייַנאַכט אין דרויסן. אָבער שמעון האַלט זיך ביי ס'זיי־ניקע. ער ענטפערט כמעט נישט. ווען מען שטייט צו אים צו, זאָגט ער:

— ניין. אַזוי וועט זיין בעסער.

כאָטש ס'איז שוין סוף אויגוסט, זענען די טעג נאָך גענוג וואַרעמע. די זון איז שוין זייער אַ בלייכע. אָבער קיין ווינטן זענען נישטאָ און דאָס ביסל קאַרגע וואַרעמקייט פון דער זון בלייבט רואיק אויף דעם אָרט ווו עס פאַלן זייַנע שוין ווייטע שטראַלן. בייטאָג ליגן אַלע אַרעסטאַנטן אין דרויסן. נאָר אויף ביינאַכט בלייבט דאָרט שמעון איינער אַליין.

ער קוקט אויפן הימל, וואָס איז איצט ביינאַכט, סוף חודש, טונקל־גראָנאַט, כמעט שוואַרץ. די שטערן זענען דאָ משונהדיק גרויסע, דאָ, אויפן הימל פון ווייטן צפון.

אוסט־ווים איז אויך נאָר אַן איבערגאַנגס־פּונקט. פון דאַנען ווערן
די אַרעסטאַנטן צעשיקט אין די לאַגערן פון אוסט־ווימער קרייז,
פון דער אוכטאַ־איזשם געגנט, און אין די לאַגערן לענג אויס דער
באַן־ליניע, וואָס דאַרף פירן דאָ, אין קאָמי אַ.ס.ס.ר, ביז צום סאַמע
צפונדיקן פונקט: טשיביאו.

דאָ, אין אוסט־ווים, הערשט שוין אַ קאָנצעלאַריע־שטימונג, מען פילט, אַז דאָ דערנענטערט מען זיך צו יעדן אַרעסטאַנט באַזונדער. דאָ, צי אַ ביסל ווייטער פון דאַנען, שליסט זיך אָפּ יעדנס וועג, וועלכער האָט זיך אָנגע־הויבן ערגעץ־ווו אין אַ ווייטער היים, און פירט, כאָטש נישט ווייט פון דאַנען, אָבער דאָך אין אומבאַקאַנטן.

מען שלעפּט טישן, מען טראָגט בענקלעך, מען ברענגט הויכע שטויסן מיט אַקטן — און אין איינעם פון די באַראַקן זעצט זיך אויס אַ מעדיציני־שע קאָמיסיע.

ס'פאַרשפּרייט זיך אַ קלאַנג, אַז דער אָנפירער מיט דער קאָמיסיע, דער רוסישער דאָקטאָר מיט אַ פּנים און בערדל ווי טשעכאָוו, איז אויך אַ זע.־קאַ., אַן אַרעסטאַנט. ער געהערט צו דער גרופּע דאָקטוירים, וועלכע זענען אַרעס־טירט און פאַרשיקט געוואָרן אין שייכות מיטן בילבול וועגן אָפּסמען מאַקסים גאָרקי.

דער דאָקטאָר באַשטימט דעם געזונט־גראַד פון יעדן אַרעסטאַנט און טיילט אים צו אַן אַרבעטס־קאַטעגאָריע: שווערע אַרבעט, מיטעלע און לייכטע, צי גאָר געשיקט ווערן אין אַ ספּעציעלן לאַגער פאַר אינוואַלידן. די באַאַמטע פון „אורטשע", אין די שוואַרצע מונדירן, וואָס זעען אויס ווי זשוקעס, זיי באַשטימען דאָס אָרט, ווו דער אַרעסטאַנט דאַרף געשיקט ווערן.

דאָ איז דער כף־הקלע, פונדאַנען ווערט יעדער מענטש געוואָרפן ווי אַ שטיין אין דעם ציל, וואָס צומאָל נישט קיין אייגענער, נאָר אַ פרעמדער גורל האָט פאַר אים באַשטימט.

אין איינעם אַ פאַרנאַכט פאַרפירט דער רוסישער דאָקטאָר אַ שמועס מיט שמעונען. ער פרעגט אים פאַרוואָס זענען די מענטשן פון זיין עטאַפּ שוין אַזוי אויסגעמאַטערט און אָפּגעלאָזן, נאָך אַזאַ קורצער צייט פון זייער אַרעסטירט ווערן.

שמעון דערקלערט דאָס מיט די זייער שלעכטע טראַנספּאָרט־באַדינגונגען, אין וועלכע מען האָט זיי געפירט. דער רוסישער דאָקטאָר האַלט אָבער, אַז די סיבה איז אין דעם זיצן אין אַ פּראָוויזאָרישן אַרעסט.

— דער רעזשים אין אַ טורמע האַלט אויף דעם אַרעסטאַנט — טענהט ער — ער לאָזט נישט דעם אַרעסטאַנט זיך צוגויפפאַלן אין זיך. ער צווינגט אויף אים אויף אַ באַשטימטע האַלטונג. מעג דער טורמע־רעזשים זיין דעם אַרעסטאַנט ווי דערווידער, מעג ער זיין ווי שווער, האַלט ער אים פאַרט אין געוויסע ראַמען. אָבער דאָס זיצן אין אַ פּראָוויזאָריש אָרט, אָן אַ געהעריקער אָרדנונג, סתם אַריינגעוואָרפן און פאַרשפּאַרט, דאָס צעשטערט דעם אַרעסטאַנטס פּסיכיק, שעפּט אויס זיינע כוחות, דערפירט צו אָפּהענטיקייט און אָפּגעלאָזנקייט.

שמעון האַלט זיך אָבער ביי ס'זייניקע, אַז אין דעם שלעכטן אויסזען פון די מענטשן זענען דער עיקר שולדיק די שווידערלעכע באַדינגונגען פון טראַנספּאָרט. ער דערציילט:

יעדע נאַכט פלעגט פאָרקומען אין וואַגאָן אַ קאָנטראָל. מען האָט איבערגעציילט די צאָל אַרעסטאַנטן, כאָטש אַנטלויפן איז נישט געווען מעגלעך. יעדער וואַגאָן איז געווען באַוואַכט פון ענקאַוועדע־זעלנער מיט געווער אין דער האַנט. די באַן איז געווען כסדר אין באַוועגונג. די טיר פאַרשלאָסן פון אויסנווייניק. דאָס קליינע פענצטערל פון דער טיפּלושקע — פאַרקראַטעוועט. נאָר גאָרנישט, קאָנטראָל איז קאָנטראָל. דאָס געהער צום באַוואַכונגס־פּראָגראַם.

צו אונדז אין וואַגאָן פלעגט יעדע נאַכט אַריינקומען אויף קאָנטראָל אַ יונגער לייטענאַנט, אַ הויכער, אַ בלאָנדער, גאָרנישט ענלעך אויף קיין רוס, אינגאַנצן אויסגעקוקט ווי אַ דייטש. ער האָט געטראָגן אַ שיינעם שינעל און אַ ווייך שיפּל־היטל אויפן קאָפּ בלאָנדע האָר. ער פלעגט אַריינקומען פירנדיק אַ גרויסן הונט פון דער וועלפּישער ראַסע אויף אַ קייט. אים האָט באַגלייט אַן ענקאַוועדע־זעלנער מיט אַ לאַמטערן אין דער האַנט.

דאָס ציילן די אַרעסטאַנטן איז פאָרגעקומען אין אַזאַ אופן: אין וואַגאָן

זענען פֿאַראַן זעקס און דרייסיק אַרעסטאַנטן. זיי שלאָפֿן אויף פֿיר נאַרעס, צו ניין אויף אַ נאַרע. אויף לינקס און רעכטס פֿון וואַגאָן זענען פֿאַראַן צו צוויי נאַרעס, איינע אויבן און איינע אונטן.

ווען דער לייטענאַנט קומט אַריין, שטעלט זיך אַוועק דער סטאַראַסטע פֿון וואַגאָן, איינער פֿון די אַרעסטאַנטן, אין אַ זייט, און אַלע איבעריקע פֿינף און דרייסיק מענטשן מוזן זיך אַרונטערפּאַקן אונטער דער איינציקער אונטערשטער נאַרע פֿון דער רעכטער זייט וואַגאָן. דער לייטענאַנט מיטן הונט און דער ענקאַוועדע־זעלנער מיטן לאַמטערן שטייען אין מיטן וואַגאָן. נאָכדעם, ווי אַלע פֿינף און דרייסיק אַרעסטאַנטן ליגן שוין אונטער דער נאַרע פֿון דער רעכטער זייט, באַפֿעלט זיי דער לייטענאַנט איינציקווייז איבערצוגיין און זיך אַרונטערפּאַקן אונטער דער אונטערשטער נאַרע פֿון דער לינקער זייט וואַגאָן. בעת דעם איבערגיין פֿון איין נאַרע אונטער דער צווייטער, קומט פֿאָר די ציילונג.

איינמאָל ביינאַכט איז דער לייטענאַנט און דער ענקאַוועדע־זעלנער מיטן לאַמטערן אין דער האַנט אַריינגעקומען אַדורכצופֿירן אַ קאָנטראָל־ציילונג. ווי געוויינטלעך, האָבן זיך אַלע אַרעסטאַנטן אַרונטערגעפּאַקט אונטער דער רעכטער נאַרע און דערנאָך אָנגעהויבן איבערצוגיין אויף דער לינקער זייט. אָבער דאָ איז געשען אַ מאָדנע זאַך. דער לייטענאַנט האָט נאָר איבערגע־ציילט פֿיר און דרייסיק. איינער פֿעלט. אַנטלאָפֿן! — האָט ער געגעבן אַ געשריי און געקוקט מיט רוצחישע אויגן אויף די אַרעסטאַנטן. דער סטאַראַסטע איז געבליבן אַ פֿאַרשטיינערטער, טויט דערשראָקן.

נאָך אַמאָל אַרונטער אונטער דער נאַרע! באַפֿעלט דער לייטענאַנט. אַריבערגיין אויף לינקס! — שרייט ער, ווען אַלע ליגן שוין אונטער דער נאַרע אויף רעכטס. און ווידער דאָס זעלבע. פֿיר און דרייסיק. איינער אַנטלאָפֿן! — שרייט ער אין ווילדער רציחה. אויסטאָן זיך נאַקעט! — ריטשעט ער ווי אַ באַנומענער. אַלע אַרעסטאַנטן הויבן אָן אויף גיך אַראָפּנעמען פֿון זיך די מלבושים און וועש. אָבער שטאָט לאָזן יעדן אָוועקלייגן זיין אַנטועכץ אויפֿן אָרט, ווו ער שלאָפֿט, באַפֿעלט דער לייטענאַנט, אַז אַלע זאָלן אַוועקלייגן דאָס אַנטועכץ אויף איין אָרט, אין אַ קופּע, אינמיטן דעם וואַגאָן.

ווען אַלע אַרעסטאַנטן שטייען שוין נאַקעטע, באַפֿעלט דער לייטענאַנט, זיי זאָלן זיך אַרונטערפּאַקן אונטער דער רעכטער נאַרע. פֿון דאָרט איבערגיין אויף לינקס. נאַקעטע — דערציילט ער זיך ענדלעך צו פֿינף און דרייסיק.

דעמאָלט נעמט דער לייטענאַנט און רוקט אַריין זיינע ביידע הענט אין דעם באַרג אַנטועכץ, און טוט עס לאַנג און גענוי אַדורכמישן. דערנאָך רוקט אויף דער ענקאַוועדע־זעלנער מיטן לאַמטערן די וואַגאָן־טיר און ער און דער

לייטענאַנט מיטן הונט פאַרלאָזן דעם וואַגאָן, איבערלאָזנדיק די אַרעסטאַנטן נאַקעטע אין דער פינצטער.

אַלע אין וואַגאָן זענען פאַרלייזיקט. אַלע אָן אויסנאַם. יעדנס וועש — פאַרקראַכן. אַבער עפּעס אַנדערש זענען אייגענע לייז און עפּעס אַנדערש פרעמדע. כ׳ווייס נישט, וואָס אַנדערע האָבן געטאָן. אַבער פאַר מיר איז געווען אוממעגלעך אַנצוטאָן אַ העמד מיט פרעמדע לייז. איך האָב אין דער פינצטער אויסגעטאַפּט לויט דעם שטאָף מיין רעגן־מאַנטל און אים אָנגעטאָן אויפן הוילן לייב. אַ גאַנצע נאַכט האָב איך אָפּגעציטערט פון קעלט. געקלאַפּט אַ צאָן אין אַ צאָן. מען איז שוין געווען טיפער אין צפון־רוסלאַנד, נאָך אַרשע. ס׳איז געווען אין מיטן חודש אויגוסט, ווען די נעכט זענען שוין דאָרט קאַלטע.

שמעון רייסט איבער זיינע רייד. דער דאָקטאָר זאָגט נישט קיין איין וואָרט, ער דרייט זיך אויס און גייט אַוועק.



די אַרעסטאַנטן ווערן גערופן זיך צו שטעלן פאַר דער קאָמיסיע. ס׳גייט לויטן אלף־בית. די, וועמענס נעמען הויבן זיך אָן מיטן אויסגערופענעם אות, זאַמלען זיך פאַר דער טיר פון דעם באַראַק, ווו ס׳קומט פאַר די קאָמיסיע. די רעשט אַרעסטאַנטן ליגן אין דרויסן. מען וואַרעמט זיך אויפן קאַרגן ביסל זון, מען האָט הנאה פון דעם שפּעט־זומער, וואָס איז לייטזעליק צו די מענטשן, פאַרוואָגלטע און צעטומלטע.

קיינער ווייסט נישט וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט. ווי האַלט עס מיט דער מלחמה. איידער מען האָט זיי אַרעסטירט, האָט דייטש־לאַנד צעקלאַפּט די פראַנצויזישע אַרמיי און פאַרנומען כמעט גאַנץ פראַנקרייך. דאָס אַלץ האָט געדויערט נישט מער ווי איין חודש. פראַנקרייך האָט קאַפּיטולירט.

אַבער די אַרעסטאַנטן פון איבערגאַנגנס־פּונקט, ווי זיי וואָלטן אינגאַנצן נישט געטראַכט וועגן דער מלחמה. עפּעס אַ מין פאַרטעמפּטקייט באַהערשט זיי אַלע. אַ סך קרענקען. דער עיקר אויף לויפעניש, וואָס האָט צומייסטן אָן אַלימענטאַרן כאַראַקטער, פון שלעכטן עסן און טיילווייז פון נישט דערעסן.

די מעדיצינישע קאָמיסיע מאַכט דערמאָנען די מענטשן וועגן זייערע אַמאָליקע קראַנקהייטן און מיחושים. ווען זיי קומען אַריין צו דער קאָמיסיע, הויבן זיי אָן דערציילן אויף וואָס אַלץ זיי האָבן געליטן. דער פאָרזיצער, דער רוסישער דאָקטאָר מיטן בערדל אַ לאַ טשעכאָוו, זאָגט צו זיי גוט־

מוטיק: — דאַ וועט איר גיך פאַרגעסן אין אייערע אַלטע קראַנקהייטן, זעט נאָר איר זאָלט נישט באַקומען קיין נייע.

די טעג זענען נאָך האַלב־וואַרעמע, די זון פון זייער העל גאָלד. אַ פוילקייט און אַן אַפּהענטיקייט באַהערשט אַלע. מען ליגט, ווער אין די באַראַקן, ווער אויפן פרייען שטח אין דער זאָנע. ס׳איז רואיק. אין דער זאָנע געפינט זיך נאָר דער פוילישער עטאַפּ. דאַ רויבט מען נישט, מען גנבעט נישט. פון צייט צו צייט ברעכן אויס קליינע קריגערייען צווישן צוויי מענטשן. מען זאָגט זיך אַריין — און די אַנדערע הערן זיך צו אינגאַנצן גלייכגילטיק. די קריגערייען זענען גיכער פון לאַנגווייליקייט ווי פון כעס. טייל האָבן שוין איבערגענומען דעם נוסח פון די רוסישע זעקס־שטאַקיקע קללות און זידלערייען. מיטן אינסטינקט האָבן זיי אפנים פאַר־אויסגעפילט, אַז דאָס וועט זיי צונוץ קומען.

שמעון איז פון די געציילטע אַרעסטאַנטן, ביי וועלכע מען האָט איבערגעלאָזט זיין זייגער. אין זיין איצטיקן מצב איז דער זייגער אים אַ שטערונג. נאָך וואָס דאַרף ער וויסן ווי שפעט ס׳איז? איז אים צו שפעט, אָדער צו פרי? זייט מען האָט אים אַרעסטירט, האָט ער דאָס געפיל, אַז צייט איז אַן איבעריקע זאַך. ס׳איז אים קיין איין מאָל נישט אויסגעקומען צו זאָגן: „גוט, וואָס עס איז איצט ערשט צען אַ זייגער״. אָדער: „גוט, וואָס עס איז שוין פינף״, אָדער דאָס זעלבע וועגן אַנדערע שעהן. אַן אַרעסטאַנט, וואָס זיצט אָן אַן אורטייל, איז נישט נאָר אַ באַרויבטער פון פרייהייט, נאָר קודם־כל אַ באַרויבטער פון צייט. אַזוי אַרום לעבט ער אין תוהו ובוהו און דעריבער איז אים גרינג צו באַהערשן.

יעדע צען — פופצן מינוט קוקט שמעון אויפן זייגער, און יעדעס מאָל צייגט ער זיך ווידער איבער אין דער אומזיניקייט פון דעם, וואָס ער טוט. דאָס פאַרשטאַרקט זיין נערוועזיטעט. ער וויל דעם זייגער דערווייל געבן סאַמעקן, אָבער סאַמעק קלערט אים אויף, אַז ביי אים וועט די ענקאַוועדע דעם זייגער באַלד צונעמען.

די טעג ציען זיך. די מענטשן וואַלגערן זיך. דאָס וואָס מען היט דיך איז דער איינציקער סימן, אַז דו ביסט עפעס ווערט, אַז דו שטעלסט מיט זיך עפעס פאָר, אין פּאָזיטיוון, צי אין נעגאַטיוון זין, נישט וויכטיק, אַבי עפעס.

די מענטשן זענען אַפּאַטיש, גרוי. זיי פאַרלירן גיך פון דער וואָג. ביי די יינגערע פאַלן איין די באַקן, ביי די עלטערע הענגען די בייכער און די באַקן נאָך, ווי אויסגעהוילט. דאָס אַנטועכץ הענגט אויף די מענטשן ווי אויף נישט פאַסיקע הענגערס. די פשוטע מענטשן פאַסן זיך גרינגער אַריין אין די נייע באַדינגונגען. זיי זענען באַוועגלעכער, פילן זיך היימי־

שער, בינדן לייכט אַז באַקאַנטשאַפט מיט אַנדערע מענטשן און אַפילו מיט די ענקאַוועדע־שומרים און די פון אורטשע. דאַקעגן דאָס ביסל אינטעליגענץ פילט זיך אינגאַנצן פאַרלוירן, פרעמד, אָפּגעריסן, הילפלאָז. זיי וועקן רחמנות־געפילן ביי די פּראָסטע מענטשן און טייל לאָזן זיך פון זיי גערן באַדינען. טייל אינטעליגענטן מיסברויכן אפילו מיט די דאָזיקע געפילן פון די פּראָסטע מענטשן צו זיי.

שמעון זעט איצט מיט די אייגענע אויגן, אַז די באַרימטע און אָנגענומענע דעפיניציע פון שטערנען, אַז אינטעליגענץ — איז די פעאיקייט זיך צוצופּאַסן צו די וואָס אַ מאָל זיך ענדערנדיקע באַדינגונגען, איז אַ פאַלשע. לויט דער דעפיניציע וואָלטן די פשוטע געווען די אינטעליגענטע, און די אינטעליגענטע — צוריקגעשטאַנען.

און אפשר האָט שטערנס דעפיניציע נאָר אַן אָנווענדונג אין נאָרמאַלע באַדינגונגען און נישט אין אַזעלכע משונהדיק אומנאָרמאַלע? — האָט שמעון זיך אַליין געפרעגט. ווען ער וואָלט געווען געניט געוווסט, וואָס איז דאָס אַזוינס אינסטינקט, וואָלט ער געזאָגט, אַז דער עיקר איז דאָ דער לעבנס־אינסטינקט. די פשוטע מענטשן האָבן אַ שטאַרקערן לעבנס־אינסטינקט פאַר דער אינטעליגענץ, און דערפאַר פּאַסן זיי זיך גיכער צו צו די געענדערטע באַדינגונגען.

ס'איז סוף אויגוסט. די נעכט ווערן דאָ זייער קאַלטע. שמעון ליגט אין דרויסן, אַרומגענומען מיט זיין וואָלענעם קאָץ און פילט ווי די קעלט נעמט אים אַדורך ביזן מאַרך פון די ביינער.

ס'איז אַן אַן־לבנהדיקע נאַכט, נאָר די שטערן זענען גרויס און זייער ליכט איז אַזוי שאַרף, אַז זיי באַלויכטן דעם גאַנצן הימל. דער מילך־וועג איז העל, ווי ער וואָלט געווען ספּעציעל באַלויכטן מיט אַ העלער, געלבלעכער פּאָספאָר־ליכט. שמעון באַמערקט ערשט איצט דאָס ערשטע מאָל דעם הימל. אפשר האָט ער אים שוין פריער אויך געזען, אָבער נישט דערזען. די געשעענישן פון דער לעצטער צייט, האָבן אים אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ, און ער האָט נישט באַמערקט, וואָס עס טוט זיך אויבן, איבער אים, כאָטש געקוקט האָט ער מן־הסתם נישט איינמאָל.

די קעלט אין דרויסן און די העלקייט פון די שטערן, האָבן אין זיך עפּעס דראַענדיקס. שמעון באַקומט מורא פאַרן דרויסן. ער פלאָנטערט זיך אַרויס פון דעם קאָץ, שטעלט זיך אויף, וויקלט זיך אַרום מיטן קאָץ די פּלייצעס און גייט אין דער ריכטונג פון באַראַק. ער עפנט די טיר. דער חילוק צווישן דער קאַלטער, שיטערער לופט פון דרויסן און דער געדיכטער, עיפּושדיקער לופט פון באַראַק איז אַזוי גרויס, אַז עס גיט

אים אַ שטופּ אויף צוריק אין דרויסן אַרויס. ער בלייבט שטיין אַ צע־
טומלטער, אָבער די וואַרעמקייט ציט אים, זי ציט ווי אַ טויט־הונגעריקן
צו ברויט, ווי אַ האַלב־פאַרפרוירענעם צו אַ באַווינטער שטוב. ער גייט
אַריין אין באַראַק, געפינט אַ שטיקל אָרט אויפן דיל, וויקלט זיך איין
אין קאַץ און שלאָפט באַלד איין.



צומאַרגנס פרי אַן אומגעוויינטלעכע באַוועגונג. אַ טייל אַרעסטאַנטן
וואָס זענען שוין דורכגעגאַנגען די קאָמיסיע, ווערן אָפּגעשיקט אין פאַר־
שידענע לאַגערן. פון דאַנען פירט מען די אַרעסטאַנטן מיט לאַסט־אויטאָס,
מיט וואָס זיי וועלן פאָרן ווייטער — ווייסט נישט קיינער.

אין אוסט־ווימער איבערגאַנגס־פּונקט רודערט זיך ווידער. ס'איז ווי
אין אַ שטייענדיקן וואַסער, בעת אַ פיש־פאַנג. די פיש שווימען אַהין, שווי־
מען אַהער, זיי דרייען זיך פאַרווירטע ווי אין אַ ראָד און לסוף ווערן זיי
אַלע אויסגעפאַנגען.

אַזוי אויך דאָ. די מענטשן לויפן אַהין, לויפן אַהער, מען דרייט זיך
ווי אין אַ ראָד. מען טרעפט כסדר אָן אויף די זעלבע מענטשן. זיי ווערן
וואָס אַ מאָל ווייניקער, ביז לסוף שיקט מען אַוועק די סאַמע לעצטע.

דערווייל איז יעדער באַאומרואיקט וועגן זיך. יעדער וויל וויסן וווהין
מען שיקט אים, און צו וואָס פאַרא קאַטעגאָריע אַרבעט מען האָט אים
צוגעטיילט.

דער עולם זוכט פּראָטעקציע. מען זוכט שתדלנים. טייל ווילן עפּעס
געוואָר ווערן פון די דאָקטוירים, וואָס זיצן אין די קאָמיסיעס, און טייל
ביי די עלטערע אַרעסטאַנטן, וועלכע די אורטשע־לייט האָבן די לעצטע
טעג באַשעפטיקט ביים אויססאָרטירן די פּאַפּקעס מיט דאָקומענטן. די
מענטשן כאַפּן, בעתן סאָרטירן, אַ בליק אין די פּאַפּירן. טיילמאָל איינ־
פאָרמירן זיי ריכטיק, טיילמאָל פאַלש, ווייל זיי האָבן פּשוט געהאַט אַ טעות,
נישט געגוי באַמערקט וואָס ס'איז דאָרט געשריבן. און טיילמאָל אינפאָר־
מירן זיי סתם אין דער וועלט אַריין, אַבי פּטור צו ווערן פון די מענטשן
וואָס באַלאַגערן זיי און ווילן פון זיי עפּעס דערגיין.

דעם דריטן טאָג, זייט מען האָט אָנגעהויבן אַוועקשיקן די אַרעסטאַנטן,
ווערט אויך שמעון צווישן אַנדערע פאַרלאָדנט אויף אַ לאַסט־אויטאָ. די

אַרעסטאַנטן הייסט מען זיך זעצן אויפֿן דיל פֿון אויטאָ, מיט די פּיס אונטער זיך, ס׳זאָל זיין אָרט אויף אַ פּאָר צענדליק מענטשן. דער לאַסט־אויטאָ איז פֿון אַלע זייטן באַוואַקסט פֿון ענקאַווּדע־זעלנער מיט ביקסן אין די הענט. זיי שטייען אין אַלע פֿיר זייטן פֿון דער מאַשין.

מען פֿאָרט. דער וועג איז אַ באַרגיקער און אַ טאָליקער. די בערג שטיינערדיקע, באַוואַקסן מיט סאָסנע־ביימער — קאַרליקעס, קליינע און אויסגעקרומטע. דער באַרגיקער שטח איז פֿול מיט שפּאַלטן, אָפּריסן, תהומען. איבער זיי זענען פֿאַרלייגט בריקן. די בריקן זענען פֿון געשניטענע קלעצער, וועלכע מען האָט געלייגט אין די שפּאַלטן פֿון די בערג, ביז זיי זענען אָנגעפֿילט געוואָרן.

די מאַשין לאָזט זיך האַסטיק אַראָפּ פֿון אַ באַרג און פֿאָרט אַרויף אויף אַזאַ בריק. מען הערט ווי די געלייגטע ביימער רוקן זיך איבער אונטער די רעדער פֿון דער מאַשין. די מאַשין דראַפּעט זיך אויף זיי ווי אַ גוט באַנעגלטע חיה. דאָס פֿאָרן אויף אַזאַ בריקל דויערט עטלעכע רגעס. די בריקן האָבן נישט קיין באַריערעס. פֿון ביידע זייטן בריק שמאָלע העלדזער פֿון תהומהדיקע טיפֿענישן. די אַרעסטאַנטן, וואָס זיצן אויפֿן דנאָ פֿון דער מאַשין, זיי אַליין זעען נישט דאָס געפֿאַר, אָבער זיי זעען עס אין די אויגן פֿון די ענקאַווּדע־באַגלייטער, וועלכע זענען אין די דאָזיקע רגעס פֿול מיט פּחד.

שפּעטער האָבן אַלטע לאַגערניקעס דערציילט שמעונען, אַז די דאָזיקע בריקן האָבן געמאַכט פֿאַרשיקטע כינעזער פֿון פֿאַרכאַפּטע כינעזישע טעריטאָריעס. צענדליקער טויזנטער כינעזער זענען אויף די דאָזיקע ערטער אומגעקומען — האָבן זיי אים דערציילט פֿאַר־טרויעלעך — אויף זייערע סקעלעטן שטייען דאָס די אַ בריקן.

דאָס איבערגעבליבענע ביסל כינעזער האָט מען שוין דערנאָך אין די לאַגערן נישט באַשעפֿטיקט ביי שווערע אַרבעטן. זיי זענען מיינסטנס געווען וועשערס און קוכערס.

די מענטשן, אויפֿן דנאָ פֿון דער מאַשין פֿילן, ווען די מאַשין לאָזט זיך האַסטיק אַראָפּ, ווי ס׳האַרץ וואָלט ביי זיי אַריינגעפֿאַלן אין חלל פֿון בויך. דערנאָך פֿילן זיי ווי דאָס האַרץ מיט די אינגעווייידן וואָלטן זיך געריסן ערגעץ אַרויס. שמעון דערפֿילט מיט אַ מאָל, אַז זיין גאַנץ לייב איז באַדעקט מיט שווייס. ער זעט די פֿאַרפֿייניקטע פּנימער פֿון די אַנדערע מיטפֿאָרערס און פֿאַרשטייט, אַז זיי פֿילן דאָס זעלבע וואָס ער.

די מאַשין פֿאָרט נישט, נאָר לויפֿט, זי לויפֿט אַזוי עטלעכע שעה.

ביי די זיצנדיקע מענטשן זענען שוין די פיס ווי אָפּגענומען, זיי פילן זיי שוין נישט. נאָר די רעשט פון זייערע אונטערשטע קערפּער־טיילן זע־נען איין שטיק ווייטיק.

אַרויסגעפאָרן פון אוסט־ווים איז מען בייטאָג. דערווייל איז צוגעפאַלן די נאַכט. אויפן וועג זעט מען זיצן גאַנצע משפחות עסקימאָסן מיט קינדער, גרעסערע און גאָר קליינע. זיי זיצן אויף דער ערד אַרום קאַרביד־לאָמפּן מיט קלאָשן, וואָס באַלויכטן מיט העל־פאָספאָר ליכט דעם גאַנצן שטח אַרום זיי. אונטער זיי זענען אויסגעשפּרייט פוטערס און דערנעבן, אויף פונאַנדערגעלייגטע פייערן, שטייען טעפּ. טייל פאָרען זיך אַרום סאָ־מאָוואַרן.

די גרופּן עסקימאָסן זענען באַוואַכט פון ענקאַווע־דע־זעלנער. אַ שפּאָר ביסל אַזעלכע גרופּעס זעט מען אויפן וועג צום לאַגער. דאָס העלע פייער פון די לאָמפּן, וואָס שטייען לעבן זיי אויף דער ערד, באַלויכטן גוט זייערע פּנימער, וועלכע מען קאָן זען פון דער ווייטנס, אַפילו פון אַן אַדורכ־לויפנדיקער מאַשין.

זיי זיצן שטיל, באַוועגן זיך קוים, זייערע פלאַטשיקע פּנימער, ווי פאַרשלאָסן, פול מיט פאַרביסנקייט. זיי האַלטן די קליינע קינדער אין פוטערנע שובעס, צוגעדריקטע צו זיך. אויף די אַדורכלויפנדיקע לעבן זיי מאַשינען מיט מענטשן, קוקן זיי זיך אַפילו נישט אום.

די דאָזיקע מענטשן אויף דעם צעהויקערטן וואַלד־שטח אין אַ פינצ־טערער נאַכט, באַלויכטן מיטן העל־גרעלן, ווי לבנה־ליכט, וואַרפן אַן אַן אימה. די אימה פון פאַרפאַלנקייט. אָבער קיינער אין די מאַשינען האָט איצט נישט קיין געדאַנק, צי האַרץ פאַר יענעם. יעדער זיצט אויף די אונטערגעקאַרטשעטע פיס אין זיין קוועל און וויל שוין וואָס גיכער דערפאָרן, זאָל זיין ווי דאָס זאָל נישט זיין, אַבי אַרויס פון דער טייוול־מאַשין.

די עסקימאָסן, וועלכע מען האָט געזען אויפן וועג, זענען, ווי מען איז שפּעטער געוואָר געוואָרן, דורך דער ראַטן־מאַכט אַנער־קענט געוואָרן פאַר רייך־געוואָרענע פון חיות־פאַנג און פוטער האַנדל. איצט זענען זיי אויסגעזידלט געוואָרן פון זייערע היימען, זייערע פאַרמעגנס קאָנפיסקירט און אַליין געטריבן מיט ווייב און קינד מיטן עטאַפּ דורך דער ענקאַווע־דע אין פאַרשידענע ערטער פון קאָמי א.ס.ס.ר. ווו ס׳זענען פאַראַן ספּעציעלע פונקטן פאַר אויסגעזידלטע (ספּעץ פּאָסיאָלקי).



ענדלעך שטעלט זיך אָפּ די מאַשין. שמעון באַמערקט ערשט איצט, אַז דאָס איז נישט איין מאַשין, אין וועלכער ער איז געפאָרן, נאָר אַ גאַנצע קאַראַוואַנע מאַשינען.

אַ גרויס געל טויער, צוויי רויטע פּענער בייביידע זייטן און נעבן יעדן פון זיי, אויסגעשניטן פון האָלץ, אַ סערפּ און אַ האַמער. אַ ווייסער טראַנספּאַרענט און אויף אים מיט רויטע אותיות: „פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער פאַראייניקט אייך". דאָס אַלץ איז קוים באַלויכטן מיט עטלעכע עלעקטרישע לעמפּלעך, אין וועלכע די דראָטלעך זענען צעגליט אויף רויט און זען אויס, ווי דינע אָדערלעך, אָנגעגאָסן מיט בלוט.

די אַרעסטאַנטן לאָזט מען נישט אַריין דורכן טויער, נאָר דורך אַ שמאָלן דורכגאַנג אינעם הייזל פון דער וואַך. ס'קומט זיי אַנטקעגן איינער מיט אַן אויסגעשובן פּנים, מיט ברוינע אויגן, וואָס לויפן גיך פון איין געקומענעם אויפן צווייטן, און איינער אַ הויכער מיט אַ לאַנג פּנים, מיט ווייסע אויגן און ריזיקע געלע ציין. אין זייערע ביידנס אויגן איז אַ חוץ אַלעם, קודם פאַראַן געיעג. זיי לאָזן גיך אַדורך די געקומענע, פירן זיי איילעק איבער דער זאַנע, צעפירן זיי שנעל איבער די באַראַקן, ברענגען זיי גיך קיפּיאַטאָק און ברויט און מען הייסט זיי גיך זיך לייגן אָפּרוען.

אין די האָלצערנע באַראַקן זענען פאַראַן צוויי־שטאָקיקע נאַרעס אויך פון האָלץ. אַן שיענניקעס, אַן גאַרנישט אונטערצולייגן. ווער ס'האָט אַ קאָץ און האָט חשק אים אַרויסצונעמען פון זיין פּעקל, לייגט אונטער דעם קאָץ. אָבער אַממיינסטן לייגט זיך דער עולם אין אָנטועכץ אויף די האָלצערנע נאַרעס, אָבי זיך אַ ביסל אָפּרוען, צונויפנעמען די צעשאָקלטע אברים נאָך דער ווילדער נסיעה מיט דער מאַשין.

ווען מען האָט שמעונען אַוועקגעשיקט פון אוסט־ווים, איז סאַמעק נאָך דאַרט געבליבן. מען האָט נישט געוווסט וווהין מען וועט אים שיקן. שמעון איז געווען אַזוי צערודערט פון דעם, וואָס מען האָט זיי צעטיילט, אַז ער האָט זיך מיט סאַמעקן נישט געזעגנט, נישט געענטפערט אויף יענעמס דערמוטיקונגס־ווערטער, כמעט נישט געקוקט אין זיין זייט.

איצט איז שמעון אויסער זיך פון זיין האַנדלונג. ער וואַרפט זיך פאַר גלייכגילטיקייט און אומדאַנקבאַרקייט פאַר יענעמס טובות. ער פילט אָבער, אַז זיין גלייכגילטיקייט איז געקומען פון גרויס אויפגעברויזטקייט, זיין שטומקייט — פון איבערפלוס פון געפילן. ער דערמאָנט זיך איצט, אַז די שפּירונג, ווי אַ האַרטע שאָל וואָלט אַרומגעוואַקסן זיין מוח, האָט זיך

געוואַלטיק פאַרשטאַרקט אין מאָמענט, ווען מען האָט אַרויסגערופן זיין נאָמען אוועקגעשיקט צו ווערן.

ער זיצט ביים לאַנגן טיש אין באַראַק שוין כמער איינער אַליין, טרינקט דאָס קאַלט געוואָרענע ביסל קיפּיאַטאָק, קייט אַ ליימיק שטיקל ברויט. ער זעט, אַז אויף דער אויבערשטער נאַרע איז געבליבן אַן איינציק אָרט. שטעלט ער זיך אויף, קריכט אַרויף אויף דער נאַרע, לייגט אונטער זיין גראַנאַטענעם קאַמגאַרן־פּאַלטן — און לייגט זיך אַוועק.

מען וועקט אים אויף. ס׳איז שוין לאַנג טאָג. מען רופט אין באָד אַריין. אויפן טיש ליגן גאַנצע בערגער שוואַרצע מלבושים, שוואַרץ ווי סאַזשע. נאָר די פאַרלאַטעטע ערטער זענען העלער ווי דער גרונט־שטאָף און מאַכן נאָך בולטער זיין שוואַרצקייט.

לעבן טיש שטייען די מענטשן פון עטאַפּ און קלויבן צווישן די מלבו־שים. שוואַרצע שפּענצערס, פופייקעס, שוואַרצע וואַטענע הויזן און אויי־בער־שפּענצער, בושלאַטן. די מענטשן נעמען די מלבושים אין די הענט אַריין, באַקוקן זיי, וואַרפן צוריק, קלויבן אַנדערע. מען רייסט זיך פון די הענט. יעדער וויל אַ בעסער מלבוש, אַ ווייניקער אָפּגענוצטס, אָדער לענגערע הויזן, צי גאָר קירצערע.

איינער פון די אַרעסטאַנטן זיצט און שרייבט אַריין מיט אַ טושאָוון בלייפעדער אין אַ לאַנג, האַרט שטיקל פּאַפּיר, די נעמען פון די אַרעסטאַנטן, וואָס נעמען די מלבושים, און די אַרעסטאַנטן שרייבן זיך אונטער. דאָס פּאַפּיר און דעם בלייפעדער דאַרף ער אָפּגעבן צוריק אין דער קאַפּטיאָרקע, פון וואַנען מען האָט די מלבושים אַרויסגעגעבן.

דער, וואָס זיצט ביים טיש מיטן פּאַפּיר, זאָגט שמעונען, ער זאָל זיך אויסקלויבן פון די מלבושים. ער דערקלערט אים, אַז אין דער באָד וועט מען געבן וועש, אוועקגעבן צו דעזינפיצירן די אייגענע מלבושים, אַנטאָן די, וועלכע מען דאַרף טראָגן אין לאַגער, און די פּריוואַטע פּאַר־פּאַקן אין אַ פּעקל און אַוועקגעבן אין דער קאַפּטיאָרקע צו באַהאַלטן.

שמעון קוקט אויף די שוואַרצע, געטראָגענע מלבושים, ציט מיט די פּלייצעס און זאָגט קיין וואָרט נישט.

דער מיטן פּאַפּיר, רופט זיך אָן: — טוט וואָס איר ווילט.

אין דער באָד אַריין רופט דער סאַן־אינספּעקטאָר, אַ הויכע, דאַרע רוסישע פרוי, מיט אַ לאַנג פּנים און גרויסע זילבערנע אויערינגען אין די אויערן. זי שרייט, יאָגט, הייסט דעם עולם גיך זיך אויסטאָן אין פאָדער צימער. אַן אַלטער „באַנשטשיק", וואַרפט אַרויס פון אַן אָפן פענצטער אַ בינט מיט הענגערס, אַרויפצוטאָן אויף זיי די אייגענע וועש און מלבו־

שים און אַריינגעבן צו דער דעזינפעקציע. די סאַן־אינספּעקטאָרין טרייבט אַריין דעם נאַקעטן עולם אין באָד און טיילט יעדן אַ שטיקעלע זייף.

אויף נידעריקע האָלצערנע בענק שטייען האָלצערנע שעפלעך. מען שעפּט מיט זיי אָן פון אַ גרויסן קעסל נישט געננג וואַרעמע וואַסער. מען זייפט זיך איין און מען גיסט זיך אָפּ מיטן שעפל וואַסער. די סאַן־אינספּעק־טאָרין קומט אַריין מיט אַ פריזירער, אַן אַרמיאַנער. זי נעמט פונאַנדער די האָר אויף די קעפּ פון די אַרעסטאַנטן. הייסט ביי אַ סך פון זיי אָפּשערן די האָר פון די קעפּ מיט אַ מאַשינקע. מען שניידט אויך אויס ביי אַלע די האָר אונטער די אָרעמס און אונטן, ביי די שעמעוודיקייטן. די מענער שטייען ווי געפּלעטעטע און לאָזן מיט זיך טאָן אַלץ, וואָס די סאַן־אינספּעקטאָרין הייסט.

מען גייט אַרויס צוריק אין פּאַדער־צימער. פון דעם פענצטער, פון וועלכן מען האָט געהאַט פריער אַרויסגעוואָרפן די העמדער, וואַרפט מען איצט אַרויס העמדער און גאַטקעס פון אַ גראָבער לייוונט, אַמיינסטן געלאַטעטע. דער עולם טוט זיי גיך אָן אויף זיך. מען וואַרפט אַרויס די אויסדעזינפעצירטע פריוואַטע מלבושים פון די אַרעסטאַנטן. די סאַן־אינספּעקטאָרין ווייזט ווי אַזוי מען דאַרף זיי צונויפבינדן אין אַ פּעקל בכדי, אַרויסגייענדיק פון דער באָד, זיי אָוועקגעבן צו באַהאַלטן אין דער קאַפּטיאָרקע. דער עולם טוט פּאַמעלעך אָן די זע.־קאַ. מלבושים, די מלבו־שים פון לאַגער־אַרעסטאַנטן, וועלכע יעדער האָט מיטגעבראַכט מיט זיך פון זיין באַראַק.

שמעון טוט צוריק אָן זיינע פּריוואַטע מלבושים. אַ יונגע חברה שטייט שוין אָנגעטאָן אין די זע.־קאַ.־פּאַרמעס און אין די סאַן־אינספּעקטאָרינס אויגן ווייזן זיי די אַנדערע ווי אַזוי זיי דאַרפן פאַרבונדן זייערע מלבושים אין פעסטע פּעקלעך. זיי זענען זעלבסטזיכער, דרייסט, באַוועגן זיך שטייף, רעדן באַפעלעריש, און כאָטש זיי זענען געקומען צוזאַמען מיט אַלע, ווי אַרעסטאַנטן, פילט דער עולם אינסטינקטיוו, אַז זיי גרייטן זיך שוין איבער־צונעמען די מאַכט איבער זיי.

אויף שמעונען קוקט די דאָזיקע חברה מיט קוים איינגעהאַלטענעם שפּאָט. ווען די סאַן־אינספּעקטאָרין דערזעט אים אין זיין אייגענעם אָנטו־עכץ, קוקט זי אויף אים מיט אַ פּאָר גרויסע, גרויע, אויפגעריסענע אויגן, פולע מיט שטוינונג. זי קוקט אים אָן לאַנג. זייערע בליקן טרעפן זיך. זי קוקט אַריין אין זיינע טונקל־ברוינע אויגן, אין זיין איידל פּנים, מעסט אים אָפּ עטלעכע מאָל פון קאָפּ ביז פיס. לסוף סיקעט זי אויס: וואָט, יאַבאַני (אָט, אַ געבאָרעטער), זי דרייט זיך האָסטיק אויס, גיט אַ שפּיציקן שפּיי

דורך די פאַרשלאָסענע ציין, און גייט מיט אַ פעסטן, מענערישן טריט אַרויס פון דער באַניע.



ס׳פאַלט שוין צו די נאַכט. מען גייט דאָס ערשטע מאָל אין דער סטאָלאָווע עסן מיטאָג.

אין דער ערשטער דעקאַדע, די ערשטע צען טעג, נאָכן אָנקומען אין לאַגער, באַקומען די אַרעסטאַנטן אָן „עטאַפּני פּאַיאָק״: פינף הונדערט גראַם ברויט אַ טאָג, אין דער פרי אַ זופּ מיט אַ קאַשע, פאַר־נאַכט אַ זופּ מיט אַ קאַשע און אַ שטיקל געקאָכטע טרעסקאַ, ים־פיש.

שפּעטער באַקומט שוין יעדער לויט דעם וויפיל פּראָצענט ער אַרבעט אויס פון דער באַשטימטער לאַגער־נאָרמע. דער דיעסיאַטניק פאַרשרייבט יעדן טאָג וויפיל דער אַרעסטאַנט האָט אויסגעאַרבעט און שיקט עס איבער צום נאַרמיראָווטשיק, וועלכער רעכנט אויס וויפיל פּראָצענט פון דער נאָרמע דאָס מאַכט אויס. פון דאָרט גייט עס איבער אין דער בוכאַלטעריע, וואָס באַרעכנט וויפיל געלט דאָס באַטרעפט. די בוכהאַלטעריע שיקט איבער דעם חשבון אין „פּראָד־סטאָל״, וועל־כער באַשטימט וואָס פאַראַ עסן דער אַרעסטאַנט דאַרף באַקומען פאַר זיין פאַרדינט געלט.

די סטאָלאָווע, דאָס איז אַ גאַנץ גרויסע שטוב, באַשטעלט מיט טישן און בענק און באַלויכטן מיט צוויי נאַפטענע בליץ־לאַמפּן. דאָס מיטאָג באַשטייט פון אַ זופּ פון קליינטשיקע שוואַרצע אַרבעסלעך, אַ ביסל קאַשע און אַ שטיקל געקאָכטע טרעסקאַ. דאָס איז אַ ים פיש, וואָס איז זייער געזאַלצן און האָט אַ שווערן, דעמפיקן ריח, פון געקאָכטער ברודיקער וועש.

ווען שמעון קומט אַריין אין דער סטאָלאָווע, טוט אים אַ שלאָג אין דער נאָז אַריין דער דעמפּיקער ריח פון דער טרעסקאַ. די טישן זענען באַזעצט. פאַר טייל מענטשן שטייען שוין אויסגעליידיקטע טעפּל־שיסל, און זיי זיצן סתם ביי די טישן. ס׳זענען שוין פאַראַן הונגעריקע, אַזעלכע, וואָס זיצן און קוקן ווי יענער עסט, מיט דער פאַרטייעטער האָפענונג, אַז אפשר וועט ער עפּעס איבערלאָזן.

שמעון גייט צו צום פענצטער און באַקומט זיין מיטאָג. ער זעצט זיך אַוועק צווישן אַנדערע ביים טיש. די צוויי מענטשן פוןביידע זייטן לעבן אים, האָבן שוין זייערס אויפגעגעסן. שמעון גיט איינעם פון זיי זיין שטיקל טרעסקאַ. דערנאָך שטעקט ער אַריין דעם לעפל אין דער זופּ, וועלכע זעט

אויס צוליב די שוואַרצע אַרבעסלעך, ווי אַ שיטערע בלאָטע. ער טוט אַ זופּ און קאָן זיך נישט דעצידירן זי צו עסן. ער רוקט דערוויייל אַוועק דאָס שוואַרצע טעפּל מיט דער זופּ און רוקט צו צו זיך דאָס שיסעלע מיטן ביסל קאַשע. ווי נאָר ער רוקט אַוועק פון זיך די זופּ, טוען פוןביידע זייטן ווו ער זיצט, ווי אַרויסשווימען צוויי האַלצערנע לעפל, און אין איין מינוט איז זיין טעפּל מיט דער זופּ ליידיק.

שמעון שטעלט זיך אויף און גייט אַוועק פון טיש.



צומאַרגנס קומען אָן אויפן לאַגער־פּונקט נאָך אַרעסטאַנטן. צווישן זיי סאַמעק.

ער פרייט זיך מיט שמעונען גאָר שטאַרק. שמעון דאַקעגן נעמט אויף זיין באַווייזן זיך ווי אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכע זאַך. ווי אַנדערש וואָלט עס גאַרנישט געקאַנט זיין.

סאַמעק פירט איבער שמעונען אין אַן אַנדערן באַראַק, וואָס אמת אַ גרעסערן, פאַר פיר הונדערט מענטשן, אָבער אַ ריינערעם, אַ בייערעם, ווו ס'זענען פאַראַן אַ ביסל באַקאַנטע שוין מענטשן. ער פאַרשאַפט אויך שמעונען אַ שוואַרצן זאַק מיט וויורעס אונטערצולייגן אויף זיין אָרט אויף דער נאַרע.

עטלעכע שעה נאָך זיין קומען אין לאַגער, פילט זיך סאַמעק אַזוי היימיש, ווי ער וואָלט דאָ געווען אַן אייגענער. שמעון באַוואונדערט אים. ער איז זייער אַ פּשוט ייִנגל און ווי אַזוי ער געפינט זיך דאָס אומעטום זיין אָרט.

ביז איצט האָט שמעון געמיינט, אַז דער אינטעלעקטועלער באַגאַזש מאַכט אומעטום דעם מענטש גרינגער דעם וועג. איצט, אויף דעם פאַל מיט סאַמעקן און זיך, איז ער געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז דער אינטעלעקטועלער באַגאַזש איז פּשוט אַ משא, וועלכע באַשווערט אים אין די דאָזיקע באַדינגונגען יעדן זיין טריט. און אפשר איז אויך אין זיין מצב שולדיק די היפּער־סענסיטיווקייט זיינע? ער באַמיט זיך אָבער נישט צו קומען צו וועלכע דאָס איז אויספירן וועגן דעם. ער דערטראַכט נישט קיין שום געדאַנק ביזן סוף.

צווישן דער לעצטער פּאַרטיע אָנגעקומענע אין דעם לאַגער אַרעס־טאַנטן פון פּוילישן עטאַפּ, זענען פאַראַן אויך דריי פרויען. צוויי ייִדישע מיידלעך און אַן עלטערע פּוילישע פרוי, אַ קריסטין.

כאַטש דער עולם אַרעסטאַנטן איז אַנגעשראָקן פון דעם אַלעם וואָס טוט זיך אַרום זיי, פול מיט פּחדים פאַר דעם „נייעם", וואָס דערוואַרט זיי, רופט דאָך ביי די אַרויס דאָס אָנקומען פון די עטלעכע פרויען, אַ סענ־סאַציע. דער קאָמענדאַנט פון דער זאָנע פירט אַריין די פרויען אין אַ באַזונדערן קליינעם באַראַק.

איינע פון די מיידלעך איז אַ נידעריקע אין אַ העל־בעזשענעם מאַנטל. די צווייטע איז אַ הויכע, גאַר אַ שמאָלע און זייער אַ יונגע. זי טראָגט אַ גרינעם וואָלענעם קאָסטיום, וואָס שטרייכט נאָך אונטער איר ווּקס און שמאַלקייט. דאָס פּנים איז ביי איר איינגעפאַלן, פאַרמאַטערט. די האָר אַרומגענומען מיט אַ גרין זיידן טיכל. די קריסטין, ביי אַ יאָר זעכציק, אין אַ לאַנגן שוואַרצן מאַנטל, דעם קאָפּ אַרומגענומען מיט אַ שוואַרצן שאַל.

אין עטלעכע שעה אַרום קומט צו צו די דריי פרויען נאָך איינע. אַ מיידל פון אַ יאָר עטלעכע צוואַנציק, אַ דייטשקע.

ביז איר אַריינקומען, זענען די דריי פרויען געזעסן אין אויבערשטן אַנטועכץ אינגאַנצן פאַרלוירענע. איינע האָט געקוקט אויף דער צווייטער. אינעם באַראַק זענען געשטאַנען ביי אַ צען ליידיקע קויקעס. ס'האָט גע־יאָגט פון אַלע ווינקלען מיט אומעט, מיט פרעמדקייט, מיט לערקייט.

באַלד ווי די דייטשקע קומט אַריין ווערט היימישער. זי שטעלט זיך פאַר די דריי ניי־געקומענע. זי הייסט בערטאַ. שוין אין לאַגער פון 1937. געווען דאָ נאָך איידער דער פּוילישער עטאַפּ איז אַנגעקומען. ווען מען האָט געמאַכט די צוגרייטונגען צו זייער קומען, האָט מען זי דערווייל אַרויס־געשיקט אין אַן אַנדערן לאַגער, נישט ווייט פון דאַנען. איצט האָט מען זי געבראַכט צוריק. זי אַרבעט אין ביוראָ, ביים נאַרמיראָווטשיק.

זי ברענגט קיפּיאַטאָק און ברויט. פון איר קיישל נעמט זי אַרויס אַ קליינעם סלאָיק מיט מאַרמאַלאַד. אַלע עסן און פאַרטרונקען מיטן הייסן וואַסער. מיט דער קריסטין רעדט בערטאַ רוסיש, מיט די יידישע מייד־לעך — דייטש.

ס'ווערט וואַרעמער אין דעם כמעט ליידיקן באַראַק. ס'ווערט מענטש־לעכער און נאָענטער אין דער אַרומיקער פרעמדקייט און ווייטקייט, אין וועלכער זיי געפינען זיך.

בערטאַ טראָגט אַ שוואַרצן סוועטער, אַ גאָלף, און אַ שוואַרצן, געדיכט געפאַלדעוועטן ראָק. זי האָט אַ העל פּנים און ווייסע ציין. זי שטעלט מיט זיך פאַר אַ שיינע פרויען גאַנצקייט. זי מאַכט אַן אַנגענעמען איינדרוק.

בערטאַ באַוואָרפט דינהן מיט פאַרשנדיקע בליקן. זי ראָט איר צו גיין אין דער קאַפּטיאָרקע און נעמען פאַר זיך מלבושים פון אַ זע.־קאָ.

דינה קאָן שווער שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז זי דאַרף אַנטאָן אַרעס־טאַנטסקע מלבושים. אָבער די צודרינגלעכקייט, מיט וועלכער בערטאַ חזרט איר דאָס איבער, גיט איר צו פילן, אַז זי דאַרף זיך איר פאָלגן.

ביי דער געלעגנהייט זאָגט שוין בערטאַ צו חנהן, אַז זי זאָל אויך גיין אין דער קאַפּטיאַרקע. די עלטערע קריסטין הייסט זי נישט גיין, ווייל מען וועט זי, לויט דעם ווי זי בערטאַ, קען דעם לאַגער, איינגיכן איבערשיקן צוליב איר עלטער אין אַן אינוואַלידן־לאַגער.

דער ערשטער פון די אַרעסטאַנטן, וואָס האָט אַריינגעבליקט אין פרויען־באַראַק דורכן פענצטער, איז געווען סאַמעק. פלוצים האָבן די פרויען באַמערקט אין פענצטער אַ קיילעכדיק פּנים מיט צעשמייכלטע אויגן פון אַ יינגל. ס'איז זיי געוואָרן אי פריילעכער אי אומעטיקער, וואָס אַזאַ יונג יינגל געפינט זיך אין לאַגער. דינה האָט אים באַדויערט. דינה, וועלכע איז נישט געווען אַ סך עלטער פון אים. אָבער בערטאַ האָט זי באַרויקט — אַ, אַזאַ איינער, מיט אַזעלכע פריילעכע אויגן, וועט זיך אומעטום אַן עצה געבן.

וועגן דעם, אַז עס זענען פאַראַן פרויען אין לאַגער, איז סאַמעק גיך געלאָפן דערציילן שמעונען. ער האָט דאָס אים איבערגעגעבן מיט אַזאַ צופרידנקייט, ווי ער וואָלט אים געבראַכט גאָר אַ פריילעכע בשורה. שמעון דאַקעגן איז געוואָרן טרויעריק פון דעם, וואָס אויך פרויען האָט מען פאַר־שיקט אין לאַגער. ווען ער האָט געהערט פון סאַמעקן, אַז איינע איז דאָרט פאַראַן גאָר אַ יונגיטשקע, אַ הויכע און אַ דאַרע ווי אַ יינגל, האָט שמעון אַ טראַכט געטאָן, אַז מיט דעם מיידל דאַרף ער זיך פאַראינטערעסירן, האַלטן אויף איר אַן אויג. ער האָט אַליין נישט געוווּסט פאַר וואָס טראַכט ער אַזוי וועגן אַ פרעמד מיידל, וואָס ער האָט זי נאָך אַפילו נישט געזען.

סאַמעק דערציילט אויך שמעונען, אַז ס'איז פאַראַן נאָך אַ פרוי אין לאַגער, אַ סאַניטאַרין וואָס אַרבעט אין דער אַמבולאַטאָריע, אַ גריכין. זי הייסט וואַליאַ און וווינט אין אַ צימער לעבן דער אַמבולאַטאָריע.

ווען די מיידלעך עסן אָפּ, גייען זיי אין דער קאַפּטיאַרקע נאָך די מלבושים. בערטאַ קלייבט אויס פאַר דינהן אַ פאַר לאַנגע וואַטענע הויזן. זי וואַרפט אַדורך צענדליקער פאַר הויזן, ביז זי געפינט אַ פאַסיקע פאַר פאַר דינהן. דערנאָך זוכט זי פאַר איר אויס אַ פופייקע, אַ בושלאַט און אַ וואַטן היטל. חנה קלייבט זיך אַליין צו די מלבושים. דינה פרעגט בערטאַן פאַרוואָס זי נעמט נישט פאַר זיך קיין לאַגער־אַנטועכץ. בערטאַ ענטפערט איר מיט אַ ווייטיקלעכן שמייכל — איך באַדאַרף שוין נישט.

ווען דער אָוונט פאַלט צו, גייען די פיר פרויען אין באָד. זייט דינה

איז אַרעסטירט געוואָרן, איז זי שוין עטלעכע מאָל געווען אין אַן אַלגע־מיינער באָד. יעדעס מאָל איז עס פֿאַר איר אַ שווער אַפּקומעניש צו שטיין אַ נאַקעטע, צווישן אַ סך פֿרעמדע נאַקעטע פֿרויען. אַפֿילו איצט, ווען אַ חוץ איר זענען נישט מער פֿאַראַן ווי דריי פֿרויען, פֿילט זי דאָס אָפּ זייער אומאָנגענעם.

ס׳קומט אַריין דער אַלטער באַנשטשיק און וויל נעמען זייער פּריוואַט אַנטועכץ צו דעזינפעקציע. די פֿריש געקומענע שרייען, ער זאָל אַרויסגיין, זיך נישט דרייען ווו ס׳באָדן זיך פֿרויען.

— טעכטערלעך, טעכטערלעך, מיר איז שוין אַ קנאַפּער חילוק ווער איר זענט, מאַנצלייט צי ווייבער. באָדט אייך געזונטערהייט. ס׳וועט אייך גאַרנישט שאַדן, אַז איך וועל זיך אַ ביסל דרייען צווישן אייך. אָבער אייערע זאַכן וועל איך נעמען צו דעזינפעקציע.

דעמאָלט גייט אַרויס בערטאַ, וועלכע איז שוין זעט אויס געווויינט, אַז דער באַנשטשיק זאָל אַריינקומען ווען די פֿרויען באָדן זיך, און שטייענדיק פֿאַר אים אַ נאַקעטע זאָגט זי — דיעדושקאַ (זיידעשי), דו ווייסט דאָך, אַז די זאַכן זענען צו איידל מען זאָל זיי געבן צו דעזינפעקציע, זיי וועלן אינגאַנצן קאַליע ווערן.

— טעכטערל, נישט דיך מיין איך. כ׳מיין די זאַכן פֿון די איצט גע־קומענע, פֿון די פּוילישע. זייערע זאַכן זענען פֿון וועג זיכער פֿאַרלייזיקט.

— ווען ס׳איז אַפֿילו אַזוי, ווי דו זאָגסט, דיעדושקאַ, וועלן זיי מאָרגן פֿרי די זאַכן אויסוואַשן אין הייס וואַסער, איך וועל זיי באָרגן מיין פּרעס־אייזן, זיי זאָלן די זאַכן איבערפּרעסן מיט אַ גליענדיק אייזן. זאָרג נישט, דיעדושקאַ, כ׳וועל אַלץ צוהיטן. ס׳וועט זיין פּונקט אַזאַ גוטע דעזינפעק־ציע, ווי דיינע.

ס׳קומט אַריין די סאַן־אינספּעקטאָרין. זי גייט די ערשטע צו צו דינהן. בינדט איר אויף דאָס שלייפֿל פֿון אַ שמאָל זיידן בענדל, מיט וועלכן די פֿאַרנומענע אַרויף האָר זענען פֿאַרבונדן. זי נעמט די האָר פֿונאַנדער, דורכקוקנדיק יעדעס בינטל האָר באַזונדער, ווי מען באַקוקט אַ בינטל וואָל, איידער מען טוט עס אַרויף אויפֿן שפּינדל. דערנאָך טוט זי מיט אַ טאַקסירנדיקן בליק אַ מעסט אָפּ דינהס פֿיגור מיט די הויכע פּיס, גיט אַ קוועטש מיט אַן אויג און מיט איר גרויסער האַנט־פּלאַך גיט זי איר אַ פּאַטש אויפֿן נאַקעטן געזעס.

דינה האָט אויפֿגעציטערט פֿון דער הפֿקרות, מיט וועלכער די פֿרעמדע פֿרוי האָט זיך צוגעריירט צו איר לייב. אָבער די סאַן־אינספּעקטאָרין איז שוין אַוועק. זי נעמט איצט אויף גיך פֿונאַנדער די האָר ביי חנהן און

דער קריסטין, גיט אַ שמייכל פון אַלט־באַקאַנטשאַפט צו בערטען און פאַרלאָזט די באַניע.

דאָס וואַסער אין באַד איז שוין געוואָרן קאַלט. די פרויען האָבן זיך פון דער באַד נישט נאָר נישט אויפגעפרישט, נאָר נאָך מידער געוואָרן. זיי גייען אין באַראַק אריין. בערטאַ צינדט אָן אַ נאַפט־לעמפל. דערנאָך ברענגט זי מיטאָג פאַר די פריש־געקומענע: זופּ פון שוואַרצע אַרבעסלעך, קאַשע און צו שטיקלעך טרעסקאַ. קיין איינע פון זיי עסט נישט די פיש. דינה רירט זיך אַפילו נישט צו צו דער זופּ. בערטאַ גייט עסן אין קיך. ווען זי קומט צוריק ליגן שוין אַלע אויף די קויקעס, אויף וועלכע מען האָט ווען זיי זענען געווען אין באַד, אַרויפגעלייגט שוואַרצע זעק מיט האַלץ־ווירעס און שוואַרצע קאַצן.

צומאַרגנס, באַלד אין דער פרי, וואַשן אַלע דריי געקומענע פרויען זייערע זאַכן אין הייס וואַסער און פרעסן זיי אויס מיט אַ גליאיק פרעס־אייזן, ווי בערטאַ האָט דאָס נעכטן צוגעזאָגט דעם באַנשטשיק. חנה גיט אַוועק איר קליין ביסל זאַכן אין דער קאַפּטיאַרקע צו באַהאַלטן. דינה טוט אָן די אַרעסטאַנטסקע מלבושים און אירע אייגענע לייגט זי אַריין אין איר נאָך כמעט נייעם רוקזאַק, אין וועלכן זי האָט נאָך זאַכן — און זי באַהאַלט אים צווישן די האַלץ־ווירעס פונעם שוואַרצן זאַק אויף איר קויקע.



אין לאַגער גייט אָן אַ באַוועגונג. דער קאָמענדאַנט און דער נאַריאַד־טשיק לויפן אַרום פון איין ביוראָ אין דער צווייטער מיט פּאַפּירן אין די הענט. דער עולם שמועסט, אַז מען שאַפט בריגאַדעס און צומאַרגנס וועט מען שוין אַלע אַרעסטאַנטן אַרויסשיקן צו דער אַרבעט.

איצט איז אין לאַגער פאַראַן בלויז דער פּוילישער עטאַפּ: יידן און אַ קליינע צאָל פּאָליאַקן. איידער דער פּוילישער עטאַפּ איז אָנגעקומען, האָט מען די פריערדיקע לאַגערניקעס, וועלכע זענען דאָ געווען, צעשיקט אין אַנדערע לאַגערן. בלויז די אַנגעשטעלטע, ווי די נאַטשאַלניקעס, די וואַכן, די דיעסאַטניקעס, קאָנטראָל־דיעסאַט־ניקעס, די סאַניטאַר־אַטיילונג, די קולטור־דערציערישע אָפּטיילונג און נאָך אַנגעשטעלטע פון אַנדערע אָפּטיילונגען, זענען געבליבן פון פריער. אַ קלייגער טייל פון זיי זענען פרייע, גוט באַצאָלטע,

וואָס זענען דאָ פּרייוויליק געקומען, אָבער די גרעסטע טייל זענען פאַרשיקטע.

דער נאַטשאַלניק פון לאַגער, אַ קאַפּיטאַן פון ענקאַוועדע, איז אַ ייד. זיין פאַרטרעטער, אַן עלטערער לייטענאַנט פון ענקאַוועדע, איז אַ טאַטער.

דער דניעוואַלני פון לאַגער־נאַטשאַלניק קומט רופן שמעונען. אַ ביסל אַ דערשראָקענער גייט ער אַריין אין קאַבינעט פון נאַטשאַלניק אַן אָנגע־טועגער אין זיין לאַנגן, גראַנאַטענעם קאַמגאַרן פּאַלטן.

דער נאַטשאַלניק האָט אַ שיין פּאַרקעמטע, געדיכטע שוואַרצע טשו־פּרינע האָר, אַ פעט פּנים, אָבער נאָך אַ יונגס. ער זעט אויס ווי אַ מענטש פון אַ יאָר פערציק און איז שוין מיט אַ בויך. ער זיצט ברייט אין אַן אויסגעבעטן פאָטעל, אַן איבערגעצויגענעם מיט רויטער צעראַטע. אויפן טיש אַ רויט טישטעך און אויף אים פּאַפּירן מיט נאָטיצן אין יידיש גע־מאַכטע מיט אַ רויטן בלייער.

ער הייסט שמעונען זיך אַוועקזעצן. איז אים מכבד מיט אַ „ביעלאָמאָר״ פּאַפּיראָס, קוקט אים אָן און זאָגט צו אים:

— פאַראַן צווישן די געקומענע עטלעכע דיפּלאָמירטע אינטעליגענטן, אַפילו אַ מעדיצין־דאָקטאָר. זיי אַלע האָבן זיך שוין צו מיר געוואָנדן וועגן באַשעפטיקן זיי ביי זייערע ספּעציאַליטעטן, נאָר איר האָט זיך צו מיר נישט געוואָנדן.

שמעון ענטפערט נישט. ער זיצט מיט אַ ביסל אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. דער נאַטשאַלניק פירט זיין געשפּרעך ווייטער:

— לויטן לאַגער־רעגולאַמין מוזן אַלע ניי־אָנגעקומענע אַרעסטאַנטן אַרבעטן אויף אַלגעמיינע אַרבעטן. ספּעציאַליסטן, דער עיקר די מיט הויכע בילדונג, קאָנען אָפּגעבן מעלדונגען „זאַיאַווליעניעס״, אין הויפּט־ביוראָ פון אַלע אוסט־ווים לאַגערס, וועגן באַשעפטיקן זיי ביי זייערע ספּעציאַ־ליטעטן. דערהויפּט באַציט זיך דאָס צו מעדיצין־דאָקטוירים. דערווייל וועלן זיי אַלע גיין צו פאַרשידענע אַלגעמיינע אַרבעטן. איר, — דער נאַטשאַלניק זאָגט אַרויס דעם „איר״ מיט אַ ספּעציעלער באַטאָנונג, — איר וועט ביי אונדז נישט אַרבעטן פיזיש. שוין מאָרגן גייען אַרויס די מענטשן בריגאַדעסווייז צו דער אַרבעט. איר וועט אַריינגיין אין דער אַמבולאַטאָריע, דאָרט וועט איר באַקומען אַ האַנט־אַפּטייקל און איר וועט אַרויסגיין פון דער זאָנע מיט אַ באַשטימטע בריגאַדע, אָבער באַדינען וועט איר דאַרפן עטלעכע בריגאַדעס, וואָס וועלן אַרבעטן אין דער נאָענט פון זיך. איר וועט דאַרפן דערטיילן די ערשטע הילף אין פאַל ווען עמעצער וועט

קראַנק ווערן בעת דער אַרבעט, אָדער ווען ס׳וועט געשען ביי דער אַר־בעט אַ פאַרפאַל.

שמעון זאָגט ווידער גאָרנישט, ער באַדאַנקט זיך אַפילו נישט. ער נעמט דעם ברענענדיקן פּאַפּיראָס צום מויל און פאַרציט זיך. דער נאַ־טשאַלניק קוקט אויף אים. ער קוקט אויף זיין איידל פנים, אויף די לאַנגע פינגער פון זיין שמאָלער האַנט, קוקט אַ לענגערע רגע, און פלוצים רופט ער זיך אָן צו שמועגען אויף יידיש:

— דאָקטאָר, פון וואַנען קומט איר אַהער?

די אַרעסטאַנטן, וואָס זענען אָנגעקומען אין לאַגער פאַר שמעונען, האָבן אים דערציילט, אַז ווען זיי זענען אַריין אין דער זאָנע, האָט זיי דער נאַטשאַלניק באַגריסט מיט די ווערטער: — זדראַסטוויטיע חברים! די דאָזיקע היימישע, נישט אָנגענומענע אין לאַגער־באַדינגונגען באַגרי־סונג, האָט גיכער ביי די אַרעסטאַנטן אַרויסגערופן שרעק ווי האָפנונג.

אָבער שמעון פילט איצט גאָר עפּעס אַנדערש. דער נאַטשאַלניק האָט אים געשאָנקען אַזוי פיל אויפמערקזאַמקייט, אַז ער נעמט זיינע ווערטער פאַר אויפריכטיקע וואַרעמקייט. נישט טראַכטנדיק ווי ער געפינט זיך, ענט־פערט ער מיט דער גאַנצער תמימותדיקייט:

— ווען כ׳בין אָנגעקומען קיין ביאַליסטאָק, האָב איך באַלד געוואָלט איבערפאָרן קיין ווילנע, בכדי פון דאָרט קאָנען אַרויס אין דער וועלט, דערווייל...

שמעון האַקט אָפּ. ער זעט ווי דער נאַטשאַלניק דרייט זיך אין זיין פאָטעל שטאַרק אומרואיק, מיט אַ מאָל הויבט ער זיך האַסטיק אויף און ווערט פאַרשוווּנדן אין אַ דערבייאיק צימער.

שמעון הויבט אויף דעם קאָפּ. ער זעט פאַר זיך הענגען דריי בילדער. אין מיטן סטאַלין און ביי זיינע זייטן בעריאַ און מאַלאָטאָוו. עס ווערט אים מאָדנע אומהיימלעך. ער פילט זיך נאַריש און פאַרלוירן און שאַרט זיך פּאַמעלעך אַרויס פונעם נאַטשאַלניקס קאַבינעט.



פאַרנאַכט רופט מען אַרויס די אַרעסטאַנטן פון די באַראַקן. זיי זאַמלען זיך אויף אַ גרויסן פּלאַץ, דאָרט ווו ס׳שטייט דער האָלצערנער באַלקן מיט דער שיבע, וואָס זעט אויס ווי אַ תליה. דער נאַריאַדטשיק, וואָס אַלע וויסן שוין, אַז ער הייסט וואַניאַ, און דער קאָמענדאַנט פון דער זאָנע, וואָס אַלע וויסן שוין, אַז ער הייסט סאַבאַטשאָוו, שפּיזן דעם עולם אַרעסטאַנטן מיט

שאַרפע בליקן. פון דער ווייטנס שטייט דער נאַטשאַלניק פון לאַגער, וואָס אַלע ווייסן שוין, אַז ער איז אַן אָדעסער ייד און הייסט רייגאָראָדזקי.

דער נאַריאַדטשיק לייענט אויס פון פאַרשידענע פּאַפּירן נעמען פון די אַרעסטאַנטן לויט די בריגאַדעס, צו וועלכע זיי זענען צוגעטיילט געוואָרן. יעדער אַרעסטאַנט דאַרף געדענקען, צו וועלכער בריגאַדע ער געהער. ס׳זענען שוין אויך באַשטימט די בריגאַדירן, כמעט אַלע פון צווישן די אַרעסטאַנטן פון נייעם עטאַפּ. שמעון דערקענט אין זיי די יונגע חברה, וועלכע האָבן זיך שוין אין דער באַד אַרומגעדרייט שטייף־באַפּעלעריש צווישן עולם און געוויזן ווי אַזוי מען דאַרף פאַרפּאַקן דאָס אייגענע אַנטועכץ אין פּעקלעך.

די דיעסיאַטניקעס, וואָס דאַרפן קוואַליפיצירן און פאַרשרייבן די אַרבעט, זענען אין לאַגער פון פריער. זיי זענען אָממיינסטן רוסן און אוקראַינער. פאַראַן צווישן זיי אויך קאַרעאַנער.

שמעונען זאָגט דער נאַריאַדטשיק, נישט אָן כעס, אַז ער וועט זיין לעק־פּאָם, די מעדיצינישע הילף פאַר אַ טייל בריגאַדעס, און הייסט זיך אים מעלדן אין דער אַמבולאַטאָריע.

ביים צוטיילן די אַרעסטאַנטן צו די באַזונדערע בריגאַדעס, זעט שמעון דאָס ערשטע מאָל דינהן. ער זעט שטיין צוויי מיידלעך, איינע לעבן דער אַנדערער, נאָר פון דעם וואָס סאָמעק האָט אים דערציילט, איז אים לייכט צו באַשטימען ווער פון זיי איז דינה. ער הערט ווי דער נאַריאַדטשיק רופט אויס חנהס נאָמען און זאָגט איר, אַז זי געהער צו דער בריגאַדע, וועלכע וועט אַרבעטן אין סאָווכאָז פון לאַגער, ביים אַגראָנאָם באַלושקין.

דאָקעגן דינהן זאָגט דער נאַריאַדטשיק גאָרנישט. זי וואַרט אַ ווײַלע, גייט צו אים צו און פרעגט — און ווו וועל איך אַרבעטן? דער נאַריאַדטשיק ענטפערט איר שאַרף — שטופּ זיך נישט ווו מען דאַרף נישט. זאָג אַ דאַנק דערפאַר, וואָס כ׳רוף דיך נישט אויס.

דעמאָלט גייט צו איר צו שמעון. ער שטעלט זיך איר פאָר און זאָגט צו איר — איך וועל אוודאי אײַנגיכן אָנהויבן אַרבעטן אין אַמבולאַטאָריע ווי אַ דאָקטאָר, וועל איך זיך באַמיען איר זאָלט דאָרט אַרבעטן ווי אַ סאַניטאַרין.

ער ווייסט נישט פאַרוואָס ער זאָגט איר דאָס. דערווייל האָט ער דערצו נישט קיין שום גרונט. דינה, אַן אָנגעשראָקענע פון נאַריאַדטשיקס אופן רעדן צו איר — איז איצט פול מיט דאַנקבאַרקייט צו דעם מענטש, וועלכן זי זעט דאָס ערשטע מאָל און ער דריקט שוין אויס זיין גרייטקייט איר בייהילפיק צו זיין. זי זאָגט אים נישט קיין וואָרט פון דאַנק, נאָר אירע

אויגן, וועלכע זענען מיט אַ מינוט פריער געווען צעשראָקן, פילן זיך אָן מיט אַ דינעם צוריקגעהאַלטענעם שמייכל.

שמעון באַמערקט די ענדערונג אין אירע אויגן. ער איז נישט צופרידן פון זיך. זיין איינגעבוירענע ערלעכקייט האָט אים באַדאַרפן אָפּהאַלטן פון צוזאָגן זאַכן, וועלכע זענען נישט אָפּהענגיק פון אים, וועלכע ליגן אין פרעמדע הענט. ער פילט, אַז דער מעכאַניזם פון זעלבסט־קאָנטראָל איז ביי אים די לעצטע צייט אַ ביסל לויז געוואָרן.

ער געזעגנט זיך אייליק מיט דינהן און גייט אין דער אַמבולאַטאָריע. דאָרט באַקומט ער אַ וואַליזקעלע, אין וועלכער ס׳געפינט זיך אַ טערמאָ־מעטער, אַ פלעשל מיט וואַליעריאַן־טראָפּנס, אַ פלעשל מיט אינאַזיעמצאָווס־טראָפּנס, אַ פלעשעלע יאָד, אַ באַנדאַזש און אַ שטיקל וואַטע.

דער נאַטשאַלניק פון דער סאַניטאַרער אָפּטיילונג איז אַ פעלדשער. ער איז אַ נידעריקער, אַ קרעמפּער, מיט אַן ענערגיש פּנים, אַ שמאָלן שטערן און כיטרע אויגן. שמעון ווייסט שוין, אַז ער איז אַן אוקראַאינער, אַ געוועזענער אַרעסטאַנט און איצט אַ פריי־געדונגענער. ער הייסט ני־קאָליי ניקאָלאַיעוויטש. ער רעדט צו שמעונען שטרענג, מיט אַ הייזעריקער, פאַרשיכורטער שטים. ער איז זיכער ביי זיך, אַרביטראַל. ער זאָגט שמעונען אָן, ער זאָל זיך נישט לאָזן פאַרדרייען דעם קאָפּ מיט נאַרישקייטן.

— איך האָב שוין באַמערקט — זאָגט ער — אַז די פוילישע פּאַנעס האָבן אַ טבע צו באַקלאָגן זיך אויף אַמאַליקע קראַנקהייטן. זיי האָבן אַ צו גוטן זכרון. דאָ, אין לאַגער, דאַרפן אַלע פאַרגעסן, וואָס עס איז געווען אַמאָל. זייט פאַרזיכטיק, דאָקטאָר, ביים באַפרייען פון דער אַרבעט. יעדער באַפרייטער איז אַ ריס אין מלוכה־פּלאַן, און פאַר אַזעלכע זאַכן איז מען ביי אונדז פאַראַנטוואָרטלעך מיטן קאָפּ!

שמעון הערט אויס די טיראַדע און שווייגט. ער איז גרייט איבער־צולאָזן דאָס האַנט־אַפּטייקל און גיין מיט אַלע אַנדערע צו אַן עפנטלעכער אַרבעט. ער פילט אָבער אויף זיך די וואַרעמע בליקן פון דאָקטאָר אַלעק־סיעי וואַסיליעוויטש, אַ רוס מיט אַ לענגלעך פּנים און אַ קאָפּ טונקל־בלאָנדע האָר, פאַרקעמט ארויף. ער טרעפט זיך מיטן בליק פון אַ פּאָר טיף טונקעלע אויגן אין אַ ווייס־גרינלעך דין געצייכנט פּנים פון דער קראַנקן־שוועסטער, דער גריכן וואַליאַ, און ער באַרואיקט זיך.

שמעון זאָגט „צום ווידערזען״ און וויל אַרויסגיין. ס׳פאַרהאַלט אים דער סאַניטאַר מיראַנאָוויטש, אַן עסטאָנער. ער נעמט ברוטאַל אַרויס שמעונען פון דער האַנט דאָס וואַליזקעלע און זאָגט: — דאָס איז מלוכה־

אייגנטום. איר דאַרפט דאָס נעמען פון דאַנען פאַרן אַרויסגיין צו דער אַרבעט און צוריקברענגען אַהער, ווען איר קומט פון דער אַרבעט.

זיינע גרויסע גרויע וואַסערדיקע אויגן קוקן מיט צאַרן אויף שמעונען.

אַלע אין דער אַמבולאַטאָריע, אַ חוץ דעם נאַטשאַלניק, זענען זע.־קאָ., פאַרשלאָסענע, אַרעסטאַנטן. שמעון ווייסט, אַז דער עסטאַנער, מיראַנאַוויטש, איז אַ פאַרביסענער אַנטיסעמיט, נעמט ער זיך נישט איבער מיט זיין גראָב־ בער האַנדלונג.

אַלע איינצלהייטן וועגן די מענטשן אין דער אַמבולאַטאָריע, זייערע נעמען, ווער און פון וואַנען זיי זענען, ווייסט שמעון פון סאַמעקן. ווי נאָר שמעון האָט אים דערציילט, אַז ער וועט גיין מיט די בריגאַדעס, ווי אַ לעק־ פּאַם, האָט סאַמעק באַלד צונויפגעזאַמלט אַלץ, וואָס ער האָט וועגן די סטאַלע אַמבולאַטאָריע־מיטאַרבעטער געקאַנט געוואָר ווערן און עס איבער־ געגעבן שמעונען.



אין דער זאָנע איז אַן אויפרודערונג. אין די באַראַקן קאָכט. מען האָט שוין באַשטימט די דניעוואַלנעס. זיי גייען נישט אַרויס אויסער דער זאָנע צו דער אַרבעט, נאָר דאַרפן האַלטן די ריינקייט אין די באַראַקן. די באַ־ שטימטע בריגאַדירן דרייען זיך אַרום צווישן עולם און קוקן אויף די זיי צוגעטיילטע מענטשן, מעשה בעלי־בתים. דער קאָמענדאַנט פון דער זאָנע, סאַבאַטשאַוו, פאַראַרדנט אַ טראַנסלאַקאַציע פון די אַרעסטאַנטן. די אַלע, וואָס געהערן צו איין בריגאַדע, דאַרפן וווינען אין דעם זעלבן באַראַק, און נישט צעוואָרפן ווי ביז איצט, ווען יעדער האָט זיך אויסגעקליבן אַן אָרט צווישן זיינע באַקאַנטע.

מען הויבט זיך אָן שיידן מיט מענטשן, מיט וועלכע מען איז געווען נאָענט אויף דער באַרושע, צי שפּעטער, אין אוסט־ווים, געלעגן איינער לעבן אַנדערן און געשמועסט, געמאַכט זיך אַ ביסל לייכטער דאָס געמיט. פאַראַן אַפילו אַזעלכע, וואָס האַלטן זיך צוזאַמען זייט מען האָט זיי אַריינ־ געזעצט אין דער באַן אין ביאַליסטאָק. ס'איז אַזוי אויסגעקומען, אַז אומעטום זענען זיי געווען צוזאַמען. אַ גורל־זאַך, און איצט מוזן זיי זיך צעשיידן.

אָבער פאַראַן אויסנאַמען. אין גרויסן באַראַק, פאַר פיר הונדערט אַרעס־ טאַנטן, קומט אויס צו שלאָפן מענטשן פון פאַרשידענע בריגאַדעס. און דאָ טרעפט זיך, כאָטש זייער צאָל איז זייער קליין, אַז דאָס זענען מענטשן, וואָס זענען שוין לאַנג מיט זיך צוזאַמען. אַזוי איז אויך אויסגעקומען מיטן

סטאַלינסט און טראָצקיסט. כאָטש זיי געהערן צו צוויי באַזונדערע בריגאַ־דעס, באַקומען זיי זייערע ערטער אין דעם זעלבן באַראַק. גראָד דאָרט געפינט זיך אויך דאָס אָרט, וועלכעס סאַמעק האָט אויסגעפונען פאַר שמעונען.

דער עולם פילט, אַז דער רעזשים פאַרשאַרפט זיך. די ערשטע אַנדער־האַלבן טעג פון „פרייהייט" זענען אַוועק. ס'ווערט וואָס אַ מאָל ענגער. די צוואַנג־מאַשין הויבט אָן אַרבעטן. דער קאָמענדאַנט סאָבאָטשאַוו לאָזט נישט די מענטשן זיך פאַרזאַמלען אין דער זאָנע. ער יאָגט זיי אין די באַראַקן. הייסט זיי זיך לייגן פרי שלאָפן. זיך גרייטן צום ערשטן אַר־בעטס־טאָג.

פון אויפרעגונג קאָנען די מענטשן נישט שלאָפן. ביי טייל האָט דאָס צעשיידן זיך מיט זייערע ביז־איצטיקע באַקאַנטע, צוגערויבט די רו. יעדער פילט ווי פרעמדע הענט וואָלטן אים אַנגענומען נישט נאָר ביי זיין לייב, נאָר ביי די סאַמע נאַקעטע ביינער. אַזוי טיף איז דאָס געפיל פון קלעם.



פאַרטאָג האָט דער אייזערנער לאָם אַ זעץ געטאָן אין דער דיקער שינע צוגעקלאַפּטער צו דעם האַלצערנעם באַלקן. דאָס געשטעל פון באַלקן און שינע זעט אויס ווי אַ תליה.

אַ טעמפּער געהילעך האָט זיך אַ טראָג געטאָן איבער דער זאָנע. זיין אייזערנער פּיסק דרעזגעט לאַנג און מיט כעס דאָס וואָרט: פּאָדיאָם!!! (אויפשטיין).

ס'הויבן זיך אָן טעג פון אַרויסגיין אויף אַרבעט. אין אָנהויב זענען דאָס אַרבעטן ביים העלפן בויען אַ בריק איבער דעם טייך וויסליאַנאַ, וועלכער פליסט נעבן דעם לאַגער און פאַלט אַריין צפונדיק אין טייך זוים. ס'זענען ערד־אַרבעטן ביים מאַכן דעם וועג צו דער בריק, און אויך ביים קאָפּען גרובנס צום באַהאַלטן קאַרטאָפל און קרויט אויף דעם לאַנגן צפונ־דיקן ווינטער, ווען ס'שטעלט זיך אָפּ די נאַוויגאַציע אויף די טייכן און ס'איז נישט מעגלעך גאָרנישט צוצופירן.

אין עטלעכע טעג שפּעטער, ווען ס'האָבן זיך געשטעלט די ערשטע פרעסט, שאַפט מען בריגאַדעס לעסאָ־פּאַוואַלשטשיקעס, די וואָס דאַרפן שניידן די ביימער אין וואַלד. מען קלייבט דערצו אויס די געזונטסטע מענטשן, מען גיט זיי בויגן־זעגן און העק און אַנדערע מכשירים, זיי זאָלן גיין שניידן וואַלד.

דער לאַגער־נאַטשאַלניק רייגאָראַדזקי האָלט פאַר די נייע בריגאַדעס אַ רעדע. ער זאָגט צווישן אַנדערע אַזוי:

— אַרבעטן מיט אַ בויגן־זעג איז אַ כבוד. ווער איר גוט אַרבעטן — וועט איר גוט אָפּעסן.

די יידן, אַמײנסטן סוחרים, קליינהענדלער און בעל־מלאכות, פאַר־שטייען אַפילו נישט, וואָס פאַרא כבוד ס'איז צו אַרבעטן מיט אַ בויגן־זעג. אָבער די מוזיק שפּילט אויף. דאָס טויער עפנט זיך ברייט, און שוין איז מען אינדרויסן אויפן וועג צו דער אַרבעט. מען גיט קיינעם נישט קיין צייט זיך צו פאַרטראַכטן איבער זיין מצב.

ס'פאַלט אַראָפּ דער ערשטער שניי. דער לאַגער איז אין דער טייגע, נאָענט צו די טונדרעס. די ריזיקע שטחים געדיכטער וואַלד פאַרשטעלן פאַר ווינטן, וועלכע רייסן זיך דאָ זעלטן אַדורך. אַנהויב ווינטער, בייטאָג, ווען די זון שיינט, כאַטש בלייך און שוואַך, צערונט דער שניי גיך.

שמעון טראָגט נאָך אַלץ זיינע ברוינע זומער־לאַטשן, אַ העל־גרויען קאַמגאַרן־אַנצוג און אַ לאַנגן גראַנאַטענעם פּאַלטן. דער לאַגער־נאַטשאַל־ניק, וועלכער געפינט זיך גראָד נעבן אים, זעט ווי ער טאַפּטשעט מיט די לאַטשן אין דער בלאָטע און ער רופט זיך צו אים אָן:

— דאָקטאָר, איר וועט סיי ווי נישט אויסקומען מיט אייערע מלבושים, איר מאַטערט זיך נאָר אין דעם אומבאַקוועמען אַנטועכץ. איר וועט זיך אויך אָפּפרירן די פיס. פאָלגט מיך, קומט אַריין צו מיר היינט ביינאַכט אין ביוראָ, וועל איך אייך אויסשרייבן מלבושים פון ערשטן סראָק. אַ פּאָר וואַטענע הויזן, אַ פופייקע און אַ בושלאַט, אַלץ ניי, און אויך אַ פּאָר נייע וואַלענקעס. איר וועט זעען, אַז איר וועט מיר דאַנקבאַר זיין דערפאַר. כ'וואָלט אייך געקאָנט צווינגען איר זאָלט אַנטאָן די פאָרמע פון אַ זע.־קאַ., כ'וויל דאָס נישט טאָן. אָבער מיין עצה איז נאָר פאַר אייער טובה וועגן.

ביינאַכט קומט שמעון אַריין צום נאַטשאַלניק אין ביוראָ. ס'איז דאָרט וואַרעם, ווי אין אַ גוט אויסגעהייצטער באָד. דער נאַטשאַלניק זיצט אין אַ צעשפּילעטן מונדיר און זיין פעט פּנים גלאַנצט. ער רופט זיך אָן צו שמעונען:

— דאָקטאָר, איך בין אַנטוישט פון אייערע מענטשן, זיי אַרבעטן שלעכט.

— בירגער נאַטשאַלניק, — ענטפערט שמעון שטיל — צווישן אונדז ביידע, צווישן אייער קוק אויף אַרבעט און מיינעם, און אפשר צווישן אייער וועלט־אַנשויאונג און מיינער, איז פאַראַן אַ קליינער חילוק. דער אונטער־שיד איז נאָר אין איין מאָלצייט. איר האַלט, אַז מען דאַרף פריער אָפּאַר־

בעטן און דערנאָך באַקומען עסן, און איך האַלט, אַז פריער דאַרף מען געבן אָפּצועסן און דערנאָך קאָן מען פאָדערן אַרבעט.

— ניין! ניין! מיר שטיצן זיך אויף דעם חבר סטאַלינס קאָנסטיטוציע, וועלכע זאָגט בפירוש: „ווער ס׳אַרבעט נישט — דער עסט נישט״.

— און מיר, דאָקטוירים, ווייסן אויך פון אַ קאָנסטיטוציע, פון אַ ביאָ־פיזישע. מיר ווייסן, אַז מען מוז יעדן קערפּער געבן ברען־שטאָף לויט זיין געברויך און פאַרברויך. און נאָך ווייסן מיר, אַז מענטשן, וועלכע מען פירט איבער פון איין אָרט אויפן צווייטן, דאַרפן מער קאַלאָריעס און וויטאַמינען ווי די אַרטיקע, די אַלט־געזעסענע.

— מער קאַלאָריעס, מער וויטאַמינען, דאָס זענען אַלץ בורזשואַזע אויסטראַכטענישן!

שמעון שווייגט. דער נאַטשאַלניק שרייבט אויס אַ קוויטל אין דער קאַפּטיאָרקע און דערלאַנגט עס אים.

סאַמעק האָט אָפּגעוואַרט שמעונען ביים אַריינגאַנג צום נאַטשאַלניק. איצט גייען זיי ביידע אין דער קאַפּטיאָרקע. סאַמעק פרייט זיך, וואָס שמעון וועט באַקומען נייע מלבושים. ער איז שטאָלץ דערפון, וואָס שמעון ווערט אַזוי אויסגעצייכנט.

אין דער קאַפּטיאָרקע זיצט דער פּאַרוואַלטער ביי אַן אָנגעצונדענעם לאָמטערן, וועלכע מען רופט „פלעדער־מויז״. ער איז אַ רוס, מיט זיין אַ געקנייטשט פּנים, כאָטש די אויגן זענען ביי אים בלאָנקנדיקע, לעבע־דיקע און די האָר כמעט שוואַרץ, לייכט אַדורכגעוואָרפן מיט גרוי. ער טראָגט אַ פּאָרברילן, וואָס האָבן שטאָט האַלאָבליעס, שטריקלעך. ער זיצט ביי אַ „בוך״, וואָס איז צונויפגענייט פון אַלטע צייטונגען, און שרייבט מיט אַ שוואַרצן, פעטן ווי סמאָלע, טינט, אויף די באַדרוקטע זייטן פון די צונויפגענייטע צייטונגען.

ער זיצט אויף אַן אַלטן אויסגעבויגענעם פאָטעל ביי אַ טיש פאַרלייגטן מיט אַזעלכע צייטונגען־ביכער. אַרום אים הויערן זיך בערגער מיט שוואַר־צע מלבושים. דאָס ליכט פון לאָמטערן איז רויט, דעם פּאַרוואַלטערס פּנים — געל און אַרום אים פול מיט שוואַרצע שאָטנס.

ער באַקוקט לאַנג דאָס פּאַפּירל, וועלכעס שמעון האָט אים דערלאַנגט. קוקט צודרינגלעך אויף שמעונען, ענדלעך זאָגט ער ווי צו זיך: — געפּי־נען אַ סטאַכאַנאָוויעץ צו געבן אים מלבושים פון ערשטן סראָק.

— וואָס איז אייער עסק — רופט זיך אָן סאַמעק — דער נאַטשאַלניק ווייסט וואָס ער טוט.

— הער דו, ווער ביסטו? אַ דענשטשיק? ביי אונדז זענען נישט פֿאַראַן קיין דענשטשיקעס. וואַן אַרויס!

סאַמעק רירט זיך נישט פֿון אָרט. דער רוס שטעלט זיך אויף פֿאַמע־לעך, ברענגט ערגעץ פֿון אַ ווינקל אַ נייע פּופּייקע, אַ נייעם בושלאַט, נייע וואַטענע הויזן, אַ פּאָר פֿרישע אָנוצעס, נאָר וואַלענקעס ברענגט ער געניצטע.

— אין קוויטל שטייט אָנגעשריבן נייע וואַלענקעס — זאָגט סאַמעק מיט אַ געבייזער.

— נישטאָ קיין נייע. די זענען שוין די בעסטע.

— דאָקטאָר, נעמט נישט די וואַלענקעס. ער מוז אייך געבן נייע.

— יונגער מענטש, ביי אונדז גיט מען פֿאַר בונטעווען צוואַנציק יאָר, אָדער גאָר ראַסטריעל.

שמעון גיט אַ מאַך מיט דער האַנט. ער נעמט די וואַלענקעס, שרייבט זיך אונטער אין דעם באַדרוקטן בוך. סאַמעק העלפֿט אים טראָגן די מלבו־שים און זיי גייען אין באַראַק.

סאַמעק אַרבעט שוין אין דער קיך. ער אַרבעט ביינאַכט ביים צוגרייטן דאָס עסן אויף פֿאַרטאָג. פֿאַרטאָג קומט ער אַריין אין באַראַק זען ווי שמעון זעט אויס אין די נייע מלבושים פֿון אַ זע.־קאַ. ער טרעפֿט אים זיצן און פֿאַרען זיך ביי די אָנוצעס, וועלכע ווילן זיך ביי אים נישט האַלטן אויף די פֿיס, נאָר ווערן באַלד אַ קנויל און קענען נישט אַריין אין די וואַלענ־קעס.

סאַמעק הייסט זיך שמעונען אויעקזעצן און ער נעמט אים אַרומוויקלען די אָנוצעס אַרום די פֿיס. מיטן ערשטן פֿוס איז ער שוין פֿאַרטיק. ער שטעקט שוין אין וואַלענעק. ווען ער האַלט ביים צווייטן פֿוס, גיט גראָד אַ קום אַריין דער קאָמענדאַנט פֿון דער זאָנע, סאָבאַטשאָוו. דערזעענדיק ווי שמעון זיצט און סאַמעק פֿאַרוויקלט אים די אָנוצע, בלייבט ער אַ פֿאַרשטאַרטער, ווי ס'וואָלט אים פֿאַרפֿעלט לופֿט. די ווייסע אויגן גרויס און בולט, ווי זיי וואָלטן זיך געריסן פֿון די אויגן־לעכער. מיט אַ מאָל שרייט ער אַרויס דורך זיינע גרויסע, געלע ציין:

— אין דיין מאַמען אַריין! און ווער האָט דיר אין דער היים אָנגעטאָן די אָנוצעס ? !

די אָנוצע איז פֿאַרוויקלט. סאַמעק פֿאַרשווינדט גיך. שמעון שטופּט אַריין דעם צווייטן פֿוס אין וואַלענעק און טראַכטן טראַכט ער זיך, אַז דער רוס מוז גאָר אַפֿילו נישט וויסן, אַז ס'איז פֿאַראַן אויף דער וועלט אַזאַ זאַך, וואָס הייסט שקאַרפּעטקעס.



ס׳זענען אָנגעקומען די ימים־נוראים. נישט אַלע אין לאַגער האָבן וועגן דעם געדענקט. פּאַרקערט, גאָר אַ סך האָבן אין דעם פאַרגעסן. די צוויי טעג ראש־השנה זענען אַדורכגעגאַנגען ווי געוויינטלעכע טעג. פאַר די וואָס האָבן געדענקט, אַז ס׳איז ראש־השנה, זענען די צוויי טעג געווען נאָך מאַטערנדיקער ווי די פשוטע. אין דעם איז באַשטאַנען זייער גאַנץ אַנדערשקייט.

ווען ס׳האָט זיך דערנענטער יום־כפור, איז צו שמוענען צוגעקומען אַ יונגער מענטש פון אַ יאָר צוואַנציק — עטלעכע צוואַנציק, מיט אַ העל פּנים, גרויסע גרוי־בלויע אויגן, אַ ביסל בולטע, מיט אַ הויכן לומדישן שטערן. שמעון האָט אים באַקענט אין לאַגער. ער האָט וועגן אים געוווּסט, אַז דער יונגער־מאַן האָט ליב זיך אַריינצוכאַפּן אין דער קאַנצעלאַריע צום יידישן נאַטשאַלניק און פאַרפירן מיט אים אַ טעאָרעטישן שמועס וועגן מאַרקסיזם.

איצט רעדט ער מיט שמעונען, אַז זיי ביידע און נאָך אייבער, אַן על־טערער, זאָלן גיין צום נאַטשאַלניק אים בעטן, ער זאָל די יידן באַפרייען פון דער אַרבעט אויף יום־כפור.

שמעון קען שוין גוט דעם נאַטשאַלניק. ער ווייסט פאַראויס, וואָס יענער וועט ענטפערן, אָבער זאָגן ניין, וויל ער נישט. ער באַשטייט.

— מיר זענען געקומען מיט אַ דעלעגאַציע — רופט זיך אָן רייכמאַן, דער יונגער־מאַן, וואָס האָט איניצירט די אינטערוועניץ.

— מיט אַ דעלעגאַציע ?

ביים נאַטשאַלניק באַווייזט זיך אַ טיפער קנייטש אין דער לענג פון שטערן, וואָס דערגייט ביז דער נאָז. זיין פּנים ציט זיך צונויף. ביי דעם וואָרט „דעלעגאַציע" קרימט ער אויס דאָס מויל, ווי ער וואָלט אין עס אַריינגענומען עפּעס זייער אַ זויערע זאַך.

— און ווער האָט אייך דעלעגירט ? געמאַכט אַ פאַרזאַמלונג ?

— ניין, ניין — רייכמאַן פאַרלירט זיך אַ ביסל — ניין, נאָר מיר פאַרשטייען, מיר ווייסן, אַז אַלע ווילן, ווונטשן זיך דאָס זעלבע וואָס מיר.

— זע.־קאָ. רייכמאַן, עפּעס ווייסט איר צופיל און פאַרשטייט צופיל, וואָס אַנדערע ווילן.

שמעון נעמט ראַטעווען די לאַגע. ער איז זאַכלעך און באַשלאָסן.

— בירגער נאַטשאַלניק, אַזוי ווי אין דריי טעג אַרום איז יום־כפור,

דער היילִיקסטער טאָג ביי אונדז, בעטן מיר אייך צו באַפרייען די יידן אויף דעם טאָג פון דער אַרבעט.

רייגאַראַדזקיס פּנים ווערט רויט.

— רעליגיע איז אָפּיום פאַר די מאַסן, האָט געזאָגט דער חבר לעבין. און איר, דאָקטאָר, שטאָט אָפּגעוויינען די מענטשן פון אָפּיום, ווילט איר גאָר זיי צו דעם צוגעוויינען!

— אין געוויסע פאַלן באַנוצן מיר זיך מיט אָפּיום, בירגער נאַטשאַל־ניק. נישט נאָר מיר, נאָר אויך אייערע דאָקטוירים.

— דאָקטאָר, הערט שוין אויף מיט דער איינטיילונג אויף „מיר און איר". מיר זענען אַלע איינע. מיר געהערן אַלע דער סאָוויעטישער מאַכט. כ'וועל אַ טראַכט טאָן וועגן דעם וואָס איר האָט מיר געזאָגט און אייך רופן צו זיך.

אַלע דריי גייען אַרויס פון נאַטשאַלניק צעטומלטע. דער עלטערער מענטש מאַכט פאַרוואורפן שמעונען, אַז זעענדיק ווי דער נאַטשאַלניק ענט־פערט רייכמאַנען, האָט ער שוין נישט באַדאַרפן באַרירן די פראַגע פון יום־כפּור, נאָר געפינען עפּעס אַ תירוץ צוליב וואָס זיי זענען געקומען, אַבי יוצא זיין. אָבער רייכמאַן האַלט, אַז שמעון האָט גוט געטאָן וואָס ער האָט אַוועקגעשטעלט די פראַגע קלאָר און אָפן, און זאָל זיין וואָס וועט זיין. אַלע דריי האָבן דאָס געפיל, אַז זיי האָבן גענומען אויף זיך אַ צרה, און אפשר נישט נאָר אויף זיך.

ס'גייט אַדורך אַ טאָג, ס'גייט אַדורך אַ צווייטער — און דער נאַטשאַל־ניק רופט נישט.

ערב יום־כפּור פאַרנאַכט, עסט שמעון אין וואַלד זיין לעצט שטיקל ברויט און דערמיט פאַרפאַסט ער. ווען ער קומט מיט די בריגאַדעס צוריק אין דער לאַגער־זאָנע, נעמט ער נישט זיין עסן, די זופּ מיטן ביסל קאַשע. ער נעמט עס נישט, כאָטש ס'זענען שוין פריער געהאַט אַדורך אַ שיינע פּאָר יאָר, אין וועלכע ער האָט נישט געפאַסט יום־כפּור.

ביינאַכט יאָגט מען דעם עולם זיך לייגן שלאָפן. געוויינטלעך, ווען ס'איז צומאָרגנס אַ פרייער טאָג, לאָזט מען די מענטשן אויפזיין ווי לאַנג זיי ווילן. רייכמאַן טענהט אָבער איין מיט שמעונען, אַז דאָס איז נאָך אַלץ קיין סימן נישט. די נאַטשאַלניקעס האָבן ליב צו טאָן צולהכעיס. איצט יאָגט מען לייגן זיך שלאָפן, אָבער צומאָרגנס וועט מען נישט וועקן צו דער אַרבעט.

אין מיטן שלאָף, וועקט שמעונען אויף סאַמעק. ער האָט אים געבראַכט פון דער קיך, וווּ ער אַרבעט, אַ פּאַרציע פרישע אַלאַדיעס. אָבער שמעון

באַדאַנקט זיך, און זאָגט אים, אַז היינט איז יום־כפור און ער פאַסט. סאַמעק שטאַמט אַפּנים פון אַ פרייער שטוב. די ערשטע רגעס פרוווט ער אַפילו לייכט חוזקן פון שמעונס אַפּזאָג. אָבער באַלד כאַפּט ער זיך צו וועמען ער רעדט און ציט זיך צוריק מיט דרך־ארץ.

ס'איז נאָך פינצטער און ס'הערט זיך דער טעמפּער געהילעך פון דעם אייזערנעם לאַם, וואָס זעצט אין דער אייזערנער שינע. דאָס רייסט מען אַזוי אַרום דעם עולם אַרעסטאַנטן אַרויס פון שלאָף. ס'הויבט זיך אָן דאָס ראַיען זיך אין די באַראַקן. דער קאָמענדאַנט סאַבאַטשאַוו און דער נאַר־יאַדטשיק וואַניאַ, יאָגן היינט מיט אַ ספּעציעלן אייפער די מענטשן פון די באַראַקן אַרויס.

רייכמאַן איז ווידער ביי שמעונען און פאַרזיכערט אים, אַז צונויפרופן די בריגאַדעס וועט מען טאַקע, מען וועט זיי אויסשטעלן, ווי ביים אַרויספירן צו דער אַרבעט, אָבער צו דער אַרבעט וועט מען זיי נישט שיקן. ער קען גוט, זאָגט ער, דעם סאַדיסטישן מעכאַניזם פון דער לאַגער־מאַכט.

די בריגאַדעס פאַרמירן זיך. ס'באַמערקט זיך אַן אומרואיקייט ביי דער לאַגער־מאַכט. ס'איז עפּעס אַ ספּעציעלע באַוועגונג. ביים טויער פון דער זאָנע איז די וואך אַ פאַרדאָפּלטע. מען זעט אויך דעם לאַגער־נאַטשאַלניק רייגאַראַדזקין, וועלכער קומט גענוג זעלטן צום ראַזוואָד. ער שטייט אויף עטלעכע שטיגן פון דער כלעבאַריעזקע, דאָרט ווו מען צעשניידט דאָס ברויט — און אָבסערווירט וואָס ס'טוט זיך אין דער זאָנע.

ווען אַלע בריגאַדעס זענען שוין אויספאַרמירט, הייסט דער לאַגער־נאַטשאַלניק דעם עולם זיין שטיל און ער הויבט אָן:

— מען איז געקומען צו מיר (ער מיידט אויס דאָס וואָרט „דעלעגאַציע") בעטן, אַז אַזוי ווי היינט איז דער יום־טוב יום־כפור, זאָל איך די יידן באַפרייען פון דער אַרבעט. נישט פאַראַן ביי אונדז אין ראַטן־פאַרבאַנד קיין אַנדערע ימים־טובים אַ חוץ רעוואָלוציאָנערע! דווקא היינט דאַרפט איר פאַרגרעסערן די אַרבעטס־נאָרמע. נאָר אַזוי אַרום וועט איר אַרויסווייזן אייער לאָיאַליטעט צום סאָוויעטישן רעזשים. נעמט עס זיך גוט אין זינען!

די מוזיק שפּילט „מאָסקווע מיינע". ס'פּראַלן זיך אויף די געלע טויערן און דער עולם גייט אַרויס.

שמעון נעמט אין דער פרי זיין פאַרציע ברויט, אָבער ער עסט זי נישט, ער עסט אויך נישט דאָס עסן, וואָס מען גיט אין דער פרי, פאַרן אַרויסגיין צו דער אַרבעט. דאָס ברויט נעמט ער מיט מיט זיך אין וואַלד, אַז ווען ער וועט זען די ערשטע שטערן, וועט ער עס עסן.

דעם טאָג האָבן די דיעסאָטניקעס און די בריגאַדירן געיאָגט דעם עולם צו דער אַרבעט אַ סך מער ווי געוויינטלעך. דער דרוק אויף די אַרעסטאַנטן איז געווען אַ שטאַרקער און כסדרדיקער.

מוצאי יום־כיפור איז דער איזאָלאַטאָר, ווו מען זעצט איין אַרעסטאַנטן פאַר נישט גענוג אַרבעטן, געווען איבערפולט.

ס'פאַלט כסדר אַ שניי, אַ דינער און טרוקענער ווי מעל. דער פראָסט פאַרפרירט אים גיך. די אַרבעט ווערט שווערער, דער רעזשים שאַרפער, די פרעסט, וואָס אַ מאָל גרעסער.

די מענטשן קומען שפּעט פון דער אַרבעט מידע, צעבראָכענע. און מידע רייסט דער „פּאַדיאָם" זיי האַסטיק אַרויס יעדן פאַרטאָג, ווען ס'איז נאָך פינצטער, פון דעם ביסל קאַרגן שלאָף, זיי זאָלן זיך שטעלן אין די רייען און גיין צו דער אַרבעט.

זיי שטייען אין שוואַרצע לאַנגע רייען צווישן ווייסע בערגער אָנגע־שאָטענעם שניי אין דער פרימאָרגנדיקער קעלט און דערנאָך נעמען זיי זיך ציען ווייט, ווייט אין דער ווייסער פאַרפאַלנקייט...

## פערד און מענטשן

אַנטקייגן דער זאָנע, אַ צוויי הונדערט מעטער ווייט פון איר, אויך אויף אַ בערגל, געפינט זיך די קאָניושניע, די פערד־שטאַל, וואָס געהער צום לאַגער.

דאָס איז אַ לאַנגע, גרויע, געמויערטע געביידע מיט צוויי זייטיקע שפּועדיקע פליגלען. ס׳זעט אויס, ווי די גאַנצע שווערע געביידע וואָלט זיך אָנגעשפּאַרט אויף די דאָזיקע צוויי פליגלען, ווי אויף צוויי שטאַרקע עלעבויגנס.

אין דער שטאַל איז ריין און וואַרעם. ס׳פילט זיך דאָ אַ סאָלידע באַלע־באַטישקייט. דער שטיינערנער דיל איז אויסגעוואַשן און גוט אָפּגעשווענקט. די פערד שטייען אין די באַזונדערע האָלצערנע איבערצוימונגען און נורען די זאַפטיקע פיסקעס אין די שוין כמעט אויסגעליידיקטע קאָריטעס. ווען מען עפנט דעם אַריינגאַנג אין שטאַל, זעט מען אַ פּאָר צענדליק פערדישע אונטער־חלקים, וואָס שמייסן זיך מיט פאַרגעניגן איבער די בייכער מיט די גוט אויסגעבאַרשטע ווײַנדלען.

ס׳פילט זיך אַ ריח פון אַמאָניאַק און פון פרישער פערדישער צואה. אַ וואַרעמקייט צעגייט זיך פון די גרויסע פערדישע גופים. דער גרויער פאַרטאָג טוט זיך מיט בלינדער מוטנעקייט זעצן אויף די קליינע קיילעכ־דיקע פענצטערלעך, וואָס געפינען זיך אין די ווענט סאַמע אויבן ביי□ דאַך צו. די קיילעכדיקע פענצטערלעך זענען פאַרשאָטן מיט שניי און זעען אויס ווי אויגן פאַרצויגענע מיט ביעלמעס.

אין דער שטאַל ברענען עטלעכע לאַמטערנעס, וואָס הענגען אַראָפּ פון היוכן פולאָפּ אויף לאַנגע, דאַרע דראָטן. דער געהילפס־וועטערינאַר גייט אַרום צווישן די פערד און מיט אַ דינעם טערמאָמעטער צוגעבונדן צו אַ שפּאַגאַט, מעסט ער ביי די פערד די טעמפּעראַטור און פאַרצייכנט זי מיט קרייד אויף אַ שוואַרצן טאָוול.

דער נאַטשאַלניק פון פערד־טראַנספּאָרט, סמירנאָוו, אויך אַן אַרעס־טאַנט, אַ פּאָליטישער, איז אַ רוס פון אַ יאָר זעכציק. אַ מיטל־וווּקסיקער,

אַברייטער, מיט אַ בלייך פּנים, שטענדיק גוט אויסגעראַזירט, מיט פּאָר־קעמטע אַרויף געדיכטע, גרויע האָר. אין אַ פּאָר האָרן־ברילן אויף דער גלייכער, עטוואָס דיקלעכער נאָז, דרייט ער זיך אַרום אין די פּאַרטאַגן צווישן די פערד מיט אַ פּאַרטראַגנקייט, ווי אַ באַלעבאָס פון אַ באַרימטער פערד־שטאַל, פּאַר אַ וויכטיקן פערד־געיעג.

סמירנאָווס שטעל, זיין פאַרהאַלטן זיך, זיין צוגאַנג צו מענטשן, זיין אופן רעדן, זיין רוסיש, זאָגן עדות אויף אַן אַריסטאָקראַטישן אָפּשטאַם. אַפילו די פּופּייקע און די וואַטענע הויזן, וואָס ער טראָגט, קאָנען מיט גאָר־נישט פאַרמינערן דעם דאָזיקן איינדרוק. אין ליבקן פליגל פון דער שטאַל־מויער, האָט ער זיין קאַנטאָר, דאָרט שטייט אויך זיין בעט. דאָרט שלאָפט ער. אין דער זאַנע זעט מען אים זייער זעלטן. אָדער ער איז אין שטאַל אָדער אין קאַנטאָר.

דער נאַטשאַלניק פון פערד־טראַנספּאָרט, סמירנאָוו, און דער לאַגער־אַגראָנאָם, באַלושקין, זענען די איינציקע וואָס, כאָטש זיי זענען אַרעסטאַנטן, און דערצו פּאָליטישע, גייען זיי שטענדיק אָן אַ קאָנוואָי און ווינען אויסער דער זאָנע. אַפילו אין דער קורצער אין דער טייגע זומער־צייט, וועלכע רופט זיך אין לאַגער „ווערעמיאַ פּאָביעגאָ״, די צייט פון אַנטלויפן, ווען ביי טייל בריגאַדעס פאַרדאָפּלט מען די וואָך, אַפילו דעמאָלט היט מען זיי אויך נישט.

זיי זענען שוין ביידע אַ סך יאָרן אין פאַרשיקונג. זיי האָבן שוין פון לאַנג פאַרלוירן יעדן קאָנטאַקט מיט זייערע נאָענטע, מיט זייער אַמאָליק לעבן און מיט דער דרויסנדיקער וועלט. זיי האָבן שוין אַפילו נישט קיין אינטערעס פאַר דעם אַלעם, וואָס איז אויסער דעם לאַגער. זיי זענען ווי שווער קראַנקע, צי ווי גאָר טיפע זקנים, וואָס האָבן שוין שלום געמאַכט מיטן געדאַנק, אַז זיי וועלן מוזן פאַרבלייבן ביזן סוף פון זייערע טעג צוגעשמידט צום בעט און שוין קיינמאָל מער נישט זען, וואָס ס׳טוט זיך אין דרויסן.

זיין גאַנצע פּאַסיע, אַלע זיינע געפילן, אַלע חושים, ווידמעט סמירנאָוו די פערד. ווי נאָר ער באַמערקט, אַז די טעמפּעראַטור איז אַ ביסל ביי אַ פערד נישט אין אַרדענונג, לאָזט ער עס שוין נישט אַרויס צו דער אַרבעט. אַ ביסל אַ שוואַכער פערד באַקומט אַ „סקידקע״, מיט אַזאַ פערד האָט מען דאָס רעכט אויסצואַרבעטן אַ געוויסן פּראָצענט וויניקער פון דער געוויינטלעכער נאָרמע. סמירנאָוו קעמפט פאַרביסן וועגן פּאַשע פאַר די פערד, ער רייסט די נאָריאַדן, די צוטיילונגען, פון די הענט, מאַכט סקאַנדאַלן די נאַטשאַלניקעס ווען די פּאַשע פאַרשפּעטיקט אָנצוקומען. ער

ציטערט איבער די פערד, ווי זיי וואָלטן געווען דאָס טייערסטע אין זיין לעבן.

סמירנאָוו איז אַליין דער נאַטשאַלניק פון פערד־טראַנספּאָרט און אַליין דער וועטערינאַר. נישט איין מאָל קומט צווישן אים און לאַגער־נאַטשאַלניק צו מוראדיקע סקאַנדאַלן, באַגלייטע מיט הויכע, צענשטאַקיקע קללות און אַריינזאַגעכצן אין דער מאַמען אַריין. דאָס געשעט דעמאָלט, ווען דער נאַטשאַלניק פון לאַגער האַלט, אַז סמירנאָוו האָט באַפרייט אַ צו גרויסע צאָל פערד פון דער אַרבעט, אָדער, אַז ער האָט באַשטימט פאַר אַ פערד אַ צו הויכע סקידקע.

— דו הורן זון בן הורן זון! — דונערט די שטים פון לאַגער־נאַטשאַל־ניק — וואָס מיינסטו, איך וועל דיר לאָזן אַראָפּרייסן דעם מלוכה־פּלאַן ?!

סמירנאָווס בלייך פּנים ווערט ווייס ווי קאַלך. ער פאַרקוועטשט אַזוי די פויסטן, אַז די נעגל שניידן זיך אים אַריין אין פלייש פון די הענט־לעפל. מיטן ווייטיק שטילט ער זיין כעס. ער סיקעט דורך די פאַר־קריצטע ציין:

— איך בין פאַראַנטוואָרטלעך מיטן קאָפּ מיינעם פאַר די פערד און אייער פּלאַן גייט מיך נישט אָן.

— וואַססס ?!! וואָס האָסטו געזאָגט ?! אייער פּלאַן גייט דיך נישט אָן. און דיין פּלאַן איז עס נישט ? דו סאַבאָטאַזשיסט! קאָנטר־רעוואָלוציאָנער! דו פּאַראַזיט איינער! דו ווילסט פרעסן סאָוויעטיש ברויט און מאַכן סאַ־באָטאַזש ?!

— און פאַרמאַטערן צום טויט שוואַכע פערד איז נישט סאַבאָטאַזש ?!

— טוט סמירנאָוו אַן אינגאַנצן אַרויסגעפּירטער פון גלייכגעוויכט זיך צעשרייען.

— דו הינטיש טינופת! צו וועמען זאָגסטו, צו וועמען רעדסטו וועגן סאַבאָטאַזש ? דו פאַרגעסט, אַז דו רעדסט צו אַ קאַפּיטאַן פון ענקאַוועדע, צום נאַטשאַלניק פון לאַגער!

דאָס פעטע פּנים פון נאַטשאַלניק איז פּורפּור־בלוי. דער גרויסער בויך שאָקלט זיך ביי אים ווי אין קדחת.

— פאַר מיינעטוועגן קאָנסטו אפילו זיין אַ פּולקאָווניק פון ענקאַוועדע און אַפילו אַ נאַטשאַלניק פון „גולאַג”, אָבער פאַר די פערד בין איך פאַר־אַנטוואָרטלעך און קיין קראַנקע פערד וועל איך נישט שיקן צו דער אַרבעט. נאָר פאַרגעדענק זיך, אַז הינטיש טינופת ביסט דו, און נישט איך, און אַ הור איז געווען דיין מאַמע — און נישט מיינע!

דער איידעלער סמירנאָוו דערמאָנט זיך מיטאַמאָל ווו ער געפינט זיך,

ער גיט זיך נאָכאַמאָל אָפּ אַ חשבון, אַז מיט אַריסטאָקראַטישע מאַניערן וואָלט שוין לאַנג דאָ פון אים קיין זכר נישט געווען, אַז דאָ מוז מען ענטפערן מיט דעם זעלבן לשון, אויף וועלכן מען רעדט צו דיר.

— באַפולמעכטיקטער פון ענקאַוועדע! סטריעלקעס! ווו זענט איר?! נעמט אים אונטער אַ וואַך! אַרעסטירט אים!

דער נאַטשאַלניק קוקט זיך אַרום אין אַלע זייטן, פינטלט מיט די פאַרפעצטע אויגן, און טראַגט זיך אַרויס אַ פאַרשעמטער.

ביי דעם אַלעם שטייט דער פראָ.־ראַב., אַרבעטס־נאַטשאַלניק, וולאַדימיר וולאַדימיראָוויטש, אַ יונגער אוקראַינער פון עטלעכע צוואַנציק יאָר. אַ הויכער, אַ שלאַנקער, מיט אַ ראָזע מיידליש פנים, מיט בלויע אויגן. ער שמייכלט קוים, אָבער ער האָט אַ טיפע הנאה פון דער קריגעריי. ער רייבט זיך די הענט פאַר שמחה, טרעט איבער פון אַ פוס אויף אַ פוס. ערשט ווען דער נאַטשאַלניק טראָגט זיך אָפּ אַ פאַרשעמטער, שיסט וולאַדימיר וולאַדימיראָוויטש אויס מיט אַ הילכיק געלעכטער.

וולאַדימיר וולאַדימיראָוויטש איז שוין באַלד דריי יאָר אין לאַגער. אין יאָר 1937 האָט ער געענדיקט דאָס מאָסקווער פּאָליטעכניקום. דעם טאָג, אין וועלכן ער האָט באַקומען דעם אינזשיניער־דיפּלאָם, האָט ער מיט אַ גרופּע חברים, וואָס האָבן צוזאַמען מיט אים געענדיקט, געמאַכט אַ וויעטשערינקע, אַ הוליאַנקע, געפייערט דעם גרויסן יום־טוב פון ענדיקן דעם סטודיום, פון אָנהויבן אַ ניי לעבן. ביינאַכט זענען זיי אָנגעטרונקענע אַרויס אין גאַס. יונגע, פריילעכע, צעהוליעטע, זענען זיי געגאַנגען איבער די מאָסקווער גאַסן, געזונגען, געטאַנצט, אָנגעמאַכט אַ טומל. מען האָט זיי אַרעסטירט און באַשולדיקט אין כוליגאַניזם. וולאַדימיר וולאַדימיראָוויטשן, ווייל ער איז געווען אַן אוקראַינער, האָט מען אים צוגעלייגט אַ פּאַראַגראַף פאַר נאַציאָנאַליזם און אים פאַרמישפּט אונטער די אויגן אויף צען יאָר אַרבעטס־אויסבעסערונגס־לאַגער.

ווען דער פּוילישער עטאַפּ קומט אָן אין לאַגער, ווערט וולאַדימיר וולאַדימיראָוויטש דאָרט פּראָ.־ראַב. ער פירט אָן מיט אַלע אַרבעטן אין וואַלד. פון שניידן די ביימער ביזן אָוועקפירן דאָס געהילץ צום ספּלאַוו, צום אָפּשיקן עס מיטן וואַסער. ער נעמט אָפּ די ראַפּאָרטן פון די עלטערע דיעסאַטניקעס און פון די קאָנטראָל־דיעסאַטניקעס. באַזוכט די אַרבעטס־ערטער און קאָנטראָלירט ווי די אַרבעט גייט.

וולאַדימיר וולאַדימיראָוויטש טוט אַלץ שטיל. פלינק. ער הויבט קיינ־

מאָל אויף קיינעם נישט אויף זיין קול. ער רעדט ווייניק. איז פאַרשלאָסן אין זיך.

איצט, נאָך דער זידלעריי צווישן דעם לאַגער־נאַטשאַלניק און דעם פערד־טראַנספּאָרט־נאַטשאַלניק, שטייט דער פּראָ.־ראַב. און לאַכט הילכיק, אַ זאַך, וואָס טרעפט זיך ביי אים גאָר זעלטן. אָבער סמירנאָוו איז אַ רוסי־שער פּאַטריאָט און האָט פיינט דעם אוקראַינער. סמירנאָוו לייענט אין פּראָ.־ראַבס געדאַנקען. ער האָט שוין נישט איינמאָל באַמערקט, אַז ווען די פאַרשידענע נאַטשאַלניקעס, גרעסערע און קלענערע, קריגן זיך, רייסן זיך אַרום, שמייכלט דער פּראָ.־ראַב. סמירנאָוו האָט זיך געכאַפּט, אַז אַמיינסטן טוט דעם אוקראַאינישן פּראָ.־ראַב. הנאה, ווען דער יידישער לאַגער־נאַטשאַלניק זידלט זיך מיט רוסישע נאַטשאַלניקעס.

סמירנאָוו מאַכט זיך נישט הערן וולאַדימיר וולאַדימיראָוויטשעס גע־לעכטער. ער קוקט נישט אין יענעמס זייט. אַזוי ווי עס וואָלט גאָרנישט געווען, אַזוי ווי עס וואָלט גאָרנישט פּאַרגעקומען. מיט באַהערשטע ווי אַלע מאָל באַוועגונגען און גלייכצייטיק ווי אין גרויסער פאַרטראַגנקייט, נעמט סמירנאָוו אַרומגיין צווישן די פערד.



באַלד ווי מען האָט געשאַפן די בריגאַדעס פון לעסאָ־פּאָוואַלשטשיקעס, וואַלד־האַקער, האָט מען אויך געשאַפן בריגאַדעס פון וואָזטשיקעס, באַ־לאַגאַלעס, וועלכע דאַרפן דאָס געשניטענע האָלץ אַרויספירן פונעם וואַלד צום סקלאַד.

דער סקלאַד, דאָס איז אַ פּירעקיק אָרט אויסגעשניטן אין וואַלד און אָפּגערייניקט. דאָס האָלץ ווערט דאָ אָפּגענומען דורכן דיעסאַט־ניק, וועלכער מעסט אויס יעדן קלאָץ, באַקוקט אים און באַשטימט זיין סאָרט. דאָס האָלץ ווערט אַהער געבראַכט דורך זייער אַ שמאָלן, אויסגעשניטענעם וועג אין וואַלד, ווי אַ שרינט אין אַ געדיכטן קאָפּ האָר.

ווען מען פירט אַרויס די בריגאַדעס וואַלד־האַקער צו דער אַרבעט, קומען אָן צו דער פערד־שטאַל פון דער זאָנע די בריגאַדעס באַלאַגאַלעס מיט זייערע בריגאַדירן און דיעסאַטניקעס. אונטער זיי גייען די וואָכן מיט די ביקסן אין די הענט.

די וועלט איז איינגעהילט אין אַ גרויער ווייסקייט. דאָס איז די מאַטע ווייסקייט פון די ווינטערדיקע טייגע־פאַרטאָגן, וואָס מאַכן פּונקט אַזוי מיד און אָפּהענטיק, ווי שפּעטער די זומערדיקע, ווייסע טייגע־נעכט.

דער הימל איז איצט גרוי און די ערד איז ווייס פון שניי. דאָרט, אויף די ערטער וווּ דער וואַלד איז אויסגעשניטן, גייט זיך צונויף די גרויקייט פון הימל מיט דער ווייסקייט פון ערד, ווי דער ים, וואָס גייט זיך אויפן האָריזאָנט צונויף מיטן הימל.

באַלד נעמען זיך אויפן פאָן פון גרויען הימל, אויסשניידן די הויכע, שמאָלע, שוואַרצע יאָלקעס, וואָס זעען איצט אויס ווי געצייכנטע מיט אַ דין טוש־פעדערל אויף אַ גרויסן, גרויען קאַרטאָן.

די בריגאַדירן מיט די דיעסאַטניקעס פירן אַרויס די פערד, ברענגען אַרויס דאָס געשפאַן אויפן פלעצל אונטער דער שטאַל, וווּ ס׳שטייען די שליטנס.

די שליטנס זענען געמאַכט פון צוויי פלאָזעס, שליטן־שטאַנגען, באַהאָפטענע אין דער ברייט מיט אַ קורצן באַלקן — אַ קישן, אויף וועלכן מען שפּאַרט אָן די קעפּ פון די אונטערגעשניטענעביימער. צו די פלאָזעס זענען צוגעשרויפט צוויי האָלאָבליעס, צווישן וועלכע ס׳גייט דאָס איינגעשפּאַנטע פערד. ווען מען שפּאַרט אָן די ביימער אין באַלקן, בינדט מען זיי צו מיט אַן אייזערנער קייט, וועלכע איז צום באַלקן צוגעשמידט.

די פּראָווינצער יידן, וואָס זענען גיכער צוגעוווינט צו פערד, גיבן זיך נאָך ווי דאָס איז אַן עצה. אָבער די שטאָטישע יידן ציטערן אינגאַנצן, ווען זיי דאַרפן צו די פערד צוגיין. די פערד, ביי זייער גאַנצן „פערדישן שכל״, פילן באַלד אויס ווער גייט דאָס זיין זייער פירער, ווער גייט זיי דאָס נעמען אין געשפאַן. זיי וואַרפן זיך ווי אין קדחת, קלאַפּן מיט די זייטן, שמייסן מיט די ווײַנדלען, שלאָגן מיט די קעפּ און יאָגן אָפּ פון זיך די יידן וואָס דערנענטערן זיך צו זיי. זיי לאָזן זיך נישט אָנרירן.

די רוסישע דיעסאַטניקעס און די בריגאַדירן פּעפּערן די יידן אין זייערע מאַמעס ביז אין צענטן דור אַריין. זיי מוזן העלפן די יידן שפּאַנען די פערד. דאָס געשפאַן, די דוגעס, די שליטנס, אַלץ איז געפרוירן. די פאַרשטייפטע דוגעס לאָזן זיך נישט בייגן, זיי לאָזן זיך נישט אַריינפּאַסן אין פאַרשטייפטן געשפאַן. די הענט ווערן גיך שטאַר, די פינגער געזגראַ־ביעט און די נעגל טוען פון דער קעלט מוראַדיק וויי. ביי יעדער באַוועגונג, ווען די געפרוירענע נעגל טוען זיך איינדרוקן אין פלייש פון די גע־זגראַביעטע פינגער, פאַרגייט אַזש דאָס האַרץ פון יסורים. פון פראָסט און פון ווייטיק, טוען ביי די פרישע, נישט צוגעוווינטע מענטשן, רינען טרערן פון די אויגן, און ס׳זעט אויס ווי זיי וואָלטן געוויינט. ווען עמעצער פון די רוסישע בריגאַדירן צי דיעסאַטניקעס באַמערקט דאָס, נעמען זיי אַדורך

די דאַזיקע מענטשן מיט אַ שפּיזיקן חוזק־שמייכל און שפּייען אויס פול מיט עקל.

ווען מען ציט שוין ענדלעך צו די דוגע צו די האַלאַבאַליעס און מען פאַרבינדט מיט די פּאַסטראַנקעס, איז אָדער די פּאַסטראַנקעס פּלאַצן, אָדער די דוגע פּלאַצט. טיילמאָל טוט די דוגע אַ פּלי אַרויס פון די פּאַסטראַנקעס, ווי אַ צו שטאַרק אָנגעצויגענער פּאַלעבויגן, פון די הענט פון אַן איבער־געשראָקן קינד.

אויפן פּראָסט פּלאַצט גיך אַפילו דאָס באַרימטע פערדישע געדולד. אַ פערד פאַרטראָגט נישט ווען עטלעכע מענטשן שפּאַנען עס. אַ פערד פאַרטראָגט נישט, ווען דאָס שפּאַנען איז אומגעלומפּערט און געדויערט צו לאַנג, צי ווען מען ציט עס ביי דער גריווע ביים פאַרלייגן די דוגע, ווען מען שלעפּט עס ביים קאָפּ איידער מען פאַרלייגט אים אין פּיסק דאָס צוימל. די פערד ווערן אומרואיק פון שטיין אויפן פּראָסט צו לאַנג אויף איין אָרט. פּלוצים טוט אַ פערד אַ הויב אויף אַן אינטערגעקאַוועטן פוס פול באַלייגט מיט שניי און טוט אַ סמירגעניע דעם באַלאַגאַלע גלייך אין די אויגן אַריין, אַז יענער בלייבט שטיין אַ צעמישטער פון דער ווייסער פאַרבלענדעניש.

פאַראַן פערד, וואָס לאָזן זיך דווקא לייכט שפּאַנען. זיי זענען מילד, נאָכגיביק, געדולדיק און אונטערטעניק. זיי גייען זייער גערן אין וואַלד אַריין. אָבער ווען מען לאָדנט אָן אויפן שליטן אַ פּאָר ביימער און דער באַלאַגאַלע זאָגט אָן איידעלעם „וויאָ" און הייסט אַ שלעפּ טאָן, טוט אַזאַ פערד, מיט עטלעכע געשיקטע טאַנץ־באַוועגונגען, אַ שפּאַן זיך אויס פון שליטן, וואַרפט אַראָפּ פון זיך די דוגע, שפּרינגט אַרויס פון די האַלאַבאַליעס און אַנטלויפט אין אַ גאַלאָפּ פון וואַלד.



ווען אַלע פערד און שליטנס זענען שוין איינגעשפּאַנט, רירן די ברי־גאַדעס באַלאַגאַלעס פון אָרט. נאָך יעדן שליטן גייט נאָך, אַ חוץ דעם באַלאַגאַלע, אַ נאַוואַלשטשיק, אַן אַנלאָדענער, מיט אַ גראָבן שטעקן פון אַ גרויסער סאָסנע־צווייג אין די הענט. דער שטעקן דינט אויף אונטער־צוהייבן די ליגנדיקע אויף דער ערד, אַרומגעהאַקטע פון קרוינען און צווייגן און צעשניטענע אויף באַשטימטע מאָסן, ביימער. יעדער שליטן האָט זיך זיין נאַוואַלשטשיק. דער באַלאַגאַלע פירט נאָר אַרויס דאָס האָלץ פונעם וואַלד, אָנלאָדענען טוט דער נאַוואַלשטשיק.

די בריגאַדעס אַרום די שליטנס, די באַלאַגאַלעס און די אָנלאָדענער מיט די שטעקנס אין די הענט, אַלע אָנגעטוענע אין שוואַרצע פופייקעס און שוואַרצע הויזן, זיי אַלע זעען אויס אין דער פּאַרטאַגיקער מאַטער ווייסקייט, אין זייער אומעטיקן, פאַרחושכטן, אַפּהענטיקן גאַנג — ווי מאַ־רודערן פון אַ צעקלאַפּטער איינהייט נאָך אַ פאַרשפּילטער שלאַכט.

פאַראַן בריגאַדעס, וועלכע מען פירט דורך אָפענע פליינען פאַרשאָטענע מיט שניי, וווּ ס׳זעען זיך אָן ווייסע בערגלעך, ווי די באַשנייטע ערד וואַלט דאָ געווען איינגאַנצן באַדעקט מיט אָנגעלאָפענע ביילן. דאָס זענען שטחים, ווו מען האָט אויסגעהאַקט דעם וואַלד, נאָר נאָכנישט אויסגעקאַרטשעוועט די פּיעניעס, אַרום וועלכע דער שניי ליגט איצט אַרומגעבערגלט ווייס און ווייך.

אַנדערע בריגאַדעס פירט מען מיט ענגע וועגן, דורך ספּעציעל אויס־געשניטענע שמאָלע פּאַסן וואַלד. דורך אַזאַ סטעזשקע קאָנען אין דער ברייט אַדורכגיין העכסטנס צוויי מענטשן, אָדער אַ פערד מיט אַ שמאָלן שליטן. דער באַלאַגאַלע מוז שוין גיין אונטער זיי. דאָ איז אָבער אָמבאַ־קוועמסטן צו גיין. דער וועג איז געשיצט דורך צוויי הויכע ביימער־ווענט און באַשירעמט מיט ברייטע ביימער־קרוינען און צווייגן. דער וועג איז נישט געשניטן גלייך, נאָר אין זיג־זאַגן. אַלע פּאָר צענדליק מעטער, וואַקסט אויס אַ ביימער־וואַנט. אַזוי אַרום איז דער וועג פון אַלע זייטן אַ פאַרמאַכטער. דער שניי פאַלט דאָ נישט געדיכט אויף דער ערד, נאָר בלייבט ליגן אויף די גרינע צווייגן, וואָס זעען אויס ווי אַדורכגעוואַקסן מיט אַ ווייסן, הויכן, קאַלטן מאָך. דאָ זענען נישט פאַראַן קיין שניי־זאַספּעס, ווי אויף די פליינען, און דער גאַנג איז דאָ אַ לייכטערער.

אין די פאַרטאָגן איז אויף די דאָזיקע וועגן אַזוי פינצטער, ווי אין אַ טונעל. די ביימער און די געדיכטע צווייגן טוען אַלץ פאַרשטעלן. דאָס גרוי וועלכעס דער פאַרטאָגיקער הימל טוט אַריינטריפן אין דער טונקלקייט, דערגייט דאָ נישט. ערטערווייז, דאָרט וווּ די צווייגן זענען שיטערער, ליגן אָנגעשיט אויף דער ערד בערגלעך שניי. זייער ווייסקייט איז דאָ, אין דעם טונעל פון ביימער און צווייגן, אַ בלינדע, אַ פינצטערע, אַן אויסגעלאָשענע.

די בריגאַדירן און די דיעסאַטניקעס צינדן אָן די קיילעכדיקע לאַמ־טערנעס, „פלעדערמייז" און האַלטן זיי ביי די אויערן. זיי וויגן די לאַמ־טערנעס אין די הענט און ווייזן אָן די בריגאַדעס, מיט די זיך שאָקלענ־דיקע פייערן, דעם וועג, אַזוי ווי דאָס טוען די באַן־וועכטערס, ווען זיי ווייזן ליכט־צייכנס די אַדורכלויפנדיקע אין די פינצטערע נעכט באַנען.

אונטער יעדער בריגאַדע גייט אַ סטריעלאָק און שרייט כסדר: נישט פונ־אַנדערציען זיך! גיכער! גיכער!!!

פון די צעוויגטע אין די הענט ברענענדיקע לאַמטערנעס לייגן זיך אויפן שניי לאַנגע, שמאָלע, צאַנקענדיקע צונגען רויט ליכט. די מאַסע שוואַרץ אַנגעטוענע מענטשן, און זיי פאַראויס די אַנגעצונדענע לאַמטער־נעס, זעען אויס ווי אַ געהיימנישפולער לויה־צוג אין אַ פינצטערער נאַכט, ערגעץ אויף אַ פאַרוויסטן בית־עולם. נאָר דאָס שאַרפע געשריי פון סטריעלאָק: ביסטריעי! ביסטריעי! — דערמאָנט די מענטשן ווו זיי געפינען זיך.

טייל בריגאַדעס פירט מען דורך דער „לעזשניאָווקע”.

דאָס איז אַ געלייגטער, האָלצערנער וועג פאַר די שווערע טראַנספּאָרט־אויטאָס, אויף וועלכע מען פירט דאָס האָלץ פון די סקלאַדעס, וואָס געפונען זיך אין די וועלדער, צו די פונקטן אויף די טייכן וויסליאַנאַ און ווים, ווו מען גרייט עס צו צום ספּלאַוו, צו שיקן אין די קורצע זומער־חדשים מיטן וואַסער. די ליעזשניאָווקע איז געמאַכט פון גאַנצע ביימער פון מיטעלער דיק, ביי וועלכע מען האָט אַרומגעהאַקט די צווייגן און אָפּגעזעגט די קרוינען. די ביימער, נישט קיין געהיבלעוועטע, און אַפילו נישט אַרומגעשיילטע פון דער קאָרע, זענען געלייגט אין דער לענג און צונויפגעקלאַפּט מיט אייזערנע קלאַמרעס, ביי די זייטן פון דעם האָלצערנעם וועג ליגן גאָר דיקע ביימער, וואָס שאַפן אַ מין באַריערע אין דער לענג פון דעם וועג.

די יידישע אַרעסטאַנטן, וועלכע מען פירט מיט דער ליעזשניאָווקע, גייען און פאַלן, גייען און פאַלן. נאָר די רוסן, געוווינטע צו שניי און צו פרעסט, שפּרייזן אויף דער גליטשיקער קיילעכדיקייט פון די ביימער, ווי אויף אַ גלאַטיקן טראָטואַר. זיי חוזקן פון די פאַלנדיקע יידן. די סטריעלקעס, בייזן און שלעכט, זידלען און שעלטן די יידן אין דער מאַמען אַריין.

דאָך איז מיט דער ליעזשניאָווקע אַ סך לייכטער צו גיין, ווי דאָס אויסטאַפּטשען זיך אַ וועג אין די טיפע, פריש־אַנגעפאַלענע שנייען. אַ ספּע־ציעלע וועג־בריגאַדע, דראַזשניקעס, היט די האָלצערנע וועגן, זיי זאָלן נישט פאַרשאָטן ווערן. מיט לאָפּאַטעס און מיט האַרטע בעזעמער קערן זיי כסדר אָפּ די ליעזשניאָווקע, אַז די אויטאָ־מאַשינען זאָלן נישט אַראָפּ פון וועג אין שניי אַריין.

נישט יעדער סטריעלאָק וויל פירן זיין בריגאַדע מיט דער לעזשניאָווקע. אָפּט פאָרן אָן אויף דעם דאָזיקן וועג די לאַנגע טראַנספּאָרט־מאַשינען, צו וועלכע ס'זענען צוגעטשעפּעט צוגאַב־

וועגענער. דעמאָלט מוזן פאַר זיי די אַרעסטאַנטן פריי מאַכן דעם וועג. די אַרעסטאַנטן צעלויפן זיך פון בײדע זײטן פון דער ליעזשניאָוקע. נישט זעלטן קומט זיי אויס אַריינצושפּרינגען אין שניי און אויף אַ רגע נעלם ווערן פון סטריעלאָקס אויגן. דאָס מאַכט דעם סטריעלאָק יעדעס מאָל זייער אומרואיק.

ווען די בריגאַדעס קומען ענדלעך אָן אין וואַלד אַריין צו דער אַרבעט, זענען דאָס שוין האַלב־פאַרמאַטערטע מענטשן.



דער בריגאַדיר צעשטעלט די בריגאַדע באַלאַגאַלעס. ווייזט אָן יעדן פון זיי דעם אים צוגעטיילטן אָנלאָדענער, דאָס אָרט וווּהין יעדער פון זיי דאַרף זיך פאַרנעמען מיט פערד און שליטן, אַרויסצופירן פון דאָרט די אונטערגעזעגטע ביימער און זיי ברענגען צום סקלאַד.

נאָך פריער טוט דער סטריעלאָק פון דער וואַך, וואָס באַגלייט די בריגאַדע אָנווייזן דאָס אָרט, אויף וועלכן זיי מעגן זיך באַוועגן, אַזוי אַז זיי זאָלן נישט פאַרשווינדן פון זיין זע־פעלד. מיט אַ האַק טוט ער מאַכן צייכנס, דורך אָפּהאַקן שטיקער קאָרע אין די ביימער אַרום דעם אָרט, ווו זיי דאַרפן אַרבעטן. ער רופט אָן דאָס אָרט: די אָפּגעשלאָסענע זאָנע. דער־ווייטערט זיך עמעצער פון דער דאָזיקער זאָנע, האָט דער סטריעלאָק דאָס רעכט אים צו שיסן אָן אַ פריערדיקער וואָרענונג.

די בריגאַדע צעפּאַרט זיך. די פערד קענען שוין דאָס אָרט און ווייזן נישט אַרויס קיין גרויס חשק צו אַרבעטן. דער שניי האָט פאַרשיט די פּיעניעס פון די אָפּגעזעגטע ביימער, אַז מען זעט זיי נישט אַרויס. פלוצים בלייבט שטיין דאָס פערד אין מיטן וועג און ס׳גייט נישט ווייטער. ס׳ווייזט זיך אַרויס, אַז צווישן דעם פערד און שליטן איז פאַראַן אַ פּיען, וואָס לאָזט נישט דעם שליטן רירן פון אָרט.

דעמאָלט מוז מען אונטערהייבן דעם שליטן און אים איבערוואַרפן איבערן פּיען. אָפט שלאָגט זיך דער שליטן אָן אין אַ פּיען. פון דעם קלאַפּ שפּרינגט דער שליטן אַפּ אַזוי האָסטיק, אַז ער געפינט זיך אויף איין זייט, און דאָס פערד אין אַ צווייטער. נישט זעלטן טוט דעמאָלט דאָס געשפּאַן פּלאַצן, אָדער ס׳צעברעכט זיך אַ האָלאָבליע.

אַהין צו וועגס, ווען דער שליטן איז ליידיק, איז נאָך אַ האַלבע צרה, אָבער ווען דער שליטן פאָרט אַרויף אויף אַ פּיען, ווען ער איז שוין אָנגעלאָדנט מיט ביימער, פאַרמאַטערן זיך דער באַלאַגאָלע און די אָנלאָ־

דענערס. זיי גייען אָפּ ממש אין שווייס ביז ס׳געלונגט זיי אַ ריר צו טאָן דעם שליטן פון אָרט.

דערביי דרייט זיך דער סטריעלאָק פון דער וואך און קוקט זיך גוט אָרום, צי האָט עמעצער פון דער בריגאַדע נישט איבערגעטרעטן די פּאַרשלאָסענע זאָנע. ער קוקט מיט אַ פּאָר גרויסע, אויסגעשראָקענע אויגן און ס׳דאַכט זיך אים כסדר אויס, אַז עמעצער פעלט אים. ער האַלט אין איין ציילן די מענטשן און קאָן זיך נישט דערציילן. ער גייט אום און ציילט, שעלט און שפּייט אָן אָן עק און אָן אַ סוף. פון ציילן און נישט קאָנען זיך דער־ציילן, הויבט זיך אים אָן מישן דער קאָפּ. מען זעט ווי דער סטריעלאָק בלייבט שטיין, שפּאַרט אָן די ביקס אויף אָן אָרעם, אָטעמט טיף אָפּ, נעמט אַראָפּ דאָס פוטערנע היטל און מיט אַ קראַטענער נאָז־פּאַטשיילע ווישט ער זיך דעם שטערן פון שווייס. מיטאַמאָל גיט ער הילכיק אַ געשריי, אַז אַלע זאָלן איבערלאָזן פערד און שליטן און צוקומען צו אים. דעמאָלט הייסט ער די אַרעסטאַנטן זיך שטעלן אין אַ ריי — און ציילט זיי ווידער.

דערווייל, ווען דער סטריעלאָק ציילט די אַרעסטאַנטן, קריכן די פערד אַרויס פון דער „פּאַרשלאָסענער זאָנע״. דער סטריעלאָק מוז דעמאָלט דער־לויבן די אַרעסטאַנטן אַרויסגיין אויסער דער זאָנע צוריקצוברענגען די פערד און שליטנס. ער לאָזט דאָס נישט טאָן אַלע מיט אַ מאָל, נאָר אייננציקווייז. ער גייט יעדן נאָך מיט אָן אויסגעשטרעקטער ביקס גרייט צום שיסן.

עטלעכע „פּיפּיקע״ פערד, זעענדיק, אַז זיי זענען געבליבן אָן די באַלאַגאַלעס, מאַכן דערווייל זיך גרייט אויסצושפּאַנען און אַנטלויפן.



צווישן די יידן באַלאַגאַלעס איז פאַראַן איינער אַ יונגיטשקער. ער זעט אויס ווי ער וואָלט נאָר וואָס פאַרלאָזט די ישיבה־באַנק. אַן איידעלער, מיט אַ בלייך פּנים און מיט אַ קליין, ווייך בערדל ווי פון זייד.

זיין פערד איז דאָס ערשטע, וואָס אַנטלויפט פון וואַלד. ווען ער מיטן נאַוואַלשטשיק, אָן עלטערער צעבראָכענער ייד, האָבן קוים, מיט גרויס מי און מאַטער, אַנגעלאָדנט עטלעכע ביימער אויפן שליטן, זיי אַרומגעבונדן מיט דער קייט און איידל אַ בעט געטאָן ס׳פערד ס׳זאָל אַ שלעפּ טאָן, הויבט אָן פּלוצים דאָס פערד צו טאַנצן און זיך אויסשפּאַנען. שטאָט אַנצוכאַפּן דאָס פערד ביים ציימל און נישט לאָזן ס׳זאָל זיך אויסשפּאַנען, שטייט דער יונגער־מאַן אַ געלעמטער פון גרויס איבעראַשונג און קוקט

ווי פלינק דאָס פערד שפּאַנט זיך אויס. אין זיין איבעראַשונג איז פאַראַן אַ שפּאַר ביסל פאַרבליפונג פון דער פערדישער חכמה.

ווען דאָס פערד הייבט אָן אַנטלויפן, שטייט שוין דער יונגער־מאַן איינגאַנצן אַ צעמישטער, אַ טויט־דערשראָקענער. דער בריגאַדיר שרייט צו אים — לויף! יאָג נאָך דאָס פערד! אָבער דער סטריעלאָק שרייט — שטיי! דערווייטער זיך נישט! איך שיק דיר נאָך אַ קויל! דער בריגאַדיר געוואַלדעוועט — לויף! סיי ווי וועסט דו גיין אויף ראַסטריעל (צום דערשאָסן ווערן) פאַר לאָזן אַנטלויפן אַ פערד! דער ייד פּראָבירט לויפן. אָבער דער סטריעלאָק שטעלט אָן די ביקס — שטיי! כ׳שיס!!!

דער יונגער־מאַן שרייט: שמע ישראל! וואַרפט זיך פון פאַרצווייפלונג אויף דער ערד, רייסט זיך די האָר פון קאָפּ. איבער אים שטייען דער בריגאַדיר, דער דיעסאַטניק און דער סטריעלאָק און האַלטן זיך ביי די זייטן פון געלעכטער.

דערווייל טוט דאָס פערד אַוועקגאַלאָפּירן צוריק אין דער שטאַל. ווען דער נאַטשאַלניק סמירנאָוו דערזעט דאָס צוריקגעקומענע פערד, דערפרייט ער זיך אַזוי, ווי ער וואָלט דערזען אַ שטאַרק אַנגעלייגטן גאַסט. סמירנאָוו האָט זייער ליב די פערד, וואָס אַנטלויפן פון דער אַרבעט. ער וואַרפט צו דעם פערד אַ צולאָג היי, גלעט עס איבערן פּיסק און זאָגט:
— וואָט מאָלאָדיעץ! (אָט, אַ חברהמאַן!)

דער יונגער־מאַן בלייבט זיצן, אונטערן אויפזיכט פונעם סטריעלאָק, ביזן ענדיקן די אַרבעט, אָן אָפּגעזונדערטער פון אַלע אַנדערע אַרעסטאַנטן, אַן אַרעסטירטער אינעם לאַגער, אַ פאַרמשפּטער צו דערשיסן.

ווען די בריגאַדע קומט אָן ביינאַכט פון דער אַרבעט צו דער זאָנע, גיט דער סטריעלאָק איבער, מיט אַ ראַפּאָרט, דעם ייד אין די הענט פון דער לאַגער־מאַכט. מען פירט אים אָפּ אין איזאָלאַטאָר. דאָרט, אין משך פון אַ לאַנגער, פינצטערער, פראָסטיקער נאַכט, געזעגנט ער זיך מיט אַלץ און מיט אַלע. מיט דעם חלום צו זען אַמאָל זיינע נאָענטע. ער געזעגנט זיך מיט זיין יונג לעבן, מיט זיין אַמאָליקער היים און מיט אַלעם, וואָס איז אים געווען ליב און טייער.

אָבער צומאָרגנס לאָזט מען אַרויס דעם יונגן־מאַן פון איזאָלאַטאָר און מען פירט אים, צוזאַמען מיט זיין גאַנצער בריגאַדע באַלאַגאַלעס, צו דער אַרבעט. די יידן דערפרייען זיך מיט אים, ווי מיט אַ צוריק געקומענעם פון יענער וועלט. מען פירט זיי צו דער שטאַל און מען גיט דעם יונגן־מאַן איינצושפּאַנען דאָס זעלבע פערד, וואָס איז נעכטן פון אים אַנטלאָפן...

אַזעלכע פאַלן זענען אין לאַגער פאַרגעקומען די ערשטע צייט, נאָכן אָנקומען פון נייעם עטאַפּ, געוווינטלעך אָפּט. ווען די אַרעסטאַנטן האָבן זיך איבערצייגט, אַז די פערד אַנטלויפן נישט אין דער וועלט אַריין, נאָר צוריק אין שטאַל, און אַז פאַר אַזאַ זאַך פאַרמשפּט מען נישט צום דערשיסן, נאָר אויף אַ נאַכט איזאָלאַטאָר, האָבן זיך אָנגעהויבן יאַוועון בעלנים פון לאָזן אַנטלויפן די פערד, אַבי זיך קאָנען אַ טאָג אויסרוען אונטערן אויפזיכט פון סטריעלאָק, כאָטש אַ חוץ איזאָלאַטאָר, האָבן די שולדיקע אויך באַקומען אַ שטראָף־באַשפּייזונג. שפּעטער האָט זיך די לאַגער־מאַכט געכאַפּט, אַז ס׳מערן זיך די פאַלן ווען די פערד אַנטלויפן פון דער אַרבעט, און מען האָט פאַרגרעסערט די איזאָלאַטאָר־שטראָף אויף גאַנצע צען נעכט.



ווען די בריגאַדעס וואַלד־האַקערס קומען אָן צו דער אַרבעט אין וואַלד, הערשט נאָך דאָרט אַ טיפע פינצטערניש, ווי אין מיטן דער נאַכט. די בריגאַדירן ווילן צעשטעלן די בריגאַדעס, אָבער די וואַך לאָזט נישט. די סטריעלקעס טענהן, אַז זיי זענען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די מענטשן, וועלכע זיי האָבן איבערגענומען פון דער לאַגער־מאַכט און וועלן נישט לאָזן אין דער פינצטער אונטערזעגן ביימער, ווייל בעת זייער פאַלן, קאָנען מענטשן דערהרגעט ווערן.

שוין אין לאַגער קומט פאַר אַ קאַמף צווישן דעם קאָמענדאַנט פון דער וואַך און דעם לאַגער־נאַטשאַלניק, וועגן דער זעלבער זאַך. דער לאַגער־נאַטשאַלניק וויל, אַז די בריגאַדעס זאָלן וואָס פריער אַרויס צו דער אַרבעט, זיי זאָלן וואָס מער באַווייזן אָפּצואַרבעטן, אָבער דער נאַטשאַלניק פון דער וואַך שטעלט זיך קעגן. ס׳קומען צווישן זיי אָפּט פאַר קריגערייען. דעם לאַגער־נאַטשאַלניק העלפן צו דער קאָמענדאַנט פון דער זאָנע און דער נאַריאַדטשיק. מען זאָגט זיך אַריין און מען זידלט זיך גאָר שטאַרק.

אָבער ווען ס׳עפנען זיך די טויערן פון דער זאָנע, מוז די וואַך איבערנעמען די בריגאַדעס. דערפאַר ווען זיי קומען אין וואַלד אַריין, איז די וואַך דער באַלעבאָס. נישט זי לאָזט צוטרעטן צו דער אַרבעט, נישט זי לאָזט אין דער פינצטער אָנצינדן שייטערן פון האָלץ, זיך אַ ביסל צו דערוואַרעמען. זיי האָבן מורא ס׳זאָל אין וואַלד נישט אויסברעכן אַ שריפה.

זיצן די אַרעסטאַנטן אין וואַלד אויף די שוין מיט אַ טאָג פריער אונטערגעזעגטע ביימער, פרירן און דרימלען. די בריגאַדירן מיט די דיעסאַטניקעס שרייען, אַז די מענטשן זאָלן נישט זיצן נאָר זיך באַוועגן,

גיין הין און צוריק, ווייל זיי ווען, פון זיצן אויף איין אָרט,זיך אָפּפרירן די פינגער פון די פיס. אָבער די אַרעסטאַנטן זענען פאַרמאַטערט פון דעם לאַנגן גאַנג און ווילן זיצן. זיי אַרט נישט, אַז זיי וועלן געפרוירן ווערן, אַבי זיך נישט דאַרפן באַוועגן.

ערשט ווען דורך די גערדיכטע צווייגן הויבן זיך אָן אַדורכרייסן שטי־קער גרויער טאָג, גייט צו דער בריגאַדיר, אָדער דער דיעסאַטניק, צו יעדן אַרעסטאַנט באַזונדער, נעמט יעדן אָן ביי די אַקסלען, טוט אַ שאָקל מיט אים, ווי מיט אַ פלאַש געדיכטער פאַרזעצטער פליסיקייט. אַזוי אַרום רייסן זיי יעדן אַרויס פון דעם קאַלטן, האַלב־וואַכן דרעמל. זיי שטעלן אויף די מענטשן מיט כוח, דערשלאָגן זיך צו זייער באַוווסטזיין מיט אַ פּאָר צען־שטאָקיקע קללות און גויטן זיי זיך נעמען צו דער אַרבעט.

און דאָך, נישט געקוקט אויף דער אָפּגעהיטנקייט פון דער וואַך, געשעען אין וואַלד קאַטאַסטראָפעס ביים אונטערזעגן דיביימער.

אַט ווערט די געזונטס־אָפּטיילונג אין דער זאָנע, אַלאַרמירט דורך אַ סטריעלאָק, אַז אין וואַלד איז געשעען אַ שווערער אומגליקס־פאַל. דער נאַטשאַלניק פון דער געזונטס־אָפּטיילונג באַפעלט דעם דאָקטאָר אַלעקסיעי וואַסיליעוויטש, אָרגאַניזירן הילף. דער דאָקטאָר שיקט דעם דניעוואַלני וואַן־פּו־יען רופן דעם יונגן דאָקטאָר שמעון גוטפריינד, וועלכער געפינט זיך נאָך אין דער צייט אויפן לאַגער־פונקט.

דער כינעזער וואַן־פּו־יען יאָגט זיך מיט זיינע דריבנע טריטלעך איבער דער זאָנע. ווען מען קוקט זיך גוט צו ווי אַזוי דער כינעזער באַ־וועגט מיט די פיס, דאַכט זיך, אַז ער טאַפּטשעט אויף איין אָרט. אָבער פּלוצים דערזעט מען, אַז ער געפינט זיך אויף אַ צווייט אָרט, אַ ווייטערס פון דעם, ווו ער איז געווען פריער. ס'זעט אויס, ווי נישט זיינע פיס, נאָר עפּעס אַן אומזעבאַרע האַנט נעמט דעם כינעזער און טראָגט אים איבער פון אָרט צו אָרט.

שמעון לויפט איבער דער זאָנע צו דער געזונטס־אָפּטיילונג אַ דער־שראָקענער. פאַר דער טיר שטייט געשפּאַנט אַ שליטן אין צוויי פערד. דאָקטאָר אַלעקסיעי וואַסיליעוויטש ווייזט אָן מיט אַ ווונק שמעונען אויף דער טראַגע. זיי פאַרלאָדענען זי אויפן שליטן.

אַלעקסעי וואַסיליעוויטש הייסט מיטנעמען אַ סאַניטאַר. וואַליאַ מוז בלייבן אין דער אַמבולאַטאָריע. דער פעלדשער מיראָנאָוויטש איז אויף אַ פּאָדקאָמאַנדיראָווקע. נעמט מען מיט חנהן, וועלכע אַרבעט שוין זייט אַ קורצע צייט ווי אַ סאַניטאַרין.

חנה זעצט זיך אויפן שליטן נעבן שמעונען. שמעון פאַרט דאָס ערשטע

מאָל צו אַן אומגליקס־פאַל אין וואַלד. ער טראַכט נישט וועגן דעם, וואָס איז געשען, וואָס ער וועט באַלד זעען מיט די אייגענע אויגן.

ער באַדויערט, פאַרוואָס ס'זיצט נישט לעבן אים דינה. ער האָט שוין גערעדט מיטן דאָקטאָר אַלעקסעי וואַסיליעוויטש, אַז מען זאָל דינהן אַנ־שטעלן פאַר אַ סאַניטאַרין. שמעון האָט זיך אונטערגענומען זי אויסצושולן. ער האָט פאַרן דאָקטאָר אויסגערעכנט אירע מעלות, איר באַוועגלעכקייט, אירע געשיקטע הענט. אַלעקסעי וואַסיליעוויטש האָט געדרייט מיט דער נאָז: — צו יונג.

— איבעריקנס, נישט איך דעצידיר דאָ וועגן באַשעפטיקן דעם אָדער יענעם מענטש אין דער אַמבולאַטאָריע. איך בין דאָ אויף די זעלבע רעכט וואָס איר, שמעון איסאַקאָוויטש. רעדט איבער מיטן נאַטשאַלניק פון דער סאַניטאַרער אָפּטיילונג. אָדער גאָר מיטן נאַטשאַלניק פון לאַגער.

מיטן נאַטשאַלניק פון דער סאַניטאַרער אָפּטיילונג, דעם פעלדשער ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש, קאָן שמעון נישט רעדן. ער איז צום פעלדשער גערעכטיק, שעצט זיינע פעאיקייטן ווי אַ גוטער אָרגאַניזאַטאָר. דער פעלד־שער קען זיך אויך גאָר גוט אויס אין הויט־קראַנקהייטן און איז זייער גע־שיקט אין קליינער כירורגיע. ער האָט נאָך אַ מעלה דער פעלדשער, אין אינערלעכע קראַנקהייטן מישט ער זיך נישט. דאָס לאָזט ער איבער פאַר די דאָקטוירים.

אָבער דער פעלדשער־נאַטשאַלניק איז אָפט שיכור. ער זויפט אויס דעם גאַנצן ספּירט און אַפילו דעם כלאָראָפאָרם, וואָס איז באַשטימט פאַר דער אַמבולאַטאָריע. דאָס מאַכט שמעונען אוממעגלעך צו רעדן מיט אים וועגן דינהן.

שמעון איז שוין עטלעכע מאָל געגאַנגען וועגן דינהן צום לאַגער־נאַטשאַלניק רייגאָראַדזקי. אָבער יעדעס מאָל ווען שמעון קומט אַריין צום נאַטשאַלניק אין קאַבינעט, זיצן דאָרט מענטשן, באַשעפטיקטע אין לאַגער און אויך פרעמדע, פון אויסער דעם לאַגער, וועלכע שמעון קען נישט. שטענדיק אין אַזעלכע פאַלן, ווען שמעון קומט אַריין, הויבט דער נאַטשאַל־ניק אויף מיט פאַרריסנקייט זיין שווערן, גרויסן, באַוואַקסענעם קאָפּ און זאָגט הויך, אַנקוקנדיק שמעונען גלייך ווי נאָר צו אים וואָלט געווען גע־וואָנדן דער פּזמון:

— יאַ ווסיאַ עטאַ דיעלאַיו ליטשנאַ דליאַ טאָוואַרישטשאַ סטאַלינאַ. (איך טו דאָס אַלץ פּערזענלעך פאַרן חבר סטאַלין).

יעדעס מאָל, ווען שמעון הערט דאָס, ווערט אים שטאַרק אומהיימלעך. עפּעס פאַלט אים דעמאָלט אַן אַ שרעק. ער ווייסט נישט קיינמאָל וואָס דער

נאַטשאַלניק האָט גערעדט מיט די מענטשן, וועלכע זענען ביי אים, און וואָס אַזוינס טוט ער דאָס פאַרן חבר סטאַלין פּערזענלעך. אָבער ער קאָן קיינמאָל נישט באַהערשן דאָס אַנגסט־געפיל, וואָס באַפאַלט אים פון די דאָזיקע ווערטער.

שמעונען שניידט דורך אַ געדאַנק, אַז אין עמעצענס נאָמען איז מן־הסתם גרינגער אויסצופירן אכזריותן, ווי אין אייגענעם. וואָס גרעסער ס'איז די מאַכט פון דעם אין וועמענס נאָמען און פאַר וועמען פּערזענלעך מען פירט אויס די אכזריותן, אַלץ גרעסער די אכזריותן, וואָס ווערן פאַר זיינעט־וועגן אויסגעפירט. און פאַרקערט, וואָס גרעסער ס'זענען די אכזריותן, אַלץ שטאַרקער ווערט די מאַכט פון דעם, אין וועמענס נאָמען מען פירט זיי אויס.

שמעון דערנענטערט זיך צום טיש, ביי וועלכן ס'זיצט דער נאַטשאַלניק רייגאַראַדזקי. פאַר אים ליגט אַ גרויסער בלאַק מיט נאָטיצן געשריבן מיט אַ רויטן, דיקן בלייער אויף יידיש. שמעון קוקט אויף די גויים, וואָס זיצן ביים טיש לעבן דעם יידישן נאַטשאַלניק און די יידישע אותיות טוען אים אַ שטאַרקן ברי. ס'פאַרקאַכט זיך אין אים די פראַגע: צי איז דאָס פאַרשריבענע מיט די יידישע אותיות אויך פאַרן חבר סטאַלין פּערזענלעך?

רייגאַראַדזקי שטרעקט אויס זיין האַנט מיטן שאַכטל „ביעלאָמאָר"־פּאַפּיראָסן צו שמעונען. שמעון נעמט אַ פּאַפּיראָס און באַדאַנקט זיך.

— נעמט נאָך עטלעכע פּאַפּיראָסן, דאָקטאָר

— אַ דאַנק, מען דאַרף נישט.

— איר באַקומט דאָך נישט קיין „ביעלאָמאָר" — זאָגט דער נאַטשאַל־ניק מיט אַ נבזהדיק שמייכל.

— איך רויכער מאַכאָרקע־קאַרענעס און בין מיט זיי צופרידן — ענט־פערט שמעון זאַכלעך.

— הייסט, איר געוויינט זיך צו. זייער גוט, זייער גוט.

דער נאַטשאַלניק שמייכלט נאָך אַלץ מיט דעם זעלבן נבזהדיקן שמייכעלע:

— וואָס האָט איר געוואָלט, דאָקטאָר?

— בירגער נאַטשאַלניק, כ'וועל קומען אַ צווייט מאָל.

— קומט ווען איר ווילט. — די שטים פון נאַטשאַלניק ווערט פּלוצים ווייך און נאָכגיביק. ער פּרוּווט אַפילו צו זיין היימיש.

שמעון פאַרנויגט זיך אויפן פּוילישן אופן. ער בויגט זיך איין כמעט אין דער העלפט. זיינע אַמאָליקע חברים האָבן אים אָפט אויפמערקזאַם גע־מאַכט, אַז ער טרייבט אַ ביסל איבער מיטן פּוילישן אופן באַגריסן זיך.

זיי פלעגן אים זאָגן, אַז ער מאַכט דאָס שוין צו גוט, נישט לויטן איצטיקן, נאָר לויטן אַלט־פּוילישן נוסח. ביי שמעונען איז דאָס אָבער נישט געווען קיין איבערטרייבערישקייט, ס׳איז נישט געווען קיין יידישע היפּער־פּויליש־קייט. ביי אים איז דאָס געווען אַ משונהדיקער צוזאַמענטרעף פון חסידישער הכנעה און פּוילישער מאַניר. דער דאָזיקער געמיש איז געווען פאַר אים זייער כאַראַקטעריסטיש און געמאַכט אים איינצייטיק אַזוי טיף יידיש און אויך טיף פּויליש.

ביי שמעונען איז דער אופן פאַרנויגן זיך געוואָרן אַ געוווינהייט, און ווי שטאַרק ער האָט זיך געוואָלט פון דער אָפּגעוווינען, האָט עס זיך אים נישט איינגעגעבן. אַפילו אין לאַגער ווען ער באַגריסט זיך מיט עמעצן, טוט ער עס אויפן זעלבן אופן.

שמעונס פאַרנויגן זיך ברענגט שטענדיק דעם נאַטשאַלניק רייגאַראַדזקי אַריין אין אַ צעמישונג. ער האָט אַ פאַרדאַכט, אַז דער יונגער דאָקטאָר שפּעט פון אים. אַממייניסטן אַרט עס אים, ווען שמעון טוט דאָס אין אַנוועזנ־הייט פון אַנדערע מענטשן. רייגאַראַדזקי איז דעמאָלט זיכער, אַז שמעון חוזקט פון אים אָפּ אין אַלעמענס אויגן און אַלע זעען דאָס.

ווען שמעון גייט אַרויס, הערט ער אונטער זיך דעם נאַטשאַלניקס שטים, וועלכע איז ווידער געוואָרן אַ באַס:

— אָט פּוילישע פּאַנעס — דערביי גיט דער נאַטשאַלניק צו אַ גראָב וואָרט, פון וועלכן אַלע צעלאַכן זיך מיט אַ הויל געלעכטער.

אַזוי איז שוין שמעון עטלעכע מאָל געווען ביים לאַגער־נאַטשאַלניק. שטענדיק חזרט זיך איבער די זעלבע סצענע, און שמעון האָט קיין איין מאָל אַפילו נישט געפּרוווט קיין רעדט טון מיט אים וועגן דינהן.

איצט זיצט אויף דעם שליטן חנה. פאַר זיי ליגט די טראָגע קרומלעך, אויף אַ זייט. ווער וועט באַלד אויף איר ליגן, אַ לעבעדיקער, צי אַ טויטער?

— לויפט שמעונען אַדורך אַ געדאַנק.

זיי פאָרן אין וואַלד אַריין מיט גאָר אַן אַנדערן וועג ווי ביז איצט. מיט אַ קירצערן. זיי פאָרן פאַרביי אַ ריי קליינע הייזלעך מיט פאַרהאַנגלעך אויף די פענצטער. דאָס איז די קאָלאָניע פון די פריי־געדונגענע, דאָ וווינען די ענקאַוועדע־אָפיצירן און די סטריעלקעס. פון די קיילעכדיקע אייזערנע קוי־מענס גייט אַ בלויער רויך, ווי פון אַ דיקן ציגאַר. ס׳שטייען ביי די ווענט שייטערס מיט אַנגעהאַקט ברענ־האָלץ. ס׳לופטערט זיך רויט בעטגעוואַנט. אַ גרופּע קינדער שפּילן זיך אין אַ ראָד, מיידעלעך מיט צעפּלעך און קאַקאַר־דעס און יינגעלעך מיט נידעריק געשוירענע קעפּלעך. אַנדערע קלעפּן פון שניי אַ שניי־מענטש. ממש אַן אידילע. כאָטש דאָ באַוועגן זיך אַלע און

מען הערט קלאַנגען, איז פונדעסטוועגן דאָס אַלץ, אויף וואָס שמעון קוקט איצט, פרעמד פאַר אים און ווייט, ווי געזעען אויף אַן אַלעאַדרוק.

דער וועג איז דאָ אייגנטלעך קיין וועג נישט, נאָר סתם אַן אָרט, ווו מען קאָן אין בויט־פּאָלן אַדורכפאָרן. פאַראַן בערגלעך און גריבלעך און פּיעניעס. דער שליטן טוט זיך אָפּט אַ הויב אויף און פּלוצים אַ פאַל צוריק, אַז ס'דאַכט זיך, אַז מען וועט אַרויסגעשליידערט ווערן פון אים. ביי יעדן פאַל אַראָפּ כאַפּט חנה אָרום שמעונען און האַלט זיך אין אים אַן. אים דאַכט זיך, אַז זי דריקט זיך צו אים אַ ביסל צו שטאַרק צו. דאָס איז אים נישט ליב. אַנדערש וואָלט געווען, ווען לעבן אים זיצט דינה. שמעון האָט נישט צו דינהן קיין שום מאַנצביליש געפיל. ער האָט איבערגעלאָזט אין פּוילן, אין וואַרשע, אַ כלה. זי האָט אַ קאָפּ האָר ווי פייער און אַ פּאָר גרינע אויגן. שמעון איז אין איר פאַרליבט, ווי נאָר צוריקגעהאַלטענע מע־נער קאָנען ליב האָבן. דאָ, אין לאַגער, האָט ער נישט קיין שום מענלעכע באַגערן. זיין מוח איז אַרומגענומען ווי מיט אַ פּאַנצער, זיינע נערוון ווי פאַרשטאַרט. ער פירט אַלץ אויס אויטאָמאַטיש, אָן אייגענעם ווילן. קיין ניע געפילן דערגייען נישט צו אים. בלויז דער געדאַנק גיט זיך טיילמאָל ביי אים אַ באַוועג. ער טוט מענטשן טובות, אָבער דאָס זענען ביי אים אויך נישט מער, ווי רעפלעקסן. ער וויל נישט זיין דווקא לעבן דינהן, ער אָנט אָבער, אַז דינה דאַרף זיין לעבן אים.

דער שליטן שטעלט זיך אָפּ. דער סטרעילאָק גייט פאַראויס. אַלעקסעי וואַסיליעוויטש, שמעון און חנה גייען אים נאָך איינציקווייז, אין אַ געגזן־שורה. זיי שלענגלען זיך אין דער פאַרטונקלטקייט פון וואַלד צווישן די ביימער. די ביימער זענען דאָ זייער דיקע און געדיכטע. די עטלעכע מענטשן פאַרלירן זיך אָפּט. ס'איז אַ זיג־זאַגן גאַנג. אָפּט, בכדי אַרומצוקרייזן אַ בוים, מוז מען זיך ציען צוריק, אַנשטאָט צו גיין פאַראויס. טיילמאָל דאַכט זיך זיי אויס, אַז זיי וועלן זיך אַזוי לאַנג שלענגלען צווישן די ביימער, ביז זיי וועלן זיך געפונען צוריק אויפן וועג אויסערן וואַלד.

מיטאַמאָל ווערט אין טונקעלן וואַלד ליכטיקער. אַלע הויבן אינסטינק־טיוו אויף די קעפּ צום ליכט. אַ שטיק העל־גרויער הימל קוקט אַריין אין אַן אויסגעשניטן שטיק וואַלד, ווי אין אַ טיפן ברונעם.

עטלעכע ביימער ליגן אונטערגעשניטענע. זייערע באַקרוינטע קעפּ ליגן אויף דער ערד. אַלע אין איין ריכטונג, ווי אַ שורה געהרגעטע אויף אַ שלאַכט־פעלד. צווישן זיי ליגט אַ הויכע, ברייטע ליסטוויענניצע מיט אַ ברוין־רויטער, דיקער, טיף געקנייטשטער קאָרע, וואָס זאָגט עדות אויף זייער אַ הויכער עלטער. אַ שוועריקייט פון דורות לעבן ליגט אין אירביימערדיקן, מעכטיקן

גוף. זי איז איבערגעפּולט מיט זאַפּטן, אָבער ביים זויג־קוואַל איבערגע־שניטן. דער שניט שמעקט. ער בלענדט מיט מאַרעלן־ראַזיקייט פון בוימס אָפּגעדעקטן לייב. אַזאַ בוים ציטערט נישט ווען מען שניידט אים אונטער, אַזאַ בוים גוססט נישט, ער פאַלט ווי אַ ריז און אַפילו זיין טויט איז נאָך אַ צייט לעבעדיק.

לעבן דער ליסטוויענניצע ליגט עפּעס, וואָס זעט אויס ווי אַ לענגלעכער שוואַרצער זאַק. די דאָקטוירים לויפן גיך צו צו דעם אָרט. פון דער געבערגל־קייט פונעם ליגנדיקנס גוף, באַנעמט שמעון גיך, אַז דער מענטש האָט אַ צעבראָכענעם רוקן־ביין. ער נעמט פּאָרזיכטיק אַראָפּ דאָס היטל פון ליגנדיקנס קאָפּ. קיין שום סימנים פון באַשעדיקונג.

דער מענטש איז באַוווסטלאָז. שמעון לאָזט זיך אַראָפּ אויף דער ערד און נעמט אָן דעליקאַט דעם קאָפּ פון פאַרוווּנדעטן, וועלכער ליגט מיטן פּנים אַראָפּ. ער בייגט צו אַ ביסעלע צו זיך זיין פּנים, וואָס טונקט זיך אין קאַלטן שווייס. שמעון דערקענט אים באַלד: דאָס איז דער הויכער, שייגער, יידישער בריגאַדיר פון די לעסאָ־פּאָוואַלשטשיקעס — גאָלדשמידט.

עטוואָס ווייטער, אָפּגעטיילט בסך־הכל מיט איין שורה ביימער, שטייט גאָלדשמידטס בריגאַדע און האַקט וואַלד. דער דיעסאַטניק האָט תיכף באַ־שטימט אַן אַנדערן בריגאַדיר, ווי נאָר גאָלדשמידט איז געבליבן ליגן אונ־טערן בוים, ווי אַן איבערגעשניטענער אין צווייען, אַז ס'האָט אויסגעזען ווי אַ גרויסער קרייץ וואָלט געלעגן אויף דער מאָכיקער, וואַלדיקער ערד.

אין וואַלד איז נאָך דעמאָלט געווען געווען גענוג טונקל. שטיקער נאַכט זענען געווען פאַרפּלאָנטערט אין דער געדעכטעניש פון די נאָדל־צווייגן און נאָדל־קרוינען.

דער גרעסטער טייל פון דער בריגאַדע האָבן אַפילו נישט באַמערקט וואָס עס איז געשען. בלויז דער דיעסאַטניק מיט אַ צוויי מענטשן האָבן אויף אַ געשיקטן אופן אַראָפּגעקאַלערט דעם ריזיקן בוים פון גאָלדשמידטס רוקן. אַלע אַנדערע אַרעסטאַנטן שטייען באַלד ביי די ווייטערדיקע ביימער און אַרבעטן. ווער ס'זעגט זיי אונטער און ווער ס'שניידט אָפּ די קרוינען און האַקט אַרום די צווייגן.

דער סטריעלאָק מיטן דיעסאַטניק האָבן אַזוי פלינק געגעבן אַ שטעל איבער די בריגאַדע, אַז באַלד גייט אָן די גאַנצע אַרבעט מיטן זעלבן טעמפּאָ ווי פריער. אַפילו די, וואָס זענען געשטאַנען נאָענט און געזען ווי דער בוים איז געפאַלן אויפן בריגאַדיר, זענען נישט צעטומלט געוואָרן פון דער קאַטאַסטראָפע, נאָר פון דער גיכ־

קייט, מיט וועלכער מען האָט זיי פון דעם אָרט אַוועקגענומען און איינגעשפּאַנט אין דער ווייטערדיקער אַרבעט.

ווען עמעצער פון זיי האָט זיך שפּעטער געפרעגט — ווו איז דער בריגאַדיר ? וואָס איז מיט אים געשען ? האָט מען אים געענט־פערט — נישט דיין זאַך. גיי צו דיין אַרבעט. אָבער זעלטן ווער האָט דאָס געפרעגט. די אַרעסטאַנטן האָבן זיך באַצויגן צו אַלעם אַרום וואָס איז געשען אינגאַנצן גלייכגילטיק.

ווען אַלעקסעי וואַסיליעוויטש מיט שמעונען באַטראַכטן דעם פּאַרוווּנ־דעטן, דערטראַגט זיך צו זיי דאָס סקריפּען פון די זעגן און דער געהילעך פון די קלאַפּנדיקע האַמערס אויף די אייזערנע קעפּ פון די העק. ס׳הערט זיך דאָס טויבע האַקן אין די האַלצערנע קליגעס, וואָס צערייסן די איינגע־שניטענע לייבער פון דיביימער אויף צווייען, צעשיידן אויף אייביק דעם בוים מיט זיין פּיען און מיט זיינע וואָרצלען. ס׳דערטראָגט זיך צו זיי דאָס ברעכן זיך און דאָס געקרעכץ פון די פאַלנדיקע ביימער. מיט זייערע קרוי־נען פאַרפּלאָנטערן זיי זיך אין די באַנאַדלטע קעפּ פון די דערנעבן שטייענ־דיקע ביימער, שפּאַרן זיך אין זיי אַן אויף אַ רגע, ווי איבערצוכאַפּן דעם אָפּגעהאַקטן אָטעם, בלייבן אויף זיי הענגען, רייסן אַראָפּ פון זייערע קעפּ אַ שטיק קרוין — און מיט דער גאַנצער שווערקייט זייערער פאַלן זיי צו צו דער ערד, וועלכע גיט אַרויס פון זיך אַ פאַרשטיקט בייז ברומעניש.

איבער דעם אַלעם טראָגן זיך די קללות פון דעם דיעסאָטניק און דעם פרישן בריגאַדיר, וועלכער וויל זיך באַווייזן מיט זיין בריהשאַפט פאַר דעם דיעסאָטניק, באַהאַלטנדיק אין זיך די שטילע האָפענונג, אַז אפשר וועט מען אים באַשטימען פאַר אַ שטענדיקן בריגאַדיר אויפן אָרט פון געפאַלענעם.

שמעון קוקט אויף דעם ליגנדיקן. איז דאָס איינגעקאַרטשעטע זעקל ביי־נער דער שיינער, טונקל־הויטיקער, הויכער בריגאַדיר גאָלדשמידט, פאַר וועלכן אַפילו די רוסן האָבן געהאַט דרך־ארץ און געקוקט אויף אים מיט באַוווּנדערונג ? שמעון פאַרלירט זיך אויף אַ מינוט. באַלד כאַפּט ער זיך ווו ער איז און וואָס ער דאַרף טאָן. ער פאַרגעסט, אַז דערווייל איז ער נאָר אַ לעקּ־פּאָם, און הויבט אָן אַרויסצוגעבן באַפעלן. חנהן הייסט ער צונויפקלייבן אויף גיך ווייכע, דינע סאָסנע צווייגעלעך און אויסלייגן מיט זיי דעם שליטן. אַליין כאַפּט ער אַ האַק און לויפט אַוועק אַנזאָגנדיק דעם דאָקטאָר אַלעקסעי וואַסיליעוויטשן ער זאָל בלייבן ביים כמעט גוססדיקן בריגאַדיר.

שמעון נעמט אַראָפּ פונעם שליטן די טראָגע און האַקט אָפּ די צוויי ברעטלעך פון צוקאָפּנס און צופוסנס. אַזוי אַרום מאַכט ער, אַז די ברייטע

שטייפע טראָגע זאָל זיך קאָנען איינוויקלען. ער פאַרוויקלט זי טאָקע שנעל און לויפט מיט איר צום אָרט פון דער קאַטאַסטראָפע.

די שוועריקייט באַשטייט אין טראַנספּאָרטירן דעם פאַרוואונדעטן אין אַזעלכע פּרימיטיווע באַדינגונגען. יעדע פּעלערהאַפטע באַוועגונג דראָט דעם פאַרוואונדעטן מיט טויט. שמעון לייגט אַוועק די טראָגע לענג אויס אין איין שורה מיטן פאַרוואונדעטן, לעבן זיין קאָפּ. ער וויקלט זי פונאַנדער. נעמט אַן דעם לייוונט פון דער טראָגע ביי איין זייט און הייסט אַלעקסעי וואַסיליעוויטשן אָננעמען ביי דער צווייטער זייט. שמעון גיט צו פאַרשטיין דעם רוסישן לאַגער־דאָקטאָר, אַז מיט די מיטלען וואָס זיי באַזיצן, קאָן מען דעם פאַרוואונדעטן טראַנספּאָרטירן נאָר אין דער זעלבער פּאָזיציע, אין וועלכער ער געפינט זיך איצט, אויפן בויך.

די צוויי דאָקטוירים טוען פּאַמעלעך און פאַרזיכטיק אָבער מיט כוח אַרונטערציען אונטער דעם ליגנדיקן דאָס לייוונט פון דער טראָגע. דער פאַרוואונדעטער געווינט אויף ברעקלעך מינוטן דעם באַוווּסטזיין. דעמאָלט הערט מען פון אים אַ שטילן, צעבראָכענעם קרעכץ, ווי אַ געבעט: רירט מיך נישט... לאָזט מיך אָפּ... לאָזט מיך ליגן...

אין אַזעלכע רגעס טוען די דאָקטורים נאָך מער אָנשטרענגען זייערע כוחות — און די טראָגע געפינט זיך שוין ענדלעך אינגאַנצן אונטערן פאַר־וואונדעטן.

דעמאָלט רופט אַלעקסעי וואַסיליעוויטש דעם דעסאַטניק און אַלע פיר, מיט שמעונען און חנהן, טוען זיי צוזאַמען אַרויסטראָגן דעם בריגאַדיר פון וואַלד און לייגן אים אַרויף אויפן שליטן.

אַלעקסעי וואַסיליעוויטש נעמט די לייצן. דער שליטן רירט פון אָרט. אַלע זענען מוראדיק פאַרמאַטערט. שמעון און חנה גייען ביי די זייטן פון שליטן.

ווען זיי זענען אָפּגעגאַנגען לעבן דעם שליטן אַ שפּאַר שטיקל וועג, כאַפּט זיך שמעון, אַז ער טראַכט גאָרנישט וועגן פאַרלאָפענעם, וועגן דער קאַטאַסטראָפע און וועגן דעם טראַגישן קרבן. ער האָט זיך באַמיט פאַר אים, געטאָן פאַר אים אַלץ, וואָס איז מעגלעך געווען. ער וויל, וויל דורכאויס, אַז מען זאָל אים אַ לעבעדיקן דערפירן צו דער זאָנע. ער האָט שוין אַפילו צוגעטראַכט אַן אופן, ווי אַזוי אים אַוועקלייגן אין נאָרמאַלער פּאָזיציע. אָבער וועגן זיין גורל טראַכט ער נישט. דער גורל פון אַ יחיד עקזיסטירט נישט אין לאַגער.

שמעון איז דערשיטערט ווען ער כאַפּט זיך ווי גלייכגילטיק ער איז צו

גאָלדשמידטס גורל. אַזוי ווייט איז עס שוין דערגאַנגען ביי מיר, אַזוי ווייט האַלט עס שוין מיט מיר? טראַכט ער מיט שרעק.

ער האָט שוין אַזאַ צושטאַנד לאַנג באַמערקט ביי אַנדערע אַרעסטאַנטן אין לאַגער. מענטשן זענען גלייכגילטיק איינער צום צווייטן. מען קריגט זיך צוליב אַ ליאַדע־וואָס. מען האָט פּיינט איינער דעם צווייטן. מען ווערט זיך שונאים צוליב אַ שטריקל, צוליב אַ שמאַטע, צוליב קליייניקייטן, וועל־כע האָבן אַפילו אין די לאַגער באַדינגונגען נישט קיין ווערט. דער טויט פון אַ נאָענטן, מיט וועלכן מען האָט געאַרבעט אין איין בריגאַדע, לעבן וועמען מען איז געשלאָפן אויף דער נאַרע, מאַכט נישט דעם מינדעסטן איינדרוק.

שמעון איז זיכער, אַז דאָס נעמט זיך דערפון, וואָס די מענטשן זענען באַצוווּנגענע, פאַרהונגערטע, אָפּגעלאָזענע, פאַרמאַטערטע. — אָבער איך אַליין בין דאָך זאָט, גיי גוט און וואַרעם אָנגעטאָן און בין נישט איבער־געמידט פון דער אַרבעט, טאָ וואָס געשעעט מיט מיר?

ווען דער קאָמענדאַנט סאָבאַטשאָוו האָט אַראָפּגעשלעפּט פון דער נאַרע אַ טויטן דעם וואַרשעווער יונגערמאַן, פרייליכן, איז שמעון געווען דער־שיטערט. ער איז אַפילו דעמאָלט געגאַנגען בעטן דעם נאַטשאַלניק רייגאַ־ראַדזקין אַ דערלויבעניש צו זיין אויף דער לוויה. אָבער איצט, בסך־הכל אַזוי נאָענט נאָכן פאַל מיט פרייליכן, גייט ער לעבן דעם כמעט גוססדיקן בריגאַדיר גאָלדשמידט און טוט אַפילו קיין טראַכט נישט, וואָס וועט מיט אים זיין, וואָס וועט פון אים ווערן?

מיט פאַרצווייפלונג טראַכט ער, וואָס פון אים אַליין איז געוואָרן. ווו איז אַהינגעקומען זיין פילבאַרקייט, זיין איבערנעמען זיך מיט יענעמס אומגליק, זיין פעאיקייט זיך אַריינצופילן אין יענעמס צושטאַנד?

שמעון טוט אַ פיר מיט די אויגן. אַרום און אַרום איז וואַלד. אַ משו־נהדיק באַשעפעניש דער וואַלד. האָלצערנע נפשות וואָס האָבן זיך מיט קאָרעניעס, ווי מיט האַרט־געפלאָכטענע צעפּ אַריינגעזויגן אין דער ערד. שמעון דערמאָנט זיך, ווי זייענדיק נאָך אַ קליין קינד, האָט ער זיך אַמאָל אַריינגענומען אַ האָלץ־שפּענדל אונטערן נאָגל. ער האָט דעמאָלט געחלשט פוי יסורים. איצט איז ער, ווי אַלע מענטשן דאָ, אַ פאַרשיקטער אין דער טײַגע און די גאַנצע ערד זעט ביי אים אויס ווי אַ גיגאַנטישער יאָזש באַשטאָכן מיט ביימער.

— וויפיל אַזעלכע שפּענדלעך, פון וועלכן כ'האָב אַמאָל געחלשט, קאָנען זיין פון בלויז איין אַזאַ בוים? — פאַלט אים איין אַ קינדישע שאלה. איצט איז די גאַנצע טייגע אין אים אַריינגעשטאָכן, אַריינגעשטאָכן אין זיין לייב און ער פילט דאָס אַפילו נישט, און קיינער פילט דאָס אַפילו נישט.

מען האָט דעם פּוילישן עטאַפּ געבראַכט פון אַ צווייטן עק וועלט. דאָס שטעכל־דראָט פון דער זאָנע האָט זיי ווי מיט אַ מעסער אָפּגעשניטן פון דער אַרומיקער וועלט. מען האָט זיי אָפּגעשיילט, אַרויסגעסקראָביעט פונעם נעכטן, ווי מען טוט אָפּשיילן אַ קאַרטאָפל, איידער מען וואַרפט זי אין טאָפּ אַריין.

דער נאַטשאַלניק פון קולטור־דערציערישער אָפּטיילונג האָלט פאַר זיי אָפּט קורצע רעדעס. ער זאָגט: פּוילן עקזיסטירט נישט מער און וועט מער נישט עקזיסטירן. איר וועט זיך שוין דאָרט קיינמאָל נישט צוריקקערן. איר בלייבט שוין דאָ אויף שטענדיק. נעמט דאָס אין אַכט! — רופט אויס דער קליינער, זיך איקנדיקער נאַטשאַלניק — דאָס מוזט איר זיך איינמאָל פאַר אַלעמאָל פאַרגעדענקען! איר מוזט פאַרגעסן אַלץ וואָס איז געווען מיט אייך ביז איצט, און וואָס איר זענט געווען ביז איצט!

און וואָס איז אייגנטלעך אַ פאַרברעכער? עגבערט שמעונען אַ פראַגע אין זיין ביז איצט פאַרפּאַנצערטן מוח. אַ פאַרברעכער דאָס איז אַ מענטש וואָס וויל נישט וויסן ווער און וואָס ער איז געווען נעכטן. דאָס איז אַ מענטש וואָס לעבט אָן געשיכטע. אַזאַ מענטש קאָן אַפילו ווערן אַ מערדער.

אַ פאַרברעכער איז אַ מענטש וואָס וויל נישט וויסן ווער ער איז געווען נעכטן. אָבער זיי, דעם פּוילישן עטאַפּ, בויט מען זיי זאָלן פאַרגעסן וואָס און ווער זיי זענען נעכטן געווען, דערפאַר ווערן זיי פּאַסיוו, אַפּהענ־טיק און אָפּגעלאָזן.

אָט, פונוואַנען ס׳נעמט זיך מיין און יענעמס און אונדזער אַלעמענס גלייכגילטיקייט צום גורל פון אַ מענטש, מיט וועלכן מען איז צוזאַמען, מיט וועלכן מען געהערט צו איין פאָלק, מיט וועלכן מען איז אַריינגעוואָרפן אין די זעלבע מוראדיקע באַדינגונגען, מיט וועלכן מען טיילט די זעלבע ליידן, קוועלן און צרות. אָט, פונוואַנען די אויסגעהוילטקייט פון יעדער מחשבה און געפיל. אויף זייער אָרט קומט באַלד די גלייכגילטיקייט, ווי אויפן אָרט פון אַן אַרויסגענומענער זאַך — קומט באַלד די לערקייט.

איוואַניוק, דער סטריעלאָק מיטן פּנים פול מיט זומער־שפּרענקעלעך, שרייט עפּעס אַראָפּ פון טורעם. זיין געשריי איז הויל, ווי דאָס קול פון די טויבע פייגל פון דער טייגע. שמעון כאַפּט זיך ערשט איצט, אַז זיי זענען שוין ביי דער זאָנע. די טויערן עפענען זיך גיך אויף און דער שליטן שטעלט זיך אָפּ ביי דער טיר פון דער אַמבולאַטאָריע, וועלכע געפינט זיך ביי די סאַמע טויערן פון דער זאָנע.

שמעון טוט זיך אַ ריס, עפנט דאָס מויל אַרויסצוגעבן באַפעלן. ער

האָט אַ פּאַרטיקן פּלאַן ווי אַזוי אַראָפּצונעמען דעם פּאַרווונדעטן פון דעם שליטן און אים אַוועקלייגן אין אַ נאָרמאַלער פּאָזיציע. אָבער ביי דעם שליטן וואַקסט אויס דער קאָמענדאַנט פון דער זאָנע סאָבאַטשאָוו. מיט זיינע לאַנגע הענט אין די ברייטע אַרבל פון שעפּסענעם פּעלץ פאַרשטעלט ער דעם גאַנצן שליטן. ער זאָגט צו שמעונען שטיל אָבער שאַרף: — אוכאָ־דיטיע! אוכאָדיטיע! (גייט אַוועק, גייט אַוועק!).

שמעון עפנט זיינע גרויסע, טונקעלע אויגן און קוקט אויפן קאָמענדאַנט אַ דערשטוינטער. סאָבאַטשאָוו שטשירעט זיינע לאַנגע, געלע ציין. די ווייסע אויגן אָנגעגאָסן מיט רציחה. ער בייגט צו זיין האַרטן פערדישן קאָפּ צו שמעונען און סיקעט אַרויס: — אוכאָדיטיע סקאַריעי! (גייט גיך אַוועק!)

שמעון גייט אַוועק פון דעם שליטן. אין אָנהויב גייט ער פּאַמעלעך, פאַרטראַכט, און מיטאַמאָל הויבט ער אָן לויפן. ער ווייסט נישט פאַרוואָס און נאָך וואָס ער לויפט. ער ווייסט אַפילו נישט אַז ער לויפט. אַ געפיל פון פאַרפאַלנקייט, אַ שרעק פאַר פאַרפאַלנקייט כאַפּט אים אַרום.

די זאָנע איז פוסט. מען זעט נישט קיין מענטש. ערשט איצט, ווען ער לויפט אַזוי, באַמערקט ער, אַז אין דער זאָנע, וועלכע געפינט זיך אינמיטן דער טייגע איז נישט פאַראַן קיין איין בוים. אַלץ איז דאָ אָפּן און נאַקעט.

אַנטקעגן אים הויבט זיך אַרויס דער באַלקן מיט דער שינע, ווי אַ תליה. אָבער איצט זעט ער עס ווי אַ סקעלעט מיט אַ קאָסע אין דער האַנט.

## דער סקעלעט
## מיט דער קאָסע אין דער האַנט

אין לאַגער האָבן זיך אָנגעהויבן מערן די טויט־פאַלן.

צום ערשט זענען אויסגעשטאָרבן אַלע פּיזיש שטאַרקע. צווישן זיי זענען געווען פּאַליאַקן, באַקאַנטע אַטלעטן, און אויך יידישע ספּאָרטס־לייט, וועמענס נעמען פלעגן אָפט דערמאָנט ווערן אין די יידישע צייטונגען אין פוילן.

מיט אַ צייט פריער האָט שמעון געהאַט באַמערקט, ווי איינער, אַ באַקאַנטער יידישער ספּאָרטס־מאַן, פון די ערשטע סטאַכאַנאָווצעס אין לאַגער, גייט אַנגעשפּאַרט אויף אַ שטעקן. דער מענטש איז ווי מיט אַ מאָל איינגעפאַלן אין זיך, קלענער געוואָרן, איינגעשרומפּן.

שמעון טרעפט אים אין דער זאָנע, ער שטעלט אים אָפּ, פרעגט וואָס איז מיט אים. יענעמס פּנים איז נעבעכדיק. ער שטאַמלט, רעדט ווי אַ קינד, אומבאַהאָלפן. וויינענדיק דערציילט ער, אַז ער האָט פאַרלוירן די כוחות און קען קוים שטעלן אַ פוס.

שמעון אַרבעט נאָך דעמאָלט נישט אין דער אַמבולאַטאַריע. ער איז נאָך אַלץ מעד.־געהילף. גייט אַרויס מיט די בריגאַדעס וואָס אַרבעטן אין וואַלד. אָבער נישט צו די בריגאַדעס סטאַכאַנאָווצעס שיקט מען אים. ער איז צוגעטיילט צו עטלעכע בריגאַדעס שוואַכערע אַרבעטער. מיט די סטאַכאַנאָווצעס, צי אַפילו בלויז מיט די בעסערע אַרבעטער, האָט שמעון נישט קיין קאָנטאַקט.

ערשט נאָך דעם, ווי ער טרעפט דעם יידישן ספּאָרטס־מאַן, הויבט שמעון זיך אָן אַרומקוקן וואָס עס טוט זיך אין לאַגער מיט די אַנדערע פּיזיש שטאַרקע מענטשן. ער קומט אַריין אין אַוונט, אונטער אַ תירוץ, אין דער אַמבולאַטאַריע, ווו ס'נעמט אויף דאָקטאָר אַלעקסעי וואַסיליעוויטש. צו זיין גרויסער שטוינונג טרעפט ער דאָרט כמעט אַלע פּאַליאַקן וואָס געפינען זיך אין לאַגער, צווישן זיי אויך די באַקאַנטע אַטלעטן. זייער אויסזען און פאַרהאַלטן זיך דערמאָנט אים דעם יידישן ספּאָרטס־מאַן. זיי זיצן הכנעהדיק

אין דער אַמבולאַטאָריע, אָנגעשפּאַרט אויף שטעקנס, און וואַרטן געדולדיק אויף זייער ריי. זיי באַמיען זיך צו וועקן רחמנות ביי דער קראַנקן־שוועסטער וואַליאַ. נישטאָ אין זיי קיין שפּור פון זייער אַמאָליקער פּאַריסנקייט און גאווה.

שמעונעק הויבן אָן די פאַלן צו באַאומרואיקן. ער טרעפט זיך מיט די מענטשן, פּאַרפירט מיט זיי שמועסן, פרעגט זיי געגוי אויס, וואָס איז מיט זיי געשען. און אָט וואָס ער ווערט פון זייע געוואָר:

אין אָנהויב האָבן זיי, די פיזיש שטאַרקע אַרעסטאַנטן, זיך אָ כאַפּ געטאָן צו דער אַרבעט. באַוויזן זייער כוח, זיך אָ שפּיל געטאָן מיט זייער גבורה. טייל פון זיי האָבן געהערט צו דער בריגאַדע וואַלד־האַקער פון דעם געפאַלענעם בריגאַדיר גאָלדשמידט. אַנדערע זענען געווען באַלאַגאַ־לעס אויף ווייטע שטרעקעס. זיי האָבן געפירט דאָס האָלץ דירעקט פון וואַלד צום וואַסער־ברעג. אַלע זענען זיי געווען סטאַכאַנאָווצעס, אויסגע־אַרבעט אָ סך מער ווי הונדערט פּראָצענט פון דער נאָרמע.

מיט אַ מאָל האָבן זיי זיך איינגאַנצן געענדערט. פון סטאַכאַנאָווצעס געוואָרן אָטקאַזשטשיקעס — אָזעלכע, וואָס זאָגן זיך סיסטעמאַטיש אָפּ צו אַרבעטן.

פאַראַן צווישן זיי אָזעלכע, וואָס, ווען מען פירט אַרויס די בריגאַדעס צו דער אַרבעט, באַהאַלטן זיי זיך אויס און ווילן באַלד נישט אַרויסגיין פון דער זאָנע.

דער קאָמענדאַנט פון דער זאָנע, סאָבאָטשאָוו, און דער נאַריאַדטשיק וואַניאַ, קענען זיי גוט. שוין אין דער סטאָלאָווע, בעתן נעמען דאָס עסן, האַלטן זיי אויף די דאָזיקע לייט אָן אויג. אָבער יענע עסן אָפּ זייער ביסל עסן און ווערן שטענדיק אויף אָ זייער געשיקטן אופן פאַרשוווּנדן. ווען ס'הויבן זיך אָן פאַרמירן די בריגאַדעס, לויפן אַרום סאָבאָטשאָוו און וואַניאַ ווי ווילד געוואָרענע און זוכן זיי אַרום. אָבער צו לאַנג זוכן קאָנען זיי נישט. קיין צייט איז נישטאָ. מען מוז אַכטונג געבן, אַז דער ראַזוואָד זאָל וואָס גיכער זיך אָנהויבן. פירט מען אַרויס די בריגאַדעס אָן די אויסבאַהאַלטענע.

ערשט ווען ס'שליסט זיך דאָס טויער פון דער זאָנע נאָך די אָוועקגע־גאַנגענע, הויבט זיך אָן דאָס ריכטיקע געיעג. סאָבאָטשאָווס גרויסע, ווייסע אויגן זענען ווי פאַרווירט, דאָס מויל מיט די לאַנגע, געלע ציין — אָפן, דער אָטעם הויך און שווער, אָבער ער לויפט. לעבן אים לויפט וואַניאַ מיטן אויסגעשובענעם פּנים און מיט אויגן ווי צוויי ווילד געוואָרענע מייז. זיי זוכן אומעטום, אויף די העכער, אין די אָפּטריט־גריבער. זיי מאָביליזירן די דניעוואַלנעס פון די באַראַקן און אָפילו סטריעלקעס פון דער וואַך צו

דעם זוכן. זיי זוכן אין דער קיך, אין די קוימענס, אין די קעלערס ביי דער קיך. די נאַרעס אין די באַראַקן זענען שוין צענדליקער מאָל קאָנטראָ־לירט געוואָרן.

סאָבאַטשאָוו איז אינגאַנצן ווילד. משוגע־ווילד. דער פּלאַץ פון דער זאַנע איז נאַקעט, אָן איין בוים אויף אים. נישטאָ דאָרט ווו זיך אויסצו־באַהאַלטן. ווען ס׳זענען נאָך נישט געהאַט געפאַלן די גרויסע שנייען, האָט מען געקאָנט פון דער ווייטנס זען יעדן פּיען פון די אַמאָליקע ביימער וואָס זענען דאָ געוואַקסן.

די מיטהעלפער ווערן גיך מיד פון אַזאַ זוכעניש אויף איין אָרט. זיי צעגייען זיך ביסלעכווייז. נאָר סאָבאַטשאָוו רעזיגנירט נישט.

פאַראַן איין אַרעסטאַנט, אַ גרויסער ספּעציאַליסט אין אויסבאַהאַלטן זיך. דאָס איז אַ פּאָליאַק פון אַ יאָר עטלעכע צוואַנציק. אַ מיטל וווּקסיקער, אַ דאַרער, מיט אַ געדיכטן קאָפּ האָר ווי קאָנאָפּיעס און בלויע אויגן. ער האָט אַ שמאָל, פאַרביסן פּנים.

אין אָנהויב איז ער געווען באַלאַגאָלע אויף ווייטע דיסטאַנסן. געאַר־בעט אַ סך. געווען איינער פון די בעסטע סטאַכאַנאָוועצעס אין לאַגער.

פּלוצים האָט ער אויפגעהערט אַרבעטן. מיטן זעלבן אייפער, מיט וועלכן ער האָט פריער געאַרבעט, זאָגט ער זיך איצט אָפּ צו גיין צו דער אַרבעט. ער וויל באַלד נישט אַרויסגיין פון דער זאָנע. ער לייגט זיך אַוועק אויף דער ערד — און כאָטש טראָגט אים די גאַנצע צייט ביז צום אַר־בעטס־אָרט. ער שרייט: — הענגט מיך! שיסט מיך! כ׳וועל נישט אַרבעטן!

ווען ער באַהאַלט זיך אויס, קאָן אים קיינער נישט געפינען. סאָבאָ־טשאָוו ווערט פון אים משוגע. ער פילט זיך צוליב אים ווי דעגראַדירט. ס׳שטייט אים נישט אָן, אַז ער זאָל נישט קאָנען געפינען אַן אויסבאַהאַל־טענעם אַרעסטאַנט אין דער זאָנע. די זאָנע איז זיין דאָמענע, זיין מדינה, דאָ איז ער הערשער. ער קאָן נישט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז עמעצער קאָן אַזוי גראָב פאַרלעצן די געזעצן וואָס הערשן אין דעם אָרט.

דער פּאָליאַק איז נישט איינער וואָס באַהאַלט זיך אויס בעת מען פירט אַרויס די בריגאַדעס צו דער אַרבעט. פאַראַן נאָך אַזעלכע ווי ער. אָבער די אַנדערע געפינט מען אויס נאָכן אַוועקגיין פון די בריגאַדעס און מען שיקט זיי אַרויס צו דער אַרבעט מיט אַ ספּעציעלן סטריעלאָק. דער סטריעלאָק יאָגט זיי, שרייט, כדי זיי זאָלן וואָס שנעלער אָנקומען צום אַרבעטס־אָרט און ער זאָל קאָנען באַלד צוריקגיין צו זיך אַהיים.

סאָבאַטשאָוו אָרט נישט וואָס די אויסבאַהאַלטענע אין דער זאָנע, וועלכע מען האָט געכאַפּט און אָפּגעשיקט מיט אַ ספּעציעלן סטריעלאָק,

וועלן סיי ווי סיי אין וואַלד נישט אַהבעטן. דאָס איז שוין נישט זיין זאַך. וועגן דעם זאָל זיך זאָרגן דער דיעסאַטניק און דער בריגאַדיר. ער דאַרף נאָר צוהיטן, אַז אין דער זאַגע זאָל קיינער נישט בלייבן, וואָס איז אָפּיציעל נישט באַפרייט פון דער אַרבעט. דאָס דאַזיקע געזעץ היט ער אָפּ מיט אַ ווילדער פרומקייט.

דעריבער מאַכט אים דער פּאַליאַק, דער ספּעציאַליסט אויף אויסבאַ־האַלטן זיך, ממש פאַרצווייפלט. ער לויפט ווי אַ פּאַרסמטער, נישטערט איבער אומצאָליקע מאָל יעדעס אָרט, ווו מען קאָן זיך נאָר אויסבאַהאַלטן. ער געפינט אויס יעדן באַהאַלטענעם, אָבער דעם איינעם פּאַליאַק קאָן ער נישט געפינען.

ביז אַ צייט נאָך דעם, ווי די בריגאַדעס זענען אַרויס צו דער אַרבעט, זעט ער דעם דאַזיקן פאַרשווין זיך אַרומדרייען אין דער זאָנע מיט די הענט אין די קעשענעס פון בושלאַט.

ווען סאַבאַטשאַוו דערזעט אים — פּאַרפּעלט אים שטענדיק אָטעם. די פיס — ווי אונטערגעשניטענע. ער בלייבט שטיין ווי אַ געלעמטער — און דעם פּאַליאַק געלינגט דערווייל צו אַנטלויפן.

אָבער מען כאַפּט אים. סאַבאַטשאַוו איז שוין דערשעפּט פון דעם זוכן און פון דעם געיעג. צו יענעמס שטוינונג, זידלט ער אים אַפילו נישט, נאָר שיקט אים אין קיך אַריין צו העלפן ביים צוגרייטן דאָס עסן. ער׳שט אויף ביינאַכט נעמט מען דעם פּאַליאַק אין איזאָלאַטאָר.

איין מאָל בעת אַזאַ זוכן דעם פּאַליאַק, האָט באַמערקט אַ סטריעלאָק, אַז די רויטע פאָן, וואָס הענגט איבערן באַראַק, ווו ס׳געפינט זיך דאָס ביוראָ פון לאַגער־נאַטשאַלניק, איז עפּעס פאַרוויקלט נישט ווי געוויינטלעך. ער זאָגט דאָס דעם קאָמענדאַנט. סאַבאַטשאַוו מיטן סטריעלאָק גייען אַרויף אויפן דאַך און דאָ דערזעען זיי דעם פּאַליאַק הענגען מיט הענט און פיס פאַרקראַמפּט אַרום דעם מאַסט, און אינגאַנצן איז ער אַרומגעוויקלט מיט דער רויטער פאָן.

פאַר אַזאַ אומדערהערטער פּראָפּאַגאַציע באַקומט דער פּאַליאַק אַ פּאָר געזונטע קלעפּ פון סאַבאַטשאַוון און מען שיקט אים תיכף אָפּ אין איזאָלאַטאָר.



ווען טיפע שנייען ליגן ביי די זייטן פון די וועגן אין דער זאָנע, טרעפט, אַז אַזאַ זיך אויסבאַהאַלטנדיקער אַרעסטאַנט טוט אַ צייט נאָך

דעם ווי די בריגאַדעס זענען אַוועק צו דער אַרבעט, אַ האַלב פאַרפרוי־רענער אַפּערקריכן פון אונטער אַ באַרג שניי.

פאַראַן אַזעלכע אַרעסטאַנטן, וואָס גייען גערן אַרויס מיט זייערע בריגאַדעס, נאָר ווען זיי קומען אין וואַלד אַריין ווילן זיי גאָרנישט טאָן.

מיט די פאַרנעמען זיך די בריגאַדירן, די דיעסאַטניקעס און אויך די סטריעלקעס. די בריגאַדירן זשאַלעווען זיך נישט אויפצוהויבן אַ האַנט, כאַטש שלאָגן איז אין לאַגער פאַרווערט. די צוויי יידישע בריגאַדירן, סעוועק און מאַניעק, שטייען נישט אָפּ אין דעם פּרט, האָבן זיך גאָרנישט וואָס צו שעמען פאַר זייערע נישט־יידישע חברים. די דיעסאַטניקעס שעלטן מיט צען־שטאָקיקע קללות, זידלען מיט די מיאוסטע ווערטער און מישן דערביי אַריין יעזוס־קריסטוסן און די הייליקע מאַמע. די יידישע בריגאַדירן שעלטן און זידלען אויף יידיש, מיטן זעלבן אייפער און דעם זעלבן נוסח ווי די נישט־יידן, אָבער יעזוסן און די הייליקע מאַמע לאָזן זיי צורו, זייביידע מישן די יידישע בריגאַדירן נישט אַריין אין זייער ניבול־פּה.

די סטריעלקעס פוילן זיך אויך נישט. זיי זידלען די וואָס ווילן נישט אַרבעטן. זיי שרייען אויף די אַרעסטאַנטן: — פּאַראַזיטן! איר פרעסט בחינם דאָס סאָוויעטישע ברויט! טיילמאָל רעדן זיי צו יענעמס געוויסן: — מען דאַרף דאָך סוף־כל־סוף אַרבעטן. וועסט נישט אַרבעטן, וועסטו נישט באַקומען קיין עסן און דו וועסט אַוועקפגרן. טיילמאָל הייסט דער סטריעלאָק אַזאַ „אָטקאַזשטשיק" אַוועקזעצן זיך לעבן זיך, און ווען די בריגאַדע גייט צוריק פון דער אַרבעט, לאָזט ער אַזאַ איינעם באַלד נישט אַריין אין דער זאָנע, נאָר פירט אים אָפּ אין איזאָלאַטאָר.

אויף זעצן אין איזאָלאַטאָר זענען פאַראַן אַ סך בעלנים. די קאַוועטשע, די קולטור־דערציערישע אָפּטיילונג פון לאַגער, זאַמלט סטאַטיסטישע געגעבענע ביים נאָרמיראָווטשיק וועגן יעדן אַרעסטאַנט, וויפל פּראָצענט פון דער נאָרמע ער פירט אויס. די, וועלכע אַרבעטן שלעכט, צי נישט גענוג, זעצט מען אויף דער פאָדערונג פון קאַוועטשע — אין איזאָלאַטאָר. דער קאָמענדאַנט פון דער זאָנע סאָבאַטשאָוו, זעצט אין איזאָלאַטאָר די אַלע, וואָס באַהאַלטן זיך אויס און ווילן נישט אַרויסגיין צו דער אַרבעט, און אויך אַנדערע פאַר פאַרשיידענע קלענערע חטאים. די בריגאַדירן און דיעסאַטניקעס שטעלן בעת דער אַרבעט צונויף פּראָטאָקאָלן קעגן די אַרעסטאַנטן וואָס אַרבעטן שלעכט. די פּראָטאָקאָלן גיבן זיי איבער אין דער קאַנצעלאַריע פון לאַגער־קאָמענדאַנט. דאָרט שטעלט מען צונויף אַ ליסטע פון די וואָס

דאַרפֿן גיין אין איזאָלאַטאָר, ווער אויף איין נאַכט, ווער אויף צוויי און ווער אויף לענגער.

ביינאַכט קומט דער אויפזעער פון דעם איזאָלאַטאָר, נעמט צונויף די ליסטעס פון אַלע מאַכט־האָבערס אין לאַגער, און גייט מיט אַ לאַמ־טערן איבער די באַראַקן. ער וועקט אויף די מידע, פאַרמאַטערטע, שלאָפנדיקע מענטשן, שלעפּט זיי אַראָפּ פון די נאַרעס און פירט זיי אין איזאָלאַטאָר, וועלכער געפינט זיך אויסער דער זאָנע. פאַרטאָג, ווען די בריגאַדעס גייען אַרויס צו דער אַרבעט, ווען זיי זענען שוין אויסער דער זאָנע, שטייען די דורכגעפרוירענע, אויסגעהונגערטע מענטשן, וועלכע מען האָט נאָר וואָס אַרויסגעפירט פון איזאָלאַטאָר. דער קאָמענ־דאַנט סאַבאַטשאַוו גלידערט זיי איין יעדן אין זיין בריגאַדע, צו וועלכער ער געהער, און שיקט זיי אַרויס צו דער אַרבעט אין וואַלד.



צווישן די וואָס ווילן נישט אַרבעטן געפינען זיך אויך דער סטאַליניסט און דער טראָצקיסט, שמעונס באַקאַנטע נאָך פון דער באַן און דער באַרזשע. אָבער יעדער פון זיי טוט דאָס אויף זיין אופן.

דער סטאַליניסט גייט גערן אַרויס צו דער אַרבעט. מען האָט אים שוין איינגעגלידערט אין פאַרשידענע בריגאַדעס, געשיקט צו פאַרשידענע אַר־בעטן. ער דערווידערט קיינמאָל נישט. קלאָגט זיך אויף גאָרנישט. נאָר ווען ער קומט צום אַרבעטס־אָרט, וויל ער גאָרנישט טאָן. ער טענה'ט, אַז ער איז נישט באַגאַנגען קיין שום פאַרברעכן, ער האָט פאַר קיינעם נישט געזינדיקט, און ער דאַרף נישט זיין קיין אַרעסטאַנט וואָס אַרבעט צוואַנגס־אַרבעט.

ווען מען שרייט איבער אים, ווען מען זידלט אים, ווען מען דראָט אים — רעגט ער זיך נישט אויף. ער איז רואיק, איינגעהאַלטן, געצוימט. נישט אין זיין פּנים, נישט אין זיינע באַוועגונגען, זעט מען נישט קיין שום סימנים פון אויפגעברויזטקייט. ווען מען זעצט אים אין איזאָלאַטאָר קומט ער אַרויס פון דאָרט נישט קיין דערשלאָגענער, נישט קיין צעבראָכענער, נאָר פאַרקערט, אַ גלייכגעוויכטיקטער, כמעט אַן אויסגערוטער, ווי ער וואָלט נישט געקומען פון איזאָלאַטאָר, נאָר ווי פון אַ האָטעל־צימער. אין זיין בושלאָט פעלט קיינמאָל נישט קיין קנאָפּ, דאָס לאַגער־היטל זיצט שטענדיק אויף זיין קאָפּ חנעוודיק, מיט אַן עלעגאַנטן קנייטש.

דער טראָצקיסט שטייט גאַנצע נעכט, ווען אַלע שלאָפן, אויף די פיס

און טרינקט כסדר וואַסער פון פאַס. ער וויל באַקומען געשוואָלענע פיס און באַפרייט ווערן כאָטש אויף אַ טאָג־צוויי פון דער אַרבעט. ער שטייט אַ פאַר־ביסענער, אַ פינצטערער, פול מיט צאָרן און איינצייטיק וואַכזאַם, מיט אָנגע־שפּיצטע אויערן, צו עפּנט זיך נישט די טיר און ס׳פאַלט נישט אַריין דער קאָמענדאַנט סאַבאַטשאָוו, וועלכער איז שטענדיק פול מיט חשד, אַז עפּעס טוט זיך אָפּ אין די באַראַקן, וואָס איז שטרענג פאַרבאָטן.

פאַרטאָג, נאָך איידער די בריגאַדעס פאַרמירן זיך אַרויסצוגיין צו דער אַרבעט, לויפט דער טראַצקיסט אין דער אַמבולאַטאָריע. ער באַקלאָגט זיך פאַרן דאָקטאָר אויף האַרץ־ווייטיק און אַז די פיס זענען אים געשוואָלן.

אָבער זיין אָרגאַניזם איז אַ געזונטער. דער טראַצקיסט איז עפּעס ווײַ־ניקער פון מיטעלער וווקס, אַ קרעמפּער, אַ פעסט־געבויטער, כמעט אַטלע־טיש. זיין קערפּער האָט פאַרצערט דאָס וואַסער וויפיל ס׳האָט באַדאַרפן און די רעשט אַרויסגעשטויסן אויפן נאַטירלעכן וועג. זיין האַרץ פונקציאָ־נירט נאָרמאַל און אויף די פיס איז נישט פאַראַן דער מינדעסטער סימן פון געשווילעכץ.

דער דאָקטאָר אַלעקסעי וואַסיליעוויטש זידלט אים אָן וואָס ער קומט אין אַזאַ ענגער צייט, פאַרן „ראַזוואָד", פאַרדרייען אים דעם קאָפּ, און הייסט אים זיך תיכף שטעלן אין דער בריגאַדע און גיין צו דער אַרבעט.

דער טראַצקיסט מאַכט נישט שלום מיט זיין לאַגע. ווידער שטייט ער דורך די נעכט אויף די פיס און טרינקט וואַסער. ער איז פאַרביטערט, פאַר־צאָרנט. די קראַנקע וואָס פיבערן אין היץ איז ער מקנא דערפאַר, וואָס זיי גייען נישט צו דער אַרבעט. ער שטורעמט, ער איז אויסער זיך. ער שטייט אין דער פינצטער און רעדט צו זיך און קלאַפּט זיך מיט דער פויסט אין האַרץ אַריין מיט דער בייזער כוונה עס צו באַשעדיקן, אַבי נישט דאַרפן גיין אַרבעטן.

נאָר זיינע רעברעס זענען פעסטע. ווי אייזערנע רינגען פאַרפּאַנצערן זיי אים דאָס האַרץ, ער גייט שוין נישט פאַרטאָג אין דער אַמבולאַטאָריע, נאָר פאַרנאַכט, צוזאַמען מיט אַלע וואָס קומען זיך באַקלאָגן פאַרן דאָקטאָר, קראַנקע און אַזעלכע, וואָס ס׳דאַכט זיך זיי, אַז זיי זענען קראַנק.

דער דאָקטאָר זידלט ווידער אָן דעם טראַצקיסט: — הער אויף צו דרייען אַ מוח! שרייט ער אויף אים. ער גייט אַרויס פון דאָקטאָר פול מיט כעס, פאַרביסן און עקשנותדיק. ער הערט נישט אויף זיך צו מאַטערן.

דער טראַצקיסט, וואָס איז שטענדיק געווען דאָפּלט אומלעגאַל, אי פאַר דער פּוילישער פּאָליציי ווי אַ קאָמוניסט, אי פאַר זיינע פּאַרטיי־חברים ווי אַ טראַצקיסט, וויל אין לאַגער באַפרייט ווערן נאָר אויף אַ לעגאַלן אופן,

דורכן דאָקטאָר. ער איז נישט פון די וואָס באַהאַלטן זיך אויס בעתן „ראַז־וואָד”. ער איז נישט פון די, וואָס גייען אַרויס פון דער זאָנע, נאָר אַרבעטן ווילן זיי נישט. ער גייט יאָ אַרויס מיט זיין בריגאַדע און, ווען ער איז אין וואַלד, אַרבעט ער. אָבער ער וויל „לעגאַל” באַפרייט ווערן פון דער אַרבעט. אין דעם דאָפּלט פּאַרפּאַלגטן, צינדט זיך דווקא אין לאַגער אָן אַ לאַנג פּאַר־טייעטע בענקשאַפט צו לעגאַליטעט.

זיין אָפּט קומען צום דאָקטאָר, זיין כסדר באַקלאָגן זיך פאַר אים, און דער עיקר, זיין פאַרצאַרגט פּנים, ציען די אויפמערקזאַמקייט פון דער לאַגער־מאַכט אויף זיך. מען האָט אויף אים אָן אויג. ביישט איין מאָל האָט מען אים געוואָרנט, אַז מען וועט אים שיקן מיטן עטאַפּ ערגעץ אין אַ צווייטן לאַגער.



די רוסישע דיעסאָטניקעס און בריגאַדירן, שיטן די אַרעסטאַנטן זאָלץ אויף די וווּנדן. זיי זאָגן — אייך האָט מען דאָ געשיקט אויף אומצוקומען.

דער עלטסטער קאָנטראָל־דיעסאָטניק, סטיעפּאַן סטיעפּאַנאָוויטש, אַן אוראַזנער, אַ פּאָליטישער, דערציילט שמעונען פּאַרטרוילעך, ווי אַזוי ער און די מענטשן פון זיין עטאַפּ זענען דאָ אַהער געקומען מיט יאָרן צוריק:

— ס'איז געווען אָנהויב ווינטער. הונדערטער קילאָמעטער זענען מיר געגאַנגען צופוס. מיר האָבן געהאַט מיט זיך נאָר עטלעכע זעקלעך מעל, וועלכע די אַרעסטאַנטן, אַלע מאָל אַנדערע, האָבן געטראָגן אויף די פּליי־צעס. דאָס איז געווען דער איינציקער פּראָדוקט וואָס מיר האָבן באַקומען. ווען מען פלעגט זיך אָפּשטעלן אין מאַרש, האָט מען גענומען אַ ביסל מעל, פאַרמישט מיט וואַסער, געמאַכט אַ פּייער און אָפּגעבאַקן פּלעצלעך. מיט דעם האָבן מיר זיך דערנערט. מיר זענען אָנגעקומען אַהער און מען האָט אונדז געזאָגט — דאָ וועט איר בלייבן.

— ס'איז דאָ גאָרנישט געווען אַ חוץ וואַלד. מיר האָבן באַדאַרפן אויסהאַקן דעם וואַלד און שטעלן זיך בויען באַראַקן, די באַראַקן צו וועלכע איר זענט געקומען שוין גרייטע. מיר האָבן זיך געלייגט שלאָפן אונטערן בלויזן הימל. אין מיטן נאַכט האָט געכאַפּט אַ שטאַרקער פראָסט. די, וואָס זענען געלעגן אינמיטן דער מאַסע, האָבן זיך אינסטינקטיוו אין שלאָף, צוגעדריקט איינער צום צווייטן און זיך אָפּגעראַטעוועט. אָבער די, וועמענס ערטער זענען אויס־געפאַלן ביים ראַנד, די אַלע זענען אין שווערן שלאָף פאַרפרוירן געוואָרן אויף טויט. אין דער פרי איז די שלאָפנדיקע מאַסע געווען אַרומגענומען

ווי מיט אַ דיקער שאָל טויטע מענטשן. מען האָט זיי אָוועקגענומען, מען האָט זיי אָוועקגעשיילט, ווי מען שיילט אָוועק די שאָל פון אַן אַרבוז.

דער דיעסאָטניק מיעלניקאָוו, וועמענס בריגאַדע שמעון באַדינט ווי אַ לעק־פּאַם, די בריגאַדע, צו וועלכער ס'האָט געהערט דער פאַרשטאָרבע־נער פריילין, איז פון די וואָס נוצן אויס יעדע געלעגנהייט צו באַדרענגען די אַרעסטאַנטן פון ביימעם עטאַפּ, די יידן דער עיקר, מיטן זאָגן — אייך האָט מען אַהערגעשיקט אויף אומצוקומען.

ער אַליין, מיעלניקאָוו, וויל אַנגיין אין שמעונס אויגן ווי אַ פאַרמיש־פּטער פאַר פּאָליטישע חטאים. אָבער דער דיעסאָטניק זאַכאַרענקאָ, וועמענס בריגאַדע שמעון באַדינט אויך, קאָן דאָס נישט פאַרטראָגן. ער דערציילט שמעונען, אַז מיעלניקאָוו איז געווען אַ לייטער פון אַ קאָאָפּעראַטיוו, און פון דאָרט צוגעגנבעט אַ גרויסע סומע געלט. פון זיינע רייד איז לייכט צו פאַרשטיין, אַז דאָס איז נישט געווען מיעלניקאָווס איינציקע גניבה, פאַר וועלכער מען האָט אים אַזש אַהער פאַרשיקט.

וועגן זיך דערציילט זאַכאַרענקאָ, אַז ער איז אַן אַדעסער. געווען פון די טיכטיקסטע אין דער מאָלדאַוואַנקער אונטער־וועלט. ער איז אַ שווער טו־בערקולאָז־קראַנקער. מיעלניקאָווס וועלן אַנגיין פאַר אַ פּאָליטישן אַרעס־טאַנט, האַלט ער פאַר נישט ווירדיק.

שמעון וואָלט קיינמאָל נישט געגלייבט, אַז די צוויי זענען קרימינעלע פאַרברעכער. ביידע זענען מענטשן מיט מאַניערן. שרייען זעלטן. מיעלני־קאָוו זידלט אַמאָל אַן אַרעסטאַנט, זאַכאַרענקאָ — קיינמאָל נישט. דאָך האָבן ביידע, און נישט נאָר זיי, עפּעס אַ פאַרבאָרגן פאַרגעניגן צו שרעקן די פריש־געבראַכטע אַרעסטאַנטן, וואָס פילן זיך סיי־ווי פאַרלוירן, מיטן זאָגן זיי: — אייך האָט מען ספּעציעל אַהערגעשיקט איר זאָלט דאָ אומקומען.

שמעון הייבט אָן גלייבן, אַז דאָס וואָס עס זאָגן די רוסישע דיעסאָטני־קעס און בריגאַדירן איז נישט ווייט פון אמת. ער זעט וואָס עס ווערט פון דעם ביסל פיזיש שטאַרקע מענטשן. אָט די, וואָס האָבן אין אָנהויב אַזוי גערן געאַרבעט, זענען איצט פול מיט שנאה צו דער אַרבעט. אַ ווילדע טראַציקייט איז אין זיי אַריין. זיי זענען גרייט צו שטאַרבן אָבי נישט צו אַרבעטן. אין אָנהויב האָבן זיי ווי געוואָלט אימפּאָנירן מיט זייער כוח, אָבער ווען זיי האָבן דערפילט דעם צוואַנג, די אייזערנע נעגל פון לאַגער־רעזשים, וואָס בייסט זיך איין אין זייערע לייבער, זויגט אויס זייערע כוחות, צינדט זיך אין זיי אָן אַ פּראָטעסט ווי אַ שריפה, און זיי זענען גרייט אין דעם פייער פאַרברענט צו ווערן.

די ערשטע צייט האָבן דווקא די געענדערטע באַדינגונגען, די שווערע,

מאַטערנדיקע באַדינגונגען פון אַ לאַגער אין דער טייגע, געוועקט ביי די שטאַרקע מענטשן דעם חשק איבערצוקעמפן, זיך קעגנצושטעלן דאָס שלעכ־טע — און בלייבן לעבן. זיי האָבן געגלייבט און זיך פאַרלאָזט אויף זייערע כוחות. אָבער ווען די אַרבעט, וואָס צעברעכט דעם גוף ווערט אַ טאָג־טעגלעכער יאָד, וועקט זיך אין זיי אַ ווידערווילן און אַן עקל.

ווען זיי גייען אַדורך דורך דעם הויפּט־וועג פון דער זאָנע, ווו ס'הענגען אין דער גאַנצער ברייט טראַנספּאַרענטן מיט ריזיקע רויטע אויפשריפטן אויף ווייסער לייוונט, פון וועלכע ס'שרייען אַראָפּ די ווערטער: אַרבעט איז אַ זאַך פון כבוד, פון העלדישקייט! — קוקן זיי זיך אום צי קיינער פון דער לאַגער־מאַכט זעט נישט, און שפּייען געדיכט אויס.

זיי האָבן נישט מורא, אין זיי וועקט נישט קיין פּחד דאָס לייענען די טויט־אורטיילן, אַרויסגעגעבענע אויף די אַרעסטאַנטן, וועלכע זאָגן זיך סיסטעמאַטיש אָפּ צו אַרבעטן. זיי האָבן די אורטיילן געהערט, ווען זיי זענען נאָך אַרויסגעגאַנגען צו דער אַרבעט. און די וואָס גייען אַרויס מיט די בריגאַדעס און אַרבעטן נישט, הערן זיי יעדן טאָג, געלייענט דורך דעם נידעריקן און דאַרן, זיך איקענדיקן קאַוווטשע־נאַטשאַלניק אין די פּראָס־טיקע, פינצטערע פאַרטאָגן.

דאָס לייענען די טויט־אורטיילן מאַכט אויף זיי נישט דעם מינדעסטן איינדרוק. פאַרקערט, ס'זעט אויס, ווי דאָס וואָלט גאָר געררייצט זייער טראָ־ציקייט. טייל איז אַלץ איינס, זיי האַלטן זיך פאַר לעבעדיקע מתים. וואָס גיכער מען וועט זיי דערשיסן, אַלץ בעסער וועט זיין פאַר זיי — טראַכטן זיי זיך.

ס'האָט זיך אויך אין לאַגער פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז די אַלע פאַר־אורטיילטע דערשיסט מען נישט, נאָר מען שיקט זיי איבער אין אַנדערע לאַגערן. אין באַפעל שטייט טאַקע, אַז דער אורטייל איז אויסגעפירט געוואָרן און ס'איז אַפילו אָנגעגעבן די גענויע שעה, ווען די עקזעקוציע איז אויס־געפירט געוואָרן. אָבער דאָס איז נאָר אָנצושרעקן דעם עולם נישט־דער־פאַרענע אַרעסטאַנטן, וואָס קענען נישט דעם רעזשים פון די לאַגערן אין צפון. דאָ, אין דער טייגע, איז אַפילו בלויז דער מענטשלעכער אָטעם טייער, אַפילו בלויז דאָס בערגעלע צואה, וואָס דער מענטש גיט אָפּ — האָט דאָ אַ באַדייטונג.

וואָס אַן אמת האָט דער עלטסטער קאָנטראָל־דיעסאַטניק, סטיעפּאַן סטיעפּאַנאָוויטש, דערציילט בסוד סודות שמעונען, אַז מיט עטלעכע יאָר צוריק, האָט דער גענעראַל פון ענקאַוועדע, קאַשקעטין, אייגנהענטיק דער־שאָסן אין לאַגער די אַלע, וואָס זענען געווען באַשולדיקט אין קאָנטער־רעוואָ־

לוציאָנערער טראַצקיסטישער טעטיקייט. אָבער אין לאַגער האָט קיינמאָל קיינער וועגן דעם נישט דערמאָנט.

ווי ס'זאָל נישט זיין, די וואָס ווילן נישט אַרבעטן, נעמען זיך לגמרי נישט איבער מיט די געלייענטע טויט־אורטיילן. דער נאַטשאַלניק פון קאָוווטשע צייגט זיך איבער, אַז זיין גאַנצע מי איז אָן אַרויסגעוואָרפענע. ווען ס'פאַרשטאַרקן זיך די פרעסט, הערט ער אינגאַנצן אויף צו קומען אין די פאַרטאָגן לייענען די טויט־אורטיילן.



נאָך דעם ווי דער נידעריקער און דאַרער, ווי אַ טונדרע געוויקס, נאַטשאַלניק פון קאָוווטשע הערט אויף קומען אין די פאַרטאָגן לייענען די טויט־אורטיילן, רופט ער אָפט צונויף פאַרזאַמלונגען און אַלע מאָל איקנ־דיק זיך טוט ער איבערחזרן די זעלבע ווערטער: פוילן עקזיסטירט שוין נישט און וועט מער נישט עקזיסטירן. איר בלייבט שוין דאָ אויף שטענדיק. ווועט איר גוט אַרבעטן, וועט מען אייך אַרויסלאָזן פון לאַגער און איר וועט זיך קאָנען דאָ איינאָרדנען. וועט איר נישט אַרבעטן, וועט איר דאָ בלייבן אין לאַגער אויף אייביק.

צו די פאַרזאַמלונגען רופט מען ביינאַכט. ווען די אַרעסטאַנטן מידע, פאַרמאַטערטע, ליגן שוין אויף די נאַרעס, קומט דער קאָמענדאַנט סאַבאַ־טשאָוו און שלעפּט זיי אַראָפּ זיי זאָלן גיין אין קאָוווטשע.

דריי נעכט נאָכאַנאַנד האָט דער דאַרער קאָוווטשע נאַטשאַלניק, אין אַ מונדיר פון אַ לייטענאַנט פון ענקאַוועדע, אויסגעאיקעט אַ בראַשור, וועלכע האָט געהייסן „דער פאַרטראַג פון חבר מאַלענקאָוו". דער נאַטשאַלניק האָט געשוויצט, זיך געווישט דעם שטערן מיט אַ קראַטענער נאָז־פאַטשיילע, גע־וואָרן הייזעריק, זיין שטימע האָט געגרילצט, די מענטשן האָבן געכראָפּעט און ער האָט געלייענט.

ס'האָט זיך געהאַנדלט אין דער בראַשור וועגן אונטערנעמען אַ קאַמף מיט דער גרויסער צאָל פעלערהאַפטע סחורות, וואָס די סאָוויעטישע אינ־דוסטריע גיט אַרויס. דער עולם האָט נישט געקענט קיין רוסיש, נישט פאַר־שטאַנען קיין וואָרט. אָבער דער נאַטשאַלניק האָט אַ באַפעל איינצולערנען מיט די אַרעסטאַנטן די בראַשור, טוט ער דאָס זייניקע. ער רעכנט זיך נישט צי די מענטשן פאַרשטייען יאָ, צי נישט, אים גייט אויך נישט אָן וואָס קאָן אינטערעסירן די מענטשן אין דער טייגע די צאָל פעלערהאַפטע סחורות, וואָס די סאָוויעטישע אינדוסטריע גיט אַרויס.

דער באַראַק פון דער קאַוווטשע איז אַ קליינער. ס'איז דאָרט שטאַרק דעמפיק. ס'רוב מענטשן זיצן אויף די בענק מיט אַראָפּגעהאַנגענע פון מידקייט קעפּ. די ברענענדיקע קנויט פון דער גאַפּט־בליץ־לאָמפּ, האָט פינף פייערדיקע שפּיצן און זעט אויס ווי אַ ספּעציעל אויספּאַרמירטער רוי־טער שטערן.

אין די ווינקלען פון דעם קאַוווטשע־באַראַק איז פול מיט שאָטנס. אויף די ווייס געקאַלעכטע ווענט שלאָגן זיך אָפּ גרויסע שאָטנס פון די אין שוואַרצע מלבושים אָנגעטוענע אַרעסטאַנטן. די מענטשן אַליין זענען אויך נאָר שאָטנס פון זיך אַליין. דאָס איינציקע ביסל פאַרביקייט אין דער מאַסע פון גרוי און שוואַרצקייט איז דער כאַקי־מונדיר און דער עיקר דאָס היטל מיטן רויטן פּאַס און בלויער דענקע פון דעם נאַטשאַלניקס ענקאַוועדע־פאָרם.

דער נאַטשאַלניק ענדיקט שטענדיק מיט דעם זעלבן: מען אַרבעט שלעכט. פּוילן עקזיסטירט נישט און וועט מער נישט עקזיסטירן. איר בלייבט דאָ אויף שטענדיק. דאָס וואָרט „שטענדיק" (נאַווסיעגדאַ) זאָגט דער איקענדיקער זיך און הייזעריקער נאַטשאַלניק אַרויס דראָענדיק.

פון דעם בייזן און דראָענדיקן „נאַווסיעגדאַ!" כאַפּט זיך דער פאַר־שלאָפענער עולם אויף. מען שטעלט זיך אויף פּאַמעלעך, מען שלעפּט די שווערע, ווי אָנגעגאָסענע מיט בליי, פיס. אין דרויסן טוט די שאַרפע ווייסקייט פון שניי זיך אַריינשניידן אין די אויגן, מידע פון נישט־דער־שלאָפנקייט און פון דעם רויטן שפּיזנדיקן ליכט פון דער בליץ־לאָמפּ אין באַראַק פון קאַוווטשע. מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן דערגייט מען קוים צוריק אין פינצטערן באַראַק. יעדער קריכט אַרויף אויף זיין נאַרע און לייגט אַוועק אויף זיין שטיקל אָרט דעם צעטומלטן קאָפּ, אין וועלכן ס'קלאַפּט ווי מיט אַ האַמער דאָס איינציק פאַרשטאַנענע, אכזריותדיקע וואָרט: נאַווסיעגדאַ! (אויף שטענדיק!).



די ערשטע צייט, ווי נאָר דער פּוילישער עטאַפּ איז אָנגעקומען אין לאַגער, איז דער נאַטשאַלניק פון קאַוווטשע געווען קוזניעצאָוו. אַ רוס אין די אָנהויב פערציקער יאָרן, אַ הויכער מיט אַ העל פּנים, מיט אַ בלאָנד געדיכטן קאָפּ האָר. ער איז אַ פאַרמשפּטער אויף צוואַנציק יאָר לאַגער פאַר אַדורכפירן אַ ריי רויב־מאָרדן.

אין לאַגער איז שוין קוזניעצאָוו איבער צען יאָר. דאָ איז ער געוואָרן אַ בעל־תשובה. גוט געאַרבעט, זיך אויסגעלערנט לייענען און שרייבן.

מען איז געוואָרן אויף אים אויפמערקזאַם. ווען ס׳פלעגט קומען אַ קאָמיסיע פון „גולאַג" פון מאָסקווע, האָט מען אים שטענדיק געוויזן פאַר אַ מוסטער.

אין די ערשטע יאָרן פון קוזניעצאָווס פאַרשיקונג, האָבן נאָך די לאַגערן געהייסן אַרבעטס־דערציִערישע. שפּעטער האָט מען געענדערט זייער נאָמען און אויף דעם רעזשים, און זיי אָנגערופן: אַרבעטס־אויסבעסערונגס לאַגערן.

קוזניעצאָוון האָט מען מער נישט געשיקט צו שווערע אַרבעטן, נאָר מען האָט אים איינגעאָרדנט אויף פאַרשידענע פּאָסטנס אין לאַגער. ער האָט אַרויסגעוויזן קינסטלערישע פעאיקייטן, אָרגאַניזירט קליינע טאַנץ־ און טעאַטער־גרופּעס, אין וועלכע ס׳האָבן אויך אָנטייל גענומען פרויען, וועלכע האָבן זיך געפונען אין לאַגער פאַרן אָנקומען פון פּוילישן עטאַפּ.

מיטן אָנקומען פון פּוילישן עטאַפּ איז קוזניעצאָוו באַשטימט געוואָרן פאַר נאַטשאַלניק פון קאַווּטשע. ער האָט אָרגאַניזירט פאַר די אַרעסטאַנטן פון נייעם עטאַפּ קורסן אויף לערנען רוסיש. אין די פרייע טעג, אין די זונטיקן, אָרדנט ער איין פאַרשטעלונגען. די הויפּט־אַקטיאָרן זענען קוזניעצאָוו און דער דייטש טאַנענטרעגער.

טאַנענטרעגער איז דער זאַוו.־כאָז. פון לאַגער. ער איז אַ יונגער מענטש פון אַ יאָר עטלעכע צוואַנציק. אַ העלער אויפן פּנים, אַ בלאָנדער, שטענדיק גוט אויסגעראַזירט. אַ מיטל וווקסיקער, ער באַוועגט זיך לייכט און וויגט דערביי מיט די היפטן, ווי אַ פרוי. ער טראָגט שטענדיק שיינע גאָלף־סוועטערס, אַ ווייס קורץ פּעלצל און הויכע ווייסע וואַלענקעס. די שיינע סוועטערס שטריקט פאַר אים אויס די דייטשקע בערטאַ, וועלכע אַרבעט ביים נאַרמיראָווששיק, דעם פראַנצויז פּליוויע. ס׳גייען אַרום קלאַנגען אין לאַגער אַז אַ חוץ בערטען איז אויך דער יונגער טאַנענטרעגער דער געליבטער פון דעם פראַנצויז פּליוויע.

קוזניעצאָוו שפּילט אַ מאַן און טאַנענטרעגער אַ פרוי. קוזניעצאָוו טוט זיך אָן אַ פּאַריק פון העל־בלאָנדע גלייכע האָר, ווי פון נאַטירלעכן לייַן, אַ העל־געלע זיידענע רובאַשקע און ברייטע הויזן פון בלויען זייד. טאַנענטרעגער טראָגט אַ העל־בלאָנדן פּאַריק געקאַרבירט, אַ רויטע זיידענע בלוזקע אויף אַ הויכן, אויסגעשטופּטן ביוסט, אַ ברייטע ווייסע ספּודניצע און דאַמען לאַטשן מיט ראָזאַ זאָקן.

זיי טאַנצן רוסישע פּאָלקס־טענץ. קוזניעצאָוו טוט אַלע ווײַלע אַ זעץ אין דיל מיט די שטיוול, זעצט זיך האַלב אַראָפּ און טאַנענטרעגער בייגט זיך צו אים אָן און הייבט דערביי אויף קאָקעטיש איין זייט פון זיין ספּודניצע, פון אונטער וועלכער מען זעט אַרויס שפּיצן פון די ווייסע מייטקעס. זיי זינגען דערביי שטיפערישע טשאַסטושקעס.

צו די פאַרשטעלונגען קומט נאָר דער יונגער עולם פון לאַגער. די עלטערע האָבן נישט קיין קאָפּ און קיין געמיט דערצו. זיי ווילן בעסער בלייבן אין באַראַק, ליגן אויף די נאַרעס און דרימלען. די יונגע וואָס קומען יאָ, פאַרשטייען אויך נישט קיין וואָרט רוסיש, און ווייסן נישט וואָס דאָס פּאַרל זינגט, נאָר די גאַנצע אַטראַקציע פאַר זיי באַשטייט אין דעם וואָס זיי ווייסן, אַז די חנוודיקע פּרוי — דאָס איז דער זאַוו.־כאַז. טאַנענטרעגער, און דאָס ווילט זיי.

אין לאַגער זענען דעמאָלט פאַראַן פון פריער צוויי פּרויען, וואַליאַ די סאַניטאַרין און בערטאַ, וואָס אַרבעט ביים נאַרמיראָווטשיק. ביידע קאָנען זיי אויף קיין רגע נישט פאַרגעסן, אַז זיי זענען אין לאַגער.

וועגן וואַליאַן ווייסט מען גאָרנישט. מען ווייסט נאָר, אַז זי איז אַ גריכין. וועגן בערטאַן ווייסט מען, אַז איר פאָטער, אַ דייטש, איז געווען אַ באַרימטער אינזשיניער, אַ קאָמוניסט. געקומען קיין ראַטן־פאַרבאַנד העלפן בויען אינ־דוסטריעלע אונטערנעמונגען ווי אַ ספּעציאַליסט. שפּעטער, אין די יאָרן פון די „רייניקונגען", פאַרשיקט געוואָרן אין אַ לאַגער, ווו ער איז אומ־געקומען.

זיי ביידע קאָנען נישט אַרויסבאַקומען פון זיך קיין טראָפּן אַפילו בלויז געמאַכטער פריילעכקייט. שפּילן דעריבער נאָר קוזניעצאָוו און טאַנענטרעגער. טיילמאָל ווייזט מען אַ פילם וועגן שפּיאָנען, וועגן דער גרענעץ־וואַך, צי וועגן קאַמפן מיט די סאַמוראַיען.

פון די קורסן צו לערנען רוסיש איז גאָרנישט געוואָרן, ווייל דאָס לערנען האָט באַדאַרפן זיין אויפן חשבון פון דער פרייער צייט פון די אַרעסטאַנטן און נישט אויפן חשבון פון די אַרבעטס־שעהן. אַזוי ווי דער עולם האָט נישט געקאָנט אַרבעטן אַזוי גיך, האָט מען זיי געהאַלטן אין וואַלד ביז אין דער טיפער נאַכט אַריין. זיי זענען צוריקגעקומען שפּעט. קוים באַוויזן אָפּצועסן דאָס ביסל וואַסערדיקע קרויט־זופּ און דאָס ביסל קאַשע — און שוין האָט מען זיי געיאָגט גיין שלאָפן, כדי זיי וועקן פאַרטאָג, ווען ס׳איז נאָך פינצטער. אַזוי אַז קיין צייט און קיין כוח און קיין געדאַנק צו לערנען די רוסישע שפּראַך איז נישט געווען, און כמעט קיינער האָט נישט געקענט קיין וואָרט רוסיש.

צוליב דעם וואָס דער לאַגער־עולם האָט נישט אויסגעאַרבעט די באַ־שטימטע נאָרמעס, האָט מען אָפּגעשאַפן די רו־טעג. אין די זונטיקס האָט מען די אַרעסטאַנטן אַרויסגעיאָגט צו דער אַרבעט גענוי ווי אין די געוויינט־לעכע טעג. די וואָך, די סטריעלקעס, האָבן געשאָלטן די אַרעסטאַנטן מיט

טויטע קללות. געזידלט מיט די געמיינסטע ווערטער, וואָס צוליב זיי איז זייער זונטיק, זייער רו־טאָג אַ פאַרשטערטער.

ווייל מען האָט געמוזט אַרבעטן אין די זונטיקן, זענען שוין אויך נישט פאָרגעקומען קיין פאַרשטעלונגען, מען האָט אויך נישט געוויזן מער קיין פילמען. דער סוף איז געווען, אַז מען האָט קוזניעצאָוון אַראָפּגענומען פון אַמט פון קאָוווטשע־נאַטשאַלניק. זיין אָרט פאַרנעמט דער ענקאַוועדע־אָפּיציר פון דער אַרטיקער קאָמי־באַפעלקערונג. דער קליינער, דער נידעריקער, ווי אַ טונדרע־געוויקס. ער טוט דאָס איקענדיק לייענען אין די פינצטערע פאַרטאָגן די טויט־אורטיילן אויף די אַרעסטאַנטן, וואָס ווילן נישט אַר־בעטן און ער האָט דאָס אָנגעהויבן אָפּט צו זעצן די אַרעסטאַנטן אין איזאָלאַטאָר.



מען האָט אויך געשלאָסן דעם לאַראָק, דאָס לאַגער־געוועלבל. ווי נאָר דער פוילישער עטאַפּ קומט אָן, איז דער לאַראָק אָפן עטלעכע שעה אין טאָג. אין לאַראָק באַקומט מען מאַכאָרקע, אַפילו צו עטלעכע פּעקלעך, פּאַסטע צו די ציין, שוואָקס צו די שיך. אָבער דער עיקר איז די מאַכאָרקע, וועלכע מען באַקומט אין לאַראָק פאַר קליין געלט. דעם לאַראָק פירן צוויי אַרעסטאַנטן איבערגעבליבענע פון פריערדיקן עטאַפּ. איינער וואַסיאַ, אַ רוס, אַ נידעריקער, אַ געהויקערטער, מיט אַ געל פּנים, אַ לונגען־קראַנקער. דער צווייטער — מאַצאַי, אַ טשעטשעניעץ, אַ מיטל וווקסיקער, אַ ברייטער מיט אַ גרויסן בויך און קיילעכדיק פעט פּנים, מיט גרויסע ברענענדיקע, שוואַרצע אויגן, שטענדיק אַ פריילעכער.

אַ חוץ וואָס זיי פאַרקויפן אין לאַראָק, קומען זיי אַרויס צו די אַרעסטאַנטן צו דער אַרבעט. זיי ברענגען אויף אַ וועגעלע ברויט מיט ווינעגרעט און בולאַטשקעס געפילט מיט קרויט.

ווען די אַרעסטאַנטן פון פּוילישן עטאַפּ הויבן אָן שוואַך צו אַרבעטן, פירן נישט אויס די פאַראויסגעזעענע נאָרמעס, הויבט זיך דער לאַראָק אָן איינצושרומפּן. די מאַכאָרקע פאַרשווינדט. ס'בלייבט נאָר די צאָן־פּאַסטע מיטן שוואָקס. צו דער אַרבעט ברענגט מען נאָר בולאַטשקעס פאַר די עטלעכע פאַרבליבענע סטאַכאַנאָווצעס און געפּרעסטע, געשניטענע שטיק־לעך קאַלטע קאַשע פאַר די וואָס אַרבעטן אויס ווינציקסטן אַכציק פּראָצענט.

מיט דער צייט פאַרמאַכט מען דעם לאַראָק אינגאַנצן און אויך צו דער

אַרבעט קומען נישט מער די לאַראַטשניקעס. וואָסיאַ בלייבט נאָך באַשעפ־טיקט ביים פאַרמאַכטן לאַראַק, ביי די רעשטלעך סחורה וואָס זענען דאָרט פאַרבליבן. אָבער מאַצאַיען שיקט מען צו פאַרשידענע אַרבעטן אין דער זאָנע.

אין סאַמע אָנהויב, ווען ס'איז אָנגעקומען דער פּוילישער עטאַפּ, איז דער טשעטשעניעץ מאַצאַי געווען זייער צוגעלאָזן צו די יידן. ער האָט אויך שטאַרק דרך־ארץ געהאַט פאַר שמעונען. נישט נאָר דערפאַר, וואָס ער איז אַ דאָקטאָר, נאָר דער עיקר צוליב דעם, וואָס איינמאָל האָט ער שמעונען געטראָפן ביים עלטסטן קאָנטראָל־דיעסאַטניק סטיעפּאַן סטיעפּאַ־נאָוויטש, און דאָרט האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז שמעון האָט אַ שטיקל ידיעה אין קאָראַן. נישט דער עלטסטער קאָנטראָל־דיעסאַטניק און נישט דער פּראָ.־ראַב.ביידע אוקראַינער, ביידע אינזשיניערן, האָבן נישט געהערט פון אַזאַ זאַך וואָס הייסט: קאָראַן.

מאַצאַי האָט נאָך צו זיצן אין לאַגער אַ סך יאָרן. ווען מען האָט אָנגע־הויבן, כאַטש געבנוג שפּעט, אַדורכצופירן אין טשעטשעניע די קאָלעקטיווי־זאַציע, ווען מען האָט אָנגעהויבן צונעמען ביי די באַלעבאַטים די ערד און איינגעפירט דאָרטן קאָלכאָזן, האָט דער הייס־בלוטיקער מאַצאַי אויסגע־הרגעט מיט אַ האַק די גאַנצע קאָמיסיע, וועלכע איז צו דעם צוועק געקומען אין זיין דאָרף אַריין.

מאַצאַי זאָגט אַפילו איצט אָפן, אַז ווען ער וועט אַרויס פון לאַגער און מען וועט אים נישט צוריקגעבן זיין ערד, וועט ער ווידער הרגענען. „יעי באָגו, אוביו!", ביי גאָט, כ'וועל דערהרגענען! — קלאַפּט זיך מאַצאַי מיט זיין פעסטער פויסט אויפן ברייטן האָריק־ברעט.

נאָך דעם ווי מען האָט געשלאָסן דעם לאַראַק, האָט מאַצאַי אַרויסגעוויזן זיין אָפענע שינאה צו יידן. אַפילו שמעונען מיידט ער אויס.

מאַצאַי שלאָפט אין גרויסן באַראַק, ווו ס'זענען פאַראַן בערך פיר הונדערט יידן. איינמאָל ביינאַכט קומט אַריין אין באַראַק אַ יינגל פון אַ יאָר פערצן־פופצן, אַ שליח פון קאַוואַטשע עפּעס איבערפרעגן ביי איינעם פון די אַרעסטאַנטן. דאָס יינגל האָט אַמאָל געהערט צו דער שפּאַנאַ, צו אַ באַנדע קינדער־פאַרברעכער. ער איז פאַרוואָגלט געוואָרן אין אַ לאַגער פון דער־וואַקסענע. דאָרט האָט מען אויף אים משפיע געווען ער זאָל ווערן לייט. ער האָט זיך אויסגעלערנט אַ ביסל לייענען און שרייבן און געוואָרן אָנגע־שטעלט אין קאַוואַטשע. ער איז אָנגעטאָן אין אַ מונדיר מיט קנעפּלעך, האַלב־ציוויל, האַלב־מיליטעריש, מעשה דערוואַקסענער.

ווען ער קומט דעמאָלט אַריין אין באַראַק, גרייט זיך דער עולם לייגן

שלאָפן. מאַצאַי ליגט שוין אויף זיין אָרט, אויף אַן אויבערשטער נאַרע. ווי געוויינטלעך שטייען דערווייל די יידן און רעדן צווישן זיך. איינער באַראַט זיך מיטן צווייטן ווו עפּעס צו פאַרקויפן פון זיינע זאַכן. ווו זיך איינצושאַפן אַן איבעריקן טאַלאַן און וועגן פאַרשידענע אַנדערע ענינים. אויף דעם יינגל פון קאַוווטשע, לייגן זיי נישט קיין אַכט.

אין דעם שאַרט זיך צו צום סאַמע ברעג פון דער נאַרע מאַצאַי. זיין פּנים איז רויט פון כעס און איינצייטיק צעגאָסן, פול מיט חניפה. ער רופט זיך אָן צום יינגל הויך, אַז אַלע זאָלן הערן:

— בירגער נאַטשאַלניק, אַנטשולדיקט מיר וואָס איך וואַג אייך צו פאַרהאַלטן. אָבער הערט מיך אויס. איר זענט אַריינגעקומען אין באַראַק צו אונדז, אַרעסטאַנטן, רעכטלאָזע, איר, אַ פרייע פערזענלעכקייט, אַ נאַטשאַלניק — און זיי — ווייזט ער אָן מיט דער האַנט אויף די יידן — זיי הערן נישט אויף אויף קיין רגע זייער זשו־זשו, זשו־זשו, ווייזן אייך נישט אַרויס דעם מינדעסטן דרך־ארץ!

דאָס יינגל איז צעטומלט פון דער פאַרציע חניפה, וואָס מאַצאַי האָט אויף אים אויסגעגאָסן און ווערט שנעל נעלם.



דער לאַגער־נאַטשאַלניק שיקט רופן שמעונען. ער איז זייער פאַרזאָרגט, דער נאַטשאַלניק. שוין עטלעכע מאָל ווי ער האָט באַקומען שאַרפע פאַרוווּרפן פון הויפּט־שטאַב פון די צפון־לאַגערן, אַז זיין לאַגער פירט נישט אויס די נאָרמעס. מיט דעם וואָס דער לאַגער אַרבעט אויס אַזוי ווייניק, רייסט ער אַרונטער דעם גאַנצן פּלאַן פון האַלץ־צוגרייטונג.

דער נאַטשאַלניק אָטעמט שווער. ער איז דאָס מאָל שמעונען נישט מכבד מיט קיין פּאַפּיראָסן, ווי ער פירט זיך געוויינטלעך. ער רויכערט אַליין, און צו שמעונען קומט ער מיט אַ טענה:

— וואָס טוט זיך דאָס מיט אייערע מענטשן? זיי אַרבעטן אינגאַנצן נישט!

אין דער ערשטער רגע האָט שמעון חשק אים שאַרף אָפּצוענטפערן. ער דערמאָנט זיך מיט וויפיל כעס און ביטול דער נאַטשאַלניק האָט גערעדט צו אים און צו די אַנדערע צוויי, ווען זיי זענען געקומען אים בעטן ער זאָל די יידן באַפרייען יום־כפור פון דער אַרבעט. ווי אַזוי ער האָט זיך געקרומט, מיט וויפיל געמיינע פערפידיע זיך אויסגעפּרעגט, צי האָבן זיי

געמאַכט אַ פֿאַרזאַמלונג פֿון די אַרעסטאַנטן און באַפֿולמעכטיקט געוואָרן קומען אין זייער נאָמען מיט אַ דעלעגאַציע.

שמעון האָט איצט געוואָלט ענטפֿערן דעם נאַטשאַלניק: איך האָב נישט געמאַכט קיין פֿאַרזאַמלונג פֿון די אַרעסטאַנטן און נישט באַפֿולמעכטיקט געוואָרן צו ענטפֿערן אין זייער נאָמען. אָבער, כאָטש שמעון איז נאָך אַלץ פֿאַרשלאָסן אין זיך, פֿאַרמאַכט, פֿאַרקאַפּסלט פֿון אַלעם אַרומיקן, איז ער אָבער גרייט צו טראָגן הילף אַלע און אין יעדן פֿאַל. ער גיט אַ טראַכט, אַז אפֿשר וועט אַרויסקומען אַ נוצן פֿאַר די אומגליקלעכע מענטשן פֿון זיין איצטיקן שמועס מיטן נאַטשאַלניק.

— בירגער נאַטשאַלניק, ווי אַזוי זאָלן די מענטשן אַרבעטן, אַז מען קלאַפּט כסדר אַראָפּ זייער געמיט, אַז מען האַלט פֿאַר זיי אין איין איבער־חזרן, אַז זיי וועלן שוין דאָ בלייבן אויף שטענדיק, שוין מער נישט זען נישט זייערע פֿרויען און נישט זייערע קינדער, אַז זייער גורל איז אַ גע־חתמטער. די מענטשן פֿאַרלירן אַזוי אַרום דעם מוט, פֿאַרלירן דעם חשק, נישט נאָר צו אַרבעטן, נאָר אַפֿילו צום לעבן.

— אָבער ווער האָט דאָס געזאָגט? — דאָס פֿולע פּנים פֿונעם נאַטשאַל־ניק ווערט רויט.

— זייט אַזוי גוט און פֿרעגט דעם נאַטשאַלניק פֿון קאָוווטשע, אפֿשר וועט ער אייך זאָגן, ווער ס'האָט דאָס געזאָגט.

— ס'איז אַ ליגן, אַ געמיינער ליגן! ס'איז מלחמה און קיינער ווייסט נישט וואָס ס'וועט זיין. קיינער האָט נישט קיין רעכט צו זאָגן און צו באַשטימען וועגן יענעמס גורל. ס'איז אומדערהערט, דאָקטאָר, וואָס איר דערציילט מיר!

דעם נאַטשאַלניקס שטים ווערט אָבער וואָס אַ מאָל בלאַסער און שוואַ־כער. מען זעט קלאָר, אַז ער וואַקלט זיך, אַז ער איז שוין נישט זיכער, צי דאָס וואָס ער האָט געזאָגט איז טאַקע אין איינקלאַנג מיט דער פּאַרטיי־ליניע לגבי די פּוילישע פֿאַרשיקטע. שמעון פֿילט בולט דעם נאַטשאַלניקס צעטומלטקייט און שאַרט זיך אַרויס פֿון זיין קאַבינעט.

פֿון דעם פּראָ.־ראַב. וואָלאָדימיר וואָלאָדימיראָוויטש, איז שמעון געוואָר געוואָרן וועגן אַ גרויסער קריגערייַ צווישן דעם לאַגער־נאַטשאַלניק און קאָוווטשע־נאַטשאַלניק. שטענדיק ווען ס'פֿלעגן פֿאָרקומען קריגערייען צווישן דעם יידישן לאַגער־נאַטשאַלניק מיט די אַנדערע נאַטשאַלניקעס, האָט דער אוקראַינער פּראָ.־ראַב. דערפֿון געוווּסט און געהאַט דערפֿון גרויס פֿאַרגעניגן.

שמעון באַמערקט, אַז סיי דער לאַגער־נאַטשאַלניק, סיי דער נאַטשאַל־

ניק פון קאַוואַטשע, זענען צו אים נישט פריינטלעך. דער נידעריקער קאַוואַטשע־נאַטשאַלניק שפּיזט אים מיט גאָר בייזע בליקן. פון דעמאָלט אָן הויבט ער אָן זיי ביידע אויסצומיידן.



איצט קומט שמעון אין די אונטן אַריין צו דעם עלטסטן קאָנטראָל־דיעסאַטניק, סטיעפּאַן סטיעפּאַנאָוויטש, וועלכער האָט אין לאַגער אַן אייגענע שטוב און ס׳איז שטענדיק ביי אים וואַרעם.

דאָרט קומט אויך אַריין דער פּראַ.־ראַב. וולאַדימיר וולאַדימיראָוויטש. ביידע זענען זיי אוקראַינער און ביידע האָבן זיי צו זייערע באַזונדערע פּאַראַגראַפן אויך אַ פּאַראַגראַף פאַר נאַציאָנאַליזם.

דער עלטסטער קאָנטראָל־דיעסאַטניק איז אַלט ביי אַ יאָר פערציק. ברייט און פעסט. מיט אַ גרויס קיילעכדיק פּנים, טונקעלע אויגן, אַ שטאַרק בולט מויל און אַ פעסט פאַרזעצטע ברייטע נאָז. ער איז טונקל־הויטיק. מען פילט אין אים מענטלעכע גבורה.

זיי טרינקען אַ סך טיי און רעדן ווייניק.

איין מאָל לייגט וולאַדימיר וולאַדימיראָוויטש פאָר שמעונען ער זאָל עפּעס זינגען. שמעונען פאַלט איין צו זינגען אַ ליד פון דעם רוסישן עמיגראַציע־זינגער ווערטינסקי, וואָס הויבט זיך אָן אַזוי:

נאָס אָבמאַנולי,
נאָס לאָזשיו אָפּוטאַלי,
נאָס זאַסטאַווליאַלי ליוביט׳,
מען האָט אונדז אָפּגענאַרט,
מיט ליגנס פאַרפּלאָנטערט,
מען האָט אונדז צו ליבע געצוווּנגען.

וולאַדימיר וולאַדימיראָוויטש נעמט עס נישט אויף ווי אַ ליבעס־ליד וועגן אַ צעשטערט לעבן פון צוויי אַנטוישטע מענטשן, ער לייגט אַריין אין דעם ליד פּאָליטישע כּוונות. די ערשטער ווערטער „מען האָט אונדז אָפּגענאַרט, מיט ליגנס פאַרפּלאָנטערט״, ברענגען אים אינגאַנצן אַרויס פון זיך. ער לאָזט שמעונען נישט אָפּ און בעט אים ער זאָל נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל איבערחזרן דאָס דאָזיקע ליד.

שטענדיק, ווען שמעון קומט אַריין צום עלטסטן קאָנטראָל־דיעסאַטניק, איז דאָרט פאַראַן דער פּראַ.־ראַב. און ווי נאָר ער דערזעט שמעונען פאַלט

ער צו אים צו מיט אַ געבעט: — דאָקטאָר, דאַוואַי ספּאַיטיע „נאָס אַבמאַנולי״, נעמט און זינגט אויף „מען האָט אונדז אָפּגענאַרט״.

שמעון נעמט די ערשטע צייט אויך מיט זיך מיט דינהן, דאָס יינגע מיידל פון פּוילישן עטאַפּ, ווען ער גייט אין די שפּעטע אָוונטן צום קאָנ־טראָל־דיעסאַטניק.

ווען דינה קומט אַריין, נעמט זי אַראָפּ פון קאָפּ דאָס וואַטענע היטל און ס׳צעשיט זיך דער געדיכטער קראַנץ העל־ברוינע האָר אַרום איר נאַקן. זי בלייבט אָבער שטענדיק אין בושלאַט, כאָטש אין דער שטוב איז זייער וואַרעם. אין דער דאָזיקער אינטימער אַטמאָספער פון עטלעכע מענער אין אַן אָפּגעזונדערטער שטוב, אין אַ לאַגער, צווישן באַראַקן אָנגעשטאָפּטע מיט שאָטנס פון מענטשן, איז דינה ווי אַ גאַסט פון גאָר אַן אַנדערער, ווייטער וועלט. איר אָנוועזנהייט רייצט און וועקט איינצייטיק צערטלעכ־קייט. אָבער דאָס איז נאָר אין אָנהויב, בעת די ערשטע פּאָר מאָל איר אַריינקומען דאָרט.

גיך באַמערקט שמעון, אַז סטיעפּאַן סטיעפּאַנאָוויטש קוקט מיט אַ צו־דרינגלעכן בליק אויף דעם מיידל. ער זעט אויך ווי די פליגלען פון זיין ברייטער, פעסטער נאָז צעשפּרייטן זיך ביי אים ווי ביי אַן אָגער אין דער צייט פון תאווה. שמעון כאַפּט אויף זיין בליק ווי ער מעסט זיי ביידע, אים און דינהן, אָפּ פאַרשנדיק, פול מיט חשד און קנאה.

זייט דעמאָלט נעמט שמעון מער נישט מיט דינהן מיט זיך, ווען ער גייט צום קאָנטראָל־דיעסאַטניק.

סטיעפּאַן סטיעפּאַנאָוויטשעס בליקן וועקן שמעונס אויפמערקזאַמקייט צו דינהן. ער דערזעט פּלוצים, אַז דאָס זעכצן־יאָריקע מיידל איז מיט איין מאָל געוואָרן אַ פרוי, איר לייב רייסט זיך פון דעם צו ענגן בושלאַט.

אין דער צייט ווען אַלע אַרעסטאַנטן אין לאַגער זענען אָפּגעלאָזן, אָפּהענטיק, שוואַך און נעבעכדיק, זענען דאָרט פאַראַן צוויי וואָס בליען, דאָס זענען סאַמעק און דינה. אָבער ווען סאַמעק גייט אַרום מיט אַ פּאָר העלע, צעשמייכלטע אויגן, זענען דינהס ברוינע מאַנדל־אויגן פול מיט טרויער און מיט אומרו.

זי גייט שוין זייט אַ צייט נאָך שמעונען ווי אַ שאָטן. זי גייט אים נאָך פון דער ווייטנס, קוקט אויף אים מיט אַ בעטנדיקן בליק. זי ווייסט אַליין נישט וואָס אייגנטלעך וויל זי פון אים, וואָס פאַרלאַנגט זי פון אים, וואָס מיינט זי דאַרף ער פאַר איר טאָן, און פאַרוואָס און צוליב וואָס קוקט זי אַזוי אויף אים.

דינה האָט נאָך אַלץ נישט קיין סטאַלע באַשעפטיקונג אין לאַגער.

זייט שמעון מיידט אויס דעם נאַטשאַלניק רייגאַראַדזקי, האָט ער פאַרלוירן יעדע האָפענונג זי צו קאָנען באַשעפטיקן אין דער אַמבולאַטאָריע. ער האָט אָנגעזאָגט דינהן, אַז זי זאָל אויסמיידן נעמען טאָלאָנען אויף מיטאָגן ביי די נאַטשאַלניקעס, צי ביים טעכנישן פּערסאָנאַל פון לאַגער. ער האָט געבעטן סאַמעקן, וואָס אַרבעט אין דער קיך, ער זאָל צוזען דינהן מיט אַ ביסל בעסער עסן. דאָס וואָס סאַמעק פלעגט אַ מאָל ברענגען פון דער קיך פאַר אים, שמעונען, האָט ער געבעטן געבן דינהן. ער אַליין באַגנוגנט זיך מיט בילע וואָס. קיין הונגער ליידט ער נישט. ער איז אויך פריי פון פסיכישן הונגער, פון וועלכן אַ סך מענטשן אין לאַגער ליידן. ער איז נאָך אַפילו נישט פריי פון די אידיאָסינקראַזיעס פון זיינע קינדער יאָרן.

אין דער אַמבולאַטאָריע גיט מען אים טיילמאָל אַ פּאָרציע מילך. אָבער שמעון וויל זי נישט טרינקען, ווייל פון קינדווייז אָן האָט ער פיינט מילך. פון צייט צו צייט, כאָטש זייער זעלטן, טיילט מען אין לאַגער צו צוויי הערינג. דאָס איז דאָס איינציקע כמעט מאכל וואָס האָט אין זיך אַ ביסל נאַטירלעכע פעטס. אָבער שמעון האָט פון קינדווייז אָן אַ שטאַרקן ווידער־ווילן צו הערינג, גיט ער זיי אַוועק אַנדערע, כאָטש ער ווייסט קלאָר, אַז ער דאַרף פאַר זיין געזונטס־וועגן איבערברעכן דעם ווידערווילן. אָבער ער טוט דאָס נישט.

סאַמעק פירט אויס שמעונס פאַרלאַנג, אָבער דינהס לאַגע פאַרבעסערט זיך נישט דערפון. פאַרקערט, איר אָפּזאָגן זיך צו נעמען אַ טאָלאָן, מאַכט גאָר דרייסטער די רוסישע נאַטשאַלניקעס צו איר. איר מאַנעווורירן, איר אַרויסדרייען זיך דערפון, רופט אַרויס קעגן־מאַנעוורן ביי די, וואָס האָבן זי ביז איצט טראַקטירט ווי אַ קינד. זיי זען אין איר פאַרהאַלטן זיך — קאָקעטעריע. איר אויפפירונג רופט אַרויס צו זיך גאָר אַ פאַרקערטע רעאַקציע, ווי שמעון האָט דאָס געמיינט. מען הויבט אָן זען זי ווי אַ פרוי. טייל, וואָס האָבן ערשט נישט לאַנג צוריק גערעדט צו איר מיט פּאַטערלעכער צערטלעכקייט, הויבן איר אָן צווואַרפן צווייידייטיקייטן. דינה האָט זיך שוין פריער געשראָקן פאַר דעם אינטערעס, וואָס די לאַגער־נאַטשאַלניקעס ווייזן איר אַרויס. איצט איז זי כסדר אומרואיק און גע־שפּאַנט. זי קלאַמערט זיך אָן שמעונען, זוכט זיין אָנווועזנהייט, זיין שוץ, כאָטש רעדן וועגן איר לאַגע רעדט זי נישט.

גראָד דעמאָלט האָט שמעון זי אָנגעהויבן מיטנעמען מיט זיך אין די אָוונטן, ווען ער פלעגט אַריינגיין צום קאָנטראָל־דיעסאָטניק. צוריקגייענדיק האָבן זיי געמוזט אַדורכגיין אַ שמאָל, פינצטער קאָרידאָרל, וואָס טיילט פונאַנדער אין באַראַק די שטיבלעך פון די נאַטשאַלניקעס.

דעם אָוונט, ווען שמעון האָט באַמערקט סטיעפּאַן סטיעפּאַנאָוויטשעס צודרינגלעכן בליק, פול מיט תאווה און קנאה, און אויפן אָרט באַשליסט ער מער דינהן נישט מיטנעמען מיט זיך, דעם אָוונט ווען צוריקוועגס גייען זיי דורך דאָס פינצטערע קאָרידאָרל, פאַלט דינה אַרויף אויף שמעונס האַלדז, נעמט אים אַרום און העשעט שווער אָפּ. זי דריקט זיך צו אים צו, טוליעט זיך צו אים און צעוויינט זיך שטיל.

שמעון בלייבט שטיין אַ דערשראָקענער. ער נעמט זי לייכט אָן מיט בײדע הענט ביי די אָרעמס און רוקט זי אַ ביסל אָפּ פון זיך. ער זאָגט צו איר — דינה, באַרואיק זיך, האָב רחמנות, גיי שלאָפן.

פון שמעונס זאָג „האָב רחמנות" איז דינה מער צעטומלט געוואָרן ווי פון איר אייגן פאַרהאַלטן זיך. זי איז אַ רגע געבליבן שטיין. דערנאָך זיך אויסגעדרייט און אָן צו זאָגן אַ גוטע נאַכט — אַוועקגעגאַנגען.

אין דער דאָזיקער נאַכט, נאָך דעם פאַל מיט דינהן, גייט אויף אין שמעונס זכרון דאָס בילד פון זיין כלה און זיין גאַנצער היים. ער זעט קודם זי, די כלה, אַ רויט־האָריקע מיט גרינע אויגן, מיט עטוואָס אַרויס־שטאַרצנדיקע באַקן־ביינער, וואָס גיבן צו איר דרייסט, אָפן פּנים עפּעס מאָנגאָלישעס. זי איז הויך און שלאַנק און אָנגעטאָן אין אַ העל־געבלומט זיידן קלייד.

זי שטייט ביי אַ שטול און פּאַקט זיין רוקזאַק. דערנעבן, אויף דעם טאַפּטשאַן, ליגן זיינע זאַכן. די מאַמע זיינע, אַ מיטלוווקסיקע מיט אַן אײדל העל־גרינלעך פּנים, מיט שטילע טריט ברענגט כסדר פון אַ דער־בייאיק צימער וועש און סוועטערס. די כלה קלייבט אויס שנעל און זיכער, ווי זי וואָלט דאָס געטאָן ווער ווייס שוין וויפל מאָל, דאָס אומבאַדינגסטע, דאָס סאַמע נויטיקסטע און לייגט עס אַריין אין רוקזאַק. שמעון קוקט ווי אירע ראָזאַ, איידעלע הענט רירן זיך צו צו זיין וועש מיט אַזוי פיל נאַטירלעכער אינטימער היימישקייט, אַז ער בלייבט זיצן אַ פאַרקלעמטער, אָן זיך קאָנען אַ באַוועג טאָן. ער הייבט אויף זיין קאָפּ און זעט אַנטקייגנ־איבער זיך זיצן דעם פאָטער, מיטן געשניצטן פּנים ווי פון עלפאַנט־ביין. דער פאָטער איז שוועד האַרץ־קראַנק און שמעון פילט, אַז מיט זיין אַוועקגיין איז ער דעם פאָטער אינגאַנצן מפקיר. ער זעט די סוועסטערס מיט די פאַרזאָרגטע און דערשראָקענע פּנימער. די מאַמע פאַרעט זיך נאָך אַלץ, האַלט אין איין ברענגען פרישע זאַכן אין רוקזאַק אַריין, וועלכער קאָן נישט אַריינעמען אין זיך קיין פערטל פון דעם, וואָס זי האָט אָנגעגרייט.

צום סוף ברענגט זי אין בײדע הענט שמעונס תפילין אין אַ שוואַרץ

סאַמעטן בייטעלע, אויף וועלכן ס'איז אויסגעהאַפטן מיט אַ גאָלדענעם זייד־פאָדעם זיין נאָמען און פאַמיליען־נאָמען, און דער טאָג און יאָר פון זיין בר־מצוה. דאָס בייטעלע איז אַ מתנה פון זיינע שוועסטערס, וואָס האָבן עס אייגן־הענטיק אויסגעהאַפטן.

די כלה נעמט אויך אין בײדע הענט אַריין דאָס בײטעלע מיט די תפילין, קוקט אַ מינוט אויף זיין נאָמען, וועלכער איז אויסגעהאַפטן אין דער קווער אויף אַ זילבערנעם אונטערשלאַק אין דער פאָרם פון אַ פאָן. זי נעמט אַרויס עטלעכע שטיקלעך וועש און לייגט אַריין אויף זייער אָרט דאָס בייטעלע מיט די תפילין.

די כלה ענדיקט דאָס פּאַקן, פאַרציט די רימענטן פון רוקזאַק און פאַר־קניפּט זיי זאָרגפעליק זיי זאָלן זיך האַלטן פעסט. זי רופט זיך אָן צו שמעונען: — געזעגן זיך און קום. אַליין פאַרלאָזט זי דאָס צימער.

שמעון שטעלט זיך אויף. ער האַלט זיך קוים אויף די פיס, ווי אַ שי־כורער. ער פאַלט צו צו דער מאַמען, וואָס האָט אַזוי פיל פאַר אים געטאָן, מער ווי פאַר אַלע אַנדערע קינדער. זי איז רואיק, מיט דער רואיקייט פון אַ טיף־גלויביקן מענטש. זי זאָגט הויך און זיכער: — קינד מאַנס, אייב־ציקער זין מאַנער, גאָט וועט דעך אָסהיטן פאַר אַלעם בייזן.

דער פאָטער פאַלט צו צו אים. שמעון פילט אין זיינע אָרעמס דעם פאָטערס אויסגעצערטן קערפּער, איבער וועלכן ס'לויפט אַ דראָבנע־ ציטער, ער הערט זיין העשנדיק, פאַרלוירן געוויין. ער נעמט אים אָן דעליקאַט ביי די הענט און זעצט אים אַוועק אויף אַ שטול, באַרואיקט אים אָן ווער־טער. ער געזעגנט זיך מיט די שוועסטערס. ער איז שוין מיד. ער ווייסט נישט פאַרוואָס ער טוט דאָס, פאַרוואָס פאַרלאָזט ער זיי. ער ווייסט אָבער אויך, אַז דאָס איז אַ באַשלאָסענע זאַך — און שטעלט זיך נישט קעגן.

די יונגסטע שוועסטער וויל אים באַגלייטן אַ שטיקל וועג, אָבער זי כאַפּט זיך גיך, אַז אין צווייטן צימער וואַרט אויף אים די כלה, און זי ציט זיך צוריק. ווען שמעון דרייט זיך אויס נאָך אַ מאָל אַ קוק צו טאָן אויף זיינע נאָענטע, ציט אויס זיין יונגסטע שוועסטער איר האַנט און גייט מיט איר קוים באַרירבאַר איבער זיין פּנים.

די דערמאָנונג פון דער באַרירונג רופט ביי אים שטענדיק אַרויס אַ שוידער, וואָס לויפט אים אַדורך איבערן גאַנצן לייב.



ס'איז די נאַכט פון זעקסטן סעפּטעמבער, ניינצן הונדערט ניין און דרייסיק. דער שונא האָט שוין דורכגעבראָכן די ערשטע פאַרטיידיקונגס־

ליניעס אַרום וואַרשע. פון די פענצטערס פון די הייזער רייסן זיך קולות פון די ראַדיאָ־אַפּאַראַטן, וואָס גיבן איבער די תפילות, וועלכע ווערן אָפּגע־ריכט אין אַלע וואַרשעווער קירכעס. די באַנעס לאָזן אין אַ וויינענדיק געזאַנג הערן זייערע שטימעס מיטן פאַרצווייפלטן געבעט: — אונטער דיין שוץ, הייליקע מאַמע!

ס׳הערט זיך פון צייט צו צייט דער דראַמאַטישער רוף פון קאָמענדאַנט פון וואַרשעווער גאַרניזאָן, אַז אַלע מענער, וואָס זענען פעאיק צו טראָגן געווער, זאָלן פאַרלאָזן די הויפּט־שטאָט און גיין אין דער ריכטונג פון דעם טייך בוג. דאָרט, אויף איר מזרחדיקן ברעג, וועט זיך שאַפן אַ גרויסע אַרמיי, וועלכע וועט אַרויסגעבן אַ דעצידירנדיקע שלאַכט דעם פאַרעטע־רישן שונא.

שמעון איז מיט דער כלה אַרויס פון טויער פון זיינע עלטערנס הויז און זיי זענען שווייגנדיקע געגאַנגען דורך די וואַרשעווער פאַרטונקלטע גאַסן, ווי אין אַ געדיכטן בלויען נעפּל. אַ טרויער און אַ טיפע געדריקטקייט איז געלעגן אויף די גאַסן פון דער דאָזיקער שטענדיק לעבעדיקער און ברויזנדיקער שטאָט. אין דער בלויער טונקלקייט זעען די הייזער אויס אַ סך גרעסער ווי זיי זענען אין דער ווירקלעכקייט. די מענטשן וואָס איבערפולן די גאַסן, זעט מען כמעט נישט, מען זעט נאָר זייערע סילועטן, וואָס שלאָגן זיך לייכט אָפּ אויף די העל געמאָלענע ווענט פון די הייזער. זייערע אייליקע באַוועגונגען מאַכן דעם רושם פון אַ זינלאָזע קאָשמאַרע פאַנטאָמינע.

די גאַסן ווערן וואָס אַ מאָל געדיכטער פון מענטשן. ס׳וואַקסט אָן אַ בהלה־שטימונג. מען גייט נישט בלויז צוליב דעם אומאויפהערלעכן רוף פונעם קאָמענדאַנט פון וואַרשעווער גאַרניזאָן. דער עיקר יונגע מענטשן אַנטלויפן פאַר די דייטשן. די שטאָט ווערט באַהערשט פון פחד.

צווישן די גייענדיקע מענער הויבן זיך אָן באַווייזן פאַרלעך, ביידע מיט רוקזעק אויף די פּלייצעס. שמעון שטייט צו צו זיין כלה, זי זאָל אויך מיט אים מיטגיין. אים ווערט שלעכט פון דעם וואָס ער דאַרף זיך מיט איר צעשיידן. זי ענטפערט אים:

— דו ווייסט דאָך, אַז כ׳האָב צוגעזאָגט מיינע עלטערן אַז כ׳וועל באַלד צוריקקומען. כ׳בין זייער איינציק קינד. זיי האָבן נישט מער קיינעם. איך וועל זיי נישט פאַרלאָזן.

ער האָט חרטה פאַר זיינע רייד און פאָדערט פון איר זי זאָל שוין צוריקגיין.

ער זעט מיט אַ העלזעעריישער קלאָרקייט, אַז ער טאָר זיך מיט איר

נישט צעשיידן. ער שוידערט אויף פון דער קלאָרקייט פון דעם געדאַנק, פון דער זיכערקייט, וואָס שניידט אים אַדורך. זי דערפילט, אַז מיט אים געשעט עפּעס, וואָס קאָן האָבן אַ גורלדיקן באַדייט פאַר זיי. נעמט זי אים אָן ביי די אָרעמס, דרייט אים אויס צו זיך מיטן רוקן, טוט אַ שטופּ פאַראויס — גיי!

ער גייט. ווען ער איז שוין אָפּגעגאַנגען אַ שטיקל וועג, דרייט ער זיך אויס און זעט איר בלוי פאַרנעפּלט געשטאַלט שטיין אויף דעם זעלבן אָרט, ווו זיי האָבן זיך צעשיידט. ער וויל לויפן צו איר, אָבער נישט וויסנדיק אַליין פאַרוואָס, אַנטלויפט ער גאָר פון איר. ער אַנטלויפט פּאַניש. זיין לויפן רופט אַרויס אין דער געדיכטער מאַסע גייענדיקע מענטשן אַ מהומה — און אַלע נעמען לויפן צוזאַמען מיט אים.

שמעון בעט סאַמעקן, אַז נישט נאָר ער זאָל דינהן באַזאָרגן מיט בעסער עסן, נאָר ער זאָל זיך אויך מיט איר פאַרנעמען. אַליין האַלט ער זיך פון איר פון דערווייטנס. דאָס יינגל קוקט אויף שמעונען מיט אַ קריטישן בליק פון אַ דערפאַרענעם מענטש. ער האַלט שמעונס גאַנצע אויפפירונג אין לאַגער פאַר אַ צו נאַיִווע. ער גיט דאָס אַפילו שמעונען אַנצוגעהערן. ער נעמט איצט אויף זיין ביטע מיט אַ שמייכל פון העכער־קייט, אַז שמעון פילט זיך אַזש פאַרזשעניִרט פון דעם. ער איז אָבער זיכער, אַז אַנדערש האַנדלען קאָן ער נישט און טאָר נישט.

דינה נעמט אויף סאַמעקס אינטערעס צו איר ווי אַ שטיף פון אַ פאַר־חוצפהט יינגל, וואָס טשעפּעט זיך צו איר, און זידלט אים נישט איין מאָל אָן. ווען זי זעט אָבער זיין זעלבסטזיכערקייט, זיין עקשנותדיק נאָכגיין איר, זיין דרייסטן אופן רעדן צו איר, ווערט איר קלאָר, אַז דאָס פּירט סאַמעק אויס שמעונס באַפעלן. זייט דעמאָלט הויבט אָן אין איר אָנצוּוואַקסן אַ כעס אויף שמעונען.



פאַראַן אַרעסטאַנטן פון פּוילישן עטאַפּ וואָס ענדערן זיך גיך. נעכטן האָט נאָך דער און יענער אויסגעזען ווי אַ מענטש, געהאַט אַן אייגן פּנים. אַ טאָג שפּעטער איז אים נישט צו דערקענען. דאָס פּנים ווי גרוי פּאַפּיר, דער גאַנג שלאַבערדיק, שלעפּט קוים די פיס. טייל ווערן קראַנק, טייל שוואַך.

נאָר דער לאַגער־רעזשים ענדערט זיך נישט. יעדן פאַרטאָג טוט דער אייזערנער לאָם אַ זעץ אין דער דיקער שינע, וועלכע איז צוגעקלאַפּט

צו אַ האַלצערנעם באַלקן. דאָס געשטעלט פון באַלקן און שינע זעט אויס ווי אַ תליה.

אַ טעמפּער געהילעך טראָגט זיך איבער דער זאָנע. זיין אייזערנער פּיסק דרעזגעט לאַנג און מיט כעס דאָס וואָרט פּאַדיאָם!!! (אויפשטיין).

צו אַלעם האָבן זיך די אַרעסטאַנטן ביסלעכווייז צוגעוווינט, אָבער נישט צו דעם האַסטיקן אכזריותדיקן אויפרייסן זיי פון שלאָף.

יעדעס מאָל, ווען אין דעם פינצטערן פאַרטאָג טוט אַ זעץ דער אייזערנער לאָם אין דער דיקער שינע, ציטערן אַלע אויף. ס'איז נישט קיין ציטערן פון שרעק, פון פּחד. ס'איז אַ קאָנוווּלסיוו ציטערן, ווי די צוואַנג וואָלט דירעקט געדריקט אויף דער מוח־קאָרע. דאָס ציטערן גע־דויערט אַזוי לאַנג ביז וואַנען מען יאָגט די אַרעסטאַנטן פון די באַראַקן אין דרויסן אַרויס, און דאָרט גייט עס איבער אין אַ ציטער פון קעלט.

מיטן אָנקומען פון די ערשטע פרעסט הויבן זיך אָן מערן אין לאַגער די פאַרקילונגען. די ערשטע פאַרקילן זיך די געוועזענע שטאַרקע. פון די פאַרקילונגען באַקומען עטלעכע פון זיי לונגען־אָנצינדונגען — און נישט דערוואַרטנדיק זיך אַפילו ביז צום קריזיס — שטאַרבן זיי אויפן פינפטן־זעקסטן טאָג.

דעם נאַטשאַלניק פון סאַן־טשאַסט כאַפּט אַרום אַ בהלה. ער באַפעלט שמעונען דערווייל מער נישט אַרויסצוגיין מיט די בריגאַדעס, נאָר צוזאַ־מען מיטן דאָקטאָר אַלעקסעי וואַסיליעוויטש צוטרעטן שאַפן אויפן אָרט אַ סטאַציאָנאַר.

אין לאַגער קומט אָן נאָך אַ סאַניטאַר, אַ פאַרשיקטער, מיטן נאָמען טשערניאַווסקי, אַ פּאָליטישער, אַן אַפּשטאַמיקער פון פּאָליאַקן, וועלכע האָבן שוין צענדליקער יאָרן פאַר דער רעוואָלוציע געוווינט אין פּעטערס־בורג. ער איז פון מיטעלער וווּקס, אַ שמאָלער, אַ רירעוודיקער, מיט העלע אויגן און טונקל־בלאָנדע האָר פאַרקעמטע אַרויף. ער איז אַלט ביי דרייסיק יאָר און שוין דורכגעגאַנגען פאַרשידענע לאַגערן. פאַר דער פאַרשיקונג האָט ער אַ צייט שטודירט מעדיצין אין לענינגראַדער מעדיציניש אינ־סטיטוט. ער איז אַן אויסגעבילדעטער סאַניטאָר, שטאַרק באַלעזן. שמעון געפינט אין אים אַ גרויסן אָנשפּאַר ביי דער אַרבעט אין סטאַציאָנאַר.

איין מאָל האָט מען געבראַכט פאַרן סטאַציאָנאַר אַ קעסטל מיט דרייסיק קילאָ פריאַניקעס (ביסקוויטן). אין דער פרי האָט שמעון באַמערקט, אַז די ביסקוויטן וואָס מען גיט די קראַנקע, זענען נאַס, אָנגעשוואָלן. ער פרעגט טשערניאַווסקין, וואָס קאָן זיין די סיבה דערפון. דערציילט אים יענער פאַרטרויליך, אַז דער סאַניטאַר מיראַנאָוויטש, דער עסטאָנער, האָט

אויף ביינאַכט אַריינגעשטעלט אין דער פֿאַרמאַכטער שאַנק, ווו ס'איז געשטאַנען דער אָפֿענער קאַסטן מיט די פּריאַניקעס, אַן עמער פֿאַרנדיק וואַסער. די פּריאַניקעס האָבן זיך אַדורכגענומען מיט דער פּאַרע, און אַנשטאָט דרייסיק קילאָ איז געוואָרן זיבן און דרייסיק. דעם איבערוואָג האָט מיראַנאָוויטש אַראָפּגענומען פֿאַר זיך.

שמעון קאַכט אויף. ער וויל שוין גיין מעלדן דעם פֿאַל דעם נאַטשאַלניק פֿון סאַן־טשאַסט, דעם פֿעלדשער ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש. אָבער טשערניאַווסקי נעמט אים אַן ביי אַן אָרעם און זאָגט צו אים: — דאָקטאָר, זייט נישט נאַיִוו. נעמט נישט אויף אייער קאָפּ קיין איבעריקע צרות.

דער גוטער ווילן פֿון דעם רוסישן דאָקטאָר, פֿון שמעונען און דעם סאַניטאַר, און זייער איבערגעגעבנקייט צו די קראַנקע — העלפֿן נישט. די קראַנקע אויף לונגען־אָנצינדונגען שטאַרבן אויס.

אין סטאַציאָנאַר הויבט אָן ווערן שטילער. ס'בלייבן עטלעכע קראַנקע מיט שווערע האַרץ־דעקאָמפּענסאַציעס, עטלעכע מיט שאַרפֿע נירן־אָנצינדונגען און עטלעכע טובערקולאָז־קראַנקע, וועמענס מצב האָט זיך פֿאַרערגערט די לעצטע צייט. צווישן זיי געפֿינט זיך אויך דער דיעסאַטניק זאַכאַרענקאָ, וואָס איז געווען אַ מיטגליד פֿון אַ רויבער־באַנדע אין דער אָדעסער מאָלדאַוואַנקע. זיין צושטאַנד איז באַלד געווען אַ האָפֿענונגסלאָזער, ער איז אַ קורצע צייט געלעגן אין סטאַציאָנאַר און געשטאָרבן אין אַ באַוווסטלאָזן צושטאַנד.

נישט געקוקט אויף די קעלטן, הויבן זיך אָן באַווייזן פֿאַלן פֿון שילשול, פֿון אָפּפּירעכץ. דער נאַטשאַלניק פֿון סאַן־טשאַסט באַפֿעלט שטאַרק אַכטונג געבן אויף יעדן אַזאַ פֿאַל. ער דערציילט שמעונען, אַז מיט אַ צייט צוריק זענען אין דעם לאַגער געווען פֿאַלן פֿון דיזענטעריע פֿאַרבונדן מיט מוח־אָנצינדונג. ווען מען פֿלעגט אַ קראַנקן אַרויפֿזעצן אויף אַ כּלי, פֿלעגט מען אים נישט קאָנען אַראָפּנעמען. ער פֿלעגט זיצן אויף דער כּלי אַזוי לאַנג ביז וואַנען ער איז אויסגעגאַנגען.

ס'פֿאַרשפּרייט זיך צווישן די לאַגערניקעס גיך דאָס ביינעס, אַז די לאַגער־מאַכט האָט מורא פֿאַר די פֿאַלן פֿון שילשול. הויבן זיך אָן אין די פֿאַרטאָגן, בעתן ראַזוואָד, יאָווען אַרעסטאַנטן אין דער אַמבולאַטאָריע און באַקלאָגן זיך, אַז זיי ליידן אויף לויפֿעניש. אין אָנהויב באַפֿרייט זיי דער רוסישער דאָקטאָר, אַלעקסעי וואַסיליעוויטש פֿון דער אַרבעט. אָבער ווען ס'הויבן זיך אָן מערן די צאָל באַקלאָגערס אויף דער דאָזיקער קרענק, הויבט ער אָן נאָכצוקאָנטראָלירן יעדן אַזאַ פֿאַל.

ווען ס'קומט אָן אַרעסטאַנט פֿאַרטאָג און באַקלאָגט זיך, אַז ער ליידט

פון אָפּפּירעכץ, שיקט דער דאָקטאָר דעם דניעוואַלני פון דער אַמבו־לאַטאָריע, דעם כינעזער וואַן־פו־יען, ער זאָל מיט יענעם מיטגיין אין קלאָזעט און זען צי ס׳איז אמת.

דער מענטש גייט פאַראויס מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ, מיט אַן אַראָפּ־געלאָזטן קאָפּ פון שוין אַ האַלב־פאַרמישפּטן, און אים גייט נאָך דער כינעזער מיט זייער דראַבנע טריטלעך, מיט אויגן פאַרקוקטע אין זיך און מיט הענט פאַרשטעקטע אין די אַרבל פון דער פופייקע.

צוריק גייען זיי אין דער זעלבער ריי, פריער דער אַרעסטאַנט וואָס האָט זיך באַקלאָגט און נאָך אים דער כינעזער. זיי קומען צוריק אין דער אַמבולאַטאָריע. דער דאָקטאָר שטייט ביי זיין טיש און וואַרט וואָס וואַן־פו־יען וועט זאָגן. דער באַקלאָגער קוקט מיט אַ פּאָר בעטנדיקע אויגן אויפן כינעזער. אָבער וואַן־פו־יען זעט נישט קיינעם. ער גייט פּאַמעלעך דורך דעם גאַנצן קאַבינעט מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, מיט די הענט פאַרשטעקטע אין די אַרבלען, קוקט נישט אויף רעכטס און נישט אויף לינקס, גייט אַריין אין אַ ווייטערדיקער שטוב. ערשט פון דאָרט הערט מען ווי ער זאָגט שטיל, מיט זיין מאַטער, גלייכגילטיקער שטים — פּאַנאָסאַ ניעטו, נישטאָ קיין שילשול.

דער דאָקטאָר הייסט דעם באַקלאָגער שטעלן זיך צום ראַזוואָד, אַרויס־צוגיין מיט זיין בריגאַדע צו דער אַרבעט. ס׳העלפן נישט יענעמס טענות אַז גראָד ווען דער כינעזער איז מיט אים געגאַנגען, איז דאָס אָפּפּירונג נישט געווען קיין גרויס. דער דאָקטאָר וואָרנט אים, אַז אויב ער וועט נאָך אַ מאָל אָפּנאַרן און סתם זיך קלאָגן, וועט ער אים אָפּשיקן אין איזאָלאַטאָר.

זייט דער כינעזער איז געוואָרן דער פּוסק אין דער פראַגע פון יאָ שילשול, אָדער נישט, האָט דער עולם זיך אָנגעהויבן וויניקער דערויף באַקלאָגן.

ס׳האָט זיך נאָך פון דעסטוועגן, כאָטש אַלע געוועזענע שטאַרקע אַרעסטאַנטן זענען שוין געהאַט אויסגעשטאָרבן, כמעט יעדן טאָג געטראָפן אַ טויט־פאַל. איינער איז געשטאָרבן פון אַ האַרץ־אָנפאַל, דער עיקר מענטשן איבער די פופציק. מען איז געשטאָרבן אויף לונגען־אָנצינדונג און אויך פון שילשול. אין אָנהויב האָבן די פאַלן פון אָפּפּירעכץ אויסגעזען צו זיין אומשולדיקע, אָבער אין אַ פּאָר טעג אַרום, איז דער קראַנקער פּלוצים אַראָפּ פון די כוחות, אַריינגעפאַלן אויף עטלעכע שעה אין אַ באַ־ווּסטלאָזן צושטאַנד — און מער נישט געווען.

מען גרינדעט אויף אַ פּאָדקאָמאַנדיראָווקע, אַ ספּעציעלן סטאַציאָנאַר

אויף דרייסיק בעטן. מען שיקט אַהין איבער אַלע קראַנקע פון דעם קליינעם סטאַציאָנאַר אין לאַגער. דער ביזאיצטיקער סטאַציאָנאַר ווערט ליקווידירט. שמעון גייט צוריק אַרויס מיט די בריגאַדעס אין וואַלד.

שמעון גייט איבער די בריגאַדעס, קוקט זיך צו צו די מענטשן און זעט, ווי אין משך פון אַזאַ קורצער צייט איז פון די צוויי טויזנט אַרעסטאַנטן, פון הויפּט־לאַגער־פּונקט, געוואָרן אַ תל.



אין איינעם אַן אָוונט, ווען שמעון קומט צוריק פון וואַלד, ווערט ער געוואָר, אַז אין לאַגער איז פאַרגעקומען אַן איבערקערעניש. ס׳איז פּלוצים אין לאַגער אַריינגעפאַלן אַ קאָמיסיע פון דער הויפּט־לייטונג פון אַלע צפון־לאַגערן.

זיי האָבן אויפן אָרט אַראָפּגענומען דעם ביזאיצטיקן לאַגער־נאַטשאַל־ניק רייגאָראָדזקי, וועלכער האָט באַוויזן שנעל פאַרשווונדן ווערן. דעם פאַרטרעטער זיינעם, דעם טאָטער, האָבן זיי אויפן אָרט פאַרמשפּט אויף אַ יאָר לאַגער. מען האָט אויך אַראָפּגענומען דעם זאַוו.־כאָז., דעם דייטש טאָנענטרעגער. מען האָט באַזייטיקט דעם פּראַ.־ראַב. וולאַדימיר וולאַדי־מיראָוויטש און אויך דעם נאַטשאַלניק פון קאָוווטשע, דעם דאָרן, איקענדיקן זיך לייטענאַנט, אַ געבוירענעם דאָ, אין קאָמי. בלויז די סאַן־טשאַסט איז געבליבן די זעלבע. מען האָט נאָר צוגעשיקט צוויי נייע סאַניטאַרינס, פריי־געדונגענע. איינע, סוויעטלאַנאַ, אַ נידעריקע, אַ ברייטע, אַ טונקעלע מיט אַ יונג פּנים, וועלכע, צוליב איר משונהדיקן בוי, זעט אויס אַ סך עלטער ווי זי איז פאַקטיש.

די צווייטע, וויעראַ, איז אַ מאַסקוויטשקע. אַ הויכע, אַ שטאַרקע ווי אַ דאַמב. זי איז אַ פולע, גייט אויף אַ פּאָר געזונטע, שטאַרקע פיס. האָט אַ העל, פאַרונדיקט פּנים מיט חן־גריבעלעך אין די באַקן. איר לייכט־פאַריסענע נאָז האָט צוויי באַוועגלעכע פליגלען. זי האָט אַ פריש, ראָזאַ מויל פול מיט ליכטיקע ציין. ס׳שלאָגט פון איר מיט געזונטקייט און לעבנס־לוסט. זי קוקט מיט אַ פּאָר גרויע, גרויסע, קלוגע און דרייסטע אויגן.

לויט אַ באַפעל פון דער סאַניטאַרער אָפּטיילונג פון הויפּט־לאַגער ביוראָ, הייבט דעמאָלט שמעון אָן אַרבעטן אין דער אַמבולאַטאָריע ווי אַ דאָקטאָר.

## נאָך דער „איבערקערעניש"

דער נייער נאַטשאַלניק פון לאַגער איז אַ מאַיאָר פון ענקאַוועדע, אַ נידעריקער, שטילער, עלטערער רוס. אין דער זאָנע זעט מען אים כמעט נישט. ער קומט אויך נישט אין די פּאַרטאָגן צום ראַזוואָד. נאָר, ווען די בריגאַדעס זענען שוין אַרויס צו דער אַרבעט, קומט ער אָן מיט אַ גיכן טריט — און שוין איז ער ביי זיך אין ביוראָ. באַלד נעמט מען צו אים לויפן פון אַלע אָפּטיילונגען מיט פּאַפּירן אין די הענט. אין לאַגער פילט זיך הויכע שפּאַנונג.

ס'קומט אַ מעדיצינישע קאָמיסיע פון דער הויפּט־פאַרוואַלטונג פון די צפון־לאַגערן. אַ ריי אַרעסטאַנטן ווערן אָנערקענט פאַר אינוואַלידן און ווערן איבערגעשיקט אין אַ ספּעציעלן אינוואַלידן־לאַגער. מען שיקט אויך אַ צאָל מענטשן אין אַן אַנדערן געוויינטלעכן לאַגער. צווישן זיי איז אויך דער טראָצקיסט. ער שטייט אין דער זאָנע מיט זיין פּעקל זאַכן צווישן אַנדערע אַרעסטאַנטן און זיין פּנים איז ווי אַלע מאָל פאַרצאַרנט. זייט אַ לאַנגער צייט און נאָך פאַרשידענע גילגולים, שיידט ער זיך מיטן סטאַליניסט. אָבער אַפילו דער מאָמענט פון צעשיידונג דערנעענטערט זיי נישט. זיי געזעגענען זיך נישט, זאָגן זיך נישט קיין „זיי געזונט".

מען שטעלט אויף אין דער זאָנע אַ נייעם, גרויסן באַראַק פון ברעזענט. אין איינעם אַ טאָג עפענען זיך די טויערן פון דער זאָנע און ס'קומט אַריין אין עטאַפּ פון רוסן, אוקראַינער, טשעטשענצעס און פאַרשיקטע פון אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן. זיי קומען מיט גרויע זעק אויף די אַקסלען. זייער טריט איז אַ זיכערער און אַ היימישער, אַ טריט פון אַלטע לאַ־גערניקעס.

ביז צו דער זאָנע האָט מען זיי געפירט באַוואַכטע דורך אַ געדיכטן קאָנוואָי. אין דער זאָנע נעמט זיי איבער דער קאָמענדאַנט סאַבאַטשאָוו. אים העלפט צו מאַצאַי, דער טשעטשעניעץ, דער, וואָס האָט אַמאָל געפירט דעם לאַגער־לאַראַק צוזאַמען מיטן רוס וואַסיאַ.

מען פירט אַריין דעם נייעם עטאַפּ אין ברעזענטענעם באַראַק. אין

צוויי גרויסע, אייזערנע אויוונס פּלאַקערן שטשאַפּעס טרוקן האָלץ. זיי קנאַקן און שיסן אויס מיט גאַנצע זשמעניעס פונקען. די וואַרעמקייט איז אַ צודרינגלעכע, אין איר טייען גיך אויף פון פראָסט די דורכגעפרוירענע מענטשן און זייערע פאַרשטאַרטע מלבושים.

מאַצאַי, וועלכער העלפט צו דעם זאַנע־קאָמענדאַנט, דערקענט אין איינעם פון די ניי־געקומענע אַרעסטאַנטן, זיין געוועזענעם פּראָקוראָר, וואָס האָט געפאָדערט פאַר אים טויט־שטראָף. מאַצאַיס גרויסע, טונקעלע אויגן בליצן אויף. מיט אַן איבערגעטריבענעם אייפער הויבט ער אָן ארומצוגיין אַרום יענעם. ער ברענגט אים קיפּיאַטאָק, פאַרשאַפט אים אַ דאָפּלטע פּאַרציע ברויט, זאָרגט וועגן זיין געלעגער. ער טוט דאָס אַלץ מיט ווילדער פרייד.

דער נייער עטאַפּ באַשטייט אַממייסטן פון מענטשן אין די הויכע פערציקער. פאַראַן אָבער צווישן זיי עלטערע, אַפילו עטלעכע — זעכציקיאַריקע — און אויך עטלעכע יונגע מענטשן.

לאַנג רוען לאָזט מען נישט די געקומענע. די הויכע, רוסישע סאַן־אינספּעקטאָרין שלעפּט זיי אין באָד אַריין. זיי זענען מיד פון וועג און ווילן נישט גיין. זיי ווילן זיך פריער אויסרוען. ס׳העלפט אָבער נישט. זי נעמט יעדן איינעם אָן ביי די אַקסלען און גיט אים אַזאַ שטויס, אַז יענער פליט אַרויס פון באַראַק. אַן אויסטערלישער כוח ליגט אין דער הויכער, דאַרער פרוי. זי גיט זיך אַן עצה מיטן שטאַרקסטן מאַן. אַפילו די עטלעכע יונגע מענטשן מיט ברייטע ברוסט־קאַסטנס און מעכטיקע הענט, ריזן, — שטייען באַלד פאַר איר אין באָד נאַקעטע, ווי קליינע קינדער פאַר אַ בייזער מאַמען.

אַ קול האָט זי — אַ טונקעלן באַס, און אַ לעקסיקאָן פון בלויז געמיינע רייד. קיין אַנדערע באַנוצט זי נישט. זי פאַרוואָרפט יעדן מיט אַ האָגל אויסגעלאַסענע ווערטער. אַפילו דער סאַמע דרייסטער, אומדערשאָקענער מאַנצפערשוין בלייבט שטיין פון זיי אַ דערשיטערטער.

אין דער „אורטשע" גייט אָן אַ פיבערהאַפטע אַרבעט. מען פאַרמירט איבער די בריגאַדעס. דער נאַריאַדטשיק און דער זאַנע־קאָמענדאַנט לויפן ווידער ווי ווילד געוואָרענע איבער דער זאָנע מיט פּאַפּירן אין די הענט, גענוי ווי אין די ערשטע טעג ווען דער פּוילישער עטאַפּ איז אָנגעקומען.

פאַרנאַכט, אין דער בלוי־גרויער, ווי שטאָל, פראָסטיקער לופט, שטייען אין דער זאָנע, אויף דעם ברייטן פּלאַץ, וווּ ס׳געפינט זיך דער דראָנג מיט דער שינע, וואָס זעט אויס ווי אַ תליה, אַלע אַרעסטאַנטן פון לאַגער. דער נאַריאַדטשיק סיקעט אַרויס דורך די פאָדערשטע ציין, פון זיין פאַרשטעלט

מיט די קלאַפּעס פון זיין פּעלצל מויל, די נעמען פון די אַרעסטאַנטן און צו וואָס־פאַראַ בריגאַדעס זיי געהערן. די בריגאַדעס ווערן איבערגרופּירט. זיי זענען איצט געמישטע, יידן מיט נישט־יידן צוזאַמען. אַלע ביז איצטיקע יידישע בריגאַדירן גייען אין פאַרשידענע בריגאַדעס צו אַלגעמיינער אַר־בעט. בלויז סעוועק און מאַניעק בלייבן אויף זייערע פּאָזיציעס, ווי ברי־גאַדירן.

דער געוועזענער פּראָ.־ראַב. וולאַדימיר וואַדימיראָוויטש און דער געוועזענער זאַוו.־כאַז. טאַנענטרעגער, ווערן געשיקט אין אַ בריגאַדע וואַלד־האַקער, ווי פּשוטע אַרבעטער.

דער שווייגנדיקער, מיטן איידעלן פּנים, וולאַדימיר וולאַדימיראָוויטש נעמט אויף זיין גורל גלייכגילטיק. נאָר ווען ער טרעפט זיך ביי דער אַרבעט מיט די יידן, וואָס האָבן אים געקענט ווי אַ פּראָ.־ראַב., און קוקן אויף אים איצט מיט רחמנות־בליקן, ווערט ער שטאַרק רויט פון פאַר־לעגנהייט.

דאָקעגן טאַנענטרעגער פילט זיך אומגליקלעך. ער איז גערייצט, אויפגערעגט. ביינאַכט קומט ער אין דער אַמבולאַטאָריע. ער ווענדט זיך נישט צו שמעונען, נאָר צום רוסישן דאָקטאָר און באַקלאָגט זיך, אַז די פּלייצעס טוען אים וויי. ער קוקט מיט אונטערטעניקע, בעטלערישע אויגן אויף אַלעקסעי וואַסיליעוויטשן. מען זעט גענוי, אַז ער וויל ביי אים אויסבעטלען אַ באַפרייאונג פון דער אַרבעט. אָבער דער דאָקטאָר מאַכט זיך נישט זען זיין בליק און זאָגט צו אים: — נו, וואָס? מען וועט שטעלן באַנקעלעך?

טאַנענטרעגער וואָלט מוחל געווען די באַנקעלעך. מען זעט דאָס פון זיין אויסגעקרימט פון אומווילן מויל. אָבער אינגאַנצן צוריקציען קאָן ער זיך נישט. טוט ער אויס די פופייקע, ציט אַראָפּ דאָס העמד און לייגט אַוועק אויף דער האַרטער באַנק זיין פאַרונדיקט־מיידלעשע פּלייצע און וואַליאַ שטעלט אים באַנקעס.



דער נייער פּראָ.־ראַב. איז אַ טאַטער, ער הייסט פאַזורין. אַ מיטל־וווקסיקער, אַ דאַרער, מיט אַ שאַרף און געשטיפּלט פּנים. ער איז היציק און ווילד, טראָגט די לאַגער־הלבשה, נאָר ניי און דורך אַ שניידער ספּעציעל צוגעפּאַסט צו זיין שמאָלער פיגור. ער זעט אין איר אויס כמעט עלעגאַנט. פאַר אים, אויף זיין טיש אין ביוראָ, ליגן גאַנצע שטויסן מיט

פאַרשידענע פּאַפּירן. מען זעט, אַז ער איז מיט די פּאַפּירן, מיט די פּלענער און חשבונות נישט אַזוי שטאַרק היימיש. אים רינגלען אַרום דיעסאַט־ניקעס אין קאַנטראָל־דיעסאַטניקעס, וואָס העלפן אים אַרויס אין זיי זיך פונאַנדערצוקלייבן.

פּאַזורין איז אַ געוועזענער סטאַכאַנאָוויעץ. זיין אויסקענען זיך אין וואַלד־ענינים איז אַ ריין פּראַקטישע. קיין טעאָרעטישע ידיעות האָט ער נישט. פּלוצים ווערט ער ווילד פון דעם אָנגעהויפטן טיש מיט פּאַפּירן און הויבט אָן געבן באַפעלן מינדלעך. דאָס האָט מען אין לאַגער זייער נישט גערן. אומעטום זענען פאַראַן באַגאַנגענע פעלערן און קיינער וויל נישט טראָגן די אחריות פאַר די פעלערן, וועלכע אַן אַנדערער איז באַגאַנגען. יעדער האָט געצנוג ווען ער מוז זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זיינע אייגענע. יעדעס וואָרט, און אוודאי יעדן באַפעל, וויל מען האָבן אויפגעשריבן אויף אַ פּאַפּיר.

שמעון הערט אָפּט פון די נאַטשאַלניקעס און דיעסאַטניקעס דעם זאָג: עמעצער וועט זיין דערפאַר פאַראַנטוואָרטלעך מיטן קאָפּ. דאָס רעדט זיך וועגן פאַלן, אין וועלכע די שולדיקע האָבן באַוויזן עפּעס אָפּצוטאָן אַנאָנים, און די מאַכט וועט זיך שוין צוטשעפּען צו עמעצן, וואָס זאָל דערפאַר באַצאָלן. מען ווייסט נאָך נישט אויף וועמען וועט פאַלן דער גורל צו זיין דער קרבן פאַר יענעמס פעלערן, צי זינד.

צווישן די ניי־געקומענע זענען פאַראַן סטאַכאַנאָווצעס. פון זיי טיילט זיך באַזונדערס אויס דער וואַלד־האַקער מערצאָוו. ער איז אַן עטלעכע צוואַנציק יאָריקער, אַ הויכער, מיט אַ העל פּנים און גרינע אויגן. זיין געהילף גראַבט אַרום און רייניקט אָפּ דעם טיפן שניי אַרום די ביימער ווו מערצאָוו אַרבעט. די אָפּגערייניקטע ערטער זענען גענוג ברייט, אַז מערצאָוו זאָל קאָנען פריי באַוועגן מיט דער לאַנגער בויגן־זעג. שטייט ער אויפן אָפּגערייניקטן פון שניי אָרט אַזוי, אַז מען זעט אַרויס נאָר זיין אויבערשטן טייל קערפּער. ס׳איז אַ דרייסיק־גראַדיקער פראָסט און ער שטייט אין בלויזן, צעכראַסטעטן העמד און זעגט אַ בוים. ער פירט די בויגן־זעג ווי דער וואָס שפּילט אויף אַ באַס און פירט דעם לאַנגן סמיק איבער זיין ברומענדיקן אינסטרומענט. מערצאָוו פירט די זעג אַזוי לאַנג איבערן בוים, ביז וואַנען דער בוים הויבט אָן ברומען און דערנאָך קרעכצן און נעמט פאַלן מיט זיין הויכן שטאַלצן באַקרוינטן קאָפּ צו דער ווייסער, פאַרשנייטער ערד. אויפן האַלדז פון מערצאָוון איז פאַרוואָרפן אַ האַנטוך מיט וועלכן ער ווישט זיך דעמאָלט דעם שווייס פון זיין פּנים, האַלדז און ברוסט־קאַסטן.

ווינטער, בעת די גרויסע פרעסט, איז די בעסטע צייט צו שניידן וואַלד. דעמאָלט זענען דיביימער שטייף, צוגויפגעצויגן און טייל האַרט ווי אייזן. די קאָרע צוגעפרוירן צום שטאַם איז ווי אַ פּאַנצער, וואָס האָט זיך איינ־געפרעסן אין לייב פון בוים און לאָזט זיך שוין קיינמאָל פון אים נישט שיידן. זי פאַרהיט אַזוי אַרום אויף שטענדיק דעם בוים פון ווערעמדיק ווערן. דאַקעגן דעם וואַלד וואָס מען שניידט פרילינג, צי זומער־צייט מוז מען באַלד אָפּשיילן פון דער קאָרע. אויב נישט קריגן זיך אַרונטער ווערעם אונטער דער קאָרע און די ביימער הויבן אָן גיך צו פוילן.

פאַראַן צווישן די ניי־געקומענע באַדייטנדיקע סטאַכאַנאָווצעס אויך ביי די אַנדערע אַרבעטן, ווי באַלאַגאַלעס, און אוקאַטשיקעס, די וואָס לייגן דאָס האָלץ אין באַזונדערע שטאַבלעס.

גיך נעמט מען אַראָפּ פאַזורינען פון דער אַרבעט ווי אַ פּראָ.־ראַב. ער איז האַסטיק, מאַכט אַ ריי פעלערן, קומט גיך אין קאָנפליקט מיט זיינע מיטאַרבעטער, די דיעסאַטניקעס און קאָנטראָל־דיעסאַטניקעס. מען שיקט אים אין וואַלד שניידן ביימער.

ער איז ווידער אַ סטאַכאַנאָוויעץ. אַזוי ווי זיין טעמפּעראַמענט און כאַראַקטער, אַזוי זענען אויך די כלים, וועלכע ער קלויבט זיך אויס צו דער אַרבעט. אים מוז מען געבן די סאַמע דינסטע זעג און זי מוז יעדן טאָג גוט אויסגעשאַרפט ווערן. אַזוי ווילד ווי ער איז, אַזוי ווילד אַרבעט ער. ווען ער גייט מיט זיין בויגן־זעג איבער דעם בוים, פייפט זי אין זיינע הענט ווי אַ ווינט. ער שניידט מיט איר ווי מיט אַ חלף. אָבער דאָס קומט אים נישט אויס צום גוטן. אויף אַזאַ דינער זעג דריקט דער מעכטיקער בוים מיט זיין גאַנצער שווערקייט פון דער ערשטער מינוט ווען מען שניידט אים איין. פאַזורין מוז באַלד אָנהויבן אַריינקלאַפּן האָלצערנע קלינעס אין דעם שניט פון בוים, ער זאָל קאָנען ווייטער פירן די זעג. צוליב דעם דינעם שניט קומט עס אים שווער אָן. ס'נעמט ביי אים צו אַ סך צייט. ער פאַרלירט דערביי אַ סך מער צייט ווי ער ברענגט זיך איין מיטן האַסטיקן שניידן. אָבער אַזיינער איז ער שוין און קיין שום אויפקלע־רונגען העלפן נישט. זיינע צוואַנציק קובאָמעטער אַ טאָג מאַכט ער סיי־ווי. טיילמאָל נאָך מער. מען האָט פאַר אים מורא. ער קריגט זיך אָפּט און וואַרפט זיך באַלד שלאָגן.

גאָר אַן אַנדערער טיפּ איז מערצאָוו. ער שטאַמט פון אַ מאָסקווער בכובדיקער משפחה. פאַרשלעפּט געוואָרן דורך אַ שלעכטן חבר אין דער מאָסקווער פאַרברעכערישער וועלט. אַרעסטירט און פאַרשיקט געוואָרן אין לאַגער. אָבער נישט געקוקט אויף דעם, האַלט די פאַמיליע אָן מיט

אים באַציִאונגען. ער באַקומט פון דער היים פּעקלעך. ער איז רואיק און באַהערשט. אַזוי אויך ביי דער אַרבעט. כאָטש ער אַרבעט פּאַמעלעך, האָט ער נישט די צרות וואָס פּאַזורין מיט די קלינעס, און ס׳קומט שוין אַלע מאָל אַזוי אויס, אַז ער שלאָגט פּאַזורינען מיט העכערע נאָרמעס.



פּאַר שמעונען שטעלט מען אריין אין אַמבולאַטאָריע נאָך אַ טיש. ביי דעם פריערדיקן נעמט אָן דער רוסישער דאָקטאָר אַלעקסעי וואַסיליע־וויטש. אים העלפט די קראַנקן־שוועסטער, די גריכן וואַליאַ. שמעון נעמט אָן ביים צווייטן טיש, דעם נאָר וואָס אַריינגעשטעלטן. אים העלפט די פריש־געקומענע, פריי־געדונגענע קראַנקן־שוועסטער, וויעראַ.

די רוסן ווענדן זיך נישט צו שמעונען, נאָר צום רוסישן דאָקטאָר. די יידן האַלטן זיך ביי שמעונען. ער וואָלט בעסער געוואָלט, אַז וואַליאַ זאָל אים העלפן — און נישט דעם רוסישן דאָקטאָר. וואַליאַ איז אַליין אַ פאַרשיקטע. זי איז אַ מענטש אַ געוויסנהאַפטער און שטענדיק גרייט צו טראָגן הילף. שוין איר גרינלעך, איידל פּנים, אירע טונקעלע, וואַרעמע אויגן און שמאָלע הענט מיט לאַנגע, צאַרטע פינגער — וועקן צו זיך צוטרוי. פון דעם וואָס זי רירט זיך נאָר צו, צי אַפילו פון איר בלויזן מיטפילנדיקן בליק, מיט וועלכן זי באַשענקט דעם וואָס קומט אין איר גאָענטקייט, פילט שוין יענער אַ טרייסט, כאָטש זי אַליין קאָן קנאַפּ וואָס העלפן. שמעון זעט דאָס אַלץ און ווייסט דאָס אַלץ. ער שעצט וואַליאַן זייער הויך. אָבער ס׳איז אַזוי געשען, אַז מען האָט זי צוגעטיילט צו אַלעקסעי וואַסיליעוויטשן, כאָטש שמעון האָט געקאָנט דרינגען פון אירע בליקן, אַז אויך זי אַליין וואָלט בעסער געוואָלט מיטאַרבעטן מיט אים.

דאַקעגן וויעראַ איז אַ פריי־געדונגענע. שמעון קאָן זיך נישט דער־טראַכטן צוליב וואָס־פאַראַ סיבות טוט אַזאַ יונג און שיין מיידל, זיך אַליין פון אייגענעם ווילן, פאַרמישפּטן צו זיין אין אַן אַרבעטס־אויסבע־סערונגס לאַגער, צווישן אַרעסטאַנטן, אין אַזעלכע שווערע קלימאַטישע באַדינגונגען. איר געזונטקייט, פולקייט, איר פריילעכקייט און לעבנס־לוסט איז אין אַזאַ בולטער סתירה צו דעם גאַנצן טרויעריקן אַרום, אַז שמעונען איז אַזש אומהיימלעך פון דעם וואָס זי זיצט לעבן אים. שמעונען דאַכט זיך טיילמאָל אויס, אַז זי קוקט אויף די אַלע אומגליקלעכע מענטשן מיט נייגער שטאָט מיט אינטערעס. נישט איינמאָל פאַלט אים איין דער

גערדאַנק, אַז זי איז אַהער געקומען געטריבן פון אַ ווילן צו באַקענען אַ פרעמדע פאַר איר וועלט, און זי קוקט אויף די מענטשן, ווי אויף באַשעפענישן פון אַן אַנדער פּלאַנעט. שמעון קאָן איר גאָרנישט פאַר־וואַרפן. ער האַלט, אַז זי איז אַפילו אַ גוטע. אָבער ער פילט, אַז ביי זיין טיש מיט זיינע יידישע קראַנקע, לאַנגווייליקט זי זיך. איר וואָלט בעסער אַנטשפּראָכן צו אַרבעטן מיט אַלעקסעי וואַסיליעוויטשן, ביי די רוסישע מענטשן וואָס קומען צו אים.

דער נייער עטאַפּ באַשטייט אַממיינסטן פון קרימינעלע פאַרברעכער: באַנדיטן, רויבער, באַן־גנבים, פעלשערס, שווינדלער, פאַרשווענדער פון מלוכה־געלטער, כוליגאַנעס און סתם בראַדיאַגעס.

די יידן, וואָס קומען צו שמעונען קלאָגן זיך אויף האַרץ־ווייטיק, אויף געשוואָלענע פיס. ער באַמערקט ביי טייל פון זיי סימנים פון שקאָרבוט. טייל זענען געבראָכן, טייל הוסטן. טייל האָבן פאַרקילטע אורין־פּענכערס, מערידן, פאַראַן פאַלן פון פּראָלאַפּסוס אַני, פון אַרויספאַלן פון דער גלייכער קישקע.

נאָך עטלעכע אָוונטן זיצן לעבן שמעונען אין דער אַמבולאַטאָריע קען שוין וויעראַ אַלע „יידישע" מחלות. זי וואַרפט נייגעריקע בליקן צום טיש, ביי וועלכן ס׳נעמט אַן אַלעקסעי וואַסיליעוויטש. דאָרט טוט זיך גאָר עפּעס אַנדערש. אַנדערע מענטשן — אַנדערע קרענק.

ס׳קומט אַריין אַ הינקענדיקער רוס. ער האָט זייט אַ געוויסער צייט אַ טיפע ווונד אין קנעכל פון רעכטן פוס. דער דאָקטאָר איז חושד, אַז דער אַרעסטאַנט האָט זיך אַריינגעשפּריצט, צי געמאַכט זיך מיט אַן אייזערנע זאַך אַ ווונד אין קנעכל און אַריינגעלאָזט דאָרט עטלעכע טראָפּנס נאַפט. אָבער באַפרייען פון דער אַרבעט מוז ער אים. יענער קאָן נישט גיין. נאָך דעם ווי די ווונד פאַרהיילט זיך אַ ביסל — זעט מען אַז זי איז ווידער פול מיט אייטער. דער דאָקטאָר שרייט, אַז דאָס צעראַצט דער אַרעסטאַנט ספּעציעל די ווונד זי זאָל זיך נישט היילן. מען רופט דעם נאַטשאַלניק פון דער סאַניטאַרער אָפּטיילונג, דעם פעלדשער ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש. אַליין אַ געוועזענער אַרעסטאַנט, וואָס האָט נאָכן אָפּקומען זיין שטראָף זיך פאַרקאָנטראַקטירט צו אַרבעטן ווי אַ פעלדשער אין לאַגער, קען ער גוט אַלע געהיימע אַרעסטאַנטסקע שטיקלעך. ער באַקוקט דאָס קנעכל און זאָגט מיט דער גאַנצער זיכערקייט, אַז די ווונד איז אַ געמאַכטע. דעם נאַשטאַלניקס שיכורע אויגן ווערן מלא רציחה. ער שפּיזט מיט זיי אַדורך דעם אַרעסטאַנט.

— פּאַראַזיט איינער! — צעשרייט ער זיך מיט זיין הייזעריק קול —

מענדעיואַשקע! וואָס מיינסטו, הורן־זון, כ׳קען נישט דיינע שטיק?! כ׳וועל דיך שטעלן פאַר אַ געריכט און דו וועסט באַקומען אַ צולאָג פון צען יאָר! וועסט ביי מיר פאַרפוילט ווערן אין לאַגער!

אַלעקסעי וואַסיליעוויטש וויל ראַטעווען דעם אַרעסטאַנט. זאָגט ער צו אים גיך — טראָג זיך אָפּ, גיי אין באַראַק.

ס׳קומט אַריין אַן אַרעסטאַנט אַ יונגער, אַ קרעפּטיקער. ס׳איז ביי אים אָנגעשוואָלן אַ באַק. דאָס געשווילעכץ איז אַזוי משונהדיק גרויס, אַז דאָס אויג פון דער געשוואָלענער זייט באַק, זעט אויס ווי אַ שמאָל שפּעלטעלע. דער דאָקטאָר הייסט אים עפענען דאָס מויל. ס׳באַווייזן זיך צוויי רייען גרויסע, געזונטע ציין, ווי ביי אַ יונג פערד. נישט אויסערלעך און נישט אינעווייניק קיין שום וווּנד. אַלעקסעי וואַסיליעוויטש רופט צו שמעונען. אָבער די ערשטע שפּרונגט אויף וויעראַ. זיי באַקוקן די באַק אינעווייניק און אויסערלעך, ציען מיט די פּלייצעס. עפּעס פילט יעדער, אַז די זאַך איז נישט קיין כשרע. אָבער קיינער זאָגט דאָס נישט.

אַלעקסעי וואַסיליעוויטש באַפרייט דעם אַרעסטאַנט אויף אַ טאָג פון דער אַרבעט. אַ שעה־צוויי נאָך דעם ווי די בריגאַדעס גייען אַוועק אין וואַלד, זעט מען דעם אַרעסטאַנט אַרומדרייען זיך אין דער זאָנע מיט אַ נאָרמאַלער באַק, ווי ביי יעדן געזונטן מענטש.

אין עטלעכע טעג אַרום קומט ווידער דער זעלבער אַרעסטאַנט און ווידער מיט אַ געשוואָלענער באַק. ס׳איז אַן אויפרודערונג אין דער אַמבו־לאַטאָריע. אַמיינסטן איז אויפגעברויזט וויעראַ. זי שפּרינגט אויף די ערשטע און איז שוין ביים רוסישן דאָקטאָרס טיש, צוליב וואָס זי ציט אויף זיך וואָליאָס אומווילן.

אַלעקסעי וואַסיליעוויטש וויל אויסמיידן סקאַנדאַלן. ער פאַרשטייט שוין גוט, ער זעט שוין קלאָר, אַז די זאַך איז אַ קינסטלעך געמאַכטע. אָבער ער זוכט זיך נישט קיין קאָנפליקטן. ער איז זייער אַ שטילער און צוריקגעהאַלטענער מענטש. ער מיידט אויס קאָנפליקטן נישט נאָר מיט דער לאַגער־מאַכט, נאָר אויך מיט די אַרעסטאַנטן. ער בעט וויעראַן צו־ריקגיין אויף איר אָרט. באַפרייט דעם אַרעסטאַנט אויף אַ טאָג פון דער אַרבעט, אָבער זאָגט אים שטיל — מער זאָל זיך דאָס נישט איבערחזרן. נעם דאָס גוט אין אַכט.

אָבער אין עטלעכע טעג אַרום איז דער אַרעסטאַנט ווידער דאָ מיט אַ גע־שוואָלענער באַק. דער רוסישער דאָקטאָר שיקט דעם כינעזער וואַן־פו־יענען רופן דעם נאַטשאַלניק פון דער סאַניטאַרער אָפּטיילונג. ער קומט און טוט נישט מער ווי אַ שפּיזיקן בליק מיט זיינע שטענדיק האַלב־שיכורע

אויגן אויף דער געשוואָלענער באַק. אַן איין וואָרט אַרויסצורעדן באַפרייט ער דעם אַרעסטאַנט פון דער אַרבעט.

אַלע אין דער אַמבולאַטאָריע זענען פאַרוווּנדערט פון דעם נאַטשאַלניקס האַלטונג. אָבער צומאָרגנס אין דער פרי קומט ער אין דער אַמבולאַטאָריע, רופט אַרויס צוויי מענטשן פון דער וואַך און הייסט זיי אים ברענגען דעם באַפרייטן אַרעסטאַנט. דער נאַטשאַלניק זעט, אַז פון דעם געשווילעכץ איז קיין שפּור נישט פאַרבליבן. ער הייסט דעם אַרעסטאַנט עפענען דאָס מויל און באַטראַכט ביים ליכט פון אַ ברענענדיקער לאָמפּ און דורך אַ פאַרגרעסער־גלאָז די שליים־הויט פון דער אינערלעכער זייט באַק. ער באַמערקט דאָרט אַ קליין, רויט פּינטעלע, קלענער ווי אַ קעפּל פון אַ שפּילקע. ער ווייזט אָן אַלעקסעי וואַסיליעוויטשן און שמייכלט אויף דעם רויטן פּינטעלע.

דערווייל, אין דער צייט ווען דער נאַטשאַלניק באַטראַכט דעם אַרעסטאַנט, האָט די וואַך, וואָס האָט אים געהאַט געבראַכט אין דער אַמבו־לאַטאָריע, אַדורכגעפירט אַ גענויע רעוויזיע אין זיינע זאַכן. אין אַן עק פון זאַק מיט וויוּרעס, אויף וועלכן דער אַרעסטאַנט איז געשלאָפן, האָט די וואַך געפונען אַ שפּילקע און עפּעס אַ האַרט, ווייס, דורכזיכטיק שטיקל, ווי אַ שטיינדל. זיי האָבן דאָס געבראַכט אין דער אַמבולאַטאָריע. דאָס האַרטע, דורכזיכטיקע שטיינדל האָט אויסגעזען ווי אַ שטיקל אַלון. אָבער ווען דער נאַטשאַלניק טוט אַ לעק דערצו, איבערצייגט ער זיך, אַז דאָס איז ציטרין־זאַלץ. דער נאַטשאַלניק דערקלערט די דאָקטוירים, אַז דער אַרעסטאַנט גיט זיך מיט דער שפּילקע אַ שטאָך אין דער שליים־הויט פון דער אינערלעכער זייט באַק און רייבט אָן דאָס אָנגעשטאָכענע אָרט מיטן ציטרין־זאַלץ, און פון דעם ווערט אים די באַק אַזוי געשוואָלן.

דער סאַניטאַר מיראַנאָוויטש, דער עסטאָנער, גלייבט נישט, אַז פון ציטרין־זאַלץ קאָן די באַק אַזוי געשוואָלן ווערן. דעמאָלט הייסט אים דער נאַטשאַלניק זיך אָוועקזעצן אויף אַ שטול. דער עסטאָנער ווערט אַ ביסל צעטומלט און וויל דאָס נישט טאָן. אָבער דער האַלב־שיכורער נאַטשאַלניק זידלט אים און שעלט און צווינגט אים ער זאָל זיך אַוועקזעצן. ווען ער זיצט שוין, הייסט אים דער נאַטשאַלניק עפענען דאָס מויל. מיראַנאָוויטש שוין אינגאַנצן אַ צערודערטער, פאָלגט אים. דעמאָלט גיט אים דער נאַ־טשאַלניק אַ שטאָך מיט דער שפּילקע אין דער אינערלעכער זייט באַק און רייבט אָן דאָס אָרט מיטן ציטרין־זאַלץ.

פאַרנאַכט־צו גייט מיראַנאָוויטש אַרום מיט אַ געשוואָלענער באַק. זיין רעכט, שטענדיק אויסגעשטאַרצט אויג זעט זיך קוים אָן ווי אַ דין

שפּעלטעלע. די געלע, געשוואָלענע באַק מיטן שפּעלטעלע אויג, זעט אויס ווי אַ קליינע דיניע מיט אַן אין דער הויך אָנגעשפּאָלטענער הויט.

אַלע אין דער אַמבולאַטאָריע לאַכן פון מיראַנאָוויטשן. וויערא לאַכט הילכיק, זי קייקלט זיך פון געלעכטער. קאָן זיך גאָרנישט באַהערשן. עס לאַכט דער נאַטשאַלניק, דער רוסישער דאָקטאָר און אַפילו וואַליא. מיט איר לאַכן שטעקט וויערא אָן אויך שמעונען, וועלכער גיט אַ בלייכן שמייכל.

שמעון באַמערקט גוט, אַז קיינעמס לאַכן, אַפילו דאָס ווילדע פון וויעראַן, אַרט נישט אַזוי דעם אַנטיסעמיט מיראַנאָוויטשן, ווי דער בלייכער שמייכל פון אים, שמעונען.

מען פירט אַריין אין דער אַמבולאַטאָריע אַ רוס וואָס האָט זיך אָפּגע־האַקט צוויי פינגער פון דער לינקער האַנט ביי האַקן האָלץ. דער נאַטשאַל־ניק שרייט, אַז דער אַרעסטאַנט האָט דאָס געטאָן ספּעציעל, מיט דער כוונה מען זאָל אים איבערשיקן אין אַ לאַגער פאַר אינוואַלידן. — אָבער ס׳וועט דיר גאָרנישט העלפן! דאָ וועסטו פּגרן! — ליאַרעמט ער.

דער רוסישער דאָקטאָר באַשעפטיקט זיך מיטן אַרעסטאַנט. וואַשט אַרום די וווּנד און פאַרבאַנדאַזשירט די האַנט. אין דער צייט, שטעלט דער נאַטשאַלניק צונויף אַ פּראָטאָקאָל איבערצושיקן אין הויפּט־ביוראָ פון די צפון־לאַגערן, אין וועלכן ער פאָדערט מען זאָל דעם אַרעסטאַנט שטעלן פאַר אַ געריכט.

שמעון קוקט זיך צו צו די אַנדערע רוסישע מענטשן, וועלכע קומען אין דער אַמבולאַטאָריע. ער צייגט זיך איבער, אַז דאָס וואָס עס האָט אין סאַמע אָנהויב, ווען דער פּוילישער עטאַפּ איז אָנגעקומען אין לאַגער, אים געזאָגט דער נאַטשאַלניק פון דער סאַניטאַרער אָפּטיילונג, אַז די „פּוילישע פּאַנעס" האָבן זיך ליב צו באַקלאָגן אויף אַלטע מיחושים, איז נישט ריכטיק. ער זעט, אַז אויך די רוסישע מענטשן קומען זיך באַקלאָגן פאַרן דאָקטאָר. ס׳זיצן אין דער אַמבולאַטאָריע עלטערע רוסן מיט גרויע בערד, מיט שווע־רע, אומעטיקע אויגן, זיצן מיט הכנעה און צעבראָכן, געניט ווי די יידן, און וואַרטן אויף זייער ריי צום דאָקטאָר, פאַר וועלכן זיי באַקלאָגן זיך אויף פאַרשידענע ווייטיקן אין בויך, צי אין אַ זייט, צי אין רוקן. אַלע, נישט קיין חילוק צי דאָס זענען פּאָליטישע אַרעסטאַנטן, צי קרימינעלע, און אַפילו יונגע מענטשן, אַלע זוכן זיי ביים דאָקטאָר און ביי די קראַנקן־שוועסטערס אַ ביסל וואַרעמקייט, אַ ביסל נאָענטקייט, שוץ, און עמעצן, פאַר וועמען זיך צו קאָנען באַקלאָגן, אַז עפּעס טוט זיי וויי. שמעון זעט באַשיינפּערלעך, אַז דער אינטערנאַציאָנאַל פון ליידן גלייכט גיכער אויס די מענטשן צווישן זיך, ווי דער סאָציאַליסטישער אינטערנאַציאָנאַל.

איין מאָל, אין אַן אָוונט, קומט דינה אַריין אין דער אַמבולאַטאָריע מיט אַ צעשניטענעם פינגער פון דער לינקער האַנט. זי האַלט דעם פינגער אַרומגעוויקלט מיט אַ ווייס טיכעלע. זי קומט צו צו שמעונס טיש.

שמעון וויקלט אָפּ דאָס טיכעלע, וואָס איז אַ ביסל פאַרבלוטיקט, באַקוקט דעם שניט, וועלכער איז אַן אויבערפלעכלעכער און הייסט וויערען פאַריאַדינירן דאָס אָרט. קיין באַנדאַזש דאַרף מען נישט — זאָגט שמעון.

ווען וויעראַ פאַריאַדינירט דינהן דעם פינגער, הויבט שמעון אויף דעם קאָפּ אַ קוק צו טאָן ווער נאָך וואַרט אויף אים. ער טרעפט זיך מיט דינהס בליק. זי קוקט אויף זיי ביידע, אויף אים און וויערען, און אירע אויגן זענען פול מיט שינאה.

זייט דער איבערקערעניש אין לאַגער, זייט דער רוסישער עטאַפּ איז אָנגעקומען, און דער עיקר, זייט שמעון אַרבעט אין אַמבולאַטאָריע מיט וויעראַן, גייט דינה אַרום אַ דערשלאָגענע. זי זוכט שוין אַפילו די פּריוואַט־שאַפט פון סאַמעקן, וועלכן זי פלעגט פריער יאָגן פון זיך ווי אַ זלידנע אָנשיקעניש. זי קלאָגט זיך פאַר סאַמעקן אויף שמעונען פאַרוואָס ער לאָזט זי אַליין, אונטערעסירט זיך נישט מיט איר, שאַפט איר נישט קיין אַרבעט אין דער אַמבולאַטאָריע.

סאַמעק איז אַ קלוג, דורכגעטריבן יינגל, ער שטויסט זיך לייכט אָן, אַז דינה איז אייפערזיכטיק וועגן וויעראַן. אָבער דעם פּשוטן יינגל סאַמעק געפעלט בעסער די פולע שיינקייט פון וויעראַן ווי די שלאַנקע, איידעלע שיינקייט פון דינהן. ער איז שמעונען אַזוי איבערגעגעבן, באַטראַכט זיך נאָך אַלץ פאַר זיין אַפּוטרופּוס, אַז ער האַלט, אַז אויב אים געפעלט וויעראַ בעסער ווי דינה, דאַרף שמעונען אויך אַזוי געפעלן ווערן.

ער איז אָבער געניג כיטרע און זאָגט עס נישט דינהן. הערט אויס אירע טענות, שאָקלט צו מיטן קאָפּ און שמייכלט אַריין אין זיך מיט אַ שמייכל פון אַ דערפאַרענעם, געפרוווטן מאַנצפּערשוין.

וויעראַ באַמערקט דינהס בליק פול מיט שינאה, מיט וועלכן זי מעסט זיי, זי מיט שמעונען אָפּ, אָבער זי האָט דווקא דערפון הנאה.



פון דעמאָלט אָן, זייט דינהס אַריינקומען מיטן איינגעשניטענעם פינגער, באַמיט זיך שמעון צו זיין וואָס ווייניקער אין דער אַמבולאַטאָריע, אין דער נאָענטקייט פון וויעראַן. ער באַקומט אַ דערלויבעניש פון דעם נאַטשאַלניק פון דער סאַניטאַרער אָפּטיילונג צו באַזוכן די בריגאַדעס ביי

דער אַרבעט. ער וויל, זאָגט ער, קאָנטראָלירן די אַרבעט פון די סאַניטאַרן, וואָס גייען אַרויס מיט די בריגאַדעס.

ער האָט דערביי נאָך אַ כוונה. זייט מען האָט, נאָכן אָנקומען פון דעם עטאַפּ נישט־יידן, געשאָפן געמישטע בריגאַדעס, וויל ער זען ווי אַזוי אַרבעטן די אַרעסטאַנטן איצט. ער האָט אויך נאָך קיינמאָל נישט געזען ווי אַזוי אַרבעטן די רוסן, וועלכע די נאַטשאַלניקעס רימען אַזוי פאַר גוטע אַרבעטער.

צו ערשט גייט ער אַרויס מיט די בריגאַדעס וואַלד־האַקערס. ער גייט מיט זיי צו דער אינסטרומענטאַלקע, דאָס אָרט וווּ די אַרעסטאַנטן באַקומען די אינסטרומענטן, די אַרבעטס־מכשירים.

די אינסטרומענטאַלקע איז אַ קליין הייזל געבויט פון דיקע קלעצער. פון דער דרויסנדיקער זייט זענען די קלעצער נישט אָפּגעטעסעט און פאַר־בליבן קיילעכדיקע. דאָס הייזל זעט אויס ווי ס'וואָלט געווען איינגאַנצן ביז אַרויף אין ברייטע, שטייפע פאַלדן. אַפילו דער שניי וואָס פאַלט און קלעפּט זיך צו צו די ווענט פון דער אינסטרומענטאַלקע, בלייבט אויף זיי ליגן אַ געפאַלדעוועטער.

אין דער אינסטרומענטאַלקע אַרבעטן פיר מענטשן. אַ פאָטער מיט דריי זין — סיביריאַקעס. דער פאָטער — פון אַ יאָר זיבעציק. אַ ברייטער מיט אַ גרויס, געקנייטשט פּנים, הויכן שטערן, גרויע אויגן און ברייטע ברעמען. ער האָט אַ געדיכטע גרוי־ווייסע באָרד, אַ טאָלסטאָי קאָפּ. ער זיצט שטענדיק, אָבער זיינע הענט באַוועגן זיך אומאויפהערלעך. ער רייסט זיי אויף קיין מינוט נישט אָוועק פון דער אַרבעט. ווען ער רעדט אָדער דערציילט עפּעס, האָט ער ליב צו קוקן יענעם גלייך אין די אויגן. אָבער אַפילו דעמאָלט טוען זיך זיינע הענט דאָס זייעריקע. ווען ער האָט נאָר אַ געלעגנהייט, האָט ער גערן צו רעדן. ער ברענגט אָפּט פּסוקים פון תהילים אָבער דער עיקר פון בייעם טעסטאַמענט. זיין שטימע איז אַ ברייטע, ווי זי וואָלט אַרויס פון דער גאַנצער ברייט פון זיין מעכטיקן ברוסט־קאַסטן.

די דריי זין — ווי אַ דריילינגג. אַלע הויכע, אַלע די זעלבע הייך. אַלע דאַרע, ביינערדיקע, מיט שטרענגע, שאַרפע פּנימער, טונקל־גרויע אויגן, אַרום די פּנימער הארטע, שוואַרצע בערדלעך.

די זין — שווייגערס. קיינמאָל הערט מען פון זיי קיין וואָרט נישט. זיי קענען אַלץ. זיי זענען סטאָליאַרעס, סטעלמאַכעס, שלאָסערס, און שליי־פערס. האַמער, האַק, צוואַנג און שרויף — דאָס איז זייער גאַנץ געצייג. מיט דעם באַווייזן זיי אַלץ צו מאַכן. ווען דער פּוילישער עטאַפּ איז אָנגע־

קומען אין דעם לאַגער, האָבן דאָס די אינסטרומענטאַלשטשיקעס געלייגט די האַלצערנע בריק איבער דער ווּיסליאַנאַ.

ווען די בריגאַדעס וואַלד־האַקערס קומען צו צו דער אינסטרומענ־טאַלקע, עפנט זיך אַ ברייט פענצטער. דורך אים דערלאַנגט עמעצער פון די זין די מכשירים: די זעגן, העק, האַמערס און רידלעס. די בעסטע זעגן, די שאַרפסטע העק, די שטאַרקסטע האַמערס באַקומען די סטאַכאַנאָווצעס. פאַר זייערטווועגן זיצן די אינסטרומענטאַלשטשיקעס ביז אין דער האַלבער נאַכט אַריין און שאַרפן די זעגן, שלייפן די העק, פאַרפעסטיקן די האַמערס.

די גוטע וואַלד־האַקערס אַרבעטן מיט בויגן־זעגן. אַזאַ זעג האָט ביי אַנ־דערהאַלבן מעטער די לענג. מיט אַזאַ זעג קאָן מען אַדורכשניידן דעם דיקסטן בוים. מיט איר אַרבעט נאָר איין מענטש.

די אינסטרומענטאַלשטשיקעס קענען יעדן סטאַכאַנאָוויעץ, זיין כאַראַק־טער און טעמפּעראַמענט, און פּאַסן צו די כלים צו יעדן פון זיי.

די שוואַכערע אַרבעטער־אַרעסטאַנטן גיט מען אויסגעשטשיערביעטע זעגן, טעמפּע העק און טויבע האַמערס, וואָס ביי יעדן זעץ פאַלן זיי אַראָפּ פון די האַלצערנע הענטלעך. פאַר די שוואַכע האָבן די אינסטרומענטאַל־שטשיקעס, וואָס זענען אַזוי אויך פאַרמאַטערט פון אַרבעטן אַכצן שעה אין מעת־לעת, נישט קיין צייט אויף צו פיילן און שאַרפן די זעגן און העק. די שוואַכע גיט מען אויך נישט קיין בויגן־זעגן, נאָר פלאַכע זעגן מיט הענטלעך ביי די זייטן. מיט אַזאַ זעג אַרבעטן צוויי מענטשן,ביידע ציען די זעג, יעדער אין זיין זייט. זיי שניידן זיך איין אין בוימס לייב און שאַקלען זיך איבער אים, ווי זיי וואָלטן אים איינגעוויגט אין אייביקן שלאָף.

די רוסן קאָנען זיך אויף די מכשירים. זיי לאָזן זיך פון די אינסטרו־מענטאַלשטשיקעס נישט נאַרן. די רוסן קאָנטראָלירן די כלים איידער זיי נעמען זיי צו דער אַרבעט. נישט איין מאָל פאַלט אַריין צוריק אַ זעג דורכן פענצטער פון דער אינסטרומענטאַלקע, ווייל זי איז נישט געפעלן געוואָרן דעם וואַלד־האַקער. נישט איין מאָל גיט אַ בליץ אין דער לופט די שאַרף פון אַ האַק און פליט אַריין אין דער אינסטרומענטאַלקע, ווייל זי האָט נישט געפונען קיין חן ביים וואַלד־האַקער אין די אויגן. מיט די רוסן איז נישט פאַראַן קיין חכמות און די אינסטרומענטאַלשטשיקעס ווילן מיט זיי נישט איינרייסן.

די יידן, אַמיינסטן בעל־מלאכות, שניידער, שוסטער, טריקאָטאַזשני־קעס און וועבער, און אויך דאָס ביסל סוחרים און הענדלער צווישן זיי, קענען זיך אינגאַנצן נישט אויס אויף די אַרבעטס־מכשירים וואָס מען גיט

זיי אין לאַגער. זיי נעמען אַלץ וואָס מען דערלאַנגט זיי. אויך זעען די יידן אין יעדן רוס, מעג יענער זיין פּונקט אַזאַ אַרעסטאַנט ווי ער, אַ בעל־הבית איבער זיך און וואַגן אים נישט אַנטקייגנצוזוגן. די יידן קומען מיט די טעמפּע מכשירים צו דער אַרבעט. זיי האַרעווען ביטער און דערגרייכן כמעט גאָרנישט. מען שפּעט נאָך פון זיי אָפּ. מען טרייבט פון זיי חוזק פאַרוואָס זיי האָבן זיך געלאָזט אַריינגאַרן אַזעלכע שלעכטע כלים.

אין לאַגער איז פאַראַן אַ נישט־געשריבן געזעץ, אַז נישט די אָפּנאַרער באַשטראָפט מען, נאָר די, וואָס לאָזן זיך נאַרן. מיט די שלעכטע מכשירים באַווייזן די יידן אפילו נישט צו מאַכן דרייסיק פּראָצענט פון דער נאָרמע. זיי באַקומען אַ „שטראָפנאָי פּאַיאָק", אַ שטראָף־באַשפּייזונג, און גייען אויף ביינאַכט שלאָפן אין פּראָסטיקן, חושכדיקן איזאָלאַטאָר.

ווען די בריגאַדעס וואַלד־האַקערס זענען שוין פאַרטיק מיטן נעמען די כלים, שרייבן זיך די בריגאַדירן אונטער, אַז זיי זענען פאַר די כלים פאַראַנטוואָרטלעך. ביים צוריקקומען פון דער אַרבעט מוז יעדער בריגאַדיר צוריקגעבן גענוי די זעלבע צאָל און געניי די זעלבע מכשירים, וועלכע זיין בריגאַדע האָט באַקומען. צוליבן פעלן פון איין כלי לאָזט מען די גאַנצע בריגאַדע נישט אַריין אין דער זאָנע ביז מען פירט נישט אַדורך ביי אַלע אַ פּערזענלעכע רעוויזיע. די לאַגער־מאַכט האָט מורא, אַז עמעצער פון די אַרעס־טאַנטן זאָל נישט האָבן בכיוון באַהאַלטן אַ האַק, צי טיילן פון אַ זעג, בכדי עס אַריינצוגנבענען אין דער זאָנע. נישט איין בריגאַדיר איז אַראָפּגענומען געוואָרן פון דער אַרבעט פאַר אַ שטראָף, ווייל אין זיין בריגאַדע איז פאַרלוירן געוואָרן אַן אַרבעטס־כלי, כאָטש אַלע האָבן געקאָנט ביי זיך זיין זיכער, אַז די האַק, אָדער די זעג, איז פאַרשיט געוואָרן פונעם שניי.

נאָך די בריגאַדעס וואַלד־האַקערס, קומען צו דער אינסטרומענטאַלקע די בריגאַדעס „אוקאַטשיקעס". זיי נעמען נאָר צו עטלעכע העק און האַ־מערס. די עטלעכע מאַרקיראָווטשיקעס, וואָס געהערן צו זייער בריגאַדע, נעמען העמערלעך און דליטעס. די מאַרקיראָווטשיקעס האַקן מיט זיי אויס אין לייב פון בוים סימנים, לויט וועלכע די בראַקערס דערקענען צו וואָס פאַראַ סאָרט די קלעצער געהערן און אויך זייער לענג און דיאַמעטער.

דאָס זעלבע וואָס שמעון האָט געזען ביי דער אינסטרומענטאַלקע — זעט ער צומאָרגנס ביי דער פערד־שטאַל, ווו־ס'קומען אָן די בריגאַדעס באַלאַגאַלעס.

די שטאַרקסטע פערד, די בייסטע געשפּאַנען, די בעסטע שליטנס גיט

מען די סטאַכאַנאָווצעס, די געזונטע, פעסטע יונגען. די שוואַכערע אָרעס־טאַנטן גיט מען די ערגסטע פערד, ווילדע, פוילע, צי גאָר אַלטע. זיי גיט מען אויך די אמיינסטן אָפּגענוצטע געשפּאַנען, וואָס רייסן זיך כסדר. זיי גיט מען די ערגסטע שליטנס.

אין דער לאַגער־זאָנע הענגט אַ גרויסער טראַנספּאַרענט: לאָמיר פירן אַ קאַמף מיט ליידיקגייערס און מיט רייסערס!

שמעון קוקט זיך צו צו דער אַרבעט פון די באַלאַגאַלעס אין וואַלד. ער קען דעם רעגולאַמין פון דער לאַגער־אַרבעט. ער ווייסט, אַז מען דאַרף שניידן דעם וואַלד אַזוי, אַז אַלעביימער זאָלן פאַלן אויף דעם זעלבן אופן, מיט דער ברייטער זייט צום סקלאַד, כדי ס'זאָל זיין דעם אַנלאַדענער לייכטער אָנצולאָדענען די ביימער אויפן שליטן, און דעם באַלאַגאַלע לייכטער זיי אַרויסצופירן פון וואַלד צום סקלאַד. לויטן רעגולאַמין דאַרף מען נעמען די ביימער פון ברעג, פון דעם אָרט ווו מען האָט דעם וואַלד אָנגעהויבן שניידן. מען מוז נעמען די ביימער לויט דעם ווי זיי ליגן, אָן חילוק צי זיי זענען דינע ביימער, צי דיקע. מען טאָר נישט קלייבן, נאָר גיין לויטן סדר.

די סטאַכאַנאָווצעס מיט זייערע געזונטע פערד און שטאַרקע שליטנס און געשפּאַנען טוען פּונקט דאָס פאַרקערטע. זיי קוקן ווו ס'ליגן די דיקע ביימער און פאָרן אַריין אין מיטן דעם אַפּשניט, ווו מען האָט אויסגעהאַקט דעם וואַלד, זיי נעמען אַרויס די דיקסטע ביימער מיטן ברייטסטן דיאַמע־טער און פירן זיי צום סקלאַד. נאָך פיר־פינף אַזעלכע רַיִסן האָבן זיי שוין געמאַכט הונדערט פּראָצענט איבער דער נאָרמע. זיי זיצן די רעשט צייט ברייט מיטן דיעסאַטניק בַיִם ברענענדיקן שייטער, פאַרדרייען און רייכערן מאַכאָרקע־פּאַפּיראָסן. זיי קוקן מיט ביטול און שפּאָט אויף די יידישע באַלאַגאַלעס, פאַר וועמען זיי האָבן איבערגעלאָזט די דינע ביימער. מיט זייערע פוילע פערד און שלעכטע שליטנס און שוואַכע געשפּאַנען, מוזן זיי זיך שלעפּן פון איין בוים צום צווייטן, בכדי צונויפקלייבן אַ פאָר ביימער, ווייל די דיקע וואָס זענען געלעגן צווישן די דינע, האָבן שוין די „סטאַכאַנאָווצעס" אַרויסגעפירט.

די יידן לאָדענען אויף איין בוים, בינדן אים אַרום מיט דער קייט, פאָרן צו צו אַ צווייטן בוים, בינדן אויף די קייט, פאַרלאָדענען דעם צווייטן בוים, פאַרבונדן ווידער מיט דער קייט און פאָרן נאָך ווייטערדיקע ביימער. ביז דער יידישער באַלאַגאַלע קומט אָן צום סקלאַד מיט זיינע פאָר דינע ביימער גייט אַוועק אָן אַ שיער צייט, דער ייד קומט אינגאַנצן אַ פאַרמאַ־

טערטער. ער האָרעוועט אַפֿ אַ טאָג און מאַכט קוים פּופֿציק־זעכציק פּראָ־
צענט פֿון דער נאָרמע, און אַ מאָל דאָס אויך נישט.

די בריגאַדירן און די דיעסאַטניקעס ווייסן זייער גוט, אַז דאָס וואָס
עס טוען די „סטאַכאַנאָווצעס" איז נישט קיין סטאַכאַנאָווסקע אַרבעט,
נאָר אָפֿענע רייסעריי. דאָס איז בפירוש פֿאַרבאָטן. פֿאַר אַזאַ אויפֿפֿירן זיך
דאַרף מען זיי נישט נאָר נישט אויסצייכענען, נאָר שטעלן פֿאַר אַ גערעכט.
אָבער קיינער מאַכט זיך נישט זען וואָס זיי טוען. פֿאַרקערט, מען שמייכלט
זיי נאָך צו, מען חנפֿעט זיי, מען דערמוטיקט זיי צו דעם אָפֿענעם אופֿן
פֿון רויב.

די דאָזיקע מכלומרשטע סטאַכאַנאָווצעס זענען פֿאַרשיקטע אין לאַגער
פֿאַר קרימינעלע פֿאַרברעכנס. זיי זענען געווען אָנפֿירער פֿון באַנדעס באַן־
גנבים, הערשטן פֿון רויבער־באַנדעס, רוצחים וואָס האָבן אויף זייער
געוויסן מענטשלעכע קרבנות.

אין לאַגער האָט מען פֿאַר זיי מורא. זיי פֿירן אַדורך אַפֿילו דאָ פֿאַר־
שידענע גניבות, און באַוועלן נישט דערבײַ זייערע בריגאַדירן און דיע־
סאַטניקעס. טייל טרעפֿן גאָר אַן אין זייערס אַ בריגאַדיר אָדער דיעסאַטניק
אַ געוועזענעם שותּף.

שמעון קוקט זיך צו ווי ס'אַרבעטן די סטאַכאַנאָווצעס וואַלד־האַקערס.
יעדער פֿון זיי האָט צוויי בײַהעלפֿער. די בײַהעלפֿער רייניקן אַפֿ די
ערטער אַרום די ביימער פֿון שניי, וואָס גרייכט טיילמאָל ביז צוויי מעטער
די הייך. זיי האַקן אַרום די צווייגן פֿון די שוין ליגנדיקע ביימער, שניידן
אָפּ די קרוינען און פֿאַרברענען זיי צוזאַמען מיט די צווייגן. ס'איז אַ געזעץ
אַזאַ פֿאַראַן אין לאַגער, אַז אַלץ וואָס מען פֿירט נישט אַרויס פֿון וואַלד
מוז אויפֿן אָרט פֿאַרברענט ווערן. די סטאַכאַנאָווצעס אַרבעטן נאָר מיט
דער זעג. זיי זעגן אונטער די ביימער און צעזעגן זיי לויט באַשטימטע
מאָסן. די געהילפֿן פֿירן אויס הונדערט פּראָצענט און טיילמאָל נאָך מער
פֿון דער נאָרמע, וועלכע איז באַשטימט פֿאַר זייער אַרבעט. אָבער דער
סטאַכאַנאָוויעץ האָט אַ שטילן אָפּמאַך מיטן דיעסאַטניק, אַז זיינע געהילפֿן
זאָל ער פֿאַרשרייבן נאָר דרייסיק פּראָצענט פֿון דער נאָרמע, נאָר אַזוי פֿיל,
אַז זיי זאָלן אויף ביינאַכט נישט מוזן גיין אין איזאָלאַטאָר פֿאַר אויספֿירן
ווייניקער ווי דרייסיק פּראָצענט, און די רעשט פּראָצענטער פֿון די גע־
הילפֿן שרייבט דער דיעסאַטניק צו צו די פּראָצענטער פֿון סטאַכאַנאָוויעץ.

אַזוי אַרום קומט אויס, אַז דער סטאַכאַנאָוויעץ אַרבעט אויס ביז
א צוויי הונדערט פּראָצענט איבער דער נאָרמע און נאָך מער. ער איז
אַ העלד. אים גיט מען אַלץ בשפֿע. אַפֿילו מילך צו טרינקען. דערפֿאַר

וואָס די געהילפן לאָזן פאַרשרייבן זייערע פּראָצענטער אויפן חשבון פונעם סטאַכאַנאָוויעץ — טיילט ער זיך מיט זיי מיטן עסן. פאַר די דרייסיק פּראָצענט, וועלכע מען פאַרשרייבט די געהילפן, באַקומען זיי דריי הונ־דערט גראַם ברויט און צוויי זופּן אַ טאָג. דער העלד, דער סטאַכאַנאָוויעץ, באַזאָרגט זיי מיט ברויט, זיי זיצן מיט אים אין וואַלד בעתן איבעררייס און עסן צוזאַמען מיט אים פון אַלץ וואָס ער באַקומט.

געוויינטלעך זענען די געהילפן ייִנגלעך אין סאַמעקס עלטער, פּופּצן־יאָריקע. זיי פילן זיך געהויבן וואָס זיי זענען אַזוי נאָענט מיט באַרימטע אין לאַגער סטאַכאַנאָווצעס. דער סטאַכאַנאָוויעץ מערצאָוו טיילט זיך אַפילו מיט זיינע געהילפן מיט די פּראָדוקטן, וועלכע ער באַקומט אין די פּעקלעך געשיקטע פון דער היים. די געהילפן פילן, אַז זיי האָבן באַלעבאַטים, אַז זיי זענען באַשיצט פון די מעכטיקע סטאַכאַנאָווצעס.

אַזוי אַרום זענען די סטאַכאַנאָווצעס אין לאַגער גאָר אונטערנעמער. זיי באַשעפטיקן מענטשן ביי זיך, וואָס אַרבעטן אויף זיי. אָפיציעל זענען זייערע געהילפן שלימזלען, און זיי — העלדן. אָבער אַלע, נישט נאָר די בריגאַדירן און דיעסאַטניקעס, נאָר אַפילו די הויכע נאַטשאַלניקעס, ווייסן, אַז דאָס איז אַ שווינדל, נאָר זיי מאַכן זיך וועגן דעם נישט וויסן.

מיט מיעלניקאָוון, דעם דיעסאַטניק מיט וועמענס בריגאַדע שמעון איז דאָס ערשטע מאָל אַרויסגעגאַנגען אין וואַלד ווי אַ לעק.־פּאָם. — טוט ער אַ שמועס וועגן דעם. שמעון קלערט אויף דעם דיעסאַטניק, אַז ווען מען זאָל אַ ביסל מער צוהעלפן די שוואַכערע אַרעסטאַנטן, אַ ביסל מער זיך מיט זיי אינטערעסירן, וואָלט אין דער אַלגעמיינער סומע דער לאַגער אויסגעאַרבעט אַ גרעסערן פּראָצענט, ווי איצט, ווען די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט איז געוואָנדן נאָר אויף סטאַכאַנאָווצעס, פון וועלכע אַ טייל זענען גאָר קיין סטאַכאַנאָווצעס נישט, נאָר גאָר רייסערס און אויסנוצערס.

וואָס שמעון זאָל נישט זאָגן דעם דיעסאַטניק מיעלניקאָוו — שאָקלט אים יענער צו מיטן קאָפּ. ער גיט אים גערעכט. ער האַלט דאָס זעלבע וואָס שמעון, אַז מען וואָלט באַדאַרפן אַ ביסל צוהעלפן די שוואַכערע אַרעס־טאַנטן. שמעון זעט אין אים אַן איידעלן רוס, וואָס איז איבערגענומען מיטן גורל פון די אומגליקלעכע מענטשן. אין זיין תמימות באַמערקט ער נישט ווי מיעלניקאָוו נעמט אויף קיין רגע נישט אַראָפּ זיינע בלויע אויגן פון זיין, שמעונס, „אַמעגאַ" זייגער. בכדי אינגאַנצן שמעונען צו דער־דריקן און צעברעכן, און אונטערשטרייכן די אומברחמנותדיקייט פון רע־זשים, ענדיקט אַלע מאָל מיעלניקאָוו זיין שמועס מיט שמעונען מיט דעם

זעלבן זאַג — ס'וועט גאַרנישט העלפֿן. אייך האָט מען אַהער פֿאַרשיקט אויף אומצוקומען.

נאָך אַזאַ זאַג בעט שטענדיק מיעלניקאָוו שמעונען ער זאָל אים באַרגן אויף עטלעכע שעה דעם זייגער. ער געפֿינט אַלע מאָל אויס עפּעס אַ סיבה. אָבער שמעון איז אַזוי דערשלאָגן נאָך מיעלניקאָווס רייד, אַז ער דאַרף נישט קיין סיבה. ער באַרגט אים דעם זייגער. יענער טוט אים אָן אויף דער האַנט און אויף זיין האַרט פּנים און צעפּאַדערטע פֿון פֿראָסט און פֿון פֿייער ליפּן, באַווייזט זיך אַ שלעכטער שמייכל.

אויך מיטן רוסישן דאָקטאָר אַלעקסעי וואַסיליעוויטש פֿאַרפֿירט שמעון אַ שמועס וועגן דעם. דער רוסישער דאָקטאָר איז בטבע אַ שווייגער. ער הערט שמעונען אויס און ענטפֿערט גאַרנישט, קיין איין וואָרט נישט.

שמעון דערטראַכט זיך אַליין, אַז דער לאַגער, ווי יעדער צוואַנגס־רעזשים, מוז שלאָגן אויף עפּעקטן. די לאַגער־מאַכט וויס מסתמא גאַנץ גוט, אַז ווען זי זאָל וועלן אַ ביסל צוהעלפֿן די שוואַכערע אַרעסטאַנטן, וואָלט דער אַלגעמיינער רעזולטאַט פֿון דער אַרבעט געווען אַ בעסערער ווי ער איז איצט. אָבער די סטאַכאַנאָוועצעס זענען דאָס ביסל פֿייער, זאָל זיין פֿאַלש פֿייער, אָן וועלכן דאָס לעבן אין לאַגער וואָלט געווען נאָך פֿינצטערער ווי ס'איז. דאָס איז דאָס ביסל געמאַכטע יום־טובדיקייט, אָן וועלכער די לאַגער גרויקייט וואָלט אויפֿגעפֿרעסן אַפֿילו דעם שטאַרקסטן מענטש, ווי זשאַווער פֿרעסט אויף אייזן.

נאָכן אָנקומען פֿון דעם נייעם עטאַפּ מיט אַ צאָל סטאַכאַנאָוועצעס צווישן זיי, עפֿנט מען צוריק דעם לאַראַק, דאָס געוועלבל, וועלכעס מען האָט געהאַט פֿאַרמאַכט ווען דער לאַגער־עולם פֿון פּוילישן עטאַפּ האָט שלעכט געאַרבעט. דעם לאַראַק פֿירט איצט בלויז איין מענטש, וואַסיאַ, ווייל ס'געניסן פֿון געוועלבל נאָר די גוטע אַרבעטער. מאַצאַי, וועלכער האָט אין אָנהויב, ווען דער פּוילישער עטאַפּ איז אָנגעקומען, געפֿירט דעם לאַראַק צוזאַמען מיט וואַסיאַן, איז אויף ווייטער פֿאַרבליבן ווי אַ געהילף פֿון זאָנע־קאָמענדאַנט סאַבאַטשאָוו.

די יידן הייבן אָן אויסצופֿאַרקויפֿן זייערע פּריוואַטע זאַכן. זייערע אָנצוגן און וועש, וועלכע זיי האָבן מיטגעבראַכט מיט זיך פֿון דער היים. טייל האָבן נאָר דאָס, וואָס זיי האָבן געטראָגן אויף זיך בעת מען האָט זיי אַרעסטירט. דאָס וואָס זיי האָבן אויסגעטאָן אין דער באָד ווו מען האָט זיי צוגעטיילט די זע.־קאַ. מלבושים. אַנדערע איז געלונגען בעתן אַרעסט מיטצונעמען זייערע זאַכן אין רוק־זאַק, צי אין אַ וואַליזקע.

זיי פאַרקויפן די זאַכן די רוסישע סטאַכאַנאָווצעס און די שאַפערן פון די לאַסט־מאַשינען, וואָס פירן דאָס האָלץ פון סקלאַד אין וואַלד צום וואַסער־ברעג.

פאַר די זאַכן באַקומען די פאַרקויפער אַ צאָל פּאַרציעס ברויט אין משך פון אַ געוויסער צייט, יעדן טאָג, אָדער יעדן צווייטן טאָג אַ פּאַרציע. אַלץ לויט ווי ס׳ווערט אָפּגעשמועסט בעת דעם פאַרקויף. אָדער זיי באַקומען אַ צאָל טאַלאָנען אויף סטאַכאַנאָווסקע מיטאָגן, אויך אין באַשטימטע פון פאַראויס טעג. די רוסן געבן אָוועק זייער ברויט, זייערע טאַלאָנען אויף מיטאָגן אַבי זיך איינהאַנדלען אַן אָנצוג, אַן אויבער־העמד, צי גאָר אַן אונטער־העמדל, אָדער אַ פּאָר גאַטקעס.

ביי די דאָזיקע טראַנזאַקציעס איז שטענדיק פאַראַן אַ מעקלער. ביי אים לייגט דער פאַרקויפער איין די זאַכן ביז וואַנען דער קויפער צאָלט נישט אויס אַלע אָפּגעשטימטע פּאַרציעס ברויט, צי טאַלאָנען, מאַכאָרקע און טיילמאָל געלט אויך, אַלץ געננוי לויטן באַשטימטן פּרייז פון די פאַרקויפטע זאַכן. דער מעקלער באַקומט דערפאַר זיין פּראָצענט אין ברויט אָדער אין טאַלאָנען.

די שאָפערן פון די לאַסט־אויטאָס, האָבן גרעסערע מעגלעכקייטן. זיי געפינען זיך גאַנצע טעג אויסער דער זאָנע און האָבן פאַרבינדונגען מיט מענטשן אויסער דעם לאַגער. די שאָפערן ברענגען מיט איין מאָל דאָס גאַנצע ברויט, אָדער ברענגען גאָר אַ קילאָ, צי צוויי, צוקער. זיי האָבן אויך פרייער געלט און זענען גרייט צו באַצאָלן מיט באַר־געלט אויב דער פאַרקויפער וויל דאָס.

די רוסן קויפן די זאַכן פאַר זיך, אויפן טאָג ווען מען וועט זיי באַ־פרייען פון לאַגער, כאָטש זיי ווייסן, אַז דער טאָג איז נאָך זייער אַ ווייטער און יעדער פאַלשער טריט קאָן זיי זיין אַ שטרויכלונג אויפן וועג צו דער פרייהייט. אָבער זיי קויפן. זיי האָבן דאָס געפיל, אַז מיטן איינשאַפן זיך די זאַכן דערנענטערן זיי זיך צו דער פרייהייט. עס קויפן נאָר די קרי־מינעלע פאַרברעכער, די פּאָליטישע קיינמאָל נישט.

אין די זעלטענע טעג פרייע פון אַרבעט, וועלכע מען האָט צוריק איינגעפירט נאָכדעם, ווי דער פרישער עטאַפּ איז אָנגעקומען, מעסטן זיי אָן די געקויפטע זאַכן, באַקוקן זיך, אויף וויפיל ס׳איז זיי מעגלעך זיך צו זען אין אַ שפּיגל — און באַהאַלטן די זאַכן גיך פאַר אַ בייז אויג פון אַ שכן, צי פון דעם קאָמענדאַנט פון דער זאָנע, צי פון עמעצן פון דער לאַגער־מאַכט.

די שאָפערן קויפן אָפט די זאַכן ביי די יידישע אַרעסטאַנטן צום פאַר־

קויפן. זיי האָבן אָפּגעמער אויסער דער זאָנע, ביי די פריי־געדונגענע. יענע האָבן געזוג געלט און פּראָדוקטן און די שאָפערן פאַרדינען ביי יעדן אַזאַ קויף זייער גוט.

די רוסישע סטאַכאַנאָוועס קויפן אויך אָפּ ביי די יידישע אַרעסטאַנטן זייגערס און גאָלדענע רינגען, אַמיינסטן זענען דאָס קידושין־פינגערלעך. אָבער דאָס געשעט זעלטן. ווייל אַ זייגער איז אין לאַגער זייער טייער. קויפן זיי אַמיינסטן אויס די שאָפערן צום ווייטערן פאַרקויף.

אויך איז פאַראַן אַ שוועריקייט מיטן קויפן אַ זייגער. ווען עמעצער פון די רוסישע אַרעסטאַנטן קויפט אַ זייגער, טאָר ער אים נישט האָבן ביי זיך. ס'איז שטרענג פאַרבאָטן אַן אַרעסטאַנט אין לאַגער צו טראָגן אַ זייגער. טראָגט ער אים יאָ, ווערט ער ביי אים קאָנפיסקירט. די יידן האָבן געגעבן צו באַהאַלטן זייערע זייגערס אין דעם ביוראָ פון לאַגער. פאַר אַ נישט־יידישן אַרעסטאַנט האָט דאָס נישט קיין זין. ווייל זיין גאַנץ פאַרגעניגן דערפון איז דאָס באַוווסטזיין פון האָבן אַזאַ ווערטפולע און זעלטענע זאַך ביי זיך, קאָנען דערויף קוקן, עס אָנרירן, מען זאָל פילן, אַז עס איז אייגנס. און נאָך עפּעס. די קרימינעלע פאַרברעכער צייכענען זיך אויך אויס מיט זייער חשדנות. זיי גלויבן נישט קיין ביוראָען, נישט קיין קאַסעס. זיי גלויבן נאָר זיך.

איין מאָל האָט אַ רוסישער אַרעסטאַנט געקויפט ביי אַ יידישן אַ זייגער. דער זאָנע־קאָמענדאַנט סאַבאַטשאָוו, וועלכער איז אַ קרימינעלער פאַרברעכער און האָט נאָך אַ סך יאָרן צו זיצן אין לאַגער, ווערט פון דעם געוואָר. ער פרעגט זיך נאָך אין לאַגער־ביוראָ און ס'ווייזט זיך אַרויס, אַז דער אַרעסטאַנט האָט דעם זייגער דאָרט נישט געגעבן צו באַהאַלטן. פאַר סאַבאַטשאָוון איז קלאָר, אַז דער אַרעסטאַנט האָט דעם זייגער ביי זיך. ער וויל אים דורכאויס אָנקריגן. פאַלט ער ביי יעדער געלעגנהייט אַריין אין באַראַק, ווו דער אַרעסטאַנט האָט זיין אָרט, און מאַכט ביי אים רעוויזיעס. אָבער אים געלינגט נישט צו געפינען ביי אים דעם זייגער, נישט אין אַרעסטאַנטס זאַכן און נישט ביי אים פערזענלעך.

לאַנגע וואָכן יאָגט זיך אַזוי אַרום דער קאָמענדאַנט מיטן אַרעסטאַנט. צענדליקער רעוויזיעס האָט ער שוין ביי אים דורכגעפירט, אָבער אָן דער־פאָלג. דער קאָמענדאַנט איז זיכער, אַז דער אַרעסטאַנט האָט ביי זיך דעם זייגער, אָבער ווו באַהאַלט ער אים? סאַבאַטשאָוון, וועלכער גייט אַרום כסדר מיט חשדים, אַז עפּעס טוט זיך אין לאַגער וועגן וואָס ער ווייסט נישט. מאַכט דער אַרעסטאַנט מיטן זייגער פּשוט משוגע, ער פירט אים אַראָפּ פון זינען.

ביז איין מאָל קומט סאָבאָטשאָוו אַריין צום דאָזיקן אַרעסטאַנט און רופט זיך צו אים אַן פריינטלעך, ברודעריש:

— הער, קאַלקאַ, איך ווייס דאָך, אַז דו האָסט ביי זיך דעם זייגער. כ׳גיב דיר מיין ערן־וואָרט, אַז אויב דו וועסט מיר אויסזאָגן דעם סוד, ווו און ווי אַזוי דו באַהאַלטסט דעם זייגער, וועל איך אים ביי דיר נישט צונעמען. כ׳זאָג דיר צו, אַז דו וועסט אים מעגן טראָגן ביי זיך און קיינער וועט דיך נישט טשעפּען.

דער קאָמענדאַנט שטרעקט אויס זיין לאַנגע האַנט צום אַרעסטאַנט, צו באַפעסטיקן זיין געגעבענעם ערן־וואָרט.

דער אַרעסטאַנט דריקט די האַנט פון קאָמענדאַנט און זאָגט צו אים אויף „דו״:

— דו ווילסט וויסן, ווו איך באַהאַלט דעם זייגער? זע, — און צו דער גרויסער שטוינונג פון קאָמענדאַנט — ציט קאַלקע אַרויס דעם זייגער פון זיין, דעם קאָמענדאַנטס, קעשענע פון זיין שעפּסענעם פּעלץ. — אָט, דאָ באַהאַלט איך אים — זאָגט קאַלקאַ אַ פריילעכער. — ווען דו קומסט צו מיר מאַכן אַ רעוויזיע לייג איך אַריין דעם זייגער צו דיר אין דער קעשענע, ווען דו ענדיקסט די רעוויזיע, אין דער זעלבער רגע, נעם איך אים צוריק אַרויס פון דיין קעשענע און לייג אים אַריין אין מיינע.

— מאָלאָדיעץ! חברהמאַן! — שרייט אויס סאָבאָשטאָוו און גיט אַ גוט־ברודערישן קלאַפּ דעם אַרעסטאַנט אין דער פּלייצע. פון דעמאָלט אָן טראָגט דער אַרעסטאַנט אַ צייט דעם זייגער אויף דער האַנט — ביז אין איינעם אַ טאָג גנבעט מען צו ביי אים דעם זייגער אויף אַ מיסטעריעזען אופן.

טיילמאָל גיט אַן אַרעסטאַנט, וואָס האָט געקויפט אַ זייגער, אים צו באַהאַלטן אַ סטריעלאָק, וועלכער האָט נישט קיין זייגער. דער סטריעלאָק זאָגט צו דעם אַרעסטאַנט, אַז ווען ער וועט דאַרפן אַרויסגיין אויף דער פריי, וועט ער אים דעם זייגער אָפּגעבן. אָבער די סטריעלקעס און בכלל די לאַגער־מאַכט וויסן ווי אַזוי צו שטרויכלען דווקא דעם אַרעסטאַנט וואָס אַרבעט גוט. זיי האָבן דערצו זייערע אויסגעפּרוווטע מעטאָדן.

כמעט יעדער אַרעסטאַנט האָט אין לאַגער אַ מעסער, וואָס איז שטרענג פאַרבאָטן. דאָס איז נישט קיין אמת מעסער, נאָר אַן אויסגעשאַרפט שטיקל בלעך, מיט וועלכן מען קאָן שניידן ברויט. אַלע וויסן דאָס, אַפילו די וואַך. אָבער ס׳טרעפט, אַז איידער דער אַרעסטאַנט דאַרף באַפרייט ווערן, פאַלט אַריין די וואַך אויף אַ רעוויזיע, געפינט ביים דאָזיקן אַרעסטאַנט דאָס

„מעסער", מען שטעלט צונויף אַ פּראָטאָקאָל און דער אַרעסטאַנט באַקומט אַ צוגאָב־טערמין אויף עטלעכע יאָר לאַגער.

אַזוי אַרום רינט אויס דעם אַרעסטאַנטס טרוים וועגן פרייהייט, וועגן פאַרלאָזן די טייגע און צוזאַמען מיט די טרוימען רינט אויך אויס דער חלום פון האָבן דעם זייגער, וועלכן דער אַרעסטאַנט האָט זיך איינגעהאַנדלט דורך אָפּזאָגן זיך דאָס ביסל עסן פון מויל.

טיילמאָל פּראָוואָצירט די וואַך אַ געשלעג מיט אַן אַרעסטאַנט, וועלכער דאַרף אינגיכן באַפרייט ווערן. דער אַרעסטאַנט איז דעמאָלט אָנגעשטרענגט, זיינע נערוון אָנגעצויגן ביז צום פּלאַצן און ס'איז גענוג אַ קלייניקייט מען זאָל אים דערצערנען, ער זאָל פאַרלירן דאָס גלייכגעוויכט, זיך וואַרפן אויף עמעצן פון דער וואַך, צי אויף עמעצן פון דער לאַגער־מאַכט — און זיין גורל איז שוין אַ געחתמעטער.

אַרויסגיין אויף דער פריי — און דאָס אויך זייער זעלטן, — גייען אַרויס נאָר קרימינעלע פאַרברעכער, וועלכע האָבן אָפּגעאַרבעט זייער טערמין. שמעון כאַפּט אַ שמועס מיט איינעם פון די געציילטע אַרעסטאַנטן, וועלכע האַלטן ביים באַפרייט ווערן. ער פרעגט אים, מיט וואָס וועט ער זיך פאַרנעמען אויף דער פריי.

דער אַרעסטאַנט קוקט אויף אים מיט אַזאַ אויסדרוק אויפן פּנים, ווי ער וואָלט גערעדט נישט צו דער זאַך. — וואָס הייסט מיט וואָס ? מיט דעם זעלבן מיט וואָס איך האָב זיך פאַרנומען ביזן אָנקומען אין לאַגער.

איינער פון זיי גיט שמעונען צו פאַרשטיין זיין לאַגע: — קיין פאַך האָט מען מיך אין לאַגער נישט אויסגעלערנט. לעזן און שרייבן קען איך נישט. איז וואָס בלייבט מיר צו טאָן נאָכן באַפרייען זיך ? כ'מוז צוריקגיין צו מיין אַלטער באַשעפטיקונג...

— און בלייבן דאָ, ווי אַ פריי־געדונגענער וואָלט איר נישט געוואָלט ?

— וואָס ? בלייבן דאָ ווי אַ וואָלד־האַקער ? און ווי לאַנג קאָן מען אַזוי שניידן ביימער ? איר זענט דאָך אַ דאָקטאָר. נאָך אַ פּאָר יאָר אַזאַ אַרבעט, באַקומט מען אַ האַרץ־פעלער. אַ חוץ דעם, ווער וויל דאָס בלייבן אין דער פאַרשאָלטענער העק ? — דער אַרעסטאַנט שפּייט אויס, ווי ער וואָלט געהאַט אַ פול מויל מיט ביטערניש.

— און אַז מען וועט אייך כאַפּן און צוריק פאַרשיקן אין לאַגער ?

— איז וואָס ? אַ לאַגער איז אויך, ווי איר זעט, פאַר מענטשן.

די אַרעסטאַנטן, קרימינעלע פאַרברעכער, זענען רעזיגנירט, זיי האָבן זיך שוין מייאש געווען פון זיך. זיי גלויבן נישט אין דער מעגלעכקייט,

אַז זיי וועלן זיך קאָנען אַרויסרייסן פון זייער ביזאַיצטיקן מצב און אָנהויבן אַ נײַ, ערלעך לעבן.

שמעון זעט אויך ווי ווייט ס'איז פון דער ווירקלעכקייט דאָס, וואָס עס האָט אים אַמאָל געזאָגט דער רוסישער דאָקטאָר, אַז די רוסישע מענטשן אַרבעטן גוט. אמת, זיי זענען פיזיש שטאַרק און אויך אויסהאַלטעוודיק, געוווינטע צו שווערע, האַרטע לעבנס־באַדינגונגען. פֿאַראַן טאַקע צווישן זיי סטאַכאַנאָווצעס, אָבער פֿאַראַן אויך צווישן זיי אַ גרויסע צאָל מיטל־מעסיקע אַרבעטער און אַפֿילו אַזעלכע, וואָס ווילן אײַנגאַנצן נישט אַרבעטן. ס'טרעפֿט, אַז אין דער פֿרי שטייט דער נאַריאַדטשיק און בעט זיך זיי זאָלן גיין צו דער אַרבעט. ווילן זיי — גייען זיי, ווילן זיי נישט — דרייען זיי זיך אויס מיטן רוקן צום נאַריאַדטשיק און ענטפֿערן נישט קיין וואָרט.

פֿאַראַן אַזעלכע, וואָס ווילן נאָר זײַן בריגאַדירן. מיט אַנדערע קאָנען זיי גוט קאָמאַנדעווען, צווינגען צו אַרבעטן, אָבער אַז עמעצער זאָל מיט זיי רעגירן — דאָס נישט.

אַפֿאַנאַסי יעפֿימאָוויטש פֿון פּרישן עטאַפּ איז זייער אַ גוטער בריגאַדיר. ער קאָן ריכטיק פֿונאַנדערשטעלן זײַנע מענטשן, האָט אַ חוש פֿאַר אָרגאַני־זאַציע, נוצט אויס אַלע מעגלעכקייטן, אַז די אַרבעט זאָל זײַן וואָס פּראָ־דוקטיווער. ער קאָן אָנפֿירן, שרייען, באַצווינגען, אַפֿילו אויפֿהויבן אַ האַנט, אָבער ווען אין לאַגער דאַרף מען נישט אַזוי פֿיל בריגאַדירן, ווען מען דאַרף גאָר וואַלד־האַקערס, באַשליסט מען אים צו שיקן שנײַדן וואַלד.

אין דער פֿרי, בעתן ראַזוואָד, רופֿט אויס וואַניאַ דער נאַריאַדטשיק הויך:

— אַפֿאַנאַסי יעפֿימאָוויטש, היינט גייסטו שנײַדן וואַלד!

— וואָס? איך וועל שנײַדן וואַלד?! דער וואַלד באַאומרואיקט מיך נישט. איך האָב אים נישט געפֿלאַנצט און איך וועל אים נישט שנײַדן!

אַפֿאַנאַסי יעפֿימאָוויטשעס רייד הערן זיך איבערן גאַנצן פּלאַץ, ווו ס'זאַמלען זיך די בריגאַדעס.

— וועסט נישט גיין שנײַדן וואַלד, וועט מען דיך אײַנזעצן אין איזאָ־לאַטאָר.

— אין איזאָלאַטאָר? דער איזאָלאַטאָר איז מײַן אייגענע היים. וואָס אַרט מיך דער איזאָלאַטאָר?

נישט וועלנדיק אין אים האָבן אַן אָפֿענעם אָטקאַזטשיק, אַזעלכן וואָס זאָגט זיך עפּנטלעך אָפּ צו גיין צו דער אַרבעט, לאָזט מען אים ווייטער זײַן בריגאַדיר.

צו די אַרעסטאַנטן פֿון נײַעם עטאַפּ רעדט מען אַנדערש, ווי פֿריער צו די פֿון פּוילישן עטאַפּ. סיי וואַניאַ דער נאַריאַדטשיק, סיי דער זאָנע־קאָ־

מענדאַנט, סאַבאַטשאַוו, זענען געוואָרן ווייכער. זיי פילן זיך נישט די גאַנצע באַלעבאַטים איבער די דאָזיקע מענטשן. טיילמאָל אין די פאַרטאָגן קומט דער נאַריאַדטשיק אַריין אין די באַראַקן און לויבט די וואָס אַרבעטן גוט. ס'פילט זיך חניפה אין זיינע רייד. נישט ער און נישט סאַבאַטשאַוו האָבן נישט די חוצפה, וואָס זיי האָבן צו די אַרעסטאַנטן פון פוילישן עטאַפּ. כאָטש דער אַלגעמיינער לאַגער־רעזשים איז פאַרשאַרפט געוואָרן זייט דער נייער עטאַפּ איז אָנגעקומען, אָבער די באַציאונג צום איינצלנעם אַרעסטאַנט פון דעם עטאַפּ איז אַן אַנדערע. דאָס זענען מענטשן וואָס זענען מיינסטנס שוין געוועזן נישט אין איין לאַגער. זיי קאָן מען שוין מיט גאָרנישט איבע־ראַשן. זיי זענען זייער ווייט דערפון זיך צו לאָזן אָפּשרעקן און קוקן אויפן קאָמענדאַנט און אויפן נאַריאַדטשיק, וואָס זענען אויך קרימינעלע פאַר־ברעכער, מיט ביטול, טיילמאָל מיט אָפּענעם חוזק. זיי גייען צו דער אַר־בעט דערפאַר ווייל זיי ווילן אַזוי, ווייל זיי האַלטן, אַז אַזוי איז פאַר זיי בעסער.

די רוסישע מענטשן ווען זיי קומען אין לאַגער, הויבן זיי זיך אָן דאָרט איינצוואָרדענען, שאַפן זיך פאַמעלעך איין אַ באַלעבאַטישקייט. קלאַפּן זיך אויס אַ בלעכן קעסעלע אויף עסן, אויף קיפּיאַטאָק, הייס וואַסער. מאַכן זיך אַ מעסער פון אַ שטיקל בלעך. קויפן זיך איין, אָדער גנבענען אַוועק פאַרשידענע זאַכן, ווי אַ פאַר וואַרעמע הענטשקעס, אַ שאַל. ווער ס'האָט גרעסערע מעגלעכקייטן קויפט זיך אַ פאַר ציווילע הויזן, אַ העמד, ווער ס'האָט גאָר גרויסע — קויפט זיך אָן אַנצוג, צי אַפילו אַ זייגער. דער לאַגער איז אַ טייל פון זייער ווירקלעכקייט.

די אַרעסטאַנטן פון פוילישן עטאַפּ, וואָס באַשטייט שוין איצט פון כמעט בלויז יידן, טוען דאָס פאַרקערטע. זיי פאַרקויפן אַלץ וואָס זיי האָבן. זיי אָרדענען זיך נישט איין אין לאַגער, נאָר אָרדענען זיך גאָר אויס. זיי פאַרקויפן כמעט דאָס לעצטע העמד, די לעצטע פאַר הויזן וואָס איז זיי נאָך פאַרבליבן אין פעקל זאַכן פון דער היים. עפּעס האָבן זיי אַ געפיל, אַז זיי זענען דאָ על־פּי־טעות, אַז זיי געהערן נישט אַהער. דעריבער פעלט זיי דער אינסטינקט פון וועלן זיך דאָ „איינבירגערן”, צי אַפילו בלויז אויסבעסערן זיך די לאַגע, מאַכן זיך באַקוועמער, מאַכן זיך לייכטער.

בלויז די ייִנגלעך, ווי סאַמעק, און די פּרימיטיווע מענטשן האָבן זיך צוגעפּאַסט צו די לאַגער־באַדינגונגען. נישט זיי זאָלן זיך האָבן איינגע־קויפט זאַכן, דאָס נישט, נאָר זיי האָבן זיך געמאַכט באַקוועמער. זיך איינגעאָרדנט ווייכער דאָס געלעגער, געזוכט אַרויסצובאַקומען נאָך אַ ביסל עסן. טייל האָבן באַוויזן זיך אַריינצובאַקומען, נישט זעלטן פאַר כאַבאַר,

אויף פאַרשידענע אַרבעטן אין לאַגער, ווי סאַמעק אין דער קיך, אַן אַנדערער אין דער וועשעריי, צי אין דער בעקעריי. אַ שניידער האָט באַקומען אַרבעט אין דעם שניידער־וואַרשטאַט אין לאַגער. טייל שניידער טוען פּריוואַט, פּאַר אַ שטיקל ברויט, צי פּאַר אַ פּאָר רובל פאַריכטן די אַרעסטאַנטנס מלבושים, ווייל דער שניידער־וואַרשטאַט פון לאַגער איז שטענדיק פאַר־וואָרפן מיט אַרבעט און מען מאַכט עס אַבי אָפּצופּטרן.

אין לאַגער זענען, אַ חוץ דער שוסטער־ווערקשטעל, פאַראַן נאָך צוויי צו פאַריכטן די העמדער און די גאַטקעס און צו פאַריכטן די אויבער־מלבושים, די וואַטענע הויזן, פופייקעס און בושלאַטן.

ס׳איז אַזוי געשען, אַז דעם וועש־וואַרשטאַט האָט מען צוגעטיילט שוואַרצן פאָדעם און דעם שניידער־וואַרשטאַט — ווייסן. צי ווען מען האָט צוגעטיילט דעם וועש־וואַרשטאַט דעם פאָדעם איז קיין ווייסער נישט געווען, אָדער פאַרקערט, ס׳איז נישט געווען קיין שוואַרצער פאַר דעם שניידער־וואַרשטאַט. ווי ס׳זאָל נישט זיין, נאָר די העמדער און די גאַטקעס ווערן פאַראַכטן מיט שוואַרצן פאָדעם און די שוואַרצע פופייקעס און בושלאַטן — מיט ווייסן.

די אַממיינסטן געלאַטעטע לאַגער־מלבושים טראָגן די יידן פון פּוילישן עטאַפּ. ווען זיי קומען אַרויס צום ראַזוואָד אין די שוואַרצע בושלאַטן און אין די שוואַרצע וואַטע־הויזן פאַראַכטענע מיט ווייסן פאָדעם, חוזקן פון זיי אָפּ די רוסישע אַרעסטאַנטן.

נישט פאַראַן אין לאַגער די מינדעסטע נאָענטקייט צווישן די נישט־יידישע אַרעסטאַנטן מיט די יידישע. זיי האַלטן זיך באַזונדער. פאַראַן אפילו באַראַקן ריין יידישע. נאָענט מיט די רוסן האַלטן זיך נאָר צוויי איבער־געבליבענע יידישע בריגאַדירן, סעוועק און מאַניעק. סעוועק איז אַ בידע־ריקער, אַ קרעמפּער, מיט אַ קורצן האַלדז און ברייטע אָרעמס. ווען ער רעדט רוסיש ציט ער אַריין נאָך מער דעם האַלדז צווישן די אָרעמס און זיין קול קומט אַרויס ווי אַ באַס. נאָר ווען ער זידלט אויף מאַמע־לשון איז זיין קול אַ נאַטירלעכס.



אין איינעם אַן אָוונט ווען דער עולם איז צוריקגעקומען פון דער אַרבעט אין וואַלד, האָט מען באַמערקט אין לאַגער אַ ספּעציעלע באַוועגונג. וואַניאַ און סאַבאַטשאָוו פאַלן אַריין אויפגעברויזטע, צעקאָכטע, צו־

ערשט אין גרויסן באַראַק, ווו ס׳זענען פאַראַן ביי פיר הונדערט יידן פון פּוילישן עטאַפּ.

וואַניאַ שרייט מיט אַ צעיושעטער שטים. זיינע ברוינע אויגן לויפן ביי אים איבער אַלע פיר הונדערט אַרעסטאַנטן, גיך פון איין פּנים אויפן צווייטן. אין עטלעכע רגעס האָבן זיך זיינע אויגן איבערגעגליטשט איבער אַלעמענס פּנימער. לעבן וואַניאַ שטייט סאַבאַטשאַוו און שטשירעט די לאַנגע, געלע ציין.

— גענוג זיך מיט אייך געניאַנטשעט! געגוג זיך מיט אייך אַרומגע־באַרעט — ריטשעט וואַניאַ. — איצט האָט איר שוין סראַקן, טערמינען, אויף זיצן אין לאַגער! וועט איר גוט אַרבעטן, וועט מען אייך נאָכן טערמין אַרויסלאָזן. וועט איר נישט אַרבעטן ווי ס׳געהער צו זיין — וועט מען אייך געבן אַ צוגאָב־טערמין און איר וועט קיינמאָל פון לאַגער נישט אַרויס!

אָפּגעריטשעט דאָס זייניקע — לויפט ער אַרויס. סאַבאַטשאַוו בלייבט. ער זאָגט אָן דעם עולם מיט בייזער פרייד, זיי זאָלן באַלד גיין אין ביוראָ אונטערשרייבן די אורטיילן.

די אַרעסטאַנטן פון פּוילישן עטאַפּ האָבן ביז איצט נישט געהאַט קיין אורטיילן. כאָטש מען טרייבט זיי צו דער אַרבעט, פילן זיי זיך פונדעסוועגן פּריווילעגירט לגבי די אַנדערע, וואָס האָבן אורטיילן אויף צען, פופצן און אַפילו צו פינף און צוואַנציק יאָר. ווי ס׳ווייזט זיך איצט אַרויס, זענען די מענטשן פון פּוילישן עטאַפּ געמשפּט געוואָרן אונטער די אויגן דורך אַ „טרויקע", דורך דריי ענקאַוועדע־ריכטער. זיי זענען פאַרמשפּט געוואָרן ווי „ס. אָ. ע." — סאָציאַל געפערלעכער עלעמענט. טייל האָבן באַקומען צו פינף יאָר לאַגער און טייל צו דריי.

די רוסישע אַרעסטאַנטן לאַכן פון די יידן, וואָס נעמען זיך איבער מיט די אורטיילן. אַן אורטייל פון דריי, צי פינף יאָר הייסט ביי זיי „דיעטסקי סראָק", אַן אורטייל פאַר אַ קינד. אָבער די נידערגעשלאָגנקייט פון די יידן צוליב די אורטיילן איז אַ גרויסע.

איצט ווערט מען געוואָר פון וואָנען ס׳שטאַמט די פרייד פון וואַניאַ און סאַבאַטשאַוון צוליב די אורטיילן. ס׳ווייזט זיך אַרויס, אַז לויטן געזעץ טאָר מען אַן אַרעסטירטן, איידער ער האָט געהאַט אַ משפּט און האָט באַקומען אַן אורטייל, נישט צווינגען צו אַרבעטן. די לאַגער־מאַכטהאָבער האָבן זיך טאַקע מיט דעם געזעץ נישט גערעכנט. דאָך פילן זיי זיך איצט נישט נאָר די פאַקטישע, נאָר אויך די רעכטלעכע באַלעבאַטים איבער די אַרעסטאַנטן פון פּוילישן עטאַפּ.

סאַבאַטשאַוו יאָגט דעם עולם גיין אונטערשרייבן די אורטיילן. ער

דראָט מיט איזאָלאַטאָר די, וואָס וועלן דאָס באַלד נישט טאָן. פאַר אים, פאַר סאָבאַטשאָוון, איז עס אַ געהויבענער מאָמענט. מען פילט אין זיין גאַנצער האַלטונג עפּעס אַ מין פייערלעכקייט.

שמעון האָט באַקומען אַן אורטייל פון פינף יאָר. דינה און סאַמעק צו דריי. סאַמעק קומט צו שמעונען און דערציילט, אַז דינה ווייִנט צוליבן אורטייל. שמעון גייט צו איר. ער טרעפט זי אין ליידיקן פרויען־באַראַק ליגן אויפן געלעגער און וויינען. זי ליגט מיטן פּנים אַראָפּ, אין העמד און אין וואַטענע הויזן, אַרומגענומענע אין דער טאַליע פעסט מיט אַ פּאַסעק. מיט איר שלאַנקער פיגור, מיט אירע לאַנגע, שמאָל צונויפגעפּרעסטע פיס, זעט זי שמעונען אויס ווי אַ ליגנדיקע וויאָלאָנטשעלע.

ער נעמט זי אַן ביי די אָרעמס און וויל זי אויסדרייען מיטן פּנים צו זיך. זי צאַפּלט אויף. זעצט זיך אויף מיט אַ מאָל מיט רויטע פאַרווייִנטע אויגן. דערזעענדיק שמעונען צעשמייכלט זי זיך דורך די טרערן. שמעון טרייסט זי, זי זאָל זיך נישט איבערנעמען מיט איר דריי־יאָריקן אורטייל, ווייל ער האָט באַקומען פינף. אָבער פון דעם, וואָס שמעון האָט באַקומען פינף יאָר, צעווייִנט זיך ערשט דינה הויך אויפן קול.

כאַטש אין לאַגער האָט זיך גאָרנישט געענדערט און אַלץ איז אַזוי ווי פריער, איז מיטן באַקומען די אורטיילן, די יידן פון פוילישן עטאַפּ צוגעקומען נאָך אַ סיבה פון געדריקטקייט. זי האָט פאַרטיפט זייער מרה־שחורה און דאָס געפיל פון פאַרפאַלנקייט.

# נעכט אין דער טייגע

ס׳פאַלט שניי. דין איז ער ווי מעל, נאָר אָן דעם מעל־שטויב. ער פאַלט. גאָרנישט באַגלייט אים. אַפילו נישט דאָס מינדעסטע ווינטל. ער איז אַליין, דער שניי. אַליין אין דעם אומענדלעכן שטח צווישן הימל און וואַלד.

ווען מען קוקט אין דער לופט — זעט מען נישט דעם שניי. ער איז דין און דורכזיכטיק. אָבער ווען מען געפינט זיך אונטער אים בלויז עטלעכע רגעס, ווערן באַלד די מלבושים באַדעקט הויך מיט שניי־מעל. די וועגן ווערן גיך פאַרשיט און מען מוז זיי כסדר רייניקן, אַפּשאַרן. לענג־אויס די אָפּגעשאַרטע וועגן, וואַקסן אויס בערגער מיט שניי.

דער שניי פאַלט. ער פאַלט כסדר. אומאויפהערלעך. ס׳דאַכט זיך, אַז ער פאַלט פון שטענדיק. ער האָט קיינמאָל נישט אָנגעהויבן און וועט קיינמאָל נישט אויפהערן פאַלן. ער איז אַ באַשטענדיקע דערשיינונג, ווי דער הימל, ווי די ערד.

ער פאַלט, דער שניי מיט אַ זלידנעקייט, ווי ס׳פאַלן אָן אויף די מענטשן אין וואַלד די מיקן אין זומער. מען האָט כסדר מיט אים צו טאָן. מען קאָן זיך פון אים נישט באַפרייען. מען מוז אַלע פּאָר רגעס אָפּשאָקלען פון אים די מלבושים, אָפּקלאַפּן דאָס היטל, אָפּרייניקן ס׳פּנים. דער שניי באַ־זעצט זיך אויף די ברעמען און אויף די וויעס. מען מוז אים אָוועקשאָרן פון זיך, פון די ביימער, וועלכע מען דאַרף שניידן, פון די וועגן, אויף וועלכע מען דאַרף פאָרן, פון אַלץ, צו וואָס מען דאַרף זיך צורירן און פון אומעטום, וווּ מען דאַרף זיך באַוועגן.

נישט נאָר די אַרבעט מאַכט מיד, דער שניי מאַכט מיד. זיין ווייסקייט מאַכט מיד, זיין כסדרדיקייט, זיין זלידנעקייט, זיין איינגעשפּאַרטקייט, זיין אומאויפהערלעכקייט, זיין אומעטומקייט, דאָס אַלץ מאַכט טויט מיד. ס׳ציט אַוועקצולייגן זיך אויף דער ערד און פאַרשיט ווערן פון אים, אַבי אים נישט זעען.

דער שניי פאַלט בייטאָג, ער פאַלט ביינאַכט. פאַרנאַכט ווען די לופט ווערט בלוי, באַקומט אויך דער שניי אַ בלויען שימער. מען גייט צוריק

פון וואַלד. דער וועג איז נישט דער זעלבער, אויף וועלכן מען איז גע־גאַנגען אַהין. קיינער דערקענט אים נישט, מען ווערט געפּירט. דער וואַלד איז נישט דער זעלבער, דורך וועלכן מען איז געגאַנגען פאַרטאָג צום אַרבעטס־אָרט. ס'איז אַן אַנדערער וואַלד. די ביימער זענען אַנדערע, אַנדערע געשטאַלטן, אַנדערע באַשעפעניש. די אַנדערשקייט פאַרגרעסערט די מיד־קייט. מען וויל צופאַלן צו עפּעס, וואָס איז באַקאַנט, וואָס מען קען שוין, צו וואָס מען האָט זיך שוין צוגערירט, געווען דערצו נאָענט, מעג די נאָענטקייט האָבן געווען דערווידער און אַפילו פיינדלעך.

דער הויכער, געלער פלויט אַרום דער זאָנע איז באַקלעפּט מיט שניי, די עלעקטרישע לעמפּלעך מיטן רויטן פייער זעען אויס ווי קראַנקע אויגן פאַרקלעפּטע מיט אייטער. פון די באַראַקן זעט מען נאָר אַן די ראַנדן פון זייערע דעכער און זיי זעען אויס ווי שפּייכלער איבערגעפּולטע מיט שניי.

אין דער סטאָלאָווע פאַלט מען אַריין ווי צו עפּעס באַקאַנטס, היי־מישס. מיטן לעצטן ביסל כוח פרייען זיך די מידע לייבער, וואָס זיי געפינען זיך אין אַ שטוב, אַ שטוב מיט ווענט, מיט דאַך, מיט טישן און מיט בענק. לעבן דעם פענצטער, פון וועלכן מען דערלאַנגט אַרויס דאָס עסן, שטייט קאַליאַ דער קוכער. אַ יונגער, אַ הויכער, אַ ברייטער, אַן אָנגעפּרעסענער, מיט אַ פּאָר העלע, פאַרשייטע אויגן פון אַ פאַרברע־כער. ער האַלט די מעכטיקע הענט אָנגעשפּאַרט אין די לענדן און קוקט מיט חוזק אויף די פאַרמאַטערטע מענטשן, אויף זייערע קורצע, ווי אָפּגע־האַקטע באַוועגונגען, אויף זייער גיריק צופאַלן צום וואַרעמען טעפּל מיטן ביסל זופּ. זייערע צעוויייטיקטע פון ווייסן שניי אויגן, רוען אויף דער שוואַרצקייט פון די אייזערנע טעפּלעך, אויף דער טונקלקייט פון דער זופּ פון קליינטשיקע שוואַרצע אַרבעסלעך, ווי אויף עפּעס ווייכס, אָנ־גענעמס.

נאָכן פאַרצערן דאָס ביסל עסן, לויפן די מענטשן אין די באַראַקן. ווידער בערגער מיט שניי. אַ ווייס פאַרשיטעניש. מען לויפט גיך איבער דער זאָנע מיט דראָבנע טריט, זיך נישט אויסצוגליטשן. מען פאַלט אַריין אינעם טונקעלן באַראַק מיטן געפיל פון פאַרלייכטערונג, ווי מען פאַלט אַריין פון אַ פינצטערער גאַס אין אַ העל־באַלויכטענער שטוב. אין קאָפּ — אַ שניי־זאַווירוכע. ס'דרייט זיך דער קאָפּ פון אַ ווייס שיכרות. יעדער פאַלט צו צו זיין האַרט געלעגער, לייגט אַוועק דעם קאָפּ אויף דעם אונ־טערגעלייגטן שוואַרצן בושלאַט ווי אויף אַ ווייך קישן און זינקט אין

שלאָף ווי אויף אַ גרינעם אינדזל נאָך אַ שטורמישער נסיעה איבער אַ ברויזנדיקן ים.



אין מיטן דער נאַכט הערט מען אין דעם גרויסן באַראַק, ווו ס׳שלאָפן די פיר הונדערט אַרעסטאַנטן פון פוילישן עטאַפּ, אַ הויך געשריי.

צוויי אויפגעריסענע מיילער, פון וואַניאַ דעם נאַריאַדטשיק און קאָ־מענדאַנט סאַבאַטשאַוו, האַלטן איין שרייען.

— דאַוואַיטיע, דאַוואַיטיע ספּאַסאַט׳ לאַשאַדיעי!!! — שרייען זיי. נעמט זיך, נעמט זיך ראַטעווען די פערד!!!

זייער געשריי איז האַרט און הויל, ווי דער געוואַי, וואָס גייט אַרויס פון אַ געפרוירענער טובע פון אַ סירענע. זיי באַוועגן כמעט נישט מיט די מיילער, נישט מיט די ליפּן און נישט מיט די צונגען. זייער געשריי גייט אַרויס ווי פון אַ בלעכענעם מעכאַניזם.

דער געשריי שניידט זיך אַריין אין דעם שלאָף פון די פאַרמאַטערטע אַרעסטאַנטן, אָבער איז נישט בכוח זיי אויפצוּוועקן. די מענטשן ווערן אומרואיק, דער געשריי שטערט זיי, זיי הויבן זיך אָן וואַרפן, טרייסלען מיט די קעפּ, ווי אומגעדולדיקע פערד. טייל דרייען זיך פון איין זייט אויף דער צווייטער — אָבער וועקן זיך נישט אויף.

דער דניעוואַלני מיטן בלייכן, איידעלן פּנים און מיט די קורץ צוגע־שוירענע וואַנסעלעך, האַלט אין זייַנע ווייסע ציטערדיקע הענט די נאַכט־לאָמפּ. ער וויל אַרויפדרייען די קנויט, דאָס פייער זאָל ווערן גרעסער, העלער, אָבער ער קאָן בשום אופן נישט טרעפן צום קנאָפּ פון דער לאָמפּ. סאַבאַטשאַוו שטייט און שטשירעט אויף אים די גרויסע, געלע ציין. דער דניעוואַלני הויבט אָן וואָס אַמאָל מער ציטערן. סאַבאַטשאַוו גיט אַ שפּרייז צו אים צו, רייסט אַרויס די לאָמפּ פון זיין האַנט, סיקעט אַרויס: אַט, געבאַרעטער! און גיט אים אַ שטופּ פון זיך, אַז יענער פאַלט מיט די פּלייצעס אויף אַ האַרטן האָלצערנעם ברעג פון אַ נאַרע.

דעמאָלט טרעטן צו וואַניאַ און סאַבאַטשאַוו, אַראָפּצושלעפּן די שלאָפנ־דיקע פון די נאַרעס. טייל פון זיי שלאָפן האַלב־אָנגעטאָן און טייל אין די מלבושים, אַזוי ווי זיי זענען געקומען פון דער אַרבעט. די מענטשן ווייסן נישט וואָס מען וויל פון זיי. זיי פילן, אַז ערשט נישט לאַנג צוריק האָבן זיי זיך אַוועקגעלייגט. זיי זענען שווער און פול, ווי אָנגעשטאָפּטע זעק מיט מידקייט. קאָנען נישט שטיין אויף די פיס. טייל איבלט. זיי גייען

צום בעקן מיט וואַסער און טרונקען זיך אָן. זייער פּאַמעלעך קומען די מענטשן צום פולן באַוווסטזיין.

ס׳קומען צו צום באַראַק עטלעכע רוסישע בריגאַדירן. פון זייער רעדן מיטן קאָמענדאַנט ווערט קלאָר, אַז פון אוסט־ווים האָט מען איבערגעשיקט אין לאַגער אַריין עטלעכע פערד, צו פאַרשטאַרקן דעם פערד־טראַנספּאָרט. דערווייל איז דער וועג פאַרשיט געוואָרן מיט שניי און ס׳דראָט, אַז די פערד זאָלן נישט קאָנען פון אים אַרויס, דערטרונקען ווערן אין שניי. שיקט מען די אַרעסטאַנטן זיי זאָלן אָפּרייניקן דעם וועג און ראַטעווען די פערד.

נישט די מענטשן פון ברעזענטענעם באַראַק, ווו ס׳שלאָפן אַ צאָל סטאַכאַנאָווצעס, נישט די פון קליינעם באַראַק פון די גרוזשטשיקעס, נישט זיי וועקט מען. זיי דאַרפן זיך אויסרוען בכדי מאָרגן צו מאַכן זייערע הונדערט און מער פּראָצענט פון דער אַרבעטס־נאָרמע. מען וועקט די שוואַכע מענטשן פון פּוילישן עטאַפּ, די יידן, וואָס קוים זיי שלעפּן די פיס. זיי דאַרפן דאָס אויפשטיין אין מיטן דער נאַכט און גיין קילאָמעטערס ווייט, אָפּרייניקן דעם וועג און ראַטעווען די פערד.

מען שלעפּט די מענטשן אַרויס פון באַראַק. דער קאָמענדאַנט זאָגט זיי צו, אַז אויב זיי וועלן גוט אַרבעטן, וועלן זיי דערפאַר קאָנען שפּעטער רוען אַ גאַנצן טאָג מיט אַ נאַכט. אָבער די פאַרמאַטערטע מענטשן ווילן נישט וויסן פון קיין מאָרגן. זיי זענען זייער ווייט פון חשבונען, ווילן בעסער איצט שלאָפן נאָך אַ פּאָר שעה, איידער זיך טרייסטן מיטן צוזאָג אויף מאָרגנדיקער רו.

נאָר סאָבאַטשאָוו יאָגט. ער נעמט אָן יעדן אַרעסטאַנט ביי די אָרעמס און וואַרפט אים אַרויס פון באַראַק. פאַרן באַראַק נעמט ווידער דער בריגאַדיר דעם אַרעסטאַנט ביי די אָרעמס און שטעלט אים אַריין אין דער ריי מענטשן, וואָס דאַרפן גיין אין זיין בריגאַדע.

ווען מען באַשליסט אַרויסצושיקן די אַרעסטאַנטן פון גרויסן באַראַק אָפּצורייניקן דעם וועג פאַר די אָנקומענדיקע פערד, טוט מען וועגן דעם צו וויסן דער סאַניטאַרער אָפּטיילונג. שמעון דריקט אויס זיין ווילן צו גיין מיט די בריגאַדעס. ער וואָלט אויך געוואָלט, אַז דינה זאָל מיט אים מיטגיין, כאָטש ער ווייסט נישט פאַרוואָס וויל ער דאָס. אָבער דינה שלאָפט, טוט ער זי נישט וועקן.

דער הימל איז פאַרוואָלקנט, נאָר פון צייט צו צייט רייסט זיך אַדורך פון צווישן די וואָלקנס די לבנה. זי איז אַ פולע, אַ גרויסע, און

וואַרפט ווי אַ רעפלעקטאָר אַ געל־גאָלדיק פּאָספּאָר־ליכט אויפן גאַנצן פאַרשנייטן שטח.

ווען מען קוקט אַרויף אויבן, צום פאַלנדיקן שניי — זעט אויס ווי ער וואָלט נישט געפאַלן פון הימל, נאָר פון אַן אומזעבאַר אָרט צווישן הימל און ערד.

פון דעם הויכן אָרט, ווו ס׳געפינט זיך די סאַניטאַרע אָפּטיילונג, זעט מען בולט דעם פּלאַץ, אויף וועלכן ס׳זענען איצט צעשטעלט די אַרעס־טאַנטן. אין זייער שוואַרצער הלבשה אויפן ווייסן שניי זעען זיי אויס ווי שוואַרצע פּענדלעך אויף אַ ווייסן שאָך־ברעט.

מען רירט פון אָרט. מאַצאַי עפנט דאָס טויער. זיין ברייט פּנים איז צעשמייכלט פון פאַרגעניגן. ער וועט איצט צוריקגיין אין ליידיקן באַראַק און זיך לייגן שלאָפן אַן די יידן. און אפשר, טראַכט ער זיך, וועט אים געלונגען, ווען דער דניעוואַלני וועט אייַנדרימלען, אַ קוק צו טאָן וואָס הערט זיך אין די פּעקלעך פון זיינע יידישע ביישלעפּערס.



אין אָנהויב, ווי נאָר דער פּוילישער עטאַפּ איז אָנגעקומען אין לאַגער, האָבן די אַרעסטאַנטן אָפּגעגעבן די פּעקלעך מיט זייערע אייגענע זאַכן צו באַהאַלטן אין דער „קאַפּטיאָרקע״. אָבער ווען דער עולם האָט אָנגעהויבן אויספאַרקויפן זייערע זאַכן, זייערע מלבושים און וועש, האָבן זיי אָפּגע־נומען פון דער קאַפּטיאָרקע די פּעקלעך און זיי געהאַלטן ביי זיך אויפן געלעגער.

אויפן הויפּט־לאַגער זענען גניבות פאַרגעקומען געוווּנג זעלטן. סאַבאַ־טשאַוון גייט עס אין זיין קאָמענדאַנטסקן האָנאָר, אַז ביי אים אויפן לאַגער־פּונקט זאָלן נישט פאַרקומען קיין גניבות.

לויטן נישט־געשריבענעם לאַגער־געזעץ, מעג מען פאַר צוגנבענען אַ פּאַרציע ברויט דעם גנב אפילו הרגענען — און ס׳קומט דערפאַר גאָר־נישט. ווייל די פּאַרציע ברויט דאָס איז דיין לעבן, און אויב עמעצער גייט אויף דיין לעבן — מעגסטו אים צונעמען זיין לעבן. פאַרן גנבענען אַנדערע זאַכן איז מען שוין לייטזעליקער.

אַזוי לאַנג ווי אין לאַגער איז געווען בלויז דער פּוילישער עטאַפּ, זענען דאָרט קיין גניבות נישט פאַרגעקומען. דאָך ביי שמועסן פלעגט מען פון צייט צו צייט צוגנבענען זיין פּאַרציע ברויט. מען האָט געוווּסט, אַז ער וועט נישט אויפהייבן קיין טומל צוליב דעם, מען האָט אויך געוווּסט,

אַז דער זאַוו.־כאַז. וועט אים נישט לאָזן אַן ברויט. האָבן זיך געוויסע אַרעסטאַנטן, שטענדיק הונגעריקע, דערלויבט אויף דעם, וואָס זיי וואָלטן זיך ביי קיין אַנדערן נישט דערלויבט.

ערשט, ווען ס׳איז אָנגעקומען אין לאַגער דער רוסישער עטאַפּ, האָבן זיך אָנגעהויבן מערן די גניבות. דער באַגנבעטער האָט מורא געהאַט זיך צו באַקלאָגן פאַר דער לאַגער־מאַכט, וואָרעם וועגן דער גניבה ווייסן אַלע קרימינעלע פאַרברעכער פון לאַגער. זיי מוזן נישט דווקא זיין שותפים דערצו, נאָר דער גנב באַהאַלט פאַר זיי נישט אויס, אַז ער האָט דעם אָדער יענעם באַגנבעט. טאָמער, דערציילנדיק צווישן אייגענע מענטשן וואָס איז געשען, טרייבט דער באַגנבעטער טיילמאָל איבער אין דער צאָל, אָדער אין דער ווערט פון דער גניבה, קומט צו אים עמעצער פון די קרימינאַל־ניקעס און זאָגט אים אַריין אַ פּאַרציע מוסר, אַז ס׳איז נישט שיין צו זאָגן ליגן, ס׳איז נישט ערלעך איבערצוטרייבן. ער רעכנט אים אויס גענוי וואָס מען האָט ביי אים צוגעגנבעט און זאָגט יענעם אַן, אַז אויב ער וויל שוין יאָ דערציילן זיינע אייגענע וואָס עס איז אים געשען, זאָל ער דערציילן נאָר דעם אמת.

דאָס אָפענע רעדן וועגן דער גניבה און דער ערנסטער אופן פון מוסר זאָגן, וואַרפן אַן אויפן באַגנבעטן עפּעס אַן אויסטערליש געפיל פון מורא, אַז נישט נאָר ער באַקלאָגט זיך נישט פאַר דער לאַגער־מאַכט, אַז מען האָט אים באַגנבעט, נאָר דאַנקט גאָט, אַז מען לאָזט אים צו רו, אַז מען טשעפּעט אים נישט.

פאַראַן צווישן דעם געקומענעם נייעם רוסישן עטאַפּ איינער זייער אַ פּיפּיקער גנב. אַ דאַרער, אַ פלינקער, מאַכט דעם איינדרוק פון שטענדיק אַ פאַרהאַוועטן. ער רעדט זייער גיך, ווי ער וואָלט געשאָסן מיט שרויט.

ווען ער קומט אָן אין לאַגער, באַלייגט ער שמוענען אַ וויזיט. שמעון שלאָפט אין גרויסן באַראַק. דער דאַרער פאַרשוין קומט צו אים מיט אַ טשייניק פאַרבריטן טיי, מיט שטיקלעך צוקער און צוויי גלעזער, אַ זעלטנהייט אין לאַגער. ער גיסט אָן די טיי און דערציילט שמעונען זיין לעבנס־געשיכטע. ער איז געווען, דערציילט ער, בעת דעם בירגער־קריג אַן אָנפירער פון אַ פּאַרטיזאַנער אָפּטיילונג, פרונזע זאָל האָבן געווען זיין פעטער. ער דערציילט וועגן זיינע גבורות, וואָס ער האָט אַלץ אויפגעטאָן אויפן אוקראַינער פראָנט. גאַנצע שטעט פאַרנומען, פאַלקן מיט דעניקינצעס גענומען אין געפאַנגענשאַפט.

שמעון פאַרשטייט ווייניק רוסיש, נאָר אויף אַזוי פיל, ער זאָל קאָנען זיך אַן עצה געבן ביי זיין אַרבעט אין דער אַמבולאַטאָריע, זיך אָדורכצור־

שמועסן מיטן נאַטשאַלניק פון לאַגער, צי מיט זיינע מיטאַרבעטער. זיין שפּראַך איז אַ באַגרענעצטע, ער פאַרמאָגט ווייניק רוסישע ווערטער, אָבער זיין אינטעליגענץ העלפט אים ער זאָל קאָנען אויסדריקן וואָס ער וויל.

די פּליסיקע שפּראַך פון דעם „פּאַרטיזאַנען־פירער", איר פאַרביקייט און די גיכקייט, מיט וועלכער ער וואַרפט אַרויס די ווערטער, צעטומלען שמעונען אינגאַנצן. ער פאַרשטייט כמעט גאָרנישט פון דעם, וואָס יענער רעדט צו אים. אָבער ער שטויסט זיך אָן, אַז דער דערציילער וויל אים איבערצייגן, אַז ווען נישט ער, וואָלטן די באָלשעוויקעס פאַרשפּילט דעם בירגער־קריג.

אויף צומאָרגנס, ווען שמעון כאַפּט זיך אויף, זעט ער, אַז ער האָט נישט דאָס פּעקל מיט דער וואַרעמער וועש, וועלכעס ער האָט נאַר־וואָס געהאַט באַקומען פון קרובים, וואָס געפינען זיך אויף פרייער פאַרשיקונג, נישט ווייט פונעם לאַגער.

ווי אַלע אַנדערע אַרעסטאַנטן פון פּוילישן עטאַפּ, האָט שמעון וועגן דער גניבה זיך נישט וויסן געמאַכט פאַר קיינעם.

איצט, ווען די אַרעסטאַנטן, די יידן פון גרויסן באַראַק, ווערן אַרויס־געפירט ביינאַכט פון דער זאָנע, ציטערן זיי נישט נאַר פון קעלט, פון נישט־אויסגעשלאָפנקייט, פון מידקייט, נאַר זיי ציטערן, אַז די זשוליקעס פון אַנדערע באַראַקן, זאָלן זיך נישט אַריינבאַקומען צו זיי אין באַראַק און נישט אַרויסגנבענען די פּעקלעך זייערע, וואָס זענען זייער גאַנצע עקזיס־טענץ, אַ מעגלעכקייט צו דערהאַלטן זיך ביים לעבן.

מען האָט זיי אַזוי האַסטיק אַרויסגעריסן פון שלאָף און אַזוי גיך אַרויס־געוואָרפן פון די באַראַקן, אַז די מענטשן האָבן אַפילו נישט באַוויזן אָנצו־זאָגן דעם דניעוואַלני, ער זאָל נישט שלאָפן, נאַר היטן די פּעקלעך פאַר די גנבים.

מען גייט. מען גייט צוערשט צו צו דער אינסטרומענטאַלקע. דאָרט וואַרט שוין איינער פון די דריי זין פון דעם אַלטן אינסטרומענטאַלשטשיק, און גיט אַרויס יעדן אַ האַלצערנע, ברייטע לאָפּאַטע. שמעון טראָגט איבערגע־האַנגען מיט אַ לעדערנעם רימען איבערן אַרעם, אַ קעסטעלע מיט אַ רויטן קרייץ אויף אים. ער נעמט אויך אַ לאָפּאַטע. די בריגאַדירן לויבן אים דער־פאַר. זיי זאָגן, אַז ער טוט זייער גוט, וואָרעם אין אַזאַ נאַכט איז גוט צו אַרבעטן, זיך צעוואַרעמען און נישט אַרומדרייען זיך ליידיק.

דער שניי הערט נישט אויף פאַלן. דער וועג איז קיין וועג נישט. איין גרויס, ווייס פעלד. קיינער ווייסט נישט ווו איין, ווו אויס. נאַר די רוסישע בריגאַדירן פילן אויס מיט זייער ספּעציעלן חוש פאַר שטח, ווו דער וועג

דורך וועלכן ס׳דאַרפן אָנקומען די פערד געפינט זיך, און הייסן די אַרעס־טאַנטן זיך אויסטאַפּטשען אין שניי אַ וועג אַהין.

מען קומט אָן אויפן אָרט. די בריגאַדירן צעשטעלן די מענטשן אויף אַ גרויסן שטח, צוטיילנדיק יעדן אַ באַשטימט אָרט, פון וועלכן ער דאַרף אַפּרייניקן דעם שניי. די נאַכט איז אַ פולע, אַ געדיכטע, די לופט אָנגע־פילט מיט שניי. דאָס אָרט איז פּלאַטשיק, די ביימער זענען דאָ אויסגעשניטן, דער הימל איז טונקל־גראַנאַט, כמעט שוואַרץ.

ס׳הערט אויף צו שנייען. דער הימל ווערט ליכטיקער. ס׳באַווייזט זיך די פולע לבנה מיט איר ברייט פּנים און שטערן גרויסע, פינקלענדיקע, וואָס וואַרפן אַ פיאָלעט ליכט.

אַלץ שטייט דאָ, די צייט שטייט. ווען מען קוקט אויף דער דאָזיקער טייגע־נאַכט, איז מען זיכער, אַז שטענדיק איז אַזוי ווי איצט, נישטאָ קיין טאָג, נישט קיין זון, נישט קיין פרילינג, נישט קיין זומער — נאָר נאַכט, שניי, אַ טונקל־גראַנאַטענער הימל, גרויסע שטערן און דער גאָלדענער שימער פון העל־געלן פאַספאָר־ליכט פון דער פולער לבנה.

אַלץ שטייט דאָ. די לופט, די צייט. נאָר די לבנה גייט מיט ברייטע שפּרייזן איבער דעם טיפן הימל־געוועלב, און די מענטשן אין שוואַרצן שטופּן פאַר זיך מיט די ברייטע לאָפּאַטעס בערגער ווייסן שניי צו די ראַנדן פון וועג, וועלכער הייבט זיך אָן אַנצוזעען.

שמעון שאַרט דעם שניי און ער פאַרשטייט אַליין נישט, פאַרוואָס ער טראַכט אַ סך וועגן דינהן. ער באַדויערט פאַרוואָס ער האָט זי נישט אויפ־געוועקט זי זאָל מיטגיין מיט אים שאַרן שניי. ער איז זיכער, אַז דער קאָמענדאַנט וואָלט גאָרנישט געהאַט דאַקעגן. ער ווייסט נישט וואָס איז די סיבה, וואָס ער וויל זי זאָל זיין איצט לעבן אים. ער טראַכט זיך, אַז אפשר מיינט ער גאָרנישט „לעבן זיך״, נאָר דאָ, אויף דעם אָרט, ווו אַלע יידן פונעם גרויסן באַראַק זענען איצט. ווייל די נאַכט, דאָס אָרט, דער גאַנ־צער אַרום, גיט אַ געפיל פון אָפּגעריסנקייט פון דער לאַגער־ווירקלעכקייט. ס׳איז דאָ אַזוי אַנדערש, אַזוי אויסטערליש אַנדערש, אַז ס׳דאַכט זיך אים אויס, אַז יענץ, דער לאַגער, איז ערגעץ ווייט, ווייט, אונטער בערגער און ימען.

דאָס געפיל פון אָפּגעריסנקייט פון דער ווירקלעכקייט פילט שמעונען אָן מיט אַ באַזונדערער אַרט פרייד. דאָס ערשטע מאָל זייט דעם אויסברוך פון דער מלחמה, זייט דעם דייטשישן פּלוצימען אָנפאַל אויף פוילן, דאָס ערשטע מאָל, זייט זיין פאַרלאָזן די היים, פילט שמעון פרייד. ס׳איז אַ פרייד אָן אַנימאַלע, אַ חיהשע, ס׳איז ווי די פרייד פון אַ הונט, וואָס האָט זיך

אָפּגעריסן פון דער קייט. מיט דער פרייד וויל זיך איצט שמעון טיילן מיט דינהן.

קיינער ווייסט נישט ווי שפּעט ס'איז. קיינער ווייסט נישט וויפל שעהן זיי שאַרן דאָ דעם שניי. קיינער פרעגט נישט ווען וועט זיך דאָס ענדיקן. זעט אויס, אַז דאָס געפיל פון אָפּגעריסנקייט פון דער לאַגער־ווירקלעכקייט, האָט אַלע באַהערשט, נישט נאָר שמעונען. אַלע, אַפילו די סאַמע פּשוטסטע מענטשן, וואָס שטייען איצט דאָ אויפן שניי־פעלד, וועמענס שאָטנס פאַלן אויף די הויכע ווענט שניי ביי די זייטן, אַלע האָבן זיי דאָס זעלבע געפיל וואָס ער, שמעון.

יעדער שאַרט דעם שניי אויף דעם אים צוגעטיילטן אָרט. אָבער ס'איז פאַראַן אַזאַ מאָמענט, ווען אַנקומענדיק מיט די ברייטע לאָפּאַטעס שניי פון פאַרשידענע ריכטונגען טרעפט זיך אַ גרופּע מענטשן צונויף אויף איין אָרט.

אין איינעם אַזאַ מאָמענט, ווען שמעון שאַרנדיק דעם שניי מיט זיין לאָפּאַטע טרעפט זיך צונויף מיט אַ גרופּע אַרעסטאַנטן, הערט ער אַ ברומעניש, ווי אַ שטילער געזאַנג וואָלט זיך פון ערגעץ געטראָגן. די מענטשן שאַרן דעם שניי איינגעבויגענערהייט און ס'דאַכט זיך שמעונען, אַז דאָס ברומען קומט נישט פון זיי, נאָר פון דער פאַרשנייטער ערד.

אָבער דאָס ברומען הערט נישט אויף, און שמעון דערהערט אַ באַקאַנטע מעלאָדיע און שפּעטער אויך באַקאַנטע ווערטער, וועלכע טראָגן זיך זייער שטיל. דאָס זינגט מען דאָס וויג־ליד פון נאָמבערגן, ס'הערן זיך די ווערטער:

נאָר דער ווינט, ער ברענגט אונדז גרוסן\
פון דעם קאַלטן לאַנד:\
דאָרטן שטייט ער, אַ לאָפּאַטע\
האַלט ער אין דער האַנט.

און ער גראָבט אַלץ טיפער, טיפער,\
וואָרפט די ערד אַרויס.\
זאָרג נישט, קינד מיינס, פאַר דעם שקר\
גראָבט ער קברים אויס.

זאָרג נישט, קינד מיינס, פאַר דעם שקר\
גראָבט ער קברים אויס.

אין שמעונס ביז־איצטיק געפּיל פון פרייד רייסט זיך אַריין אַ שרעק. ער באַקומט מורא, טאָמער דערהערט אַ שלעכט אויער דאָס געזאַנג פון פּראָטעסט, פון בונט.

אָבער די גרופּע אַרעסטאַנטן אַזוי ווי זיי האָבן זיך דערנענטערט, אַזוי דערווייטערן זיי זיך איצט און צוזאַמען מיט זייער דערווייטערן זיך ווערט וואָס אַ מאָל מער פאַרשטילט דאָס געזאַנג.

מען שאַרט נאָך אַלץ דעם שניי. קילאָמעטערס לאַנגע זענען אָפּגע־שאַרט געוואָרן און מען האַלט אין איין שאַרן. ענדלעך דערהערן זיך פון גאַנץ ווייט גלעקלעך פון שליטנס. ס'נעמט נאָך אַ שפּאַר ביסל צייט ביז צום אָרט וווּ ס'אַרבעטן די שניי־רוימערס פאַרפאָרן ביי אַ צען שליטנס געשפּאַנטע אין ברוינע פערד, וואָס וואָרפן מיט פאַרגעניגן די קעפּ און גריוועס פון רעכטס אויף לינקס, און פון לינקס אויף רעכטס, און די גלעק־לעך צוגעפעסטיקטע צו זייערע געשפּאַנען געבן אַרויס פריילעכע קלאַנגען, וואָס רייסן זיך אַריין אין דער שטילקייט פון דער טייגע ווי קולות פון אַן אַנדערער וועלט.

די רוסישע באַלאַגאַלעס, וואָס טרייבן אָן מיט די פערד, שטייען אין די שליטנס, פאָכען מיט די בייטשן און ווען זיי פאָרן פאַרביי די אַרעס־טאַנטן, וואָס שטייען מיט לאָפּאַטעס צום רייניקן דעם שניי, גיבן זיי פון זיך אַרויס ווילדע „הוראַ״־געשרייען. די רוסישע בריגאַדירן ענטפערן זיי מיט אַ „הוראַ״. ס'איז אַ גרויסע שמחה — אָפּגעראַטעוועט די פערד.



מען גייט צוריק. צוריק אין לאַגער. מען שלעפּט קוים די פיס. ערשט איצט דערפילן די אַרעסטאַנטן די שווערע מידקייט פון דער אַרבעט ביינאַכט. פון דער אַרבעט ביינאַכט נאָך אַן אָפּגעאַרבעטן פריער טאָג. די נישט־אויסגעשלאָפנקייט ליגט די מענטשן אין אַלע אברים ווי אַ שווערע משא. יעדער דערפילט ווי ס'וואָלט אים פּלוצים אָנגעוואָקסן אַ הויקער. מען גייט טריט ביי טריט. די בריגאַדירן יאָגן. זיי ווילן שוין וואָס גיכער זיין אין דער זאָנע. אָבער די אַרעסטאַנטן האָבן נישט קיין כוח צו שטעלן אַ ברייטערן טריט. זיי טאָפּטשען ווי אויף איין אָרט.

אויך שמעון דערפילט אַ שטאַרקע מידקייט. ער האָט אויך דאָס געפיל, ווי ער וואָלט געהאַט אַ הויקער. כאָטש ער האָט נישט געאַרבעט אַזוי ווי די אַנדערע, ווייל פון צייט צו צייט פלעגט ער מאַכן אַ באַזוך ביי אַלע אַרעסטאַנטן פון אַלע בריגאַדעס, צו זען ווי זיי פילן זיך.

ענדלעך דערשלעפּט מען זיך צו דער זאַגע. די געלע טויערן זענען אָפן. מען פירט איצט אַרויס פון דאָרט די בריגאַדעס צו דער אַרבעט. ס'טרעפן זיך ביים טויער צוויי גרופּעס אַרעסטאַנטן — די וואָס האָבן געאַרבעט ביינאַכט און גייען איצט אַריין אין דער זאַגע זיך אָפּרוען, און די וואָס האָבן ביינאַכט גערוט און גייען איצט אַרויס צו דער אַרבעט. די וואָס גייען צו דער אַרבעט קוקן מיט קנאה אויף די וואָס גייען רוען, כאָטש פון זייער אופן גיין, זעט זיך אַפילו אין דער פּאַרטאַגיקער טונקלקייט בולט אָן די שווערע מידקייט זייערע. זיי שלעפּן זיך ווי פאַרווונדעטע אויפן שלאַכט־פעלד, אויסגעבלוטיקטע, שלעפּן זיך צו אַ פעלד־לאַזאַרעט.

מען קומט אין דער סטאָלאָווע. די טישן זענען נאָך אָנגעשטעלט מיט שוואַרצע ליידיקע טעפּלעך און שיסעלעך פון די, וואָס האָבן דאָ געגעסן איידער זיי זענען אַרויס צו דער אַרבעט. קיינעם גלוסט זיך נישט עסן, אָבער יעדער האָט נאָך פאַרהאַלטן אַזויפיל קלאָרן שׂכל, צו פאַרשטיין, אַז אויב ער וועט איצט נישט נעמען זיין עסן, וועט עס אים פאַרפאַלן ווערן. זעצט מען זיך צו די טישן, וואָס אַ חוץ מיט טעפּ און שיסעלעך, איז נאָך אויף זיי אָנגעוואָרפן פול גרויסע ביינער פון טרעסקאַ פיש, וואָס גיבן אַרויס פון זיך אַ דעמפּיקן ריח. מען עסט די זופּ פון קרויט־בלעטער און דאָס ביסל קאַשע אָן חשק און מען גייט אַוועק אַזוי גיך, אויף וויפיל די פיס קאָנען טראָגן. אַפילו די שטענדיק הונגעריקע, פון צווישן די וואָס האָבן געאַרבעט ביינאַכט, וואָס געוויינטלעך זיצן זיי אין דער סטאָלאָווע פון אַ שטיק אינמיטן נאַכט ביז דער לעצטער מינוט, ביז מען טרייבט אַרויס צום ראַזוואָד, זיצן מיט פאַרשטעקטע האַלצערנע לעפל צווישן די קנעפּלעך פון דעם בושלאַט, אפשר וועט עמעצער איבערלאָזן אַ ביסל זופּ אין טעפּל, אַפילו זיי עסן דאָס מאָל גיך אָפּ און פאַרלאָזן די סטאָלאָווע.

אַלע גייען אין באַראַק און וואַרפן זיך אַוועק אויף די נאַרעס אַזוי ווי זיי גייען און שטייען, אין גאַנצן אָנטועכץ מיטן בושלאַט און אין די שיך. זיי שלאָפן איין ווי אין אַ נאַרקאָטישן שלאָף, מיט איין מאָל, ווי מען וואָלט מיט אַ מעסער איבערגעשניטן די נאָך פאַרבליבענע ביי זיי גאַנצע פעדעם פון באַוווסטזיין. דאָס איז אַ שלאָף אָן חלומות, אָן די מינדסטע באַקוועמלעכקייטן, אָן פאַרגעניגן. פונדעסטוועגן איז עס אַ שלאָף — אָן אויפלייזונג. די מידע פיס דאַרפן נישט טראָגן דעם שווער געוואָרענעם קערפּער, די אויגן מוזן נישט קוקן אויפן ווייסן שניי, און דער מוח מוז נישט טראַכטן אַפילו וועגן דעם סאַמע פּשוטסטן, וועגן וואָס מען טראַכט אין לאַגער.

ווען שמעון קומט אָן מיט די אַרעסטאַנטן פון דעם ביינאַכטיקן שאַרן

דעם שני, ווארט אים אַפּ דער האַלב־שיכורער נאַטשאַלניק פון דער סאַנ.־אָפּטיילונג, ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש, מיט אַ גוטער בשורה: פון היינט אָן וועט שוין שמעון נישט דאַרפן שלאָפן אין דעם גרויסן באַראַק מיט אַלע אַרעסטאַנטן — נאָר אינעם באַראַק פון דער סאַנ־אָפּטיילונג, דאָרט וווּ עס שלאָפן אין באַזונדערע שטיבעלעך דער רוסישער דאָקטאָר, וואַליאַ, מיראַנאָוויטש, דער דניעוואַלני וואַן־פו־יען, דאָרט וועט ער האָבן זיינס אַ קליין צימערל, מיט אַ ריין בעט, אַ טישל מיט אַ שטול און וועט זיין אַ באַלעבאָס פאַר זיך.

דער נאַטשאַלניק נעמט שמעונען אָן אונטערן אָרעם און פירט אים אַריין אין זיין ניי צימערל. דער שטענדיק האַלב־שיכורער וואַרפט זיך אויף שמעונען און נעמט אים קושן. שמעון שטייט אַ צעטומלטער און אַ גע־פּלעפטער. דעם נאַטשאַלניקס שיכורע פרייד וואַרפט אויף אים אָן אומעט. ס'ווערט אים אַ שאַד זיך צו שיידן מיט זיין ביזאיצטיק געלעגער, מיט די יידן, מיט וועלכע ער איז אַזאַ לאַנגע צייט צוזאַמען. זיי פלעגן קומען צו אים מיט פראַגעס, האַלטן מיט אים עצות, זיך אַראָפּרעדן פאַר אים פון האַרץ. זיי זענען געווען שטאַלץ וואָס ער איז מיט זיי צוזאַמען. גערעדט וועגן אים נישט אַנדערש ווי וועגן „אונדזער דאָקטאָר". געווען, געפילט זיך זיכערער וואָס ער האָט זיין אָרט ביי זיי אין באַראַק.

איצט דאַרף ער דאָס אַלץ און אַלע איבערלאָזן, זיך שיידן פון זיי. ס'איז אים אַ רחמנות נישט נאָר אויף די אַרעסטאַנטן פון באַראַק, נאָר אויך אויף זיך אַליין, כאָטש נישט איין מאָל האָט ער געהאַט אויסצושטיין פון זיינע מיטשלאָפער צרות, נישט זעלטן האָבן זיי פון אים געפאָדערט זאַכן, וועלכע ער האָט נישט געקאָנט פאַר זיי טאָן. נישט איין מאָל איז אים די לאַגע אין באַראַק געווען פיינלעך. אָבער דאָך, אין אַלגעמיין, האָט ער אַליין געגרן געהאַט דאָרט צו זיין. ער האָט געפילט, אַז זיין אַריינקומען אין באַראַק נעמען אַ סך מענטשן אויף מיט פאַרגעניגן און פאַרבאָרגענעם שטאָלץ — און אים, שמעונען, איז עס געווען ליב.

געדאַנקען קאָנען האָבן אַ פאַרשידנאַרטיקן ריטם. דער זעלבער געדאַנק, וועלכן מען ציט אַ מאָל פאַמעלעך, ווי אַ גוט גלעזל ווין, ביז מען טראַכט אים גוט אַדורך, קאָן אין אַנדערע באַדינגונגען לויפן מיט דער געשווינד־קייט פון אַ בליץ — און דאָך באַלויכטן אַלץ געננוי, ביז צום קלענסטן פּרט, גאַרנישט אַדורכלאָזן, אַלץ זען און אָפּשאַצן, אַלע „פאַר" און אַלע „קעגן". אַזוי איז אויך איצט געווען מיט שמעונען, ווען ער האָט אין געציילטע סעקונדן אַדורכגעטראַכט זיין גאַנצע באַציאונג צו די מענטשן פון גרויסן באַראַק און זייער באַציאונג צו אים.

דער נאַטשאַלניק איז ווי מיט אַ מאָל געוואָרן אויסגענ׳כטערט. ער האָט געקוקט אויף שמעונען מיט אַ פאַרשייטן און בייזן בליק: — וואָס, ס׳געפעלט נישט? אָט, אַ טשודאַק — און אַרויסגעלאָפן.

שמעון שטייט אַליין אין מיטן שטיבל און ווייסט שוין, אַז ער וועט דאָ בלייבן. זאָגן אַז ער וויל ווייטער זיין אין באַראַק, וואָלט געהייסן זיך מאַכן לעכערלעך אין די אויגן פון די נאַטשאַלניקעס און זיינע חברים פון דער סאַנ.־אָפּטיילונג, אַדער ס׳וואָלט גאָר געווען אַ פאַרדאַכט, אַז ער האָט עפּעס געהיימע ענינים מיט די אַרעסטאַנטן פון דאָרט. וואָרעם אויך אין לאַגער היט מען דאָס פּאָליטישע כשרות פון די אַרעסטאַנטן און אויף דעם איז פאַראַן אַ ספּעציעל באַפולמעכטיקטער פון ענקאַווע, אַ הויכער אָפיציר, אַ געהיימניספולע פּערזאָן, וועלכן קיינער קען כמעט נישט, נאָר האָט זיך זיינע מענטשן פון צווישן די אַרעסטאַנטן אין לאַגער, אַפילו אין באַראַק ביי די יידן, וואָס טראָגן אים צו, וואָס הערט זיך אין לאַגער און וואָס פאַרא שטימונגען הערשן דאָרט.

איצט טראַכט זיך שמעון, אַז ער וואָלט באַדאַרפן אויפזוכן דעם נאַ־טשאַלניק ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש און אים דאַנקען פאַרן אַרויסווייזן אים אַזויפיל אויפמערקזאַמקייט און זאָרג פאַר זיין באַקוועמלעכקייט. דערווייל קוקט זיך שמעון אַרום. ער זעט, אַז ס׳זענען פאַראַן נאָך טירן, וואָס פירן מן־הסתם אין אַנדערע שטיבלעך, אויסער די פון דער אַמבולאַטאָריע, וועלכע שמעון קען גוט. דעם אַנקומענדיקן דניעוואַלני פרעגט ער ווער פאַרנעמט די דאָזיקע שטיבלעך. נישט אַרויסנעמענדיק די הענט פון די אַרבל פון דער פופייקע, ווייזט אים דער כינעזער אָן מיטן פּנים, מיט אַ הויב פון דער גאָמבע, ווו ווער פון דער סאַנ.־אָפּטיילונג וווינט. פון די קאַרגע רייד פון וואַן־פו־יענען ווערט שמעון געוואָר, אַז ס׳איז אויך פאַראַן אַ רעזערוו־שטיבל, טאָמער פאַרשפּעטיקט עמעצער פון די פריי־געדונגענע, וואָס אַרבעטן אין דער סאַנ.־אָפּטיילונג און ס׳ווילט זיך אים נישט גיין אין זיין היים, וואָס געפינט זיך גענוג ווייט פון דער זאָנע, קאָן ער דאָ איבערנעכטיקן.

שמעון בעט וואַן־פו־יענען ער זאָל באַלד צווויסן געבן סאַמעקן, וועגן דער דאָזיקער ענדערונג ביי אים און אַז סאַמעק זאָל אים אויך ברענגען זיינע זאַכן פון באַראַק.

סאַמעק איז גליקלעך וואָס שמעון ווערט אַזוי אויסגעטיילט פון די אַנדערע אַרעסטאַנטן. זיינע העלע אויגן פינקלען, ער גיט זיך אַ גיכן וויש מיט דער אָפענער דלאָניע איבערן פּנים — פון גרויס צופרידנקייט.

שמעון איז דערשלאָגן און פאַרשטייט נישט וואָס פרייט זיך דאָס אַזוי דער סאַמעק.

יעדער שמעונס אוואַנס איז פאַר סאַמעקן אַ באַשטעטיקונג, אַז ער האָט געוווּסט ווען מען פאַרלייגן זיין דינסטגרייטקייט, און ער פילט זיך ווי אַ שותף צו אַלעם וואָס געהער אָן שמעונען.

ער לויפט גיך צו דינהן און דערציילט איר די גוטע בשורה. אָבער דינה שטאָט זיך צו פרייען, ווי סאַמעק האָט געמיינט, ווערט מיטאַמאָל אַראָפּגעפאַלן ביי זיך, דערשלאָגן און אַזוי טרויעריק, אַז סאַמעק קוקט אויף איר מיט שטוינונג.

שוין ווען שמעון איז באַשטימט געוואָרן פאַר אַ דאָקטאָר אין דער אַמבולאַטאָריע, איז דינה געווען זייער געקוועלט דערפון. זי האָט אַפילו צוגערעדט שמעונען, ער זאָל זיך פון דעם אָפּזאָגן און ווייטער אַרויסגיין מיט די בריגאַדעס. זי האָט געזאָגט, אַז זיין אויפגאַבע איז צו העלפן די מענטשן וואָס זענען ביי דער אַרבעט, ווייט פון יעדער מעדיצינישער הילף, און נישט דעם רוסישן דאָקטאָר פון דער אַמבולאַטאָריע, אַראָפּנעמען פון אים אַ טייל פונעם עול, אַ טייל פון זיין אַרבעט.

דינה ווייסט נישט, צי זי מאַכט זיך נישט וויסן, אַז אין לאַגער איז קיינער נישט קיין באַלעבאָס איבער זיך, אַז יעדער מוז גיין דאָרטן וווּהין מען שיקט אים, פאַרנעמען דעם פּאָסטן, וועלכן מען באַשטימט פאַר אים. אַז אַ דאָקטאָר און אַפילו אַ נאַטשאַלניק, אויב ער איז נאָר פון די זע.־קאָ., פון די אַרעסטאַנטן, קאָן מען פאַר עפּעס אַ זינד אַראָפּנעמען פון דער ביז איצטיקער אַרבעט און שיקן האַקן וואַלד, אָדער צו אַן אַנדערער שווערער, צי גאָר דערנידערנדיקער אַרבעט.

איצט, ווען דינה ווערט געוואָר פון סאַמעקן, אַז שמעון דאַרף אויך שלאָפן אין באַראַק פון דער סאַנ.־אָפּטיילונג, אַז דאָרט האָט ער שוין זיין שטיבל, איז זי אינגאַנצן דערשיטערט. זי פילט, אַז אַ גרויס געפאַר, אַן אומגליק ציט אויף איר אָן.



ווען די פרעסט ווערן גאָר שטאַרקע, שאַפט מען אָפּ די וואַכן פון די סטריעלקעס, וואָס היטן די אַרעסטאַנטן, ווען זיי גייען אַרויס בריגאַדעסווייז פון דער זאָנע צו דער אַרבעט.

אין דער דאָזיקער פראַקטיקער צייט איז יעדער בריגאַדיר פאַראַנט־וואָרטלעך פאַר די צאָל אַרעסטאַנטן, וועלכע געהערן צו זיין בריגאַדע. ביים

טויער פון דער זאַנע ציילט די וואָך איבער די מענטשן פון דער בריגאַדע — און דער בריגאַדיר שרייבט זיך אונטער. בעתן צוריקקומען פון דער אַר־בעט, ציילט ווידער די וואָך איבער די צאָל צוריקגעקומענע אַרעסטאַנטן, צי איז זי די זעלבע, וואָס ביים אַרויסגיין צו דער אַרבעט.

קיינער היט נישט די אַרעסטאַנטן, אַז זיי זאָלן נישט אַנטלויפן. די הויכע, ווייס־פינקלדיקע שנייען, די קעלט וואָס ביי יעדן שלונג פון דער לופט, שניידט זי אָפּ דעם אָטעם ווי מיט אַ שאַרף מעסער, די שטילקייט פון דער טייגע, ווו אַ ווינט רייסט זיך זייער זעלטן אַדורך — דאָס אַלץ שרעקט מיט קאַלטן, איינזאַמען טויט און קאָוועט צו שטאַרקער ווי מיט קייטן דעם אַרעסטאַנט צום אָרט.

דעמאָלט, בעת די גרויסע פרעסט, טוט נישט איינמאָל אויף די ליפּן פון אַן אַרעסטאַנט פון פוילישן עטאַפּ, פאַרבלאַנדזשען דאָס ווייט און פרעמד־געוואָרענע וואָרט: היים. פאַרנאַכטצו רייסט זיך אַ מאָל אַרויס פון עמעצנס מויל די פּאָר ווערטער: אפשר וואָלטן מיר שוין געגאַנגען אַהיים. דער וואָס זאָגט עס כאַפּט זיך גיך, אַז פון זיין מויל איז אַרויס עפּעס אומזיניקעס און אַ מאָדנע גרימאַסע צעלייגט זיך אויף זיינע ליפּן ווי דער געלער, וואַקסענער שמייכל אויפן פּנים פון אַ צום טויט פאַרמישפּטן קראַנקן.

אויב אַן אַלטער אַרעסטאַנט הערט גראָד דאָס וואָרט „היים", טוט ער אַ קוק אויף דעם, וואָס האָט עס געזאָגט, מיט אַזאַ חוזק־בליק, אַז יענער לאָזט אַראָפּ טיף דעם קאָפּ, ווי אַ פאַרשעמט קינד.

ווען די בריגאַדעס הייבן אָן „אין דער פרי" אַרויסגיין צו דער אַרבעט אין וואַלד אַריין, איז נאָך אומעטום נאַכט. אין באַראַק, אין דרויסן, אויפן הימל, צווישן די ביימער שטייען אָדער זענען צעהאַנגען שטיקער פרישע נאַכט. בלויז די קלעמענדיקע ווייסקייט פון דעם שניי, וועלכער שניידט ווייטיקלעך די מידע אויגן, באַהעלט די וועלט מיט אַ נישטדאָיקער שיין. דאָס וואָס מען זעט באַשיימפערלעך, אַז די העלקייט קומט נישט פון ליכט, וואָרפט אָן אַן אומהיימלעך געפיל. ווען ס'קומט אויס עמעצן צו גיין אַליין אַ שטיקל וועג ביינאַכט, שרעקט ער זיך גיכער פאַר דער העלקייט פון דעם שניי, ווי פאַר דער פינצטערניש פון דער פאַרכמורעטער טייגע.

נאָך מער ווי די קעלט דערקוטשעט די האַרטקייט. אַלץ אַרום איז פון דעם פראָסט — האַרט. די ערד איז האַרט און ס'טוט וויי יעדער טריט אויף איר, ווי דאָס גיין מיט באָרוועסע פיס אויף שפּיציקע שטיינער. די ביימער זענען האַרט ווי אייזן און ביים אונטערזעגן זיי הערט זיך אַ טיפער און ברייטער קלאַנג, ווי פון מעטאַל. אַפילו דער שניי איז

האַרט און די פּאַרציע ברויט, וואָס דער אַרעסטאַנט באַקומט איז פון פראָסט אַזוי האַרט, אַז מען מוז זי צעהאַקן מיט אַ האַק שטאָט שניידן מיט אַ מעסער.

אַ גרופּע אַרעסטאַנטן, נאַוואַלשטשיקעס, די וואָס העלפן צו די באַ־לאַגאַלעס אַנלאַדענען די ביימער אויף די שליטנס, כאַפּן זיך דערווייל אַריין, ביז די באַלאַגאַלעס ווען שפּאַנען פערד און שליטן, אין דער צעגעלניע, וועלכע געפינט זיך לעבן דער זאָגע. נאַכט און רויך דעקן זיי צו. זיי זעצן זיך אַוועק אויף גליטשיקע בערגעלעך געפרוירענעם ליים און מיט אַראָפּגעהאַנגענע קעפּ דרימלען זיי אַריין אין די אויפגעשטעלטע קאַלנערס פון די בושלאַטן, וואָס זענען שטענדיק פייכט און ס׳הערט זיך פון זיי מיט טוכלער זויערקייט. אַ צעפּאַדערטע צונג פון אַ רויטן פלאַם טוט פון צייט צו צייט אַ לעק דאָס שטענדיק אָפענע, ווי ביי אַ גולם, מויל פון ליימענעם אויוון.

ס׳הויבט אָן צו טאָגן. די מענטשן שאַרן זיך איינציקווייז אַרויס פון דער צעגיעלניע. די זון ליגט אויף דער סאַמע ערד איינגעזונקען אין דער גרענעץ פון האָריזאָנט. זי איז ווי אַ דנאָ פון אַ גרויסן, אייזערנעם פּאַס און רויט צעגליט, ווי נאָר־וואָס אַרויסגענומען פון פייער. ווען מען קוקט אויף דער זון, דאַכט זיך אויס, אַז עס איז אַ היץ. ווען עמעצער נעמט אויף אַ רגע מיט די פינגער אַ בלעכענע כלי, דאַכט זיך אים אויס, אַז זי בריט. אָבער ווען מען וויל אַוועקנעמען די פינגער אָדער אַרויסשטעלן פון זיי די זאַך, ווייזט זיך אַרויס, אַז די פינגער זענען אין דער איינציקער רגע צוגעפרוירן געוואָרן צו דער בלעך.



אין איינעם פון די פראָסטיקע טעג, ווען שמעון קומט פאַרנאַכט אַריין אין דער אַמבולאַטאָריע, באַמערקט ער, אַז אין צווייטן צימער, לעבן דעם שטיבל פון דניעוואַלני וואַן־פּור־יען, ליגט עמעצער אויפן טיש. ער גייט צו און דערזעט, אַז יענער איז טויט.

שמעון קען דעם געשטאָרבענעם. דאָס איז אַ יידישער יונגער־מאַן פון אַ יאָר דרייסיק. ער איז געווען פון די אַנלאַדענער. אַ הויכער, אַ ברייטער, מיט לאַנגע הענט און פיס. ליגנדיק איצט פאַרנעמט ער דעם גאַנצן שטח פון גרויסן טיש.

אַ דערשטוינטער פרעגט שמעון דער סאַניטאַרין וואַליאַ, וואָס איז געשען. פון דעם וואָס זי דערציילט אים, ווייזט זיך אַרויס, אַז דער דאָזיקער

אַרעסטאַנט האָט זיך דערפילט נישט גוט אין וואַלד. זיך געריסן זיצן לעבן ברענענדיקן שייטער און זיך וואַרעמען. אָבער דער בריגאַדיר האָט אים געיאָגט ער זאָל נישט זיצן, נאָר לויפן, אַרבעטן, זיך באַוועגן. דער בריגאַדיר זאָל האָבן אים געוואָרנט — אויב דו וועסט זיצן, וועסטו פאַר־פרוירן ווערן! אָבער דער מענטש האָט געקלאָגט און געוויינט און נאָר זיך געבעטן מען זאָל אים לאָזן זיצן ביים פייער. לסוף, זעענדיק, אַז ס׳איז נישט גוט, האָט אים דער בריגאַדיר אָפּגעשיקט מיט אַ שליטן אין דער זאָנע. ווען מען האָט אים ענדלעך געבראַכט אין דער אַמבולאַטאָריע — איז ער שוין געווען טויט.

דער גרויסער, מעכטיקער טויטער גוף אין דער דיקער אַרעסטאַנטס־קער הלבשה — דערשיטערט שמעונען. דאָס וואָס וואַליאַ דערציילט אים, איז אַ רעלאַציע פון דעם בריגאַדיר, ביי וועלכן דער פאַרפרוירענער האָט געאַרבעט. שמעון שוידערט אויף פונעם געדאַנק, אַז מען האָט דאָ עפּעס פאַרשפּעטיקט. ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך, אַז אַזאַ הויכער און ברייטער מענטש, פון אַזאַ פעסטן געבוי, זאָל אַזוי גיך פאַרפרוירן ווערן אויף טויט? — פרעגט ער זיך אַליין מיט פאַרצווייפלונג.

וואַליאַ זעט שמעונס אויפגעברויזקייט. זי איז אויך אינגאַנצן אַ דער־דריקטע פון דעם פאַל. נאָך דעם ווי זי האָט איבערדערציילט וואָס עס האָט דערציילט דער בריגאַדיר, שווייגט זי. זי שווייגט פאַרביסן. מער קאָן מען פון איר קיין וואָרט נישט אַרויסבאַקומען. פון איר פאַרביסנקייט פאַרשטייט שמעון, אַז אים איז אויך נישט מער פאַרבליבן ווי שווייגן.

מען פאַרמאַכט די טיר פון צווייטן צימער, וווּ ס׳ליגט אויפן טיש דער פאַרפרוירענער. אין אַמבולאַטאָריע קומט אַריין דער רוסישער דאָקטאָר, ס׳קומט אַריין וויעראַ. ס׳הויבן אָן אָנקומען די קראַנקע. דאָס זענען מיינסטנס אַרעסטאַנטן פון פוילישן עטאַפּ, וואָס האָבן זיך אָפּגעפרוירן פינגער פון די פיס, פינגער פון די הענט. טייל האָבן סתם ווונדן, באַקומענע ביי דער אַרבעט, וואָס היילן זיך שווער אין אַזאַ קאַלטן קלימאַט. מען הייסט זיי אויפבונדן די באַנדאַזשן. ס׳צעטראָגט זיך איבער דער אַמבולאַטאָריע דער עיפּוש פון אייטער און פון פוילנדיקן פלייש. וואָרעם מען בינדט איבער די ווונדן נאָר איין מאָל אין צוויי טעג און אַמאָל אין דריי טעג, ווייל באַנדאַזשן זענען דאָ זייער ווייניק. אַפילו די באַנדאַזשן, וועלכע מען בינדט אָפּ פון די ווונדן און זענען פול מיט אייטער, וואַרפט מען אויך נישט אַרויס, נאָר מען וואַשט זיי און מען נוצט נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל, ביז זיי צעשיטן זיך נישט אויף פעדעם. אַפילו פון די פעדעם רעזיגנירט

מען נישט. מען מאַכט פון זיי שאַרפּיע אויף טאַמפּאָנען אַריינצולייגן אין די ווונדן, זיי זאָלן אַריינזאַפּן אין זיך דעם אייטער.

ס'דערגייט דערצו, אַז ביז זיבעציק פּראָצענט פון פּוילישן עטאַפּ געהערן צו די אָפּגעפּרוּירענע. אַ סך מוז מען באַפרייען פון דער אַרבעט, ווייל זיי זענען נישט פעאיק גאָרנישט צו טאָן, אַ קליינעם טייל שיקט מען איבער אין סטאַציאָנאַר און עטלעכע זענען שוין אין אַזאַ מצב, אַז מען מוז זיי שיקן ווייט אין שפּיטאָל אויף אַראָפּנעמען ביי זיי אַ פינגער, אָדער גאָר צוויי פון פוס.



נאָכן פאַל מיטן פאַרפרוירענעם, באַשליסט שמעון סיסטעמאַטיש, פון צייט צו צייט, אַרויסצוגיין אין וואַלד אַריין און באַזוכן די בריגאַדעס, דער עיקר די באַלאַגאַלעס. ער גייט אַליין אין וואַלד. אין איינעם אַ טאָג, ווען ער הויבט אויף דעם קאָפּ, זעט ער, אַז דער הימל איבער דער טייגע איז געוואָרן גרין, טונקל גרין און פינקלדיק ווי טורקיז. אונטערן גרינעם הימל קנוילן זיך שוואַרצע וואָלקנס, ווי געדיכטע טומאַנעס רויך פון ברענענדיקע סאָזשע. די בלוי־גרויע לופט, ווי רויער שטאָל ווערט שאַרף און אומבאַוועגלעך. דער שניי אויף דער ערד קאָרטשעט זיך צונויף און פּלאַצט — און ס'זעט אויס ווי אייז־קריעס אויף אַן אומענדלעכן ים.

שפּעט אויפן טאָג באַוויזט זיך אין וואַלד, דאָרט ווו עס אַרבעטן די באַלאַגאַלעס, דער קאָמענדאַנט פון דער זאָנע סאָבאַטשאַוו. מיט אַ הוילער און הייזעריקער שטים טוט ער דורך די גרויסע, געלע ציין אַריינהילכן אַ באַפעל דעם דיעסאַטניק אין די אויערן פאַרבונדענע מיט אַ וואָלענער, געלער שמאַטע — נישט אָפּלאָזן די באַלאַגאַלעס פון דער אַרבעט ביז יעדער פון זיי וועט נישט מיטנעמען אין דער זאָנע אַן אָנגעלאָדענעם שליטן האָלץ צו באַהייצן די באַראַקן.

מען ריכט זיך אויף אַ גאָר גרויסן, פערציק־גראַדיקן פראָסט.

ווען שמעון דערזעט דעם קאָמענדאַנט אָנקומען אין וואַלד אַריין מיט אַ שליטן — בעט ער אים ער זאָל מיטנעמען אין דער זאָנע איינעם פון די באַלאַגאַלעס, וועלכער פילט זיך שלעכט. דער קאָמענדאַנט באַשטייט מיטצונעמען דעם קראַנק־געוואָרענעם, אָבער ער וויל וויסן ווער וועט אָפּפירן צוריק אין דער זאָנע דעם קראַנקנס פערד און שליטן מיט האָלץ. שמעון דריקט אויס זיין גרייטקייט צו בלייבן אין וואַלד ביז די בריגאַדע

וועט ענדיקן די אַרבעט און אַליין אָפּפירן דאָס פערד און שליטן אין דער זאַנע.

— ס'איז נישט קיין גרויסע זאַך, — זאָגט ער. — כ'וועל נאָכפאָרן די אַנדערע שליטנס. מען וועט נאָר דאַרפן מיר העלפן אָנלאָדן דעם שליטן מיט האָלץ און פאַרבונדן מיט דער קייט.

דעם קאָמענדאַנט געפעלט שמעונס הילפס־גרייטקייט. דאָס זענען די זעלטענע רגעס, ווען אין סאַבאָטשאָוון צינדט זיך אָן אַ פונק פון מענטש־לעכקייט. ער שמייכלט אַפילו, כאָטש זיין שמייכל קומט אַרויס אַ ביסל צעקרומט. ער העלפט דעם קראַנקן זיך אַריינזעצן אין זיין שליטן און פאָרט מיט אים אַוועק.

ביינאַכט־צו, נאָך דער אַרבעט שטעלט זיך אויס די בריגאַדע באַלאַ־גאַלעס, אַ מאַן צוואַנציק, לענג אויס דעם אָרט, וווּ אין הויכע שטאַבלעס ליגן ביימער אויסגעסאָרטירטע אין פאַרשידענע מינים. אייניציקווייז פאָרן זיי צו מיט זייערע שליטנס צום שטאַבל מיט טרוקענע ביימער, וואָס מען נוצט נאָר אויף ברען־האָלץ. אין דער אָנוועזנהייט פון דיעסאַטניק און בריגאַדיר לאָדנט מען אָן די שליטנס מיט האָלץ, מען בינדט זיי אַרום און מען פאַרפעסטיקט מיט אָן אייזערנע קייט. צווישן זיי האָט מען אויך אָנגעלאָדנט דעם שליטן, מיט וועלכן שמעון דאַרף פאָרן אין דער זאָנע.

ווען אַלע שליטנס זענען שוין אָנגעלאָדנט, רירט מען פון אָרט. ס'איז שוין נאָכט. דער טונקל־בלויער הימל הויבט זיך אויף גאָר הויך. די העל־זילבערנע לבנה, מיט אַ גרינעם גלאַנץ, און די גרויסע, קאַלטע און בלישטשענדיקע שטערן הענגען ערגעץ אין מיטן, צווישן הימל און ערד. די לופט איז אַזוי לויטער און דורכזיכטיק, אַז מען קאָן אַריבערקוקן איבער די שטערן און ס'דאַכט זיך אויס, אַז מען זעט דעם ליידיקן רוים צווישן זיי און דעם הויכן הימל.

דער וועג בלאַנקט און איז שאַרף ווי אַ פריש אָנגעצויגענער חלף. אַ גאַנצן טאָג זענען די אָנגעלאָדענע שליטנס מיט האָלץ געפאָרן אויף דעם וועג און מיט די שליטנס־שטאַנגעס, פּלאָזעס, געשליפן דעם שניי־וועג. ס'איז אַזוי גליטשיק, אַז מען קאָן נישט שטעלן קיין טריט נישט אומצופאַלן. די באַלאַגאַלעס קאָנען דעריבער נישט נאָכגיין די שליטנס, נאָר ווי אומ־באַקוועם דאָס זאָל נישט זיין, מוזן זיי זיך אַרויפזעצן אויף די ביימער און אַזוי פאָרן.

אויף די פאַרפרוירענע, סענקאָטע ביימער, האַרטע ווי אייזן, לייגט שמעון אַוועק דעם זאַק, אין וועלכן דער קראַנק־געוואָרענער באַלאַגאַלע האָט געהאַט מיטגענומען היי פאַרן פערד. ער זוכט זיך צו מאַכן אַן אָרט,

ווו ער זאָל קאָנען זיצן און נישט אַראָפּפאַלן פון די קיילעכדיקע קלעצער, פאַרגליטשטע פון פראָסט. ער זעצט זיך ענדלעך אָוועק, בינדט אַרום די לייצעס אַרום דעם רעכטן אָרעם און לאָזט זיך נאָך אַנדערע שליטנס אין וועג אַריין.

די פערד זענען מיד פון שלעפּן אַ גאַנצן טאָג די אָנגעלאָדענע שליטנס מיט קלעצער פון וואַלד, גייען זיי איצט טריט ביי טריט. דער מהלך צווישן דעם אָרט ווו ס'געפינען זיך די שטאַבלעס אין וואַלד ביז צו דער זאָגע איז אַן ערך פיר קילאָמעטער. ביי צוויי דריטל דערפון פירט דער וועג דורכן וואַלד. דאָס איז אייגנטלעך נישט קיין וועג, נאָר אַ שמאָלער פּאַס אויסגעהאַקטער וואַלד, דורך וועלכן ס'קאָן זיך קוים אַדורכשפּאַרן אַן איינציקער שליטן. ס'איז דאָ אַזוי שמאָל, אַז דער שליטן קלאַפּט זיך כסדר אָן אין די צוויי ווענט ביימער וואָס וואַקסן ביי די זייטן. דער וועג איז אינגאַנצן באַשאָטנט מיט צווייגן פון די סאָסנעס און יאָדלעס. ס'זעט אויס ווי מען וואָלט געפאָרן די גאַנצע צייט דורך אַ טונעל. נאָר ערטערווייז שיינט אַ פולע לבנה אַרויס דורך די צווייגן און באַלויכט דעם שניי וואָס ליגט אויפן וועג מיט אַ גרין־געל פאָספאָר־ליכט. ס'דאַכט זיך אויס, אַז דער וועג ווערט וואָס אַ מאָל שמאָלער און גאָר פון דער ווייטנס זעט ער אויס ווי דאָס שמאָלע פאָסיקל קוועק־זילבער אין טערמאָמעטער. צום סוף קומען זיך די צוויי ווענט ביימער ווי צונויף און מען האָט דעם איינדרוק, אַז מיט דעם וואָס די פערד וויגן מיט די קעפּ און גריוועס אויף רעכטס און אויף לינקס, שאַרן זיי פונאַנדער די ביימער און מאַכן זיך אַ וועג.

די אַדורכגעפרוירענע פלאָזעס און די קלעצער, וואָס ליגן אויפן שליטן געבונדן מיט אייזערנע קייטן סקריפּען הויך פון פראָסט. שמעון זיצט אַ מידער און אַן איינגעהויקערטער אויפן שליטן מיט האַלץ און ברומט אַ וווּרקער ניגון, פון אַלטן וווּרקער רבי, וועלכן שמעון פלעגט אַ מאָל הערן פון זיין פאָטער זינגען פרייטיק־צו־נאַכטס צו „אזמר בשבחין". ער האָט היינט גראָד אַ שווערן טאָג. דאָס איז אויך אַ סיבה, צוליב וועלכער ער האָט געוואָלט אַרויסגיין אין וואַלד.

ווען ער האָט זיך אין דער פרי אויפגעוועקט איז שוין געווען געגנוג שפּעט. ער האָט געהערט אין דרויסן די ריטשענדיקע שטים פון סאָבאָטשאָוון און געווען אינגאַנצן אַ צעטומלטער. פלוצים האָט ער זיך געכאַפּט, אַז ער געדענקט נישט דאָס פּנים פון זיין כלה וואָס איז פאַרבליבן אין וואַרשע. ער איז דערדריקט פון דער דאָזיקער אַנטפּלעקונג, וואָס איז אויף אים פלוצים געקומען. ער האָט זיך אַנגסטיק דערשראָקן פאַרן גורל פון זיין כלה, אָבער נישט ווייניקער האָט ער אויפגעשוידערט פון זיין אייגענעם

מצב, אין וועלכן אַזאַ זאַך האָט געקאָנט ביי אים געשען. ווען ער איז געקומען אין וואַלד אַריין האָט ער זיך וועגן דעם פּאָרטרויט פאַר איינעם פון די באַלאַגאַלעס, אַן עלטערן מענטש. יענער האָט שמעונען געפּרוווט באַרואיקן, אָבער אַן אומהיימלעך שווער געפיל איז פאַרבליבן אין זיין געמיט.

דער פראָסט שטאַרקט זיך. די פּלאָזעס פונעם שליטן סקריפּען וואָס אַ מאָל העכער, די געבונדענע מיט אייזערנע קייטן ביימער גיבן וואָס עפּטער פון זיך אַרויס טיפע קרעכצן. דער הימל רוקט זיך אַרויף נאָך העכער ווי ביז איצט, די שטערן ווערן גרעסער, זייער שיין־בלאַנקנדיקער, שאַרפער, כמעט דראָענדיק. די לבנה שווימט שנעל מיט אַ פאַרנעפּלט פּנים שיכור פון ליכט, די ביימער שטייף, אויסגעצויגן, מיט אויסגע־שטרעקטע פאַר זיך הענט. די לופט דורכזיכטיק און אומבאַוועגלעך. מען פילט און מען זעט, אַז די טייגע האָט איינגעהאַלטן איר אָטעם.

שמעון הערט זיך גוט איין אין הויכן סקריפּען פון די פּלאָזעס. אָבער דאָס איז נישט קיין סקריפּען, נאָר מוזיק וואָס גייט פון ערגעץ ווייט און קומט וואָס אַ מאָל נענטער און נענטער. ער דערשרעקט זיך. אָבער ניין, טרייסט ער זיך, ס׳איז נישטאָ פאַר וואָס זיך צו שרעקן. ס׳איז מוזיק און נישט בלויז מוזיק, נאָר אויך אַ געזאַנג הערט ער. אין אָנהויב אַ שטילס און שפּעטער אַלץ העכער און העכער. ער לאָזט טיף אַראָפּ דעם קאָפּ און עפּעס אַ זיסקייט צעלייגט זיך אים אין גריבעלע ביים האַרץ. עס ווילט זיך אים אַ דרימל טאָן אונטער די קלאַנגען פון דער אַלץ אָרומנעמענדיקער מוזיק.

דער הימל ווערט כסדר העכער, די שטערן כסדר נידעריקער און דראָ־ענדיקער. דער לאַנגער, ווייסער שניי־וועג ליגט שוין נישט אויסגעצויגן רואיק, ער שפּרינגט מיט שטיקער פאָספאָר־ליכט, ווי אַ ווילדע קאַץ, אים גלייך אין די אויגן. די לבנה שווימט וואָס אַ מאָל שנעלער און פאַרטראָ־גענער, דאָס געזאַנג און די מוזיק ווערן וואָס אַ מאָל שטאַרקער און די זיסקייט וואָס ביי שמעונען אין האַרץ־גריבעלע, צעגייט זיך איבער אַלע אברים און אים ווילט זיך וואָס מער אַ דרימל טאָן.

אַזוי ווי עמעצער וואָלט אים אַ קלאַפּ געטאָן איבערן קאָפּ, אַזוי ווי עמעצער וואָלט אים אַריינגעשריגן אין אויער אַריין, הערט ער פּלוצים אַ דראָאונג אין זיך: שלאָף נישט! שלאָף נישט! שלאָפסטו איין, וועט דאָס זיין דיין לעצטער און אייביקער שלאָף!

פון שרעק הויבט אָן שמעונען שטעכן דאָס לייב ווי מיט אָנגעגליטע שפּילקעס. אין אָנהויב נידעריק, אין דעם אונטערשטן טייל בויך און גייט

וואָס אַ מאָל העכער. יעדער שטאָך טוט ווי און בריט. ווען דאָס שטעכן דערגייט צום קאָפּ, ווערן זיינע האָר האַרט ווי דראָטן. יעדע האָר באַזונדער שטעכט אַריין איר שאַרפן שפּיץ אין קאָפּ אַריין. אונטערן וואַטענעם היטל ווייקט זיך זיין קאָפּ אין שווייס.

שמעון הויבט זיך אָן קנייפּן דאָס לייב מיט אַלע כוחות. ער וויל וויסן, צי פּילט ער נאָך. ער פּייפט, זינגט. ס׳דערמאָנען זיך אים גראָד גאַרישע לידלעך פון די קינדער־יאָרן. ער שרייט. אָבער דווקא דאָ, אין מיטן וואַלד, ווי יעדער שטילסטער קלאַנג שלאָגט זיך אָפּ מיט אַ שאַרפן עכאָ — הערט ער נישט זיין ווידער־קול. אפשר שרייט ער גאָרנישט ? אפשר ווילט זיך אים גאָרנישט שרייען ? אפשר האָט ער נישט קיין כוח צו שרייען ? און אפשר ווערט זיין געשריי פאַרטויבט פון דער מוזיק און דעם געזאַנג וואָס טראָגט זיך ווידער וואָס אַ מאָל העכער ?

אין שמעונען בליצט אויף אַ געדאַנק זיך אַראָפּצוּוואַרפן פון שליטן אין שניי אַריין. ער דערמאָנט זיך אָבער באַלד, אַז עס איז נישטאָ ווו. דער שליטן שפּאַרט זיך קוים אַדורך דורך די צווייי געדיכטע, הויכע ווענט פון צונויפגעפּרעסטע ביימער־ריזן. אַפילו אַ פוס איז נישטאָ ווו אַראָפּצו־הענגען און מען מוז זיי האַלטן די גאַנצע צייט צונויפגעקאַרטשעט אויף די קלעצער. יעדע פּעלערהאַפּטע באַוועגונג, דאָס אַראָפּגליטשן זיך אַ ביסל פון שליטן, דראָט מיט צעשמעטערן דעם קאָפּ, אָדער צעטראָטן ווערן פון די פערד און שליטנס וואָס גייען האַרט איינער אונטערן אַנדערן און שפּאַרן איינער אויפן צווייטן.

שמעון וויל איינהאַלטן זיין פערד, אָבער דאָס פערד גייט עקשנותדיק פאָראויס, געטריבן פון זיין אינסטינקט וואָס זאָגט אים אונטער נישט אָפּשטיין, נישט פאַרהאַלטן זיך. אַ חוץ דעם שפּאַרט אויף זיין שליטן דאָס פערד פונעם שליטן וואָס גייט אונטער אים, און קיין מעגלעכקייט אָפּצונויגן אין אַ זייט איז אויך נישט פאַראַן, ווייל דער וועג איז נישט מער ווי אַ שמאָלער פּאַס אויסגעשניטענער וואַלד, ווי נאָר איין שליטן קאָן זיך קוים אַדורכשפּאַרן.

שמעון פּילט לעבן זיך כסדר דאָס הירזשענדיקע מויל פון דעם פערד, וואָס רייסט זיך אומגעדולדיק אַהיים. ער גיט סיגנאַלן דעם באַלאַגאַלע וואָס פירט דעם שליטן אונטער אים, ער זאָל איינהאַלטן זיין פערד. אָבער יענער זעט נישט און אפשר זעט ער יאָ, נאָר קאָן נישט איינהאַלטן זיין פערד, ווייל אונטער אים שפּאַרן פאָראויס אַנדערע פערד און שליטנס ? און אפשר איז דער שכּורתדיקער באַלאַגאַלע איצט גאָרנישט אויף זיין שליטן ? אפשר האָט ער זיך אַרויפגעזעצט צוזאַמען מיט אַ חבר אויף יענעמס אַ שליטן

און איצט זיצן זיי צוזאַמען און שמועסן זיך געמיטלעך, ווי דאָס האָט אַפּט געטראָפן, איבערלאָזנדיק זיין פערד גיין אין דער ריי מיט אַנדערע? און אפשר — פאַלט שמעונען איין אַ געדאַנק — אפשר ווייזט ער אַליין גאָר־נישט קיין סיגנאַלן? אפשר האָט ער שוין נישט קיין כוח צו באַוועגן מיט די הענט — און עס דאַכט זיך אים נאָר, אַז ער טוט עפּעס.

ס'איז מאָדנע. וואָס ווייניקער ס'בלייבן אים פיזישע כוחות, אַלץ אינ־טענסיווער אַרבעט אין אים אַ קליין אָרט, אַזוי ווי עפּעס אַ פּיצעלע העלער פּונקט באַוווּסטזיין, וואָס איז אין אים פאַרבליבן. דער פּונקט ווערט כסדר קלענער, אָבער זיין אינטענסיווע העלקייט — וואָס אַ מאָל שטאַרקער. ער באַמערקט ערשט איצט דאָס ערשטע מאָל די טייגע. אַפּט איז ער דורך איר אַדורכגעפאָרן, צי אַדורכגעגאַנגען, אָבער קיינמאָל די טייגע נישט געזען. ער זעט ערשט איצט צום ערשטן מאָל דאָס, אויף וואָס ער האָט אַזויפיל מאָל געקוקט. איצט זיצנדיק מיט אַן אַראָפּגעהאַנגענעם קאָפּ, נישט קאָ־נענדיק אַפילו קוקן, איצט זעט ער ערשט. — אָט איז, דערמאָנט ער זיך, אַן איינגעבראָכענער אין דער העלפט בוים. די אַראָפּגעפאַלענע קרוין שפּאַרט ער אָן אין אַ שטאַם פון אַ שכנותדיקן בוים, שאַפנדיק אַזוי אַרום אַ גלייכע ליניע. דער שניי האָט באַדעקט דעם איינגעבראָכענעם טייל בוים, מיט אַ דיקן שיכט און פונדערווייטנס זעט עס אויס ווי אַ וווּנדערלעכער סאַרקאָפאַג פון ווייסן מירמל־שטיין.

אָט שטייט אַ בוים מיט אַ שטאַם וואָס איז אויסגעהויקערט באַלד אין דער הויך. ער זעט אויס ווי אַ ריזיקע געכתיבהטע „ק", באַפּוצט מיט אַ קרוין ווי מיט אַ סופרישער אָרנאַמענטיק. פון זיין קרוין הענגען אַראָפּ עטלעכע צווייגן וואָס פילן אויס דעם חלל פון דעם אויסגעקרימטן טייל שטאַם. דער בוים און די צווייגן וואָס הענגען אַראָפּ, זענען געדיכט באַשאָטן מיט פינקלדיקן שניי און זעען אויס ווי אַ קרישטאָלענע האַרפע.

שמעון זעט איצט ביימער אין פאַרשידענע פּאָזיציעס און אַלע זעען זיי אויס ווי גיגאַנטישע חיות מיט ווייסע, ברייטע גריוועס און הויכער, ווייסער פעל. שמעון דערמאָנט זיך, ווי שלאַנק און גראַציעז, כמעט נאַקעט, אָן צווייגן, בלויז באַדעקט מיט אַ דינע, ברוינע הויט, מיט אַ קליינעם האַרמאָניש־געשניצטן קאָפּ, שטייט שטאָלץ די סאָסנע, די „זי" — און שווער ווי אַ בער, מיט אַ גראָבע קאָרע, באַוואָקסן מיט צווייגן כמעט ביז דער ערד, שטייט פאַרמרהשחורעט דער „ער". שמעון דערמאָנט זיך אויך, אַז די טייגע איז שטום. אַ חוץ דאָס קריצן מיט די זעגן, די קורצע קלעפּ פון די שווערע העק, ווי דאָס אָפּגעהאַקטע בילן פון בייזע הינט און דאָס איבערשרייען זיך טיילמאָל פון די אַרעסטאַנטן, האָט ער קיינמאָל אין

וואַלד קיין קלאַנג פון קיין לעבעדיק באַשעפעניש נישט געהערט. זייט מען האָט דאָ אַנגעהויבן האַקן דעם וואַלד, האָט אַלץ וואָס איז לעבעדיק און באַוועגלעך, פאַרלאָזט דאָס אָרט אויף הונדערטער קילאָמעטער אַרום. דאָ איז די טייגע געוואָרן שווייגנדיק און פאַרביסן.

אין דער שטומקייט פון דער טייגע, הערן זיך אַלץ שטאַרקער און מעכטיקער די קלאַנגען פון דער מוזיק און פונעם געזאַנג. שמעון דערמאָנט זיך שוין מער גאָרנישט. ער הערט נאָר. איצט ווייסט ער שוין פון וואַנען די מוזיק איז. זי איז פון אַן אָפּערע, וועלכע ער האָט אַ סך מאָל געהערט. אָט איז דער צווייטער אַקט, די הויפּט העלדין צוואַלעוועט אַרויף אויף דער סצענע אויף אַ פערד און פאַרטראָגט זיך אין אַ געוואַלדיק געזאַנג. און זי אַליין איז אים אַזוי נאָענט און באַקאַנט. זי דערמאָנט אים דאָס פּנים פון זיין כלה. די זעלבע גרינע אויגן, די זעלבע רויטע האָר, די זעלביקע העל־ראָזע הענט, וואָס מאַכן איצט אַזעלכע פאַרצווייפלטע באַוועגונגען, ווי זיי וואָלטן אים גערופן צו זיך. שמעון גיט זיך אינגאַנצן איבער די קלאַנגען פון דער מוזיק און שווימט מיט זיי צוזאַמען אַוועק.

פּלוצים אַ שאַרפער, שנעלער שניט, אַ ווייסער בלענד פאַר די אויגן. דער וואַלד האָט זיך מיט אַ מאָל אָפּגעהאַקט און איז געבליבן שטיין אונטער די פלייצעס פון שליטן מיט אַ גלייכער, מעכטיקער וואַנט. ס׳האָט זיך געעפנט אַ גרויסער, פירעקיקער ווייסער שטח. דאָס איז אַ פליין פון אַ שטיק שוין לאַנג אויסגעהאַקטן וואַלד. דער טיפער שניי דעקט איצט צו די אַרויסשטאַרנדיקע פּיעניעס פון די אונטערגעשניטענעביימער.

מיט אַן אַווטאָמאַטישער באַוועגונג באַפרייט שמעון זיין רעכטע האַנט פון די לייצעס, מיט וועלכע זי איז אַרומגעבונדן. ער טוט זיך אַ וואַקל און קאַלערט זיך אַראָפּ אין שניי אַריין.



עס האָט מסתמא געדויערט נישט לענגער ווי עטלעכע געציילטע רגעס. שמעון טוט אַ ציטער מיטן גאַנצן לייב, ווי מען וואָלט אים האַסטיק אויפגעוועקט. ליגנדיק מיטן פּנים אַראָפּ, הויבט ער עס אָן רייבן אין שניי מיט אַ ווילדער גיכקייט. ער וואַרפט זיך אינגאַנצן אַרומנעמענדיק די קופּעס שניי מיט זיינע אויסגעשטרעקטע, פאַרשטאַרטע הענט.

ווען ער שטעלט זיך אויף, דערזעט ער, אַז די גרינע טונקלקייט פון וועג איז פאַרשוווּנדן. דער שטח אויסגעשניטענער וואַלד וואָס ליגט פאַר אים איז באַלויכטן מיט אַ העל, גאָלדן ליכט. דער הימל, אַ קיילעכדיקער

ליגט אויף די מאַסיווע ווענט פונעם וואַלד, ווי אַ בלויע ביזאַנטישע קאַפּולע. דער מילך־וועג איז באַוועגלעך, ס'ראַיען זיך אויף אים כסדר שטערן. די לבנה זעט אויס ווי אַ גאָלדן האַרץ פון בלויען הימלישן גלאָק. ס'באַהערשט אים אינגאַנצן אַ געפיל פון שטוינונג וואָס וויל אים ווידער וואַרפן פון די פיס.

ער הערט שוין נישט קיין מוזיק, אויך נישט קיין געזאַנג. ער האָט שוין צוריק פאַרגעסן דאָס פּנים פון זיין כלה. ער שטוינט נאָך אַלץ, וויל זיך בוקן, דאַווענען, לויבן — און מאַמראַטשעט גאַר איינצלנע, אָפּגעהאַקטע, אומזיניקע ווערטער, ווען ער דערמאָנט זיך זיי שפּעטער, שעמט ער זיך פאַר זיך אַליין.

ס'קלינגט אים אין די אויערן. די אָדערן אויף די שלייפן הויבן אָן ביי אים קלאַפּן, וואָס אַ מאָל שטאַרקער. ערשט איצט באַמערקט ער, אַז דער שליטן, אויף וועלכן ער איז געפאָרן, איז שוין אַ שפּאַרער מהלך פון אים און ער הויבט אים אָן נאָכצולויפן.

פון דער ווייטנס טוען די רויטע עלעקטרישע לעמפּלעך האַלב־בלינד באַלויכטן דעם געלן פּאַרקן פון דער זאַנע, אַרום וועלכער זיי הענגען. ס'טוט זיך אַ שאָקל דאָס באַהאַלטענע לעמפּל אויפן טורעם, ווו ס'שטייט דער סטריעלאָק מיט דער ביקס. מען זעט נאָר אָן דעם שפּיץ פון זיין ברוינעם באַשליק, וועלכער איז גלייך מיטן שטאַלענעם שפּיץ פון זיין באַגנעט.

שמעון שטעלט זיך אָפּ אין מיטן לויפן. ער דערמאָנט זיך דעם גרויסן באַראַק אין לאַגער, אין וועלכן ער איז נאָך מיט עטלעכע טעג צוריק געשלאָפן. דעם באַראַק מיטן רויטן קאַליעדיקן אויג פון דעם ברענענדיקן נאַכט־לעמפּל, וואָס וואַרפט אַ פּאַררויכערטן שיין אויף דעם שטיקל אָרט ווו דאָס לעמפּל הענגט. דער ענגער באַלויכטענער קרייז איז שטענדיק באַקלעפּט מיט מענטשן, וואָס ציען אַהער און פירן דאָ זייערע „געשעפטן", ווער מיט אַ שטיקל ברויט און ווער מיט אַ פּאַפּיראָס מאַכאָרקע.

שמעון זעט פאַר זיינע אויגן דעם ברודיקן דיל פון באַראַק, פאַרטראָטן מיט שניי און בלאָטע, שוואַרץ און נאַס־קלעפּיק. ער זעט די גרויסע שוואַרצע פלעקן פון די שטרוי־זעק און פון די צעריסענע פּופייקעס אויף די לאַנגע, בשותפותדיקע נאַרעס. ס'טוט אים פון דער דאָזיקער דערמאָנונג אַ שלאָג צו דער נאָז דער איבלדיקער עיפּוש פון די אַרעסטאַנטנס מלבושים, אַדורכגענעצטע מיט צעטייעטן פראָסט און אַדורכגעווייקטע מיט שווייס; דער זויערער ריח פון קאַליעדיקע, ערגעץ־ווו פאַרבאַרגענע, ביסלעך עסנס; דער שווערער, שאַרפער ריח פון מלבושים און געלעגערס פון די נאַכט־

נעצערס און דער עקלדיקער געשטאַנק פון די שילשול־קראַנקע. ער דערפילט געגוי דעם גאַנצן געקנויל פון משונהדיקן עיפּוש, וואָס מאַכט אַזוי געדיכט די לופט אין באַראַק, אַז אַריינגיין אין אים קאָן מען נאָר זייטיק, שניידנדיק די לופט מיט אַן אָרעם, אַזוי ווי די שווימער וואָס שניידן מיט אַן אָרעם אַ שווערע כוואַליע וואַסער.

און אין דרויסן שטייט נאָך פּאַר אים אַלץ די נאַכט, אַ ברייטע, אַ גרויסע, מיט אַ פולן הימל צעבליטע שטערן. ס׳דאַכט זיך אויס, אַז די נאַכט צעוואַקסט זיך כסדר און צעשפּאַרט די פיר זייטן פון דער וועלט. שמעון קוקט זיך ווידער איין אין דער נאַכט, קוקט זיך גוט אין איר איין. אַ ווילד, נישט־געצוימט רחבות ליגט אין איר. אַזוי אָפן און פּזרנותדיק האָט די נאַכט געקאָנט זיין נאָר אין די טעג פון בראשית, ווען נאָר זי אַליין האָט געהערשט אין דער וועלט — טראַכט ער. ער דערמאָנט זיך וואָס איז בסך־הכל מיט עטלעכע מינוט פריער מיט אים געשען, קוקט זיך ווידער איין אין דעם הימל איבער דער טייגע און איז זיכער, אַז ער זעט אַ קרוין אויף דעם קאָפּ פון דער וועלט. ס׳דערמאָנט זיך אים ווידער עפּעס — און מיט אַן אומבאַהערשטער שרעק הויבט ער אָן נאָכצולויפן זיין שליטן, וועלכער האָט זיך דערווייל ווידער פון אים דערווייטערט.

לויפנדיק זעט ער וואָס בענטער דעם געלן פלויט פון דער זאָנע, אין וועלכער ס׳געפינען זיך די באַראַקן פון לאַגער. ער דערזעט לעבן זיך דעם שטאַרקן הילצערנעם פלויט, וואָס האָט נאָר־וואָס פונאַנדערגעטיילט אַ גע־הויבענעם טויט פון אַ פיינלעך לעבן. אין זיין אויסגעמאַטערטן גוף, צווישן הויט און ביין, הויבט זיך עפּעס אָן באַוועגן, וויברירן. ס׳טוט זיך אין אים אַ צעשפּיל דאָס ביסל צוריק אויפגעטייעטע בלוט, וואָס האָט נישט געוואָלט פאַרגליווערט ווערן, נאָר זיך געריסן צום לעבן.

ווען שמעון איז אַריין אין דער זאָנע, זענען שוין אַלע שליטנס גע־שטאַנען פאַר דער קאַפּטילקע, ווו מען האָט אויסגעלאָדנט פון זיי דאָס האָלץ. ס׳איז שוין געווען טיפע נאַכט. אַלע אַרעסטאַנטן אין די באַראַקן זענען שוין געשלאָפן. די אַמבולאַטאָריע איז שוין געווען געשלאָסן.

שמעון גייט צו זיך — אין דעם קליינעם שטיבל, אין דעם באַראַק פון דער סאַניטאַרער אָפּטיילונג. ער גייט ווי אַ סאָמנאַמבוליקער, שיכור פון לבנה־ליכט, פון פראָסט, פון נאַכט און פונעם געראַטעוועטן לעבן. צוקו־מענדיק צו זיין צימערל, באַמערקט ער דורך אַ שפּאַרע אין דער טיר, אַז דאָס דערבייאיקע שטיבל וואָס איז באַשטימט פאַר דרויסנדיקע מענטשן, איז באַלויכטן. נישט וויסנדיק וואָס ער טוט, נישט אָפּגעבנדיק זיך קיין

דין־וחשבון, גיט שמעון אַ קלאַפּ אָן אין דער טיר און נישט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפער — עפנט ער זי אויף.

אין בעט ליגט וויערא. זי ליגט אונטער אַן איבערבעט אין אַ ווייס העמד, באַנייט אַרום האַלדז מיט אַ לאַנגעט. זי ליגט אויפן רוקן. לעבן בעט אויף אַ קליין טישל ברענט אַ נאַפט־לאָמפּ אונטער אַ גרינעם קלאָש. זי לייענט אַ בוך. אין שטיבל הערשט אַ ליבע וואַרעמקייט.

ווען שמעון קומט אַריין, נעמט וויערא אַוועק דאָס בוך פון איר פאַרפלאַמט פּנים און קוקט אויף אים מיט אַ שמייכל אין אירע גרויסע, גרויע אויגן. זי קוקט אויף אים ווי זי וואָלט שוין לאַנג אויף אים געוואַרט און נישט פאַרשטאַנען פאַרוואָס ער האָט זיך אַזוי פאַרזוימט.

אַזוי שמייכלענדיק און נישט אַראָפּנעמענדיק פון אים קיין אויג לייגט וויערא אַרויס דאָס בוך פון דער האַנט, לייגט עס אַוועק אויפן טישל און לעשט אויס די לאָמפּ.

ווי אַ מענטש וואָס טרענקט זיך נאָך אַ לאַנגן קאַמף מיט די כוואַליעס פון אַ שטורמישן ים — און אָן אויסגעשעפּטער, אָן כוחות, גיט ער זיך לסוף אונטער מיט אַ געפיל פון טויט־שרעק און אויסלייזונג, אַזוי גיט זיך שמעון אונטער דעם באַצווינגנדיקן כוח, וואָס גייט פון דעם אָרט, וווּ אין פינצטערן שטיבל העלט זיך דאָס בעט, אין וועלכן ס'ליגט וויערא.

ער זינקט אין איר וואַרעם, נאַכגיביק לייב אַ פּאַרלוירענער, גרייט אויף אומקום. פּלוצים פליסט אָן אין זיין אויסגעצערטן גוף אַ ריזיקער כוח און ער באַזיצט זי אין אַ ווילדן עקסטאַז, אין אומענדלעכער פאַרגעסנקייט.

צומאַרגנס גייענדיק אין דער זאַנע, טרעפט שמעון זיך אָן מיט דינהן. ער וויל זי אויסמיידן און דינה באַמערקט דאָס. זי קוקט אים אָן דורכ־דרינגלעך. עפּעס זעט זי, אַז זיין גאַנג איז נישט ווי אַלע מאָל. זיין גאַנג איז זיכערער, ענערגישער און אויסגעגליכענער ווי ביז איצט. זי כאַפּט אויך אויף אַ גלאַנץ אין זיינע אויגן, וועלכן זי האָט ביז איצט ביי אים נישט באַמערקט.

איר פרי אויפגעוואַכטער פרויען־אינסטינקט זאָגט איר אונטער, אַז עפּעס איז מיט אים געשען. געשען אָט נאָר־וואָס. זי אַנטלויפט פאַר שמעו־נען ווי ער וואָלט איר געטאָן שלעכטס. זי פילט איצט מיט דער גאַנצער זיכערקייט, אַז דאָס אומגליק, וואָס זי האָט לעצטנס פאַרגעפילט, דער־נענטערט זיך צו איר וואָס אַ מאָל מער.

# דער טייוול און זיין מישפט

ס׳קומט אָן אין לאַגער אַ נייער עטאַפּ מיט רוסן. ס׳קומט אַ קליינע צאָל פּרויען־אַרעסטאַנטינס און אַ גרופּע יונגע פאַרברעכערס פון דער „שפּאַנא״, פון דער אונטערוועלט.

כאָטש דער נייער עטאַפּ איז נישט קיין גרויסער, אָבער צוליב זיין פאַרשידנאַרטיקייט, ברענגט ער אַריין אין לאַגער אַ געררייצטקייט און אַ שפּאַנונג. די יונגע חברה פון דער שפּאַנאַ, פירן גלייך אַדורך אַ ריי דרייסטע גניבות.

זיי גייען נישט אין וואַלד צו שווערער אַרבעט. מען גיט זיי לייכטע באַשעפטיקונגען אין דער זאָנע. אָבער זיי אַרבעטן נישט, דרייען זיך אַרויס פון עפּעס וואָס צו טאָן. דאַקעגן כאַפּט זיך אָפּט איינער פון זיי אַריין אין גרויסן באַראַק פון פּוילישן עטאַפּ, ווען דער דניעוואַלני גייט אויף אַ מינוט אַרויס, באַהאַלט זיך אונטער אַ נאַרע, און מיט זייער דינטשיקע זעגלעך זעגט ער אַדורך דאָס ברעט פון דער נאַרע, אויף דעם אָרט ווו ס׳איז דער צוקאָפּנס. ער ציט אַרויס די שטיקלעך דורגעזעגט ברעט און נעמט אונטן אַרום אַרויס דאָס פּעקעלע, וועלכעס, דער אַרעסטאַנט באַהאַלט דאָרט.

טיילמאָל באַוויזט נישט דער גנב אי אַדורכצוזעגן דאָס ברעט, אי עס אַרויסצוציען. עפּעס שטערט אים. לאָזט ער איבער אין דער נאַרע דאָס איבערגעזעגטע ברעט און לויפט אַרויס פון באַראַק. ער טוט דאָס אַפילו אויף דעם דניעוואַלניס אויגן. ער מאַכט עס אַזוי פלינק, אַז נישט זעלטן דאַכט זיך אויס דעם דניעוואַלני, אַז עס איז געווען עפּעס אַן אויסדאַכ־טעניש, אַז קיינער איז דאַ נישט געווען, נאָר פון מידקייט האָט ער געהאַט אַ האַלוצינאַציע.

דער שניט, וואָס דער גנב מאַכט אין ברעט איז אַזאַ דינער, אַז ווען דער דניעוואַלני קאָנטראָלירט אַפילו גענוי די נאַרע, באַמערקט ער גאָר־נישט. מען דאַרף זיין אַ ספּעציאַליסט אין אַזעלכע גניבות בכדי זיך כאַפּן וואָס דאָ איז געשען.

ביינאַכט קריגט זיך דער יונגער גנב ווידער אַריין אין באַראַק, ווען

אַלע אַרעסטאַנטן שלאָפֿן. ער קריכט אַרונטער אונטער דער נאַרע, געגנוי אויף דעם אָרט ווו ער האָט בייטאָג איבערגעזעגט דאָס ברעט, נעמט עס אַרויס, און ציט אַרויס דאָס פּעקל פֿון אונטער דעם אַרעסטאַנטס קאָפּ, וועלכער שלאָפֿט מיט אַ טיפֿן, האַרטן שלאָף פֿון אַ טויט־מידן, און פּילט גאַרנישט. דער יונגער גנב לויפֿט אַרויס פֿון באַראַק מיט אַזאַ געשיקטקייט, אַז אין דער פֿרי, ווען דער אַרעסטאַנט זעט, אַז מען האָט אים באַגנבעט, און ער שרייט צום דניעוואַלני, — וואָס? איר האָט נישט געזען, אַז אין באַראַק איז אַריין אַ גנב?! — איז דער דניעוואַלני, אַן עלטערער מענטש, אַ געוועזענער זייף־פֿאַבריקאַנט, זיך מודה מיט זיין גאַנצער תמימותדיקייט, אַז געזען האָט ער יאָ עפּעס, נאָר ס'האָט זיך אים אויסגעדאַכטן, אַז אַ גרויסער שטשור איז אַדורכגעלאָפֿן. אין דער אמתן האָבן זיך די קליינע גנבמלעך געקאָנט אַזוי קונציק איינקאַרטשען און לויפֿן אויף אַלע פֿיר, אַז ביינאַכט ביים שוואַכן אַפּשיין פֿון ווייסן שניי וואָס איז געלעגן אויף די קליינע פֿענצטערלעך, האָט זיך געקאָנט אויסדאַכטן, אַז שטשורעס לויפֿן איבערן באַראַק.

אַזאַ גניבה איז פֿון פֿאַראויס אויסגעקוקט. די עלטערע גנבים פֿלעגן שוין איסשפּירן און געוואָר ווערן ווער פֿון די יידישע אַרעסטאַנטן האַלט ביי זיך זיין פּעקל, ווער ס'האַלט ביים פֿאַרקויפֿן עפּעס אַ זאַך און זיי שיקן דאָס אונטער די יינגלעך פֿון שפּאַנאַ, זיי זאָלן אויספּירן די גניבה.

דער באַגנבעטער באַקלאָגט זיך נישט פֿאַרן קאָמענדאַנט, אַז מען האָט אים באַגנבעט. ווי ווייי דאָס טוט אים נישט, ווי אומגליקלעך ער פֿילט זיך נישט, מאַכט ער פֿון דעסטוועגן אַ שווייג. ער טוט דאָס צוליב מורא. אויב פֿריער האָבן די אַרעסטאַנטן פֿון פּוילישן עטאַפּ נישט אויסגעזאָגט, אַז מען האָט זיי באַגנבעט, פֿון מורא פֿאַר די עלטערע גנבים, בעטן זיי זיך איצט, אַז קיינער זאָל נישט דערוועגן צו רעדן דערפֿון, און דאָס אַלץ צוליבן פּחד פֿאַר די יונגע גנבים פֿון דער שפּאַנאַ.

זיי, די חברה פֿון שפּאַנאַ, זענען פֿאַרשייט און פֿאַרחוצפּהט, אינגאַנצן הפֿקרדיק. ווען אַ נאַטשאַלניק מאַכט זיי די מינדעסטע באַמערקונג, באַשיטן זיי אים מיט זידלערייען. זיי זענען אויסערגעוויינטלעך עלאָקווענט — די יונגע חברה. זייער אַרגומענטאַציע איז שניידנדיק און מיט אויסגעהאַלטענער פֿאַרברעכערישער לאָגיק. זיי זאָגן אַריין די נאַטשאַלניקעס, אַז זיי זענען פּאַראַזיטן, פּרעסערס און זויפֿערס — און דאָס אַלץ אויפֿן חשבון פֿון דעם אומגליקלעכן מענטש, וועלכן זיי האָבן אַריינבאַקומען אין זייערע הענט. זיי גנבענען און גזלען. אָט דאָס וואָס די שפּאַנאַ טוט פֿאַרבאַרגענערהייט, טוען זיי עפֿנטלעך, און דערביי זענען זיי נאָך נאַטשאַלניקעס און

באַקומען אויסצייכענונגען און מעדאַלן. די יונגע חברה חוזקן אָפּ עפּנטלעך פון די לאַזונגען, אַז אַרבעט איז אַ זאַך פון כבוד, פון העלדישקייט. דאָס איז נאָר — זאָגן זיי — אַ מיטל אויסצופּרעסן דאָס לעצטע ביסל כוחות פון די אַרעסטאַנטן, אַז די כלערליי מינים נאַטשאַלניקעס זאָלן קאָנען גאַרנישט טאָן נאָר פּאַשען זיך אויף יענעמס חשבון. אויב אַ נאַטשאַלניק זאָגט אַ מאָל מוסר אַן עלטערן אַרעסטאַנט, הערט יענער דאָס אויס שווייגנ־דיק, כאַטש אין אים קאָכט און זידט פון כעס און פון געפיל פון באַעוולטקייט. זעלטן ווען אַ דערוואַקסענער אַרעסטאַנט רעדט אַנטקייגן אַ נאַטשאַלניק. אָבער די יונגע חברה פון דער שפּאַנאַ ענטפערן אויף איין וואָרט מיט אַן אַ שיעור ווערטער. זיי זוכן נאָר אַזאַ געלעגנהייט זיך צו קאָנען „אַדורכ־שמועסן" מיט אַ נאַטשאַלניק אויף זייער אומדערשראָקענעם אופן מיט זייער לאַגער־לעקסיקאָן. ווען זיי קריגן אַן אויף אַן אַדורכרעדן זיך אַזאַ איינעם, לאָזן זיי אים נישט אָפּ. ווען יענער ענטפערט נאָר מיט איין וואָרט, באַשיט אים אַזאַ חברהמאַן פון דער שפּאַנאַ מיט אַ האָגל אויסגעלאָסענע ווערטער. שטענדיק לאָזט זיי דער נאַטשאַלניק אין מיטן רעדן און אַנט־לויפט. ער איז גליקלעך, אַז ער איז זייער פּטור געוואָרן.

איינמאָל אין אַ פאַרנאַכט כאַפּן די חברה דעם געהילף פון נאַטשאַלניק פון קאַוווטשע — דאָס יינגל וואָס האָט אַ מאָל אויך געהערט צו דער שפּאַנאַ און איז געוואָרן אַ בעל־תשובה, אַט דער זעלבער, וועלכער איז אַריינקומענדיק אַמאָל אין באַראַק פון פּוילישן עטאַפּ, אַנגערופן געוואָרן דורך מאַצאַי „נאַטשאַלניק" און אים באַוואָרפן מיט אַ באַרג חניפה־רייד. ער גייט זיך גאַוואַהדיק מיט אַ פּאַפּקע פּאַפּירן אונטער דעם אָרעם און אָנגעטועט איז ער האַלב מיליטעריש און האַלב ציוויל, אין אַן אויבערשטן טייל פון אַ מונדיר מיט מעשענע קנעפּ. די חברה פּאַלט אויף אים אַן, פאַרשטאָפּן אים דאָס מויל מיט אַ שמאַטע, און פאַרשלעפּן אים אונטער אַ באַראַק. זיי ציען אים אַראָפּ די הויזן און גאַטקעס און צימבלען געזונט אַריין מיט וואָס עמעצער האָט אין דער האַנט, אין דעם „נאַטשאַלניקס" אויסגעפּאַשעטן אונטערשטן חלק. דערנאָך שניידן זיי ביי אים אָפּ אַלע קנעפּלעך פון די הויזן, נעמען ביי אים צו די פּאַפּקע מיט פּאַפּירן און דערלאַנגען אים די הויזן אין די הענט אַריין.

מיט דעם האָט זיך געענדיקט די קאַריערע פון דעם קאַוווטשע נאַ־טשאַלניקס געהילף. מען האָט אים גיך אַוועקגעשיקט אויף אַן אונטער־פּונקט און אויפן הויפּט־לאַגער האָט מען אים מער נישט געזען.

די נאַטשאַלניקעס מיידן אויס די יונגע חברה פון דער שפּאַנאַ, ווי אַ פּעסט. אַפילו דער זאַנע־קאָמענדאַנט סאַבאַטשאַוו און דער נאַריאַדטשיק

וואַניאַ — גייען אַרום צעטומלטע. זיי האָבן פאַרלוירן אַ גרויסן טייל פון זייער ביז־איצטיקער חוצפּה. סאָבאַטשאָוו גייט אָפּט אַרום אַ פאַרטראַ־ גענער. ער זוכט עצות ווי אַזוי וואָס שנעלער פּטור צו ווערן פון דער דאָזיקער חברה.



אויך אין פרויען־באַראַק ראַיעט זיך. ביז איצט האָט אין דעם קליינעם באַראַק געהערשט אַ שטילקייט. מען האָט אין לאַגער נישט געפילט, אַז עמעצער וווינט דאָרט. דריי מיידלעך זענען דאָרט געווען: בערטאַ די דייטשקע, וואָס זיצט שוין זייט דעם זיבנדרייסיקסטן יאָר. און צוויי יידישע מיידלעך פון פּוילישן עטאַפּ: חנה, איצט די געהילפס־סאַניטאַרין פון דער אַמבולאַטאָריע, וועלכע גייט טיילמאָל מיט מיטן לעק־פּאָם מי־ ראַנאָוויטש אין וואַלד מיט די בריגאַדעס, און דינה וואָס האָט נאָך נישט אין לאַגער קיין באַשטימטע באַשעפטיקונג.

וואַליאַ וואָס אַרבעט אין דער אַמבולאַטאָריע, שלאָפט אין איינעם פון די צימערלעך, וועלכע זענען צוגעטיילט די שטענדיקע מיטאַרבעטער פון דער סאַן־אָפּטיילונג — אַ חוץ חנהן, וועלכע איז נאָר האַלב־אָפיציעל אַ סאַניטאַרין. סוויעטלאַנאַ און וויעראַ וווינען אויסער דער זאָנע אין די הייזער פאַר פריי־געדונגענע. נאָר זעלטן בלייבט עמעצער פון זיי שלאָפן אינעם באַראַק פון דער סאַן־אָפּטיילונג.

ביז איצט האָבן די עטלעכע פרויען נישט אַריינגעבראַכט קיין אומרו צווישן די מענער אַרעסטאַנטן. וואַליאַ, אַן ערנסטע, שטענדיק אַ פאַר־ טראַכטע, אַ פאַרמאַכטע אין זיך, רעדט זעלטן מיט עמעצן. מען זעט זי קיינמאָל נישט אין דער זאָנע. זי פאַרלאָזט נישט דעם באַראַק פון דער אַמבולאַטאָריע. פירט זיך אויף ווי אַ נזירה. זיצט אַ גאַנצן טאָג אין איר ווייס פאַרטעך און טוט איר אַרבעט מיט איבערגעגעבנקייט, נישט אויפ־ הייבנדיק די אויגן אויף קיינעם.

וועגן בערטאַן גייען אַרום פאַרשידענע קלאַנגען. אין אָנהויב האָט מען געזאָגט, אַז זי איז די געליבטע פון נאַרמיראָווסטשיק, דעם פראַנצוויז פליוויע. דערנאָך האָט מען געזאָגט, אַז פליוויע האָט גאָר באַציאונגען מיטן זאַוו.־כאָז., דעם יונגן דייטש מיט דער מיידלישער פיגור, טאָבענטרעגער. נאָכדעם ווי מען האָט טאָגענטרעגערן אַראָפּגענומען פון זיין אַמט און אים געשיקט אויף אַרבעט אין וואַלד, זאָגט מען, אַז פליוויע האָט ווידער גע־ וואָנדן זיין מענלעכע אויפמערקזאַמקייט אויף בערטען.

חנה לעבט מיטן נאַריאַדטשיק וואַניאַ. וועגן דעם האָט דערציילט שמעונען סאַמעק. שמעונען איז דעמאָלט קלאָר געוואָרן פאַרוואָס חנה האָט באַלד באַקומען באַשעפטיקונג אין דער אַמבולאַטאָריע, כאָטש זי האָט נישט געהאַט די מינדעסטע צוגרייטונג דערצו.

איין מאָל באַמערקט שמעון, אַז דער נאַריאַדטשיק נעמט אַריין הנהן צו זיך אין שטוב. אָבער אין אַ פּאָר מינוט שפּעטער זעט ער זי פון דאָרט אַרויסגיין. דעמאָלט, האָט שמעון נעטראַכט, אַז דאָס וואָס סאַמעק האָט אים דערציילט וועגן חנהן — איז רכילות.

צו דינהן איז די באַציאונג נאָך אַלץ אַ דאָפּלטע, פון פּאַטערלעכער צערטלעכקייט און מענלעכן באַגער. די לעצטע צייט, נאָך איידער דער צווייטער רוסישער עטאַפּ איז אָנגעקומען, האָט זיך דינה געפילט שטאַרק באַאומרואיקט און דערדריקט פון דעם אָרום.

איצט, ווען ס'איז אָנגעקומען אַ קליינע צאָל פּרויען, איז ווי דורכן לאַגער וואָלט אַדורך אַ קליינע ערד־ציטערניש. אַלץ, די אָרדענונג און די איינגעשטעלטע הערארכיע, האָט זיך אַ וואַקל געטאָן. אַלע האָבן פאַר־לוירן די קעפּ, חוץ דער פּוילישער עטאַפּ, וועלכער איז שוין איצט באַשטאַנען פון בלויז יידן. זיי האָבן נישט קיין שום אינטערעס פאַר פרויען. די שווערע אַרבעט, די שלעכטע לעבנס־באַדינגונגען, די פרעמדקייט פון דעם אויסטערלישן פאַר זיי אָרום, דער שוידערלעכער קלימאַט און דאָס אומגליקלעכע געפיל פון זיין אָפּגעריסן פון דער אייגענער היים און נאָ־ענטסטער משפחה, דאָס אַלץ רויבט צו ביי זיי די כוחות און נעמט ביי זיי צו יעדן סעקסועלן חשק.

כמעט יעדער פון די אַרעסטאַנטן פון פּוילישן עטאַפּ ווייסט צו דער־ציילן, אַז נאָך בעת מען האָט אים געפּאַרשט נאָכן אַרעסט, האָט דער אויספאָרשער, אַן אָפיציר פון ענקאַווערע, אים געזאָגט: — מען וועט דיך פאַרשיקן אין אַזאַ אָרט, ווו לעבן וועסטו, אָבער בחורן וועט זיך דיר נישט פאַרגלוסטן. כמעט יעדער אַרעסטאַנט פון פּוילישן עטאַפּ האָט דאָס געהערט פון זיין אויספאָרשער.

איין יידישער אַרעסטאַנט האָט דערציילט, אַז אים האָט געפּאַרשט אַן ענקאַווערע־אָפיציר, אַ פרוי. ווען זי האָט אָפּגעזאָגט דעם דאָזיקן משונהדיקן פּזמון, ווען ער האָט דאָס געהערט פון מויל פון דער יונגער פרוי, האָט ער זיך נישט געקאָנט באַהערשן און האָט זיך צו איר אָפּ־גערופן — איך באַדויער אייער מוטער. דעמאָלט האָט זיך די אויספאָר־שערין אויפגעשטעלט, צוגעגאַנגען צום אַרעסטאַנט, אים אָנגענומען ביי די אָרעמס, אַוועקגעשטעלט אויף אַ געהעריקן דיסטאַנס פון זיך און מיט

אַ באַשטיוולטן פוס אים אַ זעץ געטאָן אינעם דעליקאַטן אָרט, צווישן די פיס. דער אַרעסטאַנט איז געפאַלן אין חלשות פון שרעקלעכן ווייטיק. נאָכן אַפּמינטערן איז ער געלעגן עטלעכע טעג, זיך נישט געקאָנט רירן, ווייל דער גאַנצער מענער־אָרגאַן איז אים געווען געשוואָלן.

די קליינע צאָל פרויען וואָס זענען אָנגעקומען אין לאַגער רופן נישט אַרויס ביים פּוילישן עטאַפּ דעם מינדעסטן אומרו. זיי זענען צו דעם גאַנצן געשעעניש אַבסאָלוט גלייכגילטיק, אָבער די רוסן, די סטאַכאַנאָווצעס און די נאַטשאַלניקעס פון צווישן די אַרעסטאַנטן, זיי ווערן מיט אַ מאָל ווי עלעקטריזירט. ס׳הויבט זיך אָן אַ פאַרקאָכעניש. איינגעדרימלטע ליידנשאַפטן הויבן אָן זידן. וואָס עמעצן ס׳גייט בעסער, וואָס מער ער רוט, וואָס בעסער ער עסט, אַלץ שאַרפער די מאַנונג צו סעקסועלער באַפרידיקונג.

אין לאַגער הערשט אַ נישט־געשריבן געזעץ, וואָס פאַרפליכטעט אַלע לאַגערניקעס. כאָטש דאָס געזעץ איז אומגעזעצלעך, ווייל אין לאַגער טאָרן נישט די אַרעסטאַנטן אָנהאַלטן קיין אינטימע באַציאונגען מיט פרויען, ווערט אָבער דאָס געזעץ אָפּגעהיטן אַפילו דורך נאַטשאַלניקעס, וואָס זענען באַשטימט אַפּצוהיטן, אַז מענער זאָלן נישט האָבן קיין באַציאונגען מיט פרויען.

דאָס „געזעץ" באַציט זיך צו אַ סטאַטוס וואָס הייסט „לאַגער־ווייב". אויב עמעצער לעבט אויסשליסלעך מיט איין פרוי און אויב די פרוי האַלט אָן באַציאונגען נאָר מיט דעם מאַן, וועט שוין קיינער נישט וואָגן זיך צו איר צו טשעפּען. פאַרקערט, מען וועט אַפּהיטן, אַז קיין צופעליקער אַרעסטאַנט, וואָס ווייסט נישט פון דער באַציאונג, זאָל נישט פּרווון זיך צו איר דערנענטערן.

דעריבער טוען די פרויען, וואָס ווילן נישט איבערגיין פון האַנט צו האַנט, ווי נאָר זיי קומען אָן אין לאַגער זיך גערן פאַרבונדן מיט אַן אַמאַנט, וואָס זאָגט זיי צו אויף דער גאַנצער צייט פון זייער זיין צוזאַמען אין לאַגער, לעבן ווי מאַן און ווייב.

דער ערשטער וואָס האָט זיך צוגעקליבן אַ לאַגער־פרוי, איז דער יונגער און שיינער סטאַכאַנאָוויעץ, דער וואַלד־האַקער מערצאָוו. זיין אויג איז געפאַלן אויף דער גריכן עללאַ, וועלכע איז באַלד נאָכן אָנקומען אין לאַגער באַשטימט געוואָרן פאַר אַ מאַרקיראָווטשיצע. מיט אַ דליטע און האַמער האַקט זי אויס צייכנס אויף די ביימער, לויט וועלכע מען ווייסט צו וואָס פאַרא סאָרט זיי געהערן. די צייכנס מאַכט דער מאַרקיראָווטשיק לויט די אָנווייזונגען פון דיעסטאַניק.

ווען מערצאָוו דערזעט דאָס ערשט מאָל עללאַ אין וואַלד, ווערט ער באַלד אַנגעצונדן. זי איז אַ פולשטענדיקער קאָנטראַסט פון אים. ער איז אַ הויכער, זי עטוואָס ווינציקער פון מיטעלער וווקס. ער אַ בלאָנדער, זי האָט אַ קאָפּ פעך־שוואַרצע האָר, פאַרקעמט גלאַטיק מיט אַ שרינט אין מיטן און פון ביידע זייטן פאַרלייגט אין געפלאָכטענע צעפּ אַרום די אויערן. זיינע אויגן — גרין, אירע טונקעלע, שוואַרץ מיט אַ שימער פון בלויקייט. זיין פּנים אַ העלס מיט רויטלעכע באַקן — איר פּנים סמאַגלע, ווי אָפּגע־ברענט פון דער זון. ער ווענדט דעם שאַרפן בליק פון זיינע גרינע אויגן אויף רעכטס און לינקס. איר בליק איז אַ קאָנצענטרירטער, אַן אינזיכיקער. זי טראָגט אירע אייגענע מלבושים, שטענדיק שוואַרצע. זיין שטאָלצער גאַנג און שטייפע האַלטונג, וועקן מורא. מיט איר פיינער באַנעמונג וועקט עללאַ סימפּאַטיע צו זיך. פון דעם ערשטן טאָג ווען זי איז אָנגעקומען אין לאַגער, האָבן זי אַלע גערן באַקומען. לעבן דינהן איז עללאַ די באַליבטסטע פרויען־געשטאַלט אין לאַגער.

אַלע באַטשאַלניקעס־אַרעסטאַנטן זענען איר נאָכגעלאָפן, יעדער האָט געזוכט איר נאָענטקייט. יעדער האָט געפּרוווט זי איבעררעדן, אַפילו גע־דראָט, אַז ער וועט זי נעמען מיט כוח. אָבער זי האָט זיך פון אַלע אַרויס־געדרייט, זיך נישט געכעסט, זיך נישט געבייזערט, נאָר מיט אַ שמייכל און מיט אַן אילוזאָרישן צוזאָג, פלעגט זי פלינק ווי אַ פיש זיך אַרויסגליטשן פון זייערע הענט.

צי האָט עללאַ טאַקע צו קיינעם נישט געהערט איידער זי איז געוואָרן מערצאָווס ווייב — ווייסט קיינער נישט. די ווייבער אין באַראַק רעדן זייער פאַרשידן וועגן איר. דער עלטסטער קאָנטראָל־דיעסאַטניק סטיעפּאַן סטיעפּאַנאָוויטש, איז עפּעס צו לייטזעליק צו איר — זאָגן זיי. אָבער ווי נאָר עללאַ ווערט מערצאָווס לאַגער־ווייב, באַציען זיך אַלע צו איר מיט איידעלער אויפמערקזאַמקייט.

עללאַ ווערט גיך טראָגנדיק. דער קאָמענדאַנט פון דער זאָנע ברענגט זי אין דער אַמבולאַטאָריע. שמעון שטעלט פעסט איר שוואַנגערשאַפט. איצט שיקט מען זי נישט אין וואַלד ווי אַ מאַרקירערין, נאָר מען גיט איר באַ־שעפטיקונג אין אַ ביוראָ פון לאַגער.

ווו ס׳טרעפן זיך עללאַ מיט מערצאָוון ווייסט נישט קיינער. לויטן לאַ־גער־רעגולאַמין איז פאַרבאָטן פאַר מענער אַריינצוקומען אין פרויען באַראַק, און פרויען טאָרן נישט אַריינקומען אין מענער באַראַק. די ציגיינערין אַגלי, אויך פון נייעם עטאַפּ, איז זיכער, אַז זיי טרעפן זיך דווקא אין שטוב פון

זאָגע־קאָמענדאַנט סאָבאַטשאָוו. אָבער זי זאָגט דאָס נישט קיינעם, האָט מורא דאָס צו ברענגען פאַרן מויל.

די קאָמענדאַנטן און די נאַטשאַלניקעס זענען נישט פאַראינטערעסירט צו באַדרענגען דאָס לעבן פון די ערשטע סטאַכאַנאָוצעס, מיט וועלכע עס באַרימט זיך דער לאַגער. פאַרקערט, זיי העלפן זיי צו מאַכן דאָס לעבן אַ ביסל דערטרעגלעכער. זיי קוקן אָפּט אַוועק און מאַכן זיך נישט זען זאַכן, וועלכע זיי טאָרן נישט טאָלערירן. נאָך מער, זיי העלפן צו טיילמאָל די דאָזיקע אַרעסטאַנטן, אַפילו ווען דאָס איז קעגן די לאַגער געזעצן.

דאָקעגן פאַרפאָלגן זיי יעדן פשוטן אַרעסטאַנט, וועגן וועלכן זיי ווערן געוואָר, אַז יענער האָלט אָן אינטימע באַציאונגען מיט אַ פרוי — אויב אַזעלכעס טרעפט זיך אַ מאָל. זיי שפּיאָנירן אַזוי לאַנג נאָך די פאַרדעכטיקטע, ביז וואַנען זיי כאַפּן זיי ענדלעך און באַשטראָפן.

סעקסועלע באַציאונגען צווישן אַן אַרעסטאַנט און אַ פריי־געדונגענע, אָדער אַ פריי־געדונגענעם מיט אַ פרוי אַן אַרעסטאַנטין, זענען אַבסאָלוט פאַרווערט. אין אַזאַ פאַל דראָט עס די פריי־געדונגענע, ווי אויך די אַרעסטאַנטן, מיט שווערע קאָנסעקווענצן.



מאַרינאַ איז אַ הויכע, אַ ברייט־בייניקע, מיט אַ פּאָר שיינע, שפּילעוודיקע פּלייצעס. זי גייט שטאָלץ און האַלט פאַריסן דעם קאָפּ מיט די געדיכטע האָר פון אַ קאָליר ווי ווייז־בלעטער אין האַרבסט, וועמענס ברוין איז ווי זשאַווער. אירע אויגן זענען אויך פון דעם זעלטענעם ברוינעם קליר, נאָר טיילמאָל ווערן זיי גרינלעך. איר פּנים איז העל. זי האַלט זיך אויסערגעוויינטלעך ריין. אין אַ פרייען טאָג שטייט זי און וואַשט און פרעסט אַלע זאַכן, וועלכע זי פאַרמאָגט.

מאַרינאַ ווערט די לאַגער־פרוי פון קוזניעצאָוון, דעם געוועזענעם קאָוווטשע־נאַטשאַלניק, וועלכער איז פון אַ באַנדיט דערגאַנגען אין לאַגער צו אַזאַ הויכן פּאָסטן. אָבער בעת דער „איבערקערעניש״ אין לאַגער האָט מען אים באַזייטיקט פון דעם פּאָסטן און איצט אַרבעט ער אין דער בוכהאַלטעריע.

מאַרינאַ איז אַ חוץ וואָס זי איז זייער אַ שיינע מיט אַ געשיקטער פיגור, אויך אַ גוטע, אַ האַרציקע, אַ הילפס־גרייטע און פאַרטראָגט נישט ווען מען טוט עמעצן אַן עוולה.

פאַרוואָס מאַרינאַ זיצט אין לאַגער ווייסט מען נישט. פּונקט ווי מען

ווייסט דאָס נישט וועגן עללאַ. די עלטערע ציגײַנערין אַגלי זאָגט, אַז ביידע זענען זיי געווען באַרימטע גנבטעס. אָבער צו אַגלין קאָן מען קיין צוטרוי נישט האָבן. זי איז מקנה יעדע יונגע, שײַנע פרוי אין לאַגער און איז גרייט אויף זיי אויסצורעדן אַלדאָס בייז. כאָטש מען זידלט זי דערפֿאַר און נישט איין מאָל כאַפּט זי אָריין פון אירע חברטעס פון באַראַק געזונטע קלעפּ.

אויף עללא וויל קיינער נישט גלויבן וואָס אַגלי דערציילט וועגן איר. מען האַלט, אַז זי איז אַ פֿאַרשיקטע פון 1937, בעת די גרויסע רייניקונגען, דער עיקר פון צווישן די פרעמדע נאַציאָנאַליטעטן. אַזוי טראַכטן וועגן איר קודם די יידישע אַרעסטאַנטן פון פּוילישן עטאַפּ. אין באַצוג צו מאַרינאַ איז לייכטער אָנצונעמען, אַז אַגלי איז גערעכט. מאַרינאַ האָט נישט קיין מורא אײַנצורייסן און אָנטקייגנצורעדן די נאַטשאַלניקעס. איר שרעקט אויך נישט דאָס גיין אויף אַ נאַכט אין איזאָלאַטאָר. דערצו האָט זי זייער אַ פרעך מויל. די מענטשן פון פּוילישן עטאַפּ, ווען ס׳קומט זיי אַ מאָל אויס צו הערן מאַרינאַס לעקסיקאָן, וווּנדערן זיך ווי אַזוי קאָנען פון אַזאַ שיין, זיס מויל מיט אַזעלכע ווייסע פּערלדיקע ציין, אַרויסגיין אַזעלכע מיאוסע ווערטער.

קיין גליקלעך „צוזאַמענלעבן" מיט קוזניעצאָוון, האָט נישט מאַרינאַ. זייט מען האָט אים געמאַכט אויס נאַטשאַלניק, איז קוזניעצאָוו זייער פֿאַר־עלטערט געוואָרן. פּלוצים האָט ער אָנגעהויבן גיין מיט אַ געבויגענער פּלייצע. ער איז אויך פֿאַרביטערט וואָס מען האָט אים פון אַזאַ הויכן פּאָסטן איבערגעטראָגן אין דער בוכהאַלטעריע, ווו ער העלפט צו דעם בוכהאַלטער, אַ שטייגער ווי ער, קוזניעצאָוו, וואָלט געווען אַ ייִנגל אויף די לער.

זײַן פֿאַרביטערטקייט לאָזט ער אויס צו מאַרינאַ. ער איז זי חושד, אַז זי פֿאַראַט אים. ס׳קומט צווישן זיי אָפּט צו קריגערייען. מען זידלט זיך מיט די ערגסטע זידלערייען. אין דעם געוועזענעם נאַטשאַלניק פון דער קולטור־דערציערישער אָפּטיילונג רופט זיך אָפּ זײַן אַמאָליקע „געהויבענע פֿאַרגאַנגענהייט" און ער באַזינגט זײַן לאַגער־ווייב מיט די שענדלעכסטע ווערטער.

שטייט מאַרינאַ אין אַ פרייען טאָג, שטייט און פרעסט איר אויסגע־וואַשענע פֿאַר זאַכן און דערציילט אירע לאַגער־חברטעס וואָס זי האָט אויסצושטיין פון איר מאַן. — אַז מיאוס איז ער מיר, דער נודניק, אַז עס עקלט מיך פון אים. סוף־כל־סוף וועל איך אָפּטאָן אַ צולהכעיס, און ווער

ס׳וועט מיר אונטערקומען וועל איך זיך מיט אים אויסהורן, אַז אַ סוף זאָל עס נעמען!

די חברטעס הערן שוין נישט דאָס ערשטע מאָל מאַרינאַס באַקלאָגן זיך אויף קוזניעצאָוון און קאָנען שוין אויך אויף אויסנווייניק אירע דראַאונגען. זיי שמייכלען צו נישט איבערצייגטע, ווי זיי וואָלטן נישט געגלייבט, אַז זי וועט טאָן דאָס, וואָס זי האָט שוין אַזוי פיל מאָל צוגעזאָגט.



אַ גרויס אָרט פאַרנעמט אין פרויען־באַראַק די קאַזאַטשקע מאַרוסיאַ. זי איז עפּעס ווייניקער פון מיטעלן וווקס. אַ ברייטע, מיט אַ פּאָר טרעגער־פלייצעס און ברייטע היפטן. אירע גרויסע ברוסטן זעען זיך אָן אַפילו ווען זי טראָגט אַ פופייקע מיט אַ בושלאַט. אַ פּנים האָט זי אַ קיילעכדיקס מיט אַ נידעריקן שטערן, האַר שאַטינע און פריילעכע ברוינע אויגן.

זי אַרבעט ווי מאַרינאַ און ווי כמעט אַלע אַנדערע פרויען, אין סאָוו.־כאָז., וועלכער געהערט צום לאַגער. אָבער די פרויען אַרבעטן ווינטער אין די אינספּעקטן און מאַרוסיאַ אַרבעט ווי אַ באַלאַגאַלע. זי פירט דאָס בהמישע מיסט פון די שטאַלן און די מענטשלעכע צואה פון די קלאָזעטן, אין סאָוו.־כאָז. אַריין, ווו מען באַהאַלט דאָס אַלץ אין אַ ספּעציעלן גרוב אויף פרילינג, צו באַמיסטיקן די פאַרזייטע שטחים פון סאָוו.־כאָז.

די צואה אין די קלאָזעטן ווערט גיך פאַרפרוירן. שטייט איינער אַ מאַן אין די מיטעלע יאָרן, אַ שלאַנקער, אַ הויכער, מיט אַ שמאָל צוגעשוירן בערדל. ער שטייט אין גרוב פון קלאָזעט פון דער אונטערשטער זייט, ווו ס׳איז פאַראַן אַ קלאַפּע, וועלכע איז איצט אויפגעהויבן, און האַקט מיט אַן אייזערנעם, פאַרשפּיצטן דראַנג די פאַרפרוירענע צואה. דערנאָך קומט מאַרוסיאַ און לאָדנט אָן די צואה אויף איר שליטן. דערביי יאָגט זי אונטער דעם מענטש וואָס האַקט די האַרט געוואָרענע ווי שטיין צואה, און זידלט אים אין דער מאַמען אַריין.

ווען שמעון האָט דאָס ערשטע מאָל געזען דעם דאָזיקן אַרעסטאַנט ביי זיין אַרבעט, האָט אים זייער פאַראינטערעסירט יענעמס שיינע סילועט. שמעון האָט זיך פאַרהאַלטן אַ רגע און אים אָנגעקוקט. דער אַרעסטאַנט האָט אויסגענוצט די געלעגנהייט און דערציילט שמעונען זיין לעבנס־געשיכטע.

פון דעמאָלט אָן, ווען ער טרעפט שמעונען אַריינגיין אין קלאָזעט פאַר נאַטשאַלניקעס און דיעסאַטניקעס, פאַרהאַלט ער אים און בעט זיך,

אז שמעון זאָל אויסהערן זיין משונהדיקע געשיכטע. שמעון איז זיכער, אַז יענער דערקענט אים נישט, אַז דער אַרעסטאַנט געדענקט נישט, אַז שמעון האָט שוין אַ סך מאָל זי אויסגעהערט. ער פאַרשטייט נישט, פאַרוואָס האָט דער אַרעסטאַנט גראָד אויסגעקליבן אים, שמעונען, צו דערציילן זיין לעבנס־געשיכטע. שמעון זעט, אַז אין קלאָזעט גייען אַריין אַ סך מענטשן אַ חוץ אים, אָבער פאַרהאַלטן טוט ער נאָר אים.

אויב שמעון האָט נאָר צייט, שטעלט ער זיך אָוועק און הערט אויס, שוין צום וויפלטסטן מאָל, דאָס זעלבע, נישט אַרויסווייזנדיק די מינדעסטע אומגעדולדיקייט.

און אָט וואָס דער אַרעסטאַנט דערציילט:

— איך בין אַן אַמעריקאַנער. געווען אַ מאַטראָז אויף אַן אַמעריקאַנער האַנדלס־שיף. די חברים מיינע האָבן אָפט געריערדט צווישן זיך וועגן דער רוסישער אָקטאָבער־רעוואָלוציע און וועגן דער פרייהייט, וועלכע דער אַרבעטס־מענטש האָט זיך דאָרט דערוואָרבן. די דאָזיקע שמועסן האָבן צערייצט די געמיטער, וועלכע זענען ביי ים־מענטשן אָפט געשפּאַנטע. איין מאָל זענען מיר געפאָרן אין אַ לאַנגער רייזע אויפן שטילן אָקעאַן, באַדאַרפן זיין אין עטלעכע יאַפּאַנישע פּאָרטן. ביי אַ מיטאָג האָט זיך עמעצער פון די מאַטראָזן אַנגערופן, אַז דאָס געקעכטס זעט אים אויס נישט געבוג פריש. פון איינעם איז דאָס איבערגעגאַנגען צום צווייטן. אַלע האָבן זיך גיך אונטערגעגעבן דער סוגעסטיע און אַלע האָבן אָנגעהויבן טענהן, אַז דאָס עסן איז נישט פריש. ס׳איז געקומען צו אַ שאַרפן ווערטער־אויסטויש מיטן קוכער און מיטן אונטער־אָפיציר, וועלכער האָט געהאָט די אויפזיכט אויף דער קיך. פון איינצלנע ווערטער איז מען איבערגע־גאַנגען צו אַ גרויסער מחלוקה און געענדיקט האָט עס זיך מיט אַן אָפענעם בונט אויף דער שיף. שטאָט צו פאָרפאָרן אין אַ יאַפּאַנישן פּאָרט, האָבן די צעבונטעוועטע פאַרקערעוועט די שיף צום רוסישן פּאָרט וולאַדי־וואָסטאָק.

די באָלשעוויקעס האָבן אונדז זייער גוט אויפגענומען. געמאַכט אַ פּאַ־ראַד מיט אַ שיינע סעודה. אָבער קורץ דערנאָך האָט מען מיך אַרעסטירט און פאַרמשפּט אויף צוואַנציק יאָר לאַגער פאַר שפּיאָנאַזש. וואָס איז געוואָרן מיט מיינע חברים ווייס איך נישט. מן־הסתם דאָס זעלבע וואָס מיט מיר. כ׳בין שוין געווען אין פאַרשידענע לאַגערן. געאַרבעט ביי גראָבן דעם ווייסן־ים־קאַנאַל. געאַרבעט ביי נאָך פאַרשידענע אַרבעטן ווי ביי דעם קאַנאַל מאָסקווע־וואָלגאַ.

זייט אַ קורצע צייט בין איך דאָ און טו די דאָזיקע מיאוסע אַרבעט,

ווייל אַזוי אַרום מייד איך אויס דאָס אַרויסגיין אין וואַלד. כ'אַרבעט מיר אָפּ מיינע פּאָר שעה און ליג מיר אויף מיין אָרט אויף דער נאַרע. אויך דערפאַר טו איך דאָס, ווייל די וואָס אַרבעטן ביי דער אַרבעט, באַקומען בעסער עסן און אַ גלאָז מילך יעדן טאָג. אַ סך זאַכן האָב איך זיך אויס־געלערנט אין די לאַגערן, נאָר נישט הונגערן — פאַרענדיקט ער מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, ווי ער וואָלט זיך פאַרטיידיקט.

שטענדיק ווען שמעון הערט דעם דאָזיקן געניוג לאַנגן מאָנאָלאָג, קוקט ער דעם אַרעסטאַנט אַן דורכדרינגלעך. ער פילט, אַז יענער דערציילט אים נישט דעם גאַנצן אמת, אַז עפּעס פאַרהוילט ער פאַר אים. די האַלטונג פון דעם מענטש, זיין שלאַנקע סילועט, דאָס שטענדיק שמאָל צוגעשוירן בערדל, זיין אופן רעדן, כאָטש זיין רוסיש איז אַ קאַרגער, אָבער אַפילו אין זיין אַרעמער שפּראַך, פילט זיך אַ צוגעקליבנקייט פון די ווערטער. אויך איז זיין שטים אַן אַנגענעמע, אַ טיפע, אַ שטאַרקע און איינציייטיק אַ סאַמעטענע. שמעון איז זיכער, אַז דאָס איז נישט קיין פּשוטער מאַטראָז, נאָר מן־הסתם אַ שיפס־אָפיציר, אפשר פון אַ גאָר הויכער ראַנגע, נאָר ער דערציילט עס נישט.

שמעונס דורכדרינגלעכער בליק מאַכט דעם אַרעסטאַנט אומרואיק. נעמט ער די קירקע, לאָזט זיך אַראָפּ אין גרוב אַריין און הויבט אָן גיכער צו אַרבעטן. פון דער פאַרפרוירענער צואה טראָגט זיך אַ זיס איבלדיקער ריח. דעם אַרעסטאַנטס פּנים קרימט זיך פון עקל, אָבער ער אַרבעט. אפשר דערמאָנט ער זיך, אַז באַלד דאַרף קומען מיטן שליטן מאַרוסיאַ און זי וועט אים זידלען אין זיין מאַמען אַריין, ווייל ער איז נאָך נישט פאַרטיק מיט דער אַרבעט.

נישט נאָר דאָס בהמה־מיסט פון די שטאַלן און די צואה פון די קלאָזעטן פירט מאַרוסיאַ, זי איז דער באַלאַגאַלע פון סאָוו.־כאָז. זי פירט אַהין טרוקן האָלץ, פירט מאַטעריאַל און פּראָדוקטן. אַלץ וואָס מען דאַרף פאַרן סאָוו.־כאָז. פירט מאַרוסיאַ.

אָבער נישט נאָר זי פירט. זי לאָדנט אַלץ אַליין אָן. זי איז דער באַלאַגאַלע און טרעגער אין איין פּערזאָן. זי האָט ליב שווערע אַרבעטן, וועט אָבער קיינמאָל נישט אָפּוואַשן די פּאַדלאָגע אין קליינעם פּרויען־באַראַק, ווען ס'קומט איר ריי. זי וועט זיך טוישן מיט אַ צווייטע אַרעס־טאַנטין און טון יענערס אַ שווערע אַרבעט, אַבי יענע זאָל פאַר איר אָפּוואַשן די פּאַדלאָגע. זי האָט נאָר גערן אַרבעטן, וועלכע ס'טוען מענער.

מאַרוסיען מוז מען שטענדיק געבן צוויי פערד צו שפּאַנען דעם שליטן. אַפילו ביים איבערפירן אַ קלייניקייט, אַ זאַק קרויט־בלעטער,

אַ האַלבן זאַק קאַרטאָפּל, וועט זי מיט אַ שליטן געשפּאַנט אין איין פערד בשום אופן נישט פאָרן. איר שטייט דאָס נישט אָן. און טוט איר וואָס איר ווילט, דראָט איר מיטן סאַמע ערגסטן, וועט זי פון איריקן נישט אָפּטרעטן.

ווען מאַרוסיאַ זיצט אויפן שליטן און האַלט די לייצן פון די צוויי פערד אין אירע שטאַרקע הענט, אַן אָנגעטוענע אין ברייטן בושלאַט פון אונטער וועלכן ס׳שפּאַרן אַרויס אירע מעכטיקע בריסטן, דאָס וואַטענע היטל אַראָפּגערוקט ביז די ברעמען פון אירע ברוינע, פריילעכע אויגן, ווען זי זיצט אַזוי פעסט און זיכער, אָנגעגאָסן מיט כוח, דאַכט זיך אויס, אַז דאָ זיצט אַן אומדערשראָקענער באַגאַטיר, וואָס איז גרייט זיך צו וואַרפן אין די גרעסטע, געפערלעכסטע שלאַכטן, אַזוי ווי אירע זיידעס און עלטער־זיידעס, לאַנגע דורות קאָזאַקן.

אָבער שפּעטער, ווען ס׳קומט אין דער טייגע דער קורצער זומער און ס׳פאַלט אַ רעגן מיט דונערן און בליצן, גייט דער דרייסטער קאָזאַטשקע אויס דאָס חיות פון פּחד. ס׳באַפאַלט זי אַ ווילדע בהלה. איז זי גראָד דעמאָלט אויף דער באַזע, וועט מען זי פון דאָרט מיט קיין שום כוח נישט אַרויסיאָגן צו דער אַרבעט, אַפילו ווען מען דראָט איר מיט מאַכן אַ פּראָצעס פאַר אַ פּראָגול. איז עס נאָך פאַרטאָג און מאַרוסיאַ איז נאָך אין קליינעם באַראַק אין דער זאָנע, וועלן די שטאַרקסטע מאַנצלייט נישט באַוויזן זי פון דאָרט אַרויסצושלעפּן, ווען ס׳גייט אַ רעגן און ס׳דונערט נאָך אַ ביסל צו. איז זי גראָד אינמיטן וועג און ס׳הויבט אָן צו דונערן און בליצן, יאָגט מאַרוסיאַ די פערד מיט אַזאַ ווילד געיעג, זי טרייבט זיי און שמייסט מיט דער בייטש, אַז די פערד שטיקן זיך פון דער שוים, וואָס פּילט אָן זייערע פּיסקעס און גיסט זיך איבער זייערע אויסגעקרומטע פון צאַרן מיילער.

דעמאָלט שרייט דער סטריעלאָק וואָס באַגלייט זי, אַז ער וועט צו איר שיסן. ער ציט אויס זיין ביקס און צילט גלייך אין אירע ברייטע פּלייצעס. אָבער מאַרוסיאַ שרייט צוריק: — שיס, בירגער סטריעלאָק! אַ רוח אין דיין מאַמען דער זונה! איך האָב נישט מורא פאַרן טויט, איך האָב נאָר מורא פאַר אַ דונער! — און זי טרייבט די פערד מיטן זעלבן גאַלאָפּ ווייטער.

נאָך אַזאַ מעשה קומט ביינאַכט דער קאָמענדאַנט פון איזאָלאַטאָר נעמען מאַרוסיאַן. זי מאַכט אַזעלכע קולות, אַז ער מוז זי אָפּלאָזן. דער גאַנצער לאַגער וועקט זיך אויף פון אירע געוואַלדן. ס׳ווערט אַ גערודער,

און אין לאַגער האָט מען זייער נישט גערן קיין גערודער. דאָרט דאַרף אַלץ פאַרלויפן אין דער שטיל.

אירע חברטעס פון פרויען־באַראַק פרעגן זי — מאַרוסיאַ, וואָס גע־וואַלדעוועסט דו אַזוי ווען מען קומט דיך נעמען אין איזאָלאַטאָר ? ס'איז דאָך פּשוט אַ חרפּה ווי דו פירסט זיך אויף. אַן איזאָלאַטאָר איז אויך געמאַכט פאַר מענטשן. יעדע פון אונדז איז שוין נישט איין מאָל דאָרט געזעסן. ווי שעמסט דו זיך נישט צו מאַכן אַזעלכע קולות ? אַ שיינע קאָזאַטשקע ביזטו דאָס !

— נישט פאַרן איזאָלאַטאָר שרעק איך זיך — ענטפערט זי. — כ'ק... אויפן איזאָלאַטאָר. כ'האָב נאָר מורא צו בלייבן אַליין, און אויב ס'פּאַסט נישט פאַר אַ קאָזאַטשקע צו מאַכן אַזעלכע ווילדע קולות, פּאַסט נאָך גיכער נישט פאַר אַ קאָזאַטשקע צו לאָזן זיך נעמען פון אַ בילע קאָמענדאַנטסקע טינופת אין איזאָלאַטאָר אַריין.

מאַרוסיאַ האָט אויך מורא אַרויסצוגיין ביינאַכט פון באַראַק צוליב די שטשורעס וואָס פלעגן טייל מאָל שפּאַצירן איבער דער זאָנע. זי האָט מורא פאַר אַ שטשור אימת מות.

מאַרוסיאַ איז אַן אַלטע לאַגערניצע. כאָטש זי איז אַלט בסך־הכל עטלעכע דרייסיק יאָר, איז זי שוין פופצן יאָר אָפּגעזעסן אין פאַרשידענע טורמעס און לאַגערן. ווען ס'האָט זיך אָנגעהויבן די צוואַנגס־קאָלעקטי־וויזאַציע האָט מאַרוסיאַ געהאַט נאָר־וואָס חתונה געהאַט און געוווינט מיט איר מאַן ביי אירע עלטערן וואָס האָבן פאַרמאָגט אַ גרויסן שטח באַאַרבעטע ערד. די קאָמיסיע, וועלכע איז אַראָפּגעקומען פון ראַיאָן שאַפן אַ קאָלכאָז איז ביינאַכט געשלאָפן ביי מאַרוסיאַס עלטערן אין כוטאָר און אין אַ שייער, ווו מען האָט געהאַט פאַר זיי צוגעגרייט געלעגערס.

אינמיטן נאַכט איז מאַרוסיאַ, איר מאַן און אירע עלטערן אַריין אין שייער און מיט שאַרפע מעסערס איבערגעשניטן אַלע זיבן מענטשן פון דער קאָמיסיע די העלדזער.

מען האָט מאַרוסיאַן מיט דער פאַמיליע אַרעסטירט. זיי האָבן אַפילו נישט פּראָבירט צו אַנטלויפן. מאַרוסיאַ איז שוין געזעסן פופצן יאָר און גאָרנישט געוווּסט וועגן גורל פון אירע עלטערן און מאַן, מיט וועלכן זי האָט נאָר וואָס חתונה געהאַט און אַפילו נישט באַוויזן טראָגן וועגן פון אים.

צוליב דעם וואָס מאַרוסיאַ האָט מורא אַרויסצוגיין ביינאַכט פון באַ־ראַק, ווייס מען גאָרנישט וועגן אירע באַציאונגען מיט מענער. קיינער ווייסט דאָס נישט, אַפילו נישט די ציגיינערין אַגלי. דער קאָמענדאַנט

סאַבאַטשאַוו האָט זי נישט איינמאָל וועגן דעם געפּאַרשט, פאַרגעוואָרפן איר, אַז זי זאָגט ליגן און איר געדראָט מיט איזאָלאַטאָר און אַנדערע שווערע שטראָפן. אָבער אַגלי האָט נישט געוווּסט וואָס צו זאָגן.

מאַרוסיאַס חברטעס פון באַראַק ברעכן זיך די קעפּ ווי אַזוי זי, אַזאַ הייס־בלוטיקע קאַזאַטשקע, גיט זיך אַן עצה. ס'איז פאַר זיי אַ זיכערע זאַך, אַז מיט קיין מענער האָט זי נישט צו טאָן. זיי האָבן נאָר באַמערקט, אַז ווען מאַרוסיאַ זעט דעם שיינעם, הויכן סטאַכאַנאָוויעץ מערצאַוו אַדורכ־גיין, צלמט זי זיך איבער און פון געוווינהייט זאָגט זי עטלעכע זייער געמיינע ווערטער, שטאָט די אַנגענומענע ווערטער פון תפילה. זי ליפּעט אויך מיט די אויגן, ווען זי זעט שמעונען. ער איז נישט קיין ברייט־ביייניקער ווי דער סטאַכאַנאָוויעץ מערצאַוו, פאַרקערט, ער איז אַ שלאַנקער, אַ הויכער מיט זייער אַן איידל פּנים און טונקעלע, מילדע אויגן. מאַרוסיאַ באַקלאָגט זיך, אַז זי האָט נישט קיין מזל צו קיין הויכע מענער. אַפילו איר מאַן איז אויך געווען אַ נידעריקער.

מאַרוסיאַ און מענער — איז די אַפּטע טעמע פון די שמועסן צווישן די איינוווינערינס פון קליינעם באַראַק. זיי טראַכטן צו די משונהדיקסטע אופנים פון נישט־נאַטירלעכן סעקסועלן באַפרידיקן זיך און זאָגן און איבערצי׳גן איינע דער אַנדערער, אַז מאַרוסיאַ באַנוצט זיך מיט זיי. די חברטעס אירע רעדן וועגן דעם אַפילו ווען זי, מאַרוסיאַ, איז דערביי. זיי קרעמפּירן זיך נישט מיט איר אַנוועזנהייט. מאַרוסיאַ הערט וואָס מען רעדט וועגן איר. זי זאָגט גאָרנישט, נאָר לאַכט מיט אירע ברוינע, צע־שפּילטע, שטיפערישע אויגן.

שמעון טרעפט אין דער זאָנע איינע פון די ניי־געקומענע אַרעסטאַנ־טינס. זי איז אַ יונגע, אַ נידעריקע, אַ מאַגערע און זייער אַ בלייכע, מיט אויסגעלאָשענע אויגן.

ער שטעלט זי אָפּ, זאָגט איר, אַז ער איז אַ דאָקטאָר, אַרבעט אין דער אַמבולאַטאָריע. ער פרעגט זי פאַרוואָס איז זי אַזוי בלייך און ביי וואָס זי אַרבעט.

ס'ווייזט זיך אַרויס, אַז זי אַרבעט אין ערגעץ נישט. וועגן איר בלייכ־קייט זאָגט זי, אַז זי פילט זיך טאַקע נישט גוט. שמעון לייגט איר פאָר, זי זאָל אַריינקומען צו אים אין די פרי־מאָרגן שעהן אין דער אַמבולאַ־טאָריע, ווען ס'זענען נישטאָ קיין קראַנקע, וועט ער זי גענוי אונטערזוכן.

צומאָרגנס קומט זי אַריין צו אים. שמעון איז איינער אַליין אין דער אַמבולאַטאָריע. איצט ביים נאַטירלעכן ליכט, ווען ס'פאַלט נישט אויף

איר פּנים דער אָפּשײַן פֿון ווײַסן שניי, זעט ער ערשט ווי בלייך זי איז. אָפּילו די אויגן אירע זענען אינגאַנצן ווײַס.

שמעון פֿרעגט זי, ווי זי הייסט. גאַלאַ — ענטפֿערט זי. מער פֿרעגט ער נישט. דאָס אַלץ איבעריקע וועגן איר געהער אין לאַגער צו דער ענקאַווועדע, צו אורטשע, צום קאַוווטשע, נאָר נישט צום דאָקטאָר.

ער הייסט איר אויסטאָן דעם בושלאַט און די פּופּייקע. זי בלייבט אין העמד. שמעון זעט איר אײַנגעפֿאַלענעם ברוסט־קאַסטן, אירע דאַרע פּלייצעס, ווו ס'זעען זיך אָן די אַרויסשטאַרצנדיקע לאָפּאַטקעס. אין דעם באַמערקט ער, אַז די הויט אַרום די עלנבויגנס איז בײַ איר רויט און אָנגעשוואָלן, אַ בולטער סימן פֿון פּעלאַגראַ. שמעון האָט נאָך אין זיך דעם אײַפֿער פֿון אַ יונגן דאָקטאָר, וואָס זוכט וואָס מער סימפּטאָמען, בעט ער בײַ גאַלאַן, זי זאָל אַ ביסל לויזער מאַכן דעם פּאַסעק בײַ די הויזן, וועט ער אַ בליק טאָן אויף דער הויט פֿון איר רוקן.

דעמאָלט טוט גאַלאַ מיט אַ שנעלער באַוועגונג אַ צעשנאַל דעם פּאַסעק, לאָזט אַראָפּ די הויזן מיט די מענער־גאַטקעס, פֿאַרשאַרצט דאָס העמד און בלײַבט שטיין פֿאַר שמעונען מיט אַ נאַקעט געזעס, ווו אויף איין טייל איז אויסטאַטואירט אַ ייִנגל און אויפֿן צווייטן אַ מיידל. גאַלאַ טוט אַ גענייטן ציק מיט די היפּטן און דאָס ייִנגל מיטן מיידל קומען זיך צונויף, באַהעפֿטן זיך, ווי אין אַ סעקסועלן אַקט.

שמעון ווערט רויט פֿאַר חרפּה. ס'גאַנצע בלוט קומט אים אין פּנים אַרײַן. ער בויגט זיך אַראָפּ, הויבט אויף גאַלאַס הויזן און דערלאַנגט זיי איר. זי נעמט זיי פֿון אים, ציט אַרויף די גאַטקעס מיט די הויזן און לאַכט אים גלײַך אין פּנים אַרײַן.

ערשט דעמאָלט זעט ער אין דער גאַנצער בולטקייט אירע ווײַסע אויגן. ס'ווערט פֿאַר אים קלאָר, אַז זי איז אַ נאַרקאָמאַנין. ער פֿרעגט איר גאָר־נישט, זאָגט איר, אַז פֿון די דערנערונגס מיטלען, וועלכע זענען איר נויטיק, קאָן ער איר דערווייל פֿאַרשרײַבן בלויז מילך. זי באַדאַנקט זיך נישט פֿאַר אים. מען זעט, אַז ס'גייט איר נישט אָן וואָס דער דאָקטאָר רעדט צו איר. אָן אַ „גוטן טאָג" גייט זי אַרויס פֿון דער אַמבולאַטאָריע.

די ציגײַנערין אַגלי ווייסט אַלץ, זי ווייסט, אַז גאַלאַ איז אַן אונטער־געוואָרפֿן קינד, וואָס האָט זיך דערצויגן אין היימען פֿאַר „בעזפּריזאָרני־קעס", פֿאַר קינדער אָן אויפֿזיכט. צוליב איר שווערן כאַראַקטער, און פֿאַר אָרגאַניזירן בונטן, פֿלעגט מען זי אָפּט איבערשיקן פֿון איין אַנשטאַלט אין צווייטן. יעדע אַנשטאַלט האָט געוואָלט גערן ווערן פּטור פֿון איר. אַז זי איז אונטערגעוואַקסן, האָט מען זי איבערגעשיקט אין אַן אַנשטאַלט

פאַר שווער־דערציבאַרער יוגנט. פון דאָרט האָט מען גאַלאַן פאַר גניבות איבערגעשיקט אין אַן אַנשטאַלט פאַר יוגנטלעכע פאַרברעכער.

ווען מען האָט זי באַפרייט פון דעם אַנשטאַלט, איז זי שוין געווען אַ פּוליעריקע. זי איז געוואָרן אַ פּראָסטיטוטקע און אַ מאָרפיניסטין. נאָך אין אַנשטאַלט פאַר יוגנטלעכע פאַרברעכער האָט זי באַקומען קאָנטאַקטן מיט נאַרקאָטיק־הענדלער. אויף דער פריי איז גאַלאַ געוואָרן ביי זיי אַ גאַנצע אַנפירערין. די הענדלער זענען געווען פאַרבונדן מיט אַ באַנדע, וואָס האָט די נאַרקאָטיקס געשמוגלט פון כינע דורך טיבעט, דורך די פּאַמירער בערג.

אין לאַגער איז שוין גאַלאַ פינף יאָר. זי איז געווען די געליבטע פון אַ סך נאַטשאַלניקעס. דווקא עלטערע מענטשן האָבן זי גערן געהאַט. אָבער גאַלאַ האָט נאָר געוואָלט האָבן צו טאָן מיט יונגע יינגלעך, כאָטש זיי האָבן איר מאַטעריעל גאָרנישט געקאָנט העלפן. זי האָט מוותר געווען אויף דער מאַטעריעלער הילף, וועלכע זי האָט געקאָנט האָבן פון די על־טערע נאַטשאַלניקעס, און זיך אָפּגעגעבן נאָר מיט יונגע יינגלעך איבער־גייענדיק פון האַנט צו האַנט.

דאָס אַלץ האָט אַגלי דערציילט, ווען גאַלאַ איז נישט געווען אין באַראַק. פון אַגלי האָט דאָס געהערט דינה, וועלכע האָט דאָס דערציילט סאָמעקן און סאָמעק האָט איבערדערציילט שמעונען.

איין מאָל האָבן מאַרינאַ און אַגלי אַנגעצויגן חנהן אויף אַ שמועס, און פּאַמעלעך, האַלטנדיק זי כסדר אין שפּאַנונג, געלאָסן, נישט געיאָגט, אַרויסבאַקומען פון איר אַלע סודות וועגן איר באַציאונג מיטן נאַריאַדטשיק וואַניאַ.

חנה דערציילט, אַז וואַניאַ נעמט זי אַריין צו זיך אין שטוב ווען ער וויל, נעמט אָפילו נישט אַראָפּ די הויזן און טוט מיט איר דאָס זייניקע. באַלד דערנאָך, הייסט ער זי זיך אָפּטראָגן.

חנה צעוויינט זיך. העשענדיק וואַרפט זי פון זיך אַרויס אָפּגעריסענע ווערטער: — און ער איז אַזאַ שיינער, אַזאַ שיינער.

חנה ווייסט אַליין נישט, צי וויינט זי דערפאַר, וואָס וואַניאַ איז אַזאַ שיינער און אויב זי לעבט מיט אים, וואָלט זי געוואָלט געניסן פון זיין מענערישער שיינקייט און נישט זיין אויסגעשטעלט אויף אַזאַ גראָבער, חיהשער באַציאונג, צי וויינט זי פון אייגענער געפאַלנקייט, פון איר וויסטער לאַגע, אין וועלכער זי קאָן זיך נישט קעגנשטעלן אַזאַ מיאוסער באַציאונג צו זיך, אָדער וויינט זי גאָר דערפאַר, ווייל זי האָט זיך געלאָזט אויסנוצן פון מאַרינאַ און אַגלי און אויסגעגעבן די אייגענע חרפה, זיך

אויסגעשטעלט אַזוי נאַקעט אויף אַלעמענס אויגן, דעמאָלט ווען זי האָט גאָר באַדאַרפן פאַרבאַרגן טיף איר סוד, אַז קיינער זאָל פון אים נישט וויסן.

אָבער ווען די ציגיינערין אַגלי הערט חנהן אַזוי וויינען, פאַלט זי אַן אויף איר.

— דוראַ! שרייט זי — בהמה! וואָס וויינסטו? שטאָט זיך צו פרייען, אַז דו האָסט אַזאַ שיינעם יונג, וואָס יעדע פון אונדז איז גרייט פאַר אים צו פגרן, וויינסטו גאָר?! וואָס איז, ס'געדויערט קורץ, איז וואָס? און אַ גוטע רגע אין אַזאַ הינטיש לאַגער־לעבן, איז שלעכט? איז עס דען נישט קיין גליק? דו נאַר איינער! אַליין ביסטו אַ מיאוסע, אַ נאַז האָסטו ווי ביי אַן עלעפאַנט און אַ פאַסאַן ווי אַ רעטעך, טוסטו נאָך גאָר אַ טובה? אַז די פוילישע זענען נישט אַנצוזעטיקן! ווען דאָס וואָלט זיך געטראָפן מיט דינהן — וואָלט איך נאָך געקאָנט פאַרשטיין ווען זי וואָלט געוויינט — אָבער דו, בהמה, וואָס האָסט דו צו וויינען!

דאָס אַלץ רעדט מען אַזוי אין דער פינצטער, ווען אין באַראַק איז שוין אויסגעלאָשן דאָס ליכט און אַלע אַרעסטאַנטינס ליגן אויף זייערע קויקעס, צוגעדעקט מיט שוואַרצע לאַגער־קאָצן. די פינצטערניש ווי'שט אָפּ אַלע מחיצות צווישן זיי. נישטאָ פאַר וואָס זיך צו שעמען. די צונגער צעבונדן זיך, די געשטאַלטן צעשוווּמען זיך אין דער פינצטערניש. ס'פילט זיך נאָר ווי די אונטערדריקטע ליידנשאַפטן, וואָס באַקומען קיינמאָל נישט אין די לאַגער באַדינגונגען קיין פולע באַפרידיקונג, צעפרעסן זייערע גע־מיטער, און ברענגען זיי צו פאַרביטערונג און הפקרות.

ווען דינה הערט איר נאָמען אין אַגליס מויל, ציטערט זי איינגאַנצן אויף. זי דעקט זיך איבער מיטן קאָץ איבערן קאָפּ און פיבערט אָפּ אַ גאַנצע נאַכט. פאַרטאָג שאַרט זי זיך אַרויס פון באַראַק און גייט ווידער אַנטקעגן די יידן, וואָס קומען אָן פון די באַראַקן מיט אַרומגעבונדענע פנימער פאַרן פראָסט מיט שמאַטעס און טיכער. זי קוקט זיי גלייך אין די אויגן אַריין, טראָגט זיי אַנטקעגן אַ שטילן „גוט־מאָרגן“, זוכט ביי זיי אַ וואַרעמען בליק פאַר זיך. אָבער די פאַרמאַטערטע יידן גייען מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן, פולע מיט שלאָף און מידקייט. זיי קוקן אויף איר, אָבער זעען זי נישט. טייל ענטפערן איר מיט אַ הוילן „גוט מאָרגן“, און טייל ענטפערן אַפילו נישט. דינה גייט אַוועק פון זיי אַ טרויעריקע.

נאָך דעם ווי די בריגאַדעס גייען אַרויס צו דער אַרבעט, זוכט דינה אויף סאַמעקן און איינגאַנצן אַ פלאַטערנדיקע פון שרעק און איבערגענוי־מענקייט, דערציילט זי אים, אַז אויך חנה איז קאַליע געוואָרן, רעדט מיאוס

און פרעך. זי דערציילט סאַמעקן אַלץ, וואָס זי האָט ביינאַכט געהערט אין באַראַק פון חנהס מויל און וואָס אַגלי האָט געערדט צו חנהן. אָבער דאָס, אַז אַגלי האָט אויך דערביי דערמאָנט איר, דינהס, נאָמען, דאָס פאַרשווייגט זי.

זינט ס'זענען געקומען די פרויען און פאַרנומען דעם קליינעם באַראַק, איז דינה צופרידן וואָס סאַמעק אינטערעסירט זיך מיט איר. ווען ער האָט אַ מינוט צייט, טרעפן זיי זיך. דינה דערציילט סאַמעקן אַלץ וואָס טוט זיך אין פרויען־באַראַק. מיט דעם דערציילן אים פילט זי זיך ווי אָפּגעגרענעצט פון דעם, וואָס דאָרט קומט פאָר. ווי זי וואָלט אונטערגע־שטראָכן, אַז זי האָט נישט און קאָן נישט האָבן דערמיט קיין שום בשות־פותדיקס. סאַמעק דאַקעגן הערט דאָס אַלץ אויס מיטן סעקסועלן בייגיר פון אַ יונג ייִנגל אין זיין עלטער.

אין פרויען באַראַק חוזקט מען אָפּ פון דינהן, וואָס זי שלעפּט זיך אַרום מיט אַזאַ „מאַלאַקאַסאָס", ווי סאַמעק. אַגלי רופט נישט. זי „שטראָפט" דינהן — ווען איך וואָלט געווען אַזאַ יונגע אַזאַ שיינע ווי דו, האַ, האַ, וואָלט איך שוין געוווסט ווי אַזוי צו לעבן. דו ביסט אַ נאַרעלע, פאַר־שטייסט נישט ווי אויסצונוצן דיין יונגקייט און שיינקייט, חברסט זיך מיט אַזאַ אַבאַרוואַניעץ, ווי סאַמעק.

אָבער אָממיינסטן חוזקט אָפּ פון דינהן די נאַרקאָמאַנין גאַלאַ. זי אַטאַקירט זי נישט נאָר מיט ווערטער, זי איז געוואַלדיק אַגרעסיוו צו איר.

איין מאָל, ווען פאַרן גיין שלאָפן האָט דינה אויסגעטאָן די פופייקע און די וואַטענע הויזן, איז גאַלאַ צו איר צוגעפאַלן און אָנגעהויבן אַראָפּ־שלעפּן פון איר דאָס העמד מיט די אונטער־הויזן. אַגלי איז גלייך אונ־טערגעשפרונגען און צוגעהאָלפן גאַלאַן. דינה האָט זיך געווערט מיט אַלע כוחות. איר זענען געקומען צו הילף בערטאַ און חנה. אָבער גאַלאַ מיט אַגלי האָבן מיט פליינקע, קעצישע באַוועגונגען אין געציילטע רגעס זי אויסגעטאָן נאַקעט און באַקוקט פון אַלע זייטן. ווען זיי האָבן זי אָפּגעלאָזט, איז דינה מיט אַן אַראָפּגעהאַנגענעם קאָפּ און מיט אַראָפּהענגענדיקע אָרעמס געפאַלן מיטן פנים אויף איר קויקע, ווי אַן אונטערגעשאָסענער פויגל, ווען דער קויל האָט געטראָפן אין סאַמע האַרץ.

חנה האָט צוגעדעקט דינהס נאַקעט, העל, איידל לייב מיטן שוואַרצן לאַגער־קאַץ.



ווען סאַמעק דערציילט שמעונען די געשיכטע מיט חנהן, וועלכע ער האָט געהערט פון דינהן, באַפאַלט שמעונען אַ שווער געפּיל. ער זעט אין דעם די מאָס פון דינהס סעקסועלע גערייצטקייט. אַנדערש וואָלט זיך זי, אַזאַ יונג מיידל, נישט דערלויבט צו דערציילן אַ פרעמד יינגל אַזעלכע דראַסטישע פּרטים. שמעון פילט, אַז עס דראָט איר אַ גרויס געפאַר, אָבער וואָס זאָל ער טאָן? די איינציקע מעגלעכקייט אין לאַגער צו פאַרהיטן זי פאַר פרעמדע מענער, איז זיך פאַרבינדן מיט איר, מאַכן זי פאַר זיין לאַגער־פרוי. אָבער ווי אַזוי קאָן ער זיך פאַרבינדן מיט אַ מיידל, וואָס איז נאָך נישט אַלט קיין זיבעצן יאָר? און דער עיקר, ער האָט דאָך אין וואַרשע אַ כלה, און די באַציאונג מיט דינהן דאַרף דאָך זיין אַ שטענדיקע, אויב מען קאָן אין די לאַגער־באַדינגונגען רעדן וועגן באַשטענדיקייט.

אַנדערש איז וויערא. זי איז ווי אַ ווינט, ווי אַ וויכער — און ווי אַ שטורעם־ווינט וועט זי דורך זיין לעבן אַדורך און פאַרשווינדן.

שמעון נאַרט זיך אַליין. ער איז אין וויעראַן פאַרליבט, פאַרליבט ביז גאָר. אַליין אַן אַפּגעהיטענער, אַ צוריקגעהאַלטענער, האָט אים וויעראַ פאַרכאַפּט מיט אירע פּרואישע חנען, מיט איר רחבותדיקער ווייבלעכקייט. איר פריילעכקייט, איר דרייסטקייט, באַצווינגען אים.

אין אַ ניכטער ווינקל פון זיין באַוווסטזיין טליעט דער געדאַנק, אַז ער נאַרט זיך אַליין. מיט אַ מאָל ברעכט עס אויס מיט אַ פייער, וואָס כאַפּט אַרום זיין מוח. ער זאָגט זיך אַליין — איך בין געגנוי ווי גאַלאַ. די נאַר־קאַמאַנין. כ׳בין פאַרשיכורט פון וויעראַן, פאַרשיכורט ביז צום פאַרגעסן זיך אינגאַנצן. גאַרנישט גייט מיך מער אָן. כ׳טרענק, כ׳גיי אונטער — און צוזאַמען מיט מיר גייט אונטער דינה.



פאַראַן אין פרויען באַראַק אַן אַרעסטאַנטין מיטן נאָמען אַלגאַ. זי איז אַ הויכע, אַ געשיקטע, אַ שאַטינע מיט אַן איידל, לענגלעך פּנים.

זי איז אַ ביסל אַ טויבע. מען מוז צו איר רעדן הויך. זי אַרבעט אין קיך, וואַשט די טעפּ און די שיסלען.

דער קוכער איז קאַליאַ. אַ הויכער, אפשר פון צוויי מעטער, אַ ברייטער, אַ יונגער, מיט אַ גרויס פּנים און אַ פּאָר העלע, פאַרשייטע אויגן. געווען אַ באַרימטער באַנדיט. אין לאַגער איז ער שוין יאָרן.

ער שטייט אַ פּעטער, אַן אַנגעפּרעסענער און גיסט מיט אַ גרויסן לעפל די זופּ פאַר די אַרעסטאַנטן אין שוואַרצע טעפּלעך, האַלטנדיק דערביי דעם קאָפּ אָפּגערוקט פונעם קעסל. ער שאַרט אַריין אין שופלאַד די טאַלאָנען, וואָס די אַרעסטאַנטן לייגן אַוועק ביים אָפענעם פענצטערל, און וואַרפט אַרויס מיט ביטול און מיט חוזק די טעפּלעך און שיסעלעך מיט עסן.

אַלגאַ גרייט צו די כלים און דערלאַנגט זיי אים. איין מאָל, ווען די גרויסע סטאַלאָווע איז שוין פול מיט אַרעסטאַנטן, וואָס זיצן ביי די לאַנגע טישן, טוט קאָליאַ אַ קוק אויף אַלגען, מעסט זי אָפּ פון קאָפּ ביז פיס און רופט זיך אָן צו איר הויך, אַז זי זאָל גוט הערן:

— אַ־אַ־אַ־לגאַ — זאָגט ער צו איר — דו וועסט אָפּעסן, וועסט פאַררויכערן, וועסט זיך אַרומוואַשן און וועסט קומען צו מיר זיך בחורן!

ער זאָגט דאָס הויך מיט זיין ברייטער, ברוסטיקער שטימע, פּאַמעלעך, וואָרט ביי וואָרט, מיט גרויס הנאה, הנאה פון נישט־געצווימטקייט, פון הפקרות.

אַלגאַ לאַכט. זי לאַכט צעשאָטן, מיט אַ דראָבנע געלעכטערל ווי אַרבעס וואָלטן זיך געשאָטן, אַ פאַרשייט געלעכטער איז דאָס. דער עולם פון דער גרויסער סטאַלאָווע לאַכט נישט, איז אָפּילו נישט עמפּערט פון קאָליאָס געמיינקייט. זיי זענען צו זיינע רייד און אַלגאָס געלעכטער אינגאַנצן גלייכגילטיק.

פאַראַן נאָך איין פרויען־באַראַק וואַנדאַ, אַן עלטערע פּאָלקע. זי איז פון די ביי־געקומענע פרויען. מען דערציילט וועגן איר, אַז בעת דער רעפּאַטריאַציע פון די פּאָליאַקן, נאָך דער רעוואָלוציע, האָט זי זיך אין אַ גרויסן געדראַנג פאַרלוירן מיט איר פאַמיליע און שוין קיינמאָל וועגן זיי נישט געהערט. זי איז געבליבן אין רוסלאַנד איינע אַליין. פון בויט און פאַרלאָזנקייט איז זי גיך אַראָפּ פון גלייכן וועג.

זי איז אַ שווייגנדיקע, אַ פאַרביסענע. ווען די אַרעסטאַנטינס קריגן זיך, מישט זיך וואַנדאַ נישט אַריין. זי שטייט נישט אויף קיינעמס זייט, אַפילו נישט אויף דער זייט פון גערעכטן. ווען גאַלאַ און אַגלי זענען באַ־פאַלן דינהן און זי אויסגעטאָן, האָט זיך וואַנדאַ נישט אָנגערופן מיט קיין וואָרט. זי זעט אויס אַ סך עלטער ווי זי איז אין דער אמתן.

אין דעם לאַגער, ווו זי געפינט זיך איצט, האָט זי אימיצן אַ נאָענטן. דאָס איז דער דיעסאַטניק גאַלאָוויענקאָ, אַן אוקראַינער, אַ דאַרער, אַ טרו־קענער, ביי די זעכציקער. ער איז אויך אַ שווייגער און פאַרביסענער. מען זעט קיינמאָל נישט קיין שמייכל אויף זיין פּנים. אמאָל איז ער געווען קאָנטראָל־דיעסאַנטיק, טייל זאָגן, אַז אַפילו אַ פּראָ.־ראַב., אָבער מען האָט

אים אַראָפּגענומען פון דער הויכער שטעלע פּאַר פאַרשידענע מאַכינאַציעס. מען דערציילט, אַז זיי זענען באַשטאַנען דערין, וואָס לויט זיין חשבון איז אויסגעקומען, אַז די באַלאַגאַלעס האָבן אַרויסגעפירט פון וואַלד צו די סקלאַדעס, אַ סך מער האָלץ, ווי מען האָט פּאַקטיש אין וואַלד אָנגעשניטן.

ווי אַזוי דאָס איז געשען? גאָר פּשוט. ער האָט אָפּגעמאַכט מיט די דיעסאַטניקעס און בריגאַדירן פון די באַלאַגאַלע־בריגאַדעס, און פּאַר געלט, אָדער זאַכן, אָנגענומען ביי זיי אָנגעבלאָזענע ראַפּאָרטן, אַז געוויסע זייערע אַרבעטער האָבן געבראַכט אַ סך מער האָלץ, ווי דאָס איז געווען אין דער ווירקלעכקייט. די דאָזיקע געשעפטן פלעגן זיי מאַכן מיט די פּאָליטישע אַרעסטאַנטן. טייל פון זיי האָבן געהאַט געלט, אָדער זאַכן, אָבער קיין כוח צו אַרבעטן האָבן זיי נישט געהאַט. פלעגן זיי טאַקע אויסאַרבעטן ווייניק אָבער פאַרשריבן האָט מען, אַז זיי האָבן אויסגעאַרבעט ביי הונדערט פּראָ־צענט פון דער נאָרמע.

מיט דעם געלט, אָדער זאַכן, וואָס די בריגאַדירן און דיעסאַטניקעס האָבן דערפאַר באַקומען פלעגן זיי זיך טיילן מיט גאַלאָוויענקאָן.

אַזוי אַרום, צושרייבנדיק יעדן טאָג עטלעכע מענטשן אַ פּאָר אײ־בעריקע קובאָ־מעטער, האָבן זיך אין אַ קורצער צייט אָנגעזאַמלט הונ־דערטער קובאָ־מעטער האָלץ, וועלכע האָבן עקזיסטירט נאָר אויפן פּאַפּיר, און פּאַר וועלכע די לאַגער־מאַכט האָט באַצאָלט מיט בעסער עסן די מכלומרשטע גוטע אַרעבטער.

ביז אין איינעם אַ טאָג, איז אין לאַגער אָדורכגעפירט געוואָרן אַ גע־נויע קאָנטראָל פון די סקלאַדעס. מען האָט גאַלאָוויענקאָן אַראָפּגעזעצט פון זיין אַמט, געמאַכט אים פּאַר אַ געוויינטלעכן דיעסאַטניק, און פון זיינע פאַרדינסטן האָט מען אים סיסטעמאַטיש אַראָפּגערעכנט דאָס געלט, דעם חילוק, צווישן דעם בעסערן עסן, פון וועלכן די מכלומרשטע גוטע אַרבע־טער האָבן געהאַט גענאָסן, און דעם, וואָס איז זיי אין דער אמתן געקומען.

גאַלאָוויענקאָ האָט געוווסט, אַז זיין שווינדל קאָן לאַנג נישט אָנהאַלטן, אַז מען וועט דאָס אַמאָל אויפדעקן. אָבער אין לאַגער איז דער „אַמאָל" זייער ווייט, וועןן אַפילו ער זאָל זיין אין אַ טאָג אַרום, צי אַפילו אין אַ שעה אַרום, לאָזט מען זיך טראָגן פון דער אילוזיע, אַז ער וועט זיך קיינמאָל נישט צונויפקומען מיטן היינט.

נאָך וואָס האָט דאָס דער טרוקענער, אומעטיקער, כמעט אַסקעטישער גאַלאָוויענקאָ באַדאַרפן צו האָבן, ווייסט קיינער נישט. אָבער אין לאַגער איז פּאַראַן ביי די אַרעסטאַנטן אַ נישט־באַהערשטער ווילן צו האָבן עפּעס אייגנס, אַפילו ווען ער נוצט דאָס נישט. גאַלאָוויענקאָ עסט פון קעסל פּאַרן

טעכנישן פערסאָנאַל, גייט אַנגעטאָן אין די לאַגער מלבושים, נאָר אַ שינעל טראָגט ער אָנשטאָט אַ בושלאַט. דער שינעל איז אַ שוואַרצער, אַ האַלב־מיליטערישער און דאָס איז די איינציקע זאַך, וואָס טיילט אים אויס פון די אַנדערע דיעסאַטניקעס.

אין די פרייע זונטיקן זיצט וואַנדאַ אין פּרויען־באַראַק און פּאַרריכט גאַלאָוויענקאָס מלבושים און וועש. ער גיט זיי נישט צו פּאַרריכטן אין ווערקשטעל ווי אַלע אַרעסטאַנטן טוען עס, אַפילו נאַטשאַלניקעס. מיט דעם שטרייכן אונטער סיי וואַנדאַ און סיי גאַלאָוויענקאָ, אַז זיי פירן אַ באַלעבאַטיש לעבן.

געוועזן איינצלנע דיעסאַטניקעס, וואָס פון רחמנות צו זייערע מענטשן — די אַרעסטאַנטן — פּלעגן זיי זיך באַמיען צו פאַרגרעסערן די אויסגעאַרבעטע דורך זיי פּראָצענטער.

אין באַראַק, ווו די דיעסאַטניקעס זיצן און שרייבן די ראַפּאָרטן, הענגט אויף דער וואַנט אַ ליסטע מיט נומערן פון די פערד, וואָס האָבן אַ „סקידקע", דאָס זענען שוואַכע פערד, מיט וועלכע מען קאָן אויסאַרבעטן אַ קלענערע נאָרמע. זיצן די דיעסאַטניקעס וויעליקאָדובני און ניעפּריטוואָרני און טראַכטן ווי אַזוי פאַרבעסערן די לאַגע פון עטלעכע זייערע באַלאַגאַלעס וואָס האָבן שוואַך געאַרבעט. זיי טראַכטן און דערטראַכטן זיך, אַז זיי וועלן אַריינשרייבן אין די ראַפּאָרטן, אַז די עטלעכע אַרעסטאַנטן האָבן געאַרבעט מיט פערד, וואָס האָבן אַ סקידקע. די צרה איז אָבער, וואָס זיי באַראַטן זיך נישט צווישן זיך, נאָר יעדער שרייבט אַריין די נומערן פון די פערד, וואָס פאַלן זיי גראָד אַריין אין די אויגן.

אין מיטן נאַכט וועקט מען אויף די צוויי דיעסאַטניקעס און מען רופט זיי צום נאַרמיראָוושטשיק פּליוויע. זיי שטויסן זיך באַלד אָן, אַז עפּעס האָט זיך פאַרשיט. פּליוויע פרעגט יעדן באַזונדער וואָס פאַראַ נומערן האָבן געהאַט די פערד מיט אַ סקידקע, וואָס האָבן ביי אים געאַרבעט. דער דיעסאַטניק געדענקט נישט, און זאָגט, אַז אַלץ איז אָנגעשריבן אין די ראַפּאָרטן. דעמאָלט ווייזט זיי פּליוויע זייערע ראַפּאָרטן, פון וועלכע ס'קומט אויס, אַז די זעלבע פערד מיט אַ סקידקע האָבן געאַרבעט ביי דיביידע דיעסאַטניקעס איינצייטיק.

די דיעסאַטניקעס זענען זיך מודה, אַז זיי האָבן דאָס געטאָן באַוווסטזיניק, געוואָלט אַרויסהעלפן זייערע שוואַכע מענטשן, זיי זאָלן באַקומען אַ ביסל לייטישער עסן. פּליוויע זאָגט צו צו מאַכן דאָס מאָל אַ שווייג, אָבער בעט זיי אויף להבא זיין מער פאָרזיכטיק.



די עלטערע ציגײנערין אָגלי האָט ענדלעך אויך איר מאַן. דאָס איז וואַסיאַ, וואָס האָט געפירט דעם לאַראַק צוזאַמען מיט מאַצאַי און איצט פירט ער אים אַליין.

וואַסיאַ איז אַן אַלטער רוס, אַ טובערקולאָז־קראַנקער. אָבער ברויט האָט ער און פּאַר ברויט באַקומט מען אויך אַנדערע זאַכן.

ער שלאָפט אין גרויסן באַראַק, ווו עס שלאָפן די יידן פון פּוילישן עטאַפּ און ווו ס'שלאָפט אויך מאַצאַי. אָבער זייט זיי זענען געוואָרן אויס שותּפים, שלאָפן זיי נישט איינער לעבן אַנדערן, נאָר שטאַרק אָפּגע־רוקט פון זיך. איינער אין איין עק נאָרע און דער צווייטער אויפן צווייטן ברעג.

אָבער לאַנג געדויערן נישט אַגליס האָניג־טעג. צי האָט עמעצער פון פּרויען־באַראַק זי פאַרמסרט פאַרן קאָמענדאַנט, צי דער קאָמענדאַנט אַליין כאַפּט זיך דערויף, נאָר אין איינעם אין מיטן דער נאַכט דערהערט זיך אין גרויסן באַראַק אַ טיפער קרעכץ וויביים ברעכן זיך פון אַן אייז־קריזע, אַ געבראַזג פון זיך ברעכנדיקע אייז־צאַפּנס. דאָס רייסט מען אויף די צוגעפּרוירענע איינגאַנגס־טיר.

אין דער אויפגעפּראַלטער טיר אַ צונויפגעקנוילטער וואָלקן פּאַרע. די דרויסיקע קעלט וואָס רייסט זיך האַסטיק אַריין, פאַרפרירט אין איין רגע דעם פאַרזייערצטן ריח פון לייבער און שמאַטעס.

אין פינצטערן באַראַק באַווייזט זיך פּלוצים דער קאָמענדאַנט פון דער זאָנע סאַבאַטשאַוו מיט אַ לאַמטערן אין דער האַנט. די טיר פאַרהאַקט זיך אונטער אים מיט אַ האַרטן, טרוקענעם קלאַפּ, וואָס נאָר געפרוירנקייט גיט פון זיך אַרויס. פון דעם האַסטיקן פאַרקלאַפּן די טיר, צי פון אויס־פּעלן פון לופט — לעשט זיך אויס די לאַמטערן. פיר הונדערט מענטשן שלאָפן ווייטער אין באַראַק האַרט און ווילד. בלויז עטלעכע ביים אויוון וואַכן שטייענדיקערהייט.

דאָס זענען אַרעסטאַנטן וואָס טרינקען זיך אָן מיט אַ סך וואַסער און שטייען אַ גאַנצע נאַכט, אַז די פיס זאָלן ביי זיי געשוואָלן ווערן, בכדי כאָטש אויף איין טאָג באַפרייט ווערן פון דער שווערער אַרבעט.

זיי זעען נישט דעם קאָמענדאַנט, זיי דערשפּירן אים, ווי הינט דער־שפּירן די נאָענטקייט פון אַ היצעל. זיי וואַרפן זיך אויף דער ערד, ציען זיך אויס און שטרענגען אָן זייער גאַנצן ווילן און כוח צו ווערן דין און פּלאַטשיק ווי אַ שאָטן. זיי שטופּן זיך אַריין די פויסטן אין די מיילער,

מען זאָל נישט הערן זייער צוגעאײַלטן אָטעם און פֿויזן צו די נאַרעס, יעדער אין אַן אַנדער ריכטונג.

דער קאָמענדאַנט פֿילט, אַז דאָ געשעט עפּעס, אַז אינעם באַראַק טוט זיך עפּעס אָפּ, פֿון וואָס ער ווייסט נישט. ער שפּיצט זיך אָן ווי אַ יעגער, ווי ער וואָלט שוין געוועזן אויף די שפּורן פֿון דער פּאַרטײַיעטער חיה. אָבער ער לאָזט עס אָפּ. זײַן קאָפּ איז איצט פֿאַרנומען מיט עפּעס אַנדערש.

ער טוט זיך אַ יאָג אויף רעכטס. שטרעקט אויס אין דער פֿינצטער אַ האַנט צו דער אויבערשטער נאַרע און מיט אַ האַסטיקער באַוועגונג, ווי מען רײַסט אויס אַ ווילד־געוויקס פֿון אַ געדיכטן קוסט, טוט ער פֿון דער שוואַרצער מאַסע שלאָפֿנדיקע אַרעסטאַנטן אויף דער נאַרע, אַרויסרײַסן איינעם.

ס׳הערט זיך אַ פֿאַל צו דער ערד, ווי עמעצער וואָלט אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון די פּלייצעס אַ בינטל טרוקענע צווײַגן. אַ שפּיציק געשריי בויערט אַדורך דעם באַראַק און ווערט באַלד פֿאַרשטימט.

— העי, דניעוואַלני! דו הורישער זון! ווו ביסטו?! פֿאַרוואָס כאַ־ ליעסטו? — די הייזעריקע שטים פֿון קאָמענדאַנט שנײַדט דעם חלל ווי מיט אַ פֿאַרזשאַווערטער, שטשערבאַטער זעג.

דער דניעוואַלני, אַ ייד אין די זעכציקער, רײַסט זיך אויף פֿון פֿאַר־ טשאַדעטן דרעמל. אַ ציטערנדיקער לויפֿט ער אין דער ריכטונג פֿון וואַנען ס׳טראָגט זיך דאָס הייזעריקע קול פֿונעם קאָמענדאַנט. דעם דניעוואַלניס טריט זענען גיכע, אָבער דראָבנע. ער לויפֿט, נאָר ער וויל, ער בעט, אַז דאָס קליינע שטיקל וועג, די געציילטע פּאָר מעטער, זאָלן דויערן אייביק.

— אָט בין איך... אָט בין איך...

— צינד אָן די לאָמפּ, דו הונטישער זון!

ווען דאָס רויטע אויג פֿון אָנגעצונדענעם לעמפּל הויבט זיך אָן וויגן אין דעם דניעוואַלניס ציטערנדיקע הענט, טוט דער קאָמענדאַנט אַ קוק אויף אים מיט אַ פּאָר אויסגעשטאַרצטע, גרויסע, ווײַסע אויגן אין וועל־ כע ס׳ליגט דאָס גאַנצע אכזריותדיקייט פֿון אַן אויף אייביק פֿאַרפֿרוי־ רענעם מידבר. ער קוקט אויף דעם דניעוואַלניס אויסגעבלייכט, איידל פּנים, אויף זײַנע קורץ צוגעשוירענע וואָנסעס, אויף זײַן אַ ביסל געבויגענער פּלייצע, אויף זײַנע ווײַסע הענט און ער פֿאַרקרומט זיך ווי פֿון עקל. ער שטשירעט די לאַנגע, פֿערדישע ציין.

— דו געבאַרעטער פּאַראַזיט! — סיקעט ער אַרויס. — דו מיאוסע מענדעוואַשקע! פֿאַרוואָס פּופּסטע ווען דו דאַרפֿסט וואַכן?! וואָס איז דאָ ביי דיר אין באַראַק, אַן אָרט פֿאַר אַרבעטער צו שלאָפֿן, אָדער אַ באַרדאַק?

צוויי געביילטע פויסטן הויבן זיך אויף איבערן דניעוואַלניס קאָפּ. סאָבאַטשאָוו כאַפּט דעם דניעוואַלניס האַנט, אין וועלכער די אָנגעצונדענע לאָמפּ טרייסלט זיך וואָס אַ מאָל גיכער און ציט זי ביז דער ערד. דער דניעוואַלני בלייבט שטיין אַן איינגעבויגענער. אין דעם רויטן, ציקנדיקן ליכט פון דער לאָמפּ דערזעט ער אַ קיילעכדיקע, שוואַרצע זאַך ליגן אויף דער ערד.

— העי, זונה! וואָס מאַכסטו זיך געפּגרט?! דו הינטיש טינופת! — דער קאָמענדאַנט רוקט אַרונטער זיין באַשטיוולטן פוס אונטער דער שוואַר־צער מאַסע און טוט אַ פלינקן הויב אויף דעם פוס. די ליגנדיקע אויף דער ערד דרייט זיך איבער מיט אַזאַ לייכטקייט, ווי זי וואָלט געווען פון שטרוי.

אַ קליין טונקל פּנים פון אַ פרוי בלייבט ליגן אָפּגעדעקט. פון די נאָז־לעכער ציען זיך צוויי ריטשקעלעך בלוט און גיסן זיך צונויף אויף איר גאָמבע. ס׳זעט אויס ווי זי וואָלט געטראָגן אין דער נאָז אַ גרויסן, רויטן רינג.

דאָס איז די ציגיינערין אַגלי. אַ קליינע, אַ דאַרע, זעט זי אויס ליגנ־דיק איצט אַ צונויפגעקאָרטשעטע, ווי אַ צוועלפיאָריק קינד. זי באַוועגט זיך נישט.

סאָבאַטשאָוו נעמט זי אָן ביים קאָלנער פון איר פּאַלטן, ווי מען נעמט אָן אַ הונט ביי דער פעל, און הויבט זי אויף. ער שטעלט זי אַוועק אָן אָנגעשפּאַרטע ביי אַ וואַנט פון באַראַק. זי שטייט אַן איינגעפאַלענע ווי אַ האַלב־ליידיקער זאַק.

— צען טעג איזאָלאַטאָר מיט אַרויספירן צו דער אַרבעט! — רייסט זיך איבער איר די הייזעריקע שטימע פון סאָבאַטשאָוון.

— און דו, הינטישער זון, וועסט אויך באַקומען דאָס דייניקע! — שרייט ער צום דניעוואַלני און קריצט מיט די ציין, ווי ער וואָלט זיי געשליפן. — עפן די טיר!

דער קאָמענדאַנט איז אַרויס מיט אַגלי. דורך דעם לאַנגן, ווייסן שניי־וועג פון דער זאָנע ביז צום איזאָלאַטאָר, האָט ער זי האַלב געפירט און האַלב געטראָגן. אין איר לאַנגן שוואַרצן מאַנטל האָט זי פון דערווייטנס אויסגעזען אין קאָמענדאַנטס הענט, ווי אַן אונטערגעשאָסענע חיה.

זיי קומען אַזוי צו צו אַ קליין, נידעריק, פאַרשאָטן מיט שניי הייזל אויסער דער זאָנע. ס׳טוט אַ סקריפּע אַ פאַרפרוירענער שליסל אין אַ פאַ־ראָסטערטן שלאָס. אין אַ קליינער צעלע שטייט אַ האָלצערנע נאַרע, האַרט און נאַקעט, ווי אַ טהרה־ברעט. אויף דעם ברעט וואַרפט דער קאָמענדאַנט

אַרויף אַגלי. דאָ פֿאַרבראַכט זי די רעשט פֿון איר ליבעס־נאַכט און שפּעטער נאָך גאַנצע ניין לאַנגע, ווינטערדיקע, צפונדיקע נעכט.

דאָס איז דאָס געזעץ וואָס הערשט אין לאַגער. כאַפּט מען אַ פֿרוי אין מענער־באַראַק, באַקומט זי צען טעג איזאָלאַטאָר מיט אַרויס־פֿירן צו דער אַרבעט. כאַפּט מען אַ מאַן אין פֿרויען־באַראַק, באַקומט ער די זעלבע שטראָף. אָבער כמעט קיינמאָל כאַפּט מען נישט קיין מאַן אין פֿרויען־באַראַק, נאָר אַלע מאָל פֿאַרקערט. די פֿרויען ווייזן אין דעם פּרט אַרויס אַ סך מער איניציאַטיוו פֿון די מענער, נישט נאָר פֿון די געוויינטלעכע אַרעסטאַנטן, נאָר אַפֿילו פֿון די נאַטשאַל־ניקעס, וועלכע עסן גוט און שלאָפֿן אין מענטשלעכע באַדינגונגען — כאָטש אויך זיי זענען אַרעסטאַנטן.



מיט אַ שעה פֿריער, איידער דער קאָמענדאַנט סאַבאַטשאָוו איז אַריין אין באַראַק, אַרום האַלבער נאַכט, איז אַגלי שטיל אַרויס פֿון פֿרויען־באַראַק. צווישן די הויכע שניי־בערג, וואָס זענען אָנגעשיט לענגאויס די ראַנדן פֿון דעם לאַנגן זאַנע־וועג, האָט זי זיך געשלייכט אין דער ריכטונג פֿון גרויסן מענער־באַראַק. זי טראָגט נאָך אַלץ איר לאַנגן, שוואַרצן, פּלושענעם מאַנטל, וואָס גרייכט איר ביז צו די קנעכלען. זי טראָגט אַ פּאָר הויכע, שוואַרצע, געשנורעוועטע שיך, דעם קאָפּ אַרומגענומען מיט אַ שוואַרצן זיידענעם שאַל און אין דער האַנט אַ שוואַרצן, לעדערנעם בייטל. אין די אויערן אַ פּאָר גרויסע, קיילעכדיקע, גאָלדענע אויערינגען.

אַגלי היט שטרענג אָפּ איר ציגיינערישן כבוד. וויפֿיל מען האָט זי נישט געמוסרט און געוואָרנט, וויפֿיל מאָל זי איז שוין דערפֿאַר געזעסן אין איזאָלאַטאָר, ווייל זי בשום אופֿן נישט אָנטאָן דאָס אַרעסטאַנטסקע אָנ־טועכץ, די פֿאָרם פֿון אַ זע־קאַ.

אַגלי האָט נישט געפֿונען קיין חן נישט ביי די נאַטשאַלניקעס און נישט ביי די סטאַכאַנאָווצעס. זי איז שוין נישט קיין יונגע. איר קליין פּנים איז שוואַרץ און געשטיפּלט. דעריבער שלייכט זי זיך נישט צו דעם באַראַק פֿאַר די נאַטשאַלניקעס. אָן איינגעהויקערטע גנבעט זי דעם וועג וואָס פֿירט צום גרויסן מענער־באַראַק. פֿיר הונדערט אַרעסטאַנטן שלאָפֿן דאָרט אויף גרויסע דאָפּלטע נאַרעס, וואָס זענען אויס ווי לאַנגע טישן איבערגעקערטע מיט די פֿיס אַרויף, אַרויפֿגעשטעלטע איינער אויפֿן אַנ־דערן.

אין דעם דאָזיקן באַראַק אויף אַן אויבערשטער נאַרע שלאָפט וואַסיאַ. ער איז אַן עלטערער מענטש, אַ טובערקולאָז־קראַנקער, אַרבעט נישט שווער, עסט צו דער זעט און טרינקט מילך. פּאַר גאַלאַן, די איינציקע וואָס לעבט מיט דער ציגיינערין בשלום, דערציילט זי וועגן וואַסיאַס מענלעכע גבורה.

אַגלין האָבן כמעט אַלע פּרויען פון איר באַראַק פיינט. מען האָט זי פיינט פאַר איר אַרומשלייען זיך, פאַר דעם וואָס זי, שוין נישט קיין יונגע, שלעפּט זיך נאָך די מענער ווי אַ צויג. זיי שרייען אויף איר, אַז זי וועט ברענגען וואַסיען פון דער וועלט, אַז ער איז קראַנק און טאָר נישט האָבן צו טאָן מיט קיין פרוי. זייער גאַנצן כעס צוליב איר דערפאַלג ביי וואַסיאַן לייגן זיי אַריין אין אַ גרויס רחמנות אויף אים. כאָטש קיין איינע פון זיי איז נישט הונגעריק, פאַרגינען זיי נישט אַגלין דעם ביסן, וועלכן זי געניסט פון לאַראַק, מיט וועלכן וואַסיאַ פירט אַן.

ווען אַגלי גנבעט אין דער נאַכט דעם וועג צום גרויסן מענער־באַראַק, זעט דער קאָמענדאַנט פון דער זאָנע דאָס זייער גוט. דער שאָטן פון איר שוואַרצן סילועט טוט זיך שאַרף און שפּיציק צייכענען אויף דער ווייסקייט פון די אַנגעשאָטענע בערג שניי לענגאויס די וועגן פון דער זאָנע. ער האָט זיין אָבסערוואַציע־פּונקט ביים קרייצן זיך פון די וועגן נעבן זיין שטוב, וועלכע שטייט אָפּגעזונדערט. אַרויסגעגאַנגען פון זיין שטוב איז ער דאָס מאָל גאָר וועגן עפּעס אַנדערש.

כמעט אַלע אַרעסטאַנטן פון פּוילישן עטאַפּ האָבן פאַרקילטע אור־רין־פּענכערס. די וואָס האָבן אַ האַרטן שלאָף, לאָזן דעם אורין אומ־ווילקירלעך אויף די געלעגערס. אַ טייל פון זיי זענען שוין כראָנישע נאַכט־נעצערס. די וואָס האָבן אַ לייכטערן שלאָף, טוט די באַדערפעניש צו לאָזן אורין, אויפוועקן עטלעכע מאָל אין דער נאַכט. זיי פאַרוואַרפן אויף זיך דעם קאָץ, מיט וועלכן זיי דעקן זיך צו אויף דער נאַרע, און לויפן אין דער ריכטונג פון דער לאַטרינע. אָבער קיינמאָל באַווייזן זיי נישט צו איר דערגיין. זיי שטעלן זיך אָוועק ביי אַ זייט פון אַנגע־שאָטענעם שניי ביים וועג און טוען זייער קליינע באַדערפעניש. נישט איין מאָל טרעפט זיך, אַז ווי נאָר זיי לייגן זיך צוריק אויף זייערע ערטער, מוזן זיי שוין ווידער לויפן, און ווידער דערלויפן זיי נישט.

יעדן אינדערפרי זענען די ווייסע בערג שניי ביי די וועגן פון די באַראַקן צו די לאַטרינעס פול מיט געלע לעכער פון דער וואַרע־מער השתנה, וועלכע די אַרעסטאַנטן האָבן ביינאַכט אָפּגעגעבן.

דער קאָמענדאַנט סאָבאָטשאָוו ליאַרעמט, דראָט, אַז אויב ער וועט

עמעצן כאַפּן משתּין זײַן אין שנײ, וועט ער אים גלײַך אויפן אָרט אָפּפירן אין איזאָלאַטאָר. עטלעכע מאָל אין דער נאַכט גײט ער אַרויס פון זײַן שטוב קאָנטראָלירן די וועגן. דאָס העלפט אָבער גאָרנישט. צומאָרגנס איז דער שנײ ווידער פול מיט געלע לעכער. דער עולם אַרעסטאַנטן כיטרעוועט איבער דעם קאָמענדאַנט. גײענדיק אויפן וועג צו דער לאַטרינע, לײדיקן זײ דערוויל אויס זײערע אורין־פּענכערס, מאַכן אויף די שנײ־ווענט געלע עסן־פּלאָרעסן, די סאַמע משונהדיק־סטע זיגזאַקן.

דאָס מאָל, ווען סאָבאַטשאַוו גײט אַרויס קאָנטראָלירן דעם וועג, זעט ער ווי אָגלי שלײַכט זיך צום גרויסן באַראַק. ער פאַרשטעלט איר בישט דעם וועג, ער גײט אויך בישט אַרײַן אין באַראַק באַלד נאָך איר. ער לאָזט וואַסיען באַקומען דאָס זײַניקע. כאָטש סאָבאַטשאַוו איז דער קאָמענדאַנט פון דער זאָנע און וואַסיאַ נאָר אַ לאַראַטשניק, קאָן ער אָבער צו גוט דאָס לאַגער־לעבן. ער ווײסט, אַז הײַנט איז ער טאַקע אויפן פערד, אָבער מאָרגן קאָן ער זײַן אונטערן פערד. דעריבער דאַרף מען גוט לעבן מיט יעדן, וואָס האָט נאָר אין לאַגער אַפילו אַ שאָטן פון מאַכט.



איצט ליגט אָגלי אין דעם איזאָלאַטאָר אויף דער נאַרע וואָס איז האַרט און בײז ווי אַ טהרה־ברעט, און שעלט דעם קאָמענדאַנט. זי ווײסט, אַז בײַ אים אין שטוב טרעפט זיך עללאָ די גריכן מיטן שײנעם סטאַכאָ־נאָוויעץ מערצאַוו, פון וועלכן עללאָ איז טראַגעדיק. אָגלי איז איצט אין כעס אויף וואַסיען. שטענדיק ווען זי קומט צו אים אין באַראַק, פאַרוואָרפן דעם שוואַרצן מאַנטל אויפן אַרעסטאַנטסקע העמד, אַ ציטערנדיקע פון קעלט און שרעק, וואַרט ער בישט ביז זי וועט זיך בײַ אים אַ ביסל אָנוואַ־רעמען, באַרואיקן, נאָר וואַרפט זיך אויף איר באַלד זי צו באַזיצן. ווי קלאָר זי ווײסט, אַז ער טוט עס דערפאַר ווײל ער האָט מורא טאָמער קומט אַרײַן דער קאָמענדאַנט אײדער ער באַוויזט צו שטילן זײַן מענלעכן באַגער, לאָזט זי זיך אָבער שטענדיק פאַרפירן פון טרוים, אַז זײַן אומגעדולדיקײט נעמט זיך פון זײַן אויסגעבענקטקײט צו איר, פון זײַן וואַרטן אויף איר, פון דעם, וואָס זי קומט בישט צו אים געבוג אָפט און ער וואַרט כסדר אויף איר.

אָבער איצט זעט זי דורכדרינגלעך זײַן נאַקעטע מענלעכע כוונה. און אפשר, ס'קאָן גאָר זײַן, אַז ווען ער ווײסט, אַז זי דאַרף צו אים קומען,

רעדט ער זיך גאַר אָפּ מיטן קאָמענדאַנט, אַז אַ ביסל שפּעטער זאָל ער אַריינפאַלן אין באַראַק און זי אָוועקנעמען — פאַלט איר איין אַ בייזער געדאַנק. זי זעט דאָך, ווי אומגעדולדיק וואַסיאַ ווערט, ווי איבעריק ס'ווערן אים אירע צערטלעכקייטן, ווי ס'איז אים צו לאַנג יעדע רגע וואָס זי ליגט לעבן אים, דעמאָלט, ווען ער דאַרף זי שוין נישט. ער פרעגט זי אַפילו נישט, ווען זי וועט נאָכאַמאָל צו אים קומען.

אַגליס פּנים צינדט זיך אָן. דאָס ציגיינערישע בלוט הויבט אָן אין איר קאָכן. ערשט מיט אַ מינוט פריער האָט זי געציטערט פון קעלט, ליגנדיק אַרומגענומען מיטן פלושענעם מאַנטל אויפן בלויזן העמד, פון וועלכן ס'פילט זיך דער ריח פון דעזינפעקציע־קאַמער. איצט איז איר הייס אין אַלע אברים. ס'וואַרעמט איר דער כעס. זי שעלט וואַסיען מיט טויטע קללות, — אַז ס'זאָלן אים שוין, דעם זדעכליאַק, פאַרפוילט ווערן די לונגען. זאָל ער שוין איין מאָל פאַר אַלע מאָל אָוועקפּגרן — פאַרענדיקט זי הויך אויפן קול דעם אין דער שטיל אָנגעהויבענעם צעטל פון קללות.

זי איז מקנא אירע שכנטעס וואָס שלאָפן איצט רואיק אין וואַרעמען באַראַק, ליגן אויף זייערע קויקעס, אויף זעק אויסגעשטופּטע מיט שמאַטעס. זי איז מקנא עללאַן, דער גריכין, וואָס האָט אַזאַ שיינעם יונג ווי אַ דאָמב און זי טראָגט אַרום איר בויך מיט שטאָלץ, צו־להכעיס אַלע גרויסע נאַטשאַלניקעס, וועלכע זענען איר נאָכגעלאָפן און גערעדט צו איר מיט גוטן און מיט בייזן...

זי איז איצט מקנא אַלע, אַפילו די שוין עלטערע פאַלקע, וואַנדען איז זי מקנא.

אָבער אַממיינסטן איז איר קנאה איצט געווענדעט צו דעם שטילן, צאַרטן יידישן מיידל פון פוילישן עטאַפּ — צו דינהן.



גאַלאַ האָט פאַרפירט סאַמעקן.

איין מאָל קומט סאַמעק צו שמעונען זייער אָן אויפגערוימטער. ער האַלט זיך שטיפעריש, וויל־יונגעריש, און רופט זיך אָן צו אים:

— איר ווייסט, דאָקטאָר, גאַלאַ האָט אָן אויסטאַטואירט געזעס.

— פון וואַנען ווייסטו דאָס? — פרעגט שמעון אַ פאַרוווּנדעטער.

— הער דאָקטאָר, ס'פּאַסט נישט פאַר אייך איר זאָלט זיין אַזוי נאַיוו.

שמעון פרעגט שוין נישט מער.

פון דעמאָלט אָן גיט סאַמעק אַלץ וואָס ער ברענגט פון דער קיך,

אוועק גאַלאָן, שטאָט ווי ביז איצט, דינהן. גאַלאַ זיצט און עסט און לאַכט דינהן גלייך אין די אויגן אַריין. דינה הונגערט און שווייגט. זי פאַרקלאָגט זיך נישט פאַר קיינעם.

מאַרינאַ וואַרט אָפּ אין איינעם אַן אָוונט שמעונען און דערציילט אים וועגן דינהס לאַגע.

שמעון איז פאַרצווייפלט, ער ווייסט נישט וואָס צו טאָן.

גראָד דעמאָלט עפנט מען אַ נייעם אונטער־פּונקט. דאָס איז אַ געדיכטער וואַלד, וואָס שטייט אויף אַ זומפּ. שניידן און אַרויספירן פון דאָרט דאָס האָלץ, קאָן מען נאָר ווען די פרעסט זענען גאַנץ גרויסע און דער באָדן איז דורך און דורך פאַרפרוירן. נעמען צוריק פון דאָרט די מענטשן מוז מען, ווען די פרעסט האַלטן נאָך אָן. וואָרעם, ווי נאָר ס׳ווערט לינדער, ווערט דאָרט איין גרויסע זומפּ. מען קאָן מער אַהין נישט צוקומען, און די מענטשן וואָס בלייבן דאָרט — מוזן אומקומען.

אויף דעם נייעם לאַגער אונטער־פּונקט ווערט לויט אַ באַפעל געשיקט שמעון ווי אַ דאָקטאָר, פאַר זיין געהילף איז באַשטימט געוואָרן די סאַניטאַרין, וויערא.

# וואָראָניקידזע

מען שיקט אַוועק אַרעסטאַנטן אין אַנדערע לאַגערן און ס'קומען אָן אויף זייערע ערטער אין לאַגער אַנדערע אַרעסטאַנטן.

דעם סטאַליניסט און נאָך איינעם, אַ רוס, אַ דאַרן, אַ בייזן און אַ באַרעדעוודיקן, וואָס האַלט אין איין אַנטקייגנרעדן די נאַטשאַלניקעס, ביידע אַטקאַזשטשיקעס, וואָס זאָגן זיך סיסטעמאַטיש אָפּ צו אַרבעטן, שיקט מען אַוועק אין אַ שטראָף־לאַגער.

דער סטאַליניסט נעמט עס אויף מיט דער גאַנצער רואיקייט. ער קומט זיך געזעגענען מיט שמעונען, מיט וועלכן ער איז נאָך געפאָרן אין דער באַן פון ביאַליסטאָק קיין קאָטלאַס. שמעון איז געווען דער, וואָס האָט געהאַט זיין געלעגער צווישן אים און דעם טראָצקיסט — און זיי פונאַנדערגעטיילט.

שמעון איז איבערגענומען מיטן סטאַליניסטס גורל, וואָס מען שיקט אים אַוועק אין אַ שטראָף־לאַגער. אָבער יענער איז רואיק און דעטערמינירט. — וואָס איז דער חילוק, אַלע לאַגערן זענען שטראָף־לאַגערן. אפשר וועט גאָר דאָרט זיין בעסער — טרייסט ער שמעונען.

שמעון גיט אים אַ מתנה, אַ פּאָסט־קאַרטל, פון די עטלעכע געציילטע, וואָס זענען ביי אים נאָך פאַרבליבן. דער סטאַליניסט פרייט זיך. כאָטש מען האָט ביי אים צוגענומען די רעכט צו קאָרעספּאָנדירן מיט דער היים. און כאָטש די „היים" דערווייטערט זיך וואָס אַ מאָל מער פון די מענטשן, און פאַרלירט ביסלעכווייז איר רעאַלקייט, גלייבט דער סטאַליניסט, אַז ס'וועט אים דאָך געלונגען אַרויסצושיקן דאָס קאַרטל אויף אַן אומלעגאַלן אופן, און ס'וועט דערגריין צו זיין היים.

נאָכן געזעגענען זיך מיט שמעונען, נעמט ער זיין פּעקל און שטעלט זיך אַוועק אין דער זאָנע וואַרטן אויף זיין חבר צום נייעם עטאַפּ.

שמעון קוקט אים נאָך. ער באַוואונדערט ווי רואיק און באַהערשט דער מענטש איז. איצט ערשט דערמאָנט ער זיך, אַז ווען מען האָט דעם טראָצקיסט אַוועקגעשיקט, אין אַן אַנדער לאַגער, האָט ער זיך מיט אים נישט

געזעגענט, כאָטש זיי זענען געשלאָפן דעמאָלט אין איין באַראַק, און דער טראָצקיסט האָט נישט געמוזט קומען ספּעציעל זיך מיט אים געזעגענען.

דער רוס, וואָס דאַרף אָפּגעשיקט ווערן צוזאַמען מיטן סטאַליניסט, באַהאַלט זיך אויס.

סאַבאַטשאַוו און וואַניאַ זוכן אים אומעטום, איבער די דעכער און קעלערס. שעהן לאַנג זוכן זיי. ענדלעך כאַפּן זיי אים, ווען ער קריכט אַפּער פון אונטער אַ קופּע שנײ, ווו ער האָט שוין לענגער נישט געקאָנט אויסהאַלטן. ער וויל אָבער נישט גיין. סאַבאַטשאַוו און וואַניאַ טראָגן אים אַרויס פון דער זאָנע. ער רייסט זיך, וואַרפט זיך, שעלט מיט טויטע קללות. אָבער זיי האַלטן אים פעסט ביי אַלע פיר — און לייגן אים אַוועק אויפן שניי אויסער דער זאָנע. ווען ער זעט, אַז די טויערן פונעם לאַגער פאַרמאַכן זיך, שטעלט ער זיך אויף. מיט זיינע שמאַלע, גרויע אויגן קוקט ער דורכדרינגלעך אַן זיין חבר צום עטאַפּ, קוקט אויף יענעמס רואיקייט מיט כעס, צי גאַר מיט באַוווּנדערונג, רעדט נישט אַרויס קיין וואָרט און הייבט אָן, אונטער דער וואַך פון אַ סטריעלאָק, צו שטעלן געוויינטלעכע, נאָרמאַלע טריט אויף דעם ווייסן, פאַרשנייטן וועג.



פון די נייע אַרעסטאַנטן וואָס זענען אָנגעקומען אויפן הויפּט־לאַגער, זענען פאַראַן עטלעכע וואָס טיילן זיך אויס פון דער גרויער, ניוועלירטער מאַסע אַרעסטאַנטן. שמעון האָט נאָך באַוויזן זיי צו זען און מיט טייל זיך באַקענען, איידער מען האָט אים אַוועקגעשיקט אויפן אונטער־פּונקט.

איינער פון זיי איז מודראַוו, אַ געוועזענער פּראָפעסאָר פון פּעדאַגאָגיע אין אַ פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט אין איינער פון די גרויסע שטעט אין צענטראַל־רוסלאַנד. ער איז אַ מענטש פון אַ יאָר דרייסיק. מען דערקענט דאָס גיכער פון זיינע באַוועגונגען, ווי פון זיין אויסזען. זעען זעט ער אויס אַ סך עלטער. האָט אַ ליסינע, דאָס פּנים איינגעפאַלן מיט צוויי טיפע שניטן וואָס ציען זיך פון ביידע זייטן נאָז ביז איבערן מויל.

געשען איז מיט אים אַזוי: בעת איינער פון די שלוס־זיצונגען פונעם קאָנגרעס פון דער אַלפאַרבאַנדישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי (באַלשעוויקעס), וועלכער איז דעמאָלט אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין מאָסקווע, האָבן די סטודענטן געבעטן דעם פּראָפעסאָר מודראַוו, אַז שטאָט דער געוויינטלעכער לעקציע וועגן פּעדאַלאָגיע, זאָל מען אָנשטעלן דעם ראַדיאָ און הערן די רעזאָלוציעס פונעם קאָנגרעס. פּראָפעסאָר מודראַוו איז געוען דערויף

איינגעגאַנגען. צו אַלעמענס שטוינונג, האָט מען גראַד דעמאָלט געלייענט אַ רעזאָלוציע, אין וועלכער פּעדאָלאָגיע ווערט אָנערקענט פאַר אַ פאַלשער וויסנשאַפט, אַן איבערבלייבעניש פון די בורזשואַזע צייטן. אַלע קאַטעדרעס פאַר פּעדאָלאָגיע אויף אַלע אוניווערסיטעטן און פּעדאַגאָגישע אינסטיטוטן אין גאַנץ ראַטנפאַרבאַנד ווערן אָפּגעשאַפט. ס'ווערן ליקווידירט די פאַר־שידענע טיפּן אָנפאַנגס־שולן, די אַזוי גערופענע פּעדאָלאָגישע, און עס ווערט איינגעפירט אַן איינהייטלעכער סטאַנדאַרט פאַר אַלע שולן. אין אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט זענען נישט פאַראַן קיין קינדער מיט פאַרשידענע פּסיכישע אייגנשאַפטן. נאָר אין דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט, ווו ס'זענען פאַראַן טיפּע קלאַסן־אונטערשידן, נאָר דאָרט זענען מעגלעך אַזעלכע פּסיכישע אונטערשידן. אין דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט, ווו יעדער געניסט פון גלייכע רעכט און איז אַ גלייכער שותּף צו די מאַ־טעריעלע גיטער פון דער מדינה, זענען אויך נישט פאַראַן קיין אָפּגע־שטאַנענע קינדער, אַזוי ווי דאָס טרעפט זיך אָפט אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער. קינדער, וואָס ווערן געבוירן מיט אַ באַשעדיקטן מוח, אָדער נערוון־סיסטעם, ווי אידיאָטן, פּאַראַליטיקער, וועלן אָפּגעגעבן ווערן אין ספּעציעלע פאַר זיי אָנשטאַלטן.

אַזוי פיל־ווייניק האָט געקלונגען די רעזאָלוציע.

פּראָפעסאָר מודראָוו, נאָך דעמאָלט זייער אַ יונגער מענטש, דער יונגסטער פּראָפעסאָר אין אינסטיטוט, האָט אין דער ערשטער רגע, אַ דער־שיטערטער פון דעם וואָס ער האָט געהערט, געלאָזט פאַלן עטלעכע אומ־פאַרזיכטיקע, ביטערע ווערטער צוליב דער רעזאָלוציע. פאַרשטייט זיך, אַז מען האָט זיין קאַטעדרע, ווי אַלע אַנדערע פון דעם געביט, באַלד ליק־ווידירט. אָבער אים האָט מען נישט געגעבן קיין אַנדערע אַרבעט. ער האָט זיך געבעטן אַ שטעלע כאָטש ווי אַ לערער אין אַ מיטל־שול. מען האָט אים נישט אָפּגעזאָגט, געהייסן קומען אין עטלעכע וואָכן אַרום. אָבער ווען ער איז געקומען, האָט מען אים געזאָגט, אַז מען האָט נאָך נישט קיין שטעלע וואָס זאָל פּאַסן פאַר אים — און געהייסן אים ווידער קומען אין עטלעכע וואָכן אַרום. אַזוי האָט מען אים געשלעפּט חדשים לאַנג.

פּראָפעסאָר מודראָוו האָט געהאַט אַ פרוי מיט צוויי קליינע קינדער. אמת, די פרוי האָט געאַרבעט אין אַ פאַבריקס־ביוראָ. אָבער אויסהאַלטן דערפון אַ פאַמיליע איז נישט געווען מעגלעך. אַ חוץ דעם האָט זיין פרוי זיך אָנגעהויבן באַקלאָגן, אַז זייט מען האָט געשלאָסן זיין קאַטעדרע און ער דרייט זיך אַרום אָן באַשעפטיקונג, איז די אַטמאָספערע אין ביוראָ

אַרום איר זייער נישט קיין גינסטיקע, מען טאָלערירט זי קוים. איר ווערט דאָרט שווערער פון טאָג צו טאָג.

פּראָפעסאָר מודראָוו איז געווען אַ טיכטיקער מיטאַרבעטער אין קאָמסאָמאָל. אַפילו ווען ער איז שוין געווען קאַנדידאַט צו מיטגלידערשאַפט אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, האָט ער נישט אויפגעהערט צו זיין טעטיק אין קאָמסאָמאָל.

אין איינעם אַ טאָג, האָט מען אים גערופן אין דעם ביוראָ פון דעם פּאַרטייאישן שטאָט־קאָמיטעט און, נאָך אַ קורצן געשפּרעך, ביי אים צוגענומען דאָס קאַנדידאַטן־ביכל. ער האָט נאָך אַלץ געגלויבט אין זיין גוטן נאָמען, ווי אַן איבערגעגעבענער און טרייער קאָמוניסט. אָבער אין אַ קורצער צייט אַרום האָט מען אים אויך פון קאָמסאָמאָל באַזייטיקט.

פּראָפעסאָר מודראָוו האָט זיך דערפילט אינגאַנצן פאַרלוירן. פון די יונגסטע שול־יאָרן איז ער געווען אָנגעהעריק צום „פּיאָנער", שפּעטער צום „קאָמסאָמאָל" און דערנאָך צום פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט, אין וועלכן ער האָט שטודירט און ווו ער איז שפּעטער געוואָרן פּראָפעסאָר — און צו דער פּאַרטיי.

איצט האָט ער צו קיינעם און צו גאָרנישט אָנגעהערט. די קינדער זיינע זענען געווען גאָר קליינע, איינס פון דריי יאָר און דאָס צווייטע פון איין יאָר. די פרוי האָט געקוקט אויף אים מיט רחמנות און מיט שרעק. מיט דער צייט האָט דאָס צווייטע געפיל אָנגעהויבן דאָמינירן איבער׳ן ערשטן. ער האָט זיך שוין אין דער היים אויך אָנגעהויבן פילן איבעריק. די שכנים האָבן זיך אויפגעהערט מיט אים באַגריסן. ער האָט געוווּסט און געפילט, אַז ער איז אַן אומגליק פאַר זיין פרוי און קינדער. ער האָט זיך געשעמט צוצוגיין צום טיש עפּעס עסן, אָנגעהויבן אַרומגיין גאַנצע טעג אַ הונגעריקער. טיף אין זיך האָט ער שוין געטרוימט וועגן טאָג, ווען מען וועט אים אַרעסטירן, כאָטש מורא געהאַט דערפאַר האָט ער זייער. ער האָט שוין געוואָלט זיין צו עפּעס אָנגעהעריק, זאָל זיין צו אַ טורמע, צו אַ לאַגער, אַבי צו עפּעס. אין אַ לאַנד, אין אַ רעזשים, ווו אַלץ איז רעגלאַמענטירט, ווו יעדער מענטש מוז האָבן זיין אָרט, צו וועלכן ער איז צוגעשמידט, האָט זיין „פרייהייט" אָנגעוואָרפן אויף אים אַ פחד, און אין דער גרויסער שטאָט ווו אין די גאַסן האָבן זיך באַוועגט טויזנטער מענטשן, אַלע באַשעפטיקטע, פאַרטועטע, האָט ער געהאַט דאָס געפיל, ווי ער וואָלט געווען איינער אַליין אין אַ מדבר.

ענדלעך, נאָך אַ יאָר אַרומצאַפּלען, ווי אַ פיש אויף דער טרוקעניש, האָט מען אים אַרעסטירט. וועגן זיין אַרעסט און אויספאָרשונג האָט

פראָפעסאָר מודראָוו קיינמאָל נישט געלאָזט פאַלן קיין וואָרט. נאָך אַ צייט זיצן אין טורמע, האָט מען אים אונטער די אויגן פאַרמישפּט אויף פופצן יאָר לאַגער פאַר קאָנטררעוואָלוציע.

פראָפעסאָר מודראָוו האָט זיך דערפילט „פריי". ער האָט מער נישט געטראַכט וועגן זיך, נישט וועגן זיין פאַרגאַנגענהייט, נישט וועגן זיין צוקונפט. ער האָט געאַרבעט ביים לייגן די אונטערגעזעגטעביימער אין שטאַבלעס. געווען שטיל, איידל, געהאַט זיך זיינע עטלעכע מענטשן פון צווישן די אַרעסטאַנטן, מיט וועלכע ער פלעגט רעדן. נאָר אַ טיפע דאגה האָט געעגבערט זיין געמיט. ער איז געווען זיכער, אַז מען האָט זיין פרוי רעפּרעסירט, אַז מען האָט זי פאַרשיקט, און נישט געוווּסט ווו זי געפינט זיך. ער האָט נישט געוווּסט, צי האָט מען זי פאַרשיקט צוזאַמען מיט די קינדער, אָדער מען האָט די קינדער ביי איר צוגענומען און זיי איבערגעגעבן אין אַ דערציאונגס־אַנשטאַלט, ווו זיי וואַקסן ווי צוויי לע־בעדיקע יתומים. ווי אַ פאַרמישפּטער פאַר קאָנטררעוואָלוציע, האָט פראָ־פעסאָר מודראָוו נישט געהאַט קיין רעכט צו קאָרעספּאָנדירן מיט זיין פאַמיליע. לעצטנס, נאָך עטלעכע יאָר זיין אין לאַגער, האָט מען אים צוגעזאָגט פון „גולאַג", פון מאָסקווער הויפּט־ביוראָ פאַר אַלע רוסישע לאַגערן, אַז מען וועט געוואָר ווערן וועגן זיין פרוי און קינדער און אים צוויסן טאָן.

שמעון האָט נאָכן ענדיקן מעדיצין, געוואָלט זיך ספּעציאַליזירן אין פּעדיאַטריע. ער האָט זיך אויך אינטערעסירט מיט פּעדאַלאָגיע, געוווּסט וועגן איר גורל אין ראַטן־פאַרבאַנד. געהאַט געהערט, אַז איינער פון די דאָרטיקע הויפּט־טעאָרעטיקער פון פּעדאַלאָגיע, האָט נאָכן אָנערקענען זי ווי אַ פאַלשע וויסנשאַפט, אָנגעשריבן אַ ווידוי און איז אויף אַ געהיימ־נישפּולן אופן באַלד דערנאָך געשטאָרבן.

ער האָט אָבער געוואָלט הערן פון אַזאַ קאָמפּעטענטער פּערזאָן, וואָס איז אַליין געשטאַנען אין מיטן פון די געשעעניש, ווי פראָפעסאָר מודראָוו, וועלכע זענען געווען די סיבות, וואָס האָבן דערפירט דערצו, אַז פּעדאַלאָגיע איז אָנערקענט געוואָרן פאַר אַ פאַלשע לערע און די מענטשן, וואָס האָבן זיך דערמיט באַשעפטיקט, זענען פאַרשיקט געוואָרן.

איין מאָל, אין אַ פרייען טאָג, איז שמעונען געלונגען צו פאַרפירן אַזאַ ערנסטן שמועס מיטן פראָפעסאָר מודראָוו. דער פראָפעסאָר האָט זיך באַלד באַוואָרנט, אַז קודם קאָן ער נישט רעדן וועגן אַלגעמיינע רעפּרעסיעס קעגן די פּעדאַלאָגן, ווייל ער ווייסט נישט וואָס ס'איז מיט זיי געשען. ער ווייסט נאָר וועגן זיך. צווייטנס, און דאָס איז דער עיקר — האָט ער אונטערגע־

שטראַכן — איך בין געווען און פאַרבליבן אַן איבערצייגטער קאָמוניסט. דאָס וואָס איז געשען מיט אים, דאָס איז אויסשליסלעך זיין אייגענע שולד. די לערע פון מאַרקס — ענגעלס — לענין — סטאַלין וועגן דיאַלעקטישן מאַטעריאַליזם, איז די איינציקע ריכטיקע לערע. קאָמוניזם איז די ישועה פאַר דער מענטשהייט, ווייל נאָר אַזוי אַרום וועט זיך די מענטשהייט באַפרייען פון דעם דערנידערנדיקן איינטייל אויף אויסנוצערס און אויס־גענוצטע.

שמעון האָט אויסגעהערט פּראָפעסאָרס מודראָווס באַוואָרענישן מיטן גאַנצן ערנסט. ער האָט נישט געהאַט בדעה מיט אים צו דיסקוטירן. ער האָט נאָר אַ פרעג געטאָן:

— אָבער וואָס איז געווען מיט דער פּעדאַלאָגיע?

— די סיבות פון פאַרווערן פּעדאַלאָגיע זענען געווען דאָפּלטע. די ערשטע אַ ריין טעכנישע. שטעלט אייך פאָר, אַז אויף אַ סך הונדערטער בלויז מאָסקווער שולן, זענען זעכציק פּראָצענט געווען פון פאַרשידענע פּעדאַלאָגישע טיפּן. דאָס האָט אַריינגעבראַכט אין שול־וועזן אַ תוהו־ובוהו. נישט געווען אַזאַ צאָל צוגעגרייטע לערער פאַר אַזעלכע שולן, און די שילער, נאָכן פאַרענדיקן די דאָזיקע שולן, האָט פּשוט געפעלט אַ סכום ידיעות, וועלכע זיי באַקומען אין נאָרמאַלע שולן. מיט דעם האָט מען געמוזט מאַכן אַ סוף. אָבער ס'איז פאַראַן אויך אַ צווייטע סיבה, אַ טעאָרע־טיש־אידעאַלאָגישע. קאַרל מאַרקס — זאָגט פּראָפעסאָר מודראָוו — האָט אין זיינע ווערק וועגן אַלץ געשריבן, אָבער נישט וועגן פּעדאַלאָגיע. און אויב מאַרקס האָט וועגן איר נישט געשריבן — איז זי אַנטי־מאַרקסיסטיש.

דער ערשטער אַרגומענט איז שמעונען פאַרשטענדלעך. ער קאָן דעם רוסישן „ז'פּיערעגיבאָם". אָדער־אָדער. אָדער צו פיל — אָדער גאָרנישט. אויב נישט זעכציק פּראָצענט פּעדאַלאָגישע שולן, דאַרף מען אינגאַנצן נישט. דער צווייטער אַרגומענט, אַז דערפאַר וואָס מאַרקס דערמאָנט נישט פּעדאַלאָגיע, איז זי אַנטי־מאַרקסיסטיש, זעט שמעונען אויס ווי אַ וויץ. ער וואָלט זיך צעלאַכט, ווען ער פילט נישט אויף זיך פּראָפעסאָר מודראָווס תמימותדיקן בליק פון זיינע בלויע אויגן.

אין גיכן האָט שמעון געהאַט נאָך אַ געלעגנהייט זיך איבערצוצייגן ווי באַגרענעצט ס'קאָן זיין אַזאַ געבילדעטער און סובטעלער מענטש, ווי פּראָפעסאָר מודראָוו, ווי ווייט די קאָמוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע האָט פאַר־טונקלט זיין מוח. פּראָפעסאָר מודראָוו איז אַ מאָל צוגעקומען צו שמעונען און פאַרזשענירט, נישט דרייסט זיך צו אים געוואַנדן:

— כ׳בעט אייך, דאָקטאָר, זאָגט מיר, איז דאָס אמת, אַז ביי אייך טרינקט די בורזשואַזיע פרויען־מילך?

דאָס מאָל האָלט שמעון נישט אויס, און צעלאַכט זיך מיט אַ היל־כיק געלעכטער. דער פּראָפעסאָר קוקט אויף אים מיט פאַרווּנדערונג און פאַרוואורף. שמעון כאַפּט זיך גיך, אַז אַזאַ פאַרהאַלטן זיך איז נישט שיין, ס׳פּאַסט נישט פאַר אים. אָבער דאָס געשפּרעך קומט פאַר אין דער צייט, ווען ער לעבט מיט ווערא און אַ סך העמונגען, וועלכע ער האָט געהאַט פון פריער, זענען ביי אים לויז געוואָרן.

פון דעמאָלט אָן פלעגט מודראָוו זיך באַגריסן מיט שמעונען, אָבער געשמועסט מיט אים האָט ער מער נישט.

דער פּראָפעסאָר האָט אַ פריינט פון צווישן די אַרעסטאַנטן, טוט ער מיט אים שמועסן. דאָס הייסט, ער רעדט און יענער הערט.

דאָס איז אַ רוס אין די מיטעלע יאָרן. אַ הויכער, אַ ברייטער, מיט אַ ביסל אַ געבויגענער פּלייצע. זיין פּנים איז איידל, שטענדיק גלאַטיק אָפּראַזירט, אַרומגערעמט מיט אַ שוואַרץ־גרוילעך בערדל. ער הייסט קריקליווי, וואָס דאָס באַדייט: שרייעוודיקער. אָבער אַזוי ווי ער איז זייער אַ שטילער, רופט אים שמעון: מאַלטשאַליווי, שווייגעדיקער.

דער רוס שמייכלט אָפט מיט אַ קלוגן האַלב־איראָנישן שמייכל. ווען ער באַמערקט, אַז שמעון איז אויפגערעגט, צי דערשלאָגן צוליבן שווערן מצב פון די אַרעסטאַנטן אין לאַגער, גייט ער צו צו אים און זאָגט זייער שטיל — נעמט אייך נישט איבער, דאָקטאָר, מען מוז דאָך באַהערשן דעם צפון...

פאַראַן צווישן די ניי־געקומענע אַ יונגער פּאָליאַק, זשאַרניצקי. ער זעט אויס ווי אַן איטאַליענער, מען קאָן אים אויך אָננעמען פאַר אַ ייד. ער האָט שוואַרצע האָר און אַ פּאָר קליינע שוואַרצע וואָנסעלעך. ער איז אַ גוטער שלאָסער. אַרבעט שלאָסעריי אין לאַגער און אויך ביי די פריי־געדונגענע, ווען זיי באַדאַרפן האָבן אַ גוט שטיקל אַרבעט.

זשאַרניצקי שטאַמט פון מינסק, פון אַ פּוילישער פאַמיליע, וואָס איז דאָרט פאַרבליבן נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע. ער רעדט אַ גוטן פּויליש. אַרעסטירט האָט מען אים אין די יאָרן פון די גרויסע רייניקונגען. פאַר־מישפּט האָט מען אים, אונטער די אויגן, אויף צען יאָר לאַגער. לויטן פּסק־דין האָט ער באַקומען צען יאָר דערפאַר, ווייל בעת דעם בירגער־קריג האָט ער געדינט ווי אַ ווייס־גוואַרדייאישער אָפיציר.

ווען זשאַרניצקי האָט שפּעטער אויפגעוויזן, אַז בעת דעם בירגער־קריג איז ער אַלט געווען אינגאַנצן פיר יאָר, האָט די ענקאַוועדע אָפילו

נישט פּראָבירט צו ענדערן דעם פּאַראַגראַף פון דער באַשולדיקונג. — אָבי זיי האָבן מיך אין לאַגער — פּלעגט ער צוגעבן, ווען ער דערציילט זיין טראַגי־קאָמישע געשיכטע.

איינער אַן אַרעסטאַנט איז גאָר אַן אינטערעסאַנטער טיפּ. ער איז נאָך אַ יונגער, עטלעכע צוואַנציק יאָר אַלט, אָבער אַן אָנגעגאָסענער, אַ פולער, מיט אַן אָנגעדראָלן פּנים פון ערד־קאָליר. ער האָט אַ לאַנגן קאָרפּוס מיט קורצע פיס און אַ גרויסן קאָפּ, ווי פון אַ הידראָצעפאַליקער. לויט שמועסן האָט ער אַ קאָמפּליצירטע דריזן־שטערונג.

הייסן הייסט דער דאָזיקער אַרעסטאַנט מיערזאָווין. ער איז געווען אַ דערצויגלינג פון די בעסטע סאָוויעטישע אַנשטאַלטן פאַר יונגע פאַר־ברעכער. מען האָט אַפילו געוווסט צו דערציילן, אַז אַ צייט איז מיערזאָווין געווען אין אַנשטאַלט פון באַרימטן פּעדאַגאָג מאַקאַרענקאָ, אָבער מיט מיערזאָווינען האָט מען גאָרנישט געקאָנט אויפטאָן. אַרבעטן וויל ער נישט. ער טענהט, אַז ער קאָן נישט, אַז ער איז שוואַך. אָבער דערפאַר איז ער אַ געניטער פּעלשער.

אויף דער פריי האָט מיערזאָווין געפעלשט געלט. אין לאַגער פעלשט ער טאַלאָנען אויף סטאַכאַנאָווסקע מיטאָגן. פון אַ שטיקל פאַרפוילטער קאַרטאָפל מאַכט ער דעם קאָמפּליצירטסטן סטעמפּל.

יעדער לאַגער־פּונקט ווייסט וויפל סטאַכאַנאָוצעס ס'זענען אויפן פּונקט פאַראַן און דער זאַוו.־כאָז. מיטן קוכער ווייסן וויפל סטאַכאַנאָווסקע מי־טאָגן צוצוגרייטן.

מיערזאָווין פאַרקויפט די געפעלשטע טאַלאָנען צו רובל אַ שטיק, צומייסטן די קראַנקע יידן, וואָס זענען גראָד באַפרייט פון דער אַרבעט. ווען ס'קומט די צייט פון מיטאָג, גייט דער וואָס האָט אַ סטאַכאַנאָווסקע טאַלאָן צו צום פענצטער פון דער קליינער סטאָלאָווע, דאָרט ווו עס עסן די סטאַכאַנאָוצעס, און וואַרפט אַריין דורך דער שמאָלער עפענונג פון פענצטערל דעם טאַלאָן. פון דער קיך שטעלט מען אַוועק אויפן פענצטערל דאָס מיטאָג אין צוויי געגלייזטע שיסעלעך. דער קוכער קוקט נישט, ווער ס'נעמט דאָס מיטאָג. ער זעט פאַר זיך דעם טאַלאָן, שטעלט ער אַוועק דאָס מיטאָג. דער וואָס נעמט עס אויפן געקויפטן טאַלאָן, עסט נישט דאָס מיטאָג אויפן אָרט, נאָר שאַרט זיך אַריין אין זיין באַראַק און עסט עס דאָרט אויף.

איינציקווייז נעמען די אַרעסטאַנטן אָפּ פאַר די געקויפטע טאַלאָנען די סטאַכאַנאָווסקע מיטאָגן. ווען די סטאַכאַנאָוצעס קומען פון דער אַר־בעט — איז נישטאָ פאַר זיי קיין מיטאָג.

ס'ווערט אַ סומאַטאָכע אין לאַגער. אַלע נאַטשאַלניקעס פון די קלענ־
סטע ביז די גרעסטע, קומען צו לויפן אין קיך. דער זאַוו.־כאָז. מוז אַרויס־
געבן פרישע פּראָדוקטן און דער קוכער שטעלט זיך אויף גיך צוגרייטן
פאַר די סטאַכאַנאָווצעס דאָס מיטאָג.

דער חשד פאַרן פעלשן די טאַלאָנען פאַלט באַלד אויף מיערזאָווינען.
מען קומט צו אים אַריין אין באַראַק און מען פירט דורך אַ שטרענגע
רעוויזיע. אין קאַלנער פון זיין בושלאַט געפינט מען איינגענייט אַ גרע־
סערע צאָל אַזעלכע געפעלשטע טאַלאָנען.

מען פירט אים אויפן אָרט אָפּ אין איזאָלאַטאָר אויף צען טעג. אַזוי
ווי ער אַרבעט סיי ווי נישט, פירט מען אים בייטאָג נישט אַרויס צו דער
אַרבעט, ווי מען טוט דאָס מיט אַנדערע אַרעסטאַנטן, וועלכע זענען באַ־
שטראָפט מיט איזאָלאַטאָר, נאָר ער בלייבט דאָרט זיצן גאַנצע צען
מעת־לעת.

ווען מיערזאָווין גייט אַרויס פון איזאָלאַטאָר, געפונען אים די דאָק־
טוירים אַזאַ אויסגעשעפּטן, אַז זיי שיקן אים תיכף איבער אין סטאַציאָנאַר.
דאָרט באַגייט ער אויך אַ ריי פעלשונגען מיט טאַלאָנען. ווען ער קומט
אַ ביסל צו זיך, שיקט מען אים צוריק אויפן הויפּט־לאַגער־פּונקט מיט
אַ פּראָטאָקאָל פאַר דעם וואָס ער האָט אָפּגעטאָן אין סטאַציאָנאַר. פאַר
די חטאים זעצט מען אים ווידער איין אויף צען טעג אין איזאָלאַטאָר —
און ווען ער פאַרלאָזט דעם איזאָלאַטאָר מוז מען אים ווידער אָפּשיקן אין
סטאַציאָנאַר. אַזוי דרייט זיך אַרום אים אַ משונהדיקער חד־גדיא, פון
וועלכן די לאַגער־נאַטשאַלניקעס קאָנען נישט פּטור ווערן.



אין איינעם אַ פאַרנאַכט, אין אַ טאָג פרייען פון אַרבעט באַווייזט זיך
אין לאַגער אַ משונהדיק באַשעפעניש, וואָס וועקט אַלעמענס אויפמערק־
זאַמקייט.

דאָס איז אַ נידעריק, דאַר מענטשל, אָנגעטאָן אין אַ שוואַרצן פאַלטן
צוגעשניטן ווי אַ פראַק. די קלאַפּעס פונעם פאַלטן זענען באַנייט מיט
שוואַרצן זייד. פון אונטער זיי זעט זיך אַרויס אַ ווייסער גאַרס, אַ הויכער
שטייפער קאַלנער מיט אַ ווייס שלייפל. פון די שיף צוגעשניטענע פאָלעס
פון דעם מאַנטל־פראַק זעט זיך אַרויס אַ פּאָר געשטרייפטע הויזן גוט
אָפּגעפּרעסט. אויפן קאָפּ אַ שוואַרצער, נידעריקער צילינדער און אויף די
הענט אַ פּאָר ווייסע הענטשקעס.

ער שטייט גלייך, שטייף, אַז זיין קערפּער מיטן קאָפּ זעען שיעור נישט אויס ווי אַ פרעג־צייכן. ער נעמט פונאַנדער די הענט, ווי אין אַ געבעט, און רעדט צו די אַרעסטאַנטן וואָס דרייען זיך אין דער זאָנע.

ער זאָגט, אַז ס'איז שוין שפּעט, מען דאַרף גיין שלאָפן, זיך אויסרוען און מאָרגן גיין צו דער אַרבעט. ער זאָגט, אַז ס'איז נישט קולטורעל זיך אַרומצודרייען, גיין פון איין באַראַק אין צווייטן, נאָר יעדער דאַרף פאַר־נעמען זיין אָרט.

די אַרעסטאַנטן שטעלן זיך אָפּ און קוקן אים אָן מיט גרויס נייגיר. זיין פּנים איז קליין און אָפּגעברענט, אויגן האָט ער שמאָלע, טונקעלע און קלוגע. אַ שמייכל פון פאַרוווּנדערונג ליגט אויף זיינע פולע, רויטע ליפּן.

ער זעט אויס אינגאַנצן ווי אַ צירק־מענטש, אפשר אַ קאָנפעראַנסיע, וואָס זאָגט פאַראויס דעם אינהאַלט פון יעדן נומער. זיינע באַוועגונגען זענען טעאַטראַלע.

זעענדיק, אַז אַן עולם אַרעסטאַנטן זאַמלט זיך אַרום אים, נעמט דער דאָזיקער מענטש ווידער פונאַנדער זיינע הענט און רופט זיך אָן מיט פאַרצווייפלונג: — וואָס פאַראַ מאַניערן זענען דאָס! וואָס פאַראַ נישט קולטורעל אויפפירן זיך איז דאָס? וואָס טוט זיך דאָ?!

אין לאַגער, צווישן באַראַקן, זענען די ווערטער וועגן מאַניערן און וועגן קולטורעלן אויפפירן זיך נישט וויניקער עקזאָטיש, ווי דער מענטש גופא וואָס זאָגט עס. אָבער עפּעס אַ כוח ליגט דאָך אין אים. וואָרעם וויפיל נייגיר דער מענטש זאָל נישט אַרויסרופן צו זיך, הויבן זיך די אַרעסטאַנטן אָן פאַנאַנדערגיין. נישט איינער פון זיי טראַכט ביי זיך, אַז אפשר איז גאָר דער מענטש געווען אין אַ צירק אַ דרעסירער פון חיות?

מען ווערט געוואָר, אַז ער איז אויך אַן אַרעסטאַנט, אַ גרוזינער, ער איז באַשטימט פאַר דעם פאַרטרעטער פון זאָנע־קאָמענדאַנט, סאַבאַטשאַוו.

צי איז ער טאַקע געווען אַ צירק־מענטש? אָדער האָט ער גאָר זיך איינגעהאַנדלט די דאָזיקע זאַכן ביי אַן אַנדערן אַרעסטאַנט, וועלכער איז געווען אַ צירק־מענטש? אָבער, ווי ס'זאָל נישט האָבן געווען, נאָך וואָס גייט ער אין לאַגער אַזוי משונהדיק אָנגעטאָן? צי שפּילט ער דערמיט אויס, אין דער גרויקייט פון לאַגער־לעבן זיינס אַ גרויסע בענקשאַפט צו אַן אַנדערער וועלט? צו אַנדערשקייט בכלל? ווער קאָן דאָס וויסן? ס'איז אַ פאַקט, אַז קיינער פון די נאַטשאַלניקעס האָט אים נישט געשטערט צו טראָגן די אויסטערלישע אין לאַגער הלבשה, ווי מערקווירדיק דאָס זאָל נישט זיין.

באַלד נאָך דעם ווי דער גרוזינער איז אָנגעקומען אין לאַגער, האָט מען שמעונען איבערגעטראָגן אויף זיין ניי אַרבעטס־אָרט, אויף דעם לאַגער־פּונקט וואָס איז געשטאַנען אויף אַ זומפּ.



נאָך דעם ווי שמעון איז אַוועקגעשיקט געוואָרן פון הויפּט־לאַגער־פּונקט, איז דינה געוואָרן אינגאַנצן דערשלאָגן. סאַמעק איז געווען פאַרטאָן מיט גאַלאַ. מיט דער אכזריותדיקייט וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר דער יוגנט וואָס איז צו פרי דערוואַכט געוואָרן צום לעבן, האָט זיך סאַמעק אינגאַנצן אָפּגעוואַנדן פון דינהן — און ווי נאָר ער האָט געהאַט אַ מינוט צייט האָט ער פאַרברענגט מיט גאַלאַ, ווי נאָר ער האָט עפּעס באַקומען, צי דעראַבערט, עס באַלד איר אַוועקגעגעבן.

פון דער יונג צעבליטער, שפּראָצנדיקער דינהן איז גיך געוואָרן אַ תל. זי איז שטאַרק אַראָפּ פון לייב. דאָס פּנים האָט זיך ביי איר אויסגעצויגן, די אַוואַלע גאָמבע — פאַרשפּיצט. אין דער פּופּייקע מיט די וואָטעני הויזן, די האָר באַהאַלטן אונטערן וואָטענעם היטל, האָט זי אינגאַנצן אויסגעזען ווי אַ ייִנגל. נאָר די ברוינע מאַנדל־אויגן זענען ביי איר געוואָרן נאָך גרעסער און גלײַען אין איר אויסגעצערטן פּנים, מיט אומרו און שפּאַנונג.

די באַטשאַלניקעס האָבן זיך אויף איר נישט אומגעקוקט. זיי האָבן געוווּסט, אַז זי הונגערט. דאָס האָט זיי מער נישט אינטערעסירט. זייער בייזע כוונה האָט זיי אונטערגעזאָגט, אַז זי וועט סוף־כל־סוף אַריינפאַלן אין זייערע הענט אַריין, יעדנפאַלס עמעצן פון זיי זיכער. דאָס זענען געווען געפּרוּווטע מענטשן, אָנגעגורט מיט גרויס אויסדויער־קראַפט, אויס־געאיבט אין משך פון לאַנגע יאָרן שווער לעבן און פון יאָרן זיין אין לאַגער.

ווען דינה האָט דאָס ערשטע מאָל דערזען דעם גרוזינער שטיין אין דער זאָנע און רעדן צו די אַרעסטאַנטן, האָט זי זיך מוראדיק דערשראָקן. ווען אַלע האָבן געקוקט אויף אים מיט נייגיר, האָט זי געקוקט אויף אים מיט פּחד. זי האָט אַליין נישט געוווּסט פאַרוואָס איז עס אַזוי. פאַרוואָס ווען אַלע שמייכלען — איז זי פול מיט שרעק. זי איז געווען זיכער, אַז ער האָט זי נישט באַמערקט, ווייל זי איז די גאַנצע צייט געשטאַנען באַהאַלטן אונטער די ברייטע פּלייצעס פון אַן אַרעסטאַנט. דאָך, ווען זי איז צוריק אַריין אין באַראַק, האָט זי אינגאַנצן געפּלאָנטערט.

וואָס האָט זי אַזוי דערשיטערט ? צי האָט איר זיין אַנדערשקייט פּלו־צים דערמאָנט, ווי אַנדערש ס׳איז איר איצטיק לעבן פון דעם, וואָס איז געווען ביי איר אין דער היים, אונטער דער שוץ פון טאַטע־מאַמע, ביי דער זייט פון אירע ברידער און שוועסטער ? מיט אַ מאָל האָט זי זיך געכאַפּט, אַז זי טראַכט אַזוי זעלטן וועגן איר היים. וואָס געשעט מיט איר טאַטע־מאַמע ? האָט איר אַן עגבער געטאָן אין מוח. זי האָט זיך גיך אויסגעטאָן און אַריין אין געלעגער, זיך איבערגעדעקט איבערן קאָפּ מיטן קאָץ און געציטערט אויפן גאַנצן לייב.

זי זעט איר טאַטן. אַ הויכער מיט אַ ברייטער באָרד, אַ העל ברוינער, ווי זשאַווער. אין דער וואָכן איז ער קורץ געקליידט, נאָר שבת טראָגט ער אַ זיידענע קאַפּאָטע מיט אַ סאַמעטן היטל. די מוטער איז אויך אַ הויכע, אַ שלאַנקע. זי טראָגט אַ קליין שייטעלע, פאַרנומען ביי די זייטן מיט אירע אייגענע העל־בלאָנדע האָר. דינה זעט איר עלטערן ברודער און די יינגערע שוועסטערלעך און ברודערל, דריי אויסגעאיידלטע קינדער. זיי זענען אַלע, די גאַנצע משפחה, אַנטלאָפן פון דייטש. זי מיטן עלטערן ברודער, שלמה, די ערשטע, דערנאָך זענען אָנגעקומען די עלטערן מיט די יינגערע קינדער.

די אַלע יאָרן פאַר דער מלחמה האָבן זיי געוווינט אין אַ שטעטל נישט ווייט פון וואַרשע, געהאַט דאָרט אַ גרויסע מיל, אַ מאָדערנע, און אַ רייך איינגעאָרדנט הויז. זיי זענען אַנטלאָפן קיין לעמבערג, ווו ס׳האָט זיך געפונען אַ גרויסע צאָל פּליטים פון קאָנגרעס־פּוילן. ווען אין לעמבערג האָט מען איינגעפירט די פּאַספּאָרטיזאַציע, ווען מען האָט געמוזט אָדער נעמען אַ סאָוויעטישן פּאַספּאָרט, אָדער זיך רעגיסטרירן אויף צוריקפאָרן קיין פּוילן, ווו ס׳זענען געווען די דייטשן, האָבן די עלטערן געשיקט דעם עלטסטן זון מיט דינהן קיין ביאַליסטאָק, געוואָר ווערן, אפשר קאָן מען דאָס דאָרט אויסמיידן, אפשר קאָן מען געפינען אַ וועג אויף צוריק, אָדער ווו צו אַנטלויפן ווייטער. אַלע וועגן זענען אָבער געווען שוין לאַנג פאַר־מאַכט. שלמה און דינה האָבן זיך אַ ביסל פאַרזוימט אין ביאַליסטאָק. דער־ווייל האָבן זיך דאָרט אָנגעהויבן די אַרעסטן פון די פּליטים וואָס האָבן זיך געהאַט רעגיסטרירט צו פאָרן צוריק קיין פּוילן.

דינה און איר ברודער זענען געשלאָפן ביי צוויי באַזונדערע משפּחות. ווען מען האָט אַרעסטירט די משפחה, ווו דינה איז געשלאָפן, האָט דינה, וועלנדיק זיך ראַטעווען, געזאָגט דעם אמת, אַז זי האָט נישט קיין שייכות מיט די מענטשן, אַז זי האָט דאָ בלויז גענעכטיקט, אַז איר גאַנצע פאַמיליע איז אין לעמבערג, און זי וויל צוריקפאָרן צו זיי. דעמאָלט האָט מען זי

אַרעסטירט באַזונדער, און ווי אַן איינצלנע, אָן אַ משפּחה, זי פֿאַרשיקט אין לאַגער. אַזוי איז מן־הסתּם אויך געשען מיט איר ברודער. פֿון דעמאָלט אָן ווייסט נישט דינה גאָרנישט, וואָס איז געשען מיט אים, מיט אירע על־טערן און מיט די קינדער.

די גאַנצע נאַכט איז אַזוי פֿול מיט פּחדים פֿאַר דינהן, אַז אַפֿילו דאָס, וואָס גראָד ווען זי האָט געזען דעם נייעם אַרעסטאַנט, טראַכט זי דאָס ערשטע מאָל אַזוי גענוי, מיט אַלע פּרטים, וועגן איר משפּחה, אַפֿילו דאָס וואַרפֿט אויף איר אַן אַ שרעק, כאָטש זי זעט נישט און פֿאַרשטייט נישט דעם שייכות וואָס איינס קאָן האָבן מיטן צווייטן.

דאָס ערשטע מאָל האָט זי טענות צו שמעונען, פֿאַרוואָס ער האָט זי פֿאַרלאָזט, געלאָזט זי אויף הפקר. פֿאַרוואָס עפּעס צו שמעונען? וואָס איז ער איר שולדיק? פֿאַרוואָס האָט ער באַדאַרפֿן זיך מיט איר אינטערעסירן? וואָס באַדייט דאָס אין לאַגער „זיך אינטערעסירן" ווייסט זי שוין קלאָר, טאָ פֿון וואַנען קומט צו איר דער געדאַנק, אַז ער האָט דאָס באַדאַרפֿן מיט איר טאָן?

אָבער אין דער לאַגע, אין וועלכער זי איז איצט, איז נישט פֿאַראַן קיין אָרט אויף לאָגישע פֿראַגעס. דאָ רעדט, דאָ דיקטירט דער אינסטינקט. און דער אינסטינקט האָט איר אונטערגעזאָגט, אַז שמעון איז געווען איר איינציקע רעטונג.



מיט אַ צייט פֿריער האָט גאַלאַ געהאַט צוגערעדט סאַמעקן ער זאָל גנבֿענען אין דער קיך. ער האָט איר אָנגעהויבן ברענגען נישט נאָר פֿאַרטיק עסן נאָר אויך רויע פּראָדוקטן. גאַלאַ האָט איין מאָל און טיילמאָל צוויי מאָל אין דער וואָך, געמאַכט „בעלער" פֿאַר אַלע אירע חבֿרטעס אין פֿרויען באַראַק. מען האָט געגעסן און געטרונקען, זיך געלאָזט ווילגיין. סאַמעק, אויב ער האָט נאָר צייט, נעמט אָנטייל אין די „בעלער". ער פֿירט זיך מעשׂה באַלעבאָס. ער איז מיט די אַרעסטאַנטינס אויסגעקאָכט, פֿאַרהאַלט זיך אינגאַנצן פֿריי, ווי אַ דערוואַקסענער מאַנצפּערשוין.

נאָר דינה האַלט זיך ווייט פֿון די „בעלער". זי זיצט אין אַ ווינקל פֿון איר קויקע און שטריקט עפּעס. דאָס העלפֿט זי דער דייטשקע שטריקן אַ סוועטער ווען יענע איז באַשעפֿטיקט.

דינהס אָפּגעזונדערטקייט וועקט שׂנאה צו איר. אַפֿילו מאַרינאַ וואָס נעמט זיך אַלע מאָל אָן פֿאַר אַ געקריוודעטע חבֿרטע, איז דאָס מאָל אויך

אין כעס אויף איר. זי האַלט, אַז מיט דעם וואָס דינה נעמט נישט אַנטייל אין זייערע סעודות, באַליידיקט זי אירע חברטעס פון פּרויען באַראַק.

— וואָס פאַראַ גרויסהאַלטעריי איז דאָס! — שרייט מאַרינאַ — דאָ קאָן יעדער נאַטשאַלניק, אויב ער וויל נאָר, דיך אונטערלייגן אונטער זיך ווי אַ מאַטראַץ. אין לאַגער זענען אַלע גלייך!

סאַמעק בלייבט נישט אונטערשטעליק. ער לאַכט, חוזקט אָפּ פון דינהן. ער דערציילט אין איר אַנוועזנהייט, אַז זי איז פאַרליבט אין דעם יונגן יידישן דאָקטאָר פון פּוילישן עטאַפּ, וואָס איז געשיקט געוואָרן מיט ווערא אויף דעם ניי־געעפנטן אונטער־פּונקט.

די ידיעה, אַז דינה איז פאַרליבט אין דעם יונגן דאָקטאָר רופט אַרויס גרויס הייטערקייט אין פרויען באַראַק.

— זעטס נאָר דאָס לעמעלע, ווי הויך זי האָט דאָס געגרייכט! — שרייט די קאָזאַטשקע מאַרוסיאַ, וואָס איז טויט פאַרליבט אין שמעונען, כאָטש בלויז דערפאַר וואָס ער איז אַ הויכער.

אָבער דינה בלייבט זיצן אַ פאַרשלאָסענע אין זיך און שווייגט.

לאַנג האָבן די ימים־טובים אין פרויען באַראַק נישט אָנגעהאַלטן. מען כאַפּט סאַמעקן ביים דורכפירן אַ גניבה אין פּראָדוקטן־מאַגאַזין. מען זעצט אים איין אויף דריי טעג און דריי נעכט אין איזאָלאַטאָר. קיין פּראָצעס מאַכט מען אים נישט. אין לאַגער נעמט מען זיך נישט שטאַרק איבער מיט אַ גניבה. אַרבעטן אין וואַלד שיקט מען אים נישט, ווייל ער איז אַ יוגנטלעכער. גיט מען אים אַריין אין דער וועשעריי, ווי אַ געהילף צום וועשער, אַ כינעזער. פון דעמאָלט אָן וואַשט סאַמעק די ברודיקע וועש פון די אַרעסטאַנטן.

קורץ פאַר דעם, ווי מען האָט סאַמעקן דערווייטערט פון דער קיך, ווענדט זיך גאַלאַ אינגאַנצן פון אים אָפּ. זי רופט זיך נישט אָן צו אים, ווען ער רעדט צו איר, קוקט נישט אין זיין זייט, און ווען זי גיט שוין יאָ אויף אים אַ קוק, איז אין אירע ווייסע אויגן פאַראַן אַזוי פיל פרעמד־קייט, ווי זי וואָלט אים דאָס ערשטע מאָל געזען און נישט געוווּסט פון וואַנען נעמט ער זיך דאָ.

נאָך דער אַרבעט אין דער וועשעריי, כאַפּט זיך סאַמעק אַריין אין דער קיך העלפן ביים צוגרייטן דאָס עסן. דער קוכער קאַליאַ איז נישט נתפּעל געוואָרן פון דער גניבה. ער נעמט גערן אָן סאַמעקס הילף און קאַרגט אים נישט דערפאַר קיין עסן. סאַמעק האָט טאַקע אַרויסטראָגן פון קיך מער נישט געקאָנט, אָבער אַליין געווען שטענדיק אָנגעגעסן.

זיין פרי אויפגעוועקט דורך גאַלאַ לייב, איז פול מיט מענלעכע באַ־

גערן, וועלכע מאַטערן אים. ער וויל זיך דערנענטערן צו דינהן. הויבט אָן ווערן צו איר צודרינגלעך, אַפּילו ברוטאַל. זי יאָגט אים פון זיך. לאָזט זיך נישט אָנרירן פון אים, און ווען ער שטייט צו צו איר, זאָגט זי אים — פּאַשאָל וואָן!

דאָס ערשטע מאָל זעט דינה אין סאַמעקס העלע, שטענדיק צעשמייכלטע אויגן, אַ טרויער, אַ דערשלאָגנקייט. זי קריגט אויף אים רחמנות, און רופט זיך צו אים אָן אויף יידיש — כ׳בעט דיך, לאָז מיך צורו.



אין איינעם אַ פאַרמיטאָג, אין אַ טאָג פרייען פון אַרבעט, קומט אַריין אין פרויען־באַראַק דער נייער פאַרטרעטער פון קאָמענדאַנט, וועלכער איז מיט אַ וואָך צוריק געהאַט אָנגעקומען אין לאַגער.

ער קומט אַריין אין זיין גאַנצן משונהדיקן טראַכט, מיטן פראַק און ווייסן גאַרס, מיט דעם ווייסן שלייפל. אין די הענט, אויף וועלכע ער טראָגט ווייסע הענטשקעס, האַלט ער זיין שוואַרצן צילינדער.

ער פאַרנויגט זיך זייער טיף, וואָס דאָס אַליין רופט שוין אַרויס אַ הייטערקייט צווישן די פרויען אין באַראַק. ער שטעלט זיך פאָר — איך בין דער פאַרטרעטער פון זאַנע־קאָמענדאַנט — און הייס וואַראַניקידזע.

גאַלאַ האַלט נישט אויס און זאָגט הויך מיט אַ געלעכטער — איר זעט טאַקע אויס אין אייער אָנטועכץ ווי אַ וואַראָנע!

אָבער וואַראַניקידזע פילט זיך נישט געטראָפן. ער שטרעקט אויס די האַנט צו יעדער „דאַמע", טראָגט זייער האַנט מיט גרויס עלעגאַנץ צו צו זיין מויל — און טוט זי אַ קוש.

אין באַראַק ווערט אויסטערליש פריילעך. בלויז די פאַלקע וואַנדאַ, נעמט אויף זיין שאַרמאַנט פאַרהאַלטן זיך מיט דער גאַנצער נאַטירלעכקייט. ווען וואַראַניקידזע דערלאַנגט די האַנט אַגלין, דערפילט ער ווי ער וואָלט אָנגענומען אַ פאַרדאַרט סאַסנע־צווייגל. ער גיט אַ בליק און זעט אַגליס דאַר, איינגעשרומפּן און פול מיט אָדערן הענטל. ער טוט זיך אַ וואַקל, פאַרטראַכט זיך אַ רגע. אָבער אַגלי טראָגט אים אונטער איר האַנט צו זיין מויל, און נישט וועלנדיק זי פאַרשעמען, טוט ער איר אויך אַ קוש אין האַנט.

די גאַנצע צייט ווען אין באַראַק איז געווען אַזוי פריילעך, איז דינה געשטאַנען אין אַ ווינקל און איינגאַנצן געפּלאָנטערט פון שרעק. ווען ס׳קומט

איר ריי און וואַראַניקידזע דערלאַנגט איר זיין האַנט, טראָגט צו איר האַנט צום מויל און גיט אַ קוש, זאָגט דינה פון גרויס צעטומלטקייט — אַ דאַנק.

איר דאַנק רופט אַרויס אַ ווילד געלעכטער. מאַרינאַ, גאַלאַ און מאַרוסיאַ קאַטשען זיך ממש. דינה שטייט אינגאַנצן אַ דערשלאָגענע. דווקא איר צערודערטקייט וועקט וואַראַניקידזעס אויפמערקזאַמקייט. ער פרעגט זי, ווו און ביי וואָס פּאַרא אַרבעט זי איז באַשעפטיקט.

גאַלאַ און אַגלי שפּרינגען באַלד אַרויס און זאָגן, אַז זי אַרבעט בכלל נישט, אַז זי טוט גאָרנישט. מאַרינאַ און אַפילו מאַרוסיאַ פּאַרטיידיקן זי, אַז זי אַרבעט יאָ, טוט פאַרשידענע אַרבעטן. אָבער קיין באַשטענדיקע אַרבעט האָט זי נישט.

וואַראַניקידזע זאָגט צו דינהן — נו, איך וועל זיך שוין באַמיען צו באַקומען פאַר אייך אַ פּאַסנדיקע, שטענדיקע אַרבעט. ער טיילט אַלע צוקערקעס. יעדע באַקומט צו דריי צוקערקעס, געוויקלטע אין קאָלירטע פּאַפּירלעך. דינה באַקומט פיר.

דער זאַמ.־קאָמענדאַנט פאַרנויגט זיך ווידער טיף און פאַרלאָזט דעם באַראַק. דעמאָלט רופט זיך מאַרינאַ אָן — דינה, דו האָסט אַ מאַן.

דינה ציטערט אויף פון אירע רייד. — מאַרינאַ, בעט זי זיך, לאָז אָפּ, רעד נישט אַזוי!

אָבער מאַרינאַ זאָגט דווקא פון גוטהאַרציקייט, מיט אַ שטים, אין וועלכער ס׳פילט זיך וואַרעמקייט — גלייב מיר, אויב ס׳וועט טאַקע אַזוי זיין, וועט דאָס זיין דאָס בעסטע פאַר דיר. נאָר שטאָט זיך צו באַרואיקן, שוידערט דינה אינגאַנצן אויף.

צומאָרגנס טרעפט זי זיך אָן אויף אים. זי מאַכט אַ פּרוּוו אים אויסצומיידן. ער באַמערקט דאָס.

— דיעוואָטשקאַ, מיידל, אַזוי פירט מען זיך אויף? — זאָגט ער צו איר — דאָס זענען גוטע מאַניערן? דאָס איז אַ קולטורעל פאַרהאַלטן זיך? אַז מען זעט דעם קאָמענדאַנט דאַרף מען אים די ערשטע באַגריסן. אָבער ס׳מאַכט נישט אויס. פאַר אייך בין איך גרייט דער ערשטער אַראָפּצונעמען דעם צילינדער און זיך פאַרנייגן.

ער נעמט אַרויס פון דער קעשענע אַ טאַלאָן אויף אַ מיטאָג פאַר די נאַטשאַלניקעס און דערלאַנגט דינהן.

זי נעמט דעם טאַלאָן, באַדאַנקט זיך און גייט אַוועק. זי פילט, אַז ער קוקט איר נאָך און די פיס זענען ביי איר ווי געפּענטעט. זי שטעלט פּאַמעלעכע טריט, ווי זי וואָלט מורא געהאַט, אַז זי קאָן ביי יעדן טריט

אומפאַלן. ווען זי קומט ענדלעך אַריין אין באַראַק, וואַרפט זיך ביי איר דאָס האַרץ, ווי זי וואָלט געלאָפן אַ גע׳יאָגטע פון אַ פאַרפאָלגער.

וואַראַניקידזע באַמיט זיך עפּעטער צו טרעפן דינהן. שטענדיק האָט ער עפּעס פאַר איר. דאָ אַ טאַלאָן, דאָ הייסט ער איר אַריינגיין אין קיך, וווּ ס׳איז פאַר איר צוגעגרייט אַ גלאָז מילך מיט אַ זעמעלע. אַן אַנדערש מאָל גיט ער איר אַ גאַנץ בייטעלע מיט וויטאַמינען „צ״, גרויסע פּילן מיט אַ ציטרין־געשמאַק. נישט פאַראַן אַזאַ פאַל, אַז ער זאָל טרעפן דינהן און איר מיט עפּעס נישט באַשענקען.

ער קוקט אויף איר מיט זיינע קליינע שוואַרצע אויגן. ער קוקט מילד, ער גלעט זי מיט זיין בליק. פאַראַן אין זיין בליק רחמנות, מיטגעפיל און ליבשאַפט.

אין אָנהויב פלעגט זי אויסמיידן אים צו קוקן אין די אויגן. אָבער מער האָט זי דאָס נישט געקאָנט. ער האָט זי אָנגעהויבן פאַרהאַלטן אויף לענגער, פאַרפירט מיט איר שמועסן און זי האָט נישט געקאָנט נישט קוקן אויף אים, נישט זען זיין בליק.

זיינע אויגן זענען פול מיט איבערגעגעבנקייט, מיט טריישאַפט. זי זעט דאָס בולט, ס׳איז פאַר איר קלאָר, אַז ער האָט זי ליב — און זי פילט זיך דערפון פאַרלוירן, אומגליקלעך.

איין מאָל פאַרנאַכט, בעט ער זי אַריינקומען צו זיך אין שטוב. זי ווייסט נישט וואָס צו ענטפערן. זי זאָגט נישט — ניין, און זי זאָגט נישט — יאָ. אָבער זי קומט. ער פילט ווי זי ציטערט אינגאַנצן. ער זעט די בלייכקייט פון איר פּנים. אין שטוב ביי אים איז זייער וואַרעם, אָבער ער לייגט איר נישט פאַר זי זאָל אויסטאָן דעם בושלאַט. ער וואַרעמט אָן אויפן אייוועלע אַ פאַטעלניע מיט אָלאַדיעס. דינה קאָן נישט אויסהאַלטן די וואַרעמקייט פון שטוב, ס׳ווערט איר ענג אין די וואַטענע מלבושים. טוט זי אויס דעם בושלאַט און בלייבט אין דער פופייקע, זי נעמט אַראָפּ דאָס וואַטענע היטל און דער גרויסער, געדיכטער קראַנץ ברוינע האָר צעשיט זיך איבער איר נאַקן.

וואַראַניקידזע קוקט אויף איר מיט אַנטציקונג. ער ברענגט אַ טעלער מיט צוויי גאָפּלען. לייגט אויס אויפן טעלער די אָלאַדיעס און שטעלט זיי אַוועק אויפן טישל, ביי וועלכן ס׳זיצט דינה.

בכדי נישט צולאָזן צו זיך קיין שום נעבן־געדאַנק, קאָנצענטרירט זי איר גאַנצע אויפמערקזאַמקייט אויפן טעלער מיט די אָלאַדיעס. אירע אויגן, דאָס מויל, די נאָז, אַלע אירע חושים זענען אַריינגעטאָן אינעם עסן, ווי אַ מענטש וואָס וויל אויסמיידן צו קוקן דעם געפאַר אין די אויגן אַריין,

אַזוי קוקט נישט און זעט נישט דינה פֿאַר זיך נישט וואַראַניקידזען, נישט זיין שטוב, נישט זיין בעט, זי זעט נאָר דאָס עסן.

ער זיצט אַנטקעגנאיבער איר און קוקט מיט וואָס פֿאַראַ גיריקייט זי עסט. אים איז דאָס אַ וווּנדער, ווייל די לעצטע צייט זעט ער זי צו, און זי האָט זיך מיט דער גיכקייט, מיט וועלכער ס׳רעגענערירט זיך אַ געוויקס, זיך שנעל צוריקגעכאַפּט און זי בליט שוין ווידער.

דינה באַמערקט אַפילו נישט, אַז וואַראַניקידזע רירט זיך נישט צו צום עסן, ערשט ווען זי איז שוין אַזוי אָנגעגעסן, אַז זי קאָן נישט מער, פֿאַרשעמט זי זיך פֿאַר אים און לייגט אַוועק דעם גאָפּל. ער איז אָבער אַזוי פֿאַרכאַפּט מיט דעם וואָס דינה איז ביי אים אין שטוב, זיצט ביי זיין טישל, עסט ביי אים, ער האָט אַזאַ הנאה פֿון איר באַוועגן מיטן מויל און ליפּן, פֿון קוקן אויף איר פֿון אַזאַ נאָענט און איינער אַליין, אַז ער בעט זיך ביי איר — דינה, דינאָטשקאַ, עס, עס צום געזונט. כ׳וועל ברענגען נאָך אַלאַדיעס.

— אַ דאַנק, כ׳קאָן נישט מער. עסט אויך. ס׳איז נישט שיין, וואָס איך האָב געגעסן אַליין. כ׳שעם זיך. זייט אַזוי גוט און עסט. עסט כאָטש די פּאָר געבליבענע אַלאַדיעס.

מיט אַ מינוט פֿריער האָט ער געשטוינט פֿון איר גיריקייט, מיט וועל־כער זי האָט געגעסן, אָבער איצט איז ער פֿול מיט ליוב פֿאַר איר — אָט דאָס הייסן גוטע מאַניערן, דאָס הייסט זיין אַ קולטור־מענטש. דינאָטשקאַ, כ׳בין אַזוי גליקלעך וואָס דו ביסט געקומען צו מיר, אַז כ׳דאַרף מער גאָרנישט. כ׳קאָן פֿאַסטן טעג און וואָכן!

זי כאַפּט זיך, אַז ער זאָגט איר — דו. זי הערט די ווערטער פֿון אַדאָראַציע, טראַכט זיך, אפשר איז דאָס נאָר אַזאַ אופֿן פֿון רעדן ביי זיי, ביי די גרוזינער. אָבער זי זעט זיינע אויגן, וועלכע זענען איצט פֿול מיט איבערגעגעבנקייט, מיט אונטערטעניקייט.

זי ווערט זייער אומרואיק. זי ווייסט נישט וואָס צו זאָגן, וואָס צו טאָן. ער באַמערקט איר אומרו און פֿרעגט זי — ווילסט שוין גיין?

— יאָ — ענטפֿערט זי שטיל, ווי מיט מורא.

ער פֿירט זי אַרויס און זאָגט איר: — דינאָטשקאַ, גאָר אין גיכן וועסטו שוין האָבן אַ שטענדיקע אַרבעט.

זי באַדאַנקט זיך און גייט אַוועק. דער פֿראָסט פֿאַרהאַקט איר דעם אָטעם. זי שטעלט זיך אָפּ אויף אַ רגע. אינסטינקטיוו קוקט זי זיך אום און זעט, ווי וואַראַניקידזע שטייט אין דער אָפֿענער טיר און קוקט איר נאָך.

אין אַ קורצער צייט אַרום באַקומט זי אַרבעט אין דער „קיפּיאַטילקע".
קיין האַלץ דאַרף זי אַליין נישט האַקן. האָלץ ברענגט מען איר צעהאַק־טערהייט. זי דאַרף נאָר אונטערצינדן דעם קעסל מיט וואַסער און צוהיטן, אַז ווען די בריגאַדעס קומען צוריק פון דער אַרבעט, זאָל דאָס וואַסער אין קעסל שוין זיין אויפגעקאָכט.

ס'איז קיין אַרבעט נישט, און דינה האָט כמעט אַ גאַנצן טאָג פריי. קיין פרייד פאַרשאַפט איר דאָס נישט. פאַרקערט. זי וואָלט איצט געוואָלט אַן אַרבעט אויסער דער זאָנע. אַרבעטן שווער, אַהיימקומען בייגאַכט אַ מידע, אַ מידע זיך לייגן שלאָפן — אַבי קיינער זאָל זי נישט זען.

אָבער די אַרעסטאַנטינס אין באַראַק זענען זי מקנא. זי בלייבט אין דער זאָנע. צו קיין אַנדערער אַרבעט, אַ חוץ דער וואָס זי טוט, קאָן מען זי נישט נעמען.

— אָט, אַ כיטרע זשידאָווקע, געוואָרט און זיך דערוואָרט. נאָך אַזוי יונג און שוין אַזוי אַדורכגעטריבן! — קומט נישט איין מאָל דינהן אויס צו הערן פון אירע באַראַק־שכנטעס.

גאַלאַ און אַגלי ליגן בייגאַכט אויף זייערע קויקעס און שילדערן ליבע־סצענעס, וועלכע קומען מכלומרשט פאַר צווישן וואַראַניקידזע און דינהן. זיי באַנוצן די געמיינסטע אויסדרוקן, שילדערן ראַפינירטע סעק־סועלע סצענעס, וועלכע זייער קראַנקע פאַנטאַזיע זאָגט זיי אונטער און פאַרגייען זיך דערביי אין ווילדע געלעכטערס.

כאָטש אַ חוץ אַגלי און גאַלאַ, נעמט קיינער פון די אַרעסטאַנטינס נישט קיין אַנטייל אין די געשפּרעכן, אָבער אַלע ליגן אויף זייערע קויקעס געשפּאַנטע, אַז מען הערט נישט זייער אָטעמען. אַלע ליגן מיט אָנגעצויגענע נערוון און הערן זיך איין ווי אַזוי גאַלאַ שילדערט מיט אַלע איינצלהייטן פּערווערזע אַקטן צווישן וואַראַניקידזע און דינהן.

אין באַראַק איז שטיל, פאַרדעכטיקט שטיל. יעדע פון די אַרעסטאַנ־טינס וויל כאָטש אין געדאַנק אַליין איבערלעבן די דאָזיקע סצענעס, וועל־כע גאַלאַ שילדערט מיט אַזאַ בולטקייט.

ווען דאָס הויבט זיך אָן — דעקט זיך דינה איבער דעם קאָפּ מיטן קאָץ. זי וואָלט דעם גאַנצן קאָפּ זיך אַריינגעשטופּט אין די אויערן. ס'שווי־דערט זי פון דעם וואָס זי הערט. אָבער אויך זי קאָן נישט אינגאַנצן איבער־ווינדן דעם סעקסועלן נייגיר. פון צייט צו צייט שטעקט זי אַרויס דעם קאָפּ פון אונטערן קאָץ, מיטן געדאַנק, אפשר האָבן זיי אויפגעהערט די געמיינע שפּיל. אָבער ווען זי הערט זיי רעדן, הערט זי זיך פונדעסטוועגן

אַ רגע איין אין אַ געשילדערטע סצענע צווישן איר און וואַראַניקידזע — אַז זי בלייבט פון דעם ליגן ווי אַ געלעמטע.

גאַלאַס און אַגליס סעקסועלע דערפאַרונג און פאַנטאַזיע זענען אומ־דערשעפּלעכע. מיט דער צייט קומען זיי צוהילף מאַרוסיאַ די קאַזאַטשקע און אַפילו מאַרינאַ נעמט זיך אַ מאָל שילדערן אַ פּיקאַנטע איבערלעבונג.

פאַרקלאָגן זיך פאַר וואַראַניקידזע האָט דינה מורא. זי האָט מורא, אַז דאָס וואָס זי וועט אים דערציילן, זאָל אים נישט אָנפירן אויף קיין שלעכטע געדאַנקען. ליגט זי אונטערן קאָץ און שעלט. זי שעלט זיך, אירע יונגע יאָרן, שעלט שמעונען, שעלט סאַמעקן און די גאַנצע וועלט, אַז אַ סוף זאָל עס נעמען צו דער געמיינער וועלט.

די געשפּאַנטקייט צוליב דער לאַגע צווישן איר און וואַראַניקידזע און די דאָזיקע ביינאַכטיקע קאַשמאַרע סצענעס, דערפירן דינהן דערצו, אַז זי האַלט סוף־כל־סוף נישט אויס. זי באַקומט אַ היסטערישן אָנפאַל.

אין איינעם אַ ביינאַכט, ווען גאַלאַ און אַגלי הויבן אָן דעם „סעאַנס", רייסט זיך דינה אויף, וואַרפט אַראָפּ פון זיך דעם קאָץ און שרייט ווי אַ באַנומענע:

— געמיין, געמיין זענט איר אַלע! נידערטרעכטיק זענט איר! מיאוס זענט איר און עקלדיק אייערע געדאַנקען! וואַראַניקידזע איז אַ הייליקער! ער איז פאַר מיר ווי אַ פאָטער. ער האָט מיך נישט אָנגערירט און וועט מיך נישט אָנרירן. ווייל זיין האַרץ איז איין שטיק גאָלד! בריליאַנט איז זיין האַרץ! און איר זענט אַלע געמיין, אויסגעלאַסן!

— דוראַ! בהמה! וואָס מיינסטו, אַז דו זאָגסט וועט דיר עמעצער גלייבן?! וואָס מיינסטו, מיר זענען נאַראַנים? ווילסט אונדז אפשר איינ־רעדן, אַז וואַראַניקידזע איז נישט קיין מאַנצפּערשוין, אפשר וועסטו גאָר זאָגן, אַז ער האָט נישט קיין ש...!

אין באַראַק הילכט פון געלעכטער.

פון גרויס אָנשטרענגונג דאַכט זיך דינהן, אַז זי פאַרלירט דעם באַ־וווסטזיין. אָבער מיטאַמאָל שלאָפט זי גאָר איין מיט אַ שווערן שלאָף, ווי אַ שטיין וואָלט זי צוגעדעקט.

אַגלי און גאַלאַ רעדן אָן די פאָלקע וואַנדאַ, וועלכע האָט זיך אַ מאָל אין אַן אָנשטאַלט געלערנט אויף אַן אַקושערקע, אַז זיי וועלן זיך וואַרפן אויף דינהן, זי צוהאַלטן און זי, וואַנדאַ, זאָל זי אונטערזוכן, צי איז זי נאָך אַ מיידל. — זאָלן אַלע איין מאָל פאַר אַלע מאָל וויסן, וואָס פאַראַ געמיינע ליגנערין זי איז — טענהן זיי איין מיט וואַנדאַ.

אין איינעם אַן אָוונט, ווען דינה לייגט זיך אויף איר קויקע, אין באַראַק

איז נאָך ליכטיק, אַ טייל אַרעסטאַנטינס דרייט זיך אַרום ביי זייערע געלע־גערס, זעט דינה ווי וואַנדאַ טוט אויס די פּופּייקע, פאַרשאַרצט די אַרבל פון איר העמד, וואַשט די הענט און ווישט זיי נישט אָפּ.

מיט אַ מאָל שפּרינגען אַרויס פון די ווינקלען גאַלאַ און אַגלי, פאַלן אַרויף אויף דינהן, שלעפּן אַראָפּ פון איר דעם קאָץ. גאַלאַ וואַרפט זיך אַרויף אויף דינהן. מיט איר דאַר לייב און הענט ווי אייזערנע צוואַנגען, האַלט זי דינהן פעסט ווי צוגעקאָוועט צום געלעגער. אַגלי טוט מיט כוח פונאַנדערנעמען דינהס פיס.

דינה שרייט מיט באַנומענע קולות. דעמאָלט מוז גאַלאַ באַפרייען איין האַנט בכדי צו פאַרשטאָפּן דינהן דאָס מויל. דינה געניסט פון דעם אָפּגע־שוואַכטן דרוק, און גיט זיך אַ וואָרף מיטן גאַנצן קערפּער ווי אַ פיש אין אַ נעץ. גאַלאַ און אַגלי וואַרפן זיך ווידער אויף איר, אָבער דינה שרייט די גאַנצע צייט מיט יעמערלעכע קולות, רייסט זיך פון זייערע הענט מיט איבערמענטשלעכע כוחות.

די אַרעסטאַנטינס דערשרעקן זיך, אַז דינהס געשרייען קאָנען דערהערט ווערן אין דרויסן — און דעמאָלט גייען זיי אַלע אין איזאָלאַטאָר און קאָנען אפילו באַקומען צוגאָב־שטראָפן. זיי וואַרפן זיך אויף גאַלאַ און אַגלי און רייסן זיי אָוועק פון דינהן. דינה האַלט נאָך אין איין שרייען, אפילו ווען אַלע האָבן זי שוין אָפּגעלאָזט. מאַרינאַ באַשפּריצט איר פּנים מיט קאַלט וואַסער און דינה באַהערשט זיך ביסלעכווייז.

כאָטש דינה ווייסט, אַז גאַלאַ, אַגלי און וואַנדאַ איז נישט געלונגען אַדורכצופירן דאָס, וואָס זיי האָבן אין זייערע פאַרברעכערישע מוחות פאַרטראַכט קעגן איר, ווייסט זי אָבער אויך מיט דער גאַנצער זיכערקייט, אַז איר גורל איז אַ געחתמעטער.

☆

צומאָרגנס קומט זי אַ פאַרבעטענע צו וואַראַניקידזע אין שטוב אַריין.

דער טיש איז געגרייט. ס'שטייט אַ סלאָי מיט קאַרשן־קאָנפיטור און אויף אַ טעלער אָנגעשניטענע קליינע שטיקלעך ברויט, אויפן אויוון זידט אַ טשייניק.

זי טוט אויס דעם בושלאָט, טוט אויס דאָס וואַטענע היטל. וואַראַני־קידזע בעט זי מיט אַ גאַלאַנטער באַוועגונג, זיך זעצן. ער זעצט זיך אַנטקעגן איר. ער בעט זי געניסן פון כיבוד.

דינה בייסט אָפּ אַ ביסן ברויט און פרוווט אים צעקייען. אָבער דער

ביסן בלייבט איר ליגן אין מויל און זי קאָן אים נישט אַראָפּשלינגען. זי שפּייט אים דיסקרעט אויס אין נאָז־טיכעלע — און צעוויינט זיך.

זי וויינט מיט אַ טיף, פאַרפאַלן געוויין, ווי זי וואָלט געוואָלט אין אים אויסגיין. זי וואַרפט זי דאַריין אין דעם געוויין, ווי עמעצער, וואָס וואַרפט זיך אַריין אין וואַסער בכדי דערטרונקען צו ווערן. ס׳פּלייצן פון איר די טרערן ווי זיי וואָלטן געקומען פון אַן אומאויסשעפּלעכן קוואַל.

וואַראַניקידזע קוקט אויף איר אַ דערשראָקענער און צעוויינט זיך אויך. ער וויינט מיט איר מיט.

וואָס וויינט זי? באַוויינט זי איר צעשטערט יונג לעבן? טאַטע־מאַמע, מיט וועלכע זי האָט זיך פאַרלוירן? וויינט זי אויף דער שרעקלעכער מלחמה וואָס האָט די גאַנצע וועלט צעטרייסלט? צי באַוויינט זי גאָר איר געפיל צו שמעונען? זי ווייסט נישט. זי וויינט.

ער וויל זי באַרואיקן, רוקט זיך צו איר צו און גלעט זי לייכט איבער די האָר. אָבער זי שאָקלט גיך מיט איר רחבותדיקן קאָפּ אויף הין און צוריק, ווי אַ קרוין פון אַ בוים געריסן פון אַ שטורעם־ווינט.

שיכור קאָן מען ווערן נישט נאָר פון אַלקאָהאָל. שיכור קאָן מען אויך ווערן פון טרערן. פון מידקייט וואַרפט זי איר שווער־געוואָרענעם קאָפּ אויף וואַראַניקידזעס אַקסל און בלייבט אַזוי מיט פאַרמאַכטע אויגן.

ער נעמט זי אַרום. אין שטוב איז זייער וואַרעם. ער זעט פייכטקייט אויפן גלאַנצנדיקן ראַנד פון איר פּופּייקע ביי איר האַלדז. ער פרעגט, צי איז איר הייס. זי ענטפערט נישט. ער נעמט אַראָפּ פון איר די פּופּייקע. זי שטערט אים נישט.

ער דערזעט זי אָנגעטאָן אין אַ ראָזאַ קרעפּדעשינענע בלוזקע מיט קליינע גאָלדענע קנעפּלעך און מיט אַ דרייעקיקן דעקאָלט.

— אַך, ווי הערלעך דאָס איז! — שרייט ער אויס. זי עפנט נישט די אויגן, אָבער גיט אַ שמייכל.

דאָס האָט זי היינט פאַרטאָג, ווען ס׳איז נאָך געווען שטאַרק פינצטער, אַלע אין פּרויען־באַראַק זענען נאָך געשלאָפן, אַרויסגעצויגן איר פּעקל זאַכן פון אונטערן צוקאָפּנס און אַרויסגענומען פון דאָרט איר גוט פאַר־באָרגענע און פאַרמאַסקירטע עטלעכע זאַכן: אַ ראָזאַ בלוזקע, אַ ראָזאַ העמד מיט אַ ווייסער שפּיץ און ראָזאַ אונטערהייזלעך און דאָס אַלץ אָנגעטאָן. זי האָט נישט געוווּסט פאַרוואָס און נאָכוואָס זי טוט דאָס, אָבער זיך אונטערגעגעבן דעם דרוק אַזוי צו טאָן. דערנאָך האָט זי אונטער דעם קאָץ אַרויפגעצויגן אויף זיך די וואַטענע הויזן, אָנגעטאָן די פּופּייקע און אַפּער־געגאַנגען פון אונטערן קאָץ שוין איינגאַנצן אָנגעטוענע.

וואָראָניקידזע קושט אירע הענט, רירט זיך צו מיט די ליפּן צו איר פּנים. זי רעאַגירט נישט. אים דאַכט זיך אויס, אַז זי שלאָפט מיט אַ טיפן שלאָף. ער נעמט זי אויף די הענט, טראָגט זי צו צו זיין בעט און לייגט זי אַוועק.

אָבער דאָס קישן, אויף וועלכן ער האָט אַוועקגעלייגט איר מידן, ווי שיכורן קאָפּ, איז איר נישט קיין געוווינדיקער אָנשפּאַר. מיט אַ קינדישער באַוועגונג הויבט זי זיך עטוואָס אונטער ווי זי וואָלט געזוכט ווי פריער אַן אָנשפּאַר אין זיין אַקסל. ער זעצט זיך אַוועק אויפן בעט און שפּאַרט אונטער אירע איידעלע, מיידלעשע פּלייצעס מיט זיין אָרעם.

ער קוקט אויף איר ראָזאַ בלוזקע און זעט אַ ראַנד פון דער ווייסער שפּיץ פון איר העמד. ער פאַרשטייט, אַז נישט יעדן טאָג טראָגט זי די זאַכן. דאָס העלפט אים אַרויס אין זיין פאַרלוירנקייט. ער ווייסט איצט, אַז ער האָט ליב, גרענעצלאָז ליב, דאָס דאָזיקע יונגע, יידישע מיידל, און ער קאָן זיך פון איר נישט אָפּזאָגן, און וועט זיך פון איר נישט אָפּזאָגן. ער פאַלט צו איר צו. קושט איר פּנים, איר האַלדז, וואָס אַ מאָל דרייסטער. און אין איר בלאָנדזשעט ערגעץ אויף דער אויבערפלאַך פון איר צעטומלטן מוח — זאָל שוין זיין, וואָס וועט זיין.

פּלוצים דערפילט זי ווי אַ שאַרפער מעגער־כוח שניידט זיך איין אין איר לייב. זי בלייבט ליגן ווי פאַרחלשט.

ווען זי עפנט די אויגן זעט זי ווי וואָראָניקידזע קניט פאַרן בעט, קלאַפּט זיך מיט די פויסטן אין ברוסט און רעדט אין פאַרטראָגנקייט — אַ פאַרברעכער בין איך, אַן אויסוואורף. געוואָלט דיך פאַרהיטן פון אַלע און נישט פאַרהיטן פון זיך אַליין. הייליקע מיינע, ווייב מיינס. כ׳בין דאָך נישט ווערט דעם שטויב פון דיינע טריט. זיי מיר מוחל, אויב דו קענסט מוחל זיין. כ׳בין גרייט אומצוקומען פאַר דיר.

דינה ציט אויס די רעכטע האַנט און דאָס ערשטע מאָל גיט זי אים אַ גלעט איבערן פּנים. ער שיינט אויף, איז גליקלעך. ער וויל שרייען פון פרייד, נאָר דערמאָנט זיך, אַז ס׳איז טיפע נאַכט און ער איז דאָך אַ קאָמענדאַנט.

דינה וויל טרינקען. ער דערלאַנגט איר אַ טעפּעלע מיט געקאָכטע וואַסער. זי טרינקט גיריק. ער וויל זי זאָל עפּעס עסן. זי שאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין. זי זאָגט נאָר — כ׳וויל אַהיים.

— קינד מיינס, וואָספאַראַ היים? בלייב דאָ. ווו האָסטו אַ היים? וואָס רעדסטו?

אָבער דינה האַלט אין איין איבערחזרן די צוויי ווערטער — כ׳וויל אַהיים.

— וואָס מיינסטו? דעם באַראַק?

— כ׳וויל אַהיים — דערהערט ער ווידער פון איר מויל. זי זאָגט דאָס אַרויס זייער שטיל.

ער העלפט איר זיך אָנטאָן און פירט זי אַרויס פון זיין שטוב און גייט מיט איר ביז צום פרויען־באַראַק. אין דרויסן שיינט אַ פולע לבנה, גרויסע שטערן, און דער שניי איז ווייס־גאָלדיק פון דעם שימער פון לבנה־ליכט.

ביי דער טיר פון פרויען־באַראַק געזעגענען זיי זיך. וואַראַניקידזע זעט, אַז זי שמייכלט צו אים און ער איז גליקלעך.

ווי נאָר דינה עפנט די טיר פון באַראַק, גייט אַריין אין איר אַ שטאָלץ, אַ זעלבסטזיכערקייט. זי הערט ווי גאַלאַ זאָגט — שוין ענדלעך געקומען די צניעותדיקע זונה, וועקט אויף די פאַרמאַטערטע מענטשן, וואָס אַרבעטן שווער, אַליין פאַראַזיטירנדיק ביי עפעס אַ קיפּיאַטילקע.

דינה ענטפערט ניט. אַ פאַרביסענע, אַ דרייסטע, טוט זי אויס דעם בושלאַט, די פופייקע און די וואַטענע הויזן און לייגט זיך אויף איר געלעגער אין ראָזאַ שיפּאָנעם העמד מיט דער ווייסער געהאַפטענער שפּיץ און אין די אונטער־הייזלעך פון זעלבן שטאָף, אַז אין דער פרי, ווען אַלע וועלן אויפשטיין, זאָלן זיי זען אין וואָס זי גייט אָנגעטאָן און אין וואָס זי שלאָפט.

אַ יונג־דערוואַכטע פרוי איז פּונקט אַזוי גיריק אויף אינטימע באַצי־אונגען, ווי אַ פאַרזעסענע, און אפשר נאָך מער. דינה גאַרט נאָך יעדער דערנענטערונג מיט וואַראַניקידזע. ער איז קלענער פון מיטעלן וווקס און אַ שמאָלער, אָבער אַלע זיינע אברים זענען ווי פון שטאָל, ער באַזיצט אַ געוואַלטיקן כוח און איז דערביי פול מיט צערטלעכקייט צו דינהן. ער האָט ליב אין איר יעדע איר באַוועגונג. יעדער טריט, וואָס זי מאַכט פילט אים אָן מיט פרייד. פון אַלעם, וואָס זי טוט איז ער אַנטציקט. ער גיט איר זיין ליבשאַפט צו פילן אויף יעדן טריט און שריט. אין זיין אַנוועזנהייט פאַרגעסט זי גיך אין דער גאַנצער וועלט.

אין אַ קורצער צייט אַרום ווייסט שוין דינה, אַז זי טראָגט אין זיך די פרוכט פון איר פאַרבינדונג מיטן גרוזינער וואַראַניקידזע.

## „כאַנדראַ"

אויף דעם נייעם אונטער־פונקט, וועלכער שטייט אויף אַ זומפּ, פאַרט שמעון מיט וויעראַן אויף אַ שליטן. אַלע אַנדערע שיקט מען אַהין צופוס.

דער וועג איז אַ שווערער, אַ פאַרשנייטער. דאָס איז אייגנטלעך נישט מער ווי אַ שמאָל שטעגל, וואָס פירט כסדר דורך אַ וואַלד. דאָרט ווו די צווייגן פון די סאָסנע־ביימער זענען געדיכטע, באַשיצן זיי דעם וועג, און דער שניי אויף די ערטער איז נישט אַזאַ הויכער. אָבער דאָרט ווו די צווייגן זענען שיטערע און באַשיצן נישט גענוג דעם שמאָלן דורכגאַנג, איז דער שניי אַזוי טיף, אַז מען קאָן אין אים פאַרזונקען ווערן.

קיין נאַרטעס טאָר מען אין לאַגער נישט האַלטן. אָבער די לאַגער־וואַך קוקט אַוועק. מאַכט זיך נישט זען. וואָרעם אָן נאַרטעס קאָן מען אין אַזאַ אָרט ווינטער נישט אויסקומען.

סטריעלקעס באַגלייטן איצט נישט די אַרעסטאַנטן. ס׳זענען ריזיקע פרעסט, און קיינער וועט נישט אַנטלויפן. גליטשט זיך פאַראויס אַ דיע־סאַטניק אויף נאַרטעס, און דאָרט ווו דער שניי איז טיף, פאַרבינדט ער אַ שטריק אַרום די ביימער, וואָס שטייען ביים ראַנד פון וועג, אַז די אַרעסטאַנטן זאָלן זיך קאָנען אין איר אָנהאַלטן און נישט פאַרפאַלן ווער אין טיפן שניי.

פון דעם הויפּט־לאַגער ביז צום אונטער־פונקט איז אינגאַנצן עטלעכע קילאָמעטער, אָבער דער וועג דויערט לאַנגע שעהן. מען מוז דעראָבערן יעדן שריט, ווי די בערג־קלעטערער, וואָס ווילן דעראָבערן דעם שפּיץ פון אַ הויכן באַרג. די מענטשן זענען פאַרמאַטערט, און נישט געקוקט אויפן גרויסן פראָסט, גייען זיי אָפּ אין שווייס.

שמעון און וויעראַ פאָרן אַדורך אין שליטן מיט זייערע זאַכן און מיט מעדיקאַמענטן און באַנדאַזשן פאַר דער סאַניטאַרער אָפּטיילונג, וועלכע זיי דאַרפן עפענען אויפן נייעם אונטער־פונקט. שמעון זעט גוט, אַז די אַרעסטאַנטן, וואָס מאַכן דורך דעם מאַטערנדיקן וועג, פאַלן פון די פיס. אָבער דאָס מאָל פילט ער נישט קיין רחמנות צו זיי. דאָס געפיל, אַז ער

איז אַ באַלעבאָס, אַ נאַטשאַלניק, באַהערשט אים אינגאַנצן, לאָזט נישט איבער קיין אָרט אויף אַנדערע געפילן. שמעון ווייסט, אַז דאָס איז נאַריש. אין לאַגער איז קיינער נישט זיכער מיטן מאָרגן. היינט איז ער נאַטשאַלניק און מאָרגן אויס. און דאָך פילט ער זיך געהויבן. ער האָט אַלץ: אַ שטעלע, עסן און טרינקען און אַזאַ רייצנדע פרוי ווי וויערא לעבן זיך. דאָס מאַכט אים קאַליע, מאַכט אים בלינד, פאַרשטעלט אים די אויגן אויף דעם גאַנצן טרויעריקן אַרום.

שמעון גיט זיך אָפּ דערפון אַ חשבון, אָבער דעם סך־הכל פון דעם חשבון לייגט ער דערווייל אַוועק אין אַ זייט, לייגט אים אָפּ אויף שפּעטער.

ווען די אַרעסטאַנטן קומען אָן אין אַ געוויס אָרט, הייסט מען זיי זיך פאַרהאַלטן. די דיעסאָטניקעס און בריגאַדירן טיילן דעם עולם זעגן און באַפעלן זיי זיך נעמען שניידן וואַלד. דער עולם אַרעסטאַנטן באַשטייט מיינסטנס פון די, וואָס זענען אויפן הויפּט־לאַגער געווען באַלאַגאַלעס, אַנ־לאַדענערס, אויך אַזעלכע, וואָס פלעגן פאַרברענען די צווייגן פון די אונ־טערגעשניטענעביימער און אויך באַשעפטיקטע ביי אַנדערע לייכטע אַרבעטן.

איצט, דערצו נאָך אַזאַ שווערן וועג, טויט מידע, שטעלט מען זיי אַוועק האַקן וואַלד.

די דיעסאָטניקעס און בריגאַדירן יאָגן. אָבער קיין סך אויפטוען מיט אַזעלכע פאַרמאַטערטע מענטשן, דערצו נישט צוגעוווינטע צו וואַלד־האַקן, קאָנען זיי נישט. זענען זיי אין כעס. זיי האָבן מורא, אַז זייערע שטעלעס וועלן צוליב די דאָזיקע מענטשן זיין איינגעשטעלט — און לאָזן דערפאַר אויס דעם גאַנצן צאָרן זייערן אויף די אַרעסטאַנטן, וואָס זענען פון מידקייט אַפּאַטיש, דערשלאָגן, גלייכגילטיק. פאַר זיי איז רעכט בלייבן דאָ אין וואַלד און אומקומען, אַבי זיך נישט דאַרפן מער אָנשטרענגען, אַבי זיך נישט דאַרפן מער באַוועגן.



שמעון און וויערא קומען אָן אין דער זאָגע פונעם אונטער־פּונקט. זיי באַגעגנט דער זאָגע־קאָמענדאַנט. ער איז אַ הויכער, מיט זייער אַן איידל פּנים, גוט אויסגעראַזירט און האָט אַ פּאָר גרינע, דורכדרינגלעכע אויגן. ער הייסט קאַלצאָוו.

ער ווייזט זיי דעם באַראַק פאַר די אַרעסטאַנטן. ס׳איז דאָרט ריין, אויס־

דעזינפעציִרט, נייע נאַרעס און אַ זאַק מיט האַלץ־וויורעס פאַר יעדן איינעם אַרעסטאַנט אונטערצולייגן אויפן געלעגער.

ער פירט זיי אַריין אין דער אַמבולאַטאָריע. דאָס איז אַ לאַנגע שטוב מיט אַ פענצטער. ס'שטייט דאָרט אַ טיש מיט צוויי שטולן. פאַר דער שטוב — אַ קאָרידאָרל, ווו ס'שטייט אַ באַנק. פון קאָרידאָרל פירן צוויי טירן אין צוויי קליינע צימערלעך, וואָס זענען אייגנטלעך צוויי טיילן פון איין שטוב, אַדורכגעטיילט מיט אַ האָלצערן ווענטל. מען דערקענט דאָס באַלד דורך דעם, וואָס דאָס ווענטל טיילט איין אויף צווייען דאָס איינציקע פענצטער, וואָס איז דאָרט פאַראַנען.

די באַדינגונגען זענען דאָ נאָך פּרימיטעוו ווי אויפן הויפּט־לאַגער. דערפאַר די צאָל אַרעסטאַנטן אַ סך אַ קלענערע. זי דערגייט ביז הונדערט. ס'איז דאָ אַ ביסל אינטימער, טראַכט שמעון, נישט אַזוי הפקרדיק, ווי אויפן הויפּט־לאַגער, ווו מען לאָזט נישט דעם אַרעסטאַנט זיין אַ מינוט אַליין מיט זיך.

אַפילו אין די טעג פרייע פון אַרבעט, האָט מען דעם אַרעסטאַנט אָפּט נישט געגעבן קיין ביסל מנוחה. ווי אויף איראָניע האָט זיך אַפילו אין לאַגער גערופן אַזאַ טאָג „וויכאָדנאָי דיען", דער טאָג פון אַרויסגיין. אויף דער פריי ווען מען האָט אַ טאָג אָן אַרבעט, גייט מען אַרויס מאַכן איינקויפן, מען גייט זיך פאַרווײַלן, צי סתם שפּאַצירן. אָבער אין לאַגער איז אַזאַ באַצייכענונג ריינע אילוזיע, ווייל גראָד דעם טאָג גייט מען אינגאַנצן נישט אַרויס פון דער זאָנע, אַפילו נישט צו דער אַרבעט.

פלעגט אָפּט טרעפן, אַז אין אַזאַ טאָג באַשליסט די וואַך צו מאַכן אַ קאָנטראָל. מען באַפעלט אַלע אַרעסטאַנטן פון הויפּט־לאַגער, ביי פופצן הונדערט מענטשן, אַרויסגיין מיט די פעקלעך אויסער דער זאָנע, לעבן געלן פאַרקאַן. זיי שטייען אויפן פראָסט ביז ס'זעצן זיך אויס ביי אַ טיש די לייט פון „אורטשע" אין די שוואַרצע מונדירן, ביז ס'קומט אַרויס די וואַך, די סטריעלקעס. דעמאָלט הייסט מען די אַרעסטאַנטן אויפבונדן זייערע פעקלעך. איינציקווייז רופט מען זיי צו צום טיש, יעדער אַרעסטאַנט שרייט אויס זיין נאָמען, דעם פאָטערס און פאַמיליע נאָמען, און דעם פאַראַגראַף, לויט וועלכן ער איז פאַרמשפּט געוואָרן. דערנאָך מאַכט די וואַך אַ רעוויזיע אין דעם אַרעסטאַנטס זאַכן און נעמט שטענדיק עפּעס צו, וואָס איז ביי צענדליקער פריערדיקע רעוויזיעס אים געלונגען אָפּצוראַטעווען. נאָך דעם לאָזט מען נישט דעם רעווידירטן און קאָנטראָלירטן אַריין אין דער זאָנע, נאָר מען הייסט אים זיך שטעלן אין אַ זייט. ערשט, ווען אַלע אַרעסטאַנטן זענען געוואָרן דורכקאָנטראָלירט און רעווידירט,

לאָזט מען אַלע מיט איין מאָל, נאָך לאַנגע שעהן וואַרטן אין פּראַסטיקן דרויסן, אַריין אין דער זאַנע.

די אַרעסטאַנטן טראַכטן זיך, אַז איידער אַזאַ „רו", איז שוין גלייכער גיין צו דער אַרבעט.

שמעון דערמאַנט זיך דאָס דאַזיקע בילד גראָד איצט, ווייל ער איז צופרידן, אַז דאָ קאָן אַזעלכעס נישט פּאַרקומען, צוליב דער קליינער צאָל אַרעסטאַנטן. זייט ס'האָבן זיך איינגעשטעלט זיינע באַציאונגען מיט וויעראַ, בענקט ער נאָך אַ ביסל אינטימיטעט, נאָך אַ ביסל רו. דער הויפּט-לאַגער איז אים געווען די לעצטע צייט נישט צום פּאַרטראָגן.

דער קאָמענדאַנט פירט זיי אַריין אין קיך. זי איז אַ גרויסע און אַ ריינע. דער קוכער אַ כינעזער. דער קאָמענדאַנט שטעלט פאָר דעם דאָקטאָר און די סאַניטאַרין פאַרן קוכער. דער קוכער בעט זיי זיך זעצן ביי אַ טישל און גיסט זיי אָן צוויי שיסעלעך הייסע, געשמאַקע זופּ און דערלאַנגט זיי אויף טעלערס, צוויי פּאַרציעס פלייש מיט געבראָטענע קאַרטאָפל.

נאָכן עסן גייען שמעון מיט וויעראַן אין אַמבולאַטאָריום, אים איינ־צואָרדענען.

פּאַרנאַכט־צו קומען אָן די אַרעסטאַנטן. אין דער ערשטער דעקאַדע באַקומען זיי אָן עטאַפּ־פּאַיאָק — זעקס הונדערט גראַם ברויט אויף אַ גאַנצן טאָג, אַ זופּ מיט אַ ביסל קאַשע אינדערפרי און דאָס זעלבע ביינאַכט.

די אַרעסטאַנטן פּאַרצערן גיך דאָס ביסל עסן און וואַרפן זיך אין אָנטועכץ און אין די שיך אויף די נאַרעס. ס'קומט אַריין דער קאָמענדאַנט מיטן איידעלן פּנים, אַנגעטאָן אין אַ נייער פּופייקע און וואַטענע הויזן פון אַ גוטן וואָלענעם שטאָף. ער זעט ווי די אַרעסטאַנטן ליגן ווי געהרגעטע אויף די נאַרעס און שרייט אויס — וואָס איז דאָס ? ! נישט אויסגעטאָן ? ! נישט אַראָפּגענומען די שיך ? ! כ'האָב שוין געהערט ווי איר האָט געאַר־בעט ! הערט, אַרבעטאָרעלעך, אַרטיסטן, דער וואָס וועט אַרבעטן — דער וועט עסן, און דער וואָס וועט נישט אַרבעטן — וועט זויגן דעם איי־גענעם ש...

דאָס איידעלע פּנים פון קאָמענדאַנט באַקומט אַ האַרטקייט, אַן אומאָנ־גענעמע. דאָס האַרטע פּנים מיט די גרינע אויגן האָבן אויף זיך אַ חותם פון פּאַרברעכערישקייט.

דער עולם הערט אויס די „איידעלע" דרשה פון קאָמענדאַנט גלייכ־גילטיק. קיינער טוט זיך אַפילו נישט קיין באַוועג. קיינער קוקט נישט אין זיין זייט.



ס׳גייען טעג פון זשמודנער אַרבעט אָן געהעריקע רעזולטאַטן. די נאַ־טשאַלניקעס און קאָנטראָל־דעסיאַטניקעס, וואָס קומען פון הויפּט־לאַגער, זענען זייער נישט צופרידן. אַ ריי בריגאַדירן און דיעסאַטניקעס וועלן דאַרפן ווערן אויסגעטוישט. ס׳שאַפט זיך אַ געשפּאַנטע שטימונג. דער דיעסאַט־ניק איוואַנאָוו הויבט נישט זעלטן אויף זיין שווערע האַנט אויף אַן אַרעסטאַנט. ס׳הערן זיך אין וואַלד געשרייען פון געשלאָגענע, אַ זאַך וואָס איז אין לאַגער פאַרמעל פאַרווערט.

רוסישע אַרעסטאַנטן, די קרימינעלע, זאָגן: ווען דער חבר סטאַלין וואָלט געוווסט ווי אַזוי מען באַגייט זיך מיט אונדז, וואָלט ער צו דעם נישט דערלאָזט. קעפּ וואָלטן געפלויגן!

די פּאָליטישע אַרעסטאַנטן הערן זיך צו צו זייערע רייד — און שווייגן.

שמעון קען דעם לאַגער־רעגולאַמין. ער איז אומפּאַרגלייכלעך מילדער פון דעם, וואָס די לאַגער־מאַכט פּאַדערט פונעם אַרעסטאַנט. שמעון צייגט זיך איבער, אַז ריכטיק איז דאָס, וואָס די אַרעסטאַנטן זאָגן, אַז די ענקאַ־ווערע האָלט די לאַגערן פאַר איר פּריוואַט אייגנטום און וויל אויסקוועטשן, אַרויסבאַקומען פון דעם אומגליקלעכן אַרעסטאַנט וואָס מער אַרבעט.

די געשפּאַנטע שטימונג, דער נישט זיכערער מאָרגן, וואָס וואַרט די דיעסאַטניקעס און בריגאַדירן, פּירט דערצו, אַז די פאַרברעכערישע אינ־סטינקטן צעשפּילן זיך ביי טייל פון זיי. ס׳מערן זיך די צאָל גניבות. ס׳איז פאַראַן אויף דעם אונטער־פּונקט עלעקטריש ליכט, געטריבן פון אַן אייגע־נער דינאַמאָ־מאַשין. טרעפט, אַז ביינאַכט ווערט פּלוצים פינצטער, און ווען עס צינדט זיך צוריק אָן דאָס ליכט, ווייזט זיך אַרויס, אַז ביי געוויסע אַרעסטאַנטן פעלן זייערע פּעקלעך. מען האָט זיי אין דער פינצטער צוגעגנבעט.

ס׳איז כמעט אויסגעשלאָסן, אַז די האַנט פונעם קאָמענדאַנט זאָל נישט זיין דערין. דאָס אָפּשטעלן דעם שטראָם עלעקטריש ליכט, דאָס איז מן־הסתם זיינס אַ שטיקל אַרבעט, אַזוי האַלטן וויעראַ און שמעון. צווישן שמעונען און קאָמענדאַנט האָבן זיך באַלד, כמעט פונעם ערשטן טאָג, איינגעשטעלט אָנגעצויגענע באַציאונגען. קאָן זיין, אַז דער קאָמענדאַנט האָט אויסגעפילט וואָס עס פאַרבונדט שמעונען מיט וויעראַן — און דאָס האָט אָנגעצונדן אין אים אַ קנאה־געפיל.

קיין סך אַרבעט האָט שמעון נישט, גייט ער אין דער פרי אַרויס אין

וואַלד צו די אַרבעטער. איין מאָל, גייענדיק אַ פּאַרטראַכטער דורך דער געדיכטער טייגע, באַמערקט ער ווי אַ שאָטן וואַלט זיך געצייכנט אונטער אַ דיקן בוים. ער דערנענטערט זיך צו דעם אָרט אַ בליק צו טאָן וואָס דאָס איז אַזוינס. אין דער רגע שפּרינגט פון דעם אָרט אָפּער דער דיעסאָטניק איוואַנאָוו, ער קוקט זיך נישט אום אויף שמעונען, נאָר גייט מיט אַ שנעלן טריט זיין וועג. שמעון לייגט נישט קיין אַכט אויף איוואַנאָווס משונהדיק פאַרהאַלטן זיך.

צומאָרגנס, ווען שמעון גייט ווידער אַדורך לעבן דעם זעלבן אָרט, באַקומט ער פון אונטן אַ שטאַרקן קלאַפּ אין קאָפּ. צי פון דעם קלאַפּ, צי דער אַנפאַלער האָט אים אומגעוואָרפן, נאָר שמעון בלייבט ליגן אויף דער ערד, אויפן שניי — און דער אַנפאַלער שטיקט אים אונטערווייַלעכץ מיט ביידע הענט, ווי מיט אייזערנע צוואַנגען, ביים האַלדז. כאַפּנדיק קוים דעם אָטעם פילט שמעון מיטן אינסטינקט פון אַ טויט־באַדראָטן מענטש, אַז דער אַנפאַלער איז אַ ספּעציאַליסט פון ווערגן. ער דריקט מיט די גראָבע פינגער מיט אַ שטאַרקן כוח אויף דעם ביינדל וואָס געפינט זיך נעבן אַדמס־עפּל און וויל עס אַריינדרוקן אין דער לופט־רער, וואָס דאָס ברענגט אַ מאָמענטאַלן טויט.

מיטן לעצטן ביסל כוח און באַוווסטזיין, ווייזט שמעון אָן מיט דער רעכטער האַנט אויפן בוזעם, אויפן אָרט ווו ס׳געפינט זיך זיין פּאַרטפעל. דער אַנפאַלער מאַכט לויזער דעם דרוק, ציט אַרויס דעם פּאַרטפעל און אַנטלויפט. פון דער ווייטנס דערקענט שמעון די סילועט פון איוואַנאָוון.

שמעון ליגט אַ צייט אויפן שניי ווי אין אַ שאָק. דערנאָך שטעלט ער זיך אויף און גייט פּאַמעלעך צוריק אין דער זאָנע. וויערזאָן זאָגט ער, אַז ער פילט זיך נישט גוט — און לייגט זיך. ער דערציילט איר נישט דעם אמת, ווייל ער האָט מורא, אַז זי וועט אויפהויבן אַ טומל, מען וועט פאַר־פירן אַן אויספאָרשונג און די אויספאָרשער וועלן שוין פון אים אַרויס־באַקומען אויף וועמען ער האָט אַ חשד. איוואַנאָוו וועט טאַקע באַקומען נאָך צען, צי פופצן יאָר, אָבער זיינע חברים וועלן שוין געפינען אַ וועג ווי אַזוי אין אים, אין שמעונען, זיך נוקם צו זיין.

פון דעם זאָנע־קאָמענדאַנט, קאַלצאָוו, ווערט וויערזאַ געוואָר וועגן דעם אַנפאַל. ער פאַרזיכערט איר, אַז שמעון ווייסט ווער ס׳איז דער אַנ־פאַלער און פאַרשטייט נישט פאַרוואָס ער פאַרשוויגט דאָס.

ס׳ערשטע מאָל זייט זייער דערנענטערונג, קומט צו אַ קריגערייַ צווישן וויערזאַן און שמעונען. זי וואַרפט אים פאָר פּחדנות. ס׳פּאַסט נישט אַז ער, אַ דאָקטאָר, פאַר וועמען אַלע דאַרפן האָבן דרך־ארץ, זאָל זיך לאָזן טעראָ־

ריזירן פון אַ באַנדיט. שמעון ענטפערט איר שאַרף — דו פאַרגעסט, אַז דו ביסט אַ פרייע — און איך אַן אַרעסטאַנט. דו ווייסט, אַז דאַ, אין לאַגער, איז אַלץ פאַרן פרייען און גאָרנישט פאַרן אַרעסטאַנט, ווער ער זאָל נישט זיין. וואָס וועט אַרויסקומען דערפון, אַז מען וועט אויסגעפונען דעם אַנפאַלער, מען וועט אים באַשטראָפן, אַז מיך וועט קיינער נישט באַשיצן! צי פילסטו נישט אין דעם אַלעם די האַנט פונעם קאָמענדאַנט קאַלצאָוו, וואָס וויל מיך פאַרפלאָנטערן אין אַ בלוטיקן קאָנפליקט מיט די פאַרברעכער אין לאַגער? צי זעסטו נישט זיינע אויגן, ווי אַזוי ער קוקט אויף אונדז, ווען ער זעט אונדז אַ מאָל צוזאַמען?

וויערא שווייגט. אַזאַ ערנסט פּנים האָט ער נאָך קיינמאָל ביי איר נישט געזען. זי איז אַ פריילעכע, אַ לאַכערקע און ווען זי שמייכלט בלויז, באַווייזן זיך אין אירע פולע באַקן צוויי חן־גריבעלעך, וועלכע שמעון האָט אַזוי ליב. איצט קוקט זי אין איין פונקט, פאַרשטאַרט, און אירע גרויע אויגן זעען אויס, ווי זיי וואָלטן אַ סך טונקעלער געוואָרן.

— אויב ס׳איז אַזוי ווי דו זאָגסט, שמעון, דאַרפן מיר זיך פאַר אים היטן. מיר דאַרפן זיין מער פאָרזיכטיק.

— אָט דאָס טאַקע האָב איך געוואָלט דו זאָלסט וויסן — זאָגט שמעון פּאַמעלעך און באַהערשט.

אין וויעראַס טונקל געוואָרענע אויגן טוט אַ בליץ כּעס. שמעון כאַפּט זיך, אַז ער האָט געטאָן אַ פעלער. אויב זי האָט שוין אַליין געזאָגט, אַז זיי דאַרפן זיך היטן, טאָ נאָך וואָס האָט ער דאָס באַדאַרפט באַשטעטיקן. אָבער וויעראַס כּעס איז נישט אַזוי פיל צוליב זיינע רייד, ווי צוליב זיין באַהערשקייט. זי זעט דערין אַ פאַרלעצונג פון אירע געפילן.

אָט, שוין דאָס, וואָס זיי האָבן זיך באַדאַרפן אויסהיטן, האָט צוגענומען ביי וויעראַן אַ גרויסן טייל פון דעם רייץ, וואָס עס האָבן ביז איצט געהאַט אירע באַציאונגען מיט שמעונען. זי האָט געוווּסט וועגן דעם שטרענגן פאַרבאָט קעגן אָנהאַלטן אינטימע באַציאונגען צווישן פריי־געדונגענע און אַרעסטאַנטן. אָבער וויערא איז אַ דרייסטע, אַן אַנטשלאָ־סענע און לאָזט נישט צו צו זיך קיין שום געדאַנק וועגן אַ געפאַר, וואָס דראָט זיי ביידע.

איצט, ווען שמעון האָט דאָס אין אַזאַ באַהערשטן אופן איר קלאָר געמאַכט, איז ווי די קעלט פון דרויסן וואָלט זיך אַריינגעריסן אין זייער ביז איצט וואַרעמער שטוב. זי הויבט אָן האָבן טענות צו אים. דאָ קומט ער צו איר צו פרי, דאָ ווידער צו שפּעט. אַן אַנדער מאָל וואַרפט זי אים פאָר גלייכגילטיקייט, אַז ער גייט פון איר אָוועק ווי אַ פרעמדער. דאָ

ווידער, אַז ער ווייזט נישט אַרויס גענוג אינטערעס צו איר, אַז ס׳איז איר לאַנגווייליק. עס הויבן זיך אָן אַ סעריע סיכסוכים וואָס זענען אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר אַ באַציאונג צווישן אַ מאַן און אַ פרוי, ווען זי באַזירט זיך נאָר אויף סעקס.



אין לאַגער פעלט אויס מאַכאָרקע. אויספעלן אין לאַגער, הייסט אויס־פעלן אינגאַנצן. נישט פאַראַן נישט אויפן הויפט־לאַגער, נישט אויפן אונ־טער־פונקט קיין ביסל מאַכאָרקע אויף קיין איין פּאַפּיראָס. די רוסישע סטאַכאַנאָווצעס גייען שיִער נישט אַראָפּ פון זינען, נישט האָבנדיק עפּעס צו פאַרויכערן.

אַזוי ווי די נישט־יידן גלייבן, אַז די יידן האָבן פאַרבאָרגענע אוצרות, אַזוי גלייבן די רוסן אין לאַגער, אַז די יידן האָבן מאַכאָרקע. זיי ווילן געבן פופצן רובל פאַר איין פּאַפּיראָס. אָבער פונקט ווי זיי האָבן נישט, האָבן אויך די יידן נישט קיין מאַכאָרקע. די רוסן גלייבן זיי נישט און שעלטן און זידלען די יידן מיט די ערגסטע קללות און מיט די מיאוסטע ווערטער.

די אַרעסטאַנטן זוכן אונטערן שגיי אַראָפּגעפאַלענע אין הארבסט בלע־טער פון ביעריאָזעס, אָדער זיי רייסן אַרויס פון אונטערן שניי שטיקער מאָך, צי גאָר רייסן קאָרע פון דיביימער. זיי טריקענען דאָס אויס, דערנאָך צערייבן זיי עס, מאַכן פון פּאַפּיר קליינע שקאָרמיצלעך, שיטן אין זיי אַריין דאָס ביסל פאַלשע מאַכאָרקע און פאַרויכערן. זיי שטיקן זיך, צע־היסן זיך, ס׳ברענט צונג און גומען, אָבער זיי נעמען דאָס אַלץ פאַר גוט, אַבי פילן אין מויל דעם טעם פון רויך.

דער יידישער בריגאַדיר פון סאָוו.־כאָז. מערקל, נוצט אויס די געלעגנ־הייט וואָס מאַרוסיאַ די קאָזאַטשקע, פאָרט מיטן שליטן אויפן אונטער־פונקט, צוצונעמען פון דאָרט די צואה פון די קלאָזעטן — און כאַפּט זיך מיט. ער ברענגט שמועגען אַ מתנה אַ פּעקל מאַכאָרקע, וואָס ער האָט באַקומען פון אַ הויכן נאַטשאַלניק פון ענקאַוועדע אין לאַגער, מיט וועלכע ער האָט עפּעס סודותדיקע ענינים. צווישן אַנדערע לאַגער־נייעסן דער־ציילט ער שמועגען וועגן דינהן און וואַראַניקידזע.

— אין לאַגער — זאָגט ער — ווייסן אַלע, אַז זיי זענען מאַן און ווייב. דערביי שטרייכט ער ווי ספּעציעל אונטער, אַז דינה בליט. ס׳זעט אויס ווי זי וואָלט געווען אַ גליקלעכע.

שמעון הערט אויס מערקלען מיט אַ פֿאַרקלעמט האַרץ. עפּעס טוט אים ווייַ צוליב דינהן. ער ווייסט נישט פֿאַרוואָס, אָבער אַזוי איז עס. ער קאָן דאָס נישט פֿאַרלייקענען. ער ווייסט, אַז מערקל לייענט עס אַראָפּ פֿון זיין פּנים, אָבער שמעון פּרוּווט דאָס אַפילו נישט אויסצובאַהאַלטן.

ווען מאַרוסיאַ פֿאַרטיקט זיך אָפּ מיט די קלאָזעטן, זוכט זי אויף שמעונען און דערציילט אים דאָס זעלבע וואָס מערקל, וועגן דינהן און וואַראַניקידזע. זי שטעלט זיך אַוועק, די קאַזאַטשקע, נאָענט לעבן שמעונען, קוקט אים מיט אירע ברוינע שטיפֿערישע אויגן גלייך אין די אויגן אַריין און רעדט שטיל, ווי זי וואָלט אים פֿאַרטרויט אַ סוד.

שמעון פֿרעגט זיך אַליין, פֿאַרוואָס אַזעלכע צוויי פֿאַרשידענע מענטשן, אַזוי אויסטערליש פֿאַרשידענע, ווייט פֿון זיך ווי דער הימל פֿון דער ערד, פֿאַרוואָס האַלטן זיי, אַז זיי דאַרפֿן אים, דווקא אים, דערציילן וועגן דינהן און וואַראַניקידזע ? צי האַלטן זיי ביידע, סיי דער ייִד מערקל און סיי די קאַזאַטשקע מאַרוסיאַ, אַז ער איז באַגאַנגען אַ חטא, אַ זינד, אַן עבירה קעגן דינהן ?

דער דאָזיקער געדאַנק דריקט אויף אים, מאַכט אים דערשלאָגן.

וויעראַ באַמערקט זיין געדריקטקייט און בייזערט זיך אויף אים.

— וואָס האָסטו אַזאַ פֿאַרזויערט פּנים ? וואָס פֿאַראַ אומגליק איז דיר פּלוצים געשען ? !

ביינאַכט, ווען ער קומט צו איר, לאָזט זי אים נישט צו צו זיך. זי הייסט אים גיין, גיין וואָס גיכער. שמעון איז נישט פֿון די, וואָס קאָנען זיך בעטן ביי פֿרויען, און אוודאי נישט פֿון די, וואָס נעמען מיט כּוח. דאָס מאָל איז ער אַפֿילו צופֿרידן דערפֿון, וואָס עס וועט נישט קומען צו קיין דערנענטערונג צווישן זיי. אָבער ווען ער הויבט זיך אָן דערווייטערן פֿון איר בעט, הערט ער ווי זי זאָגט מיט ביטול : — זעטס נאָר דעם מאַנצפּערשוין, זעטס נאָר ווי דאָס פֿאָלגט זיך.

אינגאַנצן אַ צעטומלטער פֿאַרלאָזט שמעון איר שטוב.



אין אונטער־פּונקט הויבן זיך אָן גרויסע ענדערונגען. ס׳קומט אַ קאָמיסיע פֿון „אורטשע״, און צוזאַמען מיט שמעונען און וויעראַ שטעלן זיי צונויף אַ צעטל פֿון די שוואַכערע אַרעסטאַנטן, וועלכע ווערן צוריקגעשיקט אויפֿן הויפּט־לאַגער. מען ריכט זיך אויפֿן אָנקומען פֿון אַ באַרימטער בריגאַדע סטאַכאַנאָוועצעס, וואָס באַשטייען פֿון בלויז שווערע פֿאַרברעכער.

מען שטעלט אויף אויפן אונטער־פונקט אַ נייעם ברעזענטענעם באַראַק.
דער קאָמענדאַנט פון דער זאָנע, קאַלצאָוו, גייט אַרום אָן אויפגערעג־טער. פון איין זייט גרויסט ער זיך, וואָס דאָ אַהער, ווו ער איז קאָמענדאַנט, קומט אַזאַ בריגאַדע באַרימטע סטאַכאַנאָווצעס, פון דער צווייטער זייט ווייסט ער, אַז פון איצט אָן וועט ער זיין קאָמענדאַנט נאָר פאַרמעל, אָבער די פּאַקטישע מאַכט וועלן האָבן זיי, די סטאַכאַנאָווצעס, און זיין ממשלה איז אַ געענדיקטע.
דער קאָמענדאַנט מיטן איידעלן, שמאָלן פּנים, באַמיט זיך בעסער צו מאַכן זיינע באַציאונגען מיט שמעונען, וועלכע זענען די גאַנצע צייט געשפּאַנטע. ער קומט צו שמעונען אין דער אַמבולאַטאָריע און דערציילט אים, אַז ער איז אַ טובערקולאָז־קראַנקער. ער ווייזט אים אַ ריי באַשיי־ניקונגען פון סאַן־גאַראַדאַק, ווו ער איז געלעגן אין שפּיטאָל און מען האָט פעסטגעשטעלט ביי אים קאַווערנעם, וועלכע האָבן זיך מיט דער צייט פאַר־קאַלעכט.
פאַר שמעונען ווערט ערשט קלאָר פון וואַנען ס'נעמט זיך די בלייכקייט פון קאָמענדאַנטס פּנים, אויך פאַרוואָס ער אַרבעט נישט. ווי אַ קאָמענדאַנט פון דער זאָנע טוט ער אייגנטלעך גאָרנישט, אַ חוץ, וואָס ער רעדט געמיינע רייד און גנבעט.
אין איינעם אַ פרימאָרגן עפענען זיך די טויערן פון דער זאָנע אויפן אונטער־פונקט — און ס'מאַרשירט אַריין אויסגעשטעלט ווי אַ מיליטערישע אייגנהייט און מיט מיליטערישע טריט, אַ בריגאַדע פון דרייסיק מענטשן. פאַראויס גייט איינער אָנגעטאָן אין אַ שוואַרצן פעלץ מיט אַ ווידרענעם קאָלנער און מיט אַ ברייט פוטערנעם היטל פון סקונקסן. ער האָט אַ קיילעכ־דיק, גוט אויסגעראַזירט פּנים, זעט אויס גוט געפלעגט. רעדט צו זיינע מענטשן שטיל און מיט געצוימטע באַוועגונגען.
זען זעט ער אויס ווי אַ רייכער פּריץ, און איזן איז ער אַ געוועזענער הערשט פון אַ באַרימטער רויבער־באַנדע. ער הייסט קימיניליס. ער איז דער שטענדיקער בריגאַדיר פון אַ בריגאַדע סטאַכאַנאָווצעס, וועלכע רופט זיך אויף זיין נאָמען — קימינילעסעס בריגאַדע.
נאָך דעם ווי זיי רוען זיך אַ ביסל אָפּ, כאַפּן עפּעס איבער, הערט זיך אַ קלאַפּ אין אַ גאָנג. שוין שטייט די גאַנצע בריגאַדע אין די זעלבע געאָרדנטע רייען, ווי זיי זענען אָנגעקומען — און מאַרשירט אַרויס צו דער אַרבעט.
זיי זענען איינער ווי איינער וואַלד־האַקערס. אַלע אַנדערע אַרעסטאַנטן, ווערן אוקאַטשיקעס, וואָס לייגן די אונטערגעזעגטע ביימער אין שטאַבלעס,

צו וועלכע ס׳קומען מאַשינען און שליטנס וואָס פירן אַוועק דאָס האָלץ צו אַ וואַסער־ברעג. די מאַשינען האָבן געגעראַטאַרן און ווערן געטריבן פון האָלץ־גאַז, זיי זענען שטאַרק און ביליק.

צומאָרגנס גייט שמעון אַרויס אין וואַלד זען ווי ס׳גייט די אַרבעט. די ריזיקע ביימער, די ליסטוויעניצעס, די הויכע סאָסנע־ביימער, די שמאָלע און הויכע יאָלקעס, וועלכע מען רופט רודאָ־סטאָיקעס, ווייל מיט זיי שפּאַרט מען אונטער די געוועלבן אין די קוילן־גרובנס, וואָרעם שטאַרק זענען זיי נישט ווי האָלץ, נאָר ווי אייזן, דאָס אַלץ פאַלט אונטער די מעכטיקע הענט פון קימיניליסעס מענטשן, מיט אַזאַ לייכטקייט, אַז ווען נישט דער מעטאַלענער קלאַנג, וואָס די ביימער גיבן אַרויס ביים זעגן, וואָלט מען געקאָנט מיינען, אַז דאָס שניידן זיי נישט קיין וואַלד, נאָר תבואה.

פון די אַנדערע אַרעסטאַנטן פון אונטער־פּונקט, וואָס געהערן נישט צו קימיבילעסעס בריגאַדע, שטעלט מען צונויף בריגאַדעס גרוזשטשיקעס, וואָס לאָדענען אויף די מאַשינען דאָס האָלץ, און אַנדערע, וואָס לאָדענען עס אויף שליטנס, און נאָך אַנדערע, וואָס פאַרברענען די צווייגן פון די אונטערגעזעגטע ביימער. טייל פון די מענטשן ווערן באַשטימט פאַר דאַראָזשניקעס, וואָס דאַרפן אַכטונג געבן, אַז דער וועג זאָל זיין אָפּגע־רייניקט פון שניי און פון אַנדערע שטערונגען און טייל באַשעפטיקט מען ביי פאַרשידענע אַנדערע נעבן־אַרבעטן.

גרויסע שטיקער וואַלד ווערן גיך אויסגעהאַקט. בלויז די ביערעזעס בלייבן שטיין ווייסע, ווי טויט־דערשראָקענע פון דעם, וואָס געשעט אַרום זיי, פון דער איינזאַמקייט אין וועלכער זיי בלייבן. ביעריאָזעס שניידט מען נישט. צוליב דער שווערקייט פון זייער האָלץ, קאָן מען זיי נישט שיקן מיטן וואַסער. ווען מען בינדט און קלאַפּט צונויף אַ פּליטקע פון ביעריאָ־זעס און מען לאָזט זי אויפן וואַסער, גייט זי תיכף אונטער.

ס׳וואַקסן אויס אין וואַלד גרויסע סקלאַדעס מיט געשניטן האָלץ. מען ברענגט אַ מאַשין צו שניידן שוועלן, וואָס דינען אונטערצולייגן אונטער באַן־רעלסן. מען שטעלט אַוועק אַ ספּעציעלע שאָפּע פאַר דער דאָזיקער מאַשין. זי ווערט געטריבן מיט עלעקטרישע קראַפט און אַרבעט בייטאָג און ביינאַכט. אַ ריזיקער שטח וואַלד ווערט אַרומגעכאַפּט פון דער אונטער־נעמונג. מען ברענגט אויך צוהילף בריגאַדעס פון די דערנעבנדיקע לאַגערן.

איין מאָל ברענגט מען אַ צאָל אַרעסטאַנטן פון אַ שטראָף־לאַגער. צווישן זיי געפינט זיך דער סטאַליניסט. שמעון דערפרייט זיך מיט אים.

יענער דערציילט שמועס, אַז אין אַ שטראָף־לאַגער איז אַ סך בעסער ווי אין אַ געוויינטלעכן.

— אין אַ שטראָף־לאַגער — דערציילט ער — אויב דו טוסט עפּעס, אַפּילו נאָר אַ קלייניקייט, זאָגסט זיך נישט אָפּ אײַנגאַנצן צו אַרבעטן, ביזטו שוין אַ יחסן, מען באַהאַנדלט דיך גוט, מען באַציט זיך צו דיר מיט אויפמערקזאַמקייט. דאַקעגן אין אַ געוויינטלעכן לאַגער, איז וויפיל דו אַרבעטסט, ביסטו אַלץ נישט יוצא. די חכמה פון די נאַטשאַלניקעס און זייערע משרתים איז אַפּהענגיק דערפון, אויף וויפיל עס גיט זיך זיי איין אָנצושרעקן די אַרעסטאַנטן בכדי אַרויסצובאַקומען פון זיי וואָס מער אַרבעט. זעען זיי, אַז דאָס געלינגט זיי נישט, ווערן זיי אויס חכמים, זיי ווערן ווייך און זענען גרייט אַפילו דיך איינצונעמען מיט חניפה.



דעם בריגאַדיר אין פּעלץ מיטן סקונקסענעם היטל, קימיניליס, זעט מען זעלטן. ער איז שטענדיק פאַרטאָן מיט די נאַטשאַלניקעס, וואָס קומען פון הויפּט־לאַגער, מיט די קאָנטראָל־דיעסאַטניקעס און פאַכמענער. אין דער זאָנע זעט מען אים אינגאַנצן נישט. ער האָט זיך זיינס אַ באַזונדער שטיבל ווו ער זיצט און פּראָוועט „רביסטווע". ער נעמט אויף אויסשליסלעך מענטשן פון זיין בריגאַדע און דאָס נאָר אין ערנסטע פאַלן, ווען עמעצער פון זיי האָט עפּעס אַ ספּעציעלע בקשה, צי פאָדערונג.

די אַרעסטאַנטן פון קימיניליסעס בריגאַדע אַרבעטן אַ סך, ווייל זיי ווילן עס. אַלע ליידן זיי פון כאַנדראַ, פון אַ שווערן, אויסוועגסלאָזן לאַנג־ווייל. טייל באַמיען זיך צו דערטרונקען זייער שווער געפיל, דאָס שלעכטע געמיט, אין אויסשעפּנדיקער אַרבעט.

פאַראַנען אָבער אויך פאַלן פאַרקערטע.

אַן אַרעסטאַנט, אַ געבראַכטער אַהער פון אַן אַנדערן לאַגער, שטייט איינער אַליין אויף אַ הויכן, פּיל־שטאַקיקן שטאַבעל. ער לייגט אויף אים די ביימער, וואָס ווערן אים כסדר צוגעפירט מיט שליטנס. ס'זעט אויס, ווי ס'וואָלט פאַרגעקומען אַ געוועט צווישן דעם איינציקן מענטש אויפן שטאַבעל און די באַלאַגאַלעס פון די שליטנס, ווער וועמען ס'וועט איי־בעריאָגן. צי וועלן די שליטנס ברענגען אַזויפיל ביימער, אַז דער מענטש וועט נישט באַוויזן זיי אויסצולייגן אין גלייכע שורות, אָדער וועט ער אַרבעטן אַזוי גיך, אַז די באַלאַגאַלעס וועלן נישט באַוויזן אים צופירן

גענוגביימער, ער זאָל נישט דאַרפֿן שטיין ליידיק און וואַרטן אויף זייער קומען.

דער אַרעסטאַנט איז פֿון מיטעלער וווּקס, אַ ברייטבייניקער, פֿון אַטלע־טישן בוי. זיין הויט אויפֿן פּנים איז אַ געלע, די האָר און די ברייטע ווי צוויי באַרשטן וואָנסעס, זענען געל, און אַפֿילו די אויגן ביי אים זענען געלע.

ער לייגט די ביימער שורה נאָך שורה. דער שטאַבעל מיט די שורות ביימער הויבט זיך אָן ביים סאַמע טייך און גרייכט ווייט איבער זיין הויכן ברעג. פֿון דער ווייטנס זעט דער שטאַבעל אויס ווי אַ ריזיקע האָל־צערנע געביידע. די געביידע ווערט וואָס אַ טאָג העכער און דער אייב־ציקער מענטש אויף איר זעט אויס וואָס אַ טאָג קלענער, נידעריקער. יעדע שורה פֿון שטאַבעל הויבט זיך אָן מיט צוויי שמאָלע דרענגער, ווי צוויי גלייכע שינעס, וואָס ליגן אין דער לענג. אויף זיי קאָלערט מען אַרויף די ביימער, וועלכע מען לייגט אין דער ברייט. ווען די גאַנצע לענג פֿון די שינעס איז שוין פֿאַרפֿולט מיט ליגנדיקע אין דער ברייט ביימער, לייגט מען ווידער צוויי שינעס אין דער לענג און מען לייגט ווידער אויף זיי אַ שורה ביימער אין דער ברייט, און אַזוי כּסדר.

דער אַרעסטאַנט וואָס שטייט איינער אַליין אויפֿן שטאַבעל באַנוצט זיך נישט ביי דער אַרבעט מיט גאָרנישט. נישט מיט קיין דרענגלעך (לע־גאָרן), נישט מיט די הענט. ער שטויסט די ביימער מיט די פֿיס. זיינע פֿיס־באַוועגונגען זענען אָבער אַזעלכע געמאָסטענע און פּרעציזיעזע, אַז כאָטש דער בוים איז פֿון איין זייט ברייט און פֿון דער צווייטער שמאָל — פֿאַלט קיינמאָל קיין איין בוים נישט אַראָפּ פֿון די שינעס, נאָר קאָלערט זיך גיך און גלייך, ווי די ביימער וואָלטן געהאַט אַ צוהאַלטונגס־מעכאַניזם, וואָס לאָזט זיי נישט זיך אַראָפּגליטשן פֿון די שינעס. ווען ס׳קומען נאַטשאַלני־קעס צו די שטאַבלעס זען ווי ס׳גייט די אַרבעט, שטעלן זיי זיך אַוועק פֿון דער ווייטנס און קוקן זיך צו מיט באַוווּנדערונג צו דעם אייגציקן מענטש, וואָס אַרבעט אַזוי פֿלינק און גענוי, ווי ער וואָלט געווען אַ מאַשין.

בשכנות מיט דעם דאָזיקן אַרעסטאַנט שטייען אַ זעקס־אַכט יידן פֿון פּוילישן עטאַפּ און לייגן אויך ביימער אין אַ שטאַבעל. זיי באַנוצן זיך מיט דרענגלעך ביים קאָלערן די ביימער אויף די שינעס. אָבער זייערע באַווע־גונגען, באַוועגונגען פֿון מענטשן נישט געוווינטע צו אַזעלכע אַרבעטן, זענען אַזוי אומגעלומפּערט און שווער, אַז די ביימער גליטשן זיך כּסדר אַראָפּ פֿון די האָלצערנע שינעס. זיי שלעפּן די ביימער מיט די הוילע הענט, שטויסן זיי מיט די אַקסלען, אַז ביז זיי געלינגט אַוועקצולייגן

אַ בוים אויפֿן געהעריקן אָרט, גייען זיי אָפּ אין שווייס. צוליבן גרויסן פֿראָסט האָבן זיי מורא אויסצוטאָן די בושלאַטן און בלייבן אין די פּופּיי־קעס. שלעפּן זיי אויף זיך אַלע וואַטענע לאַגער־מלבושים, וואָס דאָס באַ־שווערט זייערע באַוועגונגען, מאַכט זיי נאָך מער אומבאַהאָלפֿן.

דער איינצלנער אַרעסטאַנט אויפֿן שטאַבעל שטעלט זיך טיילמאָל אָפּ און קוקט ווי די יידן אַרבעטן. ער ציט צונויף זיינע געלע אויגן, אַז ס'בלייבן פֿון זיי נאָר שמאָלע שפּעלטעלעך און אַ משונהדיקער שמייכל צעלייגט זיך אויף זיין געל פּנים. אַזוי שמייכלט מן־הסתם אַ לייב, ווען ער דערזעט פֿאַר זיך אַ דערשראָקענעם האָז, וועלכן ער האָט אפֿילו נישט בדעה צו פֿאַרצוקן.

ס'טרעפֿט אָבער פֿון צייט צו צייט, אַז דער דאָזיקער אַרעסטאַנט גייט אַרויס צו דער אַרבעט פֿאַרטאָג, צוזאַמען מיט אַלע אַרעסטאַנטן, קומט צו צו זיין שטאַבעל, גייט אויף אים אַרויף, אָבער שטעלט זיך נישט אַוועק אַרבעטן. ער שאַרט אַוועק מיט איין באַוועגונג דעם שניי, וועלכער איז דורך דער נאַכט אָנגעפֿאַלן אויף דער אויבערשטער שיכט ביימער, מאַכט ריין פֿון אים אַ שטיקל אָרט, טוט אויס דעם בושלאַט, לייגט אים אַוועק אין דער ברייט אויף דעם שטיקל אָפּגעשאַרטן אָרט, און לייגט זיך דאָרט אַוועק. ער ליגט אין דער בלויזער פּופּייקע, מעג דער פֿראָסט זיין ווי שטאַרק. ער ליגט און באַוועגט זיך נישט. בלויז פֿון צייט צו צייט פֿאַרדרייט ער זיך אַ פּאַפּיראָס־מאַכאָרקע און פֿאַרויכערט. רויכערט און שפּייט, רויכערט און שפּייט, און אַזוי כסדר. מער גאָרנישט.

ער האַלט געשלאָסן זיינע געלע אויגן. זיין געל פּנים איז אויסגע־קרומט אין אַ גרימאַסע. עקל זעט מען אין זיין פּנים, וועלכעס איז ברייט און מיט שטאַרק בולטע באַקן־ביינער. ער וויל גאָרנישט זען. נישט דעם הימל מיט די גרויע, צונויפֿגעקוילטע וואָלקנס, נישט די ריזיקע שטחים שניי, נישט דעם פֿאַרשטייפֿטן, פֿאַרפֿרוירענעם טייך, נישט די שטאַבלעס ביימער ווי ריזיקע הייזער־סקעלעטן, נישט די צעשאָטענע ביימער, וועלכע מען האָט צוגעפֿירט צו זיין שטאַבעל און זענען געבליבן ליגן ווי ביינער אויף אַ צעגראָבענעם בית־עולם.

— קיינער גייט צו אים נישט צו. קיינער זאָגט אים נישט קיין וואָרט — נישט דער בריגאַדיר, נישט דער דיעסאַטניק און נישט קיינער פֿון די נאַטשאַלניקעס, וועלכע קומען דאָ אַהער אָפּט פֿון הויפּט־לאַגער. אַלע ווייסן, אַז ס'איז אים באַפֿאַלן די כאַנדראַ, אַ געפֿיל פֿון האָפֿענונגסלאָזער פֿאַר־פֿאַלנקייט. מען באַציט זיך צו אים ווי צו אַ שווער־קראַנקן. אין זיין נאָענט רעדט מען נישט הויך. מען מיידט אויס דעם שטאַבעל, אויף וועלכן ער

ליגט. קיינער וויל אים נישט קומען אין די אויגן. מען ווייסט, אַז יעדע מינדעסטע נישט־פאַרזיכטיקייט מיט אים קאָן דערפירן צו אַ קאַטאַסטראָפע, צו בלוט־פאַרגיסונג.

ווען אַלע אַרעסטאַנטן גייען פון דער אַרבעט צוריק אין דער זאָנע אַריין — גייט ער אויך. ער עסט אָפּ, לייגט זיך שלאָפן. צומאָרגנס שטעלט ער זיך אַוועק אַרבעטן אויף זיין שטאַבעל און אַרבעט אָפּ אין דעם איינעם טאָג די אַרבעט, וועלכע ער מאַכט געוויינטלעך אין צוויי טעג.



די אַרעסטאַנטן פון קימינילעסעס בריגאַדע אַרבעטן שווער. זיי פאַר־טראָגן נישט, אַז עמעצער, ווען דאָס איז אַפילו דער נאַטשאַלניק פון הויפּט־לאַגער, צי דער באַפולמעכטיקטער פון ענקאַוועדע, זאָל זיי מאַכן די קלענ־סטע באַמערקונג. דאָס קאָנען זיי נאָר אָננעמען פון זייער בריגאַדיר. דער קאָמענדאַנט פון דער זאָנע האָט זיי גאָרנישט וואָס צו זאָגן. זיי יאָגן אים פון זיך, זעען אין אים סתם אַן אָנשיקעניש. קיין פאָרשטייער פון דער קולטור־דערציערישער אָפּטיילונג פון לאַגער — קומט נישט אַהער. זיי קאָנען אַלץ טאָן, די אַרעסטאַנטן פון קימינילעסעס בריגאַדע, אַ סך אַר־בעטן, לעבן אין שלעכטע באַדינגונגען, אָבער קיין פּראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע ווילן זיי נישט הערן, בשום אופן נישט.

איין מאָל האָט דער נאַטשאַלניק פון הויפּט־לאַגער דעליקאַט אָנגע־פרעגט ביי זיי, צי וואָלטן זיי געוואָלט, אַז אַ פּרעלעגענט פון קולטור־אָפּטיילונג זאָל האַלטן פאַר זיי אַ פאָרטראָג וועגן די צוגרייטונגען צום פרילינג־פאַרזיי אין ראַטן־פאַרבאַנד. די אַרעסטאַנטן האָבן דעם נאַטשאַל־ניק גאָרנישט געענטפערט, נאָר באַלד איז אַ דעלעגאַציע פון צוויי פּערזאָן געגאַנגען צום בריגאַדיר און אים אָנגעזאָגט, אַז ער זאָל דערויף נישט באַשטיין. קיינער זאָל צו זיי נישט וואַגן קומען.

— מיר ווילן נישט, אַז זיי זאָלן אונדז באַרן די מוחות מיט זייער־ע שקרים. וואָס גייט אונדז אָן דער פרילינג־פאַרזיי אין ראַטן־פאַרבאַנד, אַז דאָ, ווו מיר זענען איז כמעט אייביק ווינטער.

אין אַ טאָג פרייען פון אַרבעט, ליגן די מענטשן אויף די נאַרעס. קיין פאַרווייַלונגען קומען נישט פאָר. אינדרויסן איז אַ פראָסט. די זאָנע איז אַזוי קליין, אַז ווען עמעצער וויל שוין אַ ביסל שפּאַצירן, האָט ער נישט ווו. אָבער זעלטן ווער וויל עס. דיביימער זענען זיי אַזוי דערווידער, ווי דער אייביק פאַלנדיקער שניי, ווי די וואַך, ווי דער קאָמענדאַנט, אַז דער

אַרעסטאַנט וויל זיך פאַרשטעקן אין אַ נאָרע, אָבי דאָס אַלץ נישט צו זען.

אין דעם אָפּרו טאָג שפּילן טייל אַרעסטאַנטן אין קאָרטן און דער קאָמענדאַנט מאַכט זיך דאָס נישט זען. טייל ליגן אויף די נאַרעס און דערציילן זיך פון זייערע באַנדיטישע גבורות. דווקא דער רו־טאָג ברענגט אַריין אַ גרויסע שפּאַנונג אין באַראַק. ס'פּילט זיך, אַז אַ ליאַדע קלייניקייט קאָן דערפירן צו אַן אויפרייס. קיינער פון די נאַטשאַלניקעס ווייזט זיך נישט אין דעם טאָג. בלויז די סטריעלקעס אויפן טורעם פון דער זאָנע און די וואַך וואָס היט דעם טויער, זענען אין דעם טאָג אָנגעשפּיצט ווי יאַגד־הינט, ווען זיי דערפילן די נאָענטקייט פון אַ חיה. אַלע, סיי די וואַך, סיי די אַרעסטאַנטן, זענען שוין צופרידן ווען דער רו־טאָג ענדיקט זיך און ס'הויבט זיך אָן די גרויסע, שווערע טאָג־טעגלעכע אַרבעט, וועלכע לעזט אויף, באַפרייט דעם אַרעסטאַנט פון דעם לאַנגווייל וואָס פאַרסמט זיין געמיט.



דער פאַרנעם און שווונג פון דער אַרבעט אויפן אונטער־פּונקט, ווערט גרעסער מיט יעדן טאָג. אַלע ווערן מיטגעריסן. אויך די באַציאונגען צווישן וויעראַן און שמעונען באַקומען צוריק זייער רייץ. נאָך אַלע סיכסוכים און שלעכטע געפילן, פאַלן זיי ווידער צו צו זיך מיט אויסגעבענקטקייט, נאָך מער און נאָך שטאַרקער ווי אין די ערשטע טעג פון זייער דערנעענטערונג.

וויעראַ איז דאָ די איינציקע פרוי. זי מיידט אויס זיך צו ווייזן אין דער זאָנע, ווו אַזוי פיל שטאַרקע, געזונטע מענער באַגלייטן זי מיט גיריקע בליקן. דאָס דערנעענטערט זי נאָך מער צו שמעונען — און פאַרשטאַרקט די פאַרבינדונג צווישן זיי.

אין דער אַמבולאַטאָריע איז נישטאָ קיין סך אַרבעט. די אַרעסטאַנטן וואָס זענען דאָ געשיקט געוואָרן פון הויפּט־לאַגער — קען שמעון. ער ווייסט שוין וועגן אַלע זייערע קראַנקהייטן און מיחושים. ער פאַרטיקט זיך גיך מיט זיי אָפּ. ווידער יעדן פאַל פון אָפּגעפרוירנקייט שיקט מען באַלד איבער אויפן הויפּט־לאַגער אָדער אין סטאַציאָנאַר. די מענטשן פון קימינילעסעס בריגאַדע שטעלן נישט פאָר מיט זיך פון מעדיצינישן שטאַנד־פּונקט קיין שום פּראָבלעם. זיי זענען אַלע געזונטע און קומען נישט אין דער אַמבולאַטאָריע.

נאָר איין מאָל, אין אַן אָוונט, קומט אַריין איינער פון קימינילעסעס

בריגאַדע. ער איז אַ הויכער, אַ ברייטער, פון די בעסטע אַרבעטער פון דער דאָזיקער בריגאַדע סטאַכאַנאָווצעס.

ער קומט אַריין מיט אַ פּאַמעלעכן טריט און עטעמט קוים. די אויגן זענען ביי אים אַרויסגעשטאַרצטע און אָנגעלאָפּענע מיט בלוט. ווען שמעון פרעגט אים — וואָס איז מיט אים? וואָס איז געשען? מאַכט יענער אַ פאַרצווייפלטע באַוועגונג מיט דער האַנט, ווייזט אָן אויפן ברוסט-קאַסטן, אַז ער שטיקט זיך און קאָן קיין וואָרט נישט אַרויסבאַקומען פון זיך.

וויערא מעסט אים די טעמפּעראַטור. ער האָט קנאַפּע פערציק גראַד היץ. שמעון הערט אים אויס דאָס האַרץ. עס קלאַפּט זייער גיך אָבער רעגלמעסיק, אָן שום סענסאַציעס. ער הערט אים אויס די לונגען. ער געפינט נישט גאָרנישט קיין פּאַרדעכטיקס. דאָס גאַנצע בילד זעט אים אויס זייער משונהדיק, אינגאַנצן פרעמד. ס'לויפט שמעונען אַדורך אַ געדאַנק, אַז מאָרגן וועט פעלן צום אַרבעטס-באַריכט דרייסיק קובאָמעטער האָלץ — און דער נאַטשאַלניק פון הויפּט-לאַגער וועט זיך פאַראינטערעסירן דערמיט, וועט וועלן וויסן די סיבה און אַריינפאַלן אויף אַ קאָנטראָל. אָבער קיין עצה האָט ער נישט. ער רופט זיך אָן צום קראַנקן — איר זענט באַפרייט אויף אַ טאָג פון דער אַרבעט. מאָרגן וועט מען זען ווי איר וועט זיך פילן.

ווען דער קראַנקער גייט אַרויס רופט זיך שמעון אָן צו וויעראַן:

— זע, זיי ווילן מיך אומברענגען. כ'האָב אַ גרויסן חשד, אַז דאָס איז עפּעס אַ פאַלשע זאַך. מיר איז נאָך קיינמאָל נישט אויסגעקומען צו זען אַזאַ פאַל. אַ ליאַדע טאָג וועט דאַ זיכער אַריינפאַלן דער נאַטשאַלניק אויף אַ קאָנטראָל. מען וועט מיך אַראָפּנעמען פון דער אַרבעט און נאָך אפשר צולייגן אַ פּאָר יאָר לאַגער.

— פאַרוואָס ביסטו אַזאַ פּאַניקער? באַלד קומט מען, באַלד גיט מען דיר צוגאָב-שטראָפן. געקומען אַ קראַנקער און דו האָסט אים באַפרייט פון אַ טאָג אַרבעט — איז וואָס? ביסט נאָך אַ יונגער דאָקטאָר און דו מוזט נישט האָבן געזען אַלע קראַנקהייטן. כ'בין זיכער, אַז ס'טרעפן זיך אַזעלכע פאַלן.

שמעון הערט זי אויס. כאָטש זי איז אַ קראַנקן-שוועסטער, רעדט זי ווי אַ לאַיקער. אָבער אים איז גוט וואָס זי רעדט אַזוי. ער טוט אַ קוק אויף איר. אין אירע גרויסע, גרויע אויגן, אין איר רחבותדיקן גוף איז פאַראַן אַזוי פיל רואיקייט — אַז אים ווערט וואַרעם ביים האַרץ. ער לייגט אַרויף זיין האַנט אויף אירער און דריקט זי פון דאַנקבאַרקייט.

אָבער אַן ערך אין אַ שעה שפּעטער קומט ווידער אַריין איינער פון

קימינילעסעס בריגאַדע און געגוי אין דעם זעלבן צושטאַנד ווי דער פריי־ערדיקער. ער עטעמט קוים, די אויגן אַרויסגעשטאַרצטע און אָנגעגאָסענע מיט בלוט און האָט ביי פּערציק גראַד היץ.

שמעון איז שוין זיכער, אַז זיין חשד איז געווען אַ באַגרינדעטער. ער גיט אַ שאַרפן בליק אויף וויעראַן, און יענע לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ. זי זעט שוין אויך, אַז די קראַנקהייט איז אַ פינגירטע. שמעון הייסט דעם קראַנקן צוואַרטן, פאַרוואַרפט אויף זיך דעם בושלאַט און גייט צום בריגאַדיר קימיניליס.

ער קלאַפּט אָן אין טיר און גייט אַריין. אויף אַ שטול זיצט קימיניליס. מען זאָגט, אַז ער איז אַ ליטווינער, וועמענס עלטערנס־עלטערן האָבן זיך באַזעצט אין רוסלאַנד. ער טראָגט אָן אַנצוג פון גראַנאַטענעם באַסטאַן, אַ שיינעם גראַנאַטענעם סוועטער, אַ געקעסטלט איבער־העמד און אַ גוט פאַרבונדענעם קראַוואַט אין גראַנאַט־זילבערנע פּאַסן. ער האָט אַ קאָפּ געדיכטע שוואַרצע האָר, אַדורכגעוואָרפן מיט זילבערנע פעדעם. זיין פּנים איז קיילעכדיק, ווייך און איידל.

ער זיצט און האַלט אַ בוך אין האַנט. דאָס בילד פון דעם זיצנדיקן מענטש איז אַזוי אַנדערש פון דעם גאַנצן אַרום, אין וועלכן שמעון געפינט זיך, שוין זייט חדשים, אַז אין דער ערשטער רגע וויל ער זיך צוריקציען. און ס׳דאַכט זיך אים אויס, אַז ער האָט פאַרבלאָנדזשעט ערגעץ אין אַן אַנדערע וועלט. אָבער קימיניליס שטעלט זיך אויף און בעט אים זיך זעצן.

זיי זיצן איינער לעבן צווייטן און קימיניליס פרעגט — אין וואָס איז דער ענין?

שמעון דערציילט אים די געשיכטע מיט די צוויי אַרעסטאַנטן און זאָגט מיט זיכערקייט, אַז דאָס זענען געמאַכטע קראַנקהייטן.

קימיניליס לייקנט נישט. זיין פּנים בלייבט רואיק ווי פריער. ער זאָגט נאָר די עטלעכע ווערטער — מיינע מענטשן גאַרן זיך אַ ביסל אָפּצורוען.

— אָבער וואָס בין איך שולדיק? כ׳קאָן דאָך נישט באַפרייען קיין צוויי מענטשן אויף פאַלשע קראַנקהייטן. מאָרגן וועט פעלן זעכציק קו־באַמעטער האָלץ, די נאַטשאַלניקעס וועלן אַריינפאַלן אויף אַ קאָנטראָל און מען וועט מיר דערלייגן צען יאָר צום סראָק.

— און וויפל מענטשן מיינע קאָנט איר יאָ באַפרייען, דאָקטאָר? — פרעגט קימיניליס זייער קאַלט.

— איינעם — כאַפּט זיך שמעון אַרויס.

— איז גוט, וועט איר יעדן טאָג באַפרייען איינעם פון מיינע מענטשן.

זאָגט, זייט אַזוי גוט, דעם מענטש וואָס איז ביי אייך, ער זאָל אַריינקומען צו מיר.

שמעונען בלייבט נישט איבער עפּעס אַנדערש ווי מסכים צו זיין צו דער פּשרה.

קימיניליס גייט צו צו אַ שענקל און עפנט עס אויף. אין אַ הענגענדיק העמד איז געווען פאַרבאָרגן אַ „מאַטקע", אַ דריי־ליטערדיקע פלאַש ספּירט. זי הענגט די פלאַש אין אַ נעץ געמאַכט פון פעסטן שפּאַגאַט, און די נעץ מיט דער פלאַש הענגען אינמיטן הענגער, איבערגעדעקט מיטן העמד.

קימיניליס גיסט אָן צוויי שפּאָרע גלעזלעך ספּירט. שמעון מיטן בריגאַדיר קלאַפּן זיך אָן מיט די גלעזלעך און טרינקען אויס.

פאַר זיין אַוועקגיין רופט זיך שמעון אָן צו קימיניליסן — חבר בריגאַדיר, כ'האָב צו אייך אַ ביטע. כ'בין אַ דאָקטאָר און מיר איז זייער אינטערעסאַנט צו וויסן, ווי אַזוי קאָן מען אַרוסרופן אַזאַ אַסטמאַטישן אַנפאַל?

— דאָס איז אַ סוד — ענטפערט קימיניליס — כ'בין אָבער גרייט אייך אויסצוזאָגן דעם סוד נאָר מיט אַ באַדינג, אַז איר וועט מיר געבן אייער ערן־וואָרט קיינמאָל נישט אויסצונוצן אים צום שלעכטן קעגן אַן אַרעסטאַנט.

שמעון גיט אים זיין ערן־וואָרט, און קימיניליס זאָגט — ס'איז גאַנץ פּשוט. מען נעמט אַ פולע האַנט מיט קאָרענעס פון מאַכאָרקע, מען צעריבט זיי גוט, מען שיט עס אַריין אין אַ גלאָז און מען פאַרגיסט עס מיט זידנדיקן וואַסער. מען דאַרף וואַרטן ביז ס'ציט זיך גוט אָן און דערנאָך אויסטרינקען. אין אַ שעה אַרום געשעט דאָס, וואָס איר האָט געזען.

שמעון באַדאַנקט זיך. זיי געזעגענען זיך מיט דערלאַנגען די הענט.

ווען שמעון קומט צוריק אין דער אַמבולאַטאָריע זאָגט ער דעם „קראַנקן", וואָס שטיקט זיך, אַז דער ברגיאַדיר זיינער וואָרט אויף אים ביי זיך. מער ווייזט זיך נישט דער אַרעסטאַנט אין דער אַמבולאַטאָריע.

שמעון דערציילט שפּעטער וויעראַן וועגן זיין אָפּמאַך מיט קימיניליסן, אָבער דעם סוד, ווי אַזוי זיי מאַכן דאָס די קינסטלעכע אַסטמע, זאָגט ער איר נישט אויס.

קימיניליס שטעלט צו שמעונען אַ ליסטע פון זיינע מענטשן מיט אַ סדר, לויט וועלכן ער דאַרף זיי באַפרייען. שמעון דאַרף זיך האַלטן שטרענג אין דער ליסטע און וויסן געווי ווער דאַרף פריער און ווער שפּעטער באַפרייט ווערן אויף אַ טאָג.

שמעון פרעגט ביי אַ געלעגנהייט קימיניליסן, צי גייט טאָקע זיינע

מענטשן אַזוי שטאַרק אין לעבן באַפּרייט צו ווערן אויף אַ טאָג פון דער אַרבעט. סוף־כל־סוף איז דאָס סיסטעמאַטישע באַפרייען יעדן טאָג איינעם פון די סטאַכאַנאָווצעס פאַר אים, פאַר שמעונען, אַ געפאַר.

קימיניליס ענטפערט, אַז ס׳גייט נישט אין נישט אַרבעטן. דער פרייער טאָג איז פאַר זיינס אַ מענטש גיכער אַן אָפּקומעניש, ווי רו. ס׳גייט אָבער אין דעם נישט צו מוזן טאָן יעדן טאָג דאָס זעלבע. דאָס מאַכט די מענטשן שיעור נישט מושגע, פירט זיי שיעור נישט אַראָפּ פון זינען. און דאָס וויל ער אויסמיידן.

איין מאָל קומט אַריין אין דער אַמבולאַטאָריע איינער פון קימיני־לעסעס בריגאַדע און קלאָגט זיך, אַז ער איז קראַנק. אַלץ טוט אים וויי. אַלע זייטן, אַלע אברים. שמעון באַטראַכט אים גוט און געפינט איין, אַז ער איז פולשטענדיק געזונט. אָבער יענער פאַרלאַנגט פון שמעונען דורכ־אויס אַ באַפרייאונג פון דער אַרבעט. שמעון זאָגט קאַטעגאָריש אָפּ. אָבער יענער שטייט צו און וויל נישט אָפּטרעטן. ווען שמעון באַפעלט דעם אַרעסטאַנט אַרויסצוגיין, גייט יענער אַרויס, אָבער אין אַ רגע אַרום קומט ער צוריק מיט דער באַנק וואָס שטייט אין קאָרידאָר אין די אויפגעהויבענע הענט, און וויל זיך וואַרפן אויף שמעונען.

וויעראַ גיט אונטערווייַלעכץ אַ שטאַרקן שטויס דעם אַרעסטאַנט און שמעון מיידט אויס אַזוי אַרום אַ קלאַפּ, וואָס וואָלט געקאָנט זיין אַ טויט־קלאַפּ. ס׳ווערט אַ גערודער. אַלע דריי שרייען. נישט נאָר שמעון און וויעראַ, נאָר אויך דער אָנפאַלער. ער שרייט פון שרעק פאַר דעם וואָס ער האָט געוואָלט אָפּטאָן. ס׳פאַלן אַריין אַרעסטאַנטן, ס׳פאַלט אַריין דער קאָמענדאַנט. מען פירט אַרויס דעם אַרעסטאַנט פון דער אַמבולאַטאָריע.

קימיניליס פאָדערט פון שמעונען ער זאָל צונויפשטעלן אַן אַקט, וויעראַ זאָל זיך אונטערשרייבן ווי אַן עדות און ער זאָל אָפּשיקן דעם אַקט צום באַפּולמעכטיקטן פון ענקאַווועדע, בכדי שטעלן דעם אָנפאַלער פאַר אַ געריכט. שמעון איז נישט גרייט דאָס צו טאָן. אים ווילט זיך נישט, אַז צוליב אים זאָל אַן אַרעסטאַנט באַקומען נאָך עטלעכע יאָר לאַגער. אָבער קימיניליס דראָט שמעונען, אַז אויב ער וועט דאָס נישט טאָן, וועט ער אַליין דאָס טאָן און שמעון וועט באַקומען אַ שטראָף פאַר פאַרהוילן אַ פאַרברעכן. נישט האָבנדיק קיין ברירה, שטעלט שמעון צונויף דעם אַקט.

פאַר וויעראַן פאַרטרויט זיך קימיניליס, אַז אים גייט נישט דער עיקר אין אָנפאַל אויף שמעונען, ווי אין דעם, וואָס אַ מענטש פון זיין בריגאַדע

איז געגאַנגען בעטן אַ באַפרייאונג פון דער אַרבעט אַן זיין, קימינילעסעס, וויסן.



אין אַ קורצער צייט האָט מען אַלע יידן פון פוילישן עטאַפּ וואָס זענען געווען אויפן אונטער־פונקט, צוריקגעשיקט אין הויפּט־לאַגער.

שמעון איז געבליבן דער איינציקער ייד אויפן אונטער־פּונקט.

דער פאַל מיטן רוסישן אַרעסטאַנט, וועמען ס׳דראַט אַ שווערער אור־טייל, דאָס וואָס אַ ייד פאַרנעמט אַזאַ הויכע שטעלע, און דער עיקר אַ באַקוועמע, לויט די לאַגער־באַגריפן, און די באַציאונגען מיט אַזאַ שיינער און איינציקער פרוי אויפן פונקט, די באַציאונגען וואָס האָבן נישט געקאָנט בלייבן אַ סוד אין אַ קליין, אָפּגעשלאָסן אָרט, צווישן סעקסועל אויסגעהונגערטע, געזונטע מענער, דאָס אַלץ האָט געוועקט שנאה צו שמעונען. דער קאָמענדאַנט האָט שוין געהאַט געשלאָסן נעענטערע באַ־קאַנטשאַפט מיט די אַרעסטאַנטן פון קימינילעסעס בריגאַדע און ווידער געוואָרן פיינטלעך געשטימט צו שמעונען. אַלע אַרעסטאַנטן קוקן אויף דעם יונגן, שיינעם דאָקטאָר מיט קנאה בליקן. שמעון פילט, אַז האָס יוירט אַרום אים.

ס׳איז דערגאַנגען דערצו, אַז די אַרעסטאַנטן האָבן אויפגעהערט צו קומען אין דער אַמבולאַטאָריע. אַ חוץ יעדן טאָג איינער פון קימינילעסעס בריגאַדע, וואָס קומט נאָך דער אָפּגעשמועסטער באַפרייאונג פון דער אַרבעט. עס קומען נאָך עטלעכע קראַנקע, וואָס מוזן האָבן די הילף פון אַ דאָקטאָר. אָבער אין לייכטערע פאַלן באַפרייט דער קאָמענדאַנט אַליין דעם קראַנקן פון דער אַרבעט. ער טוט דאָס אונטערן אויסרייד, אַז ער דאַרף דעם אַרעסטאַנט אין דער זאָנע צו אַ ספּעציעלער אַרבעט. אַזוי אַרום גייט שוין נישט דער אַרעסטאַנט אַרויס אין וואַלד. פאַרשטייט זיך, אַז אין דער זאָנע טוט דער קראַנקער אַרעסטאַנט גאָרנישט.

פאַראַן צווישן די אַרעסטאַנטן אַזעלכע, וואָס האָבן אַ שטיקל ידיעה אין דערטיילן די ערשטע מעדיצינישע הילף. פאַראַנען אַזעלכע, וואָס האָבן אין די אַנדערע לאַגערן געאַרבעט ווי סאַניטאַרע־געהילפן און קענען זיך אַן עצה געבן אין לייכטע פאַלן. שמעון באַמערקט, אַז אין זיין באַשיידן אַפּטייקל פעלן צו ביסלעך פון די מעדיקאַמענטן. ער שטויסט זיך אָן, אַז דאָס גנבעט זיי אַרויס דער קאָמענדאַנט און גיט זיי אַוועק די, וואָס באַשעפטיקן זיך געהיים מיט די קראַנקע.

װען ס'קומט אַ מאָל אויף אַ קאָנטראָל דער נאַטשאַלניק פֿון דער סאַניטאַרער אָפּטײלונג, דער שטענדיק האַלב־שיכורער, פֿרײ־געדונגענער פֿעלדשער, ניקאָלאַי ניקאָלאַיעװיטש, בעט אים שמעון ער זאָל אים אָװעק־נעמען פֿון דאַנען און איבערטראָגן ערגעץ אַנדערש. אָבער דער נאַטשאַל־ניק קוקט אויף אים מיט זײַנע האַלב־פֿאַרמאַכטע, כיטרע אײגעלעך. כאָטש ער איז שיכור, דערמאָנט ער זיך, אַז װען ער האָט באַשטימט פֿאַר שמעונען דאָס באַזונדערע שטיבל צו װױנען אויפֿן הויפּט־לאַגער, איז שמעון אויך נישט געװען צופֿרידן.

ער רופֿט זיך אָן: — װאָס ? שוין װידער נישט צופֿרידן ? אָט אַ מענטש אַ טשודאַק ! זיצט אויף אַ רואיק אָרט, דאָס בעסטע אָרט פֿון אַלע לאַגער־פּונקטן אַרום, און װיל מען זאָל אים איבערטראָגן. װאָס ? זײ קומען נישט אין דער אַמבולאַטאָריע ? זאָלן זײ נישט קומען, איז אײער פֿאַראַנטװאָרטלעכ־קייט אַ קלענערע, זאָגט אַ שײנעם דאַנק דערפֿאַר. איר באַקלאָגט זיך, דאָקטאָר, װײל װי אויף אַ לאַגער, גײט אײַך אַ ביסל צו גוט.

װיעראַ איז אין דער זעלבער מײנונג װאָס דער פֿעלדשער, אָבער שמעון, אַ ייִד, װאָס איז פֿון געבוירן אָן פֿילבאַר אויף פֿאַרשידענע אומ־גליקן װאָס קאָנען קומען אומגעריכט, פֿילט, אַז ס'ציט אויף אים אָן עפּעס שלעכטס.



מען גיט שמעונען צו װיסן, אַז פֿון דער צענטראַלער סאַניטאַרער אָפּטײלונג פֿאַר אַלע אוסט־װימער לאַגערן, דאַרף צו אים קומען אַ דאָק־טאָר, אַ פֿרוי, אויף קאָנטראָלירן די אַרבעט פֿון דער אַמבולאַטאָריע.

ס'איז נאָך פֿינצטער, אַלע אַרעסטאַנטן שלאָפֿן נאָך, און שמעון מיט װיעראַן זיצן שוין אין אַ שליטן און פֿאָרן אַנטקעגן דער דאָקטאָרין.

די נאַכט איז אָן אָן־לבנהדיקע, נאָר אַלץ אַרום איז װײס פֿון שניי װאָס באַלויכט אויך דעם װעג. שמעון האַלט די לײצן אין די הענט, אויף װעלכע ער טראָגט צװײ פּאָר הענטשקעס, װײכע װאָלענע און אויף זײ לעדערנע, נאָך פֿון דער הײם. דער פֿראָסט איז גרויס. אָבער נעבן אים זיצט װיעראַ און אים דאַכט זיך, אַז אַפֿילו דורך דער דיקער הלבשה, פֿילט ער די װאַרעמקײט פֿון איר לײב.

נאָך טעג פֿון געדריקטקײט, פֿילט שמעון זיך געהויבן. ער האָט דאָס געפֿיל נישט װי ער װאָלט אַנטקעגן געפֿאָרן עמעצן, װאָס קומט צו אים,

נאָר ווי ער וואָלט פאַרלאָזט די זאָנע, דעם פּונקט, דעם גאַנצן לאַגער, אויף שטענדיק, אויף אַלעמאָל.

די אילוזיע דויערט נישט לאַנג. עס דערהערן זיך גלעקלעך פון אַן אַנפאַרנדיקן שליטן. באַלד פאַרהאַלטן זיי זיך איינער אַנטקעגן צווייטן. אין דעם אָנקומענדיקן שליטן זיצן צוויי פרויען אין פעלצן, די קעפּ אַרומגענומען מיט שוואַרצע וואָלענע טיכער. וויעראַ, די פריי־געדונגענע, גייט אַריין אין דער דאָקטאַרינס שליטן און נעמט איבער די לייצן. שמעון פאַרט אונטער זיי מיט דער צווייטער פרוי. וויייזט זיך אויס, אַז זי איז אַ סאַניטאַרין און אויפזעערין איבער דער ריינקייט אין די לאַגערן.

ווען מען קומט אָן צו דער זאָנע זענען שוין אָפן די טויערן און די בריגאַדעס פאַרמירן זיך אַרויסצוגיין צו דער אַרבעט. די שליטנס פאַרקער־רעווען צו דער אַמבולאַטאַריע און דאָ דערזען אַלע פיר, אַז אונטער דעם פענצטער פון דער אַמבולאַטאַריע ליגט אַ גרויסער, פרישער באַרג פון מענטשלעכער צואה. זעט אויס, אַז אַלע אַרעסטאַנטן האָבן דערליידיקט זייער גרויס געברויך אונטער דעם דאָזיקן איינציקן פענצטער.

די דאָקטאַרין איז דערשטוינט. זי רופט זיך אָן — דאָקטאָר גוטפריינד, פונקט אונטערן פענצטער פון דער סאַניטאַרער־אָפּטיילונג ? די צווייטע פרוי, די סאַניטאַרין, רעדט נישט קיין וואָרט פון גרויס עמפּערונג.

שמעון גיט אַ פיר אַריין די פרויען אין דער אַמבולאַטאַריע, וועלכע איז גוט באַהייצט. ער נעמט פון זיי אַראָפּ די פעלצן און גיט יעדער פון זיי אַ קוש אין האַנט. ער גיט אַ שפּיל פאַר זיי מיט דער גאַנצער שאַר־מאַנטקייט פון אַ וואַרשעווער קאַוואַליר. די רוסישע פרויען זענען פאַר־בליפט פון זיין באַנעמען זיך מיט זיי — און פאַרגעסן גיך אין דעם באַרג צואה פאַרן פענצטער.

שמעון ווייסט גוט, אַז נאָר דער קאָמענדאַנט איז געווען אינפאַרמירט, אַז ס׳דאַרף קומען אַ דאָקטאַרין פון די גאָר הויכע סאַניטאַרע אינסטאַנצן, און אַז די דאָזיקע עקלהאַפטע דעמאָנסטראַציע קעגן אים האָט ער, דער קאָמענדאַנט, אָרגאַניזירט. שמעון פילט, אַז ס׳איז נאָענט דער טאָג, ווען צווישן קאָמענדאַנט און אים וועט קומען צו אַ שווערן קאָנפליקט.

דערווייל לויפט וויעראַ צום קאָמענדאַנט און פאָדערט פון אים ער זאָל תיכף זען מען זאָל אָוועקרוימען דעם באַרג צואה פון אונטערן פענצ־טער. דער קאָמענדאַנט דרייט זיך אַרויס דערפון מיטן תירוץ, אַז ער האָט נישט קיין מענטשן דערצו. — טו עס אַליין! רייניק אָפּ וואָס דו האָסט אָנגעמאַכט! — שרייט וויעראַ צו אים. דער קאָמענדאַנט שרייט, אַז ס׳איז אַ חוצפה פון איר זייט אַזוי צו רעדן צו אים. ער איז אַ קאָמענדאַנט און

זי איז נאָר אַ סאַניטאַרין. אָבער זי בלייבט אים נישט שולדיק. זי שרייט צו אים — כוליגאַן! דיין סוף וועט קומען! און לויפט אַרויס.

דער באַרג צואה ווערט אָפּגערייניקט.

וויערא האָט געגרייט אַ שיינעם כיבוד. הייסע טיי מיט הייסע מילך, אַ הייוון־קוכן, ספּעציעל אָפּגעבאַקן, אַלאַדיעס און צוקערקעס אין קאַלירטע פּאַפּירלעך, וועלכע זי האָט געהאַט באַקומען אין אַ פּעקל פון דער היים. די פרויען האָבן זיך דערוואַרעמט, געגעסן מיט אַפּעטיט. ס'האָט זיך פונ־אַנדערגעוויקלט אַ געשפּרעך. די רוסישע פרויען האָבן דער עיקר געוואָלט וויסן, ווי אַזוי ס'לעבן די פרויען אין פּוילן.

שמעון האָט זיי דערציילט, אַז אויך אין פּוילן זענען פאַראַן אַ סך געבילדעטע פרויען, מעדיצין־דאָקטוירים, פאַראַן אַ שפּאַרע צאָל אַדוואָקאַ־טינס, אַ געוויסע צאָל אינזשיניערינס און אַפילו דעפּוטאַטינס אין סיים.

— האָבן דען פרויען געהאַט אין פּוילן וואַל־רעכט? — רופט זיך אָן די הויפּט־סאַניטאַרין.

— זיכער, זעלבסטפאַרשטענדלעך.

די פרויען אָפּאַנירן נישט. אָבער שמעון לייענט אַראָפּ פון זייערע פּנימער, אַז זיי גלויבן אים נישט.

פון ווייטערדיקן שמועס איז אויסגעקומען, אַז לויט זייערע ידיעות וועגן פּוילן, האָט נאָך דאָרט געהערשט די פּאַנשטשיזנע. די פּריצים האָבן געשמיסן די פּויערים. די פרויען זענען געווען פאַרשקלאַפט צו די מענער, וועלכע האָבן געקאָנט טוען מיט זיי וואָס זיי האָבן געוואָלט.

שמעון האָט באַשלאָסן צו זיין אַנגענעם. ער איז נאָך אַלץ געווען אומרואיק צוליב דעם באַרג צואה אונטערן פענצטער און געוואָלט פאַר־ווישן דעם שווערן איינדרוק דערפון, האָט ער די פרויען נישט אָפּאַנירט, געלאָזט זיי באַקומען דאָס אַלץ וואָס זיי האָבן געזאָגט. וויערא האָט צוגע־שטימט מיט די פרויען, געלאַכט פון שמעונס מכלומרשטע נאַיִוויטעטן, כאָטש זי אַליין האָט שוין דווקא שמעונען יאָ געגלויבט.

שמעון האָט זיך באַמיט אַריבערצופירן דאָס געשפּרעך אויף דער אַלגעמיינער לאַגע פון דער באַפעלקערונג אין פּוילן, דאָס וואָס האָט אים שוין יאָרן אַזוי שטאַרק געקוועלט. כאָטש ער אַליין איז געווען פון אַ פאַרמעגלעכער היים, האָט ער פון זיין מעדיצינישער פּראַקטיק געקענט די וואָרשעווער אָרעמקייט, דער עיקר די יידישע, און דאָס האָט אים נישט איינמאָל פאַרסמט זיין געמיט.

ער ווייסט, אַז די יידישע אַרעסטאַנטן אין לאַגער, דווקא די אָרעמע, האָבן אַ טבע שטאַרק איבערצוטרייבן וועגן זייער מאַטעריעלער לאַגע אין

פוילן. זיי דערציילן נישט־געשטויגענע מעשיות וועגן זייער ווילשטאַנד. אַ שניידער, אַ לאַטוטניק פון באַלוט, דערציילט, אַז זיין ווייב האָט אים יעדן טאָג צום אָוונט־ברויט געקאָכט צוויי קילאָ קאַרפּן און ער אַליין האָט זיי אויפגעגעסן. איין מאָל האָט שמעון אַליין געזען ווי אַן אַרבעטס־נאַטשאַלניק, אַן עלטערער מענטש, אַן אינזשיניער, אַ טאַטער, וואָס האָט פאַרטרעטן אַ קראַנק געוואָרענעם דיעסאַטניק ביים אָפּנעמען און קוואַלי־פיצירן דאָס האָלץ וואָס מען האָט געבראַכט פון וואַלד — זיצט לעבן סקלאַד מיט עטלעכע יידן וואָס דאַרפן דאָס האָלץ צעלייגן אין געהעריקע שטאַב־לעס. זיצן זיי אַלע און צווישן איין שליטן האָלץ וואָס מען ברענגט און דעם אַנדערן, דערציילן זיי דעם טאַטער, ווי גוט זיי האָבן געלעבט אין פוילן. פון די מעשיות זייערע צינדט זיך אָן דאָס קליינע פּנים פון נאַטשאַלניק ווי מיט אַ פייער, און ווען מען ברענגט אַ שליטן מיט האָלץ, טוט ער צומאָל נישט קיין בליק דערויף, נאָר שפּרינגט אויף אויף זיינע קורצע פיס און שרייט: דראַוואַ! דראַוואַ! ברען־האָלץ! ברען־האָלץ! ער דיסקוואַלי־צירט אַלעביימער און שיקט זיי צום שטאַבעל פון ברען־האָלץ, וואָס האָט זייער אַ קנאַפּן ווערט.

שמעונען איז דאָס שטענדיק געווען דערווידער, אָבער ער האָט זיך נישט אַריינגעלאָזט אין קיין דיסקוסיעס מיט די יידישע אַרעסטאַנטן וועגן דעם. אַליין, אויב מען האָט אים געפרעגט וועגן דעם לעבן אין פוילן, האָט ער דערציילט דעם אמת. אָבער די נישט־יידישע אַרעסטאַנטן האָבן גיכער געוואָלט הערן די נישט־געשטויגענע מעשיות פון די יידישע אַרעס־טאַנטן — ווי שמעונס אמת.

איצט, אין דעם געשפּרעך מיט די רוסישע פרויען, איז ער געווען גאָר פאַרזיכטיק און אָביעקטיוו. ער האָט דערציילט, אַז אין פוילן זענען געווען רייכע מענטשן און אַ סך אָרעמע. געווען דאָרט לעצטנס אַ גרויסע אַרבעטסלאָזיקייט. געווען אויך אַ שפּאַרע צאָל פויערים אָן ערד, וועלכע האָבן געאַרבעט אויף פרעמדע פעלדער פאַר טאָג־לוין. זיי האָבן נישט נאָר ווינטער, ווען ס'איז נישט געווען קיין אַרבעט, געהונגערט מיט זייערע משפּחות, נאָר אַפילו זומער, ווען אויף די פעלדער איז געווען אַ שפע, האָבן זיי נישט געגעסן צו דער זעט.

— אָבער דעם ערגסטן גורל האָט געהאַט די יידישע באַפעלקערונג אין פוילן. — שמעונס שטימע ווערט מיט אַ מאָל מאַט און טרויעריק. — אַ גרויסע צאָל פּאַליאַקן האָבן געהאַט מלוכהשע און קאָמונאַלע שטעלעס. קיין איין ייד האָט מען צו די שטעלעס נישט צוגעלאָזט. מען האָט אויך די יידן נישט אַריינגעלאָזט אין די פאַבריקן, אַפילו אין די יידישע פאַבריקן

זענען געווען באַשעפטיקט בלויז פּאָליאַקן. אמת, געווען אַ צאָל רייכע יידישע פאַבריקאַנטן און סוחרים, אָבער די צאָל איז געווען זייער אַ קליינע. די יידישע באַפעלקערונג איז אייגנטלעך באַשטאַנען פון בעל־מלאכות, האַנטווערקער, קליינע סוחרים. דערווירטשאַפטלעכער קריזיס, וועלכער האָט שוין געדויערט פופצן יאָר, און די שטייערן־פּאָליטיק פון דער רעגי־רונג, האָבן רואינירט די יידישע סוחרים און האַנטווערקער. צענדליקער טויזנטער יידישע משפּחות האָבן געלעבט אָן אַ מאָרגן, צענדליקער טויזנ־טער — אין עקסטרעמער נויט. דאָס לעבן פון די יידן אין פּוילן פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה איז געווען אַ שווערער קאָשמאַר.

וויעראַ קוקט אויף שמעונען מיט אַ פּאָר דערשטוינטע אויגן. דאָס ערשטע מאָל זעט זי אים ווי אַ ייד. זיינע גרויסע טונקעלע אויגן זענען פול מיט טרויער, זיין האַרמאָניש מויל איז איצט אויסגעקרומט פון צער.

וויעראַ האָט גאָרנישט געטראַכט וועגן דעם, אַז ער איז אַ ייד. איצט האָט אויסגעזען ווי זי וואָלט זיך דערפון געפילט טויט־געטראָפן. אירע גרויע, מילדע אויגן זענען פול מיט כעס. זי קאָן גאָרנישט אויסבאַהאַלטן איר אַנטוישונג.

דאָקעגן די דאָקטאָרין, וועלכע האָט נאָכן אויסטאָן דעם פעלץ מיטן טוך פון קאָפּ, זיך באַוויזן ווי אַ שלאַנקע, יונגע פרוי מיט אַ בלאָנדן קאָפּ און אַן אָנגענעמען שמייכל, ווייזט אַרויס אַ חוש פאַר הומאָר. זי רופט זיך אָן — דאָקטאָר גוטפריינד, אייגנטלעך, לויט וועלכן פּאַראַגראַף האָט מען אייך פאַרשיקט?

— ס. אָ. ע. — סאָציאַל־געפערלעכער עלעמענט — ענטפערט שמעון עטוואָס אַ פאַרווונדערטער.

— ס׳וואָלט אפשר נישט געשאַדט, ווען מען לייגט אייך צו אַ פּאַראַ־גראַף פאַר נאַציאָנאַליזם, — און די דאָקטאָרין צעלאַכט זיך מיט אַ פריילעך געלעכטער, אַז אַפילו וויעראַס אָנגעכמורעט פּנים, לייטערט זיך אַ ביסל אויס.

שמעון מיט דער הויפּט־סאַניטאַרין, וועלכע איז געקומען צוזאַמען מיט דער דאָקטאָרין, גייען אַרויס. די סאַניטאַרין וויל זען ווי ס׳זעט אויס די ריינקייט אין די באַראַקן. אין דעם האַלצערנעם באַראַק איז דער דניע־וואַלני אַ טשעטשעניעץ. אַ דאַרער, אַ הויכער, מיט אַ קאָזע־בערדל, אַ ביסל אַ געבויגענער, מיט אַן איינגעפאַלן פּנים, שמאָלע לאַנגע נאָז און טונקעלע, פאַרזאָרגטע אויגן. ער שטייט און קערט מיט אַ בעזעם די טרוקענע פּאָדלאָגע און ס׳טראָגט זיך דערפון אַ שטויב, וועלכער לייגט זיך אויף די געלעגערס פון די אַרעסטאַנטן.

די סאַניטאַרין צעשרייט זיך — פאַר וועמען זענען די באַראַקן, פאַר בהמות, צי פאַר מענטשן?

דער טשעטשעניעץ, וועלכער פאַרשטייט קנאַפּ רוסיש, שטייט און פינטלט מיט די צעשראָקענע אויגן. ווען די סאַניטאַרין שרייט אָפּ ס׳איריקע, גייט זי אַרויס און שמעון בלייבט אַ רגע זאָגן דעם דניעוואַלני ער זאָל אויסוואַשן דעם דיל מיט וואַסער. דעמאָלט רופט זיך דער טשעטשעניעץ זייער סודותדיק אָן צו אים מיט זיין צעבראָכענעם רוסיש — צאַר ניקאָלאַי זנאַיעש? כאַראַשי ביל טשעלאַוויעק! דעם צאַר ניקאָלאַי קענסטו? אַ גוטער מענטש געווען. שמעון פאַרשטייט די אַלוזיע און צעשמייכלט זיך.

קיין סך צו טאָן אויפן פונקט האָט די מעדיציניש־סאַניטאַרע קאָמיסיע נישט געהאַט. נאָכן אָפּעסן דעם ספּעציעל צוגעגרייטן מיטאָג, וועלכער איז געווען שפּאָר און פעט, איז די דאָקטאָרין מיט דער סאַניטאַרין אַוועקגעפאָרן. שמעון האָט ווידער באַוויזן זיין שאַרמאַנטקייט. אָנגעטאָן די פרויען די פעלצן, געקושט אין די הענט, געזאָגט קאָמפּלימענטן — און די פרויען זענען זייער צופרידן געווען פון דער וויזיט.

דעם אָוונט איז אין דער אַמבולאַטאָריע געווען פול מיט מענטשן. צווישן זיי איז נישט געווען קיין איין פאַל, וואָס זאָל באמת דאַרפן מעדיצינישע הילף. שמעון האָט פאַרשטאַנען, אַז די מענטשן זענען געקומען בכדי זען, ווי אַזוי ער וועט זיי באַהאַנדלען נאָך דעם, וואָס זיי האָבן אים אָפּגעטאָן אונטערן פענצטער. שמעון איז צו זיי, ווי אַלע מאָל, געדולדיק און אויפמערקזאַם.

אויף נאַכטמאָל פאַרבעט ווערע שמעונען צו זיך אין שטיבל. זי האָט נאָך קוכן און די אַלע גוטע זאַכן, וואָס זענען געבליבן פון מיטאָג. זי האָט אויך אַ שפּאָר פלעשל בראָנפן. ווען שמעון קומט אַריין צו איר, דערפילט ער אַ ריח פון אַלקאָהאָל. ער דערנענטערט זיך צו ווערען, נעמט זי אַרום און דערפילט, אַז זי האָט שוין געטרונקען. אַ דעטאָנירטער זעצט ער זיך צום טיש. ער גיסט זיך אָן אַ ביסל בראָנפן אין אַ גלאָז. אָבער זי גיסט אים צו ביזן העלפט גלאָז: — טרינק ווי אַ רוסישער מענטש, טרינק — זאָגט זי אַ צערייצטע. ער טרינקט אויס, און זי גיסט אים און זיך ווידער אָן צו האַלבע גלעזער בראָנפן. ער טרינקט אויס און וויל זיך נעמען עסן. זי גיסט אים אָן נאָך אַ האַלב גלאָז. ער פּראָטעסטירט. — פאַרגעס נישט, ווערע, אַז איך בין אַ דאָקטאָר, אַז מען קאָן מיך יעדע מינוט אַרויסרופן צו אַ קראַנקן. כ׳טאָר נישט זיין שיכור. כ׳מוז זיין ניכטער. פאַרגעס נישט, ווערע.

— פאַרגעס נישט, פאַרגעס נישט — שפּעט אים ווערע נאָך שוין

אַ האַלב־שיכורע. — טרינק, שמעון! טרינק, זשיד! האָסט דאָך אויסגעזען, ווען דו האָסט גערעדט מיט דער דאָקטאָרין, אינגאַנצן ווי דער געקרייציק־טער ייד אויפן צלם, וועלכן מיין באָבע פלעגט קושן אין די פאַרטאָגן בעת איר דאַווענען. איך האָב פיינט צו קושן געקרייציקטע! מיר איז דאָס מיאוס. איך מיאוס זיך אַפילו צו קוקן אויף זיי! דו האָסט אויסגעזען פּונקט ווי די יידן פון פּוילישן עטאַפּ, וואָס נאָך מער ווי רחמנות, וועקן זיי אין מיר עקל. כ'וואָלט דיך די רגע אַרויסגעטריבן פון מיין שטוב — ווען נישט דיין שיין פּנים, דיינע הענט, וואָס רייצן מיך מיט זייער דעליקאַטקייט.

דאָס רעדן ניכטערט וויעראַן אויס, אָבער שמעונען פאַרשיכורט עס. זי רעדט צו אים איצט כמעט אינגאַנצן קלאָר. — וואַרף אַראָפּ פון זיך, שמעון, דיין יידישן טרויער. פאַרגעס ווער דו ביסט געווען. ווייס, אַז אַפילו אין ראַטן־פאַרבאַנד, אויב מען האָט נאָר אַ ביסל שכל אין קאָפּ, קאָן אַזאַ מענטש ווי דו זייער שיין און גוט לעבן. כ'האָב גערעדט מיטן נאַ־טשאַלניק פון „אורטשע". ער איז גרייט זיך באַמיִען פאַר דיר, מען זאָל דיר דעם פּאָליטישן פאַראַגראַף אויסטוישן אויף אַ קרימינעלן. דו וועסט זיך קאָנען באַפרייען פון לאַגער נאָך פאַרן טערמין. וואָס זיצטו אַזוי ווייט פון מיר? דערנענטער זיך צו מיר — און זי נעמט אין אירע צוויי וואַרעמע הענט שמעונס פּנים ווי אין אַ נעסט, און פאַלט צו דערצו מיט גרויס באַגער.

שמעון פאַרגעסט. ער פאַרגעסט, וואָס עס איז געווען, פאַרגעסט וואָס עס איז. ער פאַרגעסט אַפילו די מינימאַלסטע פאַרזיכטיקייט. ער בלייבט ביי וויעראַן, גייט שוין פון איר נישט אַוועק — און לעבט מיט איר איבער אַ נאַכט פול מיט פאַרגעסנקייט. ביידע פאַרשווומען זיי אין אַ טונקלקייט, ווו איינער וויל אינגאַנצן פאַרשלונגען דעם צווייטן. ס'איז נישט קיין גלוסטונג, נישט קיין פאַרגעניגן און אוודאי נישט קיין גליק, נאָר אַ תאווה־דיק רייסן זיך צו פולשטענדיקער אויפלייזונג, צו נישט־ווערן.

פאַרטאָג פאַרהערן זיי דעם גאַנג וואָס וועקט אַלע אין לאַגער צום פּאַדיאָם. זיי זינקען אין טיפן, פאַרטראָגענעם שלאָף.

ווען ס'הויבט זיך אָן דער „ראַזוואָד", ווען די בריגאַדעס שטייען שוין גרייט אַרויסצוגיין צו דער אַרבעט — זעט מען, אַז דער דאָקטאָר איז נישטאָ. לויטן געזעץ מוז דער דאָקטאָר זיין בעתן „ראַזוואָד". דעם קאָ־מענדאַנטס גרינע, שדישע אויגן צינדן זיך אָן מיט אַ שלעכט, שפּאַטיש פייער. ער פילט, אַז עפּעס וועט זיך שוין דאָ טאָן. ער לויפט גיך צו

שמעונס שטוב, עפנט אויף די טיר מיט אַ וויטריך און געפינט די שטוב אַ ליידיקע, זיין געלעגער איז אפילו נישט אנגערירט.

דער קאַמענדאַנט קאַלצאַוו פאַרשטייט שוין וואָס דאָ איז געשען. ער לויפט גיך צום טעלעפאָן און פאַרבינדט זיך מיטן הויפּט־לאַגער. עס גע־דויערט נישט לאַנג און צוויי גרויסע, פאַרסאָפּעטע, פאַרשוויצטע פערד איינגעשפּאַנט אין אַ שליטן, ברענגען אַהער דעם זאָנע־קאַמענדאַנט פון הויפּט־לאַגער סאַבאַטשאַוו און דעם נאַריאַדטשיק וואַניאַ.

קאַלצאַוו עפנט אויך דאָ די טיר מיטן וויטריך און אַלע דריי פאַלן זיי אַריין צו וויעראַן אין שטוב, ווו זי און שמעון ליגן אין בעט און שלאָפן אַרומגענומענע מיט די אָרעמס, ווי אָפּגעשלאָסענע פון דער אַרומיקער וועלט.

סאַבאַטשאַוס ווייסע אויגן ווערן פול מיט אַ ווילדן גלאַנץ. פון זיינע בלויע ליפּן און גרויסע געלע ציין רייסט זיך אַרויס אַ נישט־אַרטיקולירט געשריי, וואָס וועקט ביידע אויף און ביכטערט זיי אין איין רגע אויס.

— בליאַד! זונה! — רייסט זיך דער קאַמענדאַנט מיט די גרינע אויגן. זיין אייפערזוכט וואָס האָט אים לאַנג געפרעסן, נעמט איצט נקמה. וויעראַ טוט זיך אַ זעץ אויף אין בעט. זי איז איין שטיק כעס, איין שטיק פייער — היגטיש טינופת! דו פאַרברעכער! דו שטינקענדיקער אַרעסטאַנט! ווי וואַגסטו צו אַ פריי־געדונגענער צו רעדן אַזעלכע געמיינע ווערטער! דו וועסט שוין אייביק פוילן אין לאַגער — און קיין פרייע מינוט אין דיין לעבן נישט האָבן.

אַלע דערשרעקן זיך פון איר כעס. שמעון ליגט אין בעט ווי אַ געליימ־טער. דער ערשטער קומט צו זיך סאַבאַטשאַוו. ער שלעפּט שמעונען אַרויס פון בעט און שרייט איבער אים — אויס דאָקטאָר! צען טעג איזאָלאַטאָר מיט אַרויספירן צו אַלגעמיינער אַרבעט! אַ באָרוועסן, אַ האַלב־נאַקעטן שלעפּט ער שמעונען אַרויס פון וויעראַס שטוב, שטופּט אים אַריין אין זיין, שמעונס שטיבל, און וואַרפט אים באַלד נאָך די זאַכן זיך אנצוטאָן.

מער האָט שוין שמעון קיינמאָל וויעראַן נישט געזען. ווי אַ פריי־געדונגענע, נעמען זי סאַבאַטשאַוו און וואַניאַ מיט מיט זיך אויפן שליטן. שפּעטער זענען אין לאַגער אַרומגעגאַנגען קלאַנגען, אַז וויעראַ האָט באַ־קומען אַ האַלב יאָר לאַגער און איז פאַרשיקט געוואָרן אויף דער צייט ערגעץ ווייט פון דאַנען.

שמעון ווי אַן אַרעסטאַנט, דאַרף געשיקט ווערן מיטן עטאַפּ צו פוס, באַגלייט דורך אַ סטריעלאָק. קאַלצאַוו פירט אים אַריין דערווייל אין דעם ברעזענטענעם באַראַק. ס'ברענט דאָס עלעקטרישע ליכט. לעבן שמונען

ליגט זיין רוק־זאַק. דער קאָמענדאַנט באַציט זיך צו אים מיט איבערגע־טריבענער העפלעכקייט. קוקט אויף אים מיט אַ רחמנות בליק.

מיט אַ מאָל ווערט פינצטער אין באַראַק. ווען אין אַ פּאָר מינוט אַרום צינדט זיך צוריק אָן דאָס ליכט, זעט שמעון, אַז זיינע זאַכן זענען נישטאָ. דער קאָמענדאַנט איז אויסער זיך. מאַכט זיך לויפן זוכן די גניבה, און ברענגט ענדלעך שמעונען צוריק עטלעכע שוין זייער אָפּגענוצטע שטיק־לעך וועש. די בעסטע זאַכן, וואָס ער האָט נאָך געהאַט פון דער היים און זיי נישט גענוצט אין לאַגער, זענען פאַרשוואונדן.

ס'קומט אַריין דער סטריעלאָק. שמעון שטעלט זיך אויף. ער פאַר־וואַרפט דעם כמעט ליידיקן רוק־זאַק איבער די פּלייצעס און הויבט אָן שטעלן זיינע טריט אויפן וועג, וואָס דאַרף אים, דעם איצט דאָפּלטן אַרעס־טאַנט, פירן צוריק צום הויפּט־לאַגער.

## חרטה

שמעון טאָפּטשעט אין טיפן שניי. יעדער טריט קומט אים אָן מיט גרויס מי און מאַטער. די פאַרגאַנגענע נאַכט, דער אויסגעטרונקענער בראָנפן, די איבערגעלעבטע עקסטאַזן מיט וויעראַן — דאָס אַלץ האָט אים אויסגעשעפּט. ער איז נאָך אינגאַנצן אונטערן שאָק פון דעם האַסטיקן אויפוועקן, פון דער משונהדיקער סיטואַציע, אין וועלכער ער האָט זיך פּלוצים געפונען, און וואָס האָט אין איין רגע דיאַמעטראַל געענדערט זיין לאַגע. ער איז נאָך אַלץ אַ דערשטוינטער פון דער דרייסטער גניבה, וועלכע מען האָט ביי אים אויסגעפירט און פון דער פערפידיע, פון דעם מכלומרשטן רחמנות, וועלכע דער קאָמענדאַנט מיט די גרינע שדישע אויגן, האָט אים אַרויסגעוויזן.

אָבער וואָס ווייטער שמעון גייט, וואָס מאַטערנדיקער ס'ווערט אים דאָס שטעלן אַ טריט — אַלץ מער ווערט זיין באַוווסטזיין וואַך און וואַכער, און ער דערמאָנט זיך גענוי אַלץ, וואָס איז געשען דעם פאַרגאַנגענעם טאָג, פון דער רגע ווען זיי זענען מיט דער דאָקטאָרין פאַרפאָרן פאַר דער אַמבולאַטאָריע און דערזען דעם באַרג צואה אונטערן פענצטער, ביז דעם מאָמענט ווען ער איז איינגעשלאָפן ביי וויעראַס זייט.

זיין מוח האָט ווי אַ פילם־אַפּאַראַט גענוי אויפגעכאַפּט אַלץ, אַלע געשעענישן פון נעכטיקן טאָג. זיין זכרון האָט ווי אַ מאַגנעטישע פּליטע פאַרצייכנט יעדעס געזאָגטע וואָרט. ערשט היינט, ערשט איצט, זעט ער גענוי אַלץ, וואָס איז זיך מיט אַ טאָג פריער פאַרלאָפן, און הערט אַלץ, וואָס איז נעכטן געזאָגט געוואָרן. ס'איז אַזוי ווי דער אויסניכטערונגס־פּראָצעס וואָלט קאָמפּענסירט דעם באַוווסטזיין מיט אַ פּרעציזע פאַרגעדענקען אַלץ, וואָס איז אונטער דער השפעה פון אַלקאָהאָל צייטווייליק פאַרווישט געוואָרן פון זיין אויבערפלאַך.

שמעון דערמאָנט זיך ווי אַזוי וויעראַ האָט געקוקט אויף אים ווען ער האָט גערעדט וועגן די יידן אין פּוילן. ס'איז געווען אין איר בליק קנאה און האָס. ער גיט זיך איצט אָפּ אַ חשבון, אַז זי איז געווען צוגעבונדן

צו אים, אַז זייער נאָענטקייט האָט זי נישט טראַקטירט ווי אַ ליבע־שפּילעריי, נאָר זי גענומען ערנסט. זי איז אַפילו געווען אייפערזיכטיק וועגן זיין צוגעבונדנקייט צו זיין פאַרגאַנגענהייט, צו זיין פאָלק. זי, אַזאַ יונגע, אַזאַ שיינע, מיט אַזוי פיל פרויען־חנען, האָט זיך פאַר אים אַנט־פּלעקט אין דער ווייסער פּראָסטיקער וויסטע, ווו אָרום און אָרום איז בלויז מענטשלעך אומגליק, פאַרפאַלנקייט, אַ תהום, און אים באַשאַנקען מיט אַלע אירע פרויען־רייצן, באַשאַנקען מיט דעם רחבות, מיט וועלכן נאָר שיינע פרויען זענען בכוח צו באַשענקען — און דאָך איז ער געבליבן פרעמד און ווייט פון איר.

איצט באַנעמט ער וויעראַן, פאַרשטייט זי, פאַרשטייט איר קנאה און אַפילו איר האָס. אָבער איינצייטיק גייט אין אים אויף אַ שטאַרק פּראָטעסט־געפיל קעגן זיך פאַרוואָס הערנדיק ווי זי שרייט צו אים „זשיד, טרינק! וואַרף אַראָפּ פון זיך דיין יידישן טרויער!״, האָט ער זי נישט איבערגע־לאָזט און אַרויסגעגאַנגען פון איר שטוב, נישט אַנטלאָפן פון איר.

ער דערמאָנט זיך, אַז ווען ער האָט באַדאַרפט אַוועקפאָרן מיט איר אויפן אונטער־פּונקט, האָט ער פון זיין רוק־זאַק אַרויסגענומען די תפילין אין דעם סאַמעטענעם בייטעלע, די תפילין, וועלכע די מאַמע זיינע האָט אַריינגעבראַכט און די כלה זיינע האָט זיי איינגעפּאַקט אינעם רוק־זאַק אין דער נאַכט ווען ער האָט פאַרלאָזט וואַרשע. די תפילין האָט ער געהאַט אַדורכגעפירט דורך צענדליקער רעוויזיעס, געקעמפט מיט פאַרביסענע ענקאַוועדע־לייט, און זיי אַרויסגעראַטעוועט פון זייערע הענט. ער האָט די תפילין איבערגעלאָזט ביים דניעוואַלני פון גרויסן באַראַק, דעם געווע־זענעם זייף־פאַבריקאַנט, אַ וועלטלעכן, אָבער דאָך יידישן ייד. שמעון איז געווען זיכער, אַז דעם דניעוואַלני, אַ מענטש אין די זעכציקער, וועט מען נישט רירן פון אָרט, נישט איבערשיקן ערגעץ אַנדערשוווּ, און ער, שמעון, וועט זיי ביי אים קאָנען אָפּנעמען, ווען ער וועט צוריקקומען פון אונטער־פּונקט אין הויפּט־לאַגער אַריין.

שמעון האָט נישט מיטגענומען די תפילין מיט זיך נישט ווייל ער האָט מורא געהאַט, אַז וויעראַ קאָן זיי ביי אים באַמערקן — און ער האָט זיך געשעמט מיט זיין יידישקייט. ניין. נישט דאָס איז געווען די סיבה. ער האָט זיי פּשוט אויסגעהיטן פאַר אַ נישט־יידיש אויג. נישט געוואָלט, אַז אַ גוייִש אויג זאָל פאַלן אויף זיי. ער האָט פאַרגעדענקט די שפּאָטישע בליקן פון די גויים, וועלכע ער האָט ביי זיי געזען, ווען ער איז אַ מאָל געפאָרן מיט דער באַן און אַ פרומער ייד האָט זיך אַוועקגעשטעלט דאַווענען אין וואַגאָן אין טלית און תפילין. ער האָט נישט געוואָלט, אַז אַפילו

וויערא, מיט וועלכער ער איז געווען אַזוי נאָענט, זאָל זיי זען. זיך האָט ער מפקיר געווען, אָבער די תפילין האָט ער געוואָלט היטן.

פונדעסטוועגן האַלט ער, אַז וויערא איז מער ווערט פאַר אים. זי האָט אין זייער נאָענטקייט געזוכט נאָענטקייט — און ער פאַרקערט. פאַר אים איז דאָס אַטראַקטיווע אין זייער נאָענטקייט — געווען די ווייטקייט, די פרעמדקייט, וועלכע ער האָט כסדר געפילט, אַז זי שטייט ווי אַ מויער צווישן זיי. וויערא האָט געזוכט ליבע און ער בלויז פאַרגעסנקייט. ער האָט געוואָלט פאַרגעסן ווער ער איז געווען, וואָס איז געוואָרן מיט זיינע נאָענטע און וואָס איז מיט דינהן.

און דאָך האָט ער געפילט, אַז וויערא האָט געמאַכט אַ וועזנטלעכן טעות. וואָרעם ליבע איז נאָר מעגלעך צווישן פרייע מענטשן. ווען אַפילו ליבע אַליין פאַרבונדט, קאָוועט צו, פאַרשקלאַפּט, אָבער דער וועג צו איר מוז זיין דורך פרייהייט. דו מוזט מאַכן זיך אַ פרייען וועג צו קאָנען גיין אויף אים לויטן דיקטאַט פון דיין געפיל, צי אינסטינקט.

וויעראָס און שמעונס וועגן זענען געווען לחלוטין אַנדערע. איר — אַ פרייער, פריי פון רעליגיע, פריי פון טראַדיציע, פריי פון יעדער פאַר־בונדקייט. זיינער — פול מיט שאָטנס פון דורות און מיט נאָענטע, לעבע־דיקע מענטשן פון נעכטן, וואָס איז נאָך אַזוי נאָענט. ער, אַ וועלטלעכער מענטש, אָבער פול מיט העמונגען, זיין וועג איז באַשטעלט מיט פרעג־צייכנס, ווי מיט ביימער דער וואַלד, דורך וועלכן ער גייט איצט. אַפילו דאָס, וואָס זי איז אַ פרייע און ער אַן אַרעסטאַנט, האָט געשאַפן אַ לאַגע, אַז זייערע געפילן האָבן געהאַט גאַנץ אַנדערע קוואַליטעטן.

שמעון הערט אַ רופן אונטער זיך — דאָקטאָר, וואָס יאָגט איר אַזוי? איר האָט שוין אַפילו מיך פאַרמאַטערט!

דאָס שרייט דער סטריעלאָק, וואָס גייט מיט דער ביקס אונטער שמעו־נען, וועלכער פירט אים אויפן הויפּט־לאַגער, אייַנצוזעצן אין איזאָלאַטאָר.

שמעון שטעלט זיך אָפּ. דערפילט ווי זיין האַרץ קלאַפּט גיך. ער איז פאַרמאַטערט, אינגאַנצן באַגאָסן מיט שווייס, כאָטש ס'איז אַן איבער דריי־סיק־גראַדיקער פראָסט. ער האָט אין זיין טראַכטן גאָר פאַרגעסן, אַז אים פירט אַ סטריעלאָק. געווען זיכער, אַז ער גייט אַליין, אַז דאָס פירט ער זיך אַליין אָפּצוקומען די שטראָף.

דער סטריעלאָק הייסט שמעונען זיך אַ ביסל אָפּרוען. יעדער פון זיי שאַרט אָפּ דעם שניי פון אַ פּיען נאָך אַן אונטערגעזעגטן בוים און זעצט זיך אוועק. לויטן וואַך־געזעץ מוז צווישן דעם סטריעלאָק און אַרעסטאַנט זיין אַ געהעריקער דיסטאַנס אויף אַזוי פיל, אַז דער סטריעלאָק זאָל

קאָנען אויסציען די ביקס צום שיסן אויב ס'דערגייט צו אַזאַ נויט־ווענדיקייט.

דער סטריעלאָק נעמט אַרויס אַ זעקעלע מאַכאָרקע און אַ שטיק צייטונגס־פּאַפּיר. ער מאַכט זיך אַ שקאַרמיצל, שיט דערין אַן מאַכאָרקע און פאַרויכערט. ער פרעגט שמעונען צי ער וויל רויכערן. שמעון ענט־פערט — יאָ. דער טריעלאָק נעמט אַ שטיקל פּאַפּיר, שיט דערין אַריין אַ ביסל מאַכאָרקע, נעמט אַרויס אַ פּעקל שוועבעלעך פון קעשענע און לייגט דאָס אַלץ אַוועק אויף אַ טריקן אָרט, אויף אַ געהעריקער דיסטאַנס פון זיך.

שמעון שטעלט זיך אויף און גייט צו נעמען וואָס דער סטריעלאָק האָט פאַר אים אַוועקגעלייגט. כאָטש ער ווייסט, אַז יענער האָט דאָס געטאָן פון גוטהאַרציקייט און אַז די מאַכאָרקע האָט ער אים נישט דערלאַנגט, נאָר אַוועקגעלייג ווייט פון זיך, ווייל אַזוי זענען די פאַרשריפטן פון דער וואַך, אָבער די באַוועגונגען פון סטריעלאָק בעתן אַוועקלייגן, דערמאָנען אים אַ בילד פון די קינדער־יאָרן.

ווען זיי האָבן געוווינט אויף זומער־ווווינונג, פלעגט שטענדיק דער הונט פון דעם ווילע־שומר צוקומען בעתן עסן צו זייער וועראַנדע. דע־מאָלט פלעגט עמעצער פון די שטוב־מענטשן אַרויסטראָגן אים עסן און עס אַוועקלייגן אין אַ געהעריקער ווייט פון דער וועראַנדע, אַז דער הונט זאָל נישט זיין נאָענט צום געגרייטן טיש.

שמעון ווייסט אַז ער איז אומגערעכט צום סטריעלאָק, אָבער אין זיין פאַרביטערטקייט לאָזט ער דאָס בילד נישט אָפּ, רופט עס כסדר אַרויס פאַר זיינע אויגן און פייניקט זיך דערמיט.

קיין שקאַרמיצלעך האָבן די אַרעסטאַנטן קיינמאָל נישט געררויכערט, ווייל צו דעם דאַרף מען האָבן אַ סך מאַכאָרקע. זיי האָבן זיך פון פּאַפּיר געדרייט גלייכע פּאַפּיראָסן. שמעון האָט זיך נישט געקאָנט אויסלערנען ריכטיק צו פאַרדרייען אַ פּאַפּיראָס. די מאַכאָרקע פלעגט זיך ביי אים שטענדיק שיטן פון ביידע זייטן פאַרוויקלטן פּאַפּיר און ביז ער האָט פאַרקלעפּט דעם פּאַפּיראָס מיט דער פייכטקייט פון מויל, פלעגט אין פּאַפּיר כמעט נישט בלייבן קיין מאַכאָרקע.

אַלע מאָל האָבן אַנדערע פאַר אים פאַרדרייט דעם פּאַפּיראָס און שוין אַ צוגעגרייטן, האַלטנדיק אים צווישן די ווייז־פינגער און די דיקע פינגער פון ביידע הענט, אים דערלאַנגען שמעונען, ער זאָל אים איבערנעמען מיט די זעלבע פינגער, פייכט מאַכן מיט דער צונג זיינער דעם ברעג פון פּאַפּיר און פאַרקלעפּן דעם פּאַפּיראָס.

איצט שטייט שמעון און דרייט דעם פּאַפּיראָס פון דער מאַכאָרקע און פּאַפּיר, וועלכע דער סטריעלאָק האָט אים געשענקט. די מאַכאָרקע שיט זיך פון ביידע זייטן פּאַפּיר און ער קאָן זיך מיט דעם נישט געבן קיין עצה.

ענדלעך פאַרדרייט ער דעם פּאַפּיראָס, רייבט אָן אַ שוועבעלע און לייגט עס צו צום פּאַפּיראָס, וועלכער איז כמעט בלויז פּאַפּיר. ער צינדט זיך אָן מיט אַ פלאַקער. אין איין סעקונדע איז ער האַלב־פאַרברענט. שמעון לעשט דאָס פייער מיט די פינגער און גיט אַ ציי. ער שלינגט אַריין מער רויך פון פּאַפּיר, ווי פון דער מאַכאָרקע. ער שטיקט זיך, פאַרהיסט זיך. דערנאָך גיט ער נאָך אַ צוויי ציי — און אויס מיטן פּאַפּיראָס.

דער סטריעלאָק קוקט אויף דעם דאָקטאָר, וואָס קאָן היילן קראַנקע, אָבער קאָן נישט פאַרדרייען קיין פּאַפּיראָס. ער קוקט און שטוינט.

— אוודאי ס׳גאַנצע לעבן געראויכערט פאַרטיקע פּאַפּיראָסן — רופט ער זיך אָן.

שמעון שאָקלט מיטן קאָפּ צושטימענדיק.

— און וואָס פאַראַ טעם קאָן האָבן אַ פּאַפּיראָס, וועלכן מען פאַרדרייט נישט אַליין? — פרעגט דער סטריעלאָק מיט אַ נאָטע פון באַדויער.

— קאָן זיין, אַז דאָס וואָס מען מאַכט אַליין שמעקט שטענדיק בע־סער. אָבער מיר, שטאָטישע, האָבן נישט קיין צייט אַלץ צו מאַכן אַליין. צווייטנס, פון וואָס וואָלטן געלעבט די אַרבעטער פון די פּאַפּיראָסן־פאַ־בריקן?

— אָ, איר זאָרגט שוין פאַר די אַרבעטער! די סאָוויעטישע מאַכט ווייסט גוט ווי אַזוי צו פאַרזאָרגן אירע מענטשן און ס׳שאַדט זיי גאָרנישט וואָס מען דרייט זיך אַליין פּאַפּיראָסן.

— זענען דען פאַראַן ווייניק באַקאַנטע פּאַפּיראָסן־פאַבריקן אין ראַטן־פאַרבאַנד? כ׳האָב געזען אַ סך מענטשן רויכערן פאַרטיקע פּאַפּיראָסן. אַט האָט דער פריערדיקער לאַגער־נאַטשאַלניק געראויכערט די בעסטע פּאַפּי־ראָסן — „קאַזבעק”, אָדער „ביעלאָמאָר”.

— דער איצטיקער נאַטשאַלניק רויכערט נאָר מאַכאָרקע. דער פריער־דיקער האָט געראויכערט פּאַפּיראָסן, ווייל ער איז געווען ווי איר — אַ ייד.

שמעון באַמערקט אין די ביז איצט גוטמוטיקע אויגן פון סטריעלאָק, אַ בייז פייערל.

— רויכערן נאָר יידן פּאַפּיראָסן?

— דאָקטאָר, מיר מוזן גיין. כ׳דאַרף אייך צושטעלן צו דער צייט אין הויפּט־לאַגער און צוריקגיין. דער טאָג איז אַ קורצער.

שמעון שטעלט זיך אויף און ג״יט. ס׳הויבט אָן פאַלן אַ שניי. ער דערמאָנט זיך, אַז ערשט נישט לאַנג צוריק, איז ער מיט וויעראַן געפאָרן אויף דעם וועג אַהין צום אונטער־פּונקט, מיט אַ שליטן געשפּאַנט אין צוויי פערד. אָבער די מענטשן, די אַרעסטאַנטן, וועלכע מען האָט געפירט אַהין זענען געגאַנגען צופוס, זיך קוים געשלעפּט אין די טיפע זאַספּעס און טיילמאָל זיך געמוזט אָנהאַלטן אין דער פאַרוואַרפענער פון בוים צו בוים שטריק, זיי זאָלן נישט דערטרונקען ווערן אין דעם טיפן שניי.

שמעון דערמאָנט זיך, אַז ער האָט דעמאָלט פאַר די געפּלאָגטע אַרעסטאַנטן, און אַפילו פאַר די יידן פון זיין עטאַפּ, נישט געהאַט דאָס מינדעסטע געפיל פון רחמנות, אַז ער איז דעמאָלט געווען אינגאַנצן גלייכגילטיק צו זייער גורל. אין אים האָט שוין אָפּנים אומבאַוווסטזיניק געריזלט אַ חשק צו וויעראַן און דאָס האָט אים פאַרשטעלט די אויגן אויף די ליידן פון די מענטשן אַרום.

איז גוט, טראַכט זיך שמעון, וואָס ער גייט איצט אַליין אויף דעם דאָזיקן שווערן וועג צופוס, געפירט פון אַ סטריעלאָק. ער וועט גיין אין איזאָלאַטאָר, ליגן צען נעכט אין דער קעלט אויף אַ האַרטער באַנק אַ הונגעריקער. אפשר וועט ער אַזוי אַרום כאָטש אַ ביסל אָפּקומען פאַר זיינע חטאים, פאַר די זינד, וועלכע ער איז באַגאַנגען קעגן זיך, קעגן זיין כלה, קעגן דינהן און קעגן די אַלע פאַרמאַטערטע מענטשן אין לאַגער.

דער שניי פאַלט ווי געדיכטע שטיקלעך אָנגעציפּטע וואַטע. די אַזוי אויך באַשנייטע וועגן ווערן באַלד באַדעקט ווי מיט אַ דיקער וואַטענע דעק. שמעון הויבט די פיס און וואַרפט אָפּ דעם שניי וואָס לייגט זיך אויף זיינע וואַלענקעס. ער טוט דאָס מיט אימפּעט, ווי אַ פערד וואָס וואַרפט מיט די קאָפּיטעס און שליידערט אַוועק דעם שניי וואָס ליגט אויף זיין וועג. ער ווערט גיך אַזוי מיד, אַז ער האָט נישט קיין כוח צו פילן די מידקייט. אַלע חושים זענען ביי אים פאַרטעמפּט. ער פילט גאָרנישט. ער הערט נישט און זעט נישט. ער גייט ווי ס׳גייט אַ בלינדער אויף אַן אים גוט באַקאַנטן וועג. פּלוצים דערהערט ער אַ הילכיקן געשריי פון סטריעלאָק — שטיי! שמעון שטעלט זיך אָפּ און דערזעט לעבן זיך דאָס טויער פון דער זאָנע.

ער איז דערשטוינט. ערשט איצט כאַפּט ער זיך, אַז ער האָט פריער אינגאַנצן נישט געזען. וואָרעם ער האָט שיעור נישט אָנגעקלאַפּט מיטן קאָפּ אינעם טויער. דער סטריעלאָק הייסט אים זיך פאַרנעמען לינקס, ווו ס׳געפינט זיך דאָס שטיבל פון דער וואַך.



שמעון זיצט אין דעם וואַך־שטיבל. איבער דעם שטיבל געפינט זיך דאָס טורעמל, אויף וועלכן ס'שטייט שטענדיק אַ סטריעלאָק און האַלט זיין וואַך אויג אויפן לאַגער.

איצט שטייט דאָרט דער סטריעלאָק איוואַניוק מיטן ברייטן פּנים פול מיט זומער־שפּרענקעלעך. ער גיט אַ בליק אַראָפּ, דערזעט שמעונען און רופט זיך אָן:

— העי, דאָקטאָר, דאַיגראַלסיאַ, זיך דערקייקלט, האַ? אַ שאָד, דאָקטאָר, וואָס דו האָסט פאַרשפּעטיקט! מיט אַ פּאָר מינוט צוריק האָט מען פון דאַנען אַוועקגעפירט דיין קראַסאַוויצע. ווען דו קומסט אַ קליין ביסל פריער, וואָלסטו זיך געקאָנט געזעגענען מיט דיין ליובאַווניצע!

פון דער ערשטער רגע, ווען מען האָט שמעונען אַרויסגעשלעפּט פון וויעראַס שטוב, און איבערן גאַנצן שווערן וועג, האָט אים באַגלייט דאָס פאַרגעפיל, אַז ער וועט וויעראַן מער נישט זען. ער איז נישט געווען אומגליקלעך דערפון. פאַרקערט. ער איז אפשר געווען צופרידן, וואָס פרעמדע הענט האָבן איבערגעשניטן דעם דאָזיקן קנופּ.

שמעון האָט שטענדיק געטרוימט צו זיין אַ כירורג, אָבער ער האָט געהאַט צו קליינע און צו שוואַכע הענט, האָט ער געמוזט דערפון רעזיגנירן. געבליבן איז אים אַ כירורגישע איינשטעלונג אין זיין פּריוואַטן לעבן. ער האָט פיינט געהאַט פאַרפּלאָנטערטע סיטואַציעס. טאָמער האָט ער באַמערקט, אַז עפּעס טוט זיך אַרום אים פאַרשפּינען, פאַרפּלעכטן, וועגן וואָס דאָס זאָל נישט גיין, האָט ער עס באַלד אויפגעקלערט קלאָר און דייטלעך, אָפּגעריייניקט דאָס אָרט, ס'זאָל ביי קיינעם נישט בלייבן קיין שפּור פון צווייפל וועגן זיין דעצידירטער שטעלונג.

פונדעסטוועגן, ווען ער האָט דערהערט, אַז מען האָט וויעראַן אַוועקגעשיקט, און פאַרשטאַנען, אַז ער וועט זי מער נישט זען, האָט זיך ביי אים עפּעס ווי אָפּגעריסן, עפּעס איז געשען מיט אים. ס'האָט אים אַ מיש געטאָן אין קאָפּ, ווי ער וואָלט אויף אַ ווײַלע פאַרלוירן דאָס באַוווסטזיין. ער האָט דאָס געקאָנט פאַרשיידן אויסטייטשן, געקאָנט אָננעמען, אַז דאָס מישן אין קאָפּ איז געקומען פון דערשעפּונג, פון אָנשטרענגונג און פון נישט עסן. אָבער געוווּסט האָט ער, ערגעץ ווו האָט געטליעט אין אים דער געדאַנק, אַז דאָס איז געשען צוליב דער ידיעה וועגן וויעראַן.

דער כוח פון בענקשאַפט — האָט ער געטראַכט — איז אַזוי גרויס, אַז מען קאָן בענקען נאָך אַ מענטש, וועלכן מען וויל מער נישט זען, נאָך

אַ מענטש פון וועלכן מען וויל זיך לגמרי אָפּשניידן. דער מענטש קאָן אויפהערן פאַר דעם וואָס בענקט נאָך אים עקזיסטירן, אָבער די בענקשאַפט אַליין נאָך דעם מענטש בלייבט. דער עיקר איז עס גילטיק אין די באַציאונגען צווישן אַ מאַן און אַ פרוי.

שמעון זיצט אַ פאַרטועטער אין זיינע מחשבות. פלוצים גיט ער אַ בליק אַרויס דורכן פענצטער פון דער וואָך־שטוב און באַמערקט אַ סילועט פון אַ יונגער פרוי, וואָס גייט אין אַ פאַרקערטער ריכטונג ווו ער געפינט זיך, אַזוי, אַז ער זעט זי נאָר פון אונטן. ער קוקט זיך גוט איין און דערקענט אין איר דינהן. לויט איר אופן גיין, לויט אירע באַוועגונגען, באַמערקט ער מיט זיין געניט אויג פון אַ מעדיצינער, אַז זי שוואַנגערט.

שמעון ווערט נאָך מער דערשלאָגן, אויב ס׳איז נאָך מעגלעך ער זאָל טיפער דערשלאָגן ווערן. ער פילט איצט, אַז דער מענטש האָט אַ נשמה, אין וואָס ער האָט זיין גאַנץ באַוווסטזיניק לעבן געצווייפלט. און די נשמה טוט אים וויי. ס׳איז אַן אַבסטראַקטער ווייטיק, און ער קאָן אים נישט לאָקאַליזירן. ער קאָן נישט זאָגן, ווו טוט אים וויי. קאָן גאָר זיין, אַז דער ווייטיק איז אויסער אים. ערגעץ ווו אין חלל — און ער שלאָגט דווקא אין אים. וואָרעם פאַרבינדן, פאַרבינדט אים גאָרנישט מיט דינהן. אויב מען נעמט עס אופן שכל, לויט דער ריינער לאָגיק, איז איר גורל געווען אַ באַשטימטער פון דער ערשטער רגע ווען זי איז אָנגעקומען אין לאַגער. טאָ וואָס טוט אים אַזוי וויי, אויב דאָס, וואָס איז זיך מיט איר פאַרלאָפן איז געווען פאַרויסצוזען ?

שמעון ווייס נישט וואָס זיך צו ענטפערן, אָבער דאָס לינדערט נישט אויף קיין האָר זיינע יסורים. פאַרקערט, פאַרשטאַרקט זיי נאָך. ס׳איז אַ ווייטיק אַ נישט־באַשטימטער, אַ נאָמען־לאָזער. ער ווייסט נישט ווי אים אָנצורופן, און דערפאַר וואָס ער איז אַ נישט־באַשטימטער, קאָן ער זיך קעגן אים נישט ווערן, קאָן זיך אים נישט אַנטקעגנשטעלן.

ער וויל שוין וואָס שנעלער זיין אין איזאָלאַטאָר. אפשר וועט ער דאָרטן קאָנען צוזאַמענגעמען זיינע געדאַנקען. ס׳איז אים דאָ מיאוס צו זיצן אויף די אויגן פון דער וואַך. ס׳זעט אים אויס, אַז אינוואַניוק, וואָס שטייט אויפן טורעמל, שמייכלט אַריין אין דעם קנופּ ביים מויל פון זיין וואָרעמען באַשליק, מיט אַ ספּעציעלער הנאה.

ס׳קומט אַריין דער קאָמענדאַנט פונעם איזאָלאַטאָר.

— נו, דאָקטאָר, — ווענדט ער זיך צו שמעונען. — אַלזאָ גייען מיר. נעמט זיך נישט איבער, דאָקטאָר. אין דעם איזאָלאַטאָר זענען שוין געזעסן גרעסערע מענטשן פאַר אייך: פּראָפעסאָרן, גענעראַלער, פּראָקוראָרן —

און ווער נישט. אַזוי איז דאָס לעבן אין לאַגער, היינט ביסטו אויפן סאַמע שפּיץ און מאָרגן ביסטו אין ד׳ערד. אָבער דאָס רעדל דרייט זיך אויך דאָ אין דעם קליינעם פאַרמאַכטן וועלטל. לאָז זיך נישט פרעסן פון צער, וואָרעם נאָר ער קאָן מאַכן פון דיר אַ תל, נישט דער איזאָלאַטאָר.

זיי זענען צוגעקומען צו אַ הייזל, וואָס שטייט אַליין אויסער דער זאָנע. ס׳הייזל איז אַזוי טיף געזונקען אין דער ערד, אַז ס׳זעט אויס ווי אַ זיעמליאַנקע. שמעונען פאַלט איין אַ משונהדיקער פאַרגלייך, אַז דאָס הייזל זעט אויס ווי דאָס מתים־שטיבל ביים שפּיטאָל ווו ער האָט געאַרבעט. פון דעם געדאַנק לויפט אים אַדורך אַ שוידער איבערן לייב. ס׳טוט אַ גרילץ דער שליסל אין פאַרזשאַווערטן שלאָס. ס׳עפנט זיך די טיר.

דער איזאָלאַטאָר איז אַ געצוג גרויסע שטוב מיט דאָפּלטע נאַרעס. זיי זענען אָן אַ שעבניק, אָן אַ ביסל שטרוי. האַרטע, נאַקעטע ברעטער, ווי די טראַגעס פאַר מתים. ס׳איז דאָ קאַלט און דעמפּיק. דאָס איינציקע פענצטער האָט אויסגעבראָכענע שייבלעך, אויף זייער אָרט שטעקן שמאַטעס, דורך וועלכע דער שניי באַקומט זיך אַריין.

שמעון דערמאָנט זיך וואָס די רוסישע אַרעסטאַנטן, וואָס זענען נאָך דאָ געווען פאַרן אָנקומען פון פּוילישן עטאַפּ, האָבן אים דערציילט:

אין איינעם אַ זומער האָט סאַבאַטשאַוו זיך פּלוצים געכאַפּט, אַז דער איזאָלאַטאָר האָט אַ פענצטער מיט שייבלעך. אַ דאַנק די שייבלעך קאָנען זיך די מיקן דאָרט נישט אַריינקריגן. ער האָט נישט געקאָנט פאַרגינען די אַרעסטאַנטן וואָס זיצן אין איזאָלאַטאָר אַזאַ פאַרגעניגן, אַזאַ שווילטאָג, אַז זיי זענען כאָטש אַ ביסל באַוואָרנט, אַז די מיקן זאָלן זיי נישט בייסן. האָט ער אייגנהענטיק אויסגעבראָכן די שייבלעך. די מיקן האָבן שוין פון דעמאָלט אָן געזויגן דאָס לעצטע ביסל בלוט פון די אַרעסטאַנטן וואָס האָבן אויף ביינאַכט געמוזט גיין אין איזאָלאַטאָר.

ווען ס׳איז אָנגעקומען דער ווינטער, האָט מען קיין נייע שייבלעך נישט אַריינגעשטעלט. מען האָט די לעכער פאַרשטאָפּט מיט שמאַטעס, און דער פראָסט און דער שניי האָבן זיך זייער פלינק דורך זיי דאָרט אַריינגעקריגן.

איצט איז דער איזאָלאַטאָר ליידיק. אָבער שמעון ווייסט, אַז ביינאַכט וועט ער זיין איבערפולט. מענטשן וועלן ליגן אויפן ליימענעם דיל. ער לייגט זיך אַוועק אויף דער ערשטער נאַרע, אין וועלכער ער שטויסט זיך אָן. ער איז זיכער, אַז ער וועט באַלד איינשלאָפן. ער איז טויט מיד. אָבער דער שלאָף קומט נישט.

אים זעט איצט אויס, אַז דער איזאָלאַטאָר איז אין דער אמתן ווי

אַ מתים־שטיבל. דאָ לייגט מען אַוועק די געשטאָרבענע צייט. ס׳ליגן גע־שטאָרבענע שעהן ווי קליינע, טויטע קינדער. קיין שום טויט, אַפילו פון אַ יונגן מענטש, פלעגט אויף אים נישט מאַכן אַזאַ טיפן רושם, ווי דער טויט פון קליינע קינדער, וואָס זענען נאָר־וואָס געקומען אויף דער וועלט.

ער פלעגט זיך פרווון אויסטייטשן, פאַרוואָס איז עס אַזוי? פאַרוואָס פילט ער דאָס אַזוי שטאַרק אָפּ.

די ביי־געבוירענע קינדער ווייסן דאָך אַפילו נישט, אַז זיי לעבן, זיי ווייסן נישט, אַז זיי שטאַרבן, זיי האָבן נישט קיין פּחד פאַרן טויט. דאַקעגן די דערוואַקסענע ווילן לעבן, האָבן מורא פאַרן טויט, און שטענדיק איז דער טויט פון אַ דערוואַקסענעם מענטש נישט נאָר אַן אומגליק פאַר אים אַליין, נאָר אויך אַ טראַגעדיע פאַר זיינע נאָענטע. און דאָך. קיינמאָל איז דער טויט נישט אַזוי אומזיניק, ווי דער טויט פון קליינע קינדער. זיי האָבן נאָך נישט באַוויזן צו לעבן — און זענען שוין טויט, אָן אַ פאַר־וואָס און אָן אַ פאַרווען.

שמעון טראַכט וועגן דער צייט אין לאַגער. טעג און יאָרן ווערן דאָ אָפּגעטויט. די צייט שטאַרבט דאָ אָפּ און דער מענטש שטאַרבט אָפּ. אוןביידע, סיי די צייט און סיי דער מענטש, זענען דאָ מוראדיק פאַרלאָזן און איינזאַם אַפילו אין זייער טויט. יעדער פון זיי שטאַרבט דאָ אָפּ באַזונדער.



ס׳הערט זיך אַ סקריפּ אין פאַרזשאַווערטן שלאָס פון דער טיר. שמעון איז וואַך. קיין אויג נאָך נישט צוגעטאָן. ער שפּיצט זיך אינגאַנצן אָן. ווער קאָן אין מיטן טאָג קומען אין איזאָלאַטאָר? און אפשר האָט מען אים געבראַכט זיין שטראָף־פּאַרציע עסן, דריי הונדערט גראַם ברויט און אַ זופּ. ער האָט פון נעכטן ביינאַכט אָן גאָרנישט געהאַט אין מויל, אָבער האָט נישט קיין הונגער.

ס׳עפנט זיך די טיר און ס׳קומט אַריין וואַראַניקידזע, דער פאַרטרעטער פון זאָנע־קאָמענדאַנט. ער טראָגט אין איין האַנט אַ טשאַיניק און אין דער צווייטער עפּעס איינגעוויקלטער אין אַ ווייסער זאַך. ער זעט אויס, ווי אַלע מאָל, אָפּגעברענט, ווי ער וואָלט נאָר־וואָס געקומען פון אַ דרום־לאַנד. ער טראָגט זיין שוואַרצן, אונטערגעבעטן פראַק און אַ ווייס העמד מיט אַ שטייפן גאָרס, נאָר שטאָט דעם צילינדער, אַ הויך פוטערן היטל פון פאַקעס.

וואַראַניקידזע קומט אַריין אַ צעשמייכלטער, אַן אויפגערוימטער. ער רופט אויס פריילעך צו שמעונען — דאָקטאָר, מיין ווייב, דינה, איז געוואָר געוואָרן, אַז איר געפינט זיך אין איזאָלאַטאָר, האָט זי זיך שרעקלעך מיט דעם איבערגענומען. זי האָט אייך געשיקט אַ טשאַיניק הייסע טיי און ברויט מיט מאַרמאַלאַדע. פאַרלאָזט זיך אויף איר. זי וועט אייך שוין דאָ באַזאָרגן מיט אַלעם וואָס איר וועט דאַרפן. איר וועט נישט פילן, אַז איר זענט אין איזאָלאַטאָר. אַ גאָלדן האַרץ האָט זי, מיין דינה.

ווען וואַראַניקידזע גיסט שמעונען אָפּ מיט דעם זידיקן וואַסער פון טשאַיניק, וואָלט אים מן־הסתם אַזוי נישט וויי געטאָן, ווי די ווערטער, אַז דינה האָט זיך אַזוי שרעקלעך איבערגענומען מיט זיין לאַגע. ווען ס'קומט אַריין, שטאָט וואַראַניקידזע, עמעצער מי טריטער און נעמט רייסן פּאַסעס פון זיין לייב, וואָלט ער כאָטש געהאַט דאָס געפיל, אַז ער קומט פאַר עפּעס אָפּ, ס'וואָלט אים געוועזן אַ סך בעסער, אַ סך גרינגער, ווי צו הערן די ווערטער, אַז דינה וועט שוין פאַר אים זאָרגן און מיט אַלץ אים פאַרזאָרגן.

גייענדיק אַהער, האָט ער אויפן שווערן וועג געטראַכט וועגן חרטה און תשובה, אַז אין איזאָלאַטאָר וועט ער האָבן צייט צו מאַכן אַ חשבון הנפש און נעמען אויף זיך אַלע שטראָפן, הונגער, קעלט, ליגן אויף דער האַרטער נאַרע נישט געוואַשן, נישט געבאָדן. ער וועט אָפּקומען פאַר זיינע באַגאַנגענע זינד, זיך ריינוואַשן דערפון און אויסמעקן פון זיין זכרון.

אָבער זעט אויס, אַז דאָס איז אים נישט באַשערט. מען לאָזט אים אַפילו נישט תשובה טאָן. די, וואָס האָט זיך באַדאַרפן פון אים אָפּווענדן, נישט וועלן הערן פון אים, ווייזט אים גאָר אַרויס רחמנות און לייטזעליקייט. ער האָט געוואָלט אַ געשריי טאָן צו וואַראַניקידזע — נעמט דעם טשייניק מיט דער טיי, מיטן ברויט און גייט צו אַלדע רוחות מיט אייערע טובות! אָבער ער האָט געוווסט, אַז ער וועט זיך דערמיט מאַכן לעכערלעך, זיך אויסשטעלן אויף חוזק — און זיך צוריקגעהאַלטן דערפון.

וואַראַניקידזע וויקלט אויף דאָס ווייסע שטיקל לייוונט, אין וועלכן ס'ליגט דאָס ברויט, ער נעמט אַרויס פון איין טאַש אַ סלאָיִק מאַרמאַלאַדע, פון דער צווייטער אַן איינגעלייגט מעסערל, צעשניידט דאָס ברויט, שמירט עס אָן מיט מאַרמאַלאַדע, גיסט אָן אין טעפּל, וואָס הענגט אויפן גאַרגל פון טשייניק, טיי — און דערלאַנגט שמעונען.

פון מידקייט און דערשעפּטקייט ציטערן ביי שמעונען די הענט. ער מוז האַלטן דאָס טעפּל אין ביידע הענט כדי עס קאָנען צוטראָגן צום מויל.

וואַראַניקידזע קוקט אויף אים מיט מיטלייד, ווי מען קוקט אויף אַן אָפּגע־שוואַכט קינד נאָך אַ שווערער קרענק. שמעונען אַרט שוין נישט דער דאָזיקער בליק.

— ווי פילט זיך דינה? — פרעגט ער אים.

— זי שוואַנגערט — ענטפערט וואַראַניקידזע שטיל, ווי פאַרשעמט.

— דאָס ווייס איך.

אָבער זעענדיק וואַראַניקידזעס פאַרוווּנדערטן בליק, גיט ער צו: — פונעם וואָך־שטיבל האָב איך זי געזען אַדורכגיין דורך דער זאַגע און אין איר גאַנג דערקענט, אַז זי שוואַנגערט.

— די ערשטע צייט איז איר געווען שווער, זי האָט אַ סך געליטן, כאָטש דאָס נישט אַרויסגעוויזן. איך האָב אָבער געפילט, אַז זיליידט. געגאַנגען אויף די שפּיץ פינגער אַרום איר. דאָקטאָר! דאָקטאָר! ווי דעלי־קאַט זי איז, ווי איידל איז זי. אַ קעניגין איז זי ביי מיר. יאָ, אַ קעניגין, דאָקטאָר! גלויבט מיר, אַז אַפילו אין לאַגער, קאָן מען אַזוי ליב האָבן אַ פרוי, מען קאָן זי אַזוי פאַרערן, ווי מען האָט אַמאָל פאַרערט קעניגינס. דאָקטאָר, כ׳בין גליקלעך מיט איר.

שמעון זעט אין וואַראַניקידזעס אויגן טרערן. ווער איז ער, דער דאָ־זיקער מענטש? טראַכט שמעון. אין לאַגער ווייסט קיינער נישט וועגן זיין פאַרגאַנגענהייט. וועגן אַלע ווייסט מען, אָבער נישט וועגן אים. מען האָט זיך אָנגעשטויסן, אַז ער איז נישט קיין פּאָליטישער, ווייל די פּאָליטישע פלעגן דערציילן, אַז זיי זענען פאַרשיקט פאַר פּאָליטישע חטאים. אַפילו קרימינעלע פאַרברעכער פלעגן וועלן אָנגיין פאַר פּאָליטישע. אָבער וואַראַ־ניקידזע האָט וועגן זיך קיינמאָל קיין וואָרט נישט דערציילט. קיינמאָל נישט געזאָגט, אַז ער איז אַ פּאָליטישער אַרעסטאַנט.

טאָ ווער איז דער דאָזיקער מענטש, וואָס רעדט מיט אַזוי פיל צערט־לעכקייט וועגן דעם יונגן יידישן מיידל דינה, וואָס איז איצט זיין לאַגער־ווייב און איז פון אים שוואַנגער? פאַר וואָס זיצט ער אין לאַגער? פאַר וואָס פאַרא פאַרברעכן? און וויפיל יאָר דאַרף ער נאָך בלייבן אין לאַגער?

זיין צערטלעכקייט איז נישט נאָר געלעגן אין די ווערטער זיינע, מיט וועלכע ער האָט גערעדט וועגן דינהן. די ווערטער זענען געווען פּשוטע, אָבער די אינטאָנאַציע, דער קלאַנג פון זיי, די וויבראַציע פון זיין שטימע, האָבן עדות געזאָגט וועגן אַ גרויסע געריר טקייט, וועגן אַ טיף געפיל.

וואַראַניקידזע האָט דערפילט, אַז שמעון טראַכט איצט וועגן אים. ער איז געוואָרן אומרואיק, גענומען אַ שטיקל ברויט אָנגעשמירט מיט מאַר־מאַלאַד און גיך געגעסן, ווי ער וואָלט געווען הונגעריק. שמעון האָט דאָס

באַמערקט און אַוועקגענומען פון אים זיין מחשבה.ביידע מענער האָבן זיך שנעל באַרואיקט.

זיי האָבן געגעסן דאָס ברויט און שמעון האָט געטרונקען פון טעפל די טיי. ווען ער האָט געענדיקט, האָט וואַראַניקידזע גענומען ביי אים דאָס טעפל און זיך אָנגעגאָסן טיי. ווען ער האָט געענדיקט טרינקען, האָט ער אויסגעשוואָנקען דאָס טעפל און ווידער אָנגעגאָסן טיי פאַר שמעונען.

שמעון האָט שוין לאַנג נישט געהאַט געטרונקען קיין טיי און איצט זי געטרונקען מיט גרויס הנאה. די מענער האָבן איצט גערעדט וועגן לאַגער. שמעון האָט דערציילט וועגן דער גניבה, וועלכע מען האָט ביי אים אויס־געפירט איידער מען האָט אים אַהער געשיקט. ער האָט נישט אויסבאַהאַלטן פאַר וואַראַניקידזע זיין חשד, אַז דער דאָרטיקער קאָמענדאַנט פונעם אונ־טער־פונקט, האָט געהאַט אַ חלק אין דער גניבה.

— וואָס? אַ חלק? ער אַליין האָט אַלץ אָרגאַניזירט. דאָס איז אַ באַ־רימטער גנב. ביי סאָבאַטשאַוון קאָן זיך אַזאַ זאַך נישט טרעפן. ער איז אַ כעסן, אָבער ערלעך ביז גאָר. ער וועט נישט אָנרירן יענעמס קיין זאַך. גנבים טרייבט ער ווי די הינט. ער באַמיט זיך זיי פּטור ווערן פון לאַגער. טאָמער געשעט אַ גניבה, וועט ער זי באַלד אָפּגעפונען. ער איז אַפילו נישט פאַראינטערעסירט אין פרויען. זיין גאַנץ לעבן איז דער לאַגער, אַז אַלץ זאָל זיין אין אָרדענונג, אַז עס זאָל גיין ווי אַ מאַשין. כ׳מיין, אַז ווען ס׳וועט זיך אַמאָל ענדיקן זיין סראָק און ער וועט דאַרפן פאַרלאָזן דעם לאַגער, וועט ער נישט וועלן. אַזוי דאַכט זיך מיר אויס.

— אָבער קאַלצאָוו פון דעם אונטער־פונקט, ווו איר זענט געווען, יענער איז אַ גנב, אַ ראַזבאַיניק. ער וועט צוגענבענען ביי יענעם דאָס לעצטע, אָן רחמנות. מען האָט אים געמאַכט פאַר קאָמענדאַנט, ווייל ער איז אַ קראַנקער. ער האָט צוגעזאָגט, אַז מער וועט ער נישט גנבענען. אָבער זאָרגט אייך נישט. ער איז שוין אויס קאָמענדאַנט. מען האָט אים שוין פון דאָרט אַראָפּגענומען. ער וועט שוין מאָרגן זיכער גיין צו אַן אַלגעמיינער אַרבעט. דאָס איז געווען וויעראַס לעצטער טאַט, איידער מען האָט זי אַוועקגעשיקט קיין וואָזשאַיעל.

ווען שמעון דערהערט פון וואַראַניקידזעס מויל דעם נאָמען „וויעראַ", קומט אים דאָס גאַנצע בלוט אין פנים אַריין. ער קאָן נישט אויסבאַהאַלטן פאַר אים זיין צעטומלטקייט. ער גיט אַ טראַכט, אַז דינה ווייסט זיכער אין וואָס פאַרא אומשטענדן מען האָט אים געכאַפּט מיט וויעראַן — און וויל אין דער רגע ערגעץ פאַרזונקען ווערן, נישט ווערן.

וואַראַניקידזע פאַרשטייט, אַז ער איז באַגאַנגען אַ פעלער. ער שטעלט זיך אויף, וויקלט איין דאָס איבערגעבליבענע ברויט אין דעם ווייסן שטיקל לייוונט, זאָגט צו שמעונען — באַהאַלט עס אויף שפּעטער, כ׳וועל אייך ברענגען מיטאָג — און גייט אַרויס.



ווען שמעון בלייבט אַליין, פאַרווילט זיך אים ווידער עסן. ער ווייסט, אַז ער איז נישט הונגעריק, אָבער ער ברעכט אָפּ אַ שטיקל ברויט, שמירט עס אָן מיט מאַרמאַלאַדע און עסט. ער עסט פון נערוועזיטעט, פון אויפ־געברויזטקייט.

סיי־ווי, טראַכט ער, קאָן מען נישט אָפּקומען פאַר קיין באַגאַנגענע זינד. אָפילו די גרעסטע שטראָף קאָן נישט אָפּמעקן, צו־נישט מאַכן אַן אָפּגעטועגעם שלעכטן טאַט. דאָס וואָס מען האָט אָפּגעטאָן, קאָן מען נישט צוריקטאָן. אין דעם ליגט די נקמה פון זינד, וואָס זי אַליין, די זינד אַליין, טראָגט אין זיך די שטראָף. די זינד ווערט אַ חלק פונעם זינדיקן, אַ חלק פון זיין גוף און פון זיין נשמה. ער קאָן זיך שוין פון דעם קיינמאָל נישט באַפרייען. חרטה און תשובה העלפן דעם זינדיקן, ער זאָל קאָנען לעבן און עקזיסטירן, ווערן אָפילו אַ גערעכטער מענטש, אַ רעכטפאַרטיקער, אַן אָפּגעהיטענער אויף להבא, אָבער זיין עבר איז אַ זינדיקער און בלייבט אַ זינדיקער. חרטה און תשובה טעמפּן אָפּ די שאַרפקייט פון די זינד, נייטראַליזירן זייער סם, אָבער דער עצם פאַקט פון זינד בלייבט אין דעם מענטשן אויף זיין גאַנץ לעבן.

שמעון איז מיד פון דעם וועג און פון דער זאַטקייט. ער וויל זיך אויסשליסן פון דעם גאַנצן אַרום, פון אַלע פראַגעס, וואָס מאַטערן אים. ער קאָן גוט די מלאכה פון אויסשליסן זיך, ער איז אַ מייסטער פון עלימי־נאַציע. נאָך אין דער היים, ווען ער האָט געהאַט פון עפּעס עגמת־נפש, ווען עפּעס האָט אים שטאַרק געקוועלט, האָט ער געקאָנט זיין מוח, ווי אַן אַפּאַראַט, אויסשליסן פון איין פּונקט און איבערשליסן אין אַן אַנדערן פּונקט, שטענדיק לויט זיין ווילן. אויך איצט געלינגט דאָס אים. ער שטעלט אויף דעם קאָלנער פון בושלאַט, פאַרשטעלט זיך דאָס מויל, נישט איינצו־אָטעמען די קאַלטע לופט, וואָס הערשט אין איזאָלאַטאָר, אָטעמט מיטן ביסל אָנגעוואַרעמטער לופט, וואָס גייט אַרויס פון זיין מויל און פאַרהאַלט זיך ביים אויפגעשטעלטן קאָלנער פון בושלאַט — און ער שלאָפט גיך און טיף איין.



און ווידער סקריפּעט דער שלאָס ביי דער טיר, אָבער שמעון הערט נישט. ערשט ווען וואָראָניקידזע שטייט איבער אים און רופט אים הויך — דאָקטאָר! דאָקטאָר! — כאַפּט ער זיך אויף.

וואָראָניקידזע האָט געבראַכט מיטאָג פאַר שמעונען. אַ סטאַכאַנאָווסקע מיטאָג. שמעון קוקט אויף דער שיסל מיט דער פעטער זופּ, אויפן גולאַזש מיט געפּרעגלטע קאַרטאָפל — און ער צעלאַכט זיך מיט אַ משונהדיק געלעכטער, גאַרנישט לויט זיין שטייגער לאַכן. וואָראָניקידזע שטעקט זיך אָן מיט זיין פריילעכקייט. פּלוצים דערפילט שמעון הונגער, ווי ער וואָלט שוין נישט געגעסן ווער ווייס ווי לאַנג, און הויבט אָן צו עסן דאָס מיטאָג מיט גרויס אַפּעטיט.

ס'דערמאָנט זיך אים, אַז ווען ער האָט אויפגעהערט צו פאַסטן אום יום־כיפור, פלעגט ער דעם טאָג האָבן אַן אויסערגעוויינטלעכן אַפּעטיט. ער פלעגט אין יום־כיפּור עסן דאָפּלט, ווי אין די געוויינלעכע טעג. ס'פלעגט אים אין דעם טאָג באַפאַלן אַ ווילדער חשק צום עסן.

אייגנטלעך איז היינט ביי אים אויך יום־כיפּור, אַזוי האָט ער לפּחות געמיינט, ווען עס זיין. נאָך מער, די צען טעג, וועלכע ער דאַרף בלייבן אין איזאָלאַטאָר, האָט ער פאַרגליכן צו די עשרת־ימי־תשובה. שמעון האָט געשטאַמט פון אַ רעליגיעזער היים — און די רעליגיעזע סימבאָלן אָפּט איבערגעטראָגן אויף וועלטלעכע ענינים, אָפּט זיך באַנוצט מיט זיי צו פאַרשידענע פאַרגלייכן. אַזוי אויך איצט. ווי נאָר דער קאָמענדאַנט סאָבאָ־טשאָוו האָט אויסגעשריגן — צען טעג איזאָלאַטאָר! — האָט שמעון אין זיך, אין דער שטיל געזאָגט — עשרת ימי תשובה.

איצט זעט ער, אַז קיין תשובה וועט ער שוין נישט טאָן. מען לאָזט אַפילו דאָס אויך נישט. זיצט ער און עסט דאָס סטאַכאַנאָווסקע מיטאָג — און וואָראָניקידזע זיצט אויף אַ דערבייאיקער נאַרע און שעפּט נחת פון זיין קעסט־קינד.

— דינה האָט פאַר אייך צוגעגרייט אַ טשאַיניק מיט טיי, אָבער איך האָב נישט געקאָנט מיט איין מאָל אַלץ פאַרנעמען. ווען כ'וועל צוריק־טראָגן די כלים, וועל איך אייך ברענגען די טיי.

געהערט דעם נאָמען „דינה”, דערמאָנט זיך פּלוצים שמעון אין די תפילין זיינע, וועלכע ער האָט איבערגעלאָזט ביים דניעוואַלני פון גרויסן באַראַק. עפּעס פילט אים אָן מיט צופרידנקייט דער פאַקט, אַז ער האָט איבערגעלאָזט דאָ אַ זאַך, וואָס פאַרבינדט אים אַזוי טיף און שטאַרק מיט

יידישקייט. איז דינה פאַרלוירן געגאַנגען, זאָל ער כאָטש האָבן די תפילין. ער פאַרשטייט נישט קלאָר דעם שייכות צווישן זיי, דינהן און די תפילין, אָבער ער בעט וואָראָניקידזען אַריינגיין צום דניעוואָלני פון גרויסן באַראַק און זאָגן אים, אַז ער, שמעון, פרעגט אים וואָס איז מיט זיינע תפילין?

שוין אַ לענגערע צייט פאַר דער מלחמה, האָט שמעון נישט געלייגט קיין תפילין. אָבער זייט זיין מוטער האָט זיי אים אַריינגעבראַכט פון דער ספרים־שאַנק, זייט זיין כלה האָט אַרויסגענומען עטלעכע שטיקלעך וועש און אויף זייער אָרט אַריינגעלייגט אים אין רוק־זאַק אַריין די תפילין אין דער נאַכט ווען ער האָט זיי פאַרלאָזט, זענען די תפילין געוואָרן אַ טייל פון אים אַליין, אַ טייל פון זיין איך און פון זיין גורל.

וואָראָניקידזע פרעגט זיך — וואָס איז דאָס אַזוינס תפילין. שמעון ענטפערט אומגעדולדיק — וואָס איז דאָס וויכטיק? פרעגט זיך נאָר וואָס איז מיט זיי.

וואָראָניקידזע שרייבט זיך אויף דאָס וואָרט „תפילין" אויף אַ צעטעלע און זאָגט שמעונען צו, אַז ווען ער וועט אים ברענגען די טיי, וועט ער אויך ברענגען דעם ענטפער פון דעם דניעוואָלני.

שמעון בלייבט ווידער אַליין. ער איז אָנגעגעסן, איבערגעגעסן. אַ שלעכט געפיל. אין איזאָלאַטאָר הויבט אָן ווערן גאָר טונקל. פון אומע־טום קומען אַרויס שאָטנס. שמעונען דאַכט זיך, אַז ער זעט שאָטנס פון מענטשן. אפשר זענען דאָס שאָטנס פון די מענטשן, וועלכע מען האָט פון דאַנען אַרויסגעפירט צו דער אַרבעט און מען דאַרף זיי באַלד צוריק־ברענגען אַהער? שמעונס אויגן ווערן פול מיט זיי. ס'ווערט אים וואָס אַ מאָל ענגער. צי קאָנען שאָטנס דערדריקן אַ מענטש אויף טויט? — פאַלט אים איין אָן אַנגסטיקער געדאַנק. ער פילט, אַז עפּעס דריקט אים אויפן האַרץ־ברעטל, דער עיקר אין דעם גריבעלע אונטערן בריקל. מיט אַ מאָל ווערט אים שטאַרק ענג און איבלדיק. ער באַווייזט קוים צוצולויפן צו דער פּאַראַשע און גיט צוריק דאָס גאַנצע סטאַכאַנאָווסקע מיטאָג מיט איין מאָל.

ס'קומט ווידער אַריין וואָראָניקידזע. אין איין האַנט אַ טשייניק און אין דער צווייטער אַ קאָץ. ער זעט ווי שמעון שטייט איבער דער פּאַראַשע און ווישט זיך דאָס מויל מיט אַ טיכעלע.

— אויסגעבראָכן דאָס עסן, אָן עבירה. זעטס נאָר, ווי איידל דאָס איז! דאָקטאָר, איר ווישט זיך דאָס מויל געני מיט אַזעלכע באַוועגונגען, ווי מיין דינה.

— ליבער חבר, לאָזט אָפּ, כ'בעט אייך, רעדט נישט.

וואָראָניקידזע ווייסט נישט פאַרוואָס דאַרף ער נישט רעדן און פאַר־וואָס זאָגט דאָס אים שמעון מיט אַ געבעט. אָבער ער שווייגט. ער גיסט אָן שמעונען אַ גלאָז טיי, הייסט זיך אים אָוועקלייגן און דעקט אים איבער מיטן קאָץ.

פּלוצים דערמאָנט זיך שמעון, אַז ער האָט געבעטן וואָראָניקידזע געוואָר צו ווערן וועגן זיינע תפילין. ער ווערט מיט אַ מאָל אומרואיק דערפון וואָס וואָראָניקידזע זאָגט אים גאָרנישט וועגן דעם. ער זעצט זיך האַלב־אויף און פרעגט — נו, וואָס איז מיט דעם, וואָס כ׳האָב געהאָט ביים דניעוואַלני ?

— אַ, דאָס צו מאָדליען זיך ? — זאָגט וואָראָניקידזע האַלב אין שפּאַס

— דאָס איז שוין נישטאָ.

— וואָס הייסט ?

— דער דניעוואַלני האָט מיר דערציילט אַזאַ געשיכטע. איין מאָל איז אַריינגעפאַלן אין מיטן טאָג, ווען קיינער אַ חוץ אים איז נישט געווען אין באַראַק, סאַבאַטשאַוו — און אים באַפוילן זיך צונויפנעמען מיט אַלע זאַכן און גיין אויף דער וואַך. דער דניעוואַלני איז געווען זיכער, אַז מען שיקט אים איבער אין אַ לאַגער פאַר אינוואַלידן, ווייל אַ קורצע צייט פאַר דעם, האָט ער זיך געהאַט באַקלאָגט פאַרן דאָקטאָר אויף זיין שוואַכן געזונט. דער דניעוואַלני האָט געהאַט צוויי גרויסע וואַליזעס מיט זאַכן. איינע זיין אייגענע און די צווייטע פון זיין איידעם, מיט וועלכן ער איז אָנגעקומען צוזאַמען ביז אוסט־ווים און דאָרט האָט מען זיי פאַרן אָוועקשיקן צעטיילט. מען האָט זיי געשיקט אין צוויי באַזונדערע לאַגערן. דעם איידעם האָט מען איינגעגלידערט אין אַ טראַנספּאָרט אין דער לעצטער רגע פאַרן אָפּפאָרן. דאָס איז געמאַכט געוואָרן אין אַזאַ בהלה, אַז ער האָט פאַרגעסן, צי נישט באַוויזן, מיטצונעמען זיין וואַליזע זאַכן און דער שווער איז געבליבן מיט ביידע וואַליזעס .

— דאָס אַלץ ווייס איך, דערציילט וואָס איז געשען.

— אָט דערצייל איך. ווען סאַבאַטשאַוו האָט אים געהייסן מיט די זאַכן גיין אויף דער וואַך, האָט זיך דער דניעוואַלני קוים דערשלעפּט אַהין מיט די צוויי שווערע וואַליזעס. דאָרט האָט מען זיי געעפנט און אין איינער פון זיי געפונען די תפילין. פון די צוויי וואַליזעס מיט זאַכן האָט מען גאָרנישט צוגענומען, נאָר די תפילין, וועלכע סאַבאַטשאַוו מיט אַ סטריעלאָק האָבן מיט טאַשן־מעסערלעך צעשניטן אויף קליינע פּיצלעך. דערנאָך האָט מען דעם דניעוואַלני געהייסן צונויפנעמען די זאַכן און צוריקגיין אין באַראַק. שמעון איז געוואָרן אינגאַנצן פאַרענדערט פון דער ידיעה. ער האָט

געפילט, אַז ס׳קאָן געשען מיט אים אַ שלעכטע זאַך. ער האָט זיך פאַר זיך אַליין דערשראָקן. וואָס איז געשען מיט מיר — האָט ער געפרעגט זיך אַליין און ווערטער. עפּעס האָט אים אונטערגעזאָגט, אַז דאָס איינציקע מיטל צו ראַטעווען זיך פון דער לאַגע — איז טראַכטן וועגן דעם, טראַכטן לאַגיש, געזעצלעך.

וואָראָניקידזע דערפילט, אַז מיט שמעונען טוט זיך עפּעס. ער פאַרשטייט, אַז דאָס ריכטיקסטע איז איבערלאָזן אים אַליין. — כ׳מוז שוין גיין. די בריגאַדעס דאַרפן באַלד צוריקקומען פון וואַלד — זאָגט ער, ווי ער וואָלט זיך פאַר עפּעס פאַרענטפערט.

שמעון איז צופרידן, וואָס ער גייט אַוועק. ער וויל זיין אַליין. ער נעמט ווידער טראַכטן וועגן זיינע תפילין.

פאַר אים איז קלאָר, אַז דאָס איז געווען אַ מסירה. וואָרעם מען האָט דעם דניעוואַלני איבערגעלאָזט אויף זיין פרי׳ערדיק אָרט און פון די צוויי איבערגעפּולטע מיט זאַכן וואַליזקעס, האָט מען גאָרנישט צוגענומען, נאָר די תפילין.

אַ חוץ דעם דניעוואַלני, האָבן וועגן די תפילין געוווּסט סאַמעק און דינה. סאַמעק, ווייל פון דער ערשטער רגע ווען ער האָט זיך צונויפגעטראָפן מיט שמעונען, געפּאַרעט ביי זיינע זאַכן. דינהן האָט שמעון אַליין דערציילט וועגן דעם, אָבער ער געדענקט איצט נישט, ביי וואָס פאַרא געלעגנהייט דאָס איז געווען.

איז דאָס מעגלעך, אַז דינה זאָל האָבן געמסרט? צי האָט זי וועגן די תפילין דערציילט סאַבאַטשאָוון? צי האָט זי זיך אַמאָל נישט געטראַכט, אַז מיך האָט דאָס צדיקל נישט פאַרהיטן פאַר פרעמדע הענט, אָבער די תפילין היט ער יאָ אָפּ, און ווען ער איז געפאָרן מיט דער ״שיינער גויע אויפן אונטער־פּונקט, האָט ער די תפילין באַזאָרגט, זיי זאָלן בלייבן אין יידישע הענט.

שמעון וואַרפט גיך אָפּ דעם דאָזיקן געדאַנק. ער איז אויך נישט לאָגיש, וואָרעם דינה האָט טאַקע געוווּסט, אַז ער האָט אַ פּאָר תפילין, זי האָט דאָך אָבער נישט געוווּסט, אַז ער האָט זיי פאַרן אַוועקפאָרן איבערגעלאָזט ביים דניעוואַלני.

סאַמעק דאַקעגן האָט געוווּסט דערפון, ווייל ער האָט צוגעהאָלפן שמעונען בעתן פאַרפּאַקן די זאַכן פאַרן אַוועקפאָרן. ער האָט געזען ווי שמעון נעמט זיי אַרויס פון רוק־זאַק, פּאַקט זיי איין אין אַ פּאַפּיר און האָט אים אפילו געזאָגט, אַז ער טראָגט זיי אַוועק צום דניעוואַלני פון גרויסן באַראַק.

זאָל סאַמעק האָבן דאָס דערציילט דינהן און זי זאָל דאָס האָבן דער־ציילט סאָבאַטשאָוון ? ניין, נישט מעגלעך! — שרייט ער אויס אויפן קול.

זיין חשד פאַלט אויף סאַמעקן. קאָן זיין, אַז סאַמעק, וועלכער איז פון אַ גאַנצן מאַכער אין דער קיך, געצוווּנגען געוואָרן וואַשן ברודיקע וועש, געווען אין כעס אויף שמעונען, וואָס זייט ער איז אָוועקגעפאָרן אויפן אונטער־פּונקט, האָט ער זיך אינגאַנצן מיט אים נישט אינטערעסירט.

אָבער אויך דעם חשד יאָגט פון זיך שמעון. ער, ער אַליין איז דער שולדיקער און זעט נישט פאַר זיך קיין שום רעכט צו זיין דער באַ־שולדיקער פון אַנדערע.

ס'איז אַ שטראָף פון גאָט, לויפט אים אַדורך אַ געדאַנק. וועגן גאָט האָט ער שוין לאַנג נישט געהאַט געטראַכט. ווען וואַראַניקידזע האָט אים אין דינהס נאָמען געבראַכט עסן און אַ קאַץ, האָט שמעון געמיינט, אַז ער וועט נישט האָבן די מעגלעכקייט אָפּצוקומען פאַר דער באַגאַנגענער זינד. איצט האָט ער געזעען דעם אָנהויב פון שטראָף, און ווי אַ געמישפּטער וואַרט מיט שפּאַנונג אויפן אורטייל, וואָס דאָס געריכט וועט אַרויסטראָגן קעגן אים — אַזוי האָט שמעון געוואַרט מיט שפּאַנונג אויף דער ווייטער־דיקער שטראָף וואָס דאַרף אויף אים קומען.



פון די שאָטנס אין איזאָלאַטאָר איז געוואָרן איין געדיכטע שוואַרצע מאַסע, אַן אומבאַוועגלעכע, אַ שוואַרצע, קאַלטע מאַסע. שמעונען אַליין הויבט אָן ווערן וואַרעם. ער ליגט אין דער פּופּייקע און אין דעם בושלאַט און אַרומגעוויקלט מיטן קאַץ, אָבער ווען ער שטרעקט אויס אַ האַנט, פּילט ער ווי אַרום איז קאַלט. קאַלט און שוואַרץ איז אַרום, ווי ער וואָלט געווען אַרומגעלייגט מיט שוואַרץ אייז.

מיט אַזאַ פיינלעך געפיל דרימלט ער איין. האַלב אויף דער וואָר און שוין האַלב אין חלום, דאַכט זיך אים אויס, אַז ער ליגט אין אַ טרומנע פון אייז. ער ווייסט נאָר נישט, ווער איז דאָ דער טויטער, ער, וואָס איז דאָך וואַרעם, אָדער דער גאַנצער קאַלטער אַרום.

פון דעם האַלב־באַוווסטזיניקן מאַטערנדיקן געדאַנק רייסט אים אַרויס אַ גערויש ביי דער טיר. ס'קומען אַריין עטלעכע אַרעסטאַנטן, אַפּנים פון אַ בריגאַדע וואָס איז אָנגעקומען פון דער אַרבעט און די עטלעכע מענטשן, וואָס זענען איצט דאָ אַריינגעקומען, האָבן אָפּצוזיצן אַ געוויסע צאָל נעכט אין איזאָלאַטאָר. זיי לאָזט מען באַלד נישט אַריין

אין דער זאַנע, נאָר פון דער אַרבעט פירט מען זיי דירעקט אַריין אַהער.

דער קאָמענדאַנט פון איזאָלאַטאָר צינדט אָן אַ קליין קאַגאַניקל ביי דער טיר. אין דעם קאַרגן ליכט דערקענען די אַרעסטאַנטן שמעונען, דעם דאָקטאָר. — דאָקטאָר, וואָס טוט איר דאָ ? ! ווי קומט איר אַהער ? !

אָבער באַלד פאַלט זייער בליק אויפן קאָץ, מיט וועלכן ער איז אַרומגעדעקט. זיי זעען אויך דעם קאָלנער פון זיין בושלאַט. זיי ווייסן, אַז אין איזאָלאַטאָר מעג מען האָבן אָדער דעם בושלאַט, אָדער דעם קאָץ. זעען זיי שוין אין אים אַ פּריווילעגירטן. זייערע בליקן טוישן זיך גיך, פון רחמנות אויף קנאה.

מען ברענגט אַריין אָן עמער מיט זופּ. דאָס איז פאַר די וואָס זענען שוין אין איזאָלאַטאָר און פאַר די אַרעסטאַנטן, וועלכע דאַרפן ערשט אָנ־קומען מיט זייערע בריגאַדעס, צו וועלכע זיי זענען צוגעטיילט. די זופּ, דאָס איז די צווייטע טייל שטראָף־פּאַרציע, וואָס יעדער אַרעסטאַנט פאַר־משפט אויף איזאָלאַטאָר באַקומט. אין דער פרי — דריי הונדערט גראַם ברויט און אַ זופּ און ביינאַכט אַ זופּ. די זופּ באַשטייט פון וואַסער מיט אַ ביסל קליינטשיקע, שוואַרצע אַרבעסלעך. מער גאָרנישט. שמעון זאָגט זיך אָפּ פון זיין פּאַרציע. ער צעטיילט אויך דאָס ברויט מיט דער מאַר־מאַלאַדע, וואָס איז אים פאַרבליבן איינגעוויקלט אין ווייסן שטיקל לייוונט.

ס'קומען אָן אין איזאָלאַטאָר אַרעסטאַנטן פון די בריגאַדעס, וואָס זענען שפּעטער געקומען פון דער אַרבעט. זיי עסן דאָס ביסל זופּ, וואָס איז דערווייל קאַלט געוואָרן. שמעון באַדויערט, פאַרוואָס ער האָט דאָס ברויט נישט איבערגעלאָזט פאַר זיי. אים דאַכט זיך אויס, אַז די איצט געקומענע זענען מער באַעוולט פון די וואָס זענען געקומען פריער. און ווידער קומען צו אין איזאָלאַטאָר אַרעסטאַנטן פון בריגאַדעס, וואָס זענען נאָך שפּעטער געקומען פון דער אַרבעט. שמעון באַדויערט איצט, פאַרוואָס ער האָט דאָס ברויט נישט איבערגעלאָזט פאַר די איצט געקומענע. וואָס שפּעטער די אַרעסטאַנטן קומען אין איזאָלאַטאָר, אַלץ מער באַדויערט זיי שמעון.

ס'שטילט זיך איין, די אַרעסטאַנטן לייגן זיך אויף די נאַרעס. דער הונגער לאָזט נישט איינשלאָפן. ווען די מענטשן הייבן אָן איינדרימלען, עפנט זיך ווידער די טיר און מען פירט ווידער אַריין אַרעסטאַנטן. דאָס זענען אַזעלכע, וואָס האָבן זיך היינט ביי דער אַרבעט פאַרזינדיקט און די לאַגער־מאַכט האָט זיי צוגעפּסקנט איזאָלאַטאָר. דער קאָמענדאַנט ברענגט זיי פון די באַראַקן, פון וואַנען ער האָט זיי, שוין שלאָפנדיקע, אַראָפּגע־שלעפּט פון די נאַרעס.

אין איזאָלאַטאָר איז נישט פאַראַן אַזוי פיל אָרט אויף די נאַרעס עס זאָל סטאַיען פאַר אַלע. מוזן זיך טייל פון זיי, פון די וועלכע מען האָט געבראַכט פון די באַראַקן, לייגן אויפן ליימענעם, פאַרפרוירענעם דיל. זיי פאַלן פון די פיס. זאָל זיין אויפן דיל — אַבי ליגן.

שמעון רוקט אַזוי איבער דעם קאָץ, מיט וועלכן ער איז צוגעדעקט, אַז זיין שכן וואָס ליגט לעבן אים אויף דער נאַרע זאָל אויך זיין אַ ביסל צוגעדעקט. ווען שמעון שלאָפט איין, טוט זיין שכן שוין אין שלאָף אַראָפּ־ציִען פון אים דעם קאָץ און דעקט זיך מיט אים איינגאַנצן אָרום. אַ באַ־הערשטער פון דער וואָרעמקייט, ווי פון שיכרות, וואָס שפּאַרט פון אים אַרויס אומבאַוווסטזיניק, מאַכט שמעונס שכן ביים אַרומדעקן זיך אַ ריי געשיקטע באַוועגונגען, וועלכע אַ זייטיקער אָבסערוואַטאָר, ווען ער וואָלט דאָס גראָד געזען, וואָלט זיי זיכער אָנגענומען פאַר צילבאַוווסט־זיניקע.

דערנאָך טוט דער שכן וואָס שלאָפט נעבן שמעונס שכן, אַראָפּציִען פון יענעם דעם קאָץ און אַ שלאָפנדיקער וויקלט ער זיך אין אים איין מיט די זעלבע געשיקטע באַוועגונגען וואָס יענער. און אַזוי כסדר וואַנדערט דער קאָץ אַ גאַנצע נאַכט פון מענטש צו מענטש, ווי ער וואָלט געוואָרן באַוועגט פון אַ סאָמנאַמבולישן כוח, כאָטש דורך דעם פענצטערל אין איזאָלאַטאָר, וואָס איז פאַרשטאָפּט מיט שמאַטעס, שיינט קיינמאָל די לבנה נישט אַריין.



פאַרטאָג טוט דער אייזערנער לאָם אַ זעץ אין דער דיקער שינע צוגע־קלאָפּט צו אַ האָלצערנעם באַלקן. דאָס געשטעל פון באַלקן און שינע זעט אויס ווי אַ תליה.

אַ טעמפּער געהילעך טראָגט זיך איבער דער זאָנע. זיין אייזערנער פּיסק דרעזגעט לאַנג און מיט כעס דאָס וואָרט: פּאַדיאָם!!! (אויפשטיין).

דער געהילעך דערטראָגט זיך אויך דאָ אַהער, אין איזאָלאַטאָר. יעדער פון די איבער דריי צענדליק אַרעסטאַנטן, וואָס געפינען זיך דאָ, הויבן זיך אָן וועקן. יעדער פון זיי פילט, ווי ער וואָלט אַ לאַנגע צייט געלעגן צוגעדריקט אונטער אַ שווערער משא. נישט אַז ער איז געלעגן אויף דער האַרטער נאַרע, צי אויפן ליימענעם, פאַרפרוירענעם דיל, נאָר אַז די האַרטע נאַרע, צי דיל איז געלעגן אויף אים, געדריקט אויף אים. די מענטשן פילן נישט קיין איין גאַנץ אבר, ווי הענט און פיס און דער קאָרק וואָלטן

געוועז ביי זיי צעבראָכן, צי אויסגעלענקט. זיי שרייען פון ווייטיק, קרעכצן מיט וואַיענדיקע קרעכצן ווי סעניִלע זקנים אין אַ שפּיטאָל.

אַלע זענען אַדורכגעפרוירן ביזן מאַרך פון די ביינער. שמעון הויבט זיך אויף איינגאַנצן אַ פאַרשטייפטער פון קעלט. ער קוקט זיך אַרום און זעט זיין קאָפּ ליגן ערגעץ אויף דער נאַרע אין דער צווייטער זייט פון איזאָלאַטאָר. ער פאַרשטייט, אַז מען האָט פון אים ביינאַכט דעם קאָפּ אַראָפּגעצויגן.

מען ברענגט די זופּ און פאַרציעס ברויט צו דריי הונדערט גראַם. שמעון נעמט זיין שטיקל ברויט, וואָס איז נאַס און קלעפּיק, און לייגט זיך עס אַריין אין קעשענע. די זופּ עסט ער נישט.

ער וואַשט זיך אַ ביסל אַרום דאָס פּנים. זיין מוח איז פאַרנעפּלט און אַלץ אַרום טינקט זיך אין אַ געדיכטן נעפּל. אַפילו די מענטשן וואָס זענען מיט אים אין איזאָלאַטאָר האָבן פאַרנעפּלטע פּנימער. ער אונטערשיידט זיי נישט, כאָטש ער קען די מענטשן. ער זעט פאַר זיך איין גרויסע גרוי־מאַסע פון פאַרוויטיקטקייט און יאוש.

ווען מען לאָזט אים כאָטש איבער אין איזאָלאַטאָר, טראַכט זיך שמעון, וואָלט ער זיך איינגאַנצן אַריינגעטאָן אין מצב פון די מענטשן פונעם איזאָלאַטאָר. אויב יאוש האָט אַ פּנים, איז עס דאָס פּנים פון די מענטשן, וועלכע ער זעט איצט אינעם נעפּל. אַלע האָבן זיי וואָסערדיקע אויגן, אַלע גרויע פּנימער און אַלע זענען זיי באַוואַקסן מיט שטעכעדיקע בערד, ווי ביי אבלים.

ס'קומט אַריין דער קאָמענדאַנט און פירט זיי אַלע אַרויס אין דרויסן. דורך די אויסגעפרוירענע לייבער זייערע רייסט זיך גיך אַדורך דער פראָסט, דערגייט צום סאַמע האַרץ און קלעמט עס. עטלעכע פון די מענטשן האַלטן נישט אויס און צעווייגען זיך הויך. דאָס איז נישט קיין מענטש־לעכער געוויין, נאָר ווי דער געוואָי פון בהמות, וועלכע מען פירט צו דער שחיטה.

ס'הערן זיך קלאַנגען פון מוזיק. ס'עפנט זיך דאָס געלע טויער פון דער זאָנע. די בריגאַדעס הויבן אָן אַרויסגיין. די וואַך ציילט די אַרעסטאַנטן און דער בריגאַדיר און דיעסאַטניק שרייבן זיך אונטער. דער פראָסט איז אַ גרויסער. די בריגאַדעס זענען נישט געהיטן פון קיין סטריעלקעס, דער פראָסט היט זיי, ער ברענגט זיי יעדן אָוונט צוריק אין לאַגער אַריין. דאָס אונטערשרייבן זיך פון דיעסאַטניק און בריגאַדיר איז אַ ריין פאָר־מעלע זאַך.

יעדעס מאָל, ווען ס'באַווייזט זיך אין לאַגער־טויער אַ בריגאַדע, גייט

סאַבאַטשאַוו צו צו דער גרופּע אַרעסטאַנטן וואָס איז געקומען פון איזאָ־לאַטאָר, און נעמט אָן מיט זיינעביידע, שטאַרקע ווי אייזן הענט, איינעם פון זיי ביי די אָרעמס. אַזוי האַלטנדיק יענעם ביי די שוואַכע אָרעמס, שטעלט ער אים אַריין צווישן אַנדערע אַרעסטאַנטן פון דער בריגאַדע. ער שטעלט אים נישט אַוועק, נאָר שטעלט אים אַריין, און מאַכט דערביי אַזעלכע באַוועגונגען ווי ער וואָל יענעם אַריינגעגראָבן אין דער ערד, ווי מען טוט דאָס מיט אַ סלופּ, צי מיט אַ בוים.

די אויסגעהונגערטע, פאַרמאַטערטע, דורכגעפרוירענע אַרעסטאַנטן פון איזאָלאַטאָר, פאַלן איבער סאַבאַטשאַוס מעכטיקע הענט. ער האַלט זיי פעסט ביי די אָרעמס און זיין פּנים איז אויסגעקרימט מיט אַ גרימאַסע פון עקל. ער מיאוסט זיך מיט די מענטשנס שוואַכקייט, מיט זייער שלאַב־ריקייט, ער שלעפּט זיי גיך, ווייל פון זיי וואָס שנעלער פּטור ווערן. דערביי הערט ער נישט אויף זיי צו זידלען אין דער מאַמען אַריין.

אַזוי שטעלט ער אַריין די אַרעסטאַנטן וואָס זענען געקומען פון איזאָ־לאַטאָר יעדן אין זיין בריגאַדע, צו וועלכער ער איז צוגעטיילט.

ס׳באַווייזט זיך די בריגאַדע פון יידישן בריגאַדיר מאַניעק מיט זיין דיעסאַטניק. ווען זיי שרייבן זיך אונטער ביי דער וואַך, גייט סאַבאַטשאַוו צו צו שמעונען, נעמט אים מיט זיינע הענט ביי די אָרעמס. פון זיין מויל רייסט זיך אַרויס דאָס ערשטע וואָרט פון דער געמיינער זידלערייי אין דער מאַמען, אָבער ער האַקט שנעל אָפּ. ער פירט שמעונען גיך צו און גלידערט אים איין אין מאַניעקס בריגאַדע. מאַניעק קוקט אויף שמעונען מיט ביטול, מיט חוזק.

ווען סאַבאַטשאַוו נעמט אָן שמעונען ביי די אָרעמס, האָט שמעון דאָס געפיל ווי מען וואָלט אים געשמידט אין קייטן. אַלע פּחדים באַפאַלן אים מיט איין מאָל. ער קריגט מורא פאַר די גרויסע שטחים, וועלכע ער זעט פאַר זיך, פאַר דער אומגעהויערער מענגע שניי, וואָס פאַרדעקט אַלץ אַרום, פאַר דעם הימל, וואָס איז גרויס ווי אַ ים און איז פול מיט געדיכטע וואָלקנס ווי מיט ברויזנדיקע כוואַליעס. דאָס אַלץ אַרומיקע, צו וועלכן ער איז שוין געווען צוגעוווינט און אַפילו געזען טיילמאָל די שיינקייט דערפון, אַנט־דעקט זיך פאַר אים פּלוצים אין זיין גאַנצער מאָומדיקייט, אין זיין דער־שיטערנדיקער גרויזאַמקייט.

מאַניעקס בריגאַדע פאַרנעמט זיך רעכטס און גייט אַרויף אויף דער ליעזשניאַוקע, דער וועג פון נישט־געטעסעטע ביימער. די ליעזשניאַוקע איז געלייגט געוואָרן ספּעציעל פאַר די לאַסט־מאַשינען, וואָס פירן דאָ האָלץ אויף ווייטע דיסטאַנסן. דער שניי איז דאָ פון די רעדער פון די

מאַשינען צוגעפּרעסט און איז גליטשיק. די נישט געטעסעטע ביימער פאַרגרעסערן נאָך די גליטשיקייט.

שמעון טוט ביי יעדערע פאַר טריט שיעור זיך נישט אויסגליטשן. מיט אַלע כוחות דערהאַלט ער זיך קוים אויף די פיס נישט אומצופאַלן. ער איז פול מיט פחד. ער האָט נישט געגוג שטאַרקע ביינער. שוין פיר מאָל האָט ער ביים פאַלן, דאָ צעבראָכן אַ האַנט, דאָ אַ פוס. ערשט מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט ער ביים פאַלן צעבראָכן ביידע ביינער פון רעכטן פוס.

ווען ער טוט זיך אַ גליטש און דערשרעקט זיך, הויבט אים אָן שטעכן ווי מיט שפּילקעס אין אונטערשטן טייל בויך. פון דאַנען גייט דאָס שטעכן וואָס אַ מאָל העכער ביז עס דערגייט צום קאָפּ. די האָר ווערן אים שטייף ווי דראָטן און דער גאַנצער קאָפּ טונקט זיך אין שווייס.

בכדי צו נייטראַליזירן די שרעק, זינגט שמעון פאַרשידענע נאַרישע לידלעך, וועלכע ער האָט געהערט אין די קינדער יאָרן. די מענטשן וואָס גייען לעבן אים קוקן אים אָן מיט פאַרוווּנדערונג און טראַכטן זיך, אַז דער דאָקטאָר איז אַראָפּ פון זינען.

עטלעכע קילאָמעטער ציט זיך דער וועג מיט דער ליעזשניאָווקע ביז די בריגאַדע קומט אָן צום אַרבעטס־אָרט. אַלע זענען פאַרפּייניקט פון דעם וועג. אָבער מאַניעק יאָגט. ער שרייט, באַפעלט, צעשטעלט די בריגאַדעס, באַשטימט יעדן מענטש זיין אַרבעטס־אָרט, דערביי זשאַלעוועט ער נישט קיין קללות און געמיינע רייד. שמעון שטייט די גאַנצע צייט אין אַ זייט. מאַניעק טוט אַפילו נישט קיין בליק אויף אים. ער שטייט, שמעון, ווי אַ יינגל וואָס האָט זיך פאַרזינדיקט און וואַרט אויף זיין פסק.

ענדלעך גייט מאַניעק צו צו אים. ער גייט צו נאָענט, צו נאָענט. דראָענדיק נאָענט. ער איז פול מיט כעס. פול מיט צאָרן. ער רופט זיך אָן צו שמעונען: — כ'ווייס אַז איר זענט אַ דאָקטאָר. אָבער פאַר מיינעטוועגן קאָנט איר אַפילו זיין אַ פּראָפעסאָר. מיך אינטערעסירט דאָס נישט. אויב מען האָט אייך צוגעטיילט צו מיין בריגאַדע, מוזט איר אַרבעטן ווי יעדער געוויינטלעכער אַרבעטער. אויב איר האָט נישט קיין כוח, מעלדט זיך אָן צום דאָקטאָר וועט ער אייך באַפרייען. אָבער אַזוי לאַנג ווי מען האָט אייך נישט באַפרייט — מוזט איר אַרבעטן.

ער נעמט אָן שמעונען ביים אָרעם און פירט אים צו צו אַ שטאַבעל פון די סאַמע דיקסטע ביימער, פון ליסטוויענניצעס, ווו ס'וואַרט שוין אויף אים זיין שותף צו דער אַרבעט, אַ געזונטער הויכער רוס.

שמעון רעדט נישט קיין וואָרט. ער איז פול מיט עקל פון מאַניעקס טיראַדע און פון זיין צורירן זיך מיט די הענט צו אים. דער הויכער רוס

גיט אַ קוק אויף זיין שותף און זאָגט — דאַוואַי נאַטשניאָם, נו, לאָמיר אָנהויבן.

שמעון אַרבעט מיט אַלע כוחות. ער באַמיט זיך נישט אָפּצושטיין פון זיין שותף, דעם רוס. ער איז נישט זיכער, אַז יענער ווייסט, אַז ער איז אַ דאָקטאָר. אָבער ווען אַפילו שמעון זאָל וויסן אויף זיכער, אַז יענער ווייסט דאָס יאָ, וואָלט ער אויך אָנגעשטרענגט אַלע כוחות נישט צו בלייבן אונטערשטעליק אין דער אַרבעט, בכדי מען זאָל נישט זאָגן, אַז יידן אַרבעטן שלעכט און דרייען זיך אַרויס פון אַרבעט.

נעבן דעם שטאַבעל ווו זיי אַרבעטן, שטייט אַ יידישער יונגערמאַן און מאַרקעררירט די ביימער, קלאָפּט אויף זיי אויס צייכנס צו וואָס פאַראַ סאָרט זיי געהערן. ווען שמעון דאַרף מאַכן דעם גרעסטן אָנשטרענג ביים אַרויפֿ־קאַלערן דעם דיקן בוים אויף דער סאַמע העכסטער שורה פון שטאַבעל, לויפט אונטער דער מאַרקעראָוושטשיק און גיט מיט אַן אַקסל אַ שפּאַר אונטער, אַ שטויס אַרויף דעם בוים, און נעמט זיך גיך צוריק צו זיין אַרבעט.

דער רוס קריצט מיט די ציין.

— אַט די פאַרשאָלטענע יידן, איינער איז גרייט פאַרן צווייטן צו גיין אין פייער אַריין.

שמעון טראַכט מיט איראָניע, אַז אפשר מיינט מיט דעם דער רוס מאַניעקן אויך.

נאָכן אָפּאַרבעטן אַ טאָג, ווען די בריגאַדעס קומען צוריק צו דער זאָנע, וואַרט זיי אָפּ דער קאָמענדאַנט פון איזאָלאַטאָר און נעמט אַרויס פון צווישן זיי די אַרעסטאַנטן, וועלכע דאַרפן אויף ביינאַכט גיין אין איזאָלאַטאָר. צווישן אַנדערע נעמט מען אויך אַרויס שמעונען.

אים וואַרט אויך אָפּ וואַראָניקידזע און לייגט אים אַריין אין די פאַרשטייפטע הענט אַ פּעקעלע מיט עפּעס אַ קיילעכדיקע זאַך. דאָס איז אַ ברויט, צעשניטן אויף פּעניצער, באַשמירט מיט מאַרמאַלאַדע און צו־נויפגעלייגט ווי אַ גאַנץ ברויטל. שמעון קוקט אים אָן, אָבער זאָגט נישט קיין וואָרט פון דאַנק.

אין איזאָלאַטאָר זענען שוין פאַראַן אַ צענדליק אַרעסטאַנטן. ס׳איז שוין דאָרט פאַראַן דער עמער מיט דער זופּ און דער עמער מיט קיפּיאַטאָק, מיטן הייסן וואַסער. טייל האָבן שוין אַפילו אָפּגעגעסן זייער שטראָף־פּאַרציע און ליגן אויף די נאַרעס.

שמעון עסט נישט די זופּ. ער נעמט אַ ביסל הייס וואַסער און עסט צו אַ שטיקל ברויט מיט פּאָווידלע, וואָס וואָראָניקידזע האָט אים געגעבן.

אָבער מער ווי איין שטיקל קאָן ער נישט עסן. די רעשט ברויט צעטיילט ער צווישן די אַרעסטאַנטן.

ער קוקט זיך אַרום און באַמערקט, אַז אויף אַ נאַרע ליגט אַ יידישער אַרעסטאַנט אַרומגעוויקלט מיט דעם קאָץ, וועלכן וואַראַניקידזע האָט פאַר אים, שמעונען, געהאַט געבראַכט. ער זאָגט נישט קיין וואָרט. באַמיט זיך נישט צו קוקן אין דער זייט ווו יענער אַרעסטאַנט ליגט, כאָטש ס׳ציט אים שטאַרק אַ בליק צו טאָן אַהין. שמעון פילט, אַז יענער שלאָפט נאָך נישט. אויף דער וואַנט זעט ער יענעמס שאָטן און זיינע זייער פאַרזיכטיקע, אויסבאַהאַלטענע באַוועגונגען.

שמעון וויל נישט, אַז יענער זאָל מיינען, אַז ער וויל מאָנען ביי אים דעם קאָץ, כאָטש ער קאָן יענעם און ווייסט, אַז ווען ער מאָנט אַפילו — וועט ער אים נישט צוריקגעבן. איבעריקנס, יענער בלייבט נאָך נישט ביים קאָץ, ווי נאָר ער וועט איינשלאָפן, וועלן זיינע שכנים פון דער נאַרע אים דעם קאָץ פון אים אַראָפּציִען.

שמעון לייגט זיך אויף דער נאַקעטער, האַרטער נאַרע. שטעלט אויף דעם קאָלנער פון בושלאַט און קאָרטשעט זיך איין, וויל ווערן וואָס קלענער. ער וויל כאָטש פאַרבאָרגן זיין פּנים, מען זאָל עס נישט אַרויס־זען. ער פילט ווי יעדערער ביין וואָלט געוועזן ביי אים צעבראָכן אויף עטלעכע טיילן. ער גאַרט נאָך אַ ביסל שלאָף, אָבער דער שלאָף קומט נישט.

דאָס ליגן נישט צוגעדעקט גיט אים אַ געפיל, ווי ער וואָלט געוועזן געלעגן אַ נאַקעטער פאַר אַלעמענס אויגן. ער בייסט זיך אַריין אין דעם געפיל, ס׳איז אַ ביטער געפיל. די גאַנצע הפקרדיקע באַציאונג צום מענטש, זעט זיך אין דעם לאָזן אים ליגן אַ נישט־צוגעדעקטן. דער מענטש איז באַרויבט פון יעדער אינטימיטעט, וואָס איז פאַראַן אין שלאָף. שמעון איז מקנא די אַרעסטאַנטן וואָס מען ברענגט צו פירן פון די באַראַקן, און שטאָט בושלאַטן ברענגען זיי מיט מיט זיך די קאָצן — כאָטש די בושלאַטן זענען אפשר וואַרעמער ווי די קאָצן, אָבער מיט די קאָצן קאָן מען זיך אַרומנעמען, אָפּטיילן זיך פון דעם אַרום, פון אַלץ און אַלע, בלייבן בלויז מיט זיך, כאָטש נאָר אילוזאָריש.

דער איזאָלאַטאָר ווערט איבערפולט מיט אַרעסטאַנטן. מען לעשט אויס דאָס קאָפּשענדיקע קאַגאַנעקל. דורך דעם פאַרשטאָפּטן מיט אַ שמאַטע פענצטערל פאַלט נישט אַריין קיין איין ליכט־שטראַל. די פינצטערניש פאַלט אויף די מענטשן אין איזאָלאַטאָר און דעקט זיי צו. אונטער דער שוואַרצער צודעק שלאָפן זיי אַלע איין.



פאַרטאָג טוט דער אייזערנער לאָם אַ זעץ אין דער דיקער שינע וואָס איז צוגעקלאַפּט צו אַ הילצערנעם באַלקן. דאָס געשטעל פון באַלקן און שינע זעט אויס ווי אַ תליה.

אַ טעמפּער געהילעך טראָגט זיך איבער דער זאָנע. זיין אייזערנער פּיסק דרעזגעט לאַנג און מיט כעס דאָס וואָרט: פּאָדיאָם!!! (אויפשטיין).

דער געהילעך דערטראָגט זיך אַהער, אין איזאָלאַטאָר. ס׳הערט זיך באַלד דאָס סקריפּען פון אַ פאַרזשאַווערטן שלאָס. דער קאָמענדאַנט פון איזאָלאַטאָר קומט אַריין. ער קוקט אויף די אויסגעמאַטערטע מענטשן מיט רחמנות. ער רעדט שטיל, מילד. ער קוקט אויף יעדערן אַרעסטאַנט ווי אַ גוטער טאַטע אויפן אָפּגעשמיסענעם דורך אים קינד. ער נעמט צוויי אַרעסטאַנטן און גייט מיט זיי ברענגען די זופּ און דעם קיפּיאַטאָק. שמעון איז שוין וואַך. ער שטייט און מאַכט גימנאַסטיק, ווייל אַ ביסל צערודערן זיינע פאַרשטייפטע גלידער. ער עסט היינט זיין פּאַרציע זופּ און באַ־דויערט, וואָס ער האָט נעכטן צעטיילט דאָס גאַנצע ברויט.

דער איזאָלאַטאָר האָט אים שוין גענומען אין זיינע טריבן. מאַכט אים האַרטער, דרייסטער, קאַמפּס־פעיִקער. ער גייט צו צו דער נאַרע ווו עס ליגט צעוואָרפן דער קאָץ, וועלכן וואַראַניקידזע האָט אים געבראַכט, און לייגט אים צונויף — ווייזט אַלע, שטרייכט דערמיט אונטער פאַר אַלע, אַז דער קאָץ איז זיינער, געבראַכט געוואָרן פאַר אים.

אין דרויסן וואַרט שמעונען אָפּ סאַמעק. וואַראַניקידזע האָט אים גע־שיקט מיט אַ דאָפּלטע פּאַרציע ברויט און אַ פּעקל מאַכאָרקע. אַליין האָט ער קיין צייט נישט געהאַט צו קומען. סאַמעק גיט אויך איבער שמעונען, אַז ער וועט מער נישט גיין אין מאַניעקס בריגאַדע, נאָר מיט אַן אַנדערער און באַקומען אַ לייכטע אַרבעט.

זינט מען האָט שמעונען געבראַכט פון אונטער־פּונקט אין איזאָלאַטאָר, האָט אים סאַמעק נישט געזען. נישטאָ איצט די פריידן צווישן זיי, וועלכע פלעגט שטענדיק זיין, ווען זיי האָבן זיך נאָך אַ צעשיידונג ווידער גע־טראָפן. זייער ביידנס לאַגע האָט זיך פאַר דער צייט ראַדיקאַל געענדערט. אָבער נישט נאָר דאָס. דער חשד, אַז סאַמעק האָט געקאָנט מסרן פאַרן קאָמענדאַנט, אַז שמעון האָט באַהאַלטן ביים דניעוואַלני זיינע תפילין, דער חשד, וועלכן שמעון האָט געהאַט פון זיך פאַריאָגט, וועקט זיך איצט ביי אים פריש אויף. אָבער אָן טענות צו סאַמעקן. פאַרקערט. די פאַרוווּרפן מאַכט ער זיך. איצט פאַרשטייט ער, אַז סאַמעק האָט געהאָפט, אַז שמעון

וועט אים אַרויסנעמען פון דער וועשעריי און אים אַראָפּנעמען צו זיך, ווו ער וועט געפינען פאַר אים אַ פּאַסיקע אַרבעט. אָבער שמעון האָט דאָס נישט געטאָן, ווייל ער האָט זיך נישט געפילט באַרעכטיקט דערצו. אָבער דעם חשד קעגן סאַמעקן יאָגט ער ווידער פון זיך.

ס'עפענען זיך די טויערן פון לאַגער. די בריגאַדעס הויבן אָן אַרויס־גיין. סאַמעק גייט צוריק אין דער זאָנע. צו שמעונען קומט דאָס מאָל צו נישט דער זאָנע־קאָמענדאַנט, נאָר דער דיעסאַטניק מיעלניקאָוו, מיט וועלכן שמעון פלעגט אָפט שמועסן. ער נעמט נישט אָן שמעונען ביי די אָרעמס, ווי יענער, נאָר זאָגט אים פשוט — איר גייט מיט מיין בריגאַדע אין וואַלד.

שמעון איז צופרידן. ער ווייזט דאָס אָפן אַרויס. צעשמייכלט זיך אפילו. ער גייט נעבן מיעלניקאָוון. דעם גאַנצן לאַנגן וועג האַלט ער זיך לעבן אים, ווי ביי אים וואָלט ער געזוכט שוץ. ווען זיי גייען אַדורך לעבן דעם ביידל מיט די אַרבעטס־מכשירים, פרעגט אים שמעון, וואָס פאַרא כלי דאַרף ער נעמען. מיעלניקאָוו ענטפערט — פרעגט אייער בריגאַדיר פוזוטאָוו.

דער בריגאַדיר פוזוטאָוו איז אַ הויכער, אַ ברייטער, מיט אַ מעכטיקן ברוסט־קאַסטן. אַ מענטש פון אַ יאָר עטלעכע זעכציק. האָט אַ קאָפּ געדיכטע שאַטינע האָר אָן איין גרויער. ער איז אַ סיבירער, רעדט מיט אַ טיפער, ברוסטיקער שטים און מיט אַזאַ רוסיש, אַז די יידן פון פוילישן עטאַפּ פאַר־שטייען נישט קיין וואָרט פון דעם וואָס ער רעדט. אפילו שמעון, וואָס האָט זיך אויסגעלערנט אַ שפּאַר ביסל רוסיש, פאַרשטייט ווייניק פון זיין רעדן.

פוזוטאָוו איז אַ קרימינעלער פאַרברעכער. געווען אַן אָנפירער פון אַ פאַרצווייגטער גנבים־באַנדע, וואָס האָבן געגנבעט פערד און וואַגאָנעס מיט תבואה. אין לאַגער גנבעט ער נישט. אָבער צוליב זיין עלטער און אָמאָליקער פּאָזיציע, באַקומט ער אַ חלק פון די גניבות. אויב דאָס זענען זאַכן, טראָגט ער זיי אָפּן, אָן שום מורא, אָדער פאַרזשעניִרטקייט. אויב עמעצער טרייבט איבער אין דער ווערט פון דער גניבה, איז פוזוטאָוו דער, וואָס קומט מוסרן, אַז ס'איז נישט שיין צו זאָגן ליגן.

אָבער בטבע איז פוזוטאָוו אַ גוטער מענטש. ער טרייבט נישט די מענטשן פון זיין בריגאַדע צו דער אַרבעט. פאַרקערט. ער מאַכט זיך נישט זען, ווען עמעצער אַרבעט שוואַכער, אַבי יוצא צו זיין. דערביי מאַכט ער נישט קיין אונטערשיד צווישן אַ נישט־ייד און אַ ייד. ער האָט ליב צו זיצן ביים ברענעדיקן שייטער און דערציילן זיינע אַמאָליקע גבורות. וועגן

די טאַבונעס פערד, וועלכע מען האָט געטריבן, און ווי אַזוי די פערד־גנבים פלעגן דעם סוף פון טאַבון מיט צענדליקער פערד אָפּטיילן פון די אַנדערע און זיי אָוועקפירן דורך זייטיקע וועגן.

ווען שמעון פרעגט אים וואָס פאַרוואָס כלי ער דאַרף נעמען, מעסט אים פוזוטאַוו אָפּ מיט אַ האַלב־איראָנישן און האַלב־רחמנות בליק, פאַרטראַכט זיך אַ רגע און זאָגט — נעמט אַ האַק.

שמעון גייט מיט דער האַק אָנגעשפּאַרט אויפן אַקסל, ווי אַ האָלץ־העקער. ער טראַכט נישט וואָס פאַראַ אַרבעט מען וועט אים געבן, פרעגט זיך נישט וועגן דעם. ער איז צופרידן, וואָס ער גייט מיט מיעלניקאָוון און, וועלנדיק אים אָנטאָן פאַרגעניגן, פרעגט ער אים, צי וויל ער אפשר באַרגן ביי אים דעם זייגער. מיעלניקאָוו זאָגט — מען דאַרף נישט.

ווען מען קומט אָן אויפן אַרבעטס־אָרט, זאָגט מיעלניקאָוו שמעונען, אַז ער גיט אים אַ לייכטע אַרבעט. ער דאַרף נאָר פאַרברענען די אָפּגעהאַקטע צווייגן פון די מיט אַ פּאָר טעג פריער אונטערגעזעגטע ביימער, און ווייזט אים אָן אויף עטלעכע הויפנס ליגנדיקע צווייגן.

דער רוסישער מענטש, ווען ער הייסט יענעם עפּעס טאָן, וועט ער אים קיינמאָל נישט געבן קיין אָנווייזונגען, נישט זאָגן ווי אַזוי און מיט וואָס פאַראַ אופן ער דאַרף דאָס מאַכן. דאָס איז נישט צוליב שלעכטקייט, נאָר אַזוי איז זיין טבע. ער אַליין ווערט באַלד געבוירן מיט אַ ריי פּראַק־טישע פעיִקייטן און וויסן, אָן וועלכע ער וואָלט לגמרי נישט געקאָנט אויסקומען אין לעבן. מיינט ער, אַז אַזוי איז עס אויך ביי אַנדערע, יעדנ־פאַלס, אַז אַזוי דאַרף עס זיין.

קיין פייער טאָר קיין אַרעסטאַנט נישט אַרויסטראָגן פון דער זאָנע. אָבער יעדער דיעסאַטניק האַלט אין דער קעשענע פון בושלאַט אַ שטיקל דיקע קאָרע פון אַ סאָסנע בוים. אין אָן אויסגעבויערט לעכל פון דעם שטיקל קאָרע, איז באַהאַלטן אַ קליין פּיצעלע טליענדיקע קויל, אַרויס־גענומען פונעם ברענענדיקן אויוון אין באַראַק, פאַרשאָטן מיט אַ קאָ־פּעלע אַש.

ווען מען קומט אויפן אַרבעטס־אָרט צעבלאָזט אימיצער פון דער בריגאַדע דעם טליענדיקן פונק און צינדט אָן אַ פייער, אַ שייטער צו וואַרעמען זיך און צו האָבן וווּ צו פאַררויכערן אַ פּאַפּיראָס.

די וואָך ווייסט, אַז מען טראָגט אַרויס אַ טליענדיקן פונק פון דער זאָנע, וואָרעם די האָלץ־שייטערס און די צווייגן ברענען דאָך נישט פון אַ פייער, וואָס פאַלט אַראָפּ פון הימל. נאָר זיי מאַכן זיך נישט זען, מאַכן זיך נישט וויסן.

מיעלניקאָוו דערלאַנגט שמעוגען דאָס שטיקל קאָרע מיטן טליענדיקן פּיצל קויל און הייסט אים פון דעם צעבלאָזן אַ פייער און אָנהויבן פאַר־ברענען די צווייגן. ער זאָגט אים אָבער בײַשט, אַז קודם דאַרף ער אויסזוכן דינע, טרוקענע צווייגלעך, אָנהאַקן שטיקלעך טרוקן האָלץ, אוועקלייגן דאָס שטיקל קאָרע מיטן פונק אויף אַ טרוקן אָרט, אויף דעם דינע צוויי־געלעך, דערנאָך די קליינע שטיקלעך האָלץ, אויף זיי גרעסערע שטיקלעך, און אַז דאָס פייער וועט זיך גוט צעברענען, דאַרף ער ערשט אָנהויבן אַרויפלייגן דערויף די צווייגן, פריער די דינערע און דערנאָך וואָס אַ מאָל דיקערע.

שמעון האַלט דאָס שטיקל קאָרע מיט דעם פונק אין דער האַנט און קוקט זיך אַרום אין וואַלד, וועלכער איז פול מיט שניי און נעץ. ס'פאַלט אים איין, אַז אַמבעסטן וועלן זיך אָנצינדן די נאָדלען פון די סאָסנע ביימער. פון די ברענענדיקע נאָדלען וועלן זיך אָנצינדן די קליינע צווייגן און פון זיי די גרעסערע.

ער לייגט אַוועק דאָס שטיקל קאָרע מיטן גליענדיקן פונק אויף דער ערד, לייגט אַרויף אויף דעם אַ שפּאַר ביסל אָנגעריסענע גרינע נאָדלען פון סאָסנעס, אויף זיי דינע צווייגלעך, דערנאָך דיקערע און אַזוי כסדר ביז ס'שאַפט זיך אַ שפּאַרער באַרג מיט צווייגן.

דעמאָלט ציט זיך שמעון אויס אויף דער ערד, הויבט אונטער אַ ביסל דעם באַרג צווייגן און בלאָזט אויף דעם שטיקל קאָרע מיטן באַהאַלטענעם פייער־פונק, מיט אַלע כוחות.

ס'טוט אַ שאָס אַרויס אַ פייער, ס'שפּריצן פונקען פון אַלע זייטן שייטער, ס'טראָגט זיך אַ שוואַרצער, געדיכטער, סמאָליעדיקער רויך. ס'קנאַלט, ווי פייערווערק וואָלטן כסדר אויפגעריסן. ס'דאַכט זיך אויס, אַז אין אַזאַ פלאַם־פייער קאָן אַלץ פאַרברענט ווערן, אַז אַלץ קאָן אין אַזאַ פייער צעשמאָלצן ווערן. אָבער... אין אַ מינוט אַרום האָט שוין אַלץ אָפּגע־קנאַלט און אָפּגעשאָסן. ס'איז טויט שטיל. דער רויך צעגייט זיך און ס'באַ־ווייזן זיך די צווייגן, ווי שמעון האָט זיי אַוועקגעלייגט, נאָר נאַקעטע מיט אָפּגעברענטע נאָדלען און לייכט פאַרסמאָליעטע. דער שייטער זעט אויס ווי אַ באַרג ריזיקעביינער פון אור־חיות.

שמעון בלייבט שטיין אַ געפּלעפּטער, אַ צעטומלטער. אָבער לאַנג לאָזט מען אים אַזוי נישט שטיין. ס'הערן זיך רופן — דאָקטאָר! דאָקטאָר! זעט וואָס עס טוט זיך מיט אייער בושלאַט!

ער קוקט זיך אום אויף זיך און דערזעט, אַז פון עטלעכע ערטער פון זיין בושלאַט ציען זיך שמאָלע פּאַסיקלעך רויך, ווי פון פּאַפּיראָסן.

ער נעצט איין אַ פינגער און נעמט לעשן די רויכערנדיקע ערטער. אָבער ס'העלפט נישט. די פּאַסיקלעך רויך ווערן גרעסער, געדיכטער און הויבן זיך אָן קנוילן. שמעון פאַרשטייט שוין, אַז פינקען פון דעם שייטער זענען געפאַלן אויפן בושלאַט און קריגן זיך וואָס אַ מאָל טיפער אַריין אין דער וואַטע. אָבער וואָס קומט אַרויס דערפון, אַז ער ווייסט די סיבה, אַז ער ווייסט נישט וואָס צו טאָן. דער בושלאַט ווערט אַלץ מער אַרומגענומען פון רויך. ער ברענט אינגאַנצן. דעמאָלט שרייען צו אים עטלעכע מענטשן פון זיין בריגאַדע, זיי שרייען: טוט אויס דעם בושלאַט און וואַרפט אים אין שניי!

שמעון כאַפּט אַראָפּ פון זיך דעם ברענענדיקן בושלאַט און טאַפּטשעט אים מיט די פיס טיף אַריין אין הויכן שניי אַריין. אַזוי אַרום געלינגט אים ענדלעך אָדורכצונעצן די ברענענדיקע נעסטן אין דער וואַטע, פאַרלעשן די טליענדיקע דאָרט פינקען און דערשטיקן דעם רויך.

שמעון הויבט אויף דעם בושלאַט פון שניי. ער באַקוקט אים. אין אונטערשטן טייל בושלאַט זענען אויסגעברענט גרויסע לעכער, ס'הענגען נאָך שטיקער פּאָדשעווקע און צויטן ברוינע אָפּגעסמאָליעטע וואַטע, וואָס זעען אויס ווי אייזן־וואַטע צו טאַמעווען בלוט.

דאָס איז דער בושלאַט פון ערשטן סראָק, וועלכן דער יידישער לאַגער־נאַטשאַלניק האָט פאַר אים אויסגעשריבן, דער בושלאַט, פון וועלכן סאַמעק איז געווען אַזוי שטאָלץ און וועלכער האָט אים, שמעונען, געגעבן אין לאַגער דאָס ערשטע מאָל אַ בעסער זעלבסט־געפיל.

שמעון דערמאָנט זיך, ווי דער פאַרוואַלטער פון דער קאַפּטיאָרקע, דער רוס מיטן צעקנייטשטן פּנים, האָט אים אָנגעקוקט און געזאָגט „געפינען אַ סטאַכאַנאָוויעץ צו געבן אים מלבושים פון ערשטן סראָק". ער קוקט אויפן האַלב־פאַרברענטן בושלאַט, וועלכער איז אינגאַנצן אָדורכגענעצט און זעט, אַז יענער איז געווען גערעכט.

דעם בושלאַט קאָן שמעון נישט אָנטאָן. ער שטייט אויפן גרויסן פראָסט אין דער בלויזער פופייקע. ס'איז נאָך פריער טאָג. די אַרבעט האָט זיך נאָר וואָס אָנגעהויבן. מיעלניקאָוו הייסט שמעונען אָוועקלייגן דעם בושלאַט נישט ווייט פון ברענענדיקן שייטער, וועלכן ער מיטן בריגאַדיר פּוזוטאָוו האָבן אָנגעצונדן, לעבן דעם האָלץ־סקלאַד אין וואַלד. דערנאָך גייט ער צו צו אַן אַרעסטאַנט וואָס מאַרקירט, האַקט אויס מיט אַ העמערל און דליטע סימנים אין די ביימער, לוי טוועלכע מען דערקענט צו וואָס פאַראַ סאָרט זיי געהערן. מיעלניקאָוו נעמט ביי יענעם צו די כלים, גיט זיי שמעונען, זאָגט צו אים — איר וועט זיין מאַרקעראָווטשיק — און

דעם ביז־איצטיקן מאַרקירער הייסט ער גיין פאַרברענגען די צווייגן.

שמעונען איז זייער נישט־אָנגענעם וואָס מען נעמט צו ביי אָן אַנדערן אַרעסטאַנט אַ לייכטע אַרבעט און מען גיט זי אים. כאָטש פאַרברענען צווייגן ווערט אויך פאַרעכנט פאַר אַ לייכטער אַרבעט, ווייסט אָבער שמעון, אַז עס איז נישט אַזוי. שפּעטער, ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן, פירט שמעון נישט איין וויכוח מיט די נאַטשאַלניקעס בכדי זיי אויפווייזן, אַז פאַרברענען צווייגן אום ווינטער — איז דווקא אַ שווערע אַרבעט.

ס׳איז אים קאַלט. דער פראָסט דערגייט אים ביזן האַרץ, פאַרהאַקט אים דעם אָטעם. זיין אָרט, ווו ער שטייט איצט, איז ביים סאַמע עק סקלאַד. פאַר זיך זעט ער אַ ריזיקן שטח אויסגעהאַקטן וואַלד, אַ פּלאַטשיקן, באַ־דעקט מיט שניי. ס׳פאַלט אויף אים פּלוצים אַ פּחד. ער דערמאָנט זיך, אַז ער טראַכט לעצטנס זעלטן וועגן זיין היים. די שיינע, וואַרעמע היים זיינע, וועלכע איז געווען ביי אים ווי די אייגענע הויט, איז פון אים ווי אָוועק, אָפּגעטיילט זיך פון אים, ווי ס׳שיילט זיך אָפּ די הויט ביי אַ קינד, נאָך אַן אָנשטעקנדיקער קרענק. פּלוצים באַדעקט זיך זיין קאַלט פון פראָסט פּנים מיט הייסע טרערן. דאָס ערשטע מאָל געשעעט עס מיט אים.

ער קאָן מער נישט בלייבן אויפן אָרט. ער פילט, אַז ער וועט דאָ אומקומען. גייט ער צו צום סקלאַד. פון זיין בושלאַט גייט אַ געדיכטע פאַרע. ער טוט אים אָן נאָסערהייט, געפינט אין קעשענע די צוויי פּאַרציעס ברויט, וועלכע סאַמעק האָט אים דערלאַנגט ביים אַרויסגיין צו דער אַרבעט.

שמעון זעצט זיך צו צום שייטער און האַלט די צוויי פּאַרציעס ברויט אין די ווי געלעמטע הענט. מיעלניקאָוו נעמט זיי אים אַרויס פון די הענט, צעשניידט אויף פּעניצלעך, שטעקט אַרויף יעדעס פּענעצל אויף אַ שטע־קעלע און האַלט עס ביים פייער ס׳זאָל זיך אויסטריקענען און צובאַקן. אַלע דריי — מיעלניקאָוו, דער בריגאַדיר פּוזוטאָוו און שמעון — עסן דאָס ברויט.

ס׳פאַלט גיך צו די נאַכט. מען גייט אין דער זאָנע. קיין שום געשעע־ניש האָט אין אָנהויב אַזוי נישט דעפּרימירט שמעונען, נישט דאָס אַרייב־רייסן זיך, ווען ער איז געלעגן אין בעט מיט ווירעאַן, נישט דאָס געפירט ווערן מיטן עטאַפּ אין איזאָלאַטאָר, נישט דער איזאָלאַטאָר גופא, ווי דאָס, וואָס ער טראָגט אַ צעריסן מלבוש מיט אויסגעברענטע לעכער. אָבער איצט אַרט אים שוין גאָרנישט. ער פילט זיך ווי אַ גביר, וועלכן מען דערקלערט עפּנטלעך פאַר באַנקראָט און אַלע ווערן געוואָר, אַז ער פאַרמאָגט גאָר־נישט. שמעון פילט זיך מיט איין מאָל באַפרייט פון אַ סך קוועלן וואָס האָבן ביז איצט געדריקט אויף אים. ער גייט אַריין אין איזאָלאַטאָר מיט

אַ טריט פון אַן אַלטגעזעסענעם דאָרט. זעצט זיך אַוועק מיט אַלע אַנדערע און עסט צוזאַמען מיט זיי די שוואַרצע זופּ, לייגט זיך אַוועק צוגלייך מיט אַלע אויף אַ נאַקעטער נאַרע און שלאָפט אַדורך דאָס ערשטע מאָל אין איזאָלאַטאָר אַ גאַנצע נאַכט מיט אַ האַרטן, האַלצערנעם שלאָף.



צומאָרגנס האָבן די אַנדערע אַרעסטאַנטן פון איזאָלאַטאָר געמוזט שמעונען אויפוועקן. ער האָט זיך אויפגעכאַפּט אינגאַנצן אַ צעטומלטער, אַ פאַרפּלאָנטערטער אין חלום, אַ פולער מיט שלאָף. מיט כוח רייסט ער זיך אַרויס פון דעם געדיכטן נעפּל, אין וועלכן זיין מוח איז איינגעהילט. ער נעמט אַראָפּ דעם זייגער פון דער האַנט, פאַרשאַרצט די אַרבל פון דער פופייקע און גיסט זיך אָפּ דאָס פּנים און די הענט מיט אייז־קאַלט וואַסער. אַ ביסל אַן אויפגעפרישטער עסט ער זיין פּאַרציע זופּ, נעמט זיין חלק ברויט, כאַפּט דעם בושלאַט און לויפט שוין דער לעצטער אַרויס פון איזאָלאַטאָר. אַרויסקומענדיק אין דרויסן כאַפּט ער זיך, אַז ער האָט איבערגעלאָזט דעם זייגער אויף דער נאַרע, ווו ער האָט אים אַוועקגעלייגט, ווען ער האָט זיך געוואַשן. ער באַווייזט נאָך צוריקצולויפן און געפינט דעם זייגער ליגן אויף דעם אָרט, ווו ער האָט אים איבערגעלאָזט, אָבער האָט שוין נישט קיין צייט אים אָנצוטאָן אויף דער האַנט, ווייל זיין ברי־גאַדע שטייט שוין אויסער די טויערן פון דער זאָנע, גרייט אַוועקצוגיין. שמעון לייגט אַריין דעם זייגער אין אַ קעשענע פון בושלאַט. מיעלניקאָוו זעט דאָס.

ווען די בריגאַדע קומט צו צו דעם ביידל מיט די מכשירים, הייסט מיעלניקאָוו שמעונען נעמען אַ העמערל מיט אַ דליטע פון אַ מאַרקירער. דערביי זאָגט ער, אַז שמעון זאָל מיטגיין מיט אים אין פערד־שטאַל, ווו ער וועט נעמען אַ שליטן און זיי וועלן צוזאַמען פאָרן צום אַרבעטס־אָרט.

ווען ער האָט געהאַט אַ גאַנצן בושלאַט, האָט שמעון ליבער געהאַט צו גיין צופוס. אים פלעגט וואַרעם ווערן פון דעם גיין. ס'פלעגט אים אַפילו זיין טיילמאָל אָנגענעם. אָבער איצט אין צעריסענעם בושלאַט, נעמט ער געגרן אָן מיעלניקאָווס פּראָפּאָזיציע.

זיי קומען צו צום פערד־שטאַל. מיעלניקאָוו נעמט אַ פערד מיט אַ שליטן און זיי פאָרן. די לייצעס האַלט מיעלניקאָוו. ווען זיי קומען צו נאָענט צום וואַלד מוזן זיי אַרויפפאָרן אויף אַ הויכן שניי־באַרג. פּלוצים טוט דאָס פערד אַ פאַרקערעווע אין אַ זייט און דער שליטן, מיעלניקאָוו

און שמעון פֿאַלן אַריין אין דעם טיפֿן שניי. זיי באַקומען זיך קוים אַרויס. שאָקלען אָפּ די מלבושים פֿון דעם ווייסן פֿאַרשיטעניש און פֿאָרן ווייטער. ווען זיי קומען אָן צום אַרבעטס־אָרט, שטעקט שמעון אַריין די האַנט אין קעשענע פֿון בושלאַט. דער זייגער איז נישטאָ.

שמעון איז זיכער, אַז בעתן זינקען אין שניי איז דער זייגער אים אַרויסגעפֿאַלן פֿון קעשענע. ער בעט מיעלניקאָוון, אים דערלויבן צוריקגיין אויף דעם אָרט, וווּ דער שליטן האָט זיך איבערגעקערט. ער באַקומט די דערלויבעניש. איבער אַ שעה צייט זוכט ער אין שניי אַזאַ קליינע זאַך. זיך שיִער נישט אָפּגעפֿרוירן די הענט. ער איז אַ רעזיגנירטער צוריקגעקומען צום אַרבעטס־אָרט אָן דעם זייגער.

עפּעס איז אים געווען שטאַרק פּזשיקרע די גאַנצע זאַך. ער האָט זיך אָנגערופֿן צו מיעלניקאָוון: — אַ שאָד, וואָס איך האָב אייך נישט גע־שאָנקען דעם זייגער. איר האָט אים אַזוי גערן געהאַט, ליב געהאַט אים צו טראָגן. איצט, נישט איך האָב אים און נישט איר האָט אים.

מיעלניקאָוו ענטפֿערט מיט אַ מעלאַנכאָלישער שטים — נו, זעט, אַ מענטש דאַרף קיינמאָל נישט זיין קליינלעך.

דער בריגאַדיר פּוזוטאָוו, דער געוועזענער הערשט פֿון אַ באַנדע גנבים, דער וואָס באַקומט פֿון יעדער גניבה אין לאַגער אַ חלק, האָלט פֿאַר שמעונען אַ מוסר־רעדע אין זיין סיבירער רוסיש, פֿון וועלכן שמעון פֿאַרשטייט נאָר דעם „קאָמוניסטישן” אינהאַלט. דער עיקר שטורעמט פּוזו־טאָוו קעגן די, וואָס זענען אַזוי בלינד צוגעבונדן צום פּריוואַטן אייגנטום, און ס׳גייט זיי אין לעבן טאָמער קומט זיי עפּעס אַוועק.

— אַלץ אין דער וועלט קייקלט זיך, אַלץ דרייט זיך — הערט זיך פּוזו־טאָווס שטים מיט אַ קוהלת נאָטע, — היינט איז עס ביי דיר, מאָרגן ביי מיר, איבערמאָרגן ביי אימיצן אַנדערש. וואָס איז סוף־כל־סוף דער חילוק?

דערביי באַמערקט שמעון, אַז פֿונעם ראַנד פֿון פּוזוטאָווס פּופּייקע קוקט אַרויס אַ שטיקל וואָלענער שאַל, פֿון זיין, שמעונס, פּעקל, וועלכעס מען האָט ביי אים צוגעגנבעט אין דעם גורלדיקן טאָג, ווען ער האָט געוואָרט אין ברעזענטענעם באַראַק אויפֿן סטריעלאָק, וועלכער האָט אים באַדאַרפֿן אָפּפֿירן אין איזאָלאַטאָר.

שמעון שמייכלט פֿון פּוזוטאָווס רעדע, אָבער ענטפֿערט נישט.

נאָך גאַנצע זעקס נעכט איז שמעון געשלאָפֿן אין איזאָלאַטאָר. ער האָט די גאַנצע צייט געאַרבעט ביי מיעלניקאָוון ווי אַ מאַרקירער. פֿאַר דער דאָזיקער קורץ — לאַנגער צייט איז שמעון געוואָרן אָן אמתער לאַ־גערניק. ער איז אויפֿגעשטאַנען צוגלייך מיט אַלע אַרעסטאַנטן, געגעסן

צוזאַמען מיט זיי די זופּ, געשלאָפן אַן אַ צודעק, און זיך אַפילו נישט אינ־טערעסירט ווו ס'איז אַהינגעקומען דער קאָץ, וועלכן וואָראָניקידזע האָט געהאַט פאַר אים געבראַכט. ער איז אָפּגעהאַרטעוועט געוואָרן. זיך נישט געלאָזט צוגנבענען די וואַלענקעס, ווען ס'איז געמאַכט געוואָרן אַזאַ פּרווו. זיך אַפילו איין מאָל געזידלט מיט אַן אַנדערן אַרעסטאַנט.

ס'זענען אַדורך די צען טעג. שמעון איז באַפרייט געוואָרן פון איזאָ־לאַטאָר. פאַרטאָג, ווען אַלע אַרעסטאַנטן זענען אַרויסגעפירט געוואָרן פון איזאָלאַטאָר צו דער אַרבעט, האָט מען שמעונען אַריינגעלאָזט אין דער זאָנע.

אין דער ערשטער רגע האָט זיך אים אויסגעדאַכטן, ווי ער וואָלט באַפרייט געוואָרן אינגאַנצן. ער קוקט זיך אַרום און ווייסט נישט וווהין צו גיין. אָבער באַלד קומט אים אַנטקעגן דער קאָמענדאַנט פון דער זאָנע סאָבאַטשאָוו, און שמעון ניכטערט זיך גיך אויס פון זיין פרייהייטס־חלום. סאָבאַטשאָוו שטשירעט זיינע גרויסע געלע ציין און אַ פריילעכער שרייט ער אויס צו שמעונען:

— דאָקטאָר, גייט אַריין צום פריזירער און לאָזט אייך אָפּשערן און אָפּראַזירן! — שמעון טוט אויטאָמאַטיש אַ ריר אַן זיין פּנים און ער פילט, אַז ס'איז באַוואַקסן מיט אַ שפּאַר בערדל.

דער אַרמיאַנער פריזערער ,אַן עלטערער מענטש, שערט שמעונען אָפּ און ראַזירט אים גוט אויס. — איצט זעט איר אויס, דאָקטאָר, ווי אַ נאָרמאַלער אַרעסטאַנט — טרייסט ער אים.

פון פריזירער גייט שמעון צו וואָראָניקידזע. ער וויל אים דאַנקען פאַר דעם אַלעם, וואָס ער האָט פאַר אים געטאָן אין דער צייט ווען ער איז געזעסן אין איזאָלאַטאָר.

וואָראָניקידזע איז ביי זיך נישטאָ. אויף אַ שטול ביי אים אין שטוב זיצט מיט אַנגעדראָלענע ליפּן און מיט אַן אָנזעעווידיקן בויך, נייענדיק עפּעס אין האַנט — דינה.

# גורלות

דינה זיצט ביי אַ פענצטער מיט קליינע, דורכזיכטיקע שייבלעך. די וואַרעמקייט פון שטוב האָט אָפּגעטייעט די פאַרפרוירנקייט, מיט וועלכער די נאַכט האָט פאַרקאָוועט דאָס פענצטער. דאָס ליכט פון טאָג און פון ווייסן שניי פאַלט אויף איר געשטאַלט, אויף איר אויסגעצויגן פּנים, די אַ ביסל אָנגעשוואָלענע נאָז און ליפּן און איר אָנזעעוודיקן בויך.

ווען שמעון דערזעעט זי, וויל ער זיך צוריקציען. זי הויבט אויף אים אויף אַ פּאָר פאַרוווּנדערטע אויגן, אירע ברוינע מאַנדל־אויגן, וועלכע זענען געוואָרן נאָך גרעסער ווי זיי זענען געווען, ווען שמעון איז אַוועק פון הויפּט־לאַגער.

— דאָקטאָר, קומט אַריין. פאַרוואָס שטייט איר ביי דער טיר?

שמעון קוקט אויף איר. פאַראַן אין איר זיצנדיק געשטאַלט אַזוי פיל רואיקייט, וועלכע דערשטוינט אים. ער דערמאָנט זיך באַלד, אַז ס׳איז פאַראַן אַזאַ צושטאַנד, וועלכער רופט זיך די פיזיאָלאָגישע אָפּגעטעמפּטקייט ביי אַ פרוי אין דער צייט פון איר שוואַנגערשאַפט. זאָל פון דעם שטאַמען איר רואיקייט?

דינה לאָזט אים לאַנג נישט טראַכטן. זי מעסט אים אָפּ מיט אַ לענג־לעכן בליק און רופט זיך אָן:

— אוי, דאָקטאָר, וואָס איז געוואָרן פון אייער בושלאַט?

— זיך צוגעברענט אַ ביסל ביי דער אַרבעט אין וואַלד.

— טוט אים אויס, וועל איך אים אייך אויספאַריכטן. איר קאָנט נישט גיין אין אַזאַ מעמד.

— באַמיט זיך נישט. כ׳וועל אַריינגיין אין שניידער־וואַרשטאַט און געבן דעם בושלאַט אויסצופאַריכטן.

— אין וואַרשטאַט וועט עס דויערן. זיי האָבן אַ סך אַרבעט. פאַר־געסט נישט, אַז דערווייל זענט איר נישט מער קיין פריווילעגירטער. אַ חוץ דעם, וועלן זיי צוליבן פאַרברענטן בושלאַט מוזן צונויפשטעלן אַן אַקט און דאָס קאָן אייך ווידער דראָען מיט איזאָלאַטאָר. פאַר לאָזן פאַרברענען

אַ מלבוש פון ערשטן סראָק, באַקומט מען אַ שטראָף. כ׳קען שוין גוט די געזעצן פון לאַגער.

שמעון טוט אויס דעם בושלאַט און דערלאַנגט אים דינהן. זי באַקוקט אים אַ רגע, שטעלט זיך אויף און מיט גיכע טריט דערנענטערט זי זיך צו דער טיר.

— וווּהין גייט איר?

— אין שניידער־וואַרשטאַט, צוקלייבן שטיקלעך שטאָף.

דורכן פענצטער קוקט איר שמעון נאָך. זי גייט נישט אַזוי געשיקט ווי אַמאָל. אָבער דאָך איז פאַראַן אין איר גאַנג נאָך מער שטאָלץ ווי פריער. זי טראָגט נישט מער קיין וואַטענע הויזן, נאָר אַ קלייד. אָבער אירע הויכע לענדן זעען זיך אָן אַפילו איצט. שמעון נעמט אַוועק זיינע אויגן פון פענצטער. זי איז אַ שוואַנגערנדיקע פרוי — מאַכט ער זיך אַליין אַ פאַרוואורף.

דינה קומט שנעל צוריק מיט שטיקלעך פיל־ווייניק ענלעכן שטאָף צו שמעונס בושלאַט. זיינער איז נישט קיין שוואַרצער, נאָר אַ טונקל־בלויער. זי זעצט זיך אַוועק, און נעמט אים אויספאַריכטן.

שמעון קוקט זיך אַרום אין שטוב מיט נייגער. דינה כאַפּט אויף זיין בליק. נישט באַוווסטזיניק זוכט ער איר אָרט אין דער דאָזיקער שטוב. זי רופט זיך אָן:

— איך שלאָף אין פרויען־באַראַק. כ׳אַרבעט נאָך אַלץ אין דער קי־פּיאַטילקע, אָבער וואָראָניקידזע העלפט מיר צו. אייגנטלעך טוט ער די אַרבעט מיינע. אין דער פרייער צייט זיץ איך דאָ, ביי אים.

שמעון שווייגט. ער פילט זיך פאַרשעמט. פאַרוואָס? ווייס ער נישט. ער גיט זיך נישט אָפּ קיין חשבון, אַז ער האָט געזוכט איר אָרט אין דער שטוב. אים ווערט ענג. ער קוקט ווי פלינק אירע הענט באַוועגן זיך ביים פאַריכטן דעם בושלאַט. זי שטעלט אַזוי אַריין די ערשטע לאַטע, אַז מען דערקענט זי כמעט נישט. ער נוצט אויס די געלעגנהייט איבערצורייסן דאָס שווייגן.

— איר נייט אַזוי ווונדערבאַר. ס׳איז דאָך נישט צו דערקענען, אַז ס׳איז געווען אויסגעבערענט. ווו האָט איר זיך אויסגעלערנט אַזוי נייען?

— מיין מאַמעשי האָט דאָס מיך געלערנט. ווען זי פלעגט אַ מאָל נייען, פלעגט זי מיך אַוועקזעצן לעבן זיך, געבן אַ שטיקל לייוונט און אַ נאָדל מיט אַ פאָדעם און געלערנט מיך נייען. זי פלעגט מיך אַזוי קלוג צורעדן — „לערן זיך מיין קינד, אַלץ וואָס מען לערנט זיך אין לעבן אויס,

קומט צונויץ". און ווער וואָלט זיך גע׳קאָנט פאָרשטעלן, אַז דאָס וועט מיר אַזוי צונויץ קומען אין אַזאַ לאַגע?

ס׳ווערט שטיל. ביידע פאַרטראַכטן זיך. זייערע געדאַנקען שווימען ווייט וועק, אָבער אין דער זעלבער ריכטונג. די ערשטע רופט זיך אָן דינה:

— וויעראַן האָט מען פאַרשיקט אין אַ לאַגער אויף אַ האַלב יאָר. אַ שאָד. זי איז געווען אַ ווילע און אַזאַ שיינע. נאָר רוסישע גרויססטעט־טישע פרויען קאָנען אַזוי אויסזעען. כ׳האָב אין לעמבערג געזען עטלעכע מאָסקווער פרויען אויף הויכע שטעלעס, זענען זיי געווען ענלעך צו איר.

שמעון וויל זייער וויסן וואָס מיינט זי מיטן זאָג „אַ שאָד". וואָס איז אַ שאָד? ער קאָן זיך דאָס פאַרשידן אויסטייטשן. אָבער ער שווייגט, פרעגט נישט וואָס זי מיינט דערמיט און דינה וואַרפט אויף אים זייטיקע בליקן.

ס׳קומט אַריין וואַראַניקידזע. ער דערפרייט זיך מיט שמעונען, אָבער נאָך מער דערפרייט זיך שמעון מיט אים. ער האָט שמעונען נישט ווילנדיק אויסגעלייזט פון אַ גרויסער קוועל, אין וועלכער ער האָט זיך געפינען צוליב דינהס דערמאָנען וויעראַן.

דינה זעט שמעונס איבערגעטריבענע האַרציקייט ביים באַגריסן זיך מיט וואַראַניקידזען. אָבער דער גרוזינער נעמט עס אויף מיט דער גאַנצער נאַטירלעכקייט. ביידע מענער האַלטן זיך ביי די הענט. מיטאַמאָל נעמט וואַראַניקידזע אַרום שמעונען און דרוקט אים צו צו זיך. דינה קוקט אויף די צוויי מענער, פון וועלכע דער וואָס האָט איר געזאָלט זיין נאָענט, האָט זיך פון איר דערווייטערט, און דער ווייטער האָט זיך צו איר אַזוי דער־נענטערט. דאָס בילד פון די צוויי אַרומגענומענע מענער רופט ביי איר איצט, אין איר צושטאַנד, אַרויס אַ ציטערניש. אַ צעטרייסלונג. זי לאָזט אַראָפּ די הענט מיט דעם בושלאַט אויף אירע קני מיט אַזאַ באַוועגונג, ווי זי וואָלט מיט אַ מאָל געבליבן אָן כוחות.

וואַראַניקידזע רופט זיך אָן פריילעך צו שמעונען — דאָקטאָר, מען האָט נאָר וואָס גערעדט וועגן אייך אין דער סאַניטאַרער אָפּטיילונג. מאָרגן שיקט מען אייך אַרבעטן אין סטאַציאָנאַר ווי אַ דאָקטאָר. נאַטשאַלניק פון סטאַציאָנאַר איז דער געוועזענער פּראָ־ראַב. וולאַדימיר וולאַדימיראָוויטש. איר קענט אים דאָך. ס׳וועט אייך דאָרט זיין זייער גוט. זע, דינה, פאָרט אַ דאָקטאָר, גאָר עפּעס אַנדערש ווי אַ געוויינטלעכער מענטש.

שמעון געניסט פון דער געלעגנהייט און רופט זיך אָן, אַז ער מוז שוין צוגיין אין דער סאַן־אָפּטיילונג. ער נעמט דעם בושלאַט, וועלכער ליגט נאָך אַלץ אויף דינהס קני. זי זאָגט צו אים — ס׳איז דאָך נאָך נישט

פּאַרטיק. כ׳האָב קוים באַוויזן צו פּאַריכטן די אויסערלעכע זייט. מען דאַרף נאָך אויספּאַריכטן די פּאַדשעווקע, ס׳איז פון איר אַ תל געוואָרן. אָבער שמעון וויל נישט וואַרטן. ער זאָגט — כ׳וועל נאָך קומען צו אייך, מען וועט נאָך אַלץ מאַכן. צו ווידערזען — און גייט אַרויס.

פון וואַראַניקידזעס ווערט דינה צומאַרגנס געוואָר, אַז שמעון איז שוין אַוועק אין סטאַציאָנאַר. אַוועקגעפאָרן? — פרעגט דינה מיט שטוינונג. יאָ, אַוועקגעפאָרן, — ענטפערט וואַראַניקידזע, און דאָס ערשטע מאָל באַמערקט דינה אין זיינע אויגן קנאה.

מער האָט זי וועגן שמעונען נישט גערעדט, אָבער נישט געקאָנט פאַרשטיין זיין האַנדלונג. ער זאָל נישט קומען זאָגן אַ „זיי געזונט", איז פאַר איר געווען אַן איבעראַשונג. ער איז דאָך אַזאַ איידעלער, אַזוי גוט דערצויגן. ווי טוט מען עפּעס אַזוינס? האָט זי זיך אַליין געפרעגט אַ פאַרוווּנדערטע. ער אַנטלויפט — האָט איר אַדורכגעשפּיזט אַ געדאַנק. אָבער פון וועמען אַנטלויפט ער? פון מיר אָדער פון זיך? פון מיר איז ער שוין אַנטלאָפן, ער דאַרף שוין מער נישט אַנטלויפן. און פון זיך? קאָן מען דען פון זיך אַנטלויפן? פאַר וואַראַניקידזען באַהאַלט דינה אויס אירע געדאַנקען, אָבער זי איז פון שמעונס האַנדלונג זייער באַאומרואיקט.

אין דרויסן פאַלט אַ שניי און ס׳טראָגט זיך אַ ווינט. אַ זעלטנהייט אין דער טייגע. די טייגע איז אַזוי געדיכט באַוואַקסן מיט ביימער, אַז זי שטעלט מיט זיך פאַר אַ ריזיקע מויער, וואָס ציט זיך אומענדלעך. קיין ווינט קאָן זיך דאָרט נישט אַריינרייסן. רייסט ער זיך אָבער אַ מאָל יאָ אַריין — איז עס אַ גרויס געפאַר.

וואַראַניקידזע דערציילט דינהן, אַז סאַבאַטשאַוו איז אַרויסגעריטן אויף אַ פערד צו די בריגאַדעס מיט אַ באַפעל, מען זאָל וואָס גיכער צוריקשיקן די אַרעסטאַנטן אין לאַגער אַריין. מען האָט מורא פאַר אַ „פּורגאַ".

אויב דער ווינט רייסט זיך אַריין אין דער טייגע, באַשטייט דאָס געפאַר אין דעם, וואָס ער קאָן פון דאָרט נישט אַרויס. ער געפינט נישט דעם וועג אויף צוריק. דרייט ער זיך אויף די ליידיקע ערטער, ווו ס׳איז געוואָרן אויסגעשניטן דער וואַלד. ער דרייט זיך דאָרט וואָס אַ מאָל גיכער, וואָס אַ מאָל שטאַרקער, מיט אַ פאַרווירטער עקשנותדיקייט, מיט אַ ווילדן כוח און צוזאַמען מיטן שניי פאַרטראָגט ער מענטשן, פערד און וועגענער, אַז מען ווייסט נישט ווו זיי זענען פאַרפאַלן געוואָרן, ווו זיי זענען פאַרטראָגן געוואָרן. זיי קומען אום און מען ווערט קיינמאָל שוין נישט געוואָר ווו זייער געביין איז אַהינגעקומען.

— אויב די מענטשן קומען באַלד צוריק, — רופט זיך דינה אָן, —

מוז איך שוין אַרויסגיין און אונטערהייצן דעם קעסל אויף קיפּיאַטאָק. אָבער וואַראַניקידזע לאָזט זי נישט אַרויס פון שטוב. — כ'וועל שוין אַלץ אַליין מאַכן, — זאָגט ער איר.

אַרויסגייענדיק אין דרויסן וואַרפט ער איר צו אַזוי ווי נישט ווילנדיק — דער דאָקטאָר איז אַרויסגעפאָרן פאַרטאָג. ער איז שוין זיכער לאַנג אָנגעקומען אויפן אָרט.

דינה טראָגט פאַרוואָרפן אויף די פּלייצעס און אָרעמס אַ טוך, וועלכן וואַראַניקידזע האָט איר געשאָנקען. אונטערן טוך האַלט זי פאַרלייגט די הענט אויף די אָרעמס. ווען זי הערט די לעצטע ווערטער פון וואַראַניקידזע וועגן שמעונען, דריקט זי אַריין די נעגל אין אירע אָרעמס. זי טוט זיך אָן ווייטיק. מיט דעם ווייטיק וויל זי נייטראַליזירן די שרעק וועגן שמעונען, וועלכע גייט אין איר אויף דווקא דעמאָלט, ווען זי הערט, אַז ער איז אויסערן געפאַר. זי וויל אויך דערמיט פאַרבאָרגן איר גערירטקייט פון וואַראַניקידזעס איידלקייט.



אין דער סאַניטאַרער אָפּטיילונג, טרעפט שמעון דעם האַלב־שכורן נאַטשאַלניק ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש. יענער קוקט אָן שמעונען אַ ביסל מיט חוזק. שמעון מאַכט זיך דאָס נישט באַמערקן, אָבער דער פעלדשער וויל זיך אַ ביסל מיט אים אַ שפּיל טאָן. אים פאַרדריסט, וואָס כאָטש ער איז אַ נאַטשאַלניק, איז ער פאָרט נישט מער ווי אַ פעלדשער, און יענער איז אַ דאָקטאָר. די יידן, די יידן, זיי זענען דאָקטוירים! דער דאָקטאָר וואָס געפינט זיך איצט אויפן סטאַציאָנאַר איז אויך אַ ייד. נישט פון די פּאָליאַקן, אָבער אַ ייד — טראַכט מיט כעס דער פעלדשער־נאַטשאַלניק. ענדלעך רופט ער זיך אָן צו שמעונען:

— נו, דאָקטאָר, צו וואָס פאַרא אַרבעט ווילט איר איצט גיין?

— צו וואָס פאַרא מען וועט מיך שיקן.

— און אַז מען וועט אייך שיקן צו פאַרברענען בושלאָטן און איבער־לאָזן די צווייגן — וועט איר אויך גיין? — און ער צעלאַכט זיך מיט אַ צעשאָטן, שיכור געלעכטער.

ער פילט, אַז ער האָט איבערגעכאַפּט די מאָס. שמעון איז פאָרט אַ דאָקטאָר.

— נישט געזאָרגט! — רופט ער זיך אָן מיט אַ געמאַכטער פריילעכקייט.

— מאָרגן פאָרט איר אין סטאַציאָנאַר. פאַראַן דאָרטן אַ דאָקטאָר, יאַקאָוו

מאַיסעיעוויטש זאַלקין. איר וועט אַרבעטן צוזאַמען. ס'וועט אייך זיין אָנ־גענעם. אפשר נישט אַזוי ווי אויפן אונטער־פּונקט — אויף זיין פּנים באַווייזט זיך אַ נבזהדיק שמייכעלע — אָבער דאָך וועט אייך זיין אינטע־רעסאַנטער ווי דאָ אויפן הויפּט־לאַגער.

שמעון באַדאַנקט זיך. ס'קומט אַריין וואַליאַ. זי שמייכלט מיט אַן איינגעהאַלטענעם שמייכל, ווען זי דערזעט שמעונען. אָבער מען זעט בולט אין איר שמייכל, אַז זי פרייט זיך, אַז ער איז שוין ענדלעך אַרויס פון איזאָלאַטאָר און באַקומט ווידער אַ שטעלע פון אַ דאָקטאָר. זי באַמערקט באַלד, אַז שמעון טראָגט נישט דעם זייגער. זי ווייזט אַן אויף זיין לינקער האַנט, און פרעגט אים מיט די אויגן, ווו איז ער ?

שמעון דערציילט ווי אַזוי פאַרנדיק אין וואַלד אַריין מיט אַ שליטן, זענען זיי אַראָפּגעפאַלן פון אַ שניי־באַרג און ער האָט פאַרלוירן דעם זייגער, וועלכן ער האָט געהאַלטן אין קעשענע, שטאָט צו טראָגן אים אָנגעטאָן אויף דער האַנט.

— אין לאַגער פאַרלירט מען נישט. אָדער מען פאַרקויפט, אָדער מען גנבעט צו — רופט זיך אָן אַרביטראַל דער פעלדשער ניקאָלאַי ניקאָ־לאַיעוויטש.

שמעונען שפּיזט אַדורך אַ געדאַנק, צי האָט נישט אַמאָל דער דיע־סאַטניק מיעלניקאָוו אים אַרויסגעגנבעט דעם זייגער פון קעשענע, צי איז נישט אַ מאָל דאָס גאַנצע אַראָפּקאַלערן זיך פון שליטן געווען פינגירט ? אָבער ער זאָגט גאָרנישט. ער דערציילט נישט מיט וועמען ער איז דעמאָלט געפאָרן.

דער נאַטשאַלניק הייסט שמעונען קומען ביינאַכט, נאָך די אויפנעם־שעהן אין דער אַמבולאַטאָריע, אויף צו באַקומען גענויע אינסטרוקציעס.

שמעון בעט דעם שליסל פון זיין שטיבל, וועלכעס ער האָט געהאַט אין באַראַק פון דער סאַן־אָפּטיילונג, איידער ער איז געפאָרן אויפן אונ־טער־פּונקט. ער באַקומט אים. גייענדיק צו זיך גייט ער פאַרביי דאָס שטיבל ווו וויעראַ פלעגט טיילמאָל נעכטיקן. דאָ האָבן זיי זיך דאָס ערשטע מאָל דערנענטערט. ער דערמאָנט זי מיט דאַנקבאַרקייט.

ביי אים אין צימערל איז אַלץ ווי געווען. ס'שטייט דאָס טישל, דאָס בעטל מיטן מאַטראַץ און אויסגעשפּרייטן קאָץ. שמעון לייגט צוקאָפּנס זיין איינגעשרומפּן נאָך דער גניבה פּעקל זאַכן און ציט זיך אויס אויפן בעטל. אים ווילט זיך אַ בליק טאָן אין דעם שטיבל פון די געסט, ווו וויעראַ פלעגט טיילמאָל בלייבן נעכטיקן. אָבער ער טוט דאָס נישט. ער איז אויך נישט זיכער, אַז דאָס שטיבל איז נישט פאַרשלאָסן. קאָן זיין אַז יאָ און ס'קאָן

אויך זיין, אַז נישט. אָבער ער וועט נישט צוגיין אַ פּרווו טאָן צי די טיר עפנט זיך.

זיינע געדאַנקען לויפן אין פאַרשידענע ריכטונגען. דאָ צו וויעראַן, דאָ צו דינהן, צו וואַראַניקידזען, און פון צייט צו צייט שפּיזט אים אַדורך דער געדאַנק וועגן זיין כלה, וועגן זיין היים.

די געדאַנקען און די בילדער קרייצן זיך, פאַרפּלאָנטערן זיך. איין בילד פאַלט אויפן צווייטן. ס'איז ווי מען וואָלט אויף דער זעלבער קלישע פאָטאָגראַפירט עטלעכע מאָל. ס'קומט אַרויס אַ מיש־מאַש. ער ווערט מיד — און דרימלט איין.

פון דעם דרימל פאַלט שמעון אַריין אין אַ טיפן שלאָף. ווען ער כאַפּט זיך אויף הויבט שוין אָן ווערן טונקל. ער דערמאָנט זיך, אַז ער האָט נישט קיין טאַלאָן אויף מיטאָג און אויך נישט גענומען קיין ברויט. ווען ער דערמאָנט זיך דאָס, דערפילט ער אַ שאַרפן הונגער. ער זוכט דעם זאַוו.־כאָז. און קאָן אים נישט געפונען. שמעון גייט אַריין אין קיך און זאָגט דעם קוכער, אַז ער איז הונגעריק, נאָר קיין טאַלאָן האָט ער נישט.

— זעץ זיך, דאָקטאָר, — רופט זיך אָן דער הויכער און ברייטער, אָנגעפרעסענער קוכער, קאָליאַ. ער גיסט אָן א פול שיסעלע גערדיכטע זופּ און דערלאַנגט שמעונען. — האַ, געזעסן אין איזאָלאַטאָר, וואָס? גלויב מיר, דאָקטאָר, צו בחורן אַזאַ נקבה איז ווערט אַפילו יעדע נאַכט צו גיין אין איזאָלאַטאָר!

שמעון ענטפערט נישט. ער עסט די זופּ, האָט הנאה. ס'איז דאָס ערשטע מאָל ווען ער האָט אין לאַגער אַזאַ הנאה פון עסן. — קאָליאַ, וואָס האָסטו אויפן צווייטן? — פרעגט ער דרייסט.

קאָליאַ שטעלט אַוועק פאַר אים אַ טעלער מיט גולאַזש און געבראָטענע קאַרטאָפל.

— עס, דאָקטאָר, פרעס אַ סטאַכאַנאָווסקע מיטאָג! ביי מיר ביסטו אַ סטאַכאַנאָוויעץ! אויב דיר איז געלונגען צו דאָביוועןן אַזאַ שטיק סחורה, ווי וויערא, ביזטו אַ מאָלאָדיעץ, אַ בריה — און קאָליאַ טוט אַ בלישטש מיט זייַנע העלע, פאַרשייטע אויגן.

דאָס וואָס קאָליאַ האָט דערלאַנגט שמעונען איז נישט איין סטאַכאָנאָווסקע מיטאָג, נאָר צוויי, צי נאָך מער. שמעון מאַכט זיך נישט הערן דעם קוכערס חוצפּהדיקע רייד, נאָר עסט. עסט מיט פאַרטראַגנקייט. נאָך די צען טעג אין איזאָלאַטאָר פילט ער זיך אָן אמתער לאַגער־מענטש, אָפּגעהאַרטעוועט, זיכער ביי זיך, גרייט אָפּצוצאָלן מיט שלעכטס פאַר שלעכטס, אָפּצושלאָגן יעדן אָנגריף אויף זיך, פון וועלכער זייט ער זאָל

נישט קומען. ער איז איצט איבערצייגט, אַז קיין שום שווערקייטן קאָנען אים נישט צעברעכן, קיין שום עול וועט אים נישט זיין צו שווער, קיין שום סיורפּריז וועט אים נישט איבעראַשן. נישטאָ אַזאַ נסיון, וועלכן ער וועט נישט אויפנעמען מיט גלייכגעוויכט.

ער שטעלט זיך אויף. — קאַליאַ, זאָגט ער, — אַ דאַנק דיר, דו האָסט מיך גוט אָנגעקאָרמיעט. כ'פאָר מאָרגן אין סטאַציאָנאַר. כ'קוק דיך אָן, זע איך, אַז מיין פּאַציענט וועסטו נישט זיין. האָב איינזען פאַר די שוואַכע.

— אָך, אין זייער מאַמען אריין! צוליב זיי מוז איך קאָכן די קרויט־זופּ, צי די זופּ פון שוואַרצע אַרבעסלעך און די טרעסקאַ, אַז אַ חלשות נעמט מיך אָן! אַט, ווען אַלע זיי וואָלטן געווען סטאַכאַנאָוועצעס, וואָלט מען געמאַכט אַ ריזן גולאַזש, געפרעגלט גרויסן פּאַנען קאַרטאָפל, ס'וואָלט געווען אַן אַנדער לעבן. כ'פּגר פון אומעט בלויז צו קוקן אויף די קעסלען געקעכץ פון די דאָזיקע שלימזלען.

— אָך, דאָקטאָר, וואָס ווייסטו וואָס פאַראַ לעבן ס'איז געווען אויף דער פריי! מען שטעלט זיך טאַקע איין, אָבער אַז דו כאַפּסט דעם שאַנס, געהער די גאַנצע וועלט צו דיר. פאַרשטיי, דאָקטאָר, די וועלט איז איינגעטיילט אין אָרנטלעכע מענטשן און גנבים. אָבער אַז די אָרנטלעכע מענטשן זענען קליינע גנבימלעך און פון די אמתע גנבים וויל מען מאַכן אָרנטלעכע מענטשן — אַט דאָס איז דער גאַנצער קוואַטש פון לאַגער, וועלכער דערפירט צו גאָרנישט. טפו זאָל עס ווערן! און קאַליאַ שפּייט געדיכט אויס. זיין שטענדיק פריילעך פּנים איז איצט פול מיט פאַר־צווייפלונג.

שמעון לאָזט אים איבער מיט זיין פאַרצווייפלונג און גייט אַרויס. אַ וועלט אַ משונהדיקע — טראַכט ער זיך. שווער צו פאַרשטיין די וועלט פון פאַרברעכער, ווי שווער ס'איז צו פאַרשטיין די וועלט פון פערוועזע מענטשן. אַ תהום איז עס.

ער גייט צום דניעוואַלני געוואָר ווערן פון אים גענוי ווי אַזוי איז דאָס געשען, אַז מען האָט צוגענומען ביי אים די תפילין. דער דניעוואַלני איז שטאַרק צערודערט פון דער געשעעניש. ער דערציילט דאָס זעלבע וואָס שמעון האָט שוין געהערט פון וואָראָניקידזע. שמעון פרעגט אים:

— צי האָט עמעצער געזען ביי אייך די תפילין? דער דניעוואַלני ענט־פערט: ניין. ער עפנט קיינמאָל נישט אויף זיינע וואַליזקעס אין אַנוועזנ־הייט פון פרעמדע. ער פאַרקויפט אויך גאָרנישט פון זיינע זאַכן, כאָטש ער האָט אַ סך, קומט אים דעריבער נישט אויס זיי צו עפענען.

דער ייד דערציילט שמעונען מיט וואָס פאַראַ ווילדער פרייד סאָבאַ־

טשאָוו און נאָך צוויי סטריעלקעס פון דער וואָך האָבן מיט טאַשן־מעסערלעך צעשניטן די תפילין אויף פּיצלעך. זיי האָבן גוט געוווּסט צו וועמען זיי געהערן, איך האָב זיי דאָס געזאָגט. שמעון פרעגט זיך נישט צי האָבן זיי איבערגעלאָזט דאָס סאַמעטענע בייטעלע, וועלכעס איז אים געווען אַזוי טייער. ער געזעגנט זיך מיטן דניעוואַלני, זאָגט אים „אַ גוטע נאַכט" און גייט אַוועק.

שמעון רופט אַרויס סאַמעקן פון דער וועשעריי. סאַמעקס בליק איז איצט אַן ערנסטער. שמעון דערציילט אים, אַז ער פּאַרט מאָרגן אין סטאַציאָנאַר. — סאַמעק, באַמי זיך מען זאָל דיך שיקן כאָטש אויף עטלעכע טעג אין סטאַציאָנאַר, וועל איך דיך שוין דאָרטן איבערהאַלטן אַ שטיקל צייט.

סאַמעק ווייזט נישט אַרויס קיין גרויסן ענטוזיאַזם פאַר דעם פאָרשלאָג. זיינע בענקשאַפטן זענען איצט מענלעכע. צו עסן האָט ער גענוג. דרייט ער זיך אַרום לעבן פרויען־באַראַק ווי אַ פּאַרחלומטער, וואַרפט אויף די פרויען טרויעריקע בליקן, וואָס וועקן נישט קיין רחמנות אין זיי, נאָר פאַרקערט, חוזק. ער גייט אַלעמאָל אַוועק פון דאָרט אַ דערשלאָגענער, אַ צעווייטיקטער.



ס'קומען אָן די בריגאַדעס פון דער אַרבעט. נאָך דעם ווי זיי עסן אָפּ, גייט שמעון צו זיי אין די באַראַקן. טייל אַלטע באַקאַנטע פון פּוילישן עטאַפּ נעמען אים אויף נישט פריינטלעך. שמעון ווייסט נישט פאַרוואָס. צי האָבן זיי אים פאַריבל זיין נאָענטקייט מיט וויערען? צי האָבן זיי צו אים טענות צוליב דינהן? ער ווייסט נישט. אָבער שאָקלט זיך גיך אָפּ פון דעם שעלכטן געפיל, וואָס דאָס פאַרשאָפט אים.

טייל, פאַרקערט, נעמען אים אויף מיט גרויס פריינטלעכקייט און וואַרעמקייט. ער קוקט אויף די מענטשן. גרוי איז געוואָרן זייער קאָליר, זייער סטאַבילע קאָליר. די שוואַרצע, שטאַרק אָפּגעטראָגענע מלבושים — ווי אַ צווייטע הויט, ווי צוגעוואַקסן צו זייער גוף. פאַר דער צייט האָבן טייל זיך איינגעאָרדנט ביי פאַרשידענע אַרבעטן, אין דער בעקעריי, אין שטאַל פון סאַווכאָז, וועלכער איז ביים לאַגער. טייל אין סאַווכאָז גופא, טייל ביי דעם טאַרטאַק, וואָס דאָס איז אַ שווערע אַרבעט אָבער נאָענט פון לאַגער, אין אַ ספּעציעל אויפגעשטעלטן דערצו באַראַק, אונטער אַ דאַך,

צווישן פיר ווענט, וואָס גיט צו דער אַרבעט אַ געוויסע היימישקייט און ס׳איז נישט פאַראַן דאָרט די הפקרדיקייט פון אַרבעטן אין אַ וואַלד.

די רעשט זענען געבליבן ביי זייערע אַמאָליקע אַרבעטן. שלעפּן זיך מיט פערד און שליטן אין וואַלד, צי לאָדנען אָן דיביימער אויף שליטנס, צי לייגן זיי אין שטאַבלעס. מען שלעפּט דעם עול, מען איז שטענדיק מיד, קיינמאָל נישט זאַט. און די צייט גייט, כאָטש קיינער קוקט זיך אויף איר נישט אום.

אין „קאָוווטשע" קאָן מען אַ מאָל זען אַן אַלטע רוסישע צייטונג מיט האַפערדיקע דייטשע קאָמוניקאַטן וועגן פריש דעראָבערטע לענדער. דער הויפּט מלחמה־אונטערצינדער איז טשערטשיל, דער שונא גומער איינס פון דער מענטשהייט.

שמעון רעדט מיט די יידן פון פּוילישן עטאַפּ. וועגן דער מלחמה ווייסט מען ווייניק. מען רעדט כמעט נישט וועגן איר. פון „קאָוווטשע"־נאַטשאַלניק הערט מען אַ מאָל אַ לעקציע וועגן דער מלחמה, אין וועלכער דער מאָלאָטאָוו־ריבענטראָפּ פּאַקט ווערט געריסט און די מערב־לענדער געטאַדלט. שמעון האָט אַ אַ מאָל געהערט אַזאַ לעקציע.

די מענטשן רעדן מיט שמונען וועגן סטאַציאָנאַר. יעדער טרוימט ווי זיך דאָרט אַריינצובאַקומען כאָטש אויף עטלעכע טעג. שמעון איז נאָך אַליין דאָרט נישט געווען, און ווייסט זיי גאָרנישט וועגן דעם צו דערציילן. מען רעדט מאַנאַטאַן. מען באַקלאָגט זיך אַפילו נישט. יעדער שלעפּט זיין יאָך שוין אָן פאַרביטערונג, אָן כעס. די מענטשן זענען ווי קאַליקעס, וואָס האָבן שלום געמאַכט מיט זייער מום.

שמעון געזעגנט זיך מיט זיי און גייט אין דער סאַניטאַרער אָפּטיילונג. ס׳איז שוין נאָך די אויפנעם־שעהן. דער פעלדשער־נאַטשאַלניק פאַרבעט אַלע וואָס אַרבעטן אין דער אַמבולאַטאָריע זיי זאָלן אַריינקומען צו אים. אַלע קומען אַריין אַ חוץ דעם סאַניטאַר מיראָנאָוויטש, דער עסטאָנער.

דער נאַטשאַלניק עפנט אויף אַ פלאַש, פון וועלכער ס׳פילט זיך אַ געמיש פון ריחות, אַ שאַרפער פון אַלקאָהאָל און אַ זיסלעך־בייסיקער פון כלאָראָפאָרם. דער פעלדשער־נאַטשאַלניק, דער שיכור, פלעגט טרינקען, ווען ס׳האָט אים אויסגעפעלט ספּירט, אַ לייכטע צעלאָזונג פון כלאָראָפאָרם. אין ערגסטן פאַל, ווען דאָס איז אויך נישט געווען, פלעגט ער טרינקען אָדע־קאָלאָן. נישט נאָר ער, נאָר די קלענערע נאַטשאַלניקעס און פּרא.־ראַבן., האָבן גערן געגאָסן פון אַזאַ ביסל „משקה".

דער נאַטשאַלניק האָט דער ערשטער אויפגעהויבן זיין גלאָז. — נו, שימאָן איסאַקאָוויטש ווערט אַן אונדזעריקער. דער נאַטשאַלניק פון אורטשע

האָט מיר דערציילט, אַז איר האָט זיך באַמיט ביי אים מען זאָל אייך פאַר־טוישן דעם פּאָליטישן פּאַראַגראַף אויף אַ קרימינעלן. ער איז עס גרייט פאַר אייך צו טאָן. מען וועט אייך באַפרייען פאַר דער צייט. איר וועט ווערן אָפיציעל אַ דאָקטאָר אין אַ לאַגער און אפשר גאָר אַ נאַטשאַלניק פון אַ סאַניטאַרער אָפּטיילונג און מיט דער צייט גאָר אַ הויפּט־נאַטשאַלניק.

— אַזוי לאַנג ווי ס׳דויערט די מלחמה — רופט זיך שמעון אָן — וועל איך נישט אָננעמען קיין שום באַשלוסן וועגן מיין צוקונפט.

אין די וואָסערדיקע אויגן פון שיכורן נאַטשאַלניק באַווייזט זיך אַ פּיי־ערל, ס׳טוט אַ בליץ אַ געדאַנק. — וויערא, וויערא, — רעדט ער אַזוי ווי צו זיך. ער שטויסט זיך אָן, אַז דאָס האָט וויערא פאַרטראַכט דעם אויפטו מיטן אויסטוישן די פּאַראַגראַפן. צו שמעונען דערגייט דער נאָמען וויערא, אָבער ער מאַכט זיך אים נישט הערן.

דער דאָקטאָר אַלעקסעי וואַסיליעוויטש טרינקט זייער צוריקגעהאַלטן, וואַליאַ נעצט קוים איין די ליפּן, חנה טרינקט אַ ביסל מער, גאָר דער נאַטשאַלניק און שמעון טרינקען ווי אמתע רוסישע צפון־מענטשן. שמעון ווערט גיך שיכור. אָבער דער פּחד פאַרן רעדן וואָס מען טאָר נישט, שטעקט אין אים טיף. וואָרעם ער הויבט אָן זיין שיכורן מאָנאָלאָג מיט לויב פאַר דער סאָוויעטישער מאַכט, וואָס זאָרגט פאַר די בירגער אירע, וואָס זענען אַראָפּ פון גלייכן וועג און אָפּגעטאָן פאַרברעכערישע מעשים, אָדער אַזעלכע וואָס האָבן זיך פאַרפּלאָנטערט אין ספיקות, נישט געהאַט דעם קלאָרן שכל צו זען, אַז די קאָמוניסטישע פּאַרטיי און די סאָוויעטישע רעגירונג פירן די פעלקער פון ראַטן־פאַרבאַנד צו אַ גליקלעכער צוקונפט.

שמעון פאַרענדיקט זיין שיכורן מאָנאָלאָג מיט אַ ווענדונג צום פעלד־שער — נו, זעט אַליין, ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש, ווו, אין וואָס פאַרא אַנ־דערן רעזשים, וואָלט אַזאַ מענטש ווי איר געקאָנט דערגיין צו דער שטופע פון אַ נאַטשאַלניק אויב נישט אין ראַטן־פאַרבאַנד ?

דער דאָזיקער קאָמפּלימענט געפעלט שטאַרק נישט דעם נאַטשאַלניק. ווי שיכור ער איז — פילט ער זיך געטראָפן. עפּעס דערשנאַפּט ער, אַז דער גאַנצער מאָנאָלאָג איז נישט קיין אויפריכטיקער און רופט זיך אָן מיט כעס — דאַ אָסטאַוויטיע, לאַזט אָפּ, שימאָן איסאַקאָוויטש.

דער דאָקטאָר אַלעקסעי וואַסיליעוויטש און חנה פירן אָפּ שמעונען אין זיין שטיבל אַריין. דער דאָקטאָר העלפט אים זיך אויסטאָן און שמעון פאַלט אַריין אין אַ טיפן שלאָף.

פאַרטאָג וועקט מען אים. אין דרויסן וואַרט שוין דער שליטן וואָס דאַרף אים אָפּפירן אין סטאַציאָנאַר.



דער פראָסט איז אַ בייסיקער, אַ בייזקייט איז פאַראַן אין אים. דאָס ערשטע מאָל פילט אים שמעון אַזוי אָפּ, ער איז אַנדערש ווי אַלעמאָל. עפּעס מוז זיין אין דער אַטמאָספער וואָס ווירקט אַזוי אויפן פראָסט, טראַכט שמעון. דער שליטן גליטשט זיך גיך איבערן גלאַטיקן וועג און דאָס גיט נאָך צו דער קעלט אַ באַזונדערע שאַרפקייט. שמעון ניכטערט זיך שנעל אויס פון דעם פאַרטשאַדעטן שלאָף, ער ווערט וואַך.

ער ווייסט זייער גוט, אַז ער האָט זיך מיט דינהן נישט געזעגנט, נישט געזאָגט איר אַ „זיי געזונט", אָבער זוכט נישט קיין פאַרענטפערונג פאַר זיך. אַזוי איז עס — און שוין, מאַכט ער ביי זיך אָפּ.

די פּלוצימע ענדערונג, וועלכע איז מיט אים געשען, ווען מען האָט אים געכאַפּט ביי וויעראַס זייט, די צען טעג איזאָלאַטאָר, האָבן געענדערט זיין געדאַנקען־גאַנג. אַזוי האָט זיך אים אויסגעוויזן. אייגנטלעך, האָט ער זיך געפרעגט, פאַרוואָס איז ער אַזוי גלייכגילטיק צום גורל פון וויעראַן, וועלכע האָט אים זיכער ליב געהאַט, אַריינגעלייגט אין איר באַציאונג צו אים אַזוי פיל געפיל. אַפילו איר כעסן זיך אויף אים, דאָס אָפּשפּעטן פון אים, דאָס אָנרופן אים „זשיד", איז דאָך נאָר אויך געווען דערפאַר ווייל זי האָט פון זיין זייט נישט געפילט אַזאַ נאָענטקייט צו זיך, ווי זי האָט געפילט צו אים. טאָ פאַרוואָס טראַכט ער אַזוי ווייניק, כמעט אינגאַנצן נישט, וועגן וויעראַן, און טראַכט אַזוי אָפט וועגן דינהן, וועלכע האָט לעבן זיך אַ געטרייען מענטש, וואָס איז גרייט אַלץ פאַר איר צו טאָן.

שמעון גיט זיך אָפּ אַ חשבון פון דעם גרויסן חילוק צווישן די צוויי פרויען. וויעראַ איז אַ פרוי פון עטלעכע צוואַנציק יאָר, אַ רייפע, אַ דער־פאַרענע, אַ זעלבשטענדיקע. אַלץ, וואָס איז פאַרגעקומען צווישן איר און אים, איז געווען פון איר גוטן ווילן, ווייל זי האָט אַזוי געוואָלט, ווייל זי האָט דערצו געשטרעבט. זי האָט אים אויסגעקליבן. ער איז געווען איר אויסדערוויילטער. אמת, זי האָט געטראַכט וועגן זייער צוקונפט גאָר אַנ־דערש ווי ס'איז אויסגעקומען, אָבער דאָך איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז ווען זי וואָלט אַפילו פון פאַרויס געוווסט, אַז זייערע וועגן וועלן זיך פונאַנ־דערגיין, אָדער אַז מען וועט זיי מיט געוואַלד צעשיידן, וואָלט זי געהאַנדלט נישט אַנדערש, ווי זי האָט עס געטאָן.

אָבער דינה ? דינה איז דאָך אַ קרבן, אַ קרבן פון די טרויעריקע לאַגער־באַדינגונגען. זי איז איצט אינגאַנצן אַלט זיבעצן יאָר. אַנגעשראָקן, נישט דערפאַרן. אמת, וואַראַניקידזע האָט זי ליב און אויך זי איז מן־הסתם צו

אים צוגעבונדן, ווי ס׳וועדט צוגעבונדן אַ יונג מיידל צו דעם מאַן, וואָס באַזיצט זי צום ערשטן מאָל. אָבער ס׳איז דאָך געווען אין שמעונס הענט די מעגלעכקייט דאָס אַלץ פון איר צו פאַרמיידן, צו פאַרהיטן דערפון — און ער האָט דאָס נישט געטאָן. דאָס איז דער חילוק, דער טיפער אונטער־שיד צווישן דער לאַגע פון וויערא און דינהן, אָט דאָס איז עס, וואָס שטעקט ווי אַ דאָרן אין זיין געוויסן.

און דאָך האַלט ער נישט, אַז ער איז באַגאַנגען אַ זינד לגבי דינהן, אָבער אַ שטראָף וואָלט ער זייער גערן גענומען אויף זיך פאַר דעם וואָס ס׳איז מיט איר געשען. וואָס וועט זיין מיט איר? ווער איז דער מענטש, מיט וועלכן זי האָט פאַרבונדן איר גורל, אָדער דער גורל האָט זי פאַר־בונדן? האָט ער, שמעון, זיך דען נישט דערפאַר מיט איר נישט געזעגנט, ווייל ער איז אַנטלאָפן פון די דאָזיקע פראַגעס וואָס עגבערן כסדר זיין געדאַנק און צעשטערן זיין געמיט? קאָן אָבער זיין, אַז קיין אַנטרינונג דערפון איז נישט פאַראַן.



דער וועג איז גיך אַדורך. ס׳האָט אַנגעהויבן פאַלן אַ שניי און ס׳האָט זיך געטראָגן אַ ווינט. פון הויפּט־לאַגער האָט מען טעלעפאָניש נאָכגע־פרעגט, צי שמעון איז שוין אָנגעקומען. מען האָט אויך פאַראָרדנט, אַז אַלע גייענדיקע קראַנקע, וועלכע זענען באַשעפטיקט אויסער דעם געביט פון סטאַציאָנאַר, זאָל מען תיכף הייסן צוריקגיין אין די באַראַקן.

אָבער צו קיין „פּורגאַ" איז נישט געקומען. דער ווינט איז געווען אַ צו שוואַכער און זיך צעגאַנגען צווישן די אויסגעשניטענע וועגן פון דער טייגע. אומעטום איז געבליבן אַ ביסל ווינט, וועלכער האָט פאַמעלעך ווי איינגעדרימלט.

שמעונען האָט אויפגענומען אין סטאַציאָנאַר דער נאַטשאַלניק, דער געוועזענער פראָ.־ראַב., וולאַדימיראָוויטש, וועלכער האָט אַזוי ליב געהאַט הערן שמעונען זינגען ווערטינסקיס ליד „נאָס אבמאַנולי", מען האָט אונדז אָפּגענאַרט. דער נאַטשאַלניק האָט זיך דערפרייט מיט שמעונען, כאָטש געווען אַ צייט, ווען ער איז געווען אייפערזיכטיק אויף אים צוליב וויעראַן. איצט פרייט ער זיך מיט אים, נעמט אים אויף מיט אָפענע אָרעמס. שמעון זעט דאָרט גאַלאַן, אָט די וועלכע האָט געליטן אויף פּעלאַגרע, און בעת שמעון האָט זי אונטערזוכט האָט זי אים געוויזן איר אויסטאַטויִרטן געזעס.

שמעון זעט, אַז זי איז גאַר היימיש מיטן נאַטשאַלניק פון סטאַציאָנאַר און ער וווּנדערט זיך זייער, וואָס יענער האָט צו טאָן מיט אַזאַ פערוועזער פרוי, ווייל ער האַלט אים פאַר אַ הונדערט־פּראָצענטיקן מאַנצפּערשוין מיט געזונטע אינסטינקטן.

דער נאַטשאַלניק ווייסט, אַז שמעון קומט כמעט דירעקט פון איזאָלאַ־טאָר. ער אַליין איז אויך דאָרט געזעסן. דאָס איז געשען אַ קורצע צייט נאָך דער „איבערקערעניש”, ווען מען האָט אַלע נאַטשאַלניקעס אַראָפּגע־נומען פון זייערע פּאָסטנס און מען האָט זיי אַלע געשיקט אויף אַלגע־מיינער אַרבעט.

אין איינעם אַ פּאַרטאָג, ווען דער אייזערנער לאָם האָט אַ זעץ געטאָן אין דער דיקער שינע און געריסן די פאַרמאַטערטע אַרעסטאַנטן פון שלאָף, האָט זיך וולאַדימיר וולאַדימיראָוויטש אויפגעכאַפּט. ער האָט נאָך געהאַט זיין באַזונדער צימערל אין באַראַק פון די נאַטשאַלניקעס ווי אַ פּראָ.־ראַב. אָבער הייַנט האָט זיך אים נישט געוואָלט אויפשטיין — זאָל זיך אַלץ איבערדרייען מיטן קאָפּ אַראָפּ, זאָל די גאַנצע וועלט גיין צום טייוול — פאַר איין שעה שלאָף, זאָל זיין וואָס עס וועט זיין, אַבי נאָך אַ ביסל שלאָפן! די קויקע מיטן שוואַרצן קאַץ, וואָס נישט איין מאָל איז עס אים געווען דערווידער ביז משוגעת, איז אים איצט געווען ליב און טייער ווי אַ נאָענט לייב. ער האָט זיך איבערגעדעקט מיטן קאַץ ביז איבערן קאָפּ און ווי אַ טויכער אין אַ טיף וואַסער, אַזוי האָט ער זיך אַריינגעוואָרפן אין אַ טיפן שלאָף.

אויפגעריסן פון שלאָף האָבן אים ווילדע געשרייען. ווען ער האָט געעפנט די אויגן, האָט ער דערזען שטיין לעבן זיך וואַניאַ דעם באַריאַד־טשיק און סאַבאַטשאָוון. ביידע שרייען זיי מיט באַנומענע קולות איינצײ־טיק: צען טעג איזאָלאַטאָר, מיט אַרויספירן צו דער אַרבעט! זיי רייסן פון אים אַראָפּ דעם קאַץ, שלעפּן אים אַראָפּ פון דער קויקע און באַפעלן אים גיך זיך אָנטאָן. זיי לאָזן אים אַפילו נישט גיין אין דער קיך נאָך דער פּאַרציע עסן, נאָר שטופּן אים אַריין אַ פּייקע ברויט און שיקן אים מיט אַ סטריעלאָק אין וואַלד אַריין צו זיין בריגאַדע.

דאָס וואָס וולאַדימיר וולאַדימיראָוויטש ווייסט, אַז שמעון איז אויך געזעסן אין איזאָלאַטאָר דערנענטערט אים נאָך מער צו אים, כאָטש מיט וואָס און פאַרוואָס, ווייסט ער נישט.

שמעון ווייס נישט, ווי אַזוי דער געוועזענער פּראָ.־ראַב., וועלכן מען האָט געשיקט אויף אַלגעמיינער אַרבעט, איז געוואָרן נאַטשאַלניק פון סטאַציאָנאַר. ער האָט אים אויך נישט געפרעגט וועגן דעם. ער וויל נאָר

וואָס גיכער זיך באַקענען מיטן דאָקטאָר זאַלקין און געוואָר ווערן פון אים געננוי אין וואָס וועט באַשטיין זיין, שמעונס, אַרבעט אין סטאַציאָנאַר.

דעם דאָקטאָר זאַלקין טרעפן זיי אין דער זאַנע. ער טראָגט אונטערן אָרעם אַ שטויס פּאַפּקעס, מן־הסתם די קראַנקהייטס־געשיכטעס און אַנדערע פּאַפּירן פון די קראַנקע. אויף שמעונען און דעם נאַטשאַלניק קוקט ער זיך אַפילו נישט אום. ער איז אַריין צו זיך אין צימערל, נישט ווייט פון דעם באַראַק פאַר די ליגנדיקע קראַנקע. דער נאַטשאַלניק טוט אַ פילדייטנדיקן ווונק צו שמעונען. זיי וואַרטן אַ ווײַלע צו און גייען אַריין צו אים.

דאָקטאָר יאַקאָוו מאַיסעיעוויטש זאַלקין איז פון מיטעלער וווקס, ביי אַ יאָר עטלעכע פערציק. פון אונטער דער הויט פון זיין גוט אָפּראַזירטן קאָפּ און געזיכט שלאָגט אָפּער אַ שוואַרצקייט, אַ סימן פון געדיכטע טיף שוואַרצע האָר. אויגן שוואַרצע. פולע ליפּן, אויף וועלכע ס׳ליגט אַ גריי־מאַסע. ער מאַכט אויף שמעונען נישט קיין סימפּאַטישן איינדרוק.

דער דאָקטאָר באַגריסט זיך מיטן נאַטשאַלניק, וועלכער שטעלט פאַר אים פאַר שמעונען. דאָקטאָר זאַלקין טרעט באַלד צו צו דער זאַך. ער גיט איבער שמעונען אַ ריי קראַנקהייטס־געשיכטעס פון די ליגנדיקע קראַנקע ער זאָל זיך מיט זיי באַקענען, ווייל ער וועט זיך דאַרפן מיט די דאָזיקע קראַנקע באַשעפטיקן. ער רעדט צו שמעונען ווי אַ באַלעבאָס, ווי אַן אָרדי־נאַטאָר, כאָטש אין לאַגער איז נישט פאַראַן אַזאַ היעראַרכיע. אָבער שמעון נעמט אויף אַלע אָנווייזונגען פון דאָקטאָר זאַלקין, ווי זיי וואָלטן געקומען פון אַ העכערער אינסטאַנץ. ער נעמט דעם שטויס פּאַפּירן און גייט אַרויס מיטן נאַטשאַלניק.

דער נאַטשאַלניק דערציילט שמעונען, אַז דער דאָקטאָר איז אַ מינס־קער ייִד, אַ קאַרדיאָלאָג. ער איז דאָ געקומען פון אַ צווייטן לאַגער. ער זיצט שוין דאָס דריטע יאָר, האָט אַ שווערן אורטייל נאָך אויף אַ סך יאָרן. אין סטאַציאָנאַר גיט ער זיך מיט קיינעם ספּעציעל נישט אָפּ, איז אַ שוויי־גער, אַן אָנגעכמורעטער, אַ פאַרשלאָסענער אין זיך. צו די קראַנקע איז ער שטרענג, אָבער געוויסנהאַפט. ער איז אויך שטרענג צו זיך. וויל נישט געניסן פון קיין שום פאַרלייכטערונגען און פּריווילעגיעס, כאָטש זיי זענען נישט קעגן דעם לאַגער־רעגולאַמין.

אויפן וועג צוריק ווייזט דער נאַטשאַלניק אָן שמעונען אויף אַ שטיבל ביים באַראַק פון די גייענדיקע קראַנקע. צום שטיבל פירט אַ טיר פון דרויסן, אויף דער זאַנע אַרויס. דאָס צימערל איז באַשטימט פאַר שמעונען.

דער נאַטשאַלניק געזעגנט זיך מיט אים און שמעון איז פאַרוווּנדערט וואָס יענער בעט אים נישט צו זיך. ער איז געווען זיכער, אַז וולאַדימיר

וולאַדימיראָוויטש וועט אים בעטן — זינגט מיר, דאָקטאָר, דאָס ליד „נאָס אַבמאַנולי“, מען האָט אונדז אָפּגענאַרט, ווי ער פּלעגט דאָס אָפט בעטן אויפֿן הויפּט־לאַגער, און ער, שמעון, וועט זינגען ווערטינסקיס ליד מיט אַזאַ אינטאָנאַציע, אַז יענער זאָל מיינען, אַז דאָס ליד האָט פֿאַרבאָרגענע פּאָליטישע אַקצענטן.

אָבער נישט איצט און נישט שפּעטער אין אָוונט האָט דער נאַטשאַלניק נישט איינגעלאַדן שמעונען צו זיך. שמעון איז געזעסן אַ גאַנצן אָוונט ביז האַלבער נאַכט ביי אַ נאַפּט־לעמפּל און געלייענט די קראַנקהייטס־געשיכטעס. צומאַרגנס, ווען ער איז געקומען אין באַראַק, האָט ער שוין פֿון די דאָקומענטן געקענט אַלע קראַנקע.

דאָס צימערל, וועלכעס שמעון האָט דאָ באַקומען, האָט אויסגעזען געגנוי אַזוי, ווי דאָס וואָס ער האָט געהאַט אין באַראַק פֿון דער סאַן.־אָפּטיילונג אויפֿן הויפּט־לאַגער, נאָר אַ ביסל גרעסער, גערוימער. די ענלעכקייט פֿון די צוויי צימערלעך האָט אַ פּיר געטאָן זיין געדאַנק צו וויעראַן. זיין זכרון האָט זיך אַ גליטש געטאָן איבער איר געשטאַלט. אָבער נאָר אַ גליטש געטאָן. נישט מער.

פֿאַרנאַכט־צו האָט עמעצער אָנגעקלאַפּט אין טיר. דאָס איז געווען אַן אַרעסטאַנט, אַ טונקל־הויטיקער מיט ברענענדיקע, לויכטנדיקע אויגן. ער האָט געבראַכט פֿאַר שמעונען אַ מענאַשקע מיט עסן, זיך פֿאַרגעשטעלט ווי אַ סאַניטאַר פֿונעם באַראַק פֿאַר ליגנדיקע קראַנקע, הייסט דאַווידאָוו. אַזוי ווי איצט, אין דער פּופּייקע און בושלאַט, אַן אַ ווייס רעקל און אַן אַ ווייס פֿאַרטעך, זעט אים צומאָרגנס שמעון ביי דער אַרבעט אין באַראַק.

ער ווערט געוואָר די געשיכטע פֿון דאַווידאָוון.



אַ זון פֿון אַ באַמיטלטן רוסישן פּויער, האָט דאַווידאָוו שטענדיק געטרוימט וועגן וווינען אין אַ שטאָט, כאָטש אין אַ שטעטל. אים האָט געצויגן צו מיסחר, גאָרנישט ווי אַ פּויעריש קינד. אָפּילו אויסערלעך האָט ער נישט אויסגעזען ווי אַ פּויער. ער איז געווען אַ טונקל־הויטיקער ווי אַ ציגיינער. מיט לאַנגע, שוואַרצע גלאַטיקע האָר, פֿון מיטעלן וווקס און מיט אַן איידעלן קערפּער־בוי.

דאַווידאָוו האָט געדינט אין דער רוסישער אַרמיי, ווען ס'איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה. נאָך דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע און נאָך דער פּויליש־באָלשעוויסטישער מלחמה, איז ער צוריקגעקומען

אַ געזונטער און אַ גאַנצער אין דאָרף, פון וועלכן ער האָט געשטאַמט. וועגן דעם, וואָס ער האָט געטאָן בעת דער רעוואָלוציע, אויף וועמענס זייט ער האָט געקעמפט אין דער צייט פון בירגער־קריג און ווו ער איז געווען אין דער צייט פון דער פויליש־באָלשעוויסטישער מלחמה, וועגן דעם האָט ער קיינמאָל גאָרנישט דערציילט, אַפילו ווען מען האָט אים אומדירעקט אַ פרעג געטאָן וועגן דעם.

דאָס דאָרף פון זיינע עלטערן איז נאָך דער מלחמה אויסגעפאַלן נאָענט פון דער פוילישער גרענעץ. ווען דאַווידאָוו איז אַהיימגעקומען, איז ער שוין אַלט געווען ביי אַ דרייסיק יאָר. ער האָט חתונה געהאָט מיט אַ שיין דאָרפיש מיידל, אָבער בלייבן אין דאָרף האָט ער שוין נישט געקאָנט. די בייגונגען זיינע פון אַ מאָל צו דער שטאָט, זיין אומרואיקייט, זיין וועלן זיין אַן אויפטוער, זענען נאָך איצט שטאַרקער געוואָרן. דאָס דאָרפס־לעבן מיט זיין שטילקייט און מיטן לאַנגן בערישן ווינטער, האָט אים געלאַנגוויי־ליקט. מוראדיק געלאַנגווייליקט. ער איז אַרויס פון דאָרף און זיך באַזעצט אין אַ דערנעבנדיק שטעטל.

ס׳איז געווען די צייט פון „נעפּ". דעם „נעפּ" האָט מען נאָר אָפּגעפּילט אין די גרויסע שטעט, ווו ס׳האָבן זיך געשאַפן ברייטע האַנדלס־מעגלעכ־קייטן, אָבער אין דעם שטעטל, האַרט ביי דער פוילישער גרענעץ, איז אַלץ פאַרבליבן אָפּגעשטאָרבן, געגנוי ווי אין די יאָרן בעת און באַלד נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע.

דאַווידאָוו האָט זיך אָנגעהויבן פאַרנעמען מיט מסחר. ס׳איז אים נישט געגאַנגען. ער האָט זיך געפּרוווט דערנענטערן צו די שטעטלישע יידן, געוואָלט פון זיי געוואָר ווערן דעם סוד פון דערפאָלג אין האַנדל. אָבער די יידן אין דעם גרענעץ־שטעטל זענען געווען דעקלאַסירטע מענטשן. די דרייסטערע פון זיי זענען אַרויס אין די גרעסערע ווייסרוסישע שטעט, אָבער די פאַרבליבענע האָבן געלעבט אין גרויס דחקות.

דעמאָלט האָט דאַווידאָוו אונטערגערוקט זיין אומרואיקער געדאַנק דעם פּלאַן צו גיין איבער דער סאָוויעטיש־פּוילישער גרענעץ מיט שמוגל. ער האָט צונויפגעזאַמלט אַ ביסל געלט, עס אויסגעטוישט אויף פּוילישע זלאָטעס, וואָס איז נישט געווען שווער אין אַ גרענעץ־שטעטל, אַריבער־געגאַנגען די גרענעצן און אין פּוילן איינגעקויפט אַ ביסל מאַנופאַקטור און שפּייז, ווייל אין רוסלאַנד האָט אַלץ געפעלט, און מען האָט ביי דעם זייער גוט פאַרדינט.

דאַווידאָוו איז נישט געגאַנגען בלויז אין פאַרדינסט, אים האָט געצויגן די אַוואַנטורע, דער האַזאַרד, דאָס איינשטעלעניש. דאָס גנבענען די גרענעץ

אין די פינצטערע נעכט, דאָס טויט־געפאַר, וואָס איז דערמיט פאַרבונדן. יעדע נישט־פאָרזיכטיקע באַוועגונג, יעדע רגע אַזאַ — איז געווען פול מיט סכנה. און טאַקע דאָס טויט־געפאַר, וואָס האָט אים כסדר באַגלייט, האָט נאָך מער ווי ביז איצט געררייצט זיין לעבנס חשק.

דאַווידאָוו האָט אָנגעהויבן פירן אַ ברייט, פאַרשווענדעריש לעבן. ביי אים איין שטוב, ווען ער פלעגט צוריקקומען פון אַזאַ סכנותדיקער אונ־טערנעמונג, האָט מען אין די הונגער־יאָרן געגעסן און געטרונקען פון בעסטן און שענסטן, ווי ס'וואָלט כסדר געווען אַ גרויסע חגא. און נישט נאָר זיין משפחה, עס האָבן מיטגעגעסן און מיטגעטרונקען מיט זיי זיינע חברים און אַפילו סתם באַקאַנטע.

אָבער לאַנג האָט דער יום־טוב אין זיין שטוב נישט אָנגעהאַלטן. אין איינער אַ נאַכט, ווען ער איז געגאַנגען צו דער פוילישער גרענעץ, זענען אים אויפן וועג באַפאַלן צוויי ריזיקע הינט. זיי האָבן זיך געשטעלט אויף די אונטערשטע פיס און מיט די פאָדערשטע אים געהאַלטן ביי די אָרעמס. קיין ביל נישט געטאָן, נאָר געהאַלטן אים פעסט ווי אין אייזערנע צוואַנגען. דער אינסטינקט האָט אונטערגעזאָגט דאַווידאָוון, אַז ער טאָר זיך קיין ריר נישט טאָן, ווייל די הינט וועלן אים צערייסן אויף שטיקער.

באַלד האָבן זיך דערהערט עטלעכע שאָסן אין דער לופטן. ס'האָט געדויערט נאָר עטלעכע מינוט און צו דעם אָרט ווו די צוויי הינט האָבן געהאַלטן דאַווידאָוון, זענען צוגעקומען צוויי זעלנער פון דער סאָוועטי־שער גרענעץ־וואַך. אין דער רגע ווען זיי האָבן אָנגעטאָן דאַווידאָוון קייטן אויף די הענט, האָבן אים די הינט אָפּגעלאָזט. זיי האָבן פּאַמעלעך און רואיק באַגלייט דאַווידאָוון און די זעלנער צום הייזל פון דער גרענעץ־וואַך.

ביי דער אויספאָרשונג האָט דאַווידאָוו געטענהט, אַז ער איז אַ שמוג־לער. וואָלט מען ביי אים געפונען סחורות פון פוילן, וואָלט מען אים אפשר געגלייבט. אָבער אַזוי ווי מען האָט ביי אים געפונען נאָר אַ רע־וואָלווער און אַ גרעסערע סומע פויליש געלט, האָט מען אים אָנגענומען פאַר אַ פוילישן שפּיאָן.

מען האָט אים פאַרמשפּט צום טויט פאַר שפּיאָנאַזש. געשיקט פון טורמע צו טורמע. דאַווידאָוו האָט נישט באַנומען פאַרוואָס מען פירט נישט אויס איבער אים דעם טויט־אורטייל, פאַרוואָס מען דערשיסט אים נישט. ס'איז ביי אים געוואַקסן די שפּאַנונג. ער האָט געזען דערין אַן אופן פון איזדיעקעווען זיך איבער אים. יעדעס מאָל, ווען ער האָט אין דער נאַכט געהערט טריט אין תפיסה־קאָרידאָר, איז ער געווען זיכער, אַז מען קומט נאָך אים, אַרויסצופירן אים צום דערשיסן. דאָס זענען געווען די רירנ־

דיקסטע רגעס אין זיין לעבן. ער האָט דעמאָלט רחמנות געהאַט אויף זיך, אויף זיינע יונגע יאָרן, אויף זיין שיין ווייב און די געראָטענע קינדער. ער האָט אין די רגעס פאַרגעסן אין דעם שלעכטס וואָס איז אים געשען, און געוואַרט אויף דעם טויט ווי אויף אַן אויסלייזונג.

די טריט אין קאָרידאָר זענען פאַרשטילט געוואָרן און דאַווידאָוו איז ווידער געבליבן אין דער קאַמער. ס׳פלעגט אים דעמאָלט באַפאַלן אַן עקל און אַ צאָרן אויף זיך אַליין. ער האָט נישט געוווּסט קעגן וועמען צאָרנט ער. צי קעגן דעם לעבן וואָס וויל נישט פון אים אָוועקגיין, צי קעגן דעם טויט, וואָס וויל צו אים נישט קומען. ער פלעגט באַקומען אַנפאַלן פון שגעון, געהאַקט מיט די הענט און פיס און מיטן קאָפּ אין דער טיר פון זיין קאַמער, געקלאַגט און געבעטן מען זאָל אים דערשיסן, מען זאָל שוין איין מאָל פאַר אַלע מאָל מאַכן מיט אים אַ סוף.

דער נאַטשאַלניק, וולאַדימיר וולאַדימיראָוויטש, וועלכער האָט דאָס דערציילט שמעונען, האָט געהאַלטן, אַז מן־הסתם האָט מען דאַווידאָוון יאָ באַגנעדיקט. אויב נישט וואָלט מען אים דערשאָסן. נאָר ס׳איז זייער מעגלעך, אַז ווען דער באַגנעדיקונגס־אַקט איז אָנגעקומען צו דער תפיסה־מאַכט, האָט מען שוין דאַווידאָוון געהאַט איבערגעשיקט אין אַ צווייטער תפיסה. קאָן זיין, אַז דער נאַטשאַלניק פון דער תפיסה האָט יאָ איבערגעשיקט דעם באַגנעדיקונגס־אַקט אין דער צווייטער תפיסה, אָבער דאַווידאָוו איז שוין ווידער געווען אין אַן אַנדערער. ס׳קאָן אויך זיין, אַז אַזוי ווי דאַווידאָוו איז שוין אויף דעם אָרט נישט געווען, האָט דער נאַטשאַלניק באַלד דעם אַקט נישט איבערגעשיקט. ס׳איז אויך מעגלעך, אַז ער האָט אים יאָ איבערגעשיקט, נאָר אויפן וועג איז דער אַקט פאַרלוירן געגאַנגען, אָדער פאַרוואַרפן געוואָרן צווישן פאַפּירן, צו וועלכע מען רירט זיך מער נישט צו. ווי ס׳זעט אויס, האָט דער נאַטשאַלניק געגעבן צו פאַרשטיין שמעונען, האָט מען דאַווידאָוון געשיקט פון איין אָרט אויפן צווייטן דערפאַר, ווייל די תפיסה־מאַכט האָט נישט געוווּסט וואָס מיט אים צו טאָן. נישט ס׳איז געווען אַ באַפעל אים צו דערשיסן און נישט ס׳איז געווען אַ באַגנעדיקונגס־אַקט. אויך דערפאַר וואָס דאַווידאָוו איז געווען אַזוי געשפאַנט און זייער אָפּט געהאַט אַנפאַלן, אַנפאַלן פון פחד פאַרן טויט און פון פאַרצווייפלונג, האָט מען אים אָפּט געהאַלטן אין קאַרצער. זיין גאַנץ אויפפירן זיך און זיין נישט־באַשטימטע לאַגע, איז געווען אַ קאָפּ־דרייעניש פאַר דער תפיסה־מאַכט. און יעדער האָט געוואָלט פון אים וואָס גיכער פטור ווערן.

אַזוי האָט ער געוואַנדערט פון איין תפיסה אין דער צווייטער, גע־שוועבט צווישן לעבן און טויט.

ערשט ווען דאַווידאָוו איז אָנגעקומען אין אַרבעטס־לאַגער אויפן סאַמע ווייטסטן צפון, האָט ער זיך מיט אַ מאָל באַרואיקט. ס׳איז אים באַפאַלן אַ חשק צו לעבן, צו בלייבן לעבן פאַר יעדן פּרייז. ער האָט זיך שוין אַפילו נישט באַמיט מען זאָל אים אויפקלערן זיין לאַגע, צי האָט מען אים באַגנעדיקט, אַדער ס׳הענגט איבער אים דער טויט־אורטייל. פאַר־קערט, ער האָט אויסגעמיטן וועגן דעם צו רעדן, נישט דערמאָנט מיט קיין וואָרט. געאַרבעט פלייסיק, געווען שטיל און זיך קיינמאָל נישט געריסן צו פאַרנעמען עפּעס אַ העכערע שטעלע, אַפילו נישט פון קיין בריגאַדיר.

איצט, ווען שמעון האָט אים געזען, איז דאַווידאָוו שוין געזעסן אי־בער צוואַנציק יאָר אין טורמעס און לאַגערן. ער איז אַלט קרוב פופציק יאָר. די שוואַרצע, גלאַטע האָר לייכט באַזילבערט. די הויט אויפן פּנים טונקל, ווי ער וואָלט געקומען פון אַ דרום־לאַנד, און נישט ווי נאָך צוויי צענדליק יאָרן זיין כסדר אויפן ווייטן צפון.

שמעון באַמערקט אין דאַווידאָווס אויגן אַ ספּעציעלן גלאַנץ, אַ גלאַנץ פון פאַרווירטקייט, ער איז אין אַ כסדרדיקער פאַרטראַגנקייט, ווי אַ לייכט שיכורער. ער איז שיכור פון זיצן אין לאַגער, פון דער אָפּגעריסנקייט פון דער אַרומיקער וועלט, האָט דאָס געפיל, ווי ער וואָלט נישט געגאַנגען אויף דער ערד, נאָר געשוועבט.

דאַווידאָוו איז אינגאַנצן אויסגעטרוקנט. ער האָט נישט געגעסן ווי אַלע אַנדערע אַרעסטאַנטן, נישט נאָר נישט געווען גייציק אויף אַ ביסל צוגאָב־עסן, נאָר אַפילו זיין אייגנס אויך נישט אויפגעגעסן. ער פלעגט אַ נעם טאָן עטלעכע לעפל זופּ און די רעשט אַוועקגעבן. די פּייקע ברויט האָט ער געהאַלטן ביי זיך, פון מאָל צו מאָל אַ ביס געטאָן און אַ זופּ געטאָן אַ ביסל וואַסער, און דאָס האָט ער געהאַט גענוג.

דאַווידאָוו האָט נישט קיין געפיל פון הונגער, נישט קיין געפיל פון צייט. ער געדענקט שוין נישט ווי לאַנג ער איז אַן אַרעסטאַנט. ער גיט זיך אַפילו נישט אָפּ קיין חשבון, אַז ער וועט שוין בלייבן אַן אַרעסטאַנט ביזן סוף פון זיין לעבן. ער האָט נישט קיין באַגריף וועגן אַנהייב און סוף, ער האָט נאָר אַ געפיל פון „שטענדיק״. אים דוכט זיך טיילמאָל אויס, אַז ס׳איז שטענדיק אַזוי געווען מיט אים, ווי איצט, און אַזוי וועט עס בלייבן.

אַלע געפילן פון דאַווידאָוון זענען געוואַנדן צו די קראַנקע אַרעסטאַנטן. ער איז צו זיי גרענעצלאָז גוט. זיין גוטסקייט איז אַ שטראַלנדיקע, זי

גייט פאַר אים. ער האָט נישט אויפגעהערט שמייכלען צו די קראַנקע, וועלכע האָבן אין אים געזען אַ שליח פון אַ בעסערער וועלט.

דאַווידאָוו איז נישט געווען קיין ריכטיקער סאַניטאַר, ער איז געווען געהילפס־סאַניטאַר. מען האָט אים געהאַט געבראַכט אין סטאַציאָנאַר צו־ליב אַ לונגען־אַנצינדונג. ווי נאָר ער איז אַרויס פון געפאַר, געקאָנט זיך באַוועגן, האָט ער מיט זיין אָרעם ביסל כוחות שוין אָנגעהויבן באַדינען די אַנדערע קראַנקע. די דאָקטוירים האָבן דאָס באַמערקט און, ווען דאַ־ווידאָוו איז געזונט געוואָרן, האָבן זיי זיך באַמיט מען זאָל אים באַשעפטיקן אין סטאַציאָנאַר.

ער האָט צוגעהאָלפן די סאַניטאַרן, אָבער דער עיקר די קראַנקע, באַדינט די, וועלכע האָבן נישט געטאָרט, צי נישט געקאָנט אַראָפּגיין פון בעט און דערלעדיקט זייער געברויך אין בעט, אָדער אין אַ ספּעציעל געשטעל לעבן בעט. ער פלעגט זיי העלפן דערביי, ווי זיי וואָלטן געווען קליינע קינדער. ער פלעגט באַדינען אַפילו אַזעלכע קראַנקע, וועלכע האָבן זיך שוין אַליין געקאָנט אַן עצה געבן. האָט זיי פאַרגינען דאָס ביסל צערטלעכקייט וואָס זיי האָבן געגאַסן פון אים. דאַווידאָוו האָט גוט געוווּסט, אַז פאַר אַ מענטש אונטער אַזאַ האַרטן לאַגער־רעזשים, איז אַ ביסל גוטס־קייט דאָס טייערסטע געשאַנק.



אַ סך קראַנקע האָבן געליטן פון אַ פּסיכישן הונגער, כאָטש אין סטאַציאָנאַר האָט מען געגעבן גענוג צו עסן. יעדנפאַלס איז די צאָל קאַלאָריעס געווען אַ גענוגנדיקע, בפרט פאַר קראַנקע וואָס האָבן נישט געאַרבעט. דאָס עסן איז געווען געשמאַק. דאָך האָבן טייל קראַנקע, דער עיקר די כירורגישע פאַלן, ווי מיט אַן אויסגעלענקטן פוס, אַ שווערער קלאַפּ, פון וועלכן דער פוס איז געשוואָלן געוואָרן, געליטן פון אַ כסדר־דיקן הונגער.

ווען שמעון קומט אין סטאַציאָנאַר, געפינט זיך דאָרט אַ ייִד, אַ גימ־נאַזיאַל לערער. אין לאַגער איז ער אַ בריגאַדיר פון אַ בריגאַדע אוקאַטשי־קעס, וואָס לייגן אָפּגעשניטענעביימער אין שטאַבלעס ביים ברעג פון טייך. ער פלעגט זיך באַגנוגענען מיט דעם עסן, וואָס ער האָט באַקומען לויט דעם, וויפיל זיין בריגאַדע האָט אויסגעאַרבעט.

אָבער אין סטאַציאָנאַר איז ער כסדר הונגעריק. יעדעס מאָל, ווען שמעון גייט אַדורך דעם באַראַק מיט די קראַנקע, פילט ער אויף זיך דעם

בליק פונעם לערער. ער קוקט אויף שמעונען מיט אַ פּאָר ווילדע, אויפֿגעריסענע אויגן און מיטן ווייז־פינגער ווייזט ער אָן אויף זיין אָפן מויל, אַז ער דאַרף דאָרט עפּעס אַריינלייגן.

דער לערער ליגט אין סטאַציאָנאַר צוליב אַ באַקומענעם קלאַפּ אין אַ פוס. נאָך דעם ווי דער פוס האָט זיך אויסגעהיילט, האָט שמעון אים געוואָלט האַלטן נאָך עטלעכע איבעריקע טעג. ער איז אַן עלטערער מענטש און דאַרף זיך פשוט אַ ביסל אויסרוען. אָבער זעענדיק ווי ער פייניקט זיך צוליב דעם אומאויפהערלעכן הונגער, באַשליסט שמעון, אַז ס'איז גלייכער פאַר דעם לערער צוריקצוקערן זיך צו דער אַרבעט.

אַזעלכע פאַלן טרעפן זיך זייער אָפט.



אין סטאַציאָנאַר זעט שמעון אויך ליגן דעם געוועזענעם קאָמענדאַנט פון אונטער־פונקט, דעם מיטן שמאָלן, איידעלן פנים און מיט די גרינע אויגן, קאַלצאָוו, וואָס איז געווען אייפערזיכטיק אויף שמעונען צוליב וויעראַן און ער האָט דאָס דערפירט צו איר פאַרשיקונג און צו שמעונס דעמאָלסדיקער דעגראַדאַציע.

דעם קאָמענדאַנט האָט מען געהאַט אַראָפּגענומען פון דער שטעלע באַלד נאָכדעם. דאָס איז געווען וויעראַס לעצטער אויפטו, איר נקמה איבערן קאָמענדאַנט. זי האָט דערציילט וועגן די אַלע גניבות, וועלכע ער האָט פאַר דער לעצטער צייט דורכגעפירט. זי האָט דערציילט ווי ער פלעגט גנבענען מעדיקאַמענטן אין דער אַמבולאַטאָריע, אַפילו וועגן דעם באַרג צואה אונטערן פענצטער פון דער אַמבולאַטאָריע, ווען ס'איז געקומען די דאָקטוירים־קאָמיסיע, האָט זי אויך דערציילט.

כאָטש זי אַליין האָט געדאַרפן שטיין פאַר אַ געריכט פון ענקאַוועדע פאַרן עובר זיין אויף די לאַגער־געזעצן, האָט מען זיך פונדעסטוועגן צוגעהערט צו אירע רייד. איר שטאַלצע האַלטונג, אַפילו איצט אין איר לאַגע, האָט געוועקט דרך־ארץ. זי האָט געהאַלטן הויך דעם בלאָנדן שיינעם קאָפּ, אַפילו געשמייכלט און די חן־גריבעלעך אין אירע באַקן האָבן געשפּילט.

זי איז געווען אינערלעך פריי. זי האָט נישט געגנבעט קיין זאַכן, נישט קיין געלט, נישט קיין טאַלאָנען, ווי דאָס האָט זיך געפירט אין לאַגער. זי האָט געגנבעט ליבע, און ליבע, האָט זי געהאַלטן, מעג מען גנבענען, כאָטש מען וועט דערפאַר באַשטראָפט. די שטראָף איז אַ דיסצי־

פּלינאַרע, און דיסציפּלין אין לאַגער איז נישט אַלע מאָל מאָראַליש, פאַר־קערט, אָפט מאָל איז זי אוממאָראַליש.

אויף די פּראָגעס וועגן שמעונען, ענטפערט זי נישט. נישט דערפאַר ווייל זי שעמט זיך מיט דער דאָזיקער פאַרבינדונג, נישט צוליב צניעות און נישט ווייל זי האַלט ליבע פאַר אַ הייליקייט, פאַר טאַבו, וואָס קיין פרעמדער טאָר זיך דערצו נישט צורירן. זי ענטפערט נישט, ווייל זי זעט, אַז אירע באַציאונגען מיט שמעונען זענען געענדיקט, וויל זי מער נישט רעדן וועגן דעם.

איר געפיל צו שמעונען איז געווען עכט. זי האָט אים ליב געהאַט, געטראַכט וועגן אַ בשותפותדיקער צוקונפט מיט אים. אָבער מיט דער רגע ווען זי האָט געזען, אַז דאָס איז איר צעשטערט געוואָרן, האָט זי אינגאַנצן אויפגעהערט וועגן אים צו טראַכטן, ווי ער וואָלט קיינמאָל פאַר איר נישט עקזיסטירט.

אַזוי איז זי געווען, אַזאַ איז געווען איר דערציאונג. וועגן דער מאַרק־סיסטישער דיאַלעקטיק, האָט זי זיכער קיין טיפערן באַגריף נישט געהאַט, אָבער צופּאַסן דעם דאָזיקן וועלט־באַנעם צו זיך, דאָס האָט זי גוט געקאָנט.

מען האָט זיי צעטיילט, און זי האָט איצט געהאַט דאָס געפיל וואָס מען האָט, ווען אַ שיף שלאָגט זיך אָפּ פונעם ברעג פון אַ פרעמד לאַנד.

ווען די ענקאַווועדע־לייט האָבן איר געפרעגט פאַרוואָס זי האָט וועגן די גניבות נישט געמאָלדן, האָט זי נישט דערציילט, אַז שמעון האָט די גאַנצע צייט מורא געהאַט פאַר דער נקמה פון די קרימינעלע אַרעסטאַנטן און דאָס האָט זי צוריקגעהאַלטן. זי האָט שמעונס נאָמען נישט דערמאָנט, נישט צום גוטן און נישט צום שלעכטן. אויף דער פראַגע האָט זי געענט־פערט, אַז זי האָט זיך נישט וויסן געמאַכט וועגן די גניבות, ווייל די אַרבעט אויפן אונטער־פונקט איז געגאַנגען אַזוי גוט, אַז זי האָט נישט געוואָלט מיט גאָרנישט זי צעשטערן.

מען האָט דעם קאָמענדאַנט באַלד אַראָפּגענומען פון פּאָסטן און געשיקט אויף אַלגעמיינער אַרבעט אין טאַרטאַק, אָבער לאַנג האָט דאָס נישט געדויערט. זיין טובערקולאָז־קראַנקהייט האָט זיך אַקטיוויזירט און מען האָט אים איבערגעשיקט אין סטאַציאָנאַר.

ווי נאָר שמעון האָט אים דערזעען, האָט ער באַלד אויפגעכאַפּט דעם גלעזערנעם גלאַנץ פון זיינע גרינע אויגן און די פאַררעזקייט פון זיין איידל מאַט פנים. ס'איז אים געווען קלאָר, אַז קאַלצאָוו האָט היץ, אַ רעזולטאַט פון אַן אַקטיוון לונגען פראָצעס.

יענער איז צו שמעונען זייער צוריקגעהאַלטן. ווען שמעון קומט צו

צו זיין בעט, ענטפערט ער אים קוים אויף די געשטעלטע פראַגן. ער באַקלאָגט זיך אויף גאָרנישט, בעט נישט גאָרנישט. דאַקעגן ווען שמעון קומט צוזאַמען מיט דאָקטאָר זאַלקין, הערט ער זיך נישט אויף צו באַ־קלאָגן, ער לאָזט דעם דאָקטאָר נישט אָוועק פון זיך און האָט אַ באַרג מיט בקשות.

שמעון האָט אויך באַמערקט, אַז שטענדיק, ווען ער גייט צופעליק אַדורך דעם באַראַק, זעט ער אַזאַ בילד: קאָלצאָוו ליגט אין זיין בעט גלייך, אויפן רוקן, די קראַנקע פון די זייטיקע בעטן ליגן מיט די פּנימער צו אים, אויך אַנדערע זיצן אויף זיין בעט און הערן זיך צו מיט גרויס אינטערעס צו דעם, וואָס ער דערציילט זיי.

ווי נאָר ער דערזעט שמעונען, רייסט ער איבער דאָס דערציילן און אַלע קראַנקע צעגייען זיך אויף זייערע ערטער.

שמעון איז זיכער, אַז דאָס דערציילט ער רכילות וועגן אים, ער איז אים מסתמא חושד אַז דאָס האָט ער, שמעון, אַריינגעטראָגן אויף אים די מסירה — און צוליב דעם האָט מען אים אַראָפּגענומען פונעם פּאָסטן.



אַ ספּעציעלן טאַלאַנט האָט שמעון געהאַט צו געווינען דעם צוטרוי פון די קראַנקע צו זיך. דעם דאָזיקן טאַלאַנט האָט ער אַרויסגעוויזן פון ערשטן טאָג, ווען ער האָט אָנגעהויבן אַרבעטן אין וואַרשע אין שפּיטאָל. אים האָט דער קראַנקער מער געגלייבט ווי דעם הויפּט־דאָקטאָר. פאַר שמעונען פלעגן די קראַנקע אויסדערציילן פאַרשידענע איינצלהייטן פון זייערע קרענק, פאַר אים פלעגן זיי זיך באַקלאָגן אויף זייערע קוועלן. אַפילו די סאַמע קלענסטע.

אין משך פון עטלעכע טעג האָט שמעון אויך דאָ, אין סטאַציאָנאַר, געוווּנען דעם צוטרוי פון די קראַנקע אַרעסטאַנטן, ער אונטערזוכט זיי נישט נאָר אין דעם באַראַק, נאָר די ערנסטע קראַנקע רופט ער אַריין אין זיין וווין־שטיבל און באַטראַכט יעדן גרונטלעך, פרעגט יעדן אויס נישט נאָר וועגן זיין קראַנקהייט, נאָר וועגן זיינע קוועלן, און נישט זעלטן ווערט ער דערביי געוואָר די טראַגישע לעבנס־געשיכטעס פון זיי.

דאָקטאָר זאַלקין קוקט מיט אַ בייז אויג אויף שמעונס פירעכץ מיט די קראַנקע אַרעסטאַנטן, אַ פירעכץ, וואָס קיינער אין לאַגער וואָלט זיך דערויף נישט דערלויבט, ווייסנדיק, אַז ער קאָן דערמיט ברענגען אויף זיך

גרויסע צרות. ער מאַכט שמעונען אַ קורצע, אָבער שאַרפע באַמערקונג. ווען ער זעט, אַז שמעון שמועסט זיך אָפּ מיט אַ קראַנקן, זאָגט ער מיט כעס:

— דאַ אַסטאַוועטיע ס׳וואַשעי טשאַסטנאַי קליניקאַי, דאָקטאָר גוט־פריינד! לאָזט צורו מיט אייער פּריוואַטער קליניק, דאָקטאָר גוטפריינד.

אָבער שמעון פאַרשטייט נישט דעם דאָקטאָר זאַלקינס כוונה. ער פילט זיך פּשוט פון אים פּאַסטפּאַנירט, און ענטפערט גראָב:

— אויב איך געפעל אייך נישט, קאָנט איר זיך באַקלאָגן אויף מיר וווּ איר ווילט.

דאָקטאָר זאַלקין מאַכט אַ משונהדיקע גרימאַסע, ווען ער הערט דאָס פון שמעונען, ער כאַפּט אַ שטויס מיט פּאַפּקעס אונטערן אָרעם און לויפט אַרויס.

איין מאָל, ווען ביי שמעונען געפינט זיך אַ קראַנקער, רופט ער זיך אָן צו אים, נאָכן באַטראַכטן — זאָגט מיר, זייט אַזוי גוט, וואָס דערציילט אייך דאָס קאַלצאַוו אַזעלכעס אינטערעסאַנטס, אַז איר אַלע זענט אַזוי איינגעהערט אין זיינע ווערטער?

— דאָס דערציילט ער אונדז פון אַ בוך וואָס הייסט „גראַף מאָנטע קריסטאָ״ — ענטפערט דער קראַנקער. דעם נאָמען פון מחבר, אַלעקסאַנ־דער דימאַ, האָט דער אַרעסטאַנט נישט געדענקט.

— ער דערציילט אַלץ געגוי. ער קען דאָס גאַנצע בוך אויסווייניק. מיר דאַכט זיך, אַז ער וועט קיינמאָל נישט ענדיקן דערציילן. און ווען יאָ, זאָגט ער צו עס צו דערציילן נאָך אַ מאָל.

דער אַרעסטאַנט, מיט וועלכן שמעון רעדט איצט, איז אַ פּאָליטישער. ער דערציילט וועגן זיך, אַז איין אָנהויב האָט ער זיך נישט אינטערעסירט מיט דעם וואָס קאַלצאַוו דערציילט. אָבער די גיריקייט פון די אַנדערע קראַנקע צו הערן, האָט אים אויך אָנגעשטעקט, און ער הערט זיך גערן צו צו דער דערציילונג.

ווען דער קראַנקער קאַלצאַוו האָט דערפילט, אַז אים הויבט אָן ווערן בעסער, איז ער געוואָרן שטאַרק אומרואיק וועגן זיין ווייטערדיקער לאַגע. ער האָט מורא געהאַט, אַז בקרוב וועט מען אים צוריקשיקן אין לאַגער אויף אַלגעמיינער אַרבעט, אָדער אין אַן אינוואַלידן־לאַגער פאַר כראָ־ניש קראַנקע.

ווי קאַלצאַוו האָט זייער נישט געוואָלט מען זאָל אים צוריקשיקן אין הויפּט־לאַגער, האָט ער נאָך מער נישט געוואָלט מען זאָל אים איבערשיקן אין אַ שפּיטאָל אָדער אין אַן אינוואַלידן־לאַגער. זיין טרוים איז געווען בלייבן אַ לענגערע צייט אין סטאַציאָנאַר און ערשט דערנאָך צוריקקערן

זיך אין הויפּט־לאַגער. ער איז געווען זיכער, אַז נאָך אַ לענגערע צייט זיין אין סטאַציאָנאַר, וועט מען אים נישט שיקן צו קיין שווערער אַרבעט, נאָר אים געבן אַ פּאָסטן, אויב נישט פון קיין קאָמענדאַנט איז פון אַ דיע־סאַטניק, צי אַ בריגאַדיר. ער וועט ווידער קענען צענעמען זיינע הענט, ווערן אַן „אויפטוער" — און הענט האָט ער געהאַט לאַנגע און גניבישע. אין שפּיטאָל, אָדער אין אַן אינוואַלידן־לאַגער, האָט ער זיך געזען אַ פּאַר־לוירענעם, אַן אומגעבראַכטן, ערגער ווי אַ געשטאָרבענעם.

ער האָט אויך געזען, אַז זיין קעגנערשאַפט צו שמעונען טויג אים ני־שט. ער האָט מורא באַקומען, אַז דאָס קאָן אַרויסרופן יענעמס צאָרן, וועלכער וואָלט סיי ווי געווען באַרעכטיקט צוליב דעם, וואָס ער האָט געהאַט שמעונען אָפּגעטאָן. אָבער שמעון איז געווען אַ מעדיצינער, און אַ קראַנ־קער איז געווען ביי אים אַ קראַנקער, און ער וואָלט זיך קיינמאָל נישט גערעכנט, אַז דער קראַנקער האָט אים שלעכטס געטאָן. אָבער דער גע־וועזענער קאָמענדאַנט האָט זיך נישט געקענט אויף אַזעלכע מאָראַלישע קאַטעגאָריעס. ער האָט בכלל נישט געוווסט, וואָס איז דאָס אַזוינס מאָראַל. ער האָט נאָר געוווסט, פאַר וועלכע זינד מען באַשטראָפט יאָ, אויב מען כאַפּט דעם פאַרברעכער, און פון וועלכע זינד מען קאָן זיך אַרויסדרייען אָן אַ שטראָף.

אויף יעדן פאַל באַשליסט ער צו ענדערן זיין באַציאונג צום דאָק־טאָר. ווען שמעון קומט איצט צו אים צו, שטעלט ער אים, מאַכנדיק זיך זייער נישט דרייסט, עטלעכע פראַגעס. ער באַדאַנקט זיך ווען ער באַקומט אַן ענטפער. אין אָנהייב באַקלאָגט ער זיך נישט און בעט גאָרנישט. אָבער מיט יעדן טאָג ווערט ער מער „צוגעלאָזן", הויבט זיך אָן באַקלאָגן אויף אמתע און צוגעטראַכטע קוועלן, הויבט אויך אָן האָבן בקשות.

שמעון געהער צו די דאָקטוירים, וואָס גלויבן דעם קראַנקן. ער ווייסט, אַז דאָ, אין לאַגער, ווילן אַלע אָפּנאַרן. יעדער וויל סימולירן, אויב נישט אינגאַנצן, וואָס איז אין סטאַציאָנאַר אוממעגלעך, איז כאָטש איבער־טרייבן. שמעון הערט יעדן קראַנקן אויס געדולדיק, און העלפט אים צו מיט וואָס ער קאָן נאָר.

אַזוי איז אויך מיט קאָלצאָוו. שמעון הערט אים אויס און באַמיט זיך אַנטקעגנצוקומען זיינע בקשות. ער ווערט אויך פון די קראַנקע, וועל־כע שמועון באַטראַכט געגוי אין זיין צימערל. קאָלצאָוו זעט איצט אין שמעונען די איינציקע האָפנונג פון בלייבן לענגער אין סטאַציאָנאַר, ווייל דאָקטאָר זאַלקין איז זייער אַ שטרענגער אין אַזעלכע פאַלן און האַלט נישט קיין אַרעסטאַנט קיין איבעריקן טאָג.

איינמאָל נאָך דער אונטערזוכונג ביי זיך אין צימער׳ל טוט אים שמעון גוטמוטיק אַ פרעג:

— כ׳האָב געהערט, אַז איר דערציילט איבער געגנוי דעם אינהאַלט פונעם בוך „גראַף מאָנטע קריסטאָ״. וואָס אינטערעסירט אייך אַזוי אין דעם בוך, אויב מען קאָן וויסן?

קאַלצאָוו כאַפּט זיך גערן אָן דערין, נוצט אויס די געלעגנהייט מיט עפּעס אָנטקעגנצוקומען דעם דאָקטאָר.

— וואָס מיך אינטערעסירט? — פרעגט ער איבער. — מיך אינטע־רעסירט ווי אַזוי, זיצנדיק אין אַזאַ שווערע תפיסה אויף אַ שטיינערנעם אינדזל, אונטער אייזערנע טירן, אין אַ תפיסה ווו מען איז לעבעדיקערהייט באַגראָבן, איז דעם אַרעסטאַנט דאָך געלונגען אַרויסצובאַקומען זיך און נאָך ווערן אויסטערליש רייך.

קאַלצאָוו פרעגט נישט דעם דאָקטאָר, צי וויל ער הערן, צי האָט ער אפשר געלייענט דאָס בוך? זיינע גריגע אויגן צינדן זיך אָן.

— הערט דאָקטאָר, — ער רעדט מיט אָן אויפגעהויבענער שטימע, — הערט, פערצן יאָר איז דער מענטש, וועלכער איז אַלט געווען איינגאַנצן צוואַנציק יאָר ווען מען האָט אים איינגעזעצט, געזעסן אין סאַמע טיפסטן קעלער אין דער טייוולאָנישער תפיסה. ער האָט יעדן טאָג געבעטן אויפן טויט. ביז איין מאָל האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער איז נישט אין די קעלערן אַליין, אַז אַ חוץ אים איז דאָרט פאַראַן נאָך עמעצער. אויך דער צווייטער אַרעסטאַנט איז געקומען צו דעם זעלבן אויספיר. זיי האָבן אָנגעהויבן גראָבן אַ טונעל צו זיך, געגראָבן מיט אַלץ וואָס איז זיי געקומען אין די הענט, און אַפילו מיט די בלויזע הענט. נאָך עטלעכע יאָר גראָבן, האָבן זיי זיך געטראָפן.

דער צווייטער אַרעסטאַנט איז געווען אַן עלטערער מענטש, אַ גלח, פאַרפלאָנטערט אין פאָליטישע אינטריגעס. ניין יאָר זענען זיי נאָך געווען אין דער דאָזיקער תפיסה און זיך געהיים געטראָפן מיט זיך. ווען דער גלח איז קראַנק געוואָרן און געפילט, אַז זיין טויט דערנעענטערט זיך, האָט ער פאַרטרויט זיין שכן, אַז ער איז אַ באַזיצער פון אַ גרויסן אוצר אויפן אינדזל „מאָנטע קריסטאָ״. ער האָט אים געגעבן גענויע צייכנס ווו, אויף וועלכן אָרט, דער אוצר געפינט זיך.

— וועסטו אַמאָל אַרויס פון דאַנען, — האָט אים דער גלח געזאָגט, — וועסטו זיין דער איינציקער יורש פון דעם אוצר.

אין איינער אַ נאַכט, ווען דער יונגער אַרעסטאַנט האָט אַריינגעפּוי־זעט צום גלח, האָט ער אים שוין נישט געפונען קיין לעבעדיקן. ער איז

שוין געלעגן פאַרנייט אין אַ זאַק און אַ שווערער שטיין איז געווען צוגעבונדן צו זיינע פיס. אַזוי ווי די תפיסה האָט זיך געפונען אויף אַ שטיינערנעם אינדזל אין מיטן ים, פלעגט מען די מתים אַריינוואַרפן אין ים אַריין.

— דער יונגער אַרעסטאַנט האָט לאַנג נישט געטראַכט. ער האָט אויפגעטרענט דעם זאַק, אַרויסגענומען דעם טויטן, איבערגעטראָגן אים אין זיין צעלע און אַליין אַריינגערוקט זיך אין זאַק און קונציק פון אינעווייניק אים פאַרנייט. באַלד איז אָנגעקומען די וואַך, אָנגענומען דעם זאַק מיטן מת, אַרויסגעטראָגן אין דרויסן צום ים, עטלעכע מאָל אַ וויג געטאָן אויף אַהין און צוריק — און אַריינגעוואָרפן אין ים אַריין.

— מיט אַ שאַרפער, צוגעגרייטער זאַך, האָט דער אַרעסטאַנט זיך באַפרייט פון שטיין, וואָס האָט אים געשלעפט אַראָפּ, ער האָט אויפגעשניטן דעם זאַק און איז אַרויס אַ פרייער. דורך פאַרשידענע וועגן און פאַרלויפעניש איז ער אָנגעקומען אויפן אינדזל „מאָנטע קריסטאָ" און לויט די סימנים, וועלכע דער גלח האָט אים איבערגעגעבן, האָט ער געפונען דעם אוצר.

— ס'זענען דאָרט געווען טויזנט שטאָבעס גאָלד, וואָס יעדע האָט געוויגן אַ קילאָגראַם, פינף און צוואַנציק טויזנט גאָלדענע טאָלערס, ערשט פערל, רובינען, שמאַראַגדן, שאַפירן! אַלץ געפּאַסט אין די סאַמע רייכסטע פאַסונגען.

קאַלצאַוו דערציילט דאָס אַלץ מיט אַזאַ גענויקייט, ווי ער אַליין וואָלט אַדורכגעפירט די אינווענטאַריזאַציע פון דעם געפונענעם פאַרמעגן.

— אָט דאָס דאָקטאָר, אינטערעסירט מיך. דאָס אַלץ אַנדערע אין בוך דערצייל איך סתם אַזוי, ווייל די קראַנקע לאַנגווייליקן זיך און בעטן מיך כ'זאָל זיי דערציילן וואָס מער און וואָס לענגער.



ווען אין אַ קורצער צייט אַרום קומט אַריין צו שמעונען דער פּאָליטישער אַרעסטאַנט, וועלכער האָט אים איבערגעגעבן, אַז קאַלצאַוו דערציילט די קראַנקע דעם אינהאַלט פון בוך „גראַף מאָנטע קריסטאָ", פרעגט אים שמעון — זאָגט מיר, ביטע, צי האָט דאָס בוך אַרויסגערופן ביי אייך אינטערעס? און וואָס האָט אייך אין דעם בוך אַממייסטן אינטערעסירט?

— מיך אינטערעסירט נאָר ווי אַזוי אַ יונגער מענטש, אינגאַנצן צוואַנציק יאָר אַלט, וואָס איז געשטאַנען פאַר אַזאַ גרויסער צוקונפט, אין

אַזאַ יונגער עלטער צו ווערן אַ קאַפּיטאַן פון אַ שיף, און דערצו געהאַט פאַר אַ כלה דאָס שענסטע מיידל פון זיין געגנט ווי ער האָט געוווינט, איז צוליב קנאה און שנאה געמסרט געוואָרן פאַר אַ פּאָליטישער עבירה אין וועלכער ער איז נישט געווען שולדיק.

— און דאָס אַלץ איז געשען — דער אַרעסטאַנט ציטערט פּלוצעם זיך מיטאַמאָל אָן און רעדט מיט אַן אויפגעהויבענער שטימע — און דאָס אַלץ איז געשען גראָד אין דעם טאָג ווען זיין באַלעבאָס האָט אים געזאָלט באַשטימען פאַר אַ שיפס־קאַפּיטאַן, אין זעלבן טאָג ווען ער האָט געזאָלט חתונה האָבן מיט זיין געליבטן מיידל!

דער אַרעסטאַנט פרעגט נישט דעם דאָקטאָר, צי האָט ער צייט, צי האָט ער דאָס בוך געלייענט, צי וויל ער הערן, אַן אויפגערעגטער דער־ציילט ער ווייטער:

— ווען אַלע געסט זענען שוין געווען פאַרזאַמלט אין חתונה־זאַל, איז געקומען פּאָליציי און אים אַרעסטירט פאַר עפּעס אַ פּאָליטישע אינ־טריגע, אין וועלכער די מאַכט איז געווען פאַראינטערעסירט, אַז דער יונגערמאַן זאָל מער נישט זען די ליכטיקע שיין.

— פון צער איז דער פאָטער פון דעם באַשולדיקטן געשטאָרבן. דאָס מיידל האָט געוואַרט אויף אים לאַנגע יאָרן און אַ צעבראָכענע און רע־זיגנירטע חתונה געהאַט מיט אַ מענטש, וועלכן זי האָט נישט גערן געהאַט, נישט וויסנדיק, אַז ער איז געווען איינער פון די שולדיקע אין אומגליק פון איר געליבטן בחור, אַ פאַרשפּאַרטן אין אַן אונטערערדישע תפיסה, פון וועלכער דער איינציקער וועג האָט געפירט נאָכן טויט אַרויסגעוואָרפן צו ווערן אין ים אַריין.

— דאָס, דאָקטאָר, אינטערעסירט מיך. אַלץ אַנדערע, ווי אַזוי דער אַרעסטאַנט נאָך פערצן יאָר אָפּזיצן אין תפיסה, האָט זיך אַרויסגעראַטע־וועט, ווי אַזוי ער האָט געפינען דעם אוצר, ווי רייך ער איז געוואָרן און ווי אַזוי ער האָט אָנגעהויבן נקמה נעמען אין די אַלע, וואָס האָבן אים געטאָן שלעכטס — דאָס איז נישט מער ווי אַ צוגעטראַכטע מעשה. איך גלייב נישט אין דעם. כ׳הער זיך צו, ווייל כ׳וויל אַ ביסל פאַרגעסן אין מיין אייגענעם אומגליק.

— פאַרוואָס גלייבט איר, אַז דאָס איז אַ צוגעטראַכטע מעשה?

— ווייל כ׳גלייב נישט אין גערעכטיקייט.

— פאַרוואָס?

— ווייל כ׳בין אַליין אַ קרבן פון אַ שרעקלעכער אומגערעכטיקייט, און כ׳וויס, אַז כ׳וועל אינערגעץ קיין ביסל יושר נישט געפינען. הערט,

דאָקטאָר, וואָס איז מיט מיר געשען! — גיט ער פּלוצים אַ שריי אויס.
ער וואָרט נישט אויף קיין ענטפער. ער רעדט האַסטיק, געקרענקט.

— כ'בין פון אַ משפחה באַטראַקעס. נישט מיין זיידע, נישט מיין טאַטע, האָבן נישט געהאַט קיין אייגענע ערד, נאָר געאַרבעט ביי פרעמדע באַלעבאַטים, אויף פרעמדער ערד. מיר, קינדער, האָבן קיינמאָל נישט געגעסן צו דער זעט. נישט זומער און אוודאי נישט ווינטער. אָבער נאָך גרעסער ווי דער הונגער צו ברויט, איז ביי אונדז געווען דער הונגער צו ערד, צו האָבן אייגענע ערד. מיין עלטער־זיידע, האָט מען אונדז דערציילט, איז געווען אַ קנעכט, אַ פּויער וואָס האָט געאַרבעט פּאַנשטשיזנע. שפּעטער, ווען מען האָט זי אָפּגעשאַפן, איז, אָדער ער האָט נישט געהאַט קיין געלט אויסצוצאָלן דאָס שטיקל ערד, וואָס דער פּריץ האָט אים פאַרקויפט, אָדער נישט געווען פעאיק, צי נישט געהאַט מיט וואָס די ערד צו באַאַרבעטן. ער האָט זי פאַרלוירן, צי פאַרלאָזט און ווידער געוואָרן אַ שקלאַף ביי יענעם.

— ווען ס'איז אויסגעבראָכן די אָקטאָבער־רעוואָלוציע, בין איך נאָך געווען כמעט אַ ייִנגל, אָבער איך האָב אַלץ געטאָן מען זאָל מיך נעמען אין דער רויטער אַרמיי. כ'האָב געקעמפט העלדיש פאַר דער רעוואָלוציע, געווען אין די שווערסטע קאַמפן. כ'האָב געקעמפט פאַר דער רעוואָלוציע, אָבער דער עיקר האָב איך אין זינען געהאַט די ערדלאָזע פּויערים, די באַטראַקעס.

— דער חבר לענין האָט צוגעזאָגט צו צעטיילן די פּריצישע ערד די פּויערים, וועלכע האָבן נישט קיין ערד, אָדער האָבן צו ווייניק.

— נאָכן בירגער־קריג בין איך צוריקגעקומען אין דאָרף, פון וועלכן כ'האָב געשטאַמט. כ'האָב חתונה געהאַט מיט אַ זייער גראַטן מיידל. מען האָט אונדז צוגעטיילט אַ שפּאַר שטיק גוטע, פעטע ערד. כ'האָב געאַרבעט פאַר דריי. געאַרבעט מיט פרייד, נישט נאָר פאַר זיך, נאָר אויך די שכנים צוגעהאָלפן. ס'זענען פאַר דער צייט אונדז געבוירן געוואָרן דריי קינדער. כ'בין געווען דער גליקלעכסטער מענטש אין דער וועלט. כ'בין געוואָרן אַ גאַנצער טוער אין דאָרף, געגעבן עצות, געזאָגט אַ דעה, און די שכנים האָבן זיך באַצויגן צו מיר מיט צוטרוי.

— מיט אַ מאָל איז צו אונדז דערגאַנגען אַ קלאַנג, אַז מען פירט איין אין לאַנד קאָלעקטיוויזאַציע. איך האָב שוין געוווּסט דערפון פון די צייטונגען, אָבער זיך נישט געמאַכט וויסן וועגן דעם פאַר די נישט גראַמאַטנע שכנים, נישט געוואָלט ברענגען פאַר זיי דאָס שלעכטע נייעס. עפּעס האָב איך געהאַט אַ גלויבן, אַז צו אונדזער דאָרף וועט דאָס נישט דערגיין, אונדז וועט דאָס נישט אָנרירן. כ'ווייס אַליין נישט פאַרוואָס כ'האָב

אַזוי געגלייבט, אָבער דאָס איז געווען אַ טיף און זיכער גלויבן. כ׳האָב געגלייבט דערין, ווי אין דעם שטיק ערד, וואָס איז געלעגן אויסגעשפּרייט אַרום מיין הייזל, דאָס שטיק ערד, וואָס כ׳האָב נישט געקאָנט אויפהערן קוקן דערויף, ווי מען קוקט אויף אַ געליבט וועזן.

— ביז איין מאָל — ציט דער אַרעסטאַנט ווייטער, אָבער ווערט פּלוצים פאַרשוויגן. ער כאַפּט איבער דעם אָטעם און דערציילט:

— ביז איין מאָל אין אַ ווינטער־טאָג זענען געקומען צו אונדז אין דאָרף עטלעכע מענטשן פון שטאָט. זיי האָבן געטראָגן האַלב־מיליטערישע מלבושים און אין די הענט טעקעס מיט פּאַפּירן. זיי האָבן אויף אָוונט צונויפגערופן אַלע פּויערים פון אונדזער און אַרומיקע דערפער אין דער אָרטיקער דאָרפס־שולע.

— איינער אַ הויכער מיט אַ רויט פּנים, האָט זיך אָוועקגעזעצט אינ־מיטן דעם טיש געדעקט מיט אַ רויט טישטעך, און אַרום אים די איבעריקע.

— חברים — האָט ער אָנגעהויבן. — דער ציל פון דער רעוואָלוציע איז נאָך נישט דערגרייכט, אַזוי לאַנג ווי די פּויערים זענען ווייט פון איר. אָקטאָבער איז געווען אַן אַרבעטער און פּויערים רעוואָלוציע. די אַרבע־טער טוען זייערס אין די נאַציאָנאַליזירטע פאַבריקן, וואָס געהערן דעם גאַנצן פאָלק. אָבער דער פּויער האָט זיך זיין שטיקל ערד, ווי קיין רעוואָ־לוציע וואָלט גאָר אויף דער וועלט נישט געווען, ווי פּריוואַט־אייגנטום וואָלט נאָך אין ראַטן־פאַרבאַנד געווען אַ דערלאָזבאַרע זאַך.

— דער חבר סטאַלין און די גאַנצע קאָמוניסטישע פּאַרטיי ווינטשן זיך, אַז די פּויערים זאָלן פון זייערע פּריוואַטע ערד־שטחים שאַפן קאָלעק־טיוועווירטשאַפטן, לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרטעלן. יעדער פּויער זאָל זיך אָפּזאָגן פון זיין פּריוואַטער ווירטשאַפט לטובת דער קאָלעקטיווער. די אַר־בעט דאַרף זיין אַ בשותפותדיקע. יעדער דאַרף זיך באַשעפטיקן מיט דעם, וואָס דער פאַרזיצער פון דער אַרטעל, אָדער ווי עס הייסט „קאָלכאָז”, וועט אים הייסן. די אַרבעטס־כלים וועט צושטעלן אַ צענטראַלע רעגירונגס־אָרגאַניזאַציע און וועט דערפאַר באַקומען באַצאָלט מיט אַ טייל פונעם געררעטעניש. נאָכן אָפּגעבן דעם טייל תבואה וואָס קומט דער רעגירונג פאַר די שטאַטישע אַרבעטער, וועט אַ טייל בלייבן פאַרן פאַרזיי אויפן פרישן יאָר, און די רעשט וועט צעטיילט ווערן צווישן די מיטגלידער פון קאָלכאָז, לויט דער צאָל טעג, וועלכע זיי האָבן געאַרבעט.

— מיר אַלע זענען געזעסן מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ. איינער האָט מורא געהאַט אַ בליק צו טאָן אויפן צווייטן, טאָמער כאַפּט אויף עמעצער פון

דער געקומענער קאָמיסיע זיין פאַרצווייפלטן בליק. איך בין געזעסן ווי א פאַרשטיינערטער, אָבער כ'האָב געפילט ווי ס'בלוט קאָכט אין מיר.

— ווען דער פאַרזיצער האָט געענדיקט, רופט ער זיך אָן צו די פאַר־זאַמלטע: — אַ נו, חברים, וואָס זאָגט איר צו דעם פאַרשלאָג? געפעלט ער אייך? האָט איר עפּעס באַוואָרענישן קעגן אים? אפשר אויסבעסערונ־גען? רופט זיך אָן. זאָגט אייער וואָרט.

— קיינער רופט זיך נישט אָן. מיר ווילט זיך זייער זאָגן וואָס ליגט מיר אויפן האַרץ, וואָס עס פּרעסט מיין לעבער, אָבער כ'האָלט דאָס מויל געשלאָסן, כ'האַלט עס צו מיט אַלע כוחות. כ'דריק מיט די אויבערשטע ציין אויף די אונטערשטע, כ'פּיל דאָס געפּאַר, וואָס ליגט אין מיין ווען רעדן.

— אין דעם רופט זיך דער פאַרזיצער אָן דירעקט צו מיר: — וואַסילי סטיעפּאַנאָוויטש, מען זאָגט אויף דיר, אַז דו ביזט אַ מענטש, וואָס פאַר־שטייט אָן עניין, אַז דו ביזט אַ טאַלקאָווער בחור. איז דען מעגלעך, אַז דו זאָלסט גאָרנישט האָבן צו זאָגן וועגן אונדזער פאַרשלאָג? מיר זענען דאָך נאָר געקומען איבערגעבן דעם חבר סטאַלינס ווונטש. ס'איז דאָך נישט קיין צוואַנג. איז דען מעגלעך, אַז דו זאָלסט נישט האָבן צו מאַכן די מינדעסטע באַמערקונג? אפשר האָבן מיר אַ טעות? אפשר דאַרף מען עפּעס ענדערן אין אונדזערע פּלענער? פאַרוואָס זאָלסטו נישט זאָגן וואָס דו האָסט צו זאָגן, דו, אַזאַ קלוגער און דערפאַרענער?

— איך האָב נישט אויסגעהאַלטן. כ'האָב זיך אויפגעשטעלט און געזאָגט: — חברים, מיר געפעלט זייער דער ווונטש פון חבר סטאַלין. אונדזער קאָמוניסטישער לאָזונג איז — יעדער פאַר אַלע און אַלע פאַר יעדן. אָבער, חברים, מיר אַלע זענען געווען באַטראַקעס, ערדלאָזע פּויערים, פאַראַבקעס. אין אונדזער בלוט ליגט אַ דורותדיקע בענקשאַפט נאָך אַן אייגן שטיקל ערד. די גרויסע אָקטאָבער־רעוואָלוציע האָט געשטילט די דאָזיקע בענקשאַפט אונדזערע. מיר האָבן נאָר־וואָס די ערד באַקומען. לאָזט זיך אונדז נאָך אַ ביסל אָנפרייען מיט איר, כאָטש נאָך אַ פּאָר גע־ציילטע יאָר. דערנאָך וועלן מיר זי אַליין אַנטקעגנטראָגן דעם חבר סטאַלין מיט דאַנק און מיט ליוב.

— כ'האָב געענדיקט און זיך אַוועקגעזעצט אויף דער באַנק. ס'איז נישט געווען קיין אַוועקזעצן זיך, נאָר ווי כ'וואָלט געפאַלן אויף דער באַנק. דער פאַרזיצער האָט געהייסן אַלץ פאַרשרייבן וואָס כ'האָב געזאָגט. געקוקט אויף מיר מיט אַ מילדן בליק, ווי ער וואָלט געווען צופרידן פון דעם וואָס

כ׳האָב געזאָגט. ער האָט געשלאָסן די פאַרזאַמלונג און אַלע זענען זיך צעגאַנגען.

— איך בין געגאַנגען צו זיך אַ היים. אַליין בין איך געגאַנגען. קיינער פון מיינע שכנים האָט מיר קיין וואָרט נישט געזאָגט, צי כ׳האָב גערעדט גוט, צי שלעכט. געוויינטלעך פלעגן זיי נאָך יעדער פאַרזאַמלונג רימען מיין אַרויסטריט. אַ פינצטערניש איז שוין געלעגן אין מיר, אַ דריקנדיקע פינצטערניש, שווער ווי אַ שטיין.

— כ׳בין אַריין אין שטוב. געקוקט אויפן ווייב און די קינדער, וואָס זענען שוין געשלאָפן, מיט אַ בליק וואָס כ׳האָב אַליין נישט פאַרשטאַנען וואָס ער באַדייט. כ׳האָב געזען מיין בליק אָפּגעשלאָגן אין מיין ווייבס העלע אויגן. כ׳האָב אין זיי געזען שרעק.

— אין אַ קורצע ווײַלע אַרום האָט עמעצער אָנגעקלאַפּט אין טיר. כ׳האָב געעפנט. ס׳איז געשטאַנען פאַר מיר אַ פרעמדער מענטש און זיך אָנגערופן: — וואַסילי סטיעפּאַנאָוויטש, דערלויבט אויף אַ רגע מיט מיר. כ׳האָב אים געבעטן אַרײַנגיין אין שטוב. — ניין, — האָט ער געזאָגט, — זייט אַזוי גוט, נאָר אויף אַ רגע. כ׳האָב געוואָלט נעמען אויף זיך די שובע.
— ניין, מען דאַרף נישט, — זאָגט ער, — נאָר אויף אַ רגע.

— פון דעמאָלט אָן האָב איך מער נישט געזען נישט מיין דאָרף, נישט מיין ערד, נישט מיין ווייב, נישט מיינע קינדער! — דער אַרעסטאַנט גיט זיך אַ וואָרף אין דער ריכטונג ווו שמעון זיצט. שמעון גיט זיך אַ גיכן רוק אָפּ פון אים.

— אַנטשולדיקט, דאָקטאָר, — זאָגט דער אַרעסטאַנט מיט אַ הוילער, אַראָפּגעפאַלענער שטימע, — איך האָב נישט געמיינט אייך שלעכטס צו טאָן — און לויפט אַרויס פון שמעונס שטוב.



אין סטאַציאָנאַר איז אויך פאַראַן אַ יידישער בחור, אַ ביאַליסטאָקער, גרינפאַרב, אַ קאָמוניסט.

אויף זיין גורל איז אויסגעפאַלן, ער זאָל דערשיסן אַ פּראָוואָקאַטאָר, וועלכער האָט געבראַכט צום אַרעסט פון עטלעכע וויכטיקע קאָמוניסטישע טוער אין פוילן. ער האָט דעם אורטייל אויסגעפירט און אַנטלאָפן קיין ראַטנפאַרבאַנד. דאָס פוילישע געריכט האָט אים אונטער די אויגן פאַר־משפט אויף טויט־שטראָף.

אין ראַטן־פאַרבאַנד האָט מען אים זייער גוט אויפגענומען. ער האָט

זיך געלערנט און איז אַנגענומען געוואָרן אויף מעדיצין אין מאָסקווער אוניווערסיטעט, ווו ער האָט שטודירט עטלעכע יאָר.

אין יאָר 1938, ווען מען האָט אויף אַ באַפעל פון קאָמינטערן, אויפֿגעלעזט די קאָמוניסטישע פּאַרטיי אין פּוילן אונטער דער באַשולדיקונג פון טראָצקיזם און אין אַנדערע אָפּנייגונגען, זענען אַלע פּוילישע קאָמוניסטישע טוער, וועלכע האָבן זיך געפינען אין ראַטן־פאַרבאַנד — דערשאָסן געוואָרן. גרינפאַרבן האָט מען פאַרשיקט אין אַ לאַגער.

פריער איז ער געווען אין קאָלימאַ, געאַרבעט אין די גאָלד־גרובנס. ווען ער איז קראַנק געוואָרן, האָט מען אים איבערגעשיקט אַהער, אין אוסטווימער לאַגער.

דער סטאַציאָנאַר איז באַשטאַנען פון צוויי טיילן. איין טייל — דער באַראַק פאַר ליגנדיקע קראַנקע און אַ באַראַק פאַר אַרומגייענדיקע. די עיקר קראַנקע זענען דאָ געווען די מיט אָפּגעפרוירענע הענט אָדער פיס. ס׳זענען אויך געווען אַנדערע לייכטערע קראַנקע. די אַרומגייענדיקע קראַנקע פלעגט מען אין סטאַציאָנאַר באַשעפטיקן ביי פאַרשידענע אַרבעטן אויפן אָרט.

גרינפאַרב איז געווען צווישן די אַרומגייענדיקע קראַנקע אין באַראַק. ער האָט געהאַט טובערקולאָז, אָבער נישט אין קיין שווערער פאָרם. ער איז אָבער אויך געווען מאָדנע בלייך, נישט בלייך נאָר טאַקע ווייס, מיט אַ גרויער ווייסקייט.

אין סטאַציאָנאַר איז נישט פאַראַן די מינדעסטע לאַבאָראַטאָרישע איינריכטונג, אַפילו נישט די פרימיטיווסטע. די אונטערזוכונג איז אַ ריין קלינישע, און שמעון האָט נישט די מעגלעכקייט פעסטצושטעלן די סיבה פון גרינפאַרבס בלייכקייט.

דער סאַניטאַר אין באַראַק פאַר די אַרומגייענדיקע קראַנקע — איז אַ שניידער, וועלכער האָט אויפגעגעבן פון זיין אייגענעם שטאָף, וואָס ער האָט געהאַט מיט זיך פון דער היים, אַ פאָר הויזן פאַרן נאַטשאַלניק. דאַקעגן גרינפאַרב, וועלכער האָט אונטער זיך עטלעכע יאָר מעדיצין־סטודיום, מוז פרעסן די וועש פון נאַטשאַלניקעס און פריי־געדונגענע. נישט זעלטן ברענגט אַ פריי־געדונגענער נאַטשאַלניק אַ פּעקל וועש צו פרעסן פון זיין היים, די העמדער פון זיין ווייב און קינדער.

גרינפאַרב באַקלאָגט זיך נישט. ער איז גליקלעך וואָס ער געפינט זיך דאָ און נישט אין קאָלימאַ. ער דערציילט גאָרנישט, נישט וועגן דער אויספאָרשונג, וועלכע האָט געדויערט וואָכן און נישט וועגן די באַדינגונגען אין קאָלימאַ. אָבער פון זיין גרייטקייט אַלץ צו טאָן, אַבי בלייבן דאָ, זעט

מען, ווי גרויס ס'איז זיין מורא מען זאָל אים נישט צוריקשיקן אַהין. ער האָט אַ פּאַראַגראַף פּאַר שפּיאָנאַזש.

ער אַליין האַלט זיך פּאַר אַ געטרייען קאָמוניסט. דאָס דערקלערט ער ביי יעדער געלעגנהייט. אים גלייבט מען. ער מיינט דאָס אמתדיק. שרייבט אָפּט בריוו צו סטאַלינען, קלערט אים אויף דעם טעות, וואָס איז געמאַכט געוואָרן מיט אים, און וואַרט אויף אַן ענטפער.



פּערצאָוויטש איז אַ ייד אין די מיטעלע יאָרן. ער ליידט פון אַ שווע־רער האַרץ־דעקאָמפּענסאַציע. האָט זייער געשוואָלענע פיס.

געוועזן איז ער אַן איינוווינער פון אַ שטעטל אויף די קרעסן, נישט ווייט פון דער ווייס־רוסישער גרענעץ. אַליין איז ער געוועזן אַ גוטער סטאָליאַר, געהאַט אַ פרוי און צוויי קינדער. פאַר זיך האָט ער נישט געזאָרגט, נאָר געווען שטאַרק פאַרזאָרגט וועגן דער צוקונפט פון זיינע קינדער. וואָס וועט פון זיי ווערן אין דעם האַלב־פאַשיסטישן פוילן, וואָס טוט מען בכדי זיי פאַרזיכערן אַ מענטשלעכע, בכבודיקע צוקונפט?

נאָך לאַנגע באַראַטונגען מיט זיין פרוי, האָבן זיי באַשלאָסן איבער־שמוגלען די גרענעץ קיין ראַטן־פאַרבאַנד ווו זיי ביידע וועלן זיכער באַקומען באַשעפטיקונג, און די קינדער בחינמדיקע בילדונג. זיי וועלן אויסוואַקסן אויף מענטשן. דער איינציקער ווונטש פון עלטערן איז דאָך האָבן נחת פון זייערע קינדער.

און אַזוי איז געשען. זיי זענען גליקלעך אַדורך די גרענעץ. מען האָט זיי אין ראַטן־פאַרבאַנד זייער גוט אויפגענומען. ביידע, מאַן און ווייב, האָבן באַקומען באַשעפטיקונג, ער ביי זיין פאַך און זי אין אַ קאָאָפּעראַטיוו. די קינדער, דאָס עלטערע, אַ מיידל, איז אַריין אין שולע און אין „פּיאָנער", אַ קאָמוניסטישע קינדער־אָרגאַניזאַציע. דאָס יינגל איז געווען אין אַ טאָג־היים. נאָך דער אַרבעט פלעגט אים די מוטער נעמען אַ היים.

ביז ס'איז געקומען דאָס יאָר 1937. די גרויסע „רייניקונגען" האָבן אויך אַרומגענומען פּערצאָוויטשן. מען האָט אים אַרעסטירט, געפּייניקט און פאַרשיקט אין אַ לאַגער אין קאָמי א.ס.ס.ר. די פרוי האָט מען אויך פאַרשיקט. דאָס יינגל האָט מען אַריינגעגעבן אין אַ קינדער־היים. דאָס מיידל, וואָס איז דערווייל אונטערגעוואָקסן, איז געוואָרן אַ טוערקע אין קאָמ־סאָמאָל.

זי האָט זיך דערשלאָגן דערצו, אַז זי איז געוואָר געוואָרן, ווו אירע

עלטערן געפינען זיך, און באַקומען אַפילו אַ דערלויבעניש אַדורכצושרייבן זיך מיט זיי. פון איר איז פּערצאָוויטש געוואָר געוואָרן וועגן דעם גורל פון זיין פרוי און זונעלע.

זי האָט אים צו וויסן געטאָן, אַז זי שיקט בריוו צום חבר סטאַלין, וועגן דעם טעות וואָס איז געשען מיט זיי. אַז פאַר זיי אַלע איז דער ראַטן־פאַרבאַנד דאָס טייערסטע לאַנד אין דער וועלט. איר גלויבן, האָט זי געשריבן, איז טראָץ אַלעם נישט אָנגערירט געוואָרן מיט גאָרנישט. זי איז זיכער, האָט זי געשריבן צו סטאַלינען, אַז דער טעות וועט אויפגעקלערט ווערן און אירע עלטערן וועלן פאַרזעצן אַ גליקלעך לעבן אין אויסגע־טרוימטן פאָטערלאַנד פון דער רעוואָלוציע.

אַזוי האָט זי אויך געשריבן צו איר פאָטער אין לאַגער. ער איז שוין געווען האַרץ־קראַנק, אָבער פאַר איר האָט ער זיך נישט פאַראַטן מיט קיין וואָרט וועגן דעם.

ער האָט געאַרבעט אויף אַן אונטער־פּונקט, ווו דער אָנפירער פון דער אַמבולאַטאָריע איז געווען אַ ייד פון גאַליציע, פון פאַך אַ פריזירער. צי ער האָט אין ראַטן־פאַרבאַנד געענדיקט אַ פעלדשער־שולע, האָט שמעון נישט געוווּסט. אָבער ביים אויספאָרשן די פאַלן, וועלכע ער פלעגט שיקן אויפן סטאַציאָנאַר, כאָטש ער טוט דאָס זייער זעלטן, האָט שמעון געזען, אַז ער אָריענטירט זיך גאָרנישט שלעכט אין מעדיצין.

פּערצאָוויטשן האָט ער געגעבן דיגיטאַליס און געשיקט אים צו דער אַרבעט. באַפרייט האָט ער אים נישט. זעלטן אַ מאָל געגעבן אַ פרייען טאָג. דאָס מאָל האָט זיך די קרענק פאַרשאַרפט און ער האָט אים איבערגעשיקט אין סטאַציאָנאַר. אָבער מער ווי צען טעג איז פּערצאָוויטש דאָרט נישט פאַרבליבן.

ער האָט געפילט, אַז ס'איז נישט גוט מיט אים, אָבער דאָך האָט געטליעט אין אים אַ האָפענונג, אַז כאָטש איין בריוו פון זיין טאָכטער, דער קאָמסאָמאָלקע, וועט זיך דורכרייסן צו סטאַלינען און אפשר וועט דאָס געבעט פון איר קינדיש, ערלעך האַרץ אויסגעהערט ווערן.



קיין פרויען זענען אין סטאַציאָנאַר נישט געווען. פרויען האָבן אין לאַגער נישט געקרענקט — האָט שמעון קאָנסטאַטירט. בלויז ביי גאַלען האָט ער געהאַט באַמערקט סימנים פון פּעלאַגרע. מן־הסתם זענען זיי פאַרשוווּנדן.

גאָלאַ האָט שוין געהאַט פּאַרלאָזט דעם נאַטשאַלניק פון סטאַציאָנאַר, וולאַדימיר וולאַדימיראָוויטש, און געווען איצט אויפן צווייטן־אונטער־פּונקט. איר „מאַן” איז דאָרט געווען דער נאַטשאַלניק פון אונטער־פּונקט. שמעון איז דאָס צופעליק געוואָר געוואָרן פון פערצאָוויטשן. צוליב אים, פּער־צאָוויטשן, האָט זיך שמעון געגרייט אָפּיציעל צו באַזוכן דעם צווייטן אונ־טער־פּונקט און זיך אויסגעפרעגט וועגן נאַטשאַלניק. ער איז געוואָר גע־וואָרן, אַז דער נאַטשאַלניק איז אַן אינזשיניער, זייער אַ געבילדעטער און פיינער מענטש, האָט נישט קיין שלעכטע באַציאונג צו די אַרעסטאַנטן. אַליין איז ער אויך אַן אַרעסטאַנט, אַ פּאָליטישער.

שמעון וווּנדערט זיך, וואָס אַזאַ מענטש האָט צו טאָן מיט אַזאַ טיפּ ווי גאָלאַ. אָבער פאַרהוילן זענען די וועגן פון דער מענטשלעכער פּסיכיק, בפרט אין אַזעלכע משונהדיקע לאַגער־באַדינגונגען, ווי דער סעקסועלער הונגער ביי זאַטע מענטשן איז גרויס, און וואָס פערוועזער די פרוי איז אַלץ מער לאָקט זי.

גאָלאַ האָט אינגאַנצן געענדערט איר טאַקטיק. אַמאָל האָט זי מוחל געווען דאָס גאַנצע גוטס, וואָס זי האָט געקאָנט האָבן ביי די נאַטשאַלניקעס און ליבערשט געוואָלט הונגערן, אַבי האָבן צו טאָן נאָר מיט יונגע יינגלעך. איצט, נאָך סאַמעקן, האָט זי אויסגעמיטן יינגלעך און נאָר געהאַט צו טאָן מיט נאַטשאַלניקעס. שמעון האָט געזען אין דעם אַ סימן פון געזונטקייט, פון געשטייגערטן לעבנס־אינסטינקט.

איין פרוי האָט שמעון יאָ געטראָפן, ווען ער איז אָנגעקומען אין סטאַציאָנאַר. דאָס איז געווען די פּאָלקע, וואַנדאַ. זי האָט געהאַט אַ פלעג־מאָנע אויף אַ האַנט. מען האָט זי באַדאַרפט עפענען. דאָקטאָר זאַלקין האָט שוין דערמיט געוואָרט אויפן נייעם דאָקטאָר.

שמעון האָט נישט גערן געהאַט קיין כירורגישע פאַלן, אַפילו נישט פון קליינער כירורגיע. אָבער קיין עצה האָט ער נישט. די פלעגמאָנע איז שוין אַ גרויסע, אַ צעגאָסענע. קיין אַנעסטעזיע־מאַטעריאַל האָט ער נישט, ווייל דער פעלדשער, דער נאַטשאַלניק, איז דער באַלעבאָס פון דעם ביסל כלאָראָפאָרם, און ער האַלט עס פאַר זיך צום טרינקען. מוז מען אָפּערירן אָן יעדן איינדרימלונגס־מיטל. די עלטערע פרוי שרייט ביים שניידן מיט באַנומענע קולות. שמעון ווערט פון אירע געוואַלדן אַזוי דעטאַנירט, אַז ער שניידט אומגעלומפּערט און צו פיל. שפּעטער, ווען ער בינדט איבער די וווּנד, שעמט ער זיך אַליין פאַר דער מיאוסקייט פון דעם שניט.



שמעון וואַרפט זיך אַריין אין דער אַרבעט. ער איז אומעטום, טוט אַלץ וואָס מען באַדאַרף. ער און דאַווידאָוו זענען די אַממייינסטן פּאַרטוּענע מענטשן אויפן סטאַנציאַנאַר.

דאָקטאָר זאַלקין איז נישט צופרידן וואָס שמעון צעשפרייט זיך אַזוי. אָבער פון דער צווייטער זייט, גיט עס אים די אילוזיע, אַז ער איז דאָ דער אָרדינאַטאָר, וואָס קומט אין דעם באַראַק נאָר צו קאָנטראָלירן ווי די קראַנקע ווערן געפירט. שמעון לאָזט אים דאָס באַקומען.

זייט גאַלאַ איז אַוועק פון סטאַנציאַנאַר, קומט טיילמאָל דער נאַטשאַל־ניק וולאַדימיר וולאַדימיראָוויטש אַריין צו שמעונען. אין אָנהויב האָט ער זיך געוווּנדערט וואָס דער נאַטשאַלניק קומט נישט צו אים, אויסער אין אָפיציעלע ענינים. זעט אויס, אַז גאַלאַ האָט דאָס נישט געוואָלט. איצט ווידער איז שמעון אַזוי באַשעפטיקט, אַז ער האָט נישט קיין צייט און נישט קיין ווילן זיך מיט אים צו פאַרנעמען. גייט דער נאַטשאַלניק אַוועק אַן אומעטיקער און בעט אַפילו נישט, אַז שמעון זאָל אים זינגען דאָס ליד „נאָס אַבמאַנולי״, מען האָט אונדז אָפּגענאַרט, וואָס ער האָט אַזוי ליב געהאַט צו הערן פון שמעונען אויפן הויפּט־לאַגער.

נאָר צו איין מענטש ווייזט שמעון אַרויס גרויס געדולד. דאָס איז וואַראַניקידזע. פון צייט צו צייט קומט וואַראַניקידזע אין סטאַנציאַנאַר און פרעגט שמעונען פאַרשידענע עצות אין צוזאַמענהאַנג מיט דינהס צושטאַנד. אין אָנהייב פאַרשטייט שמעון נישט פאַר וואָס ער קומט צו אים. ער האָט דאָך די זעלבע עצות געקאָנט פרעגן ביי אַלעקסעי וואַסיליעוויטשן, דעם דאָקטאָר פונעם הויפּט־לאַגער. אָבער וואָס עפּטער וואַראַניקידזע קומט, אַלץ מער דערטראַכט זיך שמעון, אַז נישט בלויז וועגן די עצות קומט ער. ער קומט אָפּגעבן גרוסן פון דינהן. עפּעס וויל וואַראַניקידזע קומען צו שמעונען און אים דערציילן וועגן איר.

וואָס עפּטער וואַראַניקידזע קומט, אַלץ האַרציקער ווערן זייערע באַגע־גענישן. און ס׳געשעט אַזוי, אַז ווען זיי געזעגענען זיך, נעמען זיי זיך אַרום ווי ברידער.

## „פּרילינג“

פון דעם הויפּט־ביוראָ פאַר אַלע צפון־לאַגערן איז אָנגעקומען אַ פאַר־אָרדענונג, אַז דעם ערשטן אַפּריל דאַרפן באַזייטיקט ווערן פון די באַראַקן פאַר די אַרעסטאַנטן אַלע אייוועלעך. איינצייטיק באַפעלט די הויפּט־סאַני־טאַר אָפּטיילונג, אַז פון דעם ערשטן אַפּריל דאַרפן אַלע אָפּגעפרוירענע, מיט די אָפּגעפרוירענע הענט און פיס, ווו זיי זאָלן זיך נישט געפינען, צי אויפן הויפּט־לאַגער, צי אויף די אונטער־פּונקטן, אַרויסגיין צו דער אַר־בעט. די אָפּגעפרוירענע, וואָס געפינען זיך אין סטאַציאָנאַר, דאַרפן תיכף צוריקגעשיקט ווערן אין די ערטער, פון וועלכע זיי זענען געשיקט געוואָרן. מיטן ערשטן אַפּריל, האָט געמאָלדן די פאַראָרדענונג, זענען נישט דאָ מער קיין אָפּגעפרוירענע.

די דאָזיקע מעלדונג איז געווען אין לאַגער פון די ערשטע סימנים פון פּרילינג.

מען האָט אין סטאַציאָנאַר צונויפגעשטעלט אַ ליסטע פון די דאָזיקע אָפּגעפרוירענע מענטשן. זיי זענען געווען עטלעכע צענדליק. דער עיקר פון הויפּט־לאַגער. מען האָט זיי אַלע אַרויסגערופן צום דאָקטאָר. ווען די מענטשן האָבן געהערט, אַז זיי וועלן דאַרפן גיין צו דער אַרבעט, זענען זיי געוואָרן פאַרצווייפלט. ס'האָבן זיך געהערט פּראָטעסטן און אַפילו געוויינען. אָבער קיין עצה איז נישט געווען. פאָלגן דעם באַפעל האָט מען געמוזט.

די אַלע קראַנקע האָבן באַקומען פרישע באַנדאַזשן. ווען שמעון האָט דערזעען די ווונדן, איז ער געוואָרן נישט ווייניקער פאַרצווייפלט ווי די אָפּגעפרוירענע. די ווונדן זענען געווען שטאַרק פאַראייטערט און זייער קאָליר כמעט פיאָלעט.

די אַרעסטאַנטן, וואָס האָבן געהאַט אָפּגעפרוירענע פינגער פון די הענט, האָט מען געשיקט צופוס. טייל מיט אָפּגעפרוירענע פינגער פון די פיס, האָט מען געשיקט מיט שליטנס. שמעון האָט געבעטן דעם נאַטשאַלניק, ער זאָל אים דערלויבן מיט זיי מיטצופאָרן. דער נאַטשאַלניק האָט נישט געהאַט דאַקעגן.

די וואָס האָבן געדאַפֿן גיין צופֿוס, האָ טמען אַרויסגעשיקט גאַנץ פֿרי. די וואָס זענען געפֿאָרן — געשיקט שפּעטער. אַזוי, אַז אָנגעקומען צום לאַגער זענען די צוויי גרופּעס צוזאַמען. דער נאַריאַדטשיק, וואַניאַ, מיט דעם אויסגעשװבענעם פּנים, אין אַ פֿוטערנעם היטל און שובע, האָט זיי אויפֿגענומען, אויסגערופֿן יעדן ביים נאָמען, פֿאָטערס נאָמען און פֿאַמיליע. שמעון איז געשטאַנען דערביי. ווען וואַניאַ האָט פֿאַרענדיקט דאָס אַרויס־רופֿן די נעמען — האָט ער אָפּגעמאָסטן שמעונען מיט אַ שנאהדיקן בליק און אויסגעשריגן — אינגאַנצן געזונטע מענטשן!

אויף דעם „דיאַגנאָז" האָט שמעון נישט רעאַגירט. ער איז אַריין צום דאָקטאָר אַלעקסעי וואַסיליעוויטש. יענער האָט זיך מיט אים דערפֿרייט, געזאָגט, אַז ער וועט זיך באַמיען ביים נאַטשאַלניק ער זאָל שמועונען פֿאַר־האַלטן כאָטש אויף אַ קורצער צייט אויפֿן הויפּט־לאַגער, ווייל איצט, מיטן צוריקשיקן די אָפּגעפֿרוירענע, וועט ער האָבן אַ סך אַרבעט.

ביינאַכט האָט אין די באַראַקן פֿון די אַרעסטאַנטן געהערשט אַ קעלט, ממש אַ פֿראָסט. אין שלאָף האָבן זיך די מענטשן צוגעטוליעט איינער צום אַנדערן, כאָטש בייטאָג זענען זיי זיך געווען גלייכגילטיק, יעדער האָט קוים פֿאַרטראָגן זיך אַליין.

שמעון גייט צו וואַראַניקידזען. דאָס מאָל גייט ער דער עיקר צו דינהן. ס'איז אָוונט. זי זיצט ווי דאָס פֿריערדיקע מאָל, ביי אַ טיש, אויף וועלכן ס'ברענט אַ נאַפֿט־לאָמפּ, און נייט עפּעס.

דינה זיצט אַ רויקע, נאָר מיט נאָך מער אָנגעדראָלענע ליפּן און נאָך מער פֿאַרשוואָלענער נאָז. די בלאַסע באַקן איינגעפֿאַלן. אַנטקעגן איר זיצט וואַראַניקידזע און מישט פֿאַרשידענע פּאַפּירן באַשריבענע מיט נעמען.

שמעון דאַנקט דינהן פֿאַר די גרוסן, וועלכע זי האָט אים געשיקט דורך וואַראַניקידזען. זי הויבט אויף אירע אויגן מיט אַ פֿאַרוווּנדערטן, פֿרעגנדיקן בליק. וואַראַניקידזע בלייבט זיצן אַ צעטומלטער און באַקומט פֿון זיך אַרויס נאָר דאָס איינציקע וואָרט: דינאַטשקאַ.

שמעון זעט, אַז ער האָט זיי ביידע אַריינגעפֿירט אין אַ פֿאַרלעגנהייט.

— וואַראַניקידזע, — רופֿט ער זיך אָן, — האָט מיר אָפּגעגעבן אייערע גרוסן, ווי אָן ענטפֿער אויף מיינע, וועלכע כ'האָב געשיקט מיט אים פֿאַר אייך. דינה זאָגט שטיל, אַזוי ווי צו זיך, — ער האָט מיר קיינמאָל פֿון אייך קיין גרוסן נישט אָפּגעגעבן.

דעמאָלט הייבט שמעון אָן דערציילן וועגן סטאַציאָנאַר. ער דערציילט זיי וועגן דאַווידאָוון. וואַראַניקידזע קען אים, ער איז שוין מיט אים צו־זאַמען אין דריטן לאַגער. ער זאָגט, אַז פֿון דווידאָוון האָ טער זיך אויס־

געלערנט שעצן דאָס לעבן. ביז ער האָט אים דערקענט, איז אים דאָס לעבן אין לאַגער געווען צו לאַסט. זייט ער האָט זיך מיט דאַווידאָוון געטראָפן און אַ ביסל באַפריינדעט, איז אין אים אַריין אַ ווילן צו לעבן און ס'האָט אים אָנגעהויבן גיין אין לאַגער וואָס אַ מאָל בעסער — ביז כ'האָב דער־גרייכט מיין גליק, און ער לייגט אַרויף זיינע וואַרעמע, פול מיט געטריי־שאַפט אויגן אויף דינהן.

מיט שטוינונג הערט זיך שמעון צו צו וואַראַניקידזעס רייד. דאָס וואָס ער הערט פון אים איצט, און דער עיקר, דער אופן, מיט וועלכן ער זאָגט דאָס אַרויס, דערמאָנט אים די קורצע כאַראַקטעריסטיק, וועלכע וואַ־ראַניקידזע האָט אים נישט לאַנג צוריק געגעבן וועגן סאַבאַטשאָוון. שמעון זעט קלאָר, אַז ער האָט פאַר זיך נישט קיין פשוטן מענטש. אפשר נישט קיין געבילדעטן, אָבער אַ מענטש, וואָס קאָן טראַכטן, אַ מענטש מיט אינטעליגענץ. ער פאַרשטייט נאָר נישט, פאַרוואָס טראָגט וואַראַניקידזע אין לאַגער אַזאַ משונהדיקע קליידונג, ווי פון אַ צירק.

אויך איצט זיצט ער אין דער וואַרעמער שטום, אין אַ שטייף העמד מיט אַ הויכן קאָלנער, פאַרבונדן מיט אַ שלייפל. אויפן שטול לעבן אים הענגט זיין אויסגעוואַטעוועטער פראַק. נאָך מער ווי אויף וואַראַניקידזען, וווּנדערט זיך שמעון אויף דינהן, וואָס זי דערלויבט אים טראָגן אַזאַ לבוש, וואָס טיילט אים אַזוי אויס פון אַלע אַנדערע, און מאַכט אים אויסזען קאָמיש.

אָבער וואָס קאָן מען וויסן אין אַזעלכע אויסטערלישע באַדינגונגען, אין אַזאַ וועלט פון אַנדערשקייט, ווו אַלץ ווערט ניוועלירט, צעטראָטן, צעריבן, ווו באַרימטע פּראָפעסאָרן און נאָטאַרישע באַנדיטן שטייען ביי איין און דער זעלבער אַרבעט, עסן ביי איין טיש, שלאָפן אויף איין נאַרע, — וואָס קאָן מען אין אַזאַ פאַרשלאָסענער וועלט, אַ פאַרבאַרגענער, אַ פאַרשטויסענער, וואָס קאָן מען וויסן וואָס באַוועגט דאָ דעם מענטשנס פּסיכיק צו האַנדלען אַזוי און נישט אַנדערש.

שמעון האָט דאָ שוין לאַנג אויפגעגעבן זיין לאָגיש טראַכטן. ער נעמט די פאַקטן אַזוי ווי זיי זענען. וואַראַניקידזע וואַכט דעריבער, אַז דער לאַגער־רעגולאַמין זאָל שטרענג אָפּגעהיט ווערן — און אַלץ וואָס ער אַליין טוט, איז קעגן דעם רעגולאַמין. מיט וואָס פאַראַ כוח טוט ער דאָס ? נאָך וואָס טוט ער דאָס ? און פאַרוואָס דערלויבט מען אים ? ווער ווייסט.

שמעון איז זיך פאַרזעסן. ס'איז געוואָרן שפּעט. ווען ער שטעלט זיך אויף, רופט ער זיך אָן: — דינה, אויב איר ווילט שוין גיין, וועל איך אייך צופירן צום באַראַק.

— זייט מען האָט אַרויסגענומען די אייוועלעך פון די באַראַקן און ס׳איז דאָרט קאַלט, איז דינה דאָ מיט מיר — רופט זיך אָן וואַראַניקידזע. דינה מאַכט שנעלע באַוועגונגען מיט די הענט, ווי זי וואָלט עפּעס גאָר וויכטיקס געמוזט אײַליק צוזײַען. זי הויבט נישט אויף דעם קאָפּ. שמעון פילט זיך דעטאַנירט. ער זאָגט „אַ גוטע נאַכט" און גייט אַרויס.

בײַנאַכט האַלט נאָך אַן אַ שטאַרקע קעלט. שמעון קוקט אויפן הימל, ער איז פול מיט שטערן. אַ געדיכטעניש פון שטערן. אויף דער ערד — באַראַקן, ווי די ריזיקע שוואָמען, פייכטע, פוילנדיקע.

שמעון ווייסט, אַז ווײַנען צוזאַמען, אַ מאַן מיט אַ פרוי, איז אין לאַגער שטרענג פאַרבאָטן, און ס׳קאָן נישט מעגלעך זײַן, אַז מען זאָל אין לאַגער נישט וויסן, אַז דינה וווינט מיט וואַראַניקידזען. ער מאַכט גאָרנישט דערפון קיין סוד. שמעון האָט דאָס געהערט פון אים אַליין.

אויך דאָ, אין תהום, קומט שמעון צו אַן אויספיר, וואַלגערן זיך אַרום שטיקער גוטסקייט, ווי ס׳פאַרוואַלגערט זיך אַ מאָל אַ גוטע זאַך אויף אַ מיסט־פעלד.



געוויינטלעך פלעגט מען די ווונדן פון די אָפּגעפרוירענע איבערבונדן יעדן צווייטן, אָדער דריטן טאָג. די דאָקטוירים־קאָמיסיעס, וועלכע פלעגן געבנוג אָפּט קומען, און באַשטייען כמעט אויסשליסלעך פון פרויען, האָבן געפאָדערט מען זאָל איבערבונדן עפּטער. יעדעס מאָל האָט זיך געהערט דער זעלבער דיאַלאָג צווישן לאַגער־דאָקטאָר און די קאָמיסיע־דאָקטוי־רים: — מען דאַרף עפּטער איבערבונדן די ווונדן. — נישטאָ מיט וואָס, נישטאָ קיין באַנדאַזשן. — מען דאַרף די גענוצטע באַנדאַזשן וואַשן. — מען וואַשט, נאָר עס סטייעט נישט. — מען דאַרף עפּטער איבערבונדן, נעמט דאָס אין אַכט! קיין ענטפער דערויף פלעגט מען שוין נישט הערן.

איצט איז שוין דער פינפטער טאָג זייט מען האָט די אָפּגעפרוירענע איבערבאַנדאַזשירט די ווונדן. מען הייסט זיי דעם אָוונט, נאָך דער אַרבעט, קומען אין אַמבולאַטאָריע. שמעון וואַרט מיט גרויס שפּאַנונג, ער שטעלט זיך פאָר אין וואָס פאַרא שרעקלעכן מצב ס׳זענען די ווונדן.

אָבער דאָ געשעט עפּעס אומדערוואַרטס פאַר אים. ווען די אַרעסטאַנטן בינדן אויף די באַנדאַזשן, גלייבט נישט שמעון די אייגענע אויגן. די קאָליר פון די ווונדן, דער עיקר די פון די פיס, איז שטאַט פיאָלעט, כמעט ראָזאַ און ס׳זעען זיך אָן סימנים פון אַ גראַנולאַציע. פון די ווייכע, שלאַבעריקע

מאַסע איז די ווונד געוואָרן קערנאַרטיק. ס׳הייבט זיך אָן דער פּראָצעס פון פאַרהיילן. ערגער איז עס מיט די ווונדן פון די הענט, אָבער אויך אין די פאַלן זענען די ווונדן בעסער אויס ווי פריער.

די נעכט און די פאַרטאָגן זענען נאָך פּראָסטיקע, אָבער די טעג ווערן פאַרט אַ ביסל לענגער. די זון טוט זיך אויפהויבן העכער. אין מיטן טאָג, ווען זי געפינט זיך אין איר הויך־פּונקט, צעשמעלצט זי עטוואָס דעם שניי אונטער די אַרעסטאַנטנס פיס. זיי שטייען מיט די וואַלענקעס, צי מיט לאַפּטשעס, אין אַ פייכטקייט, און די דאָזיקע פייכטקייט מאַכט עס טאַקע, אַז די ווונדן הויבן זיך אָן גיכער צו היילן. די פייכטקייט פון דעם אַ ביסל צעגאַנגענעם שניי פילט אָן די גאַנצע לופט און זי ווירקט אַפילו אויף די ווונדן פון די הענט.

נאָכן ענדיקן דעם אויפנעם אין דער אַמבולאַטאָריע, רעדט שמעון מיטן רוסישן דאָקטאָר, אַלעקסעי וואַסיליעוויטש, וועלכער איז שוין יאָרן לאַנג לאַגער־דאָקטאָר, וועגן דעם, וואָס ער האָט געזען. יענער קלערט אויף שמעונען, אַז דער באַרימטער רוסישער אַנאַטאָם און כירורג, איינער פון די שעפער פון פעלד־כירורגיע, פּיראָגאָוו, האָט געהאַלטן פון לויע וואַננעס ביים היילן ווונדן. אָט די פייכטקייט פון צעטייעטן שניי האָט די זעלבע ווירקונג, וואָס די וואַננעלעך פון פּיראָגאָוון. און אַזוי אַרום העלפט די ווילדע, נישט געצוימטע נאַטור פון דער טייגע, היילן דעם פאַרוואָגלטן דאָרט מענטש.



אין איינעם אַ פאַרטאָג, נאָך דעם ווי דער אייזערנער לאָם האָט אַ זעץ געטאָן אין דער דיקער שינע און געריסן דעם עולם אַרעסטאַנטן אויפצו־שטיין, דערהערט זיך אַ שטאַרקע געקראַכעריי, ווי ריזיקע הייזער וואָלטן אויפגעריסן און איינגעפאַלן.

די מענטשן, פאַרשלאָפענע, האַלב־אַנגעטוענע, בלייבן שטיין אין דעם כמעט פינצטערן באַראַק — און איינער וויל אַנקוקן דעם צווייטן, וויל עפּעס אַרויסלייענען פון צווייטנס בליק. אָבער דאָס רויטע צינגל ליכט, וואָס צאַנקט אין דעם קליינעם נאַפט־לעמפּל וואָס הענגט אין מיטן באַראַק, שטערט נאָר דעם אויג זיך צוצופּאַסן צו דער פינצטערניש. אָבער פונאַנ־דערצוקלייבן זיך אין דעם אַרומיקן, זען עפּעס, קאָן מען נישט.

דאָס געקראַכעריי פאַרשטאַרקט זיך. די מענטשן אין באַראַק באַפאַלט אַ פּחד. ס׳עפנט זיך פּאַמעלעך די טיר פון דרויסן. אין איר שטייט דער

זאָגע־קאָמענדאַנט סאַבאַטשאַוו. ער פאַלט נישט אַריין, ווי אַלע מאָל, נאָר קומט אַריין גלאַסן, רואיק. ער שרייט נישט, ווי אַלע מאָל, ער רעדט. ער רעדט שטיל און צוריקגעהאַלטן. ס'איז נישט דאָס זעלבע מויל, ס'זענען נישט די זעלבע ציין, ס'איז נישט דער זעלבער סאַבאַטשאַוו. די אַרעס־טאַנטן רינגלען אים אַרום — און ער יאָגט נישט, שטייט אויף אַן אָרט צווישן זיי, ווי אַ גלייכער צווישן גלייכע.

— דאָס אייז אויף דער ווילאַנאַ האָט געררירט. — זאָגט ער שטיל, ווי ער וואָלט זיי אַנפאַרטרויט אַ סוד. — דאָס אייז האָט געררירט. די בריק אויפן טייך איז צעשטערט. די אייז־קריעס האָבן מיטגעשלעפט אַ גרויסע צאָל האָלץ־פּליטעס, צוגעגרייטע צום ספּלאַוו. דאָס וועטער איז מיטאַמאָל געוואָרן לינד. מען האָט זיך נישט געריכט אויף אַזאַ גיכער אויפטייאונג. דער שאָדן איז גרויס.

ער רעדט מיט אַזאַ איבערגעגנומענקייט, ווי מען זאָגט אַן דעם טויט פון זייער אַ נאָענטן מענטש. ער רעדט מיט אַזאַ אומעט, אַז די אַרעסטאַנטן ווען די גאַנצע זאַך גייט ווייניק אָן, וואָס פאַר זייערטוועגן האָבן די אייז־קריעס געקאָנט אַוועקטראָגן דעם גאַנצן לאַגער, ווערן אַנגעשטעקט מיט זיין טרויער.

סאַבאַטשאַוו גיט אַ טרייסל מיטן קאָפּ, ווי אַ פערד, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט אָפּטרייסלען פון עפּעס, און רופט זיך אָן — רעביאַטאַ, חברה, מען דאַרף גיין צו דער אַרבעט. מאַכט עס אַ ביסל שנעלער.

ווען ער גייט אַרויס פון באַראַק, בלייבן די אַרעסטאַנטן אַ רגע פאַרטראַכט. יעדער טראַכט דאָס זעלבע: וואָס איז געשען מיט דעם דאָזיקן ווילדן, צעשריגענעם מענטש? צי האָט ער פּלוצים דערפילט דעם כוח פון אַ סטיכיע, קעגן וועלכער דער שטאַרקסטער מענטש איז נישט מער ווי אַ פליג? צי האָט די צעווילדעוועטע סטיכיע, וואָס האָט צעריסן און צעשטערט אַלץ, וואָס איז איר געשטאַנען אין וועג, אַנגעיאָגט אויף אים אַ פּחד? צי האָט דער שאָדן, וואָס דאָס צעריסענע אייז האָט געבראַכט מיט זיך אים אַנגעפילט מיט צער, און דער צער האָט אים געמאַכט אַזוי מילד, אַזוי מענטשלעך? קיינער האָט נישט געפינען קיין באַשייד צו סאַבאַטשאַווס פאַרהאַלטן זיך. דער טרויער וואָס איז געבליבן נאָך זיין אַוועקגיין, איז געווען זייער טאָג־טעגלעכער טרויער פון איבער־מידקייט, פון נישט דערשלאָפנקייט, פון קיינמאָל נישט זיין זאַט, פון שווע־רער אַרבעט און פון צוואַנג.

ווינטער האָבן ספּעציעלע דערצו בריגאַדעס, אַ טייל פון די צוגעפירטע צום ברעג פון דער ווילאַנאַ ביימער, געבונדן אין

טראַטוועס. די טראַטוועס באַשטייען פון אַ צען שיכטןביימער, געלייגט איינע אויף דער צווייטער און פאַרבונדן און פאַרקניפּט מיט צווייגן פון גאַר יונגע יאַלקעס, ווייכע און בויגעוודיקע. די צווייגן ווערן געקאָכט אין גרויסע קעסלען וואַסער, ביז זיי ווערן ווייך ווי שטריק און שטאַרק ווי אייזן.

ווען ס׳קומט די צייט פון ספּלאַוו, פון טראַנספּאָרטירן דאָס האָלץ מיטן וואַסער, פאַרבינדט מען די טראַטוועס צווישן זיך מיט קייטן און אַ קאַטער, וואָס גייט אויף פאַרע, פירט זיי אַוועק אויף אַ צענטראַל אָרט, פון וואַנען דאָס האָלץ שווימט דורך פאַרשיי־דענע גרויסע טייכן.

דער ברעג פון דער ווִיסליאַנאַ איז אַ שמאָלער. האָט מען אַ טייל טראַטוועס געבונדן דירעקט אויפן פאַרפרוירענעם טייך. אָבער מען האָט פון דאָרט געמוזט זיי באַצייטנס אַוועקשלעפּן ביז צום סאַמע ווייטסטן אָרט פונעם ברעג.

דאָס מאָל האָט דאָס אייז געווירט אומגעריכט פרי. די אויפטיי־אונג איז אָנגעקומען מיטאַמאָל. מען האָט נישט באַוויזן אַראָפּצו־נעמען די טראַטוועס פון פאַרפרוירענעם טייך. די אייז־קריעס האָבן פאַרכאַפּט די טראַטוועס, זיי צעריסן, צעקלאַפּט און געוואָרפן די צעשאָטענע, איינצלנע ביימער, דערלאַנגט זיי קלעפּ, דאָ זיי אַראָפּ־געשטופּט, דאָ אַרויפגעהויבן. באַפרייטע, צעווילדעוועטע האָבן די שטיקער אייז זיך געוואָרפן מיט די פעסטע, געזונטע קלעצער ווי מיט שפּענדלעך. אַ חוץ דעם האָלץ, איז די מי און מאַטער פון הונדערטער, הונדערטער אַרעסטאַנטן אַוועק אויף גאָרנישט.

שמעון טרעפט סאַבאַטשאַוו אין דער זאָנע. ער דערזעט, אַז דעם קאָ־מענדאַנטס ווילד פּנים האָט עפּעס אַן אַנדערע צורה. שוין דאָס צווייטע מאָל זעט ער אים אַזוינעם. איצט און דעמאָלט, אין דעם טאָג, ווען סאַבאַטשאַוו איז געקומען אין וואַלד מיט פערד און שליטן און שמעון האָט אים געבעטן ער זאָל מיטנעמען אין דער זאָנע אַ קראַנק געוואָרענעם באַלאַגאַלע, און אַליין זיך פאַרגעשלאָגן צו ברענגען ביינאַכט דעם קראַנקנס שליטן מיט טרוקן האָלץ.

סאַבאַטשאַוו איז נישט נאָר דערויף באַשטאַנען, נאָר צוגעהאָלפן דעם קראַנקן זיך אַריינזעצן אין שליטן. שמעון האָט, ווי היינט, דערזעען אין אים אַ מענטשלעך פּנים, כאָטש דעמאָלט האָט ער געשמייכלט און היינט איז ער טויט ערנסט.

דער דעמאָלסטיקער טאָג האָט זיך שמעונען איינגעקריצט אין זכרון.

צום סוף פון דעם דאָזיקן טאָג, פּירנדיק דעם שליטן, איז ער שיעור נישט אומגעקומען פון דעם מוראדיקן פראָסט. דאָס איז געווען די נאַכט, ווען ער האָט זיך דאָס ערשטע מאָל באַהאַפטן מיט וויעראַן.

שמעון ווייסט, אַז דער טייך האָט געריררט, אַז די אייז־קריעס האָבן אָנגעמאַכט גרויסע שאָדנס. אָבער ער וויל וויסן, וואָס איז מיט דעם אונטער־פּונקט, וואָס שטייט אויף אַ זומפּ, אין וועלכן ער האָט געהאָט געאַרבעט.

שוין פון אַ געוויסער צייט איז שמעון באַאומרואיקט, וואָס איז מיטן אונטער־פּונקט, ווו ס'האָט זיך געפונען קימינילעסעס בריגאַדע. ער געדענקט, אַז ווען ער איז געפאָרן אַהין האָט מען אים געזאָגט, אַז פון דאָרט מוז מען די מענטשן אַרויסנעמען באַצייטנס, איידער דער פראָסט לאָזט נאָך. טאָמער נישט — קאָן מען צו די מענטשן נישט צוקומען און זיי זענען פאַרמשפּט אויף אומקום פון הונגער.

שמעון נוצט אויס סאַבאַטשאָווס צעטרייסלטקייט, זיין אָנדערשקייט. ער פילט, אַז היינט קאָן ער מיט אים רעדן אָפן, פרעגן — און יענער וועט אים ענטפערן. — חבר קאָמענדאַנט, רופט ער זיך אָן, — וואָס איז מיט קימינילעסעס בריגאַדע, וואָס איז געווען אין אונטער־פּונקט, ווו איך האָב געאַרבעט.

סאַבאַטשאָוו ווערט באַלעבט, ווערט כמעט פריילעך. — אָ, די בריגאַדע איז פון דאָרט אַוועק. דער פּונקט איז געשלאָסן. אַלע האָבן אים באַצייטנס פאַרלאָזט. איר זעט דאָך, אַז דער סאַניטאַר מיראַנאָוויטש, וועלכער האָט נאָך אייך אָנגעפירט מיט דער אַמבולאַטאָריע, איז שוין דאָ צוריק. — ער לאָזט שטיין שמעונען און שפּרייזט אַוועק מיט ברייטע טריט.

שמעון בלייבט שטיין אַ פאַרטראַכטער. מיראַנאָוויטש, דער וואָס ווייזט אים אַרויס פון דער ערשטער רגע אָפענע שנאה? צי ווייסט ער וועגן דעם אָפּמאַך וואָס ער, שמעון, האָט געהאָט מיטן בריגאַדיר קימינילים? צי איז סאַבאַטשאָווס פּלוצימע פריילעכקייט אָן אויסדרוק פון פרייד, וואָס מען האָט באַוויזן אַרויסצופירן פון דאָרט די מענטשן, אָדער אַ פריילעכקייט פון וויסן יענעמס אַ סוד, דער סוד פון שמעונס פאַרבאַטענעם אָפּמאַך מיט קימינילימן?

ער קוקט זיך אַרום צי האָט עמעצער אים געזען שטיין אַ פאַרטראַכטן. אויף פאַרטראַכטקייט רעאַגירט מען אין לאַגער אויף צוויי אופנים, אָדער מיט שפּאָט, אָדער מיט אַ יאושדיקן מאַך מיט דער האַנט, ווי אויף אַ פאַרפאַלענעם אויף אייביק.



די הויכע בערגער שניי שרומפן זיך איין פון טאָג צו טאָג. זיי גייען איין ווי זקנים. זייער קאָליר איז אויך די קאָליר פון אַלטקייט, נישט ווייס, נישט גרוי.

מען טיילט ווידער צו צו די בריגאַדעס קאַנוואָיענטן, שיסער מיט ביקסן אין די הענט, וואָס באַגלייטן די בריגאַדעס אין וועג און היטן זיי ביי דער אַרבעט.

אין די פֿאַרטאָגן, בעתן אַרויסגיין פון דער זאָנע, שטעלן זיך ווידער אויס די בריגאַדעס אין רייען און הערן אויס דאָס גאַרגלען זיך פון די וואַך־לייט, אַז ווער ס׳וועט נישט אָפּהיטן די געזעצן פון קאַנוואָי, וועט דערשאָסן ווערן אָן אַ פֿריערדיקער וואָרענונג. און די אַרעסטאַנטן שרייען אויס — פֿאַרשטאַנען!

אין די בריגאַדעס, אין וועלכע ס׳געפינען זיך אַרעסטאַנטן מיט לאַנג־טערמיניקע אורטיילן, ווערט די וואַך פֿאַרטאָפּלט.

ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די צייט פון אַנטלויפן, „ווערעמיאַ פּאָביעגאָ”. ווי שטאַרק ס׳איז די שמירה, ווי גרויס די וואַכזאַמקייט, געלינגט פּאָרט יעדעס יאָר אין דער צייט אַ צוויי — דריי אַרעסטאַנטן צו אַנטלויפן פון לאַגער.

קיין יידן פון פּוילישן עטאַפּ אַנטלויפן נישט. דאָס אַנטלויפן נאָר אַזעלכע, וואָס הבן געהיימע קאָנטאַקטן מיט עמעצן פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג, אָדער אַזעלכע, וואָס זענען זיכער, אַז מען וועט זיי דער־טיילן אין דרויסן הילף. די יידן האָבן נישט צו וועמען צו לויפן, ביי וועמען זיך אויסצובאַהאַלטן.

ווען דאָס געשעט, און עמעצער אַנטלויפט, ווייסן נישט דערפון די אַרעסטאַנטן. רעדן וועגן דעם טאָר מען נישט אין לאַגער. אָבער, ביי דער גאַנצער אָפּגעטעמפּטקייט זייערע, דערפילן די אַרעסטאַנטן, אַז עמעצער איז אַנטלאָפן. זיי דערפילן דאָס פון דער פֿאַרכטיקער ערנסטקייט, וואָס נעמט אַרום דעם לאַגער אין די דאָזיקע טעג. זיי זעען דאָס אין פֿאַרשלאָ־סענעם פּנים פון סאַבאַטשאָוון, וועלכער שרייט נישט אין די טעג, נאָר ברומט ווי אַ פֿאַרוווּנדעטע חיה.

אַ חוץ די קאָמענדאַנטן און נאַטשאַלניקעס, ווייסט קיינער קיינמאָל נישט ווער ס׳איז אַנטלאָפן. די אַרעסטאַנטן זענען אַזוי ניוועלירט, אַזוי ענלעך איינער צום אַנדערן, אַז דער פּשוטער אַרעסטאַנט קאָן זיך קיינמאָל נישט כאַפּן ווער ס׳פעלט. ווען ס׳דאַכט זיך אים אויס, ווען ער קומט צום באַ־

שלוס, אַז אַ באַשטימטער אַרעסטאַנט פעלט, באַווייזט זיך פּלוצים יענער און מאַכט צונישט אַלע דערטראַכטענישן.

דערנאָך, ווען ס'באַרואיקט זיך אין לאַגער, לאָזט דער קאָמענדאַנט סאַבאַטשאָוו אַרויס אַזוי זיך, ווי נישט ווילנדיק, אַ קלאַנג, אַז מען האָט די אַנטלאָפענע געכאַפּט. קיינער גלייבט אים נישט. אַלע אַרעסטאַנטן זעבען מיט זייערע גאַנצע הערצער מיט די אַנטלאָפענע, אַז אַפילו ווען דאָס זאָל זיין אמת, ווילן זיי אויך אין דעם נישט גלייבן. אָבער מען ווייסט, אַז ווען אַפילו מען כאַפּט נישט די אַנטלאָפענע, גיבן די נאַטשאַלניקעס אַנצוגע־הערן, אַז מען האָט זיי יאָ געכאַפּט, בכדי אַלע זאָלן זיין איבערצייגט, אַז פון לאַגער איז נישט פאַראַן קיין אַנטלויפן.



ס'פאַלט דער ערשטער רעגן, נאָך דעם לאַנגן ווינטער פון שניי און פרעסט. זיינע טראָפּנס לעכערן די בערגער שניי, וואָס ליגן נאָך אַלץ לענג אויס די וועגן, כאָטש שוין קלענערע ווי אין סאַמע ווינטער. ס'טריפן אויך אַריין טראָפּנס וואַרעמקייט אין דער אַטמאָספער, פון דער זון, וועלכע הויבט זיך מיט יעדן טאָג אויף העכער.

אָבער נישט פון די טראָפּנס רעגן און נישט פון די טראָפּנט וואַרעמ־קייט, ווערן נישט די אַרעסטאַנטן פון לאַגער אויפגעפרישט. פאַרקערט. עפּעס אַן אַפּהענטיקייט גייט ווידער אַריין אין זיי. זייערע באַוועגונגען זענען ווי זיי וואָלטן געהאַט אויסגעלענקטע הענט און פיס.

דאָס שניידן וואַלד ווערט כמעט אָפּגעשטעלט. בלויז איין בריגאַדע פאַרנעמט זיך דערמיט. די ביימער, וועלכע מען שניידט איצט אונטער, מוז מען באַלד אָפּשיילן פון דער קאָרע, אויב נישט — הייבן זיי אָן פוילן.

שטייען די אַרעסטאַנטן מיט לאַנגע, שמאָלע, דרייעקיקע שאַרפע לאָ־פּאַטקעס אין די הענט און רייסן, און שינדן די הויט פון די ביימער, וואָס בלייבן ליגן אויף דער ערד ווי נאַקעטע מתים.

דער עיקר אַרבעטן גייען איצט אָן ביים ספּלאַוו, ביים שיקן די ביימער מיטן וואַסער. אויף די הויכע שטאַבלעס, אויף וועלכע מען האָט ווינטער געלייגט די ביימער אין לאַנגע שורות, שטייען איצט די אַרעסטאַנטן און מיט פאַרשפּיצטע שטעקנס אין די הענט קאַלערן זיי די ביימער ביז צום ברעג פון שטאַבעל. דאָרט פאַלן די ביימער אַראָפּ אויפן ברעג פון טייך, וועלכער פליסט צופוסנס פון די שטאַבלעס. די ביימער דאַרפן אַזוי פאַלן, אַז זיי זאָלן פון ברעג זיך אַליין אַריינקאַלערן אין וואַסער אַריין.

אַ בוים איז פון איין זייט ברייטער און פון דער צווייטער, ביים קאָפּ, שמעלער. דאַרף מען אַזוי באַוועגן מיטן שטעקן, אַז דיביימער זאָלן זיך קאָלערן גלייכמעסיק. דאָס פאָדערט אַ גרויסע געניטקייט. מען דאַרף וויסן ווו, אויף וועלכן אָרט, דעם בוים אַ שטופּ צו טאָן, אַז דער כוח, וואָס דו לייגסט אַריין אין דעם שטופּן, זאָל זיך אויסווירקן אויף דער ברייטער זייט שטאַרקער, און אויף דער שמאָלער זייט שוואַכער. אַזוי אַרום האַלט מען דעם בוים אין גלייכגעוויכט, אי בעת זיין קאָלערן זיך, אי בעת אַראָפּ־פאַלן אויפן ברעג און אַריינקאָלערן זיך אין וואַסער אַריין.

די נישט־יידישע לאַגערניקעס זענען שוין איסגעאיבט אין דעם פאַך, זיי מאַכן דאָס מיט געשיקטקייט. די ביימער קאָלערן זיך ביי זיי גלייכמע־סיק, ווי זיי וואָלטן געפאָרן אויף רעדער. זיי אַרבעטן שנעל און מאַכן אַ גרויסע נאָרמע און די אַרבעט קומט זיי אָן לייכט.

די יידן פון פוילישן עטאַפּ קאָנען נישט די מלאכה פון באַלאַנסירן. זיי שטופּן די ביימער סתם אַזוי, ווו ס'פאַלט זיי איין. לויפן די ביימער מיט דער לייכטער זייט פאָראויס, און גליטשן זיך יעדע פּאָר מעטער אַראָפּ פון די קיילעכדיקע לייסטן, פון די שינעס אויף וועלכע זיי ליגן. די יידן מוזן די ביימער יעדעס מאָל אַרויפשלעפּן און צוריק אַוועקלייגן אויף זייערע פריערדיקע ערטער. ווען זיי דערקאָלערן שוין דעם בוים צום ברעג, גיט ער זיך פּלוצים אַ דריי אויס און פאַלט מיט דער ברייטער זייט און, שטאָט זיך אַראָפּצוקאָלערן אין וואַסער אַריין, גראָבט ער זיך איין אין זאַמדיקן ברעג, שטאַרצנדיק אַרויף.

ווען ביי אַ צען ביימער פאַלן אַראָפּ אויף אַזאַ אופן, שאַפט זיך פון זיי אויפן ברעג אַ פאַרשטאָפּונג. די ביימער בלייבן שטעקן אין זאַמד־ברעג אין משונהדיקע שטייענדיקע פּאָזיציעס. ס'זעט אויס, ווי זיי אַלע וואָלטן זיך צונויפגעוואַקסן אין איין גרויסן, פאַרצווייגטן בוים. ס'איז נאָר שווער צו וויסן ווו, אויף וועלכן אָרט, זיי זענען צונויפגעוואַקסן, ווייל זיי קרייצן זיך אין פאַרשידענע ערטער, און דאָך זעען זיי אויס ווי איין גאַנצקייט.

ווען ס'שאַפט זיך אַזאַ פאַרשטאָפּונג, מוז מען איבערייסן די אַרבעט. די אַרעסטאַנטן גייען אַראָפּ פון די שטאַבלעס און אויפן ברעג נעמען זיי זיך פונאַנדערטיילן די צונויפגעפּלאָנטערטע ביימער. דאָס איז אַ שווערע און געפערלעכע אַרבעט. מען דאַרף וויסן גענוי ווו אָנהויבן פונאַנדערנעמען דעם פאַרפּלאָנטערטן קנויל ביימער, וואָרעם ס'האָט געטראָפן, אַז ביים אַרויסציען איין בוים, איז זיך דער גאַנצער קנויל שטייענדיקע ביימער פונאַנדערגעפאַלן און דערדריקט אונטער זיך אויף טויט עטלעכע מענטשן מיט אַ מאָל.

דעריבער האָט מען געמוזט דיביימער צענעמען מיט גרויס פאַר־זיכטיקייט און קענטעניש. די רוסישע בריגאַדירן און דיעסאַטניקעס האָבן דאָס זייער גוט געקענט. פלעגן זיי דאָס טוען, אָבער געווען מלא רציחה. דערביי האָבן זיי געזידלט די יידן אין דער מאַמען אריין און געשאָלטן מיט קללות, וואָס נאָר אַ פאַרברעכערישע פאַנטאַזיע האָט געקאָנט צו־טראַכטן.



דאָס וועטער ענדערט זיך אָפט. דאָ איז וואַרעם און דאָ ווערט ווידער קאַלט. ווי נאָר אַ וואָלקן פאַרשטעלט די זון, ווערט אַ דורכנעמענדיקע קעלט, ווען די זון הייבט אָן זיך נויגן צום מערב ווערט גאָר אַ ביטערע קעלט.

טייל פון די נישט־יידישע אַרעסטאַנטן טראָגן שוין די זומער־הלבשה פון אַ זע.־קאַ., פון אַן אַרעסטאַנט: בלויע לייוונטענע הויזן, אַ בלויע לייוונטענע בלוזע, און איבער דעם, דעם ווינטערדיקן בושלאַט, וועלכן זיי האָבן נאָך פאַרהאַלטן ביי זיך. זיי טראָגן וואַרעמע אונטערוועש, וועלכע זיי האָבן אָפּגעקויפט ביי די יידן פון פוילישן עטאַפּ. די יידן האָבן פון זיך אַראָפּפאַרקויפט די וואַרעמע וועש פאַר ברויט, צי פאַר מאַכאָרקע. איצט האָבן זיי מורא אויסצוטאָן עפּעס פון די ווינטערדיקע וואַטענע מלבושים, זיי האָבן מורא פאַר דער קעלט. טראָגן זיי אויף זיך די גאַנצע הלבשה — און ווערן שוין ביים גיין צו דער אַרבעט פאַרמאַטערט.

מיטן אַוועקגעבן די ווינטער־מלבושים, מוז מען זיין זייער פאַרזיכטיק. וואַרעם טאָמער געסטו זיי אַוועק און ס'ווערט ווידער קאַלט — באַקומסטו זיי שוין נישט צוריק. מוזט וואַרטן ביז צום צווייטן ווינטער, ווען מען וועט דיר ווידער צוטיילן ווינטער־מלבושים.

דעם אַרעסטאַנטס אָנטועכץ איז ווי זיין הויט. ער קאָן נישט און טאָר נישט מיט דעם זיך שיידן. יעדער אַרעסטאַנט ווייסט עס. יעדער פילט עס מיט דער גאַנצער זיכערקייט, און דאָך טרעפן זיך פאַרשידענע, אַפילו אויסטערלישע פאַלן.

אָט איז אין מיטן ווינטער קראַנק געוואָרן אַ סטאַכאַנאָוויעץ פון די וואַלד־האַקערס. ער טראָגט מלבושים פון ערשטער קאַטעגאָריע, אַ גאַנצן, כמעט פרישן בושלאַט, אַ פופייקע און וואַטענע הויזן און אַ פאַר גוטע, גאַנצע וואַלענקעס. ער איז קראַנק. האָט אַ לונגען־אָנצינדונג, וועלכע קאָמ־פּליצירט זיך.

דעמאָלט קומט צו אים דער מאַגאַזינער פון דער קאַפּטיאַרקע, ווו מען טיילט צו די אַרעסטאַנטן דאָס אַנטועכץ, דער רוס מיטן שטאַרק געקנייטשטן פּנים, און דערציילט דעם קראַנקן אַזאַ געשיכטע: — פאַראַן אין לאַגער אַ סטאַכאַנאָוויעץ, וועלכער קאָן נישט אַרויסגיין אויף דער אַרבעט, ווייל ער האָט נישט וואָס אָנצוטאָן. אין מאַגאַזין איז נישט פאַראַן קיין איין רעכטער בושלאַט, קיין איין לייטישע פופייקע, שוין אָפּגערעדט פון וואַלענקעס, די זענען אינגאַנצן נישטאָ. אַזוי ווי דו ביזט קראַנק, טענהט דער מאַגאַזינער מיט איבערגעגעבנקייט, און גייסט דערווייל נישט אַרויס צו דער אַרבעט, טאָ באָרג אויס דעם סטאַכאַנאָוויעץ דיינע מלבושים, און ווען דו וועסט געזונט ווערן, וועסטו באַקומען נייע, פון ערשטער קאַטעגאָריע, וועלכע דאַרפן אָ ליאַדע טאָג אָנקומען אין מאַגאַזין.

אין אָנהויב וויל דער קראַנקער סטאַכאַנאָוויעץ וועגן דעם אפילו נישט הערן. ער האָט זיין הלבשה אויסגעקעמפט, אַ חוץ מיט שווערער האַראַוואַניע, אויך מיט די נעגל. יעדער שטיק מלבוש אַרויסגעריסן ממש פון דעם מאַגאַזינערס קאַרגע הענט מיט כוח. ער ווייסט, אַז ער טאָר עס נישט אָוועקגעבן. עפּעס זאָגט אים אונטער, אַז ס'דראָט אים אַ געפאַר אויב ער וועט דאָס טאָן. ער וואַרפט קאַטעגאָריש אָפּ דעם מאַגאַזינערס פאָרשלאָג.

אָבער יענער נעמט זיך נישט איבער מיטן אָפּזאָג. צומאָרגנס קומט ער ווידער צום קראַנקן און זאָגט אים: — הער, דער סטאַכאַנאָוויעץ איז ווידער היינט נישט אַרויסגעגאַנגען צו דער אַרבעט, אַלץ צוליבן צייטווייליקן אויספעלן מלבושים. אַזוי אַרום ווערט אָרונטערגעריסן דער מלוכה־פּלאַן. גיב אַ טראַכט, דו דאַרפסט איצט נישט דאָס אָנטועכץ, ביזט קראַנק, טאָ פאַרוואָס זאָלסטו עס נישט אויסבאָרגן דיין חבר, דעם סטאַכאַנאָוויעץ? אויב דו טוסט עס נישט איז דאָס אַן אַנטי־מלוכהשער טאַט. געדענק.

דער קראַנקער פאַרטיידיקט זיך. ענטפערט, אַז ער האַלט שוין ביי געזונט ווערן, אַז נאָך אַ טאָג — צוויי, וועט ער שוין אַרויסגיין צו דער אַרבעט — און דאַרף האָבן די זאַכן פאַר זיך. דער מאַגאַזינער טוט אַ פאַר־הוילעמען שמייכל, אַז דעם קראַנקן ווערט קאַלאַמוטנע דערפון — און לאָזט אים אָפּ.

דער אמת איז, אַז לויטן לאַגער־רעגולאַמין, טאָר מען נישט אָוועקנעמען ביי אַ קראַנק געוואָרענעם אַרעסטאַנט זיינע אַרבעטס־מלבושים. אָבער דער לאַגער־רעזשים האָט זיך שוין זיינע מיטלען אַרויסצובאַקומען פון אַרעסטאַנט וואָס ער וויל, און ס'זאָל לפּנים אויסזעען, ווי יענער האָט עס געטאָן פון אייגענעם ווילן.

דער מאַגאַזינער לאָזט דעם קראַנקן צורו אַ צוויי־דריי טעג. אָבער

יענער איז שוין באַאומרואיקט. די ווערטער פון מאַגאַזינער, אַז צוליב זיין נישט וועלן אויסבאַרגן דעם סטאַכאַנאָוויעץ זיין אַנטועכץ, ווערט אַרונ־טערגעריסן דער מלוכה־פּלאַן, אַז דאָס איז אַן אַנטי־מלוכהשער טאַט, גיבן אים נישט קיין מנוחה. ער פרעגט מיט בעטנדיקע אויגן דעם דאָקטאָר, ווען וועט ער שוין קאָנען גיין צו דער אַרבעט. להיפּוך צו אַלע אַנדערע אַרעסטאַנטן, אַפילו סטאַכאַנאָווצעס, וואָס וואָלטן גערן אַ ביסל קראַנק געוואָרן, אַבי נישט דאַרפן יעדן טאָג גיין צו דער זעלבער מאַטערנדיקער אַרבעט, האָט זיך דער קראַנקער סטאַכאַנאָוויעץ געריסן דערצו, אויס מורא פאַר בלייבן אַ לענגערע צייט קראַנק. אָבער דער דאָקטאָר קאָן אים נישט זאָגן ווען ער וועט מעגן גיין צו דער אַרבעט.

נאָך אַ צוויי־דריי טעג קומט ווידער צו אים דער מאַגאַזינער און פרעגט אים מיט איראָניע — נו, דו האָסט דאָך שוין געוואָלט גיין צו דער אַרבעט? דעמאָלט נעמט דער קראַנקער סטאַכאַנאָוויעץ אָפּער פון אונטערן צוקאָפּנס זיינע וואַלענקעס, זיין בושלאַט, פופייקע און וואַטענע הויזן — אַלץ פון ערשטער קאַטעגאָריע — און מיט ציטערנדיקע הענט גיט ער עס איבער דעם מאַגאַזינער אונטער אַ הייליקן צוזאָג, אַז ווי נאָר ער וועט געזונט ווערן, גיט ער אים אַלע זיינע מלבושים צוריק.

ווען עס קומט דער פאַרהאַפּטער טאָג און דער קראַנקער הערט פון דאָקטאָר, אַז אין צוויי טעג אַרום וועט ער דאַרפן גיין צו דער אַרבעט, לויפט ער אין דער אונטערוועש, אַרומגענומען מיטן קאָפּ, דירעקט פון דער אַמבולאַטאָריע אין דער קאַפּטיאָרקע אַריין. ער לויפט אַנזאָגן דעם מאַגאַזינער ער זאָל אים צוגרייטן זיינע סטאַכאַנאָווסקע מלבושים אויף מאָרגן, ווייל איבערמאָרגן גייט ער צו דער אַרבעט.

אין אָנהייב מאַכט זיך דער מאַגאַזינער נישט דערקענען דעם קראַנקן. ווען יענער, אַ דערציטערטער, הויבט אים אָן דערמאָנען, ווי אַזוי ער אַליין האָט ביי אים געבעטן אויסבאָרגן זיין הלבשה פאַר אַ סטאַכאַנאָוויעץ, צו־זאָגנדיק, אַז ווי נאָר ער, דער קראַנקער, וועט געזונט ווערן וועט ער אים די אַלע זיינע זאַכן צוריקגעבן מיט דאַנק — דערמאָנט זיך דער מאַגאַזינער עפּעס. ער פאַרהאַלט זיך ווי מען וואָלט אים אויפגעוועקט פון אַ טיפן שלאָף און זייער אַ נישט־צופרידענער זאָגט ער: — אַ, יאַ, ביסטו, הייסט עס געזונט געוואָרן. נו, פאַזדראַווליאַיו, כ׳באַגריס דיך. נאָר וואָס רעדסטו אַזוי האַסטיק, מיט אַזאַ אימפּעט. קום אַריין מאָרגן, ס׳וועט אַלץ זיין ווי ס׳באַדאַרף צו זיין.

דער געזונטגעוואָרענער אַרעסטאַנט גייט אַרויס פון דער קאַפּטיאָרקע אַ דענערווירטער, מיט אַ שלעכט פאַרגעפיל. ער דערוואַרט זיך קוים אויפן

צווייטן טאָג, און ווי נאָר ס'פּאַלט צו דער פאַרנאַכט, פאַרוואַרפט ער אויף זיך דעם קאַץ און לויפט ווידער אין דער קאַפּטיאַרקע.

ס'חזרט זיך איבער די סצענע פון נעכטן. דער מאַגאַזינער דערקענט אים נישט. ווען דער אַרעסטאַנט דערמאָנט אים, ווי אַזוי ער אַליין האָט ביי אים געבעטן אויסבאַרגן די זאַכן און צוגעזאָגט אים זיי צוריקגעבן, רייבט זיך דער מאַגאַזינער לאַנג און פאַרטראַכט דעם שטערן, ער נעמט אַראָפּ די ברילן מיט די שטריקלעך, שטאָט האַלאַבלעס, און קוקט דורכ־דרינגלעך אַן מיט זיינע שמאַלע, קורצזיכטיקע אויגן, דעם מענטש וואָס שטייט פאַר אים אין דער אונטערוועש, אַרומגעהילט מיטן קאַץ.

דערנאָך הויבט ער זיך פאַמעלעך אויף, גייט צו צו אַ טונקעלן ווינקל פון מאַגאַזין, פאַרעט זיך דאָרט געננוג לאַנג, קומט צוריק און דערלאַנגט דעם סטאַכאַנאָוויעץ אַן אַלטן געלאַטענעם בושלאַט, אַן אַלטע פופייקע, אַ פּאָר אָפּגעטראָגענע הויזן, אין וועלכע די וואַטע איז שוין אַזוי צונויפ־געדריקט, פלאַטשיק, ווי ס'וואָלט דאָרט שטאָט וואַטע, געווען פּאַפּיר, און אַ פּאָר ברעזענטענע שיך.

דער סטאַכאַנאָוויעץ קוקט מיט שרעק אויף די אים דערלאַנגטע מלבושים.

— ווו איז מיין אַנטועכץ פון ערשטער קאַטעגאָריע? — צעבייזערט ער זיך.

— זונעלע, — זאָגט אים דער מאַגאַזינער זייער ווייך, — ס'איז שוין צייט, אַז דו זאָלסט וויסן, אַז אין לאַגער איז נישט פאַראַן קיין מיינס און דיינס.

— אָבער איר אַליין האָט דאָך אויסגעבאָרגט ביי מיר די סטאַכאַנאָוור־סקע מלבושים און מיר געגעבן אייער ערן־וואָרט מיר זיי צוריקצוגעבן, ווען כ'וועל געזונט ווערן!

דער אַרעסטאַנט זאָגט אַרויס די ווערטער מיט איינגעהאַלטענעם כעס, זיי זענען שטיל און קאַלט ווי אייז.

דעם מאַגאַזינערס ווייך קול ווערט מיטאָמאָל האַרט און שטעכיק.

— וואָס ווילסטו — זאָגט ער — כ'זאָל אַוועקנעמען די מלבושים פון אַ סטאַכאַנאָוויעץ וואָס מאַכט ביי פינף און צוואַנציק קובאָמעטער אַ טאָג און דיר אָוועקגעבן?

— און וואָס בין איך? נישט קיין סטאַכאַנאָוויעץ?

— דאָס וועט מען ערשט זען, מען וועט זען — ענטפערט קאַלטבלו־טיק דער מאַגאַזינער. — איצט ביסטו נאָך אַ קרענק. דערווייל ווייסט מען נישט ווער דו ביסט. וועסט מאַכן איבער דער נאָרמע, וועסטו ווערן

אַ סטאַכאַנאָוויעץ. און דעמאָלט וועט מען דיר געבן מלבושים פון ער־שטער קאַטעגאָריע.

דער אַרעסטאַנט ווערט אויפגעקאָכט. ער הויבט אָן שרייען, אַז יענער איז אַ שווינדלער, אַן אָפּנאַרער, אַז ער וועט אים לערנען שכל. ס'איז טאַקע אַ לאַגער, אָבער עס איז נישט הפקר־וועלט.

דעמאָלט רופט זיך אָן דער מאַגאַזינער אינגאַנצן אַ באַהערשטער:

— זונעלע, אויב דו וועסט שרייען און דראָען, רוף איך אַריין די וואַך און הייס דיך גלייך אָפּפירן אין איזאָלאַטאָר.

מיט פּאַרקריצטע ציין, אַריינסיקענדיק וויסטע קללות אויפן מאַגאַזי־נערס קאָפּ, איז זיך אַריין, נעמט דער אַרעסטאַנט מיט עקל די מלבושים און די שיך, און לויפט אַרויס פון דער קאַפּטיאָרקע.

אָבער די ווערטער פון מאַגאַזינער, די ווערטער פון צווייפל, צי איז ער נאָך אַ סטאַכאַנאָוויעץ און צי וועט ער עס זיין, יאָגן אים נאָך, ווי דאָס קראַטשען פון אַ קראָ. די ווערטער שרעקן אים און ער וויל זיי וואָס גיכער פאַרגעסן.

ער באַהאַלט די נעבעכדיקע מלבושים אונטערן קאָץ, אַז קיינער פון זיינע באַראַק־חברים זאָל זיי נישט באַמערקן און לייגט זיך אַוועק אויף זיין געלעגער.

כאָטש קיין היץ האָט ער שוין נישט, פיבערט ער אָפּ, פון אינערלעכער אויפגעטרייסלטקייט, אַ גאַנצע נאַכט, נישט צוטוענדיק קיין אויג. עס הייבט אים פון געלעגער. ער וויל לויפן צו דער קאַפּטיאָרקע, זי אויפרייסן און וואַרפן זיך מיט אַלע כוחות אויפן מאַגאַזינער. ס'צערייסט אים אַ געפיל פון דערנידעריקונג, פון פאַרשעמטקייט. ער וואַרפט זיך ווי אין קאָנ־ווולסיעס. ער הערשט נישט איבער זיך.

אַזוי, אין אַזאַ צושטאַנד, גייט אַדורך די גאַנצע נאַכט. און ווען פאַרטאָג טוט דער אייזערנער לאָם אַ זעץ אין דער דיקער שינע, הויבט אָן דער דערשלאָגענער אַרעסטאַנט אַרויפציען אויף זיך די געלאַטעטע, פינצטערע מלבושים.

ביז זיין געזונט ווערן פלעגט אים עמעצער פון זיינע בריגאַדע־חברים ברענגען דאָס עסן אין באַראַק אַריין. דאָס איז נישט געווען קיין עסן פון סטאַכאַנאָווסקע קעסל, נאָר אַ סטאַציאָנאַר־עסן, וואָס מען האָט געקאָכט פאַר קראַנקע, וועלכע מען האָט צוליב פאַרשידענע סיבות נישט געשיקט אין סטאַציאָנאַר, נאָר געהאַלטן אין באַראַק, אין לאַגער.

היינט, ווען דער געזונט געוואָרענער סטאַכאַנאָוויעץ דאַרף דאָס ער־שטע מאָל נאָך דער קרענק אַרויסגיין צו דער אַרבעט, דערלאַנגט אים

דער בריגאַדיר שטאַט אַ פּאָרציע פון ניין הונדערט גראַם ברויט, אַ פינף הונדערט גראַמיקע פּאָרציע, און שטאַט אַ טאַלאָן אויף סטאַכאַנאָווסקע עסן, עפּעס גאָר אַן אַנדערן.

דער בריגאַדיר קלערט אים אויף, אַז איצט באַקומט ער אַן „עטאַפּנעם פּאַיאָק”, עסן וואָס עס באַקומט אַן אַרעסטאַנט, וואָס איז נאָר־וואָס געקו־מען אין לאַגער מיטן עטאַפּ. ערשט לויט דעם ווי ער וועט אַרבעטן אין דער נאָענטסטער דעקאַדע, אין די נאָענטסטע צען טעג, וועט מען באַשטימען וואָס פּאַראַ עסן ער דאַרף באַקומען. דאָס עסן אויף דעם טאַלאָן, וועלכן דער בריגאַדיר גיט אים איצט, וועט ער נישט באַקומען אין דער קליינער סטאָלאָווע, ווו ס'עסן די סטאַכאַנאָווצעס, נאָר אין דער אַלגעמיינער, ווו ס'עסן אַלע אַנדערע אַרעסטאַנטן.

אַן עמפּערטער, אַ דערשיטערטער, נעמט דער געזונט־געוואָרענער דאָס ברויט און דעם טאַלאָן. ער עסט אויף די גאַנצע פּאָרציע נאָס ברויט אויפן וועג צו דער סטאָלאָווע, גייענדיק. דאָס ערשטע מאָל איז ער אין דער גרויסער סטאָלאָווע, ווו הונדערטער מענטשן זיצן ביי לאַנגע טישן און זופּן עפּעס פון שוואַרצע טעפּ, און איבער זיי טראָגט זיך דער דעמפּיקער ריח פון טרעסקאַ־פיש, ווי דער ריח פון געקאָכטער שמוציקער וועש.

ער וואַרפט אַריין דעם טאַלאָן אין פענצטער פון דער קיך. נעמט אָפּ זיין ביסל עסן, זעצט זיך נישט אַוועק ביים טיש, נאָר שטייענדיקערהייט עסט ער אָפּ זיין זופּ מיט דעם ביסל קאַשע, און וואַרפט אַרויף זיין שטיקל טרעסקאַ־פיש אויפן טיש, ווו צענדליקער הענט פון הונגעריקע וואַרפן זיך דערויף ווי רויב־פייגל.

ווען ער קומט צום אָרט ווו ס'זאַמלען זיך די אַרעסטאַנטן פון זיין בריגאַדע, קוקן אַלע אויף אים, אויף זיין אַנטועכץ מיט ביטול, מיט אָפּע־נעם חוזק.

אייגנטלעך איז ער שוין אַן אויסגעענדיקטער, שוין אַ פאַרלוירענער. ער פילט דאָס, אָבער ווייס עס נאָך נישט.

ער גייט אַרויס מיט אַלע צו דער אַרבעט. ביי דער אינסטרומענטאַלקע גיט מען אים אַ בויגן־זעג. זיי קומען אָן אין וואַלד צום אָרט, ווו די ברי־גאַדע אַרבעט. דאָרטן צעטיילן זיי זיך. יעדער וואַלד־האַקער נעמט זיך זיינע צוהעלפער און פאַרנעמט זיך אויף זיין באַשטימט אָרט.

ער, דער פריש־געקומענער, האָט נישט קיין צוהעלפער. ער האָט וועגן דעם באַדאַרפן טראַכטן פריער. זיך אָפּשמועסן מיט אַ דיעסאַטניק, צי ברי־גאַדיר, ביי וועמען עס אַרבעטן יונגערע יינגלעך, אַז מען זאָל אים צו־טיילן אַ צוויי פון זיי, ווי ס'פירן זיך אַלע סטאַכאַנאָווצעס, ווי ער אַליין

האָט זיך ביזן קראַנק ווערן געפירט. אָבער עפּעס האָט ער אין זיין אויפ־רעגונג דערין פאַרגעסן, צי נישט געהאָט די דרייסטקייט בעטן אים צוטיילן בייהעלפער. אפשר האָט שוין דאָ געווירקט זיין שלעכט זעלבסט־געפיל, זיין נישט־זיכערקייט צוליב דעם שלעכטן אָנטועכץ, וואָס האָט אים דערנידעריקט אין די אייגענע אויגן. אפשר האָט דאָס, וואָס ער האָט זיך ווידער באַדאַרפן אַרויסווייזן מיט זיין אַרבעט, אַז ער פאַרדינט אויפן נאָמען „סטאַכאַנאָוויעץ”, נישט געגעבן אים די אָנטשלאָסנקייט צו בעטן מיטהעלפער.

— נישט וויכטיק, — טוט ער אַ טראַכט, — איך וועל אַלץ טאָן אַליין און מען וועט אַלץ פאַרשרייבן אויף מיר.

ער נעמט זיך צו דער אַרבעט, צו זעגן ביימער. ער שוויצט. וואַרפט אַראָפּ פון זיך די פופייקע, כאָטש דער דאָקטאָר האָט אים אָנגעזאָגט דאָס נישט צו טאָן. אָבער די אַרבעט גייט אים נישט. עפּעס דויערט יעדער צי מיט דער זעג צו לאַנג. ער נעמט זי אַרויס און באַקוקט. זי איז ני׳שט געשאַרפט און ערטערווייז אַפילו אויסגעשטשערביעט.

ווי אַזוי האָט ער געקאָנט נעמען אַזאַ זעג? פרעגט ער זיך אַליין. און ווי אַזוי האָבן די אינסטרומענטאַלשטשיקעס געוואַגט אַזאַ זעג מיר צו געבן? ער שטייט און קוקט אויף דער זעג, ווי מען קוקט אויף סם, וועלכן מען מוז שוין פון גרויס יאוש איינגעמען.

ער שעמט זיך צו באַקלאָגן פאַרן דיעסאַטניק אויף די אינסטרומענטאַל־שטשיקעס, וואָס האָבן אים אַזאַ זעג געגעבן. ער ווייסט, אַז יענער וועט אים אויסלאַכן. וועט אים פרעגן — און ווו האָסטו געהאַט דיינע אויגן? האָסט נישט געקוקט וואָס מען גיט דיר? און געשען איז עס ווייל ער האָט בלויז אַריינגעשטעקט די הענט אינעם פענצטער פון דער אינסטרו־מענטאַלקע, גענומען וואָס מען האָט אים געגעבן, נישט ווילנדיק זיי זאָלן אים זען אין אַזאַ הולך, אין אַזעלכע אָפּגעטראָגענע מלבושים.

ער נעמט זיך ווידער צו דער אַרבעט. אַרבעט מיט אַלע כוחות. ס׳שלאָגט אויף אים מיט זיבן שווייסן — און ווען פאַרנאַכט קומט דער דיעסאַטניק אויסמעסטן די אַרבעט וואָס ער האָט אין משך פון גאַנצן טאָג אָפּגעטאָן, ווייזט זיך אַרויס, אַז ער האָט געמאַכט אַכציק פּראָצענט פון דער נאָרמע.

דער דאָזיקער אַרעסטאַנט הויבט זיך שוין מער נישט אויף צו דעם ראַנג פון אַ סטאַכאַנאָוויעץ. פאַרקערט. ער פאַלט, האַלט אין איין פאַלן אַראָפּ, אַרבעט אויס וואָס אַמאָל ווייניקער. ער וועט שוין קיינמאָל נישט טראָגן קיין מלבושים פון ערשטער קאַטעגאָריע. מען באַזייטיקט אים פון דער בריגאַדע סטאַכאַנאָווצעס און מען טראָגט אים איבער אין אַ ברי־

גאַדע שוואַכע אַרבעטער. ער וועט שוין קיינמאָל נישט עסן אין דער קליינער סטאָלאָווע פאַר סטאַכאַנאָווצעס, ער זעצט זיך שוין צום טיש אין דער אַלגעמיינער סטאָלאָווע, צוגלייך מיט אַלע, מיט די אַלע וואָס אַרבעטן קיינמאָל נישט אויס קיין פולע נאָרמע, באַקומען ווייניק עסן — און זענען שטענדיק הונגעריק.

אין אַ קורצער צייט ווערט פון געוועזענעם סטאַכאַנאָוויעץ אַ דאָכאָ־דיאַגע, אַ מענטש וואָס לעבט נישט, נאָר צאַנקט בלויז. ער אַרבעט נאָר אויף אַזויפיל ער זאָל נישט מוזן גיין אויף ביינאַכט אין איזאָלאַטאָר.

פאַרטאָג זיצט ער ביים טיש אין דער גרויסער סטאָלאָווע, ווי אַ גליי־כער מיט גלייכע, צווישן די אייביק הונגעריקע, וואָס זיצן מיט אַנגעגרייטע לעפל אין די הענט און וואַרפן זיך אויף יעדעס נישט אויפגעגעסן ביסל קרויט־בלעטער פון דער זופּ און אויף יעדעס נישט דערעסן שטיקל טרעסקאַ־פיש, פון וועלכן ס'טראָגט זיך דער דעמפּיקער ריח פון גע־קאָכטער שמוציקער וועש.



דאָס וועטער, וואָס ענדערט זיך אָפט — מאַכט מיד. נאָך מער ווי די צוריקקומענדיקע קעלט, מאַטערט דאָס ביסל נישט זיכערע וואַרעמקייט. ס'מאַטערט די ווינטערדיקע הלבשה. ס'מאַטערט די אַרבעט, וועלכע איז איצט נאָך מאַנאָטאָנער ווי אין ווינטער. דער חלום וועגן אַ זומער, דער אויסגעטרוימטער זומער, ווערט גאָר גיך אַ לאַסט, ווי אַלץ וואָס קומט בשותפות מיט צוואַנג.

אין לאַגער פעלט אויס פּאַפּיר. אויספעלן אין לאַגער — הייסט אויס־פעלן אינגאַנצן. נישט צו געפינען אין לאַגער קיין פּיצל פּאַפּיר זיך צו פאַרדרייען אַ פּאַפּיראָס. מען איז גרייט אַוועקצוגעבן דאָס עסן פאַר אַ פּיצל פּאַפּיר. מען זוכט אין די קלאָזעטן שטיקלעך פּאַפּיר, וועלכע מען האָט שוין געניצט צום באַוווסטן צוועק. אָבער ס'איז נישטאָ.

ווען ס'געשעט אַ פאַל פון באַשעדיקונג ביי דער אַרבעט, ווען אַן אַרעסטאַנט טוט זיך אַ שווערן קלאַפּ, ס'מאַכט זיך אים אַ ווונד, צי ער צע־ברעכט גאָר אַ האַנט, אַדער אַ פוס, און מען מוז צונויפשטעלן אַן אַקט, נעמט מען נישט זעלטן אַראָפּ פון די פלעשלעך מיט רפואות די סיגנאַ־טורקעס, די אויפשריפטן פון זייער אינהאַלט, און אויף דער צווייטער זייט פון דעם קליינעם שטיקל פּאַפּיר שטעלט מען צונויף דעם אַקט.

די אַרעסטאַנטן ווישן זיך אונטער מיט קיילעכדיקע שטיינדלעך. טייל

איידעלערע, טוען צו דעם צוועק אַרויסרייסן שטיקלעך פּאַדשעווקע פון זייערע מלבושים. דער נאַרמיראָוושטשיק ציילט געגוי צו די דיעסאַטניקעס די פאָרמולאַרן צו פאַרשרייבן די אָפּגעטועגע דורך די בריגאַדעס אַרבעט. כאָטש צו רויכערן טויג דאָס פּאַפּיר סיי־ווי נישט, ווייל ס'איז גלאַטיק און דיק, און שטאָט זיך צו רייכערן — ברענט עס.

נאָך גרעסער ווי דער קוועל פון אויספּעלן מאַכאָרקע, איז דער קוועל פון אויספּעלן פּאַפּיר. פאַר מאַכאָרקע קאָן מען נאָך געפינען אַן ערזאַץ, טריקענע בלעטער, ביימער־קאָרע, וואָס גיבן כאָטש פון זיך אַ ביסל רויך, מיט וועלכן דער רויכערער נאַרט זיך אַליין אָפּ. אָבער פּאַפּיר קאָן גאָרנישט פאַרטרעטן, און קיין ליולקעס זענען אין לאַגער נישטאָ.

דאָס אויספּעלן פּאַפּיר און דאָס נישט זיכערע, מאַטערנדיקע וועטער, די מאָנאָטאָנע אַרבעט, די פאַלן מיטן אַנטלויפן פון די אַרעסטאַנטן, ברענגען אַריין אין לאַגער אַ געוואַלדיקע שפּאַנונג. מען פילט, אַז ס'איז נישט מער אויסצוהאַלטן. ס'טראָגט זיך אַ שטימונג פון בונט. די וואַך האַלט אַן אויג אויף יעדן אַרעסטאַנט. אויפן וועג צו דער אַרבעט און ביי דער אַרבעט, לאָזן די סטריעלקעס נישט מאַכן די אַרעסטאַנטן קיין איבעריקע באַוועגונג, קיין איבעריקן טריט. זיי זענען נערוועז. אַלץ באַאומרואיקט זיי. זיי הייסן נישט זייערע ווייבער זיך ברענגען, ווי ביז איצט, עסן אין וואַלד. די ווייבער זייערע, געזונטע פרויען אויף פעסטע פיס, פלעגן זיי ברענגען אין טעפּלעך אַרויפגעשטעלט איינס אויפן צווייטן און פאַרבונדן מיט אַ קראַטן טי־שטעך, דאָס הייסע עסן.

דער סטריעלאָק פלעגט זיך אַוועקזעצן אויף אַן אונטערגעזעגטן בוים, די ביקס צווישן די קניען. דאָס ווייב בינדט אויף דעם קניפּ פון טישטעך, נעמט אַרויס יעדעס טעפּל באַזונדער און האַלט עס אין אירע הענט. דער מאַן עסט אַרויס פון דאָרט דעם פעטן קרויט באָרשטש, דעם גולאַזש מיט די געבראָטענע קאַרטאָפל, וועמענס פעפערדיקער, געשמאַקער ריח צע־גייט זיך אַרום.

די הונגעריקע אַרעסטאַנטן פלעגן קוקן אויף דעם פּאַרפאָלק, אויף דער יונגער געזונטער פרוי, מיטן געסקלאַרעוועטן פּנים און אויף דעם מאַן אירן מיט דער ביקס אין זיינע שטאַרקע הענט, און זשעדנע אַריינגעאָטעמט אין זיך די שאַרפע ריחות פון דעם געשמאַקן עסן. זיי האָבן דאָס פּאָרל געשפּיזט מיט קנאהדיקע בליקן און די מיילער האָבן ביי זיי געוואַסערט.

דאָס פּאָרל פלעגט רעדן צווישן זיך, און די אַרעסטאַנטן האָבן געפילט, אַז דאָס רעדט מען וועגן זיי. אין די בליקן וואָס די צוויי האָבן געוואָרפן אויף די אַרעסטאַנטן, איז געווען שפּאָט און עקל.

איצט, ווען אין לאַגער הערשט אַ שווערע שפּאַנונג, ברענגען נישט די ווייבער פון די סטריעלקעס זיי קיין עסן אין וואַלד. די סטריעלקעס זיצן נישט אויף איין אָרט, נאָר קרייזן כסדר אַרום ווו ס'אַרבעטן זייערע בריגאַדעס, ציילן מיט די אויגן יעדן אַרעסטאַנט, פּאָרשן מיטן בליק זייער יעדע באַוועגונג און אַזוי, גייענדיק אַרום די בריגאַדעס, צופּן זיי פון די קעשענעס פון זייערע שינעלן שטיקער ברויט.

די נאַטשאַלניקעס פון לאַגער האָבן זיך מער פאַר אַלץ אָנדערש, באַ־מיט, אַז אין לאַגער זאָל אָנקומען אַ ביסל צייטונגס־פּאַפּיר, בכדי לינדערן די שפּאַנונג, וועלכע האָט אַלע אַרומגעכאַפּט.



מען האָט אין סאָווכאָז ביים לאַגער פאַרזייט קאַרטאָפל. ביינאַכט ווען ס'האָט געכאַפּט אַ פראָסט, פאַלט סאַבאַטשאַוו אַריין אין גרויסן באַראַק מיט אַ געשריי, אַז די קאַרטאָפל־זריעה וועט געפרוירן ווערן — מען מוז זי אָפּראַטעווען.

ער שלעפּט אַראָפּ די שלאָפנדיקע, פאַרמאַטערטע אַרעסטאַנטן פון די נאַרעס, באַפעלט זיי זיך גיך אָנטאָן. די מענטשן זענען אַמייסטן יידן פון פוילישן עטאַפּ, וואָרעם די סטאַכאַנאָווצעס און די סתם בעסערע אַרבעטער, אַפילו די יידישע, לאָזט מען שלאָפן, זיי זאָלן קאָנען מאָרגן פאַרטאָג גיין צו דער אַרבעט. ס'איז אַ שאָד זיי אויפצווייסן פון שלאָף און שיקן ביינאַכט אַרבעטן.

די אַרעסטאַנטן ציטערן פון מידקייט און פון קעלט וואָס הערשט אין דעם שוין נישט געהייצטן באַראַק. מיט האַלב־צוגעמאַכטע אויגן, שלעפּן זיי אַרויף אויף זיך די הלבשה, דאָס טוען די, וואָס האָבן זיך צום שלאָפן גיין אויסגעטאָן.

מען שיקט זיי אין סאָווכאָז. דאָרט טוט די קאָזאַטשקע מאַרוסיאַ לאַדענען טרוקענע צווייגן אויף אַ פור געשפּאַנט אין צוויי פערד. ווען ס'קומען אָן די אַרעסטאַנטן פון לאַגער, רייסט זי איבער די אַרבעט, הויבט אויף אַ ברענענדיקע לאַמטערן, אַ פלעדער־מויז, און קוקט אָן די מענטשן מיט אירע ברוינע, פריילעכע אויגן און זאָגט — אַט, אַרבעטאַרעלעך — אַרטיסטן! געשיקט די אמתע מענטשן צו דער אַרבעט!

דער לאַגער־אַגראָנאָם באַלושקין פירט זיי אַרויס צום קאַרטאָפל־פעלד. באַלד קומט אָן מאַרוסיאַ מיט אַ הויך אָנגעלאָדענער פור צווייגן. דער

בריגאַדיר הייסט די אַרעסטאַנטן צעלייגן די צווייגן אין אַלע פיר זייטן פון דעם פעלד — און זיי אונטערצונדן.

אַ גאַנצע נאַכט פירט מאַרוסיאַ טרוקענע צווייגן צו די ברענענדיקע שייטערס אַרום פעלד, און די מידע, אַדורכגענומענע פון קעלט מענטשן, וואַרעמען אַ גאַנצע נאַכט די קאַרטאָפל־זריעה אין דער קאַלטער ערד.

באַלושקין לייגט פאָר מען זאָל פאַרזייען אַרבעסן אויף אַ קליינעם באַשטימטן שטח אויסגעשניטענעם וואַלד. וועגן אַקערן די ערד קאַן קיין רייד נישט זיין, וואָרעם דאָס אַקערן אַן ערד, וואָס איז נישט אויסגעקאָר־טשעוועט געוואָרן פון די ביימער־פּיעניעס און קאָרענעס — איז נישט מעגלעך. האַלט ער, אַז מען זאָל מיט אַן אייזערנער בראָנע איבערגיין אי־בער דער ערד און, אין די געשאַפענע פון דער בראָנע ראָוועס, אַריינשיטן די אַרבעסן און לייכט איבערגיין נאָכאַמאָל מיט דער בראָנע, וואָס וועט די ראָוועס פאַרדעקן מיט ערד. אַרבעס, ווי אַ קלעטער־געוויקס, קאָן וואַקסן פלאַך־פאַרזייט.

שמעון האָט דעם פּראָיעקט געהערט פון באַלושקינען אין דער אַמבו־לאַטאָריע פון הויפּט־לאַגער. דער אַגראָנאָם, וואָס איז געווען אַן אינזשי־ניער, האָט גערן געהאַט וועגן אַלע זיינע פּראָיעקטן און עקספּערימענטן איבערצורעדן מיט די דאָקטוירים, מיט מענטשן פון נאַטור־וויסנשאַפטלע־כער דיסציפּלין, איידער ער האָט זיי פאָרגעלייגט די נאַטשאַלניקעס פונעם לאַגער.

אַ לענגערע צייט איז שמעון דעמאָלט געווען אויפן הויפּט־לאַגער. דאָקטאָר אַלעקסעי וואַסיליעוויטש איז געווען זייער צופרידן דערפון און ער האָט דאָס געפּועלט ביים נאַטשאַלניק פון דער סאַניטאַרער אָפּטיילונג, דעם פעלדשער ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש, ער זאָל שמעונען דערווייל דאָרט איבערלאָזן.

שמעון איז אָפט אַריינגעקומען צו וואָראָניקידזען. ווען ס׳איז ענדלעך געוואָרן אַ ביסל וואַרעמער אויך אין די נעכט, איז דינה ווידער געשלאָפן אין פּרויען־באַראַק. זייט גאַלאַ איז אַוועק פון הויפּט־לאַגער, האָט זיך אַ ביסל אין פּרויען־באַראַק באַרואיקט. אַן דער שותּפטע האָט זיך די ציגיינערין אַגלי געסטאַטקעוועט. פאָר אַ שוואַנגערדיקער פרוי האָט מען אין לאַגער געהאַט אַ געוויסן אָפּשיי. דינה מיט איר שוין הויכן בויך, האָט געוועקט אויך אין פּרויען־באַראַק דרך־ארץ צו זיך.

איין מאָל זיצנדיק מיט דינהן און וואָראָניקידזען, האָט זיך שמעון פאַרקוקט אויף זיי ביידע. זי איז געווען אַנגעטאָן אין אַ לויז גראַנאַטן קליידל און ער, ווי שטענדיק, אין זיין צירק־טראַכט, אין שוואַרצן זשאַקעט

מיטן שטייפן העמד און ווייסן גאַרס. ער פֿאַרשטייט נישט, ווי אַרום דאָס געשעט, נאָר דאָס בילד פֿון זייביידע טוט זיך צו אים אַזוי דערנענטערן, אַז ער דערזעט זיי אין אַן איבערנאַטירלעכער גרייס. דאָס ערשטע מאָל איז פֿאַר אים אַזוי בולט געוואָרן די משונהדיקע פֿאַרבינדונג פֿון די צוויי מענטשן, פֿון צוויי אַזוי ווייטע פֿון זיך וועלטן.

אַמייסטן האָט שמעונען איבעראַשט אין דעם אַלעם דינהס רואיקייט. ווי אַ דונער האָט אים אַ טרייסל אויף געטאָן אַ שלעכטער געדאַנק: ווער ווייס וואָס פֿאַראַ דערשיטערונגען ס׳דערוואַרטן נאָך, אויב נאָך דעם אַלעם וואָס איז ביז איצט געשען, קאָן אַ מענטש בלייבן אַזוי רואיק.



פֿון סטאַציאָנאַר איז אָנגעקומען אַ פֿאָדערונג, אַז שמעון זאָל דאָרט צוריקקומען. דער נאַטשאַלניק פֿון דער סאַניטאַרער אָפּטיילונג פֿאַראָרדנט שמעונען, אַז איידער ער קערט זיך צוריק אין סטאַציאָנאַר, זאָל ער צופֿאָרן אויפֿן צווייטן אונטער־פּונקט. אַ בליק טאָן אויף דער אַרבעט פֿון דער דאָרטיקער אַמבולאַטאָריע.

די גאַנצע צייט וואָס שמעון איז געווען אויפֿן הויפּט־לאַגער, האָט ער כמעט סאַמעקן נישט געזען. ער פּלעגט אים טרעפֿן אַמאָל דורכגייענדיק, זיך באַגריסן, אָבער סאַמעק האָט נישט אַרויסגעוויזן קיין חשק זיך צו פֿאַרהאַלטן אויף אַ פּאָר מינוט און זיך אַדורכרעדן. שמעון האָט בפירוש געפֿילט, אַז סאַמעק מיידט אים אויס. ער האָט געהאַט סאַמעקן געזאָגט, ער זאָל זיך באַמיען אָנצוקומען אין סטאַציאָנאַר, און ווען ער וועט שוין דאָרט זיין, וועט ער, שמעון, זען, אַז ער זאָל דאָרט בלייבן אַ ביסל לענגער.

אָבער סאַמעק איז אין סטאַציאָנאַר נישט געקומען — און שמעון האָט נישט געהאַט דעם מינדעסטן פּרעטעקסט אים אַרויסצופֿאָדערן.

סאַמעקס אַנגעברוגזקייט האָט שמעונען זייער געקוועלט. ער האָט געדענקט וואָס דאָס יונגע ייִנגל האָט פֿאַר אים אַלץ געטאָן די ערשטע צייטן, פֿון דער רגע, ווען זיי זענען געשטאַנען לעבן דער „בריק”, וועלכע האָט געפֿירט אין דער באַרזשע אַריין, ביז דער צייט ווען שמעון האָט אָנגע־הויבן פֿאַרנעמען אַ פּאָזיציע אין לאַגער.

ער איז געווען גרייט אַרויסצוהעלפֿן סאַמעקן מיט וואָס ער האָט נאָר געקאָנט. אָבער זעט אויס, אַז דאָס וואָס שמעון האָט געקאָנט פֿאַר אים טאָן, האָט סאַמעק נישט באַדאַרפֿן.

איצט, ווען שמעון האָט געזוכט אַ פֿור, וואָס זאָל אים פֿירן אויפֿן

צווייטן אונטער־פונקט האָט אים וואַראַניקידזע געזאָגט, אַז סאַמעק פאָרט דאָרט אַרויס מיט אַ פור צו ברענגען די ברודיקע וועש אין וועשעריי, וועט ער קאָנען מיט אים מיטפאָרן.

שמעון גייט אַריין זיך געזעגענען מיט דינהן. זי זיצט ווי אַלע מאָל אויף אַ שטול און נייט. ווען ער זעט זי, נייט זי עפּעס. וואָס נייט זי? אַן אויסשטייער פאַר איר קינד, וואָס דאַרף געבוירן ווערן? פון צוריק־געהאַלטנקייט קוקט נישט שמעון אויף דעם, וואָס זי האַלט אין אירע הענט.

ער שטרעקט אויס צו איר אַ האַנט צום געזעגענען. זי וויל זיך אויפ־שטעלן. ער דערלויבט עס איר נישט, מאַכט אַ באַוועגונג ווי ער וואָלט געוואָלט צוטראָגן איר האַנט צום מויל אַ קוש צו טאָן. אָבער אין מיטן פאַרהאַלט ער זיך, גיט נאָר אַ שטאַרקערן דרוק איר שמאָלע האַנט און זאָגט: — זייט געזונט.

— דינאַטשקאַ — רופט זיך אָן וואַראַניקידזע — דער דאָקטאָר פאָרט מיט סאַמעקן פון דער וועשעריי. דער סאַמעק, וואָס איז דיר אַמאָל נאָכ־געלאָפן, און איצט האָט זיך די קאָזאַטשקע מאַרוסיאַ אויף אים דערבאַרעמט און אים צוגעטוליעט צו זיך.

דינה לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ. שמעון גייט גיך אַרויס, אים גייט נאָך וואַראַניקידזע. זיי געזעגענען זיך אין פאָדערהויז, ווי די לעצטע צייט, מיט אַ ברודערלעך אַרומנעמען זיך.

שמעון איז פאַרוווּנדערט נישט נאָר פון דעם, וואָס איז געשען מיט סאַמעקן, נאָר אויך דערפון, וואָס דינה האָט זיך באַרימט פאַר וואַראַניקידזע מיט אירע דערפאָלגן ביי סאַמעקן. צי פילט זי זיך שוין נישט זיכער מיט אים? צי דאַרף זי שוין וועקן זיין אייפערזוכט? ניין. שמעון וואַרפט דאָס אָפּ. סתם פּלאַפּלעריי פון נישט האָבן וואָס צו רעדן.

ער גייט אין אַמבולאַטאָריע זיך געזעגענען מיטן נאַטשאַלניק, מיטן דאָקטאָר און די שוועסטערן. ער טרעפט דאָרט דעם סאַניטאַר מיראַנאָוויטש, ווי ער שטייט פון דער ווייטנס און וואַרפט אויף שמעונען בליקן פון זיינע וואָסערדיקע, אויסגעשטאַרצטע אויגן פולע מיט שנאה.

פאַר דער אַמבולאַטאָריע פאַרפאָרט די פור מיט סאַמעקן. שמעון זעצט זיך לעבן אים. ער זעט, אַז סאַמעקס יינגלישע אַלעמאָל פריילעכע אויגן, ליגן אין טונקעלער טיף און אַן אומעט קוקט פון זיי אַרויס. די נאָז איז אים געוואָרן גרויס און ביינערדיק, די ליפּן שמאָל און פאַרביסן.

נאָך דעם ווי מען האָט סאַמעקן געכאַפּט ביי דער גניבה אין קיך און גאָלאָ האָט זיך פון אים דערווייטערט, איז ער אַרומגעגאַנגען ווי אַ דולער.

די צו פרי אויפגעוועקטע מענלעכע באַגערן, וואָס האָבן געפונען אַ באַ־פרידיקונג ביי אַזאַ פערווערזער פרוי ווי גאַלאַ, האָבן אים געמאַכט פאַרשייט, אומפאַרשעמט, פאַרסמט אים און באַרויבט פון יעדער ראָמאַנטישער אי־לוזיע. אַלץ וואָס האָט געהאַט אַ שייכות מיט פרויען, האָט ער געזען אין אַ ברוטאַל נאַקעטער פאָרם.

ווען גאַלאַ האָט אים אָפּגעשטויסן פון זיך, האָט ער זיך אינגאַנצן איינגעבראָכן. ער האָט פאַרלוירן זיין פריילעכקייט, זיין דרייסטקייט. ווי נאָר ער האָט געהאַט אַ מינוט צייט זיך געדרייט אַרום דעם פרויען־באַראַק, געקוקט אויף די אַרעסטאַנטינס מיט בעטלערישע בליקן. די פרויען האָבן אים געיאָגט פון זיך און געשפּאָט פון אים.

איינמאָל, ווען די קאָזאַטשקע מאַרוסיאַ האָט אים געזען אַרומבלאָנקען אַרום דעם פרויען־באַראַק, האָט זי אים דאָרט אַריינגענומען און, אין אַלע־מענס אויגן, אים געהייסן אויסטאָן די הויזן. אין זיין פאַרלעגנהייט און גע־פאַלנקייט, האָט סאַמעק אויסגעפירט איר באַפעל. דעמאָלט האָט זי אים מיט כוח אַרויסגעשטעלט אונטער דער טיר, נאָכגעוואָרפן אים די הויזן, ביי אַ הילכיק געלעכטער פון אַלע אירע באַראַק־חברטעס.

אָבער נישט לאַנג נאָך דעם, האָט זי אויף אים רחמנות געקריגן און אים דערנענטערט צו זיך. ווו זיי פלעגן זיך באַגעגענען, האָט קיינער נישט געוווּסט. נאָר סאַמעק פלעגט פון אַזעלכע טרעפונגען צוריקקומען אינגאַנצן אָן אויסגעשעפּטער, מיט אויסגעלאָשענע אויגן און שלאָבעריקן גאַנג. איב־דערפרי פלעגט ער איינשלאָפן שטייענדיק ביי דער באַליע וועש. דער הויפּט־וועשער, דער כינעזער טשען־ווו־יען, האָט אים נישט איין מאָל געדראָט, אַז ער וועט הייסן דעם קאָמענדאַנט ער זאָל אים איינזעצן אין איזאָלאַטאָר.

ווען שמעון זעצט זיך אַריין אין דער פור און גיט אַ קוק אויף סאַמעקן, פאַרשטייט ער גלייך אַלץ, וואָס טוט זיך מיט אים. ער פרובירט מיט אים פאַרפירן אַ שמועס, אָבער סאַמעק רעדט נישט גערן, ענטפערט מיט מאָנאָ־סילאַבן, ער איז האַרטנעקיק, נעגאַטיוויסטיש. ס׳פילט זיך אין אים פּראָ־טעסט, ווי ער וואָלט אַנדערע געמאַכט שולדיק אין זיין איצטיקן מצב.



אין צווייטן אונטער־פונקט, טרעפט שמעון אַ קליינע גרופּע יונגע יידישע בחורים. דאָס זענען בחורים, וואָס זענען פאַר דער מלחמה געווען אָנגעשטעלט אין געשעפטן, אָדער בעל־מלאכות, צי גאָר זיך געלערנט

אַ מלאכה. אַלע זענען זיי געווען אָנגעהעריק צו פּאַרטייען, טייל צו ציוניס־טישע, טייל צו סאָציאַליסטישע.

ס׳האָט דאָ צווישן די יידן פון פּוילישן עטאַפּ, געהערשט אַ גאַנץ אַנדע־רע אַטמאָספער ווי אויפן הויפּט־לאַגער. דאָרט האָט דאָס ביסל אינטעלי־גענץ, שטאַט משפּיע צו זיין אויף די פּשוטע מענטשן, הייבן זייער מוט, שמועסן מיט זיי, פאַראינטערעסירן זיי מיט עפּעס וואָס האָט אַ שייכות מיט זייערע ספּעציאַליטעטן, זיך אויפגעפירט פּונקט פאַרקערט. דאָס קליינע ביסל אינטעליגענץ האָט זיך מוראדיק אָפּגעלאָזן, זיך נישט ריכטיק געוואַשן, נישט ראַזירט, געשלאָפן אין אָנטועכץ, געוואָרן נאַכט־נעצערס, ס׳האָט זיך געטראָגן פון זיי דער ריח פון השתנה, און מען פלעגט זיי נישט זעלטן זעצן אין איזאָלאַטאָר.

דאָ, אויפן צווייטן אונטער־פּונקט, האָט די גרופּע יונגע בחורים זיך זייער שיין געהאַלטן. איינער האָט געמוטיקט דעם צווייטן. אַלע זענען געווען גוט אָפּגעוואַשן, אַלע זענען געשלאָפן אויסגעטועטערהייט, די לאַגער־מלבושים ריין און אויסגעפּראַכטן, די פּנימער אָפּראַזירט. פאַר די פאַר עלטערע יידן, וואָס זענען דאָרט געווען, האָבן די יונגעלייט געהאַט דרך־ארץ. טייל האָבן מיט דער צייט זיך געהאַט איינגעאָרדנט ביי זייערע פּאַכן. ס׳האָט זיך נישט געפילט דאָרט קיין יאוש צווישן די יידישע מענטשן, אַלע האָבן געגלויבט, אַז ס׳וועלן קומען בעסערע צייטן.

אין הויפּט־לאַגער האָט שמעון געקאָנט נאָר עטלעכע געציילטע מענטשן, וואָס האָבן זיך נישט געלאָזט דערדריקן, פּסיכיש צעברעכן פונעם לאַגער־צוואַנג.

איינער פון זיי איז געווען אַ בחור פון אַ יאָר צוואַנציק, פון אַ גרעסערער פּראָווינץ־שטאָט. אַ שטילער, ווי אַן אָנגעשראָקענער, אַן איידעלער, מיט אַ זייער בלייך פּנים. דווקא ער האָט זיך געקאָנט נאָך דער אַרבעט אָפּגרע־נעצן פון גאַנצן אַרום און לייענען אַ בוך, וועלכעס ער האָט גענומען אין קאָוווטשע. אין אַ טאָג פריי פון אַרבעט, אָדער ווען ער איז אַמאָל קראַנק געווען, פלעגט ער די גאַנצע צייט ליגן אויף דער נאַרע און לייענען. אים האָט נישט געשטערט ביים לייענען דער רעש און געפּילדער אין באַראַק.

דער צווייטער איז געווען פון כאַראַקטער דער היפּוך פון ערשטן. געהאַט אַ געשטייגערט זעלבסט־געפיל, כאָטש ער האָט געטראָגן זייער אָפּגע־נוצטע, כמעט צעריסענע לאַגער־מלבושים און דעם האַלדז געהאַט פאַר־בונדן מיט אַ האַנטוך, האָט ער זיך קיינמאָל נישט געפילט פאַרלוירן. ער האָט געאַרבעט ביים בריגאַדיר פּוזוטאַוו, אָבער מער געזעסן ביים ברענענדיקן שייטער, ווי געאַרבעט. געדרייט מאַכאָרקע־פּאַפּיראָסן און

גערייכערט. ווען קיינער האָט נישט געהאַט קיין מאַכאָרקע, אָדער געהאַט זייער ווייניק, האָט ער געהאַט איבערגעגנוג. ער פלעגט זי אָרויסבאַקומען אויף די פאַרשידנסטע אופנים. ער פלעגט גיין צו די העכסטע נאַטשאַלני־קעס און מאָנען מאַכאָרקע, און מען האָט אים נישט אָפּגעזאָגט. נישט קענענדיק קיין וואָרט רוסיש, האָט ער זיך געמאַכט פאַר דעם געטרייסטן צוהערער פון פוזוטאָווס מעשׂיות, וועלכע יענער פלעגט דערציילן אין אַ טיפן סיבירער רוסיש, וועגן זיינע גבורות ווי אַ הערשט פון אַ באַנדע באַן־גנבים. האַבנדיק איין אַקסל אַ ביסל אַ נידעריקערן פון צווייטן, פלעגט דער אַרעסטאַנט האַלטן דעם קאָפּ אַנגעבויגן צום אַראָפּגעלאָזטן אַקסל און אַנקוקן יעדן מענטש מיט אַ פּאָר צודרינגלעכע אויגן, דורך זייער שאַרפע ברילן, וואָס האָבן געהאַט אַרום די אויערן שטריקלעך שטאָט האַלאַבלעס. פון זיין בליק האָט מען זיך געקאָנט לייכט אַנשטויסן, אַז דאָס איז אַ מענטש, וואָס קאָן זיך אַן עצה געבן אין אַלע סיטואַציעס. ער האָט זיך אַמאָל אַריינגעקריגן אין סטאַציאָנאַר אויף אַן אויסגעטראַכטער קרענק און דאָרט אָפּגעוועזן אַ לענגערע צייט.

ס'איז געווען נאָך איינער, גאָר אַן אַנדערער טיפּ פון די צוויי אויבן דערמאָנטע. דאָס איז געווען אַ מענטש אין די דרייסיקער יאָרן. אַ הויכער מיט אַ ביסל אַ שווערן טריט. ער האָט זיך אויסגעטיילט דערמיט, וואָס ער האָט אויפן בושלאָט געטראָגן זיינס אַ לאַנגן פּאַלטן, פון אַ גראַנאַטן קאַמ־גאַרן שטאָף. געהאַט האָט ער אַן ערנסט פּנים און אַן ערנסטן בליק, נאָר צוליב אַ פּאַציאַליס, אַן אַנציינדונג פון פּנים־נערוון, איז דאָס גריבעלע, וואָס ער האָט געהאַט אין מיטן גאָמבע, געוואָרן ביים רעדן באַוועגלעך און זיך איבערגערוקט אויף לינקס. דאָס האָט צוגעגעבן זיין שטענדיק ערנסטן געזיכט אַ געוויסע קינדישקייט.

ער האָט זיך קיינמאָל נישט באַקלאָגט אויף דער אַרבעט, געטאָן וואָס מען האָט אים געהייסן. מען האָט נישט באַמערקט ביי אים קיין שאַרפע רעאַקציעס, נישט פון איבערגעטריבענעם אייפער, בכדי צו חנפענען די „באַלעבאַטים" איבער זיך, אָבער אויך נישט פון יאוש. ער איז זיך געגאַנ־גען זיין וועג. ס'איז געווען, ווי מיט דעם לאַנגן גראַנאַטענעם פּאַלטן, וועלכן ער האָט געטראָגן ווי אַ פּאַנצער, וואָלט ער אַרויפגעצויגן אויף זיך אויך אַן אינערלעכע דיסציפּלין, געווען ערלעך און אָפּגעהיטן.

געווען עטלעכע פרומע יידן אין לאַגער, וואָס וואָלטן געקאָנט משפּיע זיין אויף דעם האַלטן זיך פון די איבעריקע יידן, זיי זאָלן אַזוי נישט פּאַלן ביי זיך, נישט פילן זיך אַזוי אומגליקלעך, פאַריאושט. אָבער דער הויפּט־לאַגער איז געווען ווי אַ גרויסער קעסל, ס'האָט געקאָכט און געזאָטן.

אַרעסטאַנטן זענען געקומען און אַנדערע זענען אַוועקגעשיקט געוואָרן. ניטא געווען קיין געוויינלעכער קאָנטאַקט צווישן די מענטשן וואָס זענען געווען משפּיע צו זיין אויף די אַנדערע.

דאַקעגן דער צווייטער אונטער־פּונקט איז געווען אַ קלענער. געווען דאָרט ביי אַ צוויי הונדערט אַרעסטאַנטן. דאָ איז די גרופּע יידישע בחורים געווען צווישן זיך ענג פאַרבונדן. געהאַלטן זיך חבריש. מאָראַליש געשטיצט איינער דעם צווייטן.

מיט די נישט־יידישע אַרעסטאַנטן זענען די יידן אַפילו דאָ, אין דעם קליינעם אונטער־פּונקט, געווען ווייט. דער איינציקער, וואָס האָט מיט זיי געהאַט אַ קאָנטאַקט, איז געווען דער פריזירער, אַ יונגער יידישער בחור פון פּוילן, וועמען ס'איז געלונגען מיטצונעמען אין לאַגער אַריין זיינע אַרבעטס־כלים. ס'איז אויך מיט דער צייט אָנגעקומען אַהער סעוועק, דער געוועזענער בריגאַדיר פון אַ יידישער בריגאַדע, וואָס האָט אַרויסגעפירט די אונטערגעשניטענע ביימער פון וואַלד. דער, וואָס פלעגט עסן אין דער קליינער סטאָלאָווע פאַר סטאַכאַנאָווצעס און דערביי דערציילן אין רוסיש מיט אַ געמאַכטן באַס, ווי אַזוי די יידן דרייען זיך אַרויס פון דער אַרבעט.

אים האָט מען אַראָפּגענומען פון זיין בריגאַדיר־פּאָסטן, ווייל מען האָט געהאַט אַ באַגרינדעטן חשד, אַז ער האַלט אַן אינטימע באַציאונגען מיט דער סאַניטאַרין סוויעטלאַנאַ, אַ נידעריקע, אַ ברייטע, וואָס האָט צוליב איר משונהדיקן בוי, אויסגעזען אַ סך עלטער ווי זי איז געווען. זי איז געהאַט אָנגעקומען אין לאַגער צוזאַמען מיט וויעראַן באַלד נאָך דער „איבערקערעניש". זי איז אויך אַ פריי־געדונגענע.

אַזוי ווי מען האָט געהאַט נישט מער ווי אַ באַגרינדעטן חשד, האָט מען סוויעטלאַנען איבערגעלאָזט אויף איר אַרבעט, אָבער סעוועקן, כאָטש ער איז געווען אַ שטרענגער בריגאַדיר, כמעט דער איינציקער, וואָס איז געבליבן אויף זיין שטעלע פון אַלע יידישע בריגאַדירן, האָט מען איבער־געשיקט אין דעם צווייטן אונטער־פּונקט, וווּ ער איז געווען אַ גוטער האָלץ־האַקער.

סעוועק האָט זיך געוואָלט האַלטן מיט די נישט־יידן. נאָך מער פאַר־טיפט זיין באַס. אָנגענומען זייער אופן רעדן. ער האָט געוואָלט זיין אַ גליי־כער צווישן גלייכע. באַוווסטזיניק איבערגענומען די פאַרגרייזטע רוסישע ווערטער, מיט וועלכע די רוסישע פאָלקס־מענטשן האָבן זיך באַנוצט. ער האָט גערעדט מיט דעם נוסח זייערן, איבערחזרנדיק ביים ווענדן זיך, צוויי מאָל דעם נאָמען און פאָטערס נאָמען, צוגעבנדיק דערביי אַן „עי" — סטיעפּאַן גאַווריליאַוויטש, עי, סטיעפּאַן גאַווריליאַוויטש, וויפיל היינט אָפּגעבחורט?

דאָס האָט געזאָלט הייסן, וויפיל קובאַמעטער האָלץ היינט אונטערגעשניטן.

אָבער די רוסן האָבן אים נישט געענטפערט. ער איז אין אונטער־פּונקט געווען אַן איזאָלירטער. די גרופּע יידישע בחורים האָבן זיך געהאַלטן ווייט פון אים, און די נישט־יידישע האָבן אים ווי נישט באַמערקט, כאָטש ער איז געווען פון די גוטע אַרבעטער.

דער קאָמענדאַנט פון דעם צווייטן אונטער־פּונקט, איז אַ טורקמענער. אַ מענטש פון אַ יאָר דרייסיק. צוליב אינערלעכע סיכסוכים, האָט ער אויסגעשאָכטן זיין גאַנצע משפחה פון זיבן מענטשן. ער איז שוין איבער צען יאָר אין לאַגער, איז פון די זעלטענע וואָס האָבן זיך דאָ אויסגעלערנט לייענען און אַ ביסל שרייבן, דער עיקר לייענען. ער לייענט טעכנאָלאָגישע ביכער וועגן וואַלד־אינדוסטריע.

ווי נאָר שמעון איז אָנגעקומען אויפן אונטער־פּונקט און זיך באַקענט מיטן קאָמענדאַנט האָט יענער אים מיט איבערגעגעבנקייט באַלד דער־ציילט, אַז ער לייענט איצט אַ בוך וועגן אַ בוים וואָס הייסט „פּיכטאָ" און איז אינגאַנצן ענלעך צו אַ סאָסנע, נאָר די גרינע נאָדלען זענען קורצער און ווייכער, און אָט פון די נאָדלען קאָן מען מאַכן אַ סינטעטישן שטאָף, וואָס איז ענלעך צו וואָל.

דער אַרבעטס־נאַטשאַלניק איז אַן אינזשיניער אין די מיטעלע יאָרן, אַ רוס, אַ פּאָליטישער אַרעסטאַנט. ער אינטערעסירט זיך נישט בלויז מיט דער אַרבעט, נאָר אויך מיט די באַדינגונגען פון די אַרעסטאַנטן. אָפט קומט ער אַריין מיטן קאָמענדאַנט ביינאַכט אין די באַראַקן זען, צי די אַרעסטאַנטן שלאָפן אויסגעטועטערהייט. מען מאַכט אָפטע דעזינפעקציעס אין באַראַק, אויסצוראָטן די וואַנצן. דער אַרבעטס־נאַטשאַלניק שמועסט מיט אַרעס־טאַנטן. זיצט נישט ביי זיך אין ביוראָ, נאָר כמעט שטענדיק דאָרט, ווו ס'גייט אָן די אַרבעט.

קיין מונדירטע ענקאַוועדע זעט מען נישט אויף דעם אונטער־פּונקט. דאָס איז אַ גרויסע פּסיכישע פאַרלייכטערונג פאַר די אַרעסטאַנטן. זיי פילן דעם דרוק, דעם אַרבעטס־צוואַנג, אָבער זעען נישט די, וואָס ברענגען די צוואַנגס־מאַשין אין באַוועגונג. ס'איז ווי דאָס אָפּשטאַרבן אין אַ באַ־ווּסטלאָזן צושטאַנד, וואָס נעמט אַוועק דעם פּחד פאַרן טויט.

ווען שמעון באַקענט זיך מיט די יידישע בחורים פון דאָרט, וויל ער זייער, אַז סאַמעק זאָל זיין צווישן זיי. אָבער דאָרט איז פאַראַן גאָלאַ, און שמעון ווייסט, אַז סאַמעק וועט צוליב איר דאָ נישט וועלן זיין. ער אַליין האָט אויך אָנגעהויבן צווייפלען צי דאָס וואָלט גוט געווען. ער האָט מורא, אַז גאָלאַ קאָן אַמאָל צוריק באַנייען אירע באַציאונגען מיט סאַמעקן, נישט

געקוקט דערויף וואָס זי איז איצט דאָס לאַגער־ווייב פון אַרבעטס־אַטשאַל־ניק. פאַר איר וואָלט דאָס נישט געווען קיין שטערונג. שמעון האָט שוין בעסער געוואָלט, אַז סאַמעק זאָל האָבן צו טאָן מיט מאַרוסיאַן די קאַזאַטש־קע, וועלכע איז כאָטש אַ פּרוי מיט געזונטע אינסטינקטן, איידער מיט גאַלאַ, וועלכע איז דעמאָראַליזירט.

שמעון בלייבט עטלעכע טעג אויפן אונטער־פּונקט. בעת די אויפנעם־שעהן, איז ער אין דער אַמבולאַטאָריע. ער זעט, אַז דער יידישער פעלד־שער, געוועזענער פריזירער, גיט זיך זייער גוט אַן עצה מיט די קראַנקע. קיין סך וואָס צו טאָן איז וואָס אַן אמת נישט פאַראַן. די נישט־יידן האָבן דאָ זעלטן געקרענקט. די יידן, באַשטייען כמעט פון בלויז יונגע בחורים, אַלע געזונטע. זיי אַרבעטן גוט, די בעל־מלאכות ביי זייערע פאַכן, און זענען נישט הונגעריק. זייערע קוועלן זענען סעקסועלע און דער פעלדשער פלעגט זיי לינדערן מיט באַשיידענע מיטלען.

דער איינציקער קראַנקער, לויט שמעונען שווער־קראַנקער, איז פער־צאַוויטש, און שמעון בעט דעם פעלדשער, ער זאָל אים וואָס עפּטער שיקן אין סטאַציאָנאַר. דער פעלדשער זאָגט עס אים צו.

קיין אַטקאַזטשיקעס, אַזעלכע, וואָס זאָגן זיך סיסטעמאַטיש אָפּ אַרויס־צוגיין צו דער אַרבעט, זענען דאָ נישטאָ. אין די זעלטענע פאַלן, ווען אַן אַרעסטאַנט וויל נישט גיין צו דער אַרבעט, צו וועלכער מען שיקט אים, קומט דער קאָמענדאַנט מיטן אַרבעטס־נאַטשאַלניק גיך מיט אים אַדורך, אַמאָל ווי דער אַרעסטאַנט וויל און אַמאָל געלינגט די נאַטשאַלניקעס אים איבערצוצייגן, אַז ער זאָל גיין דאָרט ווו זיי ווילן.

די סטריעלקעס, די וואַך, זענען דאָ אויך נישט אַזוי אָנגעשפּיצט און פול מיט חשדים ווי אויפן הויפּט־לאַגער. פון דאַנען איז קיינער נישט אַנטלאָפן, ווען ס'איז אָנגעקומען די צייט פון לויפן. שמעון שרייבט דאָס אַלץ צו דעם ביסל היימישער אַטמאָספער, וואָס הערשט דאָ, און וועלכע דער גע־בילדעטער אַרבעטס־נאַטשאַלניק האָט איינגעפירט, אַ דאַנק זיין טאַקט און באַהערשטקייט, און אויך דערפון, און אפשר דער עיקר דערפון, וואָס קיין מונדירטע ענקאַוועדע זעט מען דאָ נישט, יעדנפאַלס געגוג זעלטן. די סטריעל־קעס טראָגן כאַקי־בלוזעס און כאַקי־הויזן און היטלען פון זעלבן קאָליר. נישטאָ אויפן אונטער־פּונקט קיין איזאָלאַטאָר. אויב מען וואָלט געוואָלט אימיצן איינזעצן אין איזאָלאַטאָר, וואָלט מען אים געמוזט שיקן אויפן הויפּט־לאַגער.

כאָטש קיין מוזיק האָט דאָ נישט געשפּילט ווי אין הויפּט־לאַגער ביים אַרויסגיין פאַרטאָג צו דער אַרבעט, נישט געשפּילט דאָס ליד פון דונאַ־

יעווסקי „נישטאָ אַזאַ לאַנד ווו דער מענטש עטעמט אַזוי פריי", אָדער „מאָסקווע מײַנע", זענען די אַרעסטאַנטן דאָ נישט געווען אַזוי דערשלאָגן ווי אויפן הויפּט־לאַגער. פאַרטאָג האָט דאָ די אַרעסטאַנטן נישט געוועקט דאָס דרעזגען פון לאָם אין דער אײַזערנער שינע, וואָס איז צוגעקלאַפּט צום האַלצערנעם באַלקן און זעט אויס ווי אַ תליה. דאָ האָט אין די פאַרטאָגן געוועקט זיי אַ גלאָק, אַ מעשענער גלאָק.

פון דעם שמועס מיטן קאָמענדאַנט, האָט שמעון געדרונגען, אַז די ענקאַוועדע איז פאַראינטערעסירט נישט צו האָבן דאָ, אויפן קליינעם אונטער־פּונקט, קיין זיכערקייטס־שוועריקייטן. אַ חוץ דעם קאָמענדאַנט און אַרבעטס־נאַטשאַלניק, האָט מען אָהער נישט געשיקט קיין אַרעסטאַנטן מיט לאַנגע טערמינען. דאָ זענען אַלע, אַ חוץ דעם אַרבעטס־נאַטשאַלניק און דאָס ביסל יידן פון פּוילישן עטאַפּ, געווען קרימינעלע פאַרברעכער, וועלכע האָבן געהאַט אָפּצוזיצן נאָך עטלעכע געציילטע יאָר. פון דאַנען פלעגט פון צייט צו צייט אַן אַרעסטאַנט באַפרייט ווערן נאָכן אָפּזיצן זײַן טערמין. די אַרעסטאַנטן האָבן דעריבער שטאַרק אַכטונג געגעבן, אַז זיי זאָלן זיך נישט פאַרפּלאָנטערן אין אַוואַנטורעס. פאַרקערט, זיי זענען געווען דיסציפּלינירט, זיך אָפּגעהיטן נישט צו האָבן קיין קאָנפליקטן מיט דער לאַגער־מאַכט.

דאָס וואָס מען פלעגט דאָ פון צייט צו צייט באַפרייען אַן אַרעסטאַנט, האָט לויזער געמאַכט דעם צוואַנג, וועלכן יעדער האָט אָפילו דאָ געפילט אויף זיך, און געגעבן די אַרעסטאַנטן אַ ביסל אַ פרייערן אָטעם.

דאָ האָט איין אַרעסטאַנט נישט געפרעגט דעם צווייטן — וויפיל האָסטו נאָך צו זיצן, אָפילו נישט — ווען באַפרייט מען דיך, נאָר — ווען באַפרייסטו זיך?

די גאַנצע שטרענגע שמירה, די גאַנצע בייזע אָנגעשפּיצטקייט, די אויגן פולע מיט חשד, האָבן די ענקאַוועדע־לייט געוואַנדן אויף דעם פאַרשידנאַרטיקן צוויי טויזנט קעפּיקן עולם אַרעסטאַנטן פון הויפּט־לאַגער. דאָרט זענען געווען די פאַרשידנסטע טיפּן. אַ סך פּאָליטישע, שווערע קרימינעלע פאַרברעכער, מענטשן דעספּערירטע, אַזעלכע, וואָס האָבן געוווסט, אַז זיי וועלן שוין פון לאַגער נישט אַרויס. זיי זענען געווען פול מיט פּראָטעסט, קעגן אַלץ און אַלע. די עלטערע האָבן פאַרביסן די ליפּן און געשוויגן. די יונגע פלעגן טיילמאָל אויסברעכן מיט טענות קעגן דער לאַגער־מאַכט, אָבער אַמאָפּטסטן געשטילט זייער צאָרן מיט שווערער אַרבעט, געקוקט מיט בייזער הנאה, ווי ס׳פאַלן אונטער זייערע זעגן דיביימער־ריזן.

ווען שמעון איז פון דעם קאָכעניש, פון דעם זידיקן קעסל, וואָס האָט

מיט זיך פֿאַרגעשטעלט דער הויפּט־לאַגער, געקומען אַהער, האָט ער גע־האַט דאָס זעלבע געפֿיל ווי אין די ערשטע מינוטן, ווען מען האָט אים אַרויסגעלאָזט פֿון איזאָלאַטאָר. אים האָט זיך אויסגעדאַכטן, אַז ער איז פֿריי, אַ פֿרייער מענטש. אָבער די זאַנע איז דאָ געווען אַ קליינע. ס'איז גענוג געווען אויפֿצוהויבן די אויגן און באַלד האָסטו זיך אָנגעטראָפֿן אויפֿן הויכן פּלויט מיט עטלעכע רייען שטעכל־דראָט איבער אים, באַלד האָסטו זיך צונויפֿגעטראָפֿן מיטן בליק פֿון סטריעלאָק, וועלכער איז געשטאַנען אויפֿן טורעם. איבער דעם שטיבל פֿון דער וואַך — און די פֿרייהייטס־אילוזיע איז גלייך פֿאַרשוווּנדן.

גראַד דעמאָלט, אין די טעג ווען שמעון איז געווען אויף דעם אונטער־פּונקט, האָט זיך געשטעלט אַ וואַרעם וועטער. קיין שניי האָט מען שוין נישט געזען. נאָר אין די טאָליקע ערטער איז נאָך געלעגן אַ שיכט גראָער שניי, דין און דורכזיכטיק ווי אַ זיפּ, דורך וועלכן מען האָט שוין אָנגעזען די גרינע פֿרישקייט פֿון מאָך.

ס'איז אויסגעפֿאַלן אַ רו־טאָג. נאָך מיטאָג האָט מען פֿאַר דעם קליינעם באַראַק, ווו ס'איז געווען די ביוראָ און דאָס וווין־צימערל פֿון אַרבעטס־נאַטשאַלניק, אַוועקגעשטעלט אַ באַנק. ס'האָבן זיך אויסגעזעצט דער קאָ־מענדאַנט, לעבן אים גאַלאַ, דער אַרבעטס־נאַטשאַלניק, עטלעכע דיעסאַט־ניקעס, און מען האָט אויך שמעונען מיטן פֿעלדשער געבעטן אַוועקזעצן זיך. אַ קליינע צאָל אַרעסטאַנטן, די יונגע, נישט קיין יידן, זענען געשטאַנען אַרום דעם אָרט ווו נאַטשאַלסטוואָ איז געזעסן. ס'איז דאָרט געווען אַ גלאַ־טיק, האַרט שטיק ערד, ווי אַ פּאַרקעט, אויף וועלכן מען האָט געקאָנט טאַנצן. איינער האָט געשפּילט אויף אַ האַרמאָשקע. די עטלעכע יונגע אַרעסטאַנטן האָבן איינער נאָכן צווייטן פֿאַרבעטן גאַלאַן צום טאַנץ. אָבער גאַלאַ איז איצט זייער איבערקלייבעריש. פּרוּוון די יונגע מענטשן טאַנצן מיט זיך, מאַן מיט מאַן. ס'האָט קיין טעם נישט.

די נאַטשאַלניקעס טאַנצן נישט. אַפֿילו נישט דער קאָמענדאַנט, אַ יונ־גער מענטש, נישט קיין דרייסיק יאָר אַלט. שמעון אָבסערווירט דעם אַרבעטס־נאַטשאַלניק. ער איז פֿון מיטעלן וווּקס, ביי עטלעכע פֿערציק יאָר אַלט, מיט אײַנגעאַנצן אַ ליסע קאָפּ, אַן איידל פּנים מיט דינע שטריכן און אַ פּאָר קלוגע אויגן.

איצט זיצט דער אַרבעטס־נאַטשאַלניק מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און טוט נישט קיין בליק אין שמעונס זייט. ס'איז אומעטיק. פֿון אומעט ווערן די טענצער און די האַרמאָשקע גיך מיד און דאָס ביסל יונגע אַרעסטאַנטן צעגייען זיך איבער די באַראַקן.

מיט שמעונען האָט דער אַרבעטס־נאַטשאַלניק אויסגעמיטן צו רעדן. אויף שמעונס אַ פראַגע, האָט ער געענטפערט מיט אַ וואָרט, צוויי, ווי מורא געהאַט צו פירן מיט אַן אינטעליגענטן מענטש אַ שמועס. דאַקעגן האָט מען אים געזען אָפט רעדן מיטן קאָמענדאַנט און דיעסאַטניקעס.

שמעון האָט זיך נישט געוווּנדערט וואָס דער איידעלער, געבילדעטער נאַטשאַלניק האַלט אַן נאָענטע באַציאונגען מיט גאַלאַן, און אַלע ווייסן דערפון. נישט נאָר מאַכט ער נישט קיין סוד דערפון, נאָר ער אַליין באַמיט זיך, אַז מען זאָל וויסן, אַז זי איז זיין לאַגער־ווייב. אין לאַגער וווּנדערט מען זיך אויף גאָרנישט. נישטאָ קיין איבעראַשונגען. פּונקט אַזוי האָט זיך שמעון גיך אויפגעהערט וווּנדערן אויפן נאַטשאַלניק פון סטאַציאָנאַר, דעם יונגן וולאַדימיר וואַלידימיראָוויטש, ווען יענער איז געווען נאָענט מיט גאַלאַן, כאָטש אין אָנהויב, ווי נאָר שמעון איז אָנגעקומען אין סטאַציאָנאַר, האָט ער ממש דערפון געשטוינט.

אין לאַגער ווערט דער מענטש, וואָס האָט דאָרט אַ ביסל מאַכט, ס'הייסט בלויז אילוזאָרישע מאַכט, גיך דעפּראַווירט. קאָן זיין, אַז אויף דעפּראַוואַציע מוז מען ענטפערן מיט דעפּראַוואַציע, בכדי צו דערהאַלטן אַ ביסל פּסיכיש גלייכגעוויכט. שמעון גיט זיך אָפּ אַ חשבון, אַז דאָס איז אַ געפערלעכער געדאַנק. אָבער ער האָט אַמאָל געזען אַ שריפה אין אַ וואַלד. בכדי צו לעשן דאָס פייער, האָט מען אונטערגעצינדן אַ קעגנאיבערדיק שטיק וואַלד. ווען די צוויי פייערן האָבן זיך צונויפגעטראָפן, זענען זיי שטאָט ווי ביז איצט אין דער ברייט, געגאַנגען אין דער הויך. דאָרט האָבן זיי זיך אַרומגענומען און זיך אויסגעברענט.

צומאָרגנס נאָך דעם רו־טאָג, האָט שמעון פאַרלאָזט דעם אונטער־פּונקט און צוריקגעפאָרן אין סטאַציאָנאַר.

# מ ל ח מ ה

די טעג ווערן לענגערע, די זון הויבט זיך וואָס אַ טאָג העכער און העכער און דאָס וועטער ווערט וואַרעמער. דער גאַנצער עולם אַרעסטאַנטן, אַפילו די יידן פון פוילישן עטאַפּ, האָבן שוין אַלע אָפּגעגעבן זייער ווינטער הלבשה און באַקומען זומערדיקע: אַ פּאָר בלויע לייוונטענע הויזן, פון דעם זעלבן שטאָף און קאָליר אַ בלוזע, אַ גראַנאַטן היטל מיט אַ לעדערנעם דאַשעק און אַ פּאָר ברעזענטענע שיך אָדער לאַפּטשעס.

דער שניי איז שוין אַפילו אין פאַרטונקלטן וואַלד צעגאַנגען און פאַרשוווּנדן. נאָר אין די גריבער, וואָס האָבן זיך דאָרט געפינען, איז דער שניי געבליבן ליגן אַ גרויער, אַ פאַרעלטערטער אַ גאַנצן זומער. דאָרט האָט ער איבערגעזומערט ביז וואַנען דער פרישער שניי פון אויפסניי אָנקומענ־דיקן ווינטער, האָט אים צוגעדעקט מיט אַ ווייסער פוכיקער געדיכטעניש.

פון אונטער דעם צעגאַנגענעם שניי באַווייזט זיך דער גרינער מאָך, מיט וועלכן ס׳איז אויסגעבעט דער וואַלד. פון דעם גרינעם מאָך שיינען אַרויס, פאַרבליבענע פון פאַראַיאָרן און פאַרהיטענע דורך דעם פאַרפרוירע־נעם שניי פון פאַרפוילט ווערן, ווילדע יאַגדעס.

ווינטער־צייט איז אַ בריגאַדע צונויפגעשטעלט פון אַרעסטאַנטן, וואָס האָבן זיך געהאַט אָפּגעפרוירן פינגער פון די הענט אָדער פיס, און נישט געקאָנט גיין צו דער אַרבעט, געזעסן אין אַ ווינקל פון דער גרויסער סטאָלאָווע און געצופּט די נאָדלען פון די יאָלקע־צווייגן, וועלכע מען האָט זיי געבראַכט אָנגעהאַקט אין וואַלד.

די אָנגעצופּטע נאָדלען לייגט מען אַריין אין פעסער וואַרעם וואַסער פון דרייסיק גראַד. הייסער טאָר עס נישט זיין, ווייל ס׳וואָלט אָפּגעטויט די וויטאַמינען.

צוויי שעה ליגן די נאָדלען אין די פעסער וואַסער, דערנאָך גיסט מען דאָס וואַסער אָפּ. עס זעט אויס ווי טונקל ביר, מען צעגיסט עס אין קלענערע פעסלעך. איידער די בריגאַדעס קומען אָן פון דער אַרבעט, שטעלט מען אַרויס די פעסלעך אין דרויסן פאַרן אַריינגאַנג אין דער זאָנע.

דאָרט שטעלן זיך עטלעכע אַרעסטאַנטן פון דער בריגאַדע אָפּגעפּרווירענע, מיט טעפּלעך אין די הענט. נעבן זיי אַ סטריעלאָק. יעדער איינער אַרעס־טאַנט, וואָס קומט צוריק פון דער אַרבעט, מוז, איידער מען לאָזט אים אַריין אין דער זאָנע, אויסטרינקען אַ האַלבן ליטער אַזאַ וואַסער. טייל ווילן נישט, ווייל ס׳איז זייער נישט געשמאַק. אָבער דער סטריעלאָק האַלט אַזאַ איינעם אין דרויסן אויפן פראָסט — און ער מוז טרינקען. דאָס דאַרף פאַרהיטן די מענטשן פון שקאָרבוט.

איצט הויבן אָן בליען די קוסטעס מיט די ווילדע־רויזן. מען ציפּט זיי אָן ווען זיי זענען נאָך אין די קנאָספּן און צוזאַמען מיט די ווילדע יאַגדעס פאַרגיסט מען זיי מיט וואַרעם וואַסער און מען גיט עס די אַרעסטאַנטן צו טרינקען, שטאָט דעם וואַסער פון די יאַלקע־נאַדלען. אָבער זומער איז נישט פאַראַן אַזאַ נויטווענדיקייט דערפון ווי אין ווינטער, ווען ס׳זענען געווען צייטן, אַז קיין פּיצל רוי גרינוואַרג איז אינגאַנצן נישט געווען. איצט באַ־קומען דעם געטראַנק נאָר די, וואָס האָבן שוין בולטע סימנים פון שקאָרבוט.

די בעריאָזעס באַדעקן זיך גיך מיט פרישע גרינע בלעטער. ווידער פירן איבער ברייטע ביימער־אָדערן די זאַפטן פון דער ערד ביז צו די צווייגן פון די ביימער. אין די בעריאָזעס ריזלט דאָס ווייסע בלוט. רוסן, געניטע אין וואַלד־לעבן, שניידן איין מיט שאַרפע העק די לייבער פון אַזעלכע ביימער, פון די דיקע צווייַשן זיי, און צו דעם אָרט פון דער ווונד שטעלן זיי צו אַ בלעכן קובעליקל, אין וועלכן ס׳טריפט אַריין דאָס ווייסע, געדיכטע ווי סיראָפּ, זיסע בלוט פונעם בוים. זיי טרינקען עס פּאַמעלעך ווי גוטן מעד

דאָס איינשניידן אַזאַ בוים איז שטרענג פאַרבאָטן, ווייל פון דער ווונד פלעגט נישט זעלטן דער בוים קראַנק ווערן און אָפּשטאַרבן.

די טייגע לעבט אויף. אַפילו די סאָסנעס, יאַלקעס און ליסטוויעניצעס, וואָס טראָגן אויף זיך אַ גאַנצן ווינטער די צווייגן מיט גרינע נאַדלען, זעען איצט אויך אויס פרישער, נאָכן באַפרייען זיך פון דער שווערער משא שניי וואָס איז אויף זיי געלעגן. די נאַדלען גלאַנצן, ווי זיי וואָלטן געווען לאַקירט.

נאָר קיין פייגל געזאַנג הערט זיך כמעט נישט אין דער טייגע. דאָרט ווו מען האַקט וואַלד, פליען די פייגל ווייט אַוועק, אַזוי ווייט, אַז צו זיי זאָלן נישט דערגרייכן די שרעקעוודיקע קלאַנגען פון האַק און זעג.

בלויז די טויבע פייגל, די גלוכאַרעס, הערן נישט דאָס דראַענדיקע קלאַפּן פון די העק און דאָס ראַצן פון די זעגן, בלויז זיי בלייבן. דער „ער״ טאַקט אויס זיין געשטייגערטע בענקשאַפט צו דער „זי״ אין אַ לאַנג ליבע־געזאַנג.

ס'פאַלן אָפּט קורצע אָבער גערדיכטע רעגנס מיט דונערן און בליצן. די קאַזאַטשקע מאַרוסיאַ גייט אַרום אין די דאַזיקע טעג אַ דערשראָקענע. זי צלמט זיך אָפּט, נאָר שטאָט די סאַקראַמענטאַלע ווערטער, וועלכע מען זאָגט דערביי, באַנוצט זי די סאַמע געמיינסטע.

זי האָט איצט איבערגעריסן אירע אינטימע באַציאונגען מיט סאַמעקן. ס'איז איר נישט צום געמיט. און דווקא אין זומער, ווען אין אַלע וועקט זיך אַ חשק צום לעבן, גייט זי אַרום אַ דערדריקטע. לייגט אַריין אַלע אירע כוחות אין די סאַמע שווערסטע אַרבעטן.

סאַמעק האָט אָפּגעאָטעמט. זיין בליק האָט זיך ביסלעכווייז אויסגעליי־טערט. ער האָט אָנגעהויבן צוהעלפן, אין דער פרייער צייט, וואָראָניקדזען ביי דער אַרבעט. ער האָט אויך אָנגעהויבן אַריינקומען צו אים אין שטוב אַריין, און מיט גרויס דרך־ארץ זיך באַצויגן צו דינהן.

די געדיכטקייט און האַסטיקייט פון די קורצע רעגנס, פילט מען נישט אין וואַלד, ווייל די מאַסע צווייגן לאָזן נישט דעם רעגן פאַלן מיט זיין געשווינדקייט. דערפאַר טריפט דאָרט דער רעגן פון די צווייגן לאַנגע שעהן און אַפילו טעג נאָך דעם, ווי ער האָט שוין אויפגעהערט פאַלן.

איינמאָל, נאָך אַזאַ רעגן, ווען דער עולם אַרעסטאַנטן קומט אין וואַלד אַריין, דערזעען זיי פון דערווייטנס ווי גרויסע שטיקער וואָלקנס וואַלטן זיי זיך געשטעלט אין וועג. ס'קוקט אויס ווי די וואָלקנס פון הימל, נאָך אָנגעפילטע מיט רעגן וואָלטן זיך אַראָפּגעלאָזט אין וואַלד אַריין. אָבער ווען די אַרעסטאַנטן קומען צו נענטער, דערזעען זיי, אַז דאָס זענען גע־דיכטע מאַסן יונגע, קליינטשיקע מיקן, אַט דאָס, וואָס זעט זיי אויס צו זיין וואָלקנס. די וואָלקנס מיקן וואַרטן נישט ביז די מענטשן וועלן זיך צו זיי דערנענטערן, נאָר גייען זיי אַנטקעגן און באַפאַלן זיי. די מיקן באַזעצן זיך געדיכט אויף די פּנימער פון די מענטשן און נעמען שטעכן מיט זייערע נאָך גאָר דינע שפּיזלעך. ווען עמעצער טוט מיט דער האַנט אַ וויש דאָס פּנים, ווערלנדיק עס באַפרייען פון די מיקן וואָס שטעכן ווי־טיקלעך, בלייבט ער מיט אַ פולער האַנט צעקוועטשטע מיקן געמישט מיט בלוט, וואָס זיי האָבן שוין באַוויזן אויסצוזויגן.

קיין נאַקאָמאַרניקעס זענען אין לאַגער נישטאָ. בלויז עטלעכע קאָנ־טראַל־דיעסאַטניקעס האָבן זיי. דאָס זענען ברייטע קאַפּעליושן, פון וועמענס ראַנדן ס'הענגען אַראָפּ שוואַרצע שלייערן וואָס פאַרשטעלן פאַר די מיקן די פּנימער און די העלדזער. די עטלעכע קאָנטראָל־דיעסאַטניקעס האָבן די נאַקאָמאַרניקעס שוין זייט יאָרן. זיי היטן זיי ווי אַן אויג אין קאָפּ.

מער ווי עטלעכע נאַקאָמאַרניקעס זעט מען נישט אין גאַנצן לאַגער.

דאָס אַרויסגיין צו דער אַרבעט ווערט אַ דאָפּלטער פּיין. די מיקן וואַקסן פון טאָג צו טאָג, צי גאָר פון שעה צו שעה. זיי ווערן וואָס אַמאָל אַנגרייי־פּערישער, קאַמפּס־פּעאיקער, בלוט־זויגערישער. די מענטשן ווערן ווילד פון זיי. די מיקן שטעכן, ווי די ווילדע בינען. ביי טייל אַרעסטאַנטן שווילן אַן די פּנימער, וואָס ברענען און פלאַמען פון די ביסן, פון די שטעך פון די שאַרפע שפּיזלעך. די מענטשן קראַצן די פּנימער, די הענט, רייסן פון זיך שטיקער און מאַכן זיך ווונדן.

טייל באַקומען שגעון אַנפאַלן. זיי וואַרפן זיך אויף דער ערד, נורען איין די פּנימער אין דעם קילן מאָך און רייבן אים מיט אַלע כוחות און מיט אַ ווילדער האַסטיקייט די צעווייטיקטע פּנימער, כדי כאָטש אויף אַ מינוט זיך באַפרייען פון די מיקן, כאָטש אויף אַ רגע דערפילן אַ פאַרלייכטערונג, האָבן פאַרמאַכטע אויגן, נישט זען דעם וואַלד, די ביימער און דער עיקר פאַר־באַרגן דאָס צעביסענע פּנים פון די מיקן.

די סטריעלקעס האָבן פיינט דאָס וואַרפן זיך אויף דער ערד. עפּעס האָבן זיי דערפאַר מורא. ס׳איז זיי נישט באַקאַנט אַזאַ משונהדיקע רעאַקציע פון אַרעסטאַנטן אויף דעם בייסעניש פון די מיקן. זיי באַפעלן גיך די אַרעסטאַנטן זיך אויפצוהייבן פון דער ערד און דראָען די ווידערשפּעניקע מיט איזאָלאַטאָר. דאָס וואַרפן זי דאויף דער ערד האַלטן זיי פאַר אַן אויסטראַכטעניש פון די דעליקאַטע, „געניאַנטשעטע”, אַרעסטאַנטן פון פוילישן עטאַפּ.

פאַראַן אַזעלכע צווישן די אַרעסטאַנטן, וואָס ציען אויף זיך ווי ספּע־ציעל דעם צאָרן פון די מיקן. זיי שטעכן זיי נישט נאָר די אָפּגעדעקטע פּנימער און די הענט, נאָר קריגן זיך אויך אַריין אין די נאַגאַוויצעס פון די הויזן און בריען מיט זייערע שטעך די פיס.

נישט נאָר אין וואַלד פאַרפאָלגן די מיקן די אַרעסטאַנטן. בייטאָג, ווען דער דניעוואַלני רייניקט דעם באַראַק, ביי אַן אָפענער טיר, באַקומען זיי זיך דאָרט אַריין, באַהאַלטן זיך אויס צווישן די פענצטער און די נאַרעס. ביינאַכט, ווען די אַרעסטאַנטן פאַרמאַטערטע לייגן זיך שלאָפן, שפּיזן זיי די מיקן. טייל מענטשן וועקן זיך נאָר איבער און שלאָפן ווייטער, כאָטש זייער אומרואיק, אָבער טייל קאָנען קיין אויג נישט צוטאָן און דרייען זיך צומאַרגנס אַרום ביי דער אַרבעט ווי שיכורע.

אין דער פרי, ווען דער טאָג הויבט אָן העלן, זעט מען אויף די שויבן פון די פענצטער, פון אונטער די נאַרעס אַרומפליען שווערע, אָנגעזויפּטע מיקן. לעבן זייערע אונטערשטע פיסלעך זעען זיך אָן זייערע אָנגעפּלוישטע רויטע בייכלעך, ווי דורכזיכטיקע פענכערס, אָנגעפילטע מיט בלוט.

דאָס גאַנצע ביסל פאַרגעניגן פון וואַרעמען וועטער, פון די ליכטיקע טעג, ווערט פאַרפינצטערט פון דער מכה מיט די מיקן. ווינטער האָבן די אַרעסטאַנטן געבענקט נאָך דעם פרילינג, און איצט, ווען ס'איז געקומען דער פרילינג, וואָלטן זיי געוואָלט ס'זאָל שוין זיין ווינטער. נישט איינמאָל פאַרשעלט דער אַרעסטאַנט דעם טאָג ווען ער איז געבוירן געוואָרן.



ביינאַכט איז אָפטמאָל אַ מורא אַרויסצוגיין. פלוצים קאָן מען זען ווי ס'גייט אַדורך דורך דער זאָנע אַ ריזיקע מחנה שטשורעס. זיי גייען אין מיליטערישער אָרדענונג, ריי נאָך ריי, און אין דער שפּיץ איין שטשור, דער פירער. זיי גייען אומדערשראָקן, האָבן נישט מורא פאַר מענטשן. זיי זענען אַרויס פון וואַלד און גייען אין דער ריכטונג פון די אָרעמע פעלדער פון סאָווכאָז, מיטן ביסל אויפגייענדיקן פאַרזעצטן דאָרט גרינוואַרג. זיי פרעסן אַלץ, די שטשורעס. אַלץ וואָס זיי טרעפן אויפן וועג. קעמפן מיט זיי איז שווער, ווייל די צאָל זייערע איז אַ ריזיקע. נאָר די שייטערס, וואָס מען ברענט ביי די פאַרזעצטע מיט גרינוואַרג פעלדער, שרעקן זיי אָפּ און ראַטעווען טייל פעלדער פון אויפגעפרעסן צו ווערן דורך די שטשורעס, נאָך אין זייער בליעכץ.



ס'איז געשטאָרבן פּערצאָוויטש, דער יידישער אַרעסטאַנט פון צווייטן אונטער־פּונקט. דאָס איז געווען דער, וואָס האָט זיך אַריינגעשמוגלט מיט ווייב און קינדער קיין ראַטן־פאַרבאַנד בכדי זיי צו פאַרזיכערן אַ גליקלעכע צוקונפט. ער איז געשטאָרבן אין סטאַציאָנאַר. מען האָט אים געבראַכט מיט זייער אַ שווערער האַרץ דעקאָמפּענסאַציע, פון וועלכער מען האָט אים נישט געקאָנט אַרויספירן.

זיין טעכטערל, די קאָמסאָמאָלקע, האָט זיך נישט דערוואָרט, אַז כאָטש איינער פון אירע בריוו צו סטאַלינען, וועגן איר אומגליקלעכן פאָטער, זאָל אָפּגעענטפערט ווערן.

ס'איז געשטאָרבן פון אַ האַרץ־אָנפאַל אַ לאָדזשער ייד. ווען ער האָט זיך פאַרן טויט, דערפילט אַ ביסל בעסער, האָט ער געבעטן אַן אַרעסטאַנט, אויך אַ לאָדזשער ייד, טאָמער וועט מיט אים געשען עפּעס שלעכטס, זאָל ער, ווען ער וועט אַהיימקומען נאָך דער מלחמה, דאָס איבערגעבן זיין

פרוי און קינדער. ער וויל נישט — האָט ער געזאָגט — אַז זיין פרוי זאָל פאַרבלייבן אויפן גאַנצן לעבן אַן עגונה. דערפאַר, אויב ער וועט שטאַרבן, זאָלן אַלע זיינע זאַכן געהערן צו דעם, וועמען ער האָט געבעטן אויספירן דאָס שליחות צו זיין פרוי און קינדער. פאַר אַן עדות האָט דערביי געדינט דער געהילף־סאַניטאַר דאַווידאָוו.

ווען דער מענטש איז געשטאָרבן, האָט דער, וועמען ער האָט צוגע־זאָגט זיינע זאַכן, זיך געוואָנדן צום נאַטשאַלניק פון סטאַציאָנאַר און דער־ציילט אים וואָס דער פאַרשטאָרבענער האָט אים צוגעזאָגט און אַז אַן עדות דערויף איז דאַווידאָוו. דער נאַטשאַלניק האָט געענטפערט, אַז ער מוז אָנגעבן אַ שריפטלעכע בקשה אין הויפט־ביוראָ, ווייל דאָס איז נישט אין זיין קאָמפּעטענץ. דער אַרעסטאַנט האָט אָנגעשריבן די װענדונג. עס האָט נישט לאַנג געדויערט און ער האָט באַקומען אַ קורצע תשובה — אַלץ וואָס אַן אַרעסטאַנט לאָזט איבער, געהער צו דער סאָוויעטישער מאַכט.

ווען ס'איז פאַרגעקומען אַ לוויה פון אַן אַרעסטאַנט, האָט קיינער נישט געטאָרט דערביי זיין. סיי דאָס איז געווען אין סטאַציאָנאַר, סיי אין לאַגער גופא, האָט מען דעמאָלט אַלע אַרעסטאַנטן אַריינגעיאָגט אין די באַראַקן. בלויז דער קאָמענדאַנט פון דער זאָנע און דער באַלאַגאָלע האָבן זיך מטפּל געווען מיטן מת, וועלכער איז געלעגן אין פאַרקלאַפּטן קאַסטן. זיי האָבן דעם קאַסטן אַוועקגעשטעלט אויפן וואָגן און דער באַלאַגאָלע איז מיט אים אַוועקגעפאָרן. קיינער האָט נישט געוווּסט ווו דאָס קבורה־אָרט געפינט זיך. מען האָט נאָר געוווּסט, אַז ערגעץ אין אַן אויסגעהאַקטן און אויסגעקאָרטשעוועטן שטיק וואַלד. מען האָט אויך געוווּסט, אַז דער באַ־לאַגאָלע איז איינצייטיק דער קברן, און אַז אויף דעם ברעט וואָס מען שטעלט אַריין צוקאָפּנס דעם מת, איז נישט אויפגעשריבן דער נאָמען פון געשטאָרבענעם, נאָר דער נומער פון זיינע ענקאַוועדע־אַקטן.

אין סטאַציאָנאַר, אין דעם באַראַק פאַר ליגנדיקע קראַנקע, זענען דער עיקר פאַראַן שווער טובערקולאָז־קראַנקע, שווער האַרץ־קראַנקע און נירן־קראַנקע. אין דעם באַראַק פאַר אַרומגייענדיקע, אַ גרויסע צאָל כראָניש־קראַנקע.

פאַראַן אַזעלכע, פון די דרומדיקע לענדער, ווי אוזבעקן, קאַזאַכן, צי טשעטשענצעס, וואָס אַפילו אין לאַגער איז זיי געלונגען אַריינצושמוגלען כאַשיש. אין די לאַגער־באַדינגונגען, מיט דעם עסן, צו וועלכן זיי האָבן זיך נישט געקאָנט צוגעוווינען, ווערן זיי שנעל פון דעם נאַרקאָטיק פאַר־סמט. זיי הערן אויף עפּעס קאָנען פאַרדייען, ביז זיי גייען אויס מיט אַ הונ־גער־טויט.

אַ צאָל געבראָכענע און כראָניש־קראַנקע ליגן אין סטאַציאָנאַר ביז מען שיקט זיי איבער אין אַן אינוואַלידן־לאַגער. טייל אַרבעטן דאָ צו ביסלעך אין סטאַציאָנאַר, טייל זעגן האָלץ פאַר דער קיך און העלפן צו ביי אַנדערע אַרבעטן.

נאָך שמעונס צוריקקומען אין סטאַציאָנאַר, געפינט ער זיך דאָרט נישט קיין אָרט. כאָטש די אַרבעט איז דאָ אומפאַרגלייכער אינטערעסאַנטער, ווי אין דער אַמבולאַטאָריע אין הויפּט־לאַגער, ציט עס אים אַהין. ער האָט דאָ פאַרשידענע שטימונגען, פון אַפּאַטיע ביז אַ געשטייגערט זעלבסט־געפיל. ער פאַרשטייט אַליין נישט וואָס געשעט מיט אים. זיינע שטימונגען שטערן אים אין דער צוזאַמענאַרבעט מיטן דאָקטאָר זאַלקין. יענער האָט אַרויפגעצויגן אויף זיך אַ פּנים פון אַ שטרענגן מענטש, נישט גערעדט מיט די קראַנקע, געגאַנגען מיט אַן אייליקן טריט פון אַ שטאַרק באַשעפטיקטן און שטענדיק געטראָגן אונטערן אָרעם אַ פּעקל מיט אַקטן.

אָבער שמעון האָט געוווּסט, אַז אונטער דער מאַסקע פון מכלומרשטן נאַטשאַלניק, באַהאַלט זיך אויס אַ צעבראָכענער ייִד, אַ מענטש, וואָס איז דערגאַנגען צו אַ הויכער פּראָפעסיאָנעלער מדרגה און מיטאַמאָל אָפּגעריסן געוואָרן פון אַלע זיינע נאָענטע, פון זיין אַרבעט און סביבה און אַריינגע־שליידערט געוואָרן אין אַ תּהום. נישט איינמאָל האָט שמעון אויפגעכאַפּט אין די אַלע מאָל שטרענגע אויגן פון דאָקטאָר זאַלקין אַן אומענדלעכן צער.

און דאָך איז שמעונען געווען אין מענכע פאַלן אומדערטרעגלעך דאָקטאָר זאַלקינס פאַרהאַלטן זיך. ווען שמעון פלעגט טרעפן אין דער קליינער זאַנע פון סטאַציאָנאַר אַן אַרומגייענדיקן קראַנקן, פלעגט ער שטענדיק פאַרטוישן מיט אים אַ פּאָר ווערטער, טיילמאָל אַפילו מיט אים אַ שמועס טאָן, אויב יענער איז געווען אַן אינטערעסאַנטער מענטש. ווען דאָקטאָר זאַלקין פלעגט זיך אויף דעם אָנטרעפן, האָט ער מער נישט ווי איבערגעחזרט די צוויי ווערטער — דאָקטאָר גוטפריינד! דאָקטאָר גוטפריינד! נאָר מיט אַזאַ אינטאָנאַציע, אַז ווי גרויס עס איז נישט געווען די קעגנער־שאַפט פון שמעונען צו דאָקטאָר זאַלקינס האַנדלונג, פלעגט ער זיך שטענ־דיק אונטערגעבן דער סוגעסטיע פון די צוויי ווערטער און איבעררייסן דאָס געשפּרעך. דערנאָך האָט ער זיך יעדעס מאָל געמאַכט שווערע פאַרוואָרפן און באַשולדיקט זיך אין כאַראַקטערלאָזיקייט. און דאָך איז אַלעמאָל געווען דאָס זעלבע.

שמעון האָט אַליין נישט געוווּסט וואָס איז די סיבה פון די גיכע ענדע־רונגען אין זיינע שטימונגען. אפשר איז אין דעם שולדיק דער אַנעמישער

פרילינג, וואָס שטאָט מאַכן דעם מענטש פריילעך, מאַכט ער אים גאָר אומעטיק? אפשר איז אין דעם שולדיק די קאָנפראָנטאַציע פון פרילינג און צוואַנגס־לאַגער? דווקא איצט האָט אים געצויגן אין הויפּט־לאַגער מיט זיין טומלעניש, מיט זיין אַזוי ביוועלירטער מאַסע, מיט דער אומאויפ־הערלעכער באַוועגונג. אַט דאָס אַלץ, פון וועלכן ער האָט אַמאָל געוואָלט אַנטלויפן, ציט אים איצט, דערין זיך אויסצומישן, אויפגעלעזט צו ווערן.

אַ זייטיקער געדאַנק גנבעט זיך ביי אים אַריין, אַז זיין ווילן צו זיין אויפן הויפּט־לאַגער, האָט אַ שייכות מיט דינהן.



אין איינעם אַ טאָג, ווען דער פרילינג איז איבערגעגאַנגען אין זומער, איז געקומען צו שמעונען אין זיין צימערל אַריין דער נאַטשאַלניק פון סטאַציאָנאַר, וולאַדימיר וולאַדימיראָוויטש, און אים דערציילט בסוד, אַז די דייטשן זענען אַרויס מיט אַ מלחמה קעגן ראַטן־פאַרבאַנד. זיי באַמבאַרדירן אַלע גרויסע שטעט אין ווייסרוסלאַנד און אוקראַינע און גייען מיט אַ גע־וואַלדיקער שנעלקייט פאַראויס.

שמעון איז געבליבן זיצן אַ דערשיטערטער. דער קאָוווטשע־נאַטשאַל־ניק, וואָס איז געהאַט אַנגעקומען אויפן אָרט פון דעם איקנדיקן זיך לייטע־נאַנט פון ענקאַוועדע, האָט זיך ווי אַלע פריערדיקע קאָוווטשע־נאַטשאַל־ניקעס, פאַרנומען מיט אויסערן־פּאָליטיק. ער איז געווען אַ מענטש פון אַ יאָר פערציק. אַ דיסציפּלינירטער, גוט געשולטער דורך אַ סיסטעם ווו די העכסטע מעלה איז נישט האָבן קיין אייגענער מיינונג, נאָר געטרוי נאָכזאָגן אַלץ, וואָס מען זאָגט פון דער הויך, פון די וואָס פאַרנעמען העכערע פּאָזיציעס.

ערשט מיט אַ וואָך צוריק איז ער געווען אין סטאַציאָנאַר מיט אַ פּאָ־ליטישן רעפעראַט. ער האָט גערעדט מיט אייפער און מיט כעס וועגן די ענגלישע מלחמה־העצער, וועגן טשערטשילן, דער שונא נומער איינס פון די שלום־ליבנדיקע פעלקער, ווי דער ראַטן־פאַרבאַנד און דייטשלאַנד. געלויבט די חכמה פון סטאַלינען, וואָס האָט מיטן מאָלאָטאָוו־ריבענטראָפּ אָפּמאַך, באַוויזן אָפּצוראַטעווען ראַטן־פאַרבאַנד אַריינגעצויגן צו ווערן אין דער בלוטיקער מלחמה.

נישט ווייניקער ווי פון דער ידיעה, וועגן דעם מלחמה־אויסברוך, איז שמעון דערשטוינט פון דער האַלטונג פונעם נאַטשאַלניק וולאַדימיר וולאַ־דימיראָוויטש. ער שטראַלט אינגאַנצן, זיינע אויגן זענען אָנגעגאָסן מיט

ליכט. ער פּרובירט אָפּילו נישט אויסצובאַהאַלטן זיין פריייד פון דעם וואָס איז געשען.

שמעון ווייסט, אַז וולאַדימיר וולאַדימיראָוויטש איז אַ שונא פון סאָ־וויעטישן רעזשים. דאָס האָט אַרויסגעדרונגען פון דער גיריקייט, מיט וועלכער ער האָט געוואָלט הערן נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל ווערטינסקיס ליד מיט די ווערטער „נאָס אַבמאַנולי", מען האָט אונדז אָפּגענאַרט, אין ליגנס פאַרפּלאָנטערט, וועלכעס שמעון פלעגט אים זינגען. וולאַדימיר וולאַ־דימיראָוויטש פלעגט דעמאָלט אינגאַנצן פאַרכאַפּט ווערן פון די דאָזיקע ווערטער און זיך נישט קאָנען מיט זיי אָנזעטיקן. שמעון האָט געזען די גרויסע, ברודערלעכע פריינטשאַפט וואָס הערשט צווישן וולאַדימיר וולאַדי־מיראָוויטשן, און דעם עלטסטן קאָנטראָל־דיעסאַטניק סטיעפּאַן סטיעפּאַנאָ־וויטשן, ביידע אינזשיניערן, ביידע אוקראַיִנער. ער האָט שוין דעמאָלט זיך אָנגעשטויסן, אַז אַ חוץ דער שנאה צום רעזשים פאַרן צעברעכן זייערע לעבנס־קאַריערעס פאַר גאָרנישט, ליגט אין זיי אַ דורותדיקע שנאה צו רוסלאַנד, וועלכע האָט זיי פון שטענדיק אָן, ביי יעדן רעזשים, געהאַלטן פאַרשקלאַפט.

דאָך האָט די אָפענע, פאַרביסענע שנאה, שמעונען איצט אויפגעשוידערט. דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן האָט ער דערזעען שנאה, אַזוי ממשותדיק, ווי ער וואָלט דערזען פאַר זיך אַ ריזיקע גיפטיקע שלאַנג. ער האָט זיך נישט געשראָקן פאַרן גורל פון ראַטן־פאַרבאַנד, נישט פאַרן גורל פון די אוקראַיִ־נער. ער האָט זיך טויט דערשראָקן פאַרן גורל פון זיין אייגן פאָלק, פאַר די יידן וואָס געפינען זיך אונטער דער דייטשער הערשאַפט. ער האָט געקענט די אַבסורדאַלע שנאה פון די דייטשן צו די יידן, און זי האָט אים איצט אויסגעזען אומפאַרגלייכלעך געפערלעכער, ווי די לאָגישע שנאה פון די אוקראַיִנער צום ראַטן־פאַרבאַנד.

פאַר דעם אוקראַיִנער איז געווען רעכט, אַז די אוקראַיִני־שע שטעט זאָלן צעשטערט ווערן, צענדליקער טויזנטער מענטשן פון זיין פאָלק זאָלן דערביי אומקומען, אַבי סאָוויעטיש רוסלאַנד זאָל ליידן אַ מפּלה. ער איז געווען זיכער אין דעם און געגלויבט, אַז די דייטשן וועלן אים באַפרייען פון לאַגער און אפשר אויך געגלויבט, אַז זיי וועלן באַפרייען זיין פאָלק פון דער אייביקער קנעכטשאַפט.

יעדן טאָג קומט איצט דער נאַטשאַלניק צו שמעונען און דערציילט אים וועגן די מפּלות פון דער רויטער אַרמיי און די נצחונות פון די דייטשן. ער האָט מן־הסתם אויפן סטאַציאָנאַר אַ ראַדיאָ־אַפּאַראַט, אָדער באַקומט ידיעות פון אַנדערע, געהיימע מקורות.

איינמאָל קומט ער שיכור פון שמחה. ער דערציילט, אַז די דייטשן שטייען ביי לענינגראַד, אַ ליאַדע טאָג וועלן זיי פאַרנעמען די שטאָט. דעמאָלט וועלן זיי אָפּשניידן די גאַנצע צפון־טייל פון רוסלאַנד, אויך קאָמי אַ.ס.ס.ר., און וועלן באַפרייען אַלע אַרעסטאַנטן פון דער גרויסער צאָל לאַגערן, וועלכע געפינען זיך דאָ.

שמעון ווערט דערשיטערט פון דעם געדאַנק. ער כאַפּט אויף אין דעם נאַטשאַלניקס אויגן אַ שדישן גלאַנץ. אונטערן אויסרייד, אַז ער מוז גיין צו די קראַנקע, באַפרייט ער זיך פון אים אויף גיך. אין דעם באַראַק געפינט זיך דאָקטאָר זאַלקין. זיין שטענדיק שטרענג פּנים, איז פינצטער און איינ־געפאַלן. שמעון פאַרשטייט, אַז אויך ער ווייסט שוין אַלץ.

מען האָט די ידיעה וועגן דער מלחמה נישט געקאָנט אויסבאַהאַלטן פאַר די אַרעסטאַנטן. דעם זעלבן טאָג, ווען שמעון הערט פון נאַטשאַלניק וועגן לענינגראַד, באַווייזט זיך אויף דער גרויסער איינגאַנגס־טיר צום באַ־ראַק, אַן אויפשריפט מיט קרייד, מיט גרויסע אותיות: ביעי זשידאָוו — ספּאַסאַי ראַסיאו! שלאָג יידן — ראַטעווע רוסלאַנד! די אַלטע לאָזונג פון דער רוסישער שוואַרצער מאה.

שמעון איז חושד, אַז דאָס האָט געטאָן דער אוקראַאינישער דניעוואַלני פון דעם באַראַק, וועלכער פלעגט נישט איינמאָל אַרויסווייזן זיין שנאה צו יידן.

פאַרנאַכט־צו קומט אין סטאַציאָנאַר דער נאַטשאַלניק פון דער סאַני־טאַר־אָפּטיילונג פונעם לאַגער, דער פעלדשער ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש. ער איז האַלב שיכור, קומט זיך געזעגענען. מען האָט אים מאָביליזירט אין דער אַרמיי. זיין פאַרטרעטער בלייבט דערווייל אַלעקסעי וואַסיליעוויטש, דער דאָקטאָר פון הויפּט־לאַגער.

ער איז געבליבן אויף ביינאַכט אין סטאַציאָנאַר, אויסגעטרונקען דאָס גאַנצע ביסל אַלקאָהאָל וואָס איז דאָרט געווען. נאָך מער ווי שיכרות, האָט מען דאָס מאָל געזען שרעק אין זיינע אויגן, און ווי צו פאַרטיליקן אין זיך די שרעק פון דעם וואָס איז אַזוי פּלוצים געשען, האָט ער געהאַלטן אין איין שרייען — פאַידיאָם ביט גיטלעראַ! מ'עט גייט שלאָגן היטלערן! דער נאַטשאַלניק פון סטאַציאָנאַר וולאַדימיר וולאַדימיראָוויטש, איז געזעסן לעבן אים און עפּעס משנהדיק געלאַכט. אַ האַלבע נאַכט זענען זיי אַזוי געזעסן, די פיר: דער נאַטשאַלניק פון דער סאַניטאַרער אָפּטיילונג, אַ רוס, דער נאַטשאַלניק פון דעם סטאַציאָנאַר, אַן אוקראַאינער, און די צוויי דאָקטוירים, יידן, דאָקטאָר זאַלקין און דאָקטאָר שמעון גוטפריינד.

דער נאַטשאַלניק פון דער סאַן־אָפּטיילונג האָט געטרונקען אָמיינסטן,

וואָס מער ער האָט געטרונקען, אַלץ מער האָט ער געשריגן — מ'עט גיין שלאָגן היטלערן! און וואָס העכער ער האָט געשריגן אַלץ מער איז זיך אין אים צעוואַקסן די שרעק פאַר היטלערן. ער האָט זיך צעוויינט, זיך מיט אַלע צעקושט און אַרויסגעלאָפן אין דער פינצטערער נאַכט אַריין.

אין עטלעכע טעג שפּעטער איז אָנגעקומען אין אַלע אונטער־פּונקטן און אין סטאַציאָנאַר אַ באַפעל פון הויפּט־ביוראָ פון די צפון־לאַגערן, אַז אַלע פרעמדע בירגער, איינשליסלעך קראַנקע און דאָקטוירים, דאַרפן פון דאָרט באַלד איבערגעשיקט ווערן אויפן הויפּט־לאַגער.



ווי נאָר ס'האָט זיך צוליבן פרילינג, פאַרקלענערט די אַרבעט ביים האַקן וואַלד, האָבן זיך אָנגעהויבן, די אַרבעטן ביים קאַרטשעווען די פּיעניעס. די אַרבעט האָט מען געמאַכט מיט קירקע, האַק און לאָפּאַטע. די נאָרמע איז אַ גרויסע. מען אַרבעט מיט די הענט, אָן יעדער מעכאַנישער הילף. מען מוז אַרומהאַקן די ערד, כאָטש זי איז שוין נישט פאַרפרוירן, איז אָבער די וואַלד־ערד שטענדיק האַרט, פאַרפרעסט צווישן דער ריזיקער נעץ פון וואָרצלען, דיקערע, דינערע און גאָר דינע. די דאָזיקע אינגעווייִדן פון דיביימער הייבן זיך אָן נאָך אויף דער אויבערפלאַך פון דער ערד און גרייכן עטלעכע מעטער אין דער טיף. צוליב דער געדיכטקייט פון די ביימער אין דער טייגע, זענען זייערע וואָרצלען נישט נאָר פאַרקניפּט, פאַרפלאָנטערט צווישן זיך, נאָר אַריינגעוואַקסן איינער אין צווייטן, צונויפגעוואַקסן צווישן זיך. אָפט ציט איין בוים זיינע דערנערונגס־זאַפטן דורך די וואָרצלען פון אַ צווייטן בוים, וואָס שטייט אַפילו גענוג ווייט פון אים. ווען מען נעמט אַוועק די ערד פון אַרום די וואָרצלען, זעט מען ערשט דעם שווערן, קאָמ־פּליצירטן, אונטערערדישן קאַמף פאַר עקזיסטענץ, וועלכער קומט פאָר אין דער טייגע, צווישן די שטאָלצע, הויכע ביימער, וואָס רייסן זיך מיט זייערע רייכע גרינע קרוינען אין די הימלען אַריין.

די אַרעסטאַנטן קוקן אויף דעם אַלעם, אָבער פון פאַרמאַטערטקייט זעען זיי נישט. ס'איז אָן אַרבעט, וואָס צעברעכט דעם מענטש. ביז מען באַקומט אַרויס פון דער עקשנותדיקער וואַלד־ערד אַזאַ פאַרוואָרצלטן פּיען, גייט מען אָפּ אין זיבן שווייסן.

ווען די ערד אין וואַלד האָט זיך אויסגעטריקנט פון דער ווינטערדיקער פייכטקייט, זענען מיט איין מאָל פאַרשוווּנדן די מיקן. אַזוי ווי זיי וואָלטן דאָרט קיינמאָל נישט געווען. זיי זענען אַוועק אַזוי ווי די היישעריקן אין

מצרים. ס'איז נישט געבליבן קיין שפור פון זיי. אפילו קיין טויטן מיק האָט מען נישט געזען.

אויף זייער אָרט האָבן זיך איצט באַוויזן פליגעלעך, קליינטשיקע, אַז מיטן גאַלן אויג האָט מען זיי נישט געקאָנט דערזען. זיי שטעכן דאָס פּנים ווי מיט אָנגעגליטע שפּילקעס, זיי רייסן זיך אין דער נאָז אַריין, און דער ברי פאַרשאַפט דאָרט גרויס ווייטיק. מענטשן וואָס קאָנען זיך נישט באַהערשן און ראַצן דאָרט מיטן פינגער, באַקומען געשוואָלענע נעז. די פליגעלעך באַקומען זיך אויך אַריין אין דער שליים־הויט.

די איינציקע נחמה איז דאָס באַווייזן זיך פון יאַגדעס. פריער די רויטע, אָבער זייער צאָל איז זייער אַ קליינע, דערנאָך די שוואַרצע. להיפוך צו די רויטע, וואַקסן זיי גרופּנוויַיז, קאַלאָניעאַרטיק. ס'איז גענוג זיך נאָר אַראָפּ־צובייגן און מען קאָן מיט איין מאָל אָנרייסן אַ פולע דלאָניע מיט יאַגדעס. די יאַגדעס זענען ווייך און אַראָמאַטיש און ווען מען וואַרפט זיי אַריין מיט דער דלאָניע אין מויל אַריין, פרישט עס אויף דעם מענטש, ווי ער וואָלט זיך אָנגעטרונקען מיט אַ שמעקעוודיק געטראַנק. די אויסגעבענקטע נאָך אַ פרוכט אַרעסטאַנטן, דערקוויקן זיך מיט די יאַגדעס, וועלכע זיי רייסן גייענדיק אויף דעם וועג דורכן וואַלד צו דער אַרבעט.

אָבער נישט אַלע קאָנוואָיענטן דערלויבן אַראָפּצובייגן זיך אין מיטן גיין און רייסן יאַגדעס. פאַראַן אַזעלכע צווישן זיי, וואָס לאָזן נישט אָפּרייסן קיין איין יאַגדע, כאָטש זיי ווייסן, אַז קיינער וועט דאָ נישט קומען זיי רייסן, קיינער דאַרף זיי נישט, זיי וועלן פאַרטריקנט ווערן און קיינער וועט פון זיי נישט געניסן. זיי פאַרגינען נישט דעם אַרעסטאַנט דאָס ביסל הנאה, דאָס ביסל אויפפרישונג, צו וועלכן ער גאַרט אַזוי שטאַרק.

פאַראַן אָבער אַזעלכע סטריעלקעס, וואָס דערלויבן עס יאָ. אָבער נישט צו פיל, בכדי נישט צו פאַרשפּעטיקן צו דער אַרבעט. יאַגדעס ציען ווי באַני־קערן. וויפיל דו זאָלסט זיי נישט עסן וועסטו נישט מיד ווערן צו וועלן נאָך. דעמאָלט ווערט דער סטריעלאָק אין כעס, נעמט זיך צו דער ביקס — און דער עולם הויבט גיך אָן צו שטעלן טריט און גיין ווייטער, נישט פאַרגעסנ־דיק צו דאַנקען דעם סטריעלאָק פאַר זיין ברייטהאַרציקייט. שטענדיק ענט־פערט דערויף דער סטריעלאָק גוטמוטיק מיט אַ פּאָר געמיינע ווערטער.



די ידיעה וועגן דעם אָנפאַל פון היטלער־דייטשלאַנד אויפן ראַטן־פאַרבאַנד ברענגט נישט אין לאַגער קיין שום ענדערונגען. ס'פילט זיך נאָר

אַ פֿאַרשטאַרקטע וואַכזאַמקייט פֿון די קאָנוואָיענטן. מען שטעלט אָפּ געוויסע אַרבעטן, ווי דאָס אַראָפּוואַרפֿן די ביימער פֿון די שטאַבלעס אין טייך אַריין. דאָס האַקן וואַלד איז זומער במילא שוין כמעט איבערגעריסן. נאָר דער טאַרטאַק אַרבעט אָן אויפֿהער, בייטאָג און ביינאַכט. מען לאָדנט האָלץ אויף לאַסט־מאַשינען פֿאַרן אינערלעכן געברויך, מער ווי פֿריִער.

די אַרעסטאַנטן פֿון פּוילישן עטאַפּ טרעפֿן זיך צוריק אויף דעם הויפּט־לאַגער, ווו אין דעם טאָג ווען זיי זענען אַהערגעקומען, נאָר אַ סך פֿון זיי פֿעלן. טייל זענען אויסגעשטאָרבן און טייל האָט מען צעשיקט אין אַנדערע לאַגערן. קיין פּאַליאַקן זעט מען אינגאַנצן נישט. די שטאַרקע זענען געשטאָרבן, די „אַטקאַזטשיקעס" האָט מען פֿאַרשיקט אין די שטראָף־לאַגערן און די עלטערע — אין לאַגער פֿאַר אינוואַלידן.

די אַרעסטאַנטן וואָס טרעפֿן זיך ווידער פֿרייען זיך נישט מיט זיך. מען דאַרף ווידער אַלץ אָנהייבן אויפֿסניי — גיין אין באָד, באַקומען אַן אָרט אין באַראַק און, דער עיקר, ווידער צוגעטיילט ווערן צו אַ בריגאַדע, וועלכע מען קען נישט, נישט די מיטאַרעסטאַנטן, נישט דעם בריגאַדיר און דיעסאַטניק. ס'איז אַ שווער איבערלעבעניש, ווי דאָס אָפּרייסן דעם באַנדאַזש פֿון אַ ווונד, וועלכע האָט זיך שוין געהאַלטן אין היילן און צוטריקענען.

דער נאַטשאַלניק פֿון קאַוווטשע, וועלכער פֿלעגט ביז איצט רופֿן דעם עולם אַרעסטאַנטן צו זיך און האַלטן פֿאַר זיי פּאָליטישע רעדעס, האָט אָנגעהויבן קומען אין די באַראַקן, דער עיקר דאָרט ווו עס זענען פֿאַראַן יידן. מיט דעם זעלבן אייפֿער, מיט וועלכן ער האָט ביז איצט גערעדט וועגן די ענגלישע מלחמה־אונטערצינדערס, רעדט ער איצט וועגן די דייטשן, די פֿאַשיסטישע פֿאַרכאַפּערס. ענגלאַנד און ראַטן־פֿאַרבאַנד זענען די שלום־ליבנדיקע פֿעלקער און די דייטשן — פֿאַשיסטישע חיות. טשערטשיל איז פֿון אַ שונא נומער איינס פֿון דער מענטשהייט — געוואָרן דער טרייער פֿאַרבינדעטער, און היטלער איז איצט דער שונא נומער איינס פֿון דער מענטשהייט, אַ מאָנסטער.

דער נאַטשאַלניק מיט די טונקעלע, ברענענדיקע אויגן, רעדט הייס. אים אַרט נישט וואָס ערשט מיט אַזאַ קורצער צייט צוריק, געציילטע טעג, צי וואָכן, האָט ער צענדליקער מאָל איבערגעחזרט דאָס פֿאַרקערטע פֿון דעם וואָס ער זאָגט איצט. וויכטיק איז פֿאַר אים וואָס מען האָט אים געהייסן זאָגן, און נישט דאָס וואָס ער זאָגט.

אין די רו־טעג קומט ער אין די באַראַקן און זעצט זיך היימיש אַוועק אויף אַן אַרעסטאַנטס אַ קויקע. ער צעלייגט עטלעכע צייטונגען און ער לייענט פֿון זיי. ער לייענט וועגן די באַרבאַרישע מעשים פֿון די דייטשן אין

באַצוג צו דער ציווילער באַפעלקערונג. ער קוקט די אַרעסטאַנטן גלייך אין די אויגן און וויל אין זיי זען אַן אויפברויז, אַן אַנדייטונג, אַז זיי זענען גרייט אויף עפּעס.

אָבער די אַרעסטאַנטן ווייסן שוין וואָס ער דערוואַרט פון זיי. זיי ווייסן, אַז ער וועט ענדיקן דאָס לייענען מיט דער פאָדערונג, אַז איצט דאַרף מען אַרבעטן מיט מער אָנשטרענגונג, מען דאַרף פאַרגרעסערן די נאָרמעס, וואָרעם אַ נייע לאָזונג הענגט שוין ברייט אין דער זאַנע: „יעדע שפּאַלע — אַ קלאַפּ דעם פאַשיזם!״

אין לאַגער ווערט די בענקשאַפט אָפּגעטעמפּט. בענקשאַפט פאָדערט צייט, מען דאַרף האָבן צייט צו בענקען. אין אַ תּפיסה, ווו מען זיצט פאַרשפּאַרט און מען טוט גאָרנישט, בענקט מען, מען קאָן דאָרט בענקען ביז משוגעת. אין לאַגער איז דערויף קיין צייט נישטאָ. די בענקשאַפט ווערט אַטראָפירט. אָבער ווען די נאַטשאַלניקעס, צי דער נאַריאַדטשיק וואַניאַ זאָגט צו די יידישע אַרעסטאַנטן — אויב איר וועט גוט אַרבעטן, וועט איר נאָכן אָפּקומען אייער שטראָף באַקומען גוטע רעקאָמענדאַציעס, און וועט זיך קאָנען איינאָרדענען אויף אַרבעט, חתונה האָבן און האָבן קינדער, קאָכן די יידישע אַרעסטאַנטן אויף. די וואָס האָבן איבערגעלאָזט ווייב און קינד, דערמאָנען זיך אין זיי. אויב עמעצער רופט זיך אָן — כ׳האָב איבערגעלאָזט אין פּוילן אַ ווייב, באַקומט ער גלייך אַן ענטפער — וועסטו נעמען אַ צווייטע. ווען עמעצער רופט זיך אָן — כ׳האָב איבער־געלאָזט קינדער, — וועסטו האָבן אַנדערע קינדער, איז דער ענטפער. ס׳איז אָפּט נישט קיין דיאַלאָג וועגן געפילן, נאָר וועגן פאַקטן. אין די דאָזיקע שווערע, דערדריקנדיקע באַדינגונגען, ווערן געפילן אויסגעברענט, ווי אַ לאָמפּ, אין וועלכער מען גיסט נישט צו קיין נאַפט.

און דערפאַר פאַלט דאָס אַלץ, וואָס דער נאַטשאַלניק פון קאַוווטשע לייענט פאַר די אַרעסטאַנטן, ווי אויף אַ יאַלאָוון באָדן. בלויז ביי גריג־פאַרבן, דעם יונגן יידישן קאָמוניסט, וועלכער האָט אויסגעפירט דעם טויט־אורטייל אויף אַ פּראָוואָקאַטאָר אין פּוילן, אַנטלאָפן קיין ראַטן־פאַרבאַנד, דאָ באַשולדיקט געוואָרן אין שפּיאָנאַזש און פאַרשיקט אין די שווער־סטע לאַגערן, ביי אים צינדט זיך אָן זיין שטאָלץ. ס׳ברענט אין אים די עוולה, וואָס איז אים געשען. ער שרייבט אַ מעלדונג אין דער הויפּט־ביוראָ פון אַלע צפון־לאַגערן, אַז ער וויל גיין פאַרטיידיקן דאָס סאָוויעטישע פאָטעראַלנד קעגן די פאַשיסטישע פאַרכאַפּערס.

אָבער קיין ענטפער באַקומט ער נישט.

דאָס קאָנצענטרירן די פרעמדע בירגער אויפן הויפּט־לאַגער, רופט

אַרויס אויפֿזוכן ביי די נישט־יידישע אַרעסטאַנטן פֿון דאָרט. עפּעס פֿילט זיך אין זיי אָן איינגעשלאָסנקייט, אַ זעלבסט־דיסציפּלינירטקייט, וועלכע מען האָט פֿריער ביי זיי נישט באַמערקט. דאָס באַמערקן נאָר די, וואָס זייער אויפֿגאַבע איז צו וואַכן. וואַניאַ, וואָס פֿלעגט נישט גיין נאָר לויפֿן, איז איצט צוריקגעהאַלטענער. סאַבאַטשאַוו, וואָס פֿלעגט נישט רעדן נאָר שרייען, איז איצט איינגעהאַלטענער. וואַראַניקידזע האָט אויסגעטאָן דעם פּראַק מיטן צילינדער. ער טראָגט אַ געוויינלעכע בלוזע מיט אַ היטל ווי אַלע אַרעסטאַנטן. נאָר הויזן טראָגט ער גוטע, קאַמגאַרנע אין אַ שטרייפֿל. דער לאַגער איז געשפּאַנט, די אַטמאָספֿער אָנגעצויגן. די נאַטשאַלניקעס באַמיִען זיך וואָס ווייניקער ווייזן פֿאַר די אַרעסטאַנטן. נאָר די אַרבעט גייט ווייטער.



ס׳קומען אָן די ווייסע נעכט. פֿאַרנאַכט גייט די זון אַראָפּ ביזן האָריזאָנט צפֿון־מערבֿדיק. זי רוקט זיך איבער אַ ביסל לינקס — און שוין גייט זי ווידער אויף צפֿון־מזרחדיק.

די ערשטע טעג גיט דאָס די, וואָס זענען דאָס ערשטע מאָל פֿאַראַן דאָ אין דער דאָזיקער פֿרי־זומער צייט, אַ מאָדנע געפֿיל, אומרו און פֿאַרוווּנדערונג. אָבער באַלד הויבט עס אָן ווערן אַ לאַסט, אַ זלידנע אָנשיקעניש. מען קאָן פֿונעם טאָג נישט אַנטלויפֿן, מען קאָן זיך פֿון אים נישט באַהאַלטן. די וועלט איז אַ נאַקעטע. קענסט נישט פּטור ווערן נישט פֿון די ביימער, נישט פֿון די שוואַרצע באַראַקן, נישט פֿון די טראַנספּאַרענטן, וואָס דערגייען די יאָרן מיט זייערע לאָזונגען.

דער באַראַק מיט זיינע נאַרעס און שוואַרצע קאָצן זויגן אויס די ראיה פֿון די אויגן. דו קוקסט אויף זיי ביז ס׳הויבט זיך דיר אָן אויסדאַכטן, אַז דו זעעסט נישט. און נישט נאָר דאָס, מען איז ווי בלינד פֿון זען. ווען דער נישט געוווינטער דערצו מענטש זעט כּסדר די זעלבע זאַכן, הויבט זיך אים אָן אויסדאַכטן, אַז ער זעט נישט. און צו זען איז נישטאָ קיין סך. ביימער ערד, הימל, אַ באַראַק, ווידער אַ באַראַק, די זעלבע פּנימער פֿון די אַרעסטאַנטן. ביסט אומאויפֿהערלעך אויף די אויגן פֿון טאָג. יעדער קאָן דיך זען, ווען ער וויל. קאָנסט זיך באַהאַלטן אונטערן קאָץ, אָבער לאַנג קאָן מען דאָרט נישט בלייבן. מ׳דאַרף אָטעמען.

שלאָפֿן אין די ווייסע נעכט איז שווער. מען שלאָפֿט נישט ווי ביינאַכט, נאָר ווי מען וואָלט זיך צוגעלייגט בייטאָג. דאָס רויבט צו די רו. אַ סך

וועקן זיך מיט שרעק, אַז זיי זענען איינגעשלאָפן אינמיטן דער אַרבעט. אַפילו די, וואָס זענען שוין פאַראַן דאָ יאָרן, ווערן אין דער צייט פון די ווייסע נעכט אומרואיק און שלאַבעריק. ס׳ווילט זיך נאַכט. זאָל זיין אַ ווינ־טערדיקע נאַכט מיט שניי און פראָסט, אַבי נאַכט.

די אַרעסטאַנטן גאַרן נאָך אַ ביסל פינצטערניש, אין וועלכער זיי זאָלן זיך קאָנען איינגנורען, אונטערטויכן, פאַרשווונדן ווערן פון יענעמס און פון די אייגענע אויגן. די נאַכט, די געוויינלעכע נאַכט, זינדערט אָפּ. ווי נאָענט דו זאָלסט נישט ליגן לעבן אַ צווייטן, קאָנסטו זיין פון אים מיילן ווייט. די נאַכט, די געוויינלעכע, איז אייגן, אינטים. זי איז ווי אַ פינצטערע הייל, אין וועלכער דו קענסט באַהאַלטן זיך און דיינע יסורים, און אָפּהיטן פון יעדער ווייטיקלעכער באַריִרונג פון אַ פרעמדן. די נאַכט איז ווי באַלזאַם אויף אַ פאַרוווּנדיקט לייב.

אין די ווייסע נעכט, ווען מען שלאָפט שוין איין, שלאָפט מען אוי־בערפלעכלעך און מיט אַ סך חלומות. טייל חלומען וועגן זייערע היימען, וועגן זייערע נאָענטע — טאַטע־מאַמע, ווייב, קינד. ס׳באַפאַלט זיי פון דעם אַ שרעק פון ווייטקייט, פון אָפּגעריסנקייט, פון מלחמה און אומקום.

אין די אמתע נעכט איז מען געשלאָפן טיף, אָן חלומות. דער שלאָף איז געווען ווי אַ נאַכטישער, אָפּגעשניטן פון אַלעם אַרום.

אין די ווייסע נעכט נישט דו קאָנסט שלאָפן, נישט דו קאָסט אויפזיין. ס׳איז ווי דו וואָלסט זיך אָנגעטרונקען מיט אַ לייכטן אַלקאָהאָל, פון וועלכן ס׳ווערט דיר נישט פריילעך, נאָר טרויעריק.



זייט שמעון איז צוריקגעקומען פון סטאַציאָנאַר, דרייט ער זיך אַרום כמעט ליידיק. אין דער אַמבולאַטאָריע איז איצט קיין סך אַרבעט נישטאָ. דער דאָקטאָר אַלעקסעי וואַסיליעוויטש און די סאַניטאַרין וואַליאַ, גיבן זיך גאַנץ גוט אַן עצה מיט דער קליינער צאָל קראַנקע. צו קיין אַלגעמיי־נער אַרבעט שיקט מען נישט שמעונען. פילט ער אויף זיך די בייזע בליקן פון וואַניאַ דעם נאַריאַדטשיק, זעט די געשטשירעטע ציין פון סאַבאַטשאַוון בעת זיי טרעפן זיך. ער באַמערקט, אַז וואָראָניקידזע איז לעצטנס נישט געוואָרן צופרידן פון זיין אָפּטן אַריינקומען צו זיי, צו אים און דינהן. אים דאַכט זיך אַפילו אויס, אַז וואָראָניקידזע האָט פאַר אים מורא. מיידט שמעון אויס דאָס אַריינקומען צו זיי, כאָטש ער ווייסט, אַז דינה איז פון זיין אַריינקומען יאָ צופרידן. זי איז שוין אין לעצטן חודש שוואַנגערשאַפט.

איצט האָט שמעון צייט צו בענקען. ס׳פאַלן פון אים אָוועק די רעשט־לעך פונעם פּאַנצער, וואָס האָט אין אָנהויב פון זיין אַרעסטירט ווערן, צוגעדעקט זיין מוח, זיינע חושים און געפילן און אים אָפּגעטיילט פון דעם גאַנצן אויסטערלישן אַרום. ס׳עפענען זיך ביי אים אַלע קוואַלן פון בענקשאַפט. ער ווייסט אויף זיכער, אַז זיין פאָטער לעבט נישט מער. בעתן אויסברוך פון דער מלחמה איז ער שוין געווען שווער קראַנק, און אין מלחמה־באַדינגונגען האָט ער נישט געהאַט קיין שום מעגלעכקייטן צו בלייבן לעבן. שמעון יאָגט פון זיך דעם געדאַנק. ער וואַרפט זיך פאַר, אַז ס׳איז נישט מאָראַליש צו האָבן אַזעלכע געדאַנקען, אָבער ס׳העלפט נישט. דער געדאַנק לאָזט אים נישט אָפּ, קומט כסדר צוריק. ער בענקט נאָך דער איידעלער מאַמען זיינער, וואָס האָט געטאָן פאַר אים מער ווי פאַר אַלע קינדער אירע. ער בענקט נאָך זיין כלה, מיט די רויטע האָר ווי אַ פלאַם, מיט אירע ראָזאַ, פולע און שמאָלע הענט. ער בענקט נאָך זיינע שוועסטערן, וואָס יעדע פון זיי האָט געהאַט איר באַזונדערע שיינ־קייט און חן. ווי משונהדיק דאָס זאָל נישט זיין, בענקט ער נאָך דינהן. איצט, ווען ער האָט באַמערקט, אַז וואַראַניקידזע וויל נישט ער זאָל אַריינ־קומען צו זיי, דערשרעקט ער זיך פלוצים פאַרן געדאַנק, אַז זי וועט האָבן אַ קינד. ביז איצט האָט ער נאָר געטראַכט וועגן איר שוואַנגערשאַפט. איצט טראַכט ער, אַז זי וועט געבוירן אַ קינד פון וואַראַניקידזען. דאָס איז אַן אַבסורדאַלער געדאַנק, ווי ס׳וואָלט מעגלעך געווען, אַז זי זאָל זיין נאָר שוואַנגער און נישט געבוירן קיין קינד. און דאָך גיט אים דער דאָזיקער געדאַנק נישט קיין רו.

שמעון געהער אָפּיציעל צו דעם אַמבולאַטאָריע־פּערסאָנאַל. דער דאָק־טאָר אַלעקסעי וואַסיליעוויטש, וועלכער פאַרטרעט דעם מאָביליזירטן נאַ־טשאַלניק פון דער סאַניטאַרער אָפּטיילונג, טיילט אים צו דאָס זעלבע צימערל, וועלכעס ער האָט אַמאָל פאַרנומען און ווו ער האָט, אין שכנותדיקן צימערל, געהאַט איבערגעלעבט די אומפאַרגעסלעכע נעכט מיט וויעראַן.

פון דעם אַרומגיין כמעט אַ גאַנצן טאָג ליידיק, שלאָפט ער בייַנאַכט שווער איין. ווען ס׳קומען אָן די ווייסע נעכט — שלאָפט ער אינגאַנצן נישט. ער ליגט מיט אָפענע אויגן. דער טאָג שטייט אין פענצטער, ער שטייט ווי דער סטריעלאָק אויפן וואַך־טורעם. דער טאָג נעמט נישט אַראָפּ קיין אויג פון שמעונען. ער שטייט אויף, נעמט דעם קאָץ און פאַרשטעלט דאָס פענצטער. ס׳איז אים קאַלט צו ליגן אָן קאָץ און סיי ווי העלפט דאָס נישט. דער טאָג שטייט אין צימערל, כאָטש פון פאַרשטעלן דאָס פענצטער ווערט

טונקעלער, אָבער דער באַוווסטזיין, אַז ס'איז טאָג, פֿאַרבלייבט. ס'איז אַ קאָשמאַר.

איינמאָל איז שמעון אַ פֿאַרפֿייניקטער פֿון נישט שלאָפֿן, איינגעדרימלט געוואָרן. ווען ער איז אויפֿגעקומען האָט ער דערפֿילט, אַז זיין געלעגער איז נאַס, אַז ער האָט אין שלאָף געלאָזט אורין. ער האָט זיך פֿאַרשעמט און דערשראָקן פֿאַר דעם מצב, אין וועלכן ער געפֿינט זיך.

ער גייט צום דאָקטאָר און בעט אַן אַרבעט, ביי וועלכער ער זאָל פֿאַקטיש זיין באַשעפֿטיקט. גראָד מאַכט זיך, אַז די הויכע פֿרוי, די סאַן.־אינספּעקטאָרין, ווערט איבערגעשיקט אין אַ צווייטן לאַגער. שמעון ווערט כאַן.־אינספּעקטאָר. אָבער אין צוויי טעג אַרום בעט ער דעם דאָקטאָר באַפֿרייען אים פֿון דער שטעלע. נישט ער קאָן זידלען, נישט ער קאָן שלעפּן און בייטן די אַרעסטאַנטן זיי זאָלן גיין אין באָד. ער כאַפּט אויף דעם שפּאַטישן שמייכל פֿון סאָבאַטשאָוון, ווען ער הערט ווי אַזוי שמעון רעדט צו די אַרעסטאַנטן, עס דערגייט צו אים אַ זאָג פֿון איין אַרעסטאַנט צום צווייטן: — דער איידעלער סאַן.־אינספּעקטאָר איז שוין אַוועק. אין לאַגער איז אַזאַ באַצייכענונג אַ צעשמעטערנדיקע דיסקוואַליפֿיקאַציע.

בעטן דעם דאָקטאָר אַרויסגעשיקט ווערן צו די בריגאַדעס ביי דער אַרבעט, צו דערטיילן הילף אויפֿן אָרט די קראַנק געוואָרענע אַרעסטאַנטן, ווייסט שמעון, אַז ס'האָט קיין זין נישט. קיין וואַלד שניידט מען כמעט נישט. אַזוי אַז דאָס געפֿאַר פֿאַר אַרבעטס־פֿאַרפֿאַלן איז איצט מינימאַל. צו די וואָס קאָנען קראַנק ווערן, גייט אַרויס מיראָנאָוויטש, סוויעטלאַנאַ און חנה, און ס'איז נישט פֿאַראַן קיין שום סיבה מען זאָל נאָך דאַרפֿן שיקן אַ דאָקטאָר.

שמעון באַראַט זיך מיטן דאָקטאָר־נאַטשאַלניק. ער איז גרייט צו גיין אַפֿילו צו אַלגעמיינער אַרבעט. אָבער דער דאָקטאָר זאָגט צו אים זייער שטיל, כמעט קאָנפֿידענציאָנעל: — דאָקטאָר גוטפֿריינד, וואַרט צו נאָך עטלעכע טעג. שמעון וואַרט.



אין איינעם פֿון די נאָענטסטע טעג, ווען דער גאַנצער לאַגער איז ביי דער אַרבעט, עפֿענען זיך די טויערן פֿון דער זאָנע און ס'קומט אַריין אַ גרויסע גרופּע מענטשן. ווען נישט די שטאַרקע וואַך וואָס באַגלייט זיי, וואָלטן זיי אויסגעזען ווי רייזנדערס וואָס זענען נאָר וואָס אַראָפּ פֿון דער באַן און קומען אָן אין וואָקזאַל.

אַלע טראָגן זיי גרויסע וואַליזעס, טייל אַפילו צו צוויי, לעדערנע און פון דיקע טוך־שטאָפן. פאַראַן צווישן די געקומענע אַזעלכע, וואָס זענען מיליטעריש געקליידט, טראָגן מונדירן פון הויכן ראַנג, גענעראַלער און פּולקאָווניקעס. אַנדערע זענען אייראָפּעאיש געקליידט. טייל האַלטן איבער־געוואָרפן איבער די אָרעמס טייערע פוטערס, טייל פּאַלטענעס. זיי גייען נישט אין שורות, ווי מען פירט געוויינלעכע אַרעסטאַנטן, נאָר גייען אַריין אין דער זאַנע אין אַ געדיכטער גרופּע, ביי אַ צוויי הונדערט מענטשן.

מען פירט זיי אַוועק אין אַ ווינקל פון דער זאַנע. אַרום זיי אַ געדיכ־טער קאָרדאָן פון סטריעלקעס. וואַניאַ, דער נאַריאַדטשיק, רופט אויס זייע־רע נעמען שטיל, סאַבאַטשאַוו איז יום־טובדיק צעטומלט. ער לויפט אַהין און לויפט אַהער. פאַרעט זיך ווי ביי אַ גרויס געשעעניש. ענדלעך צעפירט ער די ניי־געקומענע אין פאַרשידענע באַראַקן.

באַלד ווערט אַ טומל. ביי איינעם פון די אַרעסטאַנטן פעלט אַ גרויסע וואַליזע. סאַבאַטשאַוו לויפט ווידער, ער ווייסט שוין ווו צו זוכן. די וואַליזע געפינט זיך אָפּ ביי דעם „רויטן פאַרטיזאַן”, וועלכער איז אַמאָל געקומען מיט אַ שמועס צו שמעונען און האָט אים באַגנבעט.

מען ווערט געוואָר, אַז די געקומענע זענען עוואַקואירט געוואָרן, צו־ליבן דערנענטערן זיך פון די דייטשן, פון אַ מאָסקווער טורמע. איינער פון די גענעראַלער, דערציילט מען, איז דער געוועזענער אַדיוטאַנט פון מאַרשאַל טוכאַטשעווסקי, וועלכער איז דערשאָסן געוואָרן. די אַנדערע מיליטער־לייט האָבן אויך פאַרנומען הויכע שטעלעס אין שטאַבן, וועמענס שעפן זענען ליקווידירט געוואָרן. צווישן די ציווילע איז פאַראַן אַ געוועזענער סאָוויעטישער גענעראַל־קאָנסול אין אַמעריקע, און אַנדערע הויכע באַאַמטע פון דער רעגירונג און קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

די רוסן זענען אַלע דיקע, אַפילו די מיליטער־לייט, מיט בייכער פעטע און קאַרקן, וועלכע די טורמע האָט נאָך נישט באַוויזן ביי זיי צו פאַרצערן, דאַקעגן טיילט זיך אויס צווישן די ניי־געקומענע אַ גרופּע הויכע, שלאַנקע, דאָס זענען פּאָליאַקן. פאַראַן צווישן זיי אַ באַקאַנטער כראַביע, פאַראַן סיים־דעפּוטאַטן, דער עיקר פון פּ.פּ.ס., פאַראַן מעדיצין־דאָקטוירים און אַנדערע דיפּלאָמירטע אינטעליגענטן.

צומאָרגנס פירט מען אַרויס די ניי־געקומענע צו דער אַרבעט. אַלע גייען זיי אין זייער ביז־איצטיקער קליידונג. נאָר איין גענעראַל, אַן על־טערער מענטש, וואָס טראָגט זיין מונדיר, האָט אויף די פּיס שטרויענע לאַפּטשעס, וועלכע מען האָט אים געגעבן אין לאַגער. אַפּנים, אַז אין די הויכע שטיוול זיינע איז אים געווען צו שווער.

זיי גייען אַרויס אונטער אַ פּאַרדרייפּאַכטער וואָך. זיי אַרבעטן ביים פּאַרברייטערן דעם וועג, וואָס פירט צום לאַגער. נעמען זייער אַרבעט זייער ערנסט. בייגן זיך מיט די דיקע בייכער צו דער ערד און מעסטן מיט צענטימעטערס געננוי די ברייט פון דעם וועג, וועלכן זיי דאַרפן מאַכן.

די ניי־געקומענע רוסן האַלטן זיך אין לאַגער מיט די רוסן, אָבער די פּאַליאַקן האַלטן זיך נאָענט מיט די יידן. זיי קומען אין יידישן באַראַק און שמועסן מיט די יידן. דער עיקר איז עס אַ שפּראַך נאָענטקייט. זיי רעדן מיט די יידן פּויליש. דער כראַביע, וועלכער איז אַ גרויסער רייכערער, מיאוסט זיך נישט צו נעמען פון אַ ייד דאָס לעצטע פּיצל נישט־דעררוי־כערטן מאַכאַרקע־פּאַפּיראָס, וועלכער איז אינגאַנצן נאָס פון דעם יידס מויל, אין זיין מויל אַריין, אַבי צו געבן אַ צוויי צי. פון די פּאַליאַקן וואָס זענען געקומען מיטן ערשטן עטאַפּ, צוזאַמען מיט די יידן, איז קיינער אין דעם לאַגער שוין נישטאָ.

נאָכן קומען פון דעם נייעם עטאַפּ אַרעסטאַנטן, שיקט מען צוריק אין די אונטער־פּונקטן די אַרעסטאַנטן, פּרעמדע בירגער, וועלכע מען האָט באַלד נאָכן אויסברוך פון דער מלחמה דאָ קאָנצענטרירט. צוזאַמען מיט זיי שיקט מען אויך אַוועק גרינפּאַרבן, דעם קאָמוניסט. אויף זיין ווענדונג, אַז ער וויל פאַרטיידיקן דאָס סאָוויעטישע פּאַטערלאַנד קעגן די פּאַשיסטישע פּאַרכאַפּערס, האָט ער נאָך אַלץ קיין ענטפער נישט באַקומען.

זיין ביישפּיל האָבן נאָכגעטאָן עטלעכע פּאָליטישע אַרעסטאַנטן. די קרימינעלע פאַרברעכער ווייזן דערוויל נישט אַרויס קיין חשק זיך צו ווענדן מען זאָל זיי שיקן פאַרטיידיקן דאָס סאָוויעטישע פּאַטערלאַנד.



באַלד נאָכן אָנקומען פון דעם נייעם עטאַפּ איז דער נאַטשאַלניק פון פערד־טראַנספּאָרט, דער רוס סמירנאָוו, געוואָרן אַן אָפּטער איינגייער אין דער זאָנע. ביז איצט האָט מען אים זעלטן דאָרט געזען. ער פּלעגט פאַר־ברענגען זיין גאַנצע צייט מיט די פערד. מענטשן האָט ער אויסגעמיטן. ער פּלעגט קומען אין דער זאָנע נאָר דעמאָלט, ווען ער האָט געמוזט. איצט זעט מען אים אָפט. ער קומט צו די אַרעסטאַנטן פון נייעם עטאַפּ. אפשר האָט ער צווישן זיי באַקאַנטע? און אפשר האָט ער סתם אויף זיי רחמנות און וויל מיט זיין אָנוועזנהייט לינדערן זייער דערדריקט געמיט? ווער ווייס. טיילמאָל זעט מען אים טראָגן פּעקלעך, מן־הסתם פאַר די דאָזיקע אַרעסטאַנטן.

ביי איינער אַזאַ געלעגנהייט האָט שמעון געהאַט מיט אים אַ שמועס. פון סמירנאָוון איז ער געוואָר געוואָרן וועגן דעם מצב אויף די פראָנטן. ער איז געוואָר געוואָרן, אַז די דייטשן דערנענטערן זיך אין דער ריכטונג צו מאָסקווע. לענינגראַד איז באַלאַגערט און ווערט סיסטעמאַטיש באַשאָסן פון דער דייטשער אַרטילעריע. די איינוווינער אַנטלויפן פון דיביידע שטעט און זייערע געגנטן, אין אַ בהלה. אין לענינגראַד איז אַ הונגער. כמעט גאַנץ אוקראַינע געפינט זיך אין די דייטשע הענט.

להיפוך צום נאַטשאַלניק פון סטאַציאָנאַר, דעם אוקראַינער, דערציילט דאָס אַלץ דער רוס סמירנאָוו, מיט אַ גרויסער צעבראָכנקייט. מען פילט, אַז ער ווייטיקט דערפון, כאָטש ער אַליין איז אַ קרבן פון דעם איצטיקן רעזשים.

פון דעם געשפּרעך אָן האָט שוין שמעון ווידער אָפּטע ידיעות וועגן דער מלחמה. ער וויל רעדן וועגן דעם וואָס ער האָט זיך דערוווּסט מיט דינהן. וואָס עפּעס דווקא מיט איר? ער ווייסט אַליין נישט. אָבער סיי ווי האָט ער נישט קיין מעגלעכקייט מיט איר צו רעדן. וואַראַניקידזע האָט זיך זייט דער מלחמה אינגאַנצן פאַרענדערט. נישט נאָר אויסערלעך, צוליבן אויסטאָן דעם פראַק מיטן צילינדער, נאָר דער עיקר אינערלעך. ער איז איצט נישט פרייטנלעך צו קיינעם, דאָס וואָס האָט פריער אַזוי דאָמינירט אין אים. צו שמעונען איז ער בפירוש פיינטלעך געשטימט. מען ווייסט אייגנטלעך נישט וואָס פאַרוואָס פאַרנעמט ער איצט. אין דער זאָנע זעט מען אים כמעט נישט. אָבער ס'איז גענוג, אַז שמעון זאָל צופעליק טרעפן דינהן אין דער זאָנע, און ווי נאָר ער באַווייזט איר זאָגן „גוט מאָרגן", וואַקסט שוין אויס לעבן זיי וואַראַניקידזע און נישט קוקנדיק אינגאַנצן אויף שמעונען, זאָגט ער — דינאַטשקאַ, אפשר וואָלסטו אַריינגעגאַנגען אין שטוב אַריין.

שמעון איז שטאַרק באַזאָרגט וועגן דינהס גורל. אין די שלאָפלאָזע נעכט פאַרנעמט זי דאָס גרעסטע אָרט אין זיינע מחשבות. וואַראַניקידזעס פאַרהאַלטן זיך לגבי אים, פילט אים אָן מיט שרעק. אין דעם האַסטיקן איבערגאַנג פון פריינטשאַפט, כמעט ברידערלעכקייט, ביז צו אָפענער שנאה, זעט שמעון וואַראַניקידזעס שווערן כאַראַקטער, וואָס האָט אפשר אַ פּסיכאָפּאַטישן גרונט, און דערפאַר טראַכט ער מיט גרויס זאָרג, ווער ווייסט וואָס דינהן דערוואַרט נאָך פון אים.

צום גליק האָבן זיך געענדיקט די ווייסע נעכט. שמעון איז איצט אַ ביסל מער באַשעפטיקט אין דער אַמבולאַטאָריע. מיטן אָנקומען פון דעם פרישן עטאַפּ אַרעסטאַנטן האָט זיך שטאַרק פאַרגרעסערט די צאָל

באזוכערס אין דער אַמבולאַטאָריע. ווען די נעכט זענען צוריק געוואָרן נאָרמאַלע, מיט זון אונטערגאַנג און פינצטערניש, האָבן די אַרעסטאַנטן אָפּגעעטעמט, זיי זענען געשלאָפן רואיקער. און כאָטש אויף דער וועלט איז אָנגעגאַנגען די בלוטיקסטע פון אַלע ביז־איצטיקע מלחמות, איז דער לאַגער געשלאָפן אין אַ מידקייט און אין אַ פאַרפאַלנקייט.

אויך שמעון איז צוגעפאַלן צו דער פינצטערער נאַכט, ווי צו עפּעס אייגנס, נאָענטס און געשלאָפן אין אַ טיפן שלאָף, אָן קאָשמאַרן, אָן חלומות.



דער נאַטשאַלניק פון פערד־טראַנספּאָרט סמירנאָוו, איז שטאַרק פאַר־זאָרגט. ער האָט מורא, אַז צוליב דער מאָביליזאַציע פון די משא־מאַשינען, און ווען ס׳וועט זיך נאָך אָפּשטעלן די נאַוויגאַציע אויף די טייכן, קאָן ער בלייבן מיט ווייניק, צי גאָר אינגאַנצן אָן פאַשע פאַר די פערד זיינע. אַ חוץ דעם איז בכלל שווער געוואָרן, זייט דער מלחמה, מיט דער אַפּראָ־וויזאַציע, נישט נאָר פאַר די פערד, נאָר אויך פאַר די מענטשן, פאַר די אַרעסטאַנטן.

אָבער סמירנאָוו טראַכט נאָר וועגן די פערד. וועגן די מענטשן דאַרפן טראַכטן אַנדערע. ער קומט צום אויספיר, אַז מען דאַרף שאַפן פאַר די פערד אָן „ערזאַץ״, אַ פאַרטרעטונגס־מיטל אין פאַל ווען ס׳וועט אויספעלן פאַשע.

די בעריאָזעס אין דער טייגע שטייען שוין לאַנג צוריק געדיכט באַ־דעקט מיט בלעטער. מען שאַפט אַ בריגאַדע, וועלכע דאַרף אונטערהאַקן די ביעריאָזעס, אַרומהאַקן די דיקערע צווייגן, און די גאָר דינע מיט די בלע־טער, בינדן אין בעזעמס. דאָס הייסט „וויעט־קאָרמאַ״, שפּייז פון צווייגן.

די ריטלעך מיט די בלעטער, געבונדענע אין בעזימער, לאָדנט מען אָן אויף פורן. מען פירט זיי אַוועק אין אַ פעלד. דאָרטן גראָבט מען גריבער, ווי אויף קאַרטאָפל, מען פאַרזאַלצט געדיכט די בלעטער און מען פאַרשיט די גריבער, מען באַהאַלט די בעזימער אויף ווינטער, „ערזאַץ״־פאַשע פאַר די פערד.

די בריגאַדע וואָס טוט די אַרבעט באַשטייט פון כמעט בלויז יידן פון פוילישן עטאַפּ. ס׳איז נישט קיין שווערע אַרבעט. אונטערהאַקן טאָר מען נישט קיין צו יונגע ביעריאָזעס, ווייל זייערע בלעטער זענען צו קליין, און סתם האַקן אַזעלכעביימער איז אַ פאַרברעכן, פאַר וועלכן מען שיקט אין איזאָלאַטאָר. קיין אַלטע ביימער טאָר מען נישט אונטערהאַקן, ווייל

זייערע בלעטער האָבן נישט קיין גענוגנדיקע זאַפטן און נישט די מינימאַלע נאַרהאַפטיקייט, וועלכע ס'דאַרף האָבן די „ערזאַץ"־שפּייז. אונטערהאַקן אַזאַ אַלטן בוים ער זאָל בלייבן ליגן און פוילן איז אַ פאַרברעכן און פאַר דעם שיקט מען אויף אין איזאָלאַטאָר. האַקן דאַרף מען נאָר יונגעביימער, וועלכע האָבן שוין אַ שיינעם, גענוג גרויסן און זאַפטיקן בלאַט.

אַ סאַך ביעריאָזעס זענען באַזעצט מיט וואַנצן. זיי ליגן אויף די בלעטער, גרינע, ווי די בלעטער גופא. די גרינע פאַרב ביי די וואַנצן, דאָס איז פון דעם מימיקרי־פּראָצעס וואָס זיי מאַכן אַדורך צופּאַסנדיק זיך צום קאָליר פון בלאַט, אַז דער פויגל זאָל זיי נישט באַמערקן און נישט אויפּפרעסן. זיי האָבן נאָך אַן אַפּווער־מיטל, זיי שטינקען פּונקט ווי אַ שטובוואַנץ. אָבער דער טויבער פויגל, דער גלוכאַר, איז נישט פילבאַר אויף דעם עיפּוש פון דעם בוים־וואַנץ, און דעריבער מוזן זיך די וואַנצן פאַרהיטן מיט דער גרינער קאָליר, מען זאָל זיי נישט באַמערקן.

ווען מען גיט מיט דער שאַרף פון דער האַק אַ שניידט זיך אַריין אין בוים אַריין, דערפילט מען ווי ס'וואָלטן פלוצים אָנגעהויבן צו פאַלן דיקע טראָפּנס רעגן. מען הויבט אויף דעם קאָפּ צום הימל. קיין איין וואָלקן איז אויף אים נישטאָ, קיין סימן פון קיין רעגן.

די דיקע טראָפּנס זענען דאָס די וואַנצן, וואָס פאַלן פון די בלעטער פון די ווייסע, שיינע, שלאַנקע ביעראָזע־ביימער. פּלוצים דערפילט מען, אַז עפּעס קריכט אויפן האַלדז. ווען מען נעמט עס אַראָפּ ווערט עס גיך צעקוועטשט און גיט אַרויס אַן עקלדיק געשטאַנק.

די ביימער־וואַנצן זענען נאָך אין זייער אויבערשטער טייל באַדעקט מיט אַ האַרטלעכן פּאַנצער. נידעריקער זענען זיי ווייך ווי בלאָטע. דעריבער ווערן זיי לייכט צעקוועטשט, און דאָס ביסל שטינקענדיקע מאַטעריע רופט אַרויס אַ טיפן עקל.

מיטאַמאָל הויבט זיך די אַרעסטאַנטן וואָס אַרבעטן דערביי, אויסדאַכטן, אַז זיי פילן ווי די וואַנצן קריכן אויף זייערע לייבער. עפּעס איז די שטוב־וואַנץ נאָך נישט אַזוי עקלדיק, כאָטש זי לעבט אויסשליסלעך פון מענטשנס בלוט, ווי אַ בוים־וואַנץ. די אַרעסטאַנטן הויבן אָן אַראָפּציִען פון זיך די בלוזעס און די העמדער, כדי אויסצושאָקלען פון זיי די וואַנצן. כאָטש די אַרבעט איז נישט קיין שווערע און די נאָרמע איז פיר און צוואַנציק בעזעמער, מאַכן די אַרעסטאַנטן נישט די נאָרמע. אַ העלפט פון די אַרבעטס־שעהן פאַרנעמט דאָס אויסטאָן זיך און אויסשאָקלען די וואַנצן. דאָס חזרט זיך איבער אומצאָליקע מאָל אין טאָג.

די טעג זענען זומערדיקע, ווארעמע. די טייגע שטייט אין איר גאַנצער פּראַכט. די ביימער הויך און שטאָלץ, באַדעקט מיט בלעטער און נאָדלען, אָנגעפּילט מיט זאַפטן, פולע מיט לעבנס־חשק. זיי צופוסנס ליגט אויס־געשפּרייט אין טיפן שאָטן דער מאָך, גרין און גאָלדיק, באַצירט מיט שוואַרצע און רויטע קרעלן פון יאַגדעס און באָרוווקעס.

אָבער דאָס איז נאָר לפנים, אויסערלעך אַזוי. צוליב דער געדיכטקייט פון די ביימער, טראָגן זיך שנעל איבער די קראַנקהייטן פון איין בוים אויפן צווייטן. אויף דער געקנייטשטער קאָרע פון די מעכטיקע סאָסנעס, זעט מען אָפט סטרופּעס ווי פון פאַרגליווערטן אייטער. דאָס איז די אויס־גערינענע זשיוויצע פון די סאַמע אינגעווייידן פון בוים, אַ סימן פון אַ ראַק־קראַנקהייט. אָפט ווען מען שניידט אונטער אַ בוים אַ ריז, אַ סאָסנע אָדער אַ ליסטוויענניצע, איז דאָס האַרץ ביי אים אויסגעפרעסן פון באַקטעריעס, אָדער פון שוואָמען־פּאַראַזיטן.

די שיינע, גלייכע און שלאַנקע ביעראָזעס זענען באַזעצט דורך וואַנצן. די אַנדערע ביימער זענען אָפט סתם ווערעמדיק און קראַנק.

די אומענדלעכע וועלדער זענען נישט נאָר אַ ים פון ביימער, נאָר אויך אַ וועלט פון אומברחמנותדיקע פּאַראַזיטן, וואָס פרעסן און רייסן שטיקער פון דעם רייכטום וואָס עס שטעלט מיט זיך פאָר די טייגע.

# דער שניי פּאַלט

דער זומער אין דער טייגע האָט געדויערט זייער קורץ. די אַרעסטאַנטן האָבן נישט באַוויזן גוט אויסצוּוואַרעמען זייערע בייגער — און אין אָנהויב אויגוסט זענען די נעכט שוין געווען גענוג קאַלטע און די טעג בלייכע, אָנעמישע.

אין לאַגער איז געוואָרן שיטערער פון מענטשן. מען האָט אַ טייל פון די אַרעסטאַנטן אַוועקגעשיקט אויף אַרבעטן, וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות מיט דער מלחמה. אַזוי האָבן די פאַרבליבענע אַרעסטאַנטן גערעדט אין געהיים צווישן זיך. מיט די נישט־יידישע אַרעסטאַנטן זענען אויך געשיקט געוואָרן אַ קליינע צאָל יידן פון פּוילישן עטאַפּ, די גאָר געזונטע.

אַ חוץ דעם נאַטשאַלניק פון קאַוווטשע, האָט מען אין לאַגער וועגן דער מלחמה נישט גערעדט. די אַרעסטאַנטן זענען פאַרטעמפּט פון דער טאָג־טעגלעכער אַרבעט, פון דעם געהילעך, וואָס רייסט זיי אויף יעדן פאַרטאָג, פון דעם וואָס די מלחמה האָט מיט גאָרנישט נישט געענדערט דעם שווערן לאַגער־רעזשים.

דער נאַטשאַלניק פון קאַוווטשע רעדט נאָר וועגן די דייטשע אַכזריותן, אָבער ער דערמאָנט נישט מיט קיין וואָרט די מפּלות פון דער רויטער אַרמיי, זאָגט נישט וואָס די דייטשע אַרמייען האָבן שוין אַלץ אין רוסלאַנד פאַרנומען, ווי גרויס עס זענען די קרבנות. דאָס זאָגט ער נישט.

ער האַלט אין איין פאָדערן מען זאָל וואָס מער אַרבעטן, וואָס מער איבער די נאָרמעס. אַלץ וואָס ער זאָגט פאַלט ווי אויף טויבע אויערן. די אַרעסטאַנטן רעאַגירן נישט דערויף, ווי ס׳וואָלט זיי דאָס אַלץ לחלוטין נישט אָנגעגאַנגען. דאַקעגן ווען זיי קומען אין סטאָלאָווע, ווערט זייער אויפמערקזאַמקייט פאַרשאַרפט. זיי באַמערקן באַלד, אַז די פּאַרציעס עסן זענען געוואָרן קלענער.

אין איינעם פון די טעג פון חודש אויגוסט, האָט דער נאַטשאַלניק פון פערד־טראַנספּאָרט, סמירנאָוו, וואָס פלעגט לעצטנס אָפט קומען אין דער

זאַגע, דערציילט שמעונען, אַז אין ראַדיאָ איז געווען אַ ידיעה, דאָס צווישן דעם גענעראַל שיקאָרסקי, דעם פּרעמיער און שעף פון פּוילישן גענעראַל־שטאַב ביי דער פּוילישער עמיגראַציע־רעגירונג אין לאָנדאָן, און דער רעגירונג פון ראַטן־פאַרבאַנד, איז געשלאָסן געוואָרן אַ הסכם. לויט דעם אָפּמאַך דאַרפן אַלע פּוילישע בירגער וואָס געפינען זיך אין ראַטן־פאַרבאַנד אין די לאַגערן, באַפרייט ווערן און ס'דאַרף געגרינדעט ווערן אין ראַטן־פאַרבאַנד אַ פּוילישע אַרמיי צום קאַמף מיט די דייטשן.

די דאָזיקע ידיעה האָט זיך שנעל פאַרשפּרייט אין לאַגער. די נישט־יידישע אַרעסטאַנטן, האָבן זיך נאָך מער ווי ביז איצט פון זיי, פון די יידן פון פּוילישן עטאַפּ, דערווייטערט. דער עיקר האָבן אַזוי געטאָן די רוסן און די אוקראַינער. די ניי־געקומענע פּאָליאַקן, וואָס האָבן זיך געהאַלטן די גאַנצע צייט נאָענט מיט די יידן, געבעטן ביי זיי דעם לעצטן צי פון אַ פּאַפּיראָס־מאַכאָרקע, גוטמוטיק זיך צוגעהערט צו דעם שלעכטן פּויליש פון די פּשוטע יידישע מענטשן, געווען הכנעהדיק, אָן הכנעה, וואָס האָט געוועקט כמעט עקל, אָט די זעלבע פּאָליאַקן, האָבן מיט איין מאָל צוריק באַקומען זייער פּוילישע פּאַריסנקייט און גאווה, און זיך אָנגעהויבן האַלטן פון די יידן — ווייט.

די יידן, פּוילישע בירגער, זענען געווען פון דער ידיעה ווי אונטער אַ שאָק. יעדער האָט געוואָלט אַרויס פון לאַגער. דאָס איז געווען קלאָר. אָבער אַרויסגעלאָזט ווערן פון לאַגער, האָט נישט געהייסן באַפרייט ווערן. האָט ווייט נישט באַדייט קומען אַהיים. די פּאָליאַקן האָבן כאָטש געוווסט, אַז אין דער רגע ווען ס'איז געשלאָסן געוואָרן אַן אָפּמאַך צווישן דעם ראַטן־פאַרבאַנד און דער פּויליש־ער רעגירונג אין לאָנדאָן, וועט שוין די פּוילישע רעגירונג פאַר זיי זאָרגן. די יידן האָבן די דאָזיקע זיכערקייט נישט געהאַט. זיי האָבן צו גוט געקענט די פּאָליאַקן, און אַפילו דער ליבעראַלער גענעראַל שיקאָרסקי, האָט נישט געוועקט אין זיי קיין גרויסן צוטרוי.

אַמקלאָרסטן האָט דאָס אויסגעדריקט דער יונגער בחור, דער איידעלער, בלייכער, וואָס פלעגט שטענדיק געפונען אַ ביסל צייט און לייענען אַ בוך, פון די קאַרגע ביכער, וואָס האָבן זיך געפונען אין קאַווטשע־ביבליאָטעק און געהאַט אַ בולטע פּאַרטייאישע טענדענץ. ער האָט געזאָגט, אַז ער האָט מורא אַרויסצוגיין פון לאַגער. — דאָ האָב איך אַ שטיקל ברויט, אַ דאַך איבערן קאָפּ, די מינימאַלע מעדיצינישע הילף. אָבער וואָס וועל איך טאָן אין אַזאַ גרויסער, פּרעמדער וועלט? ווער וועט זיך אויף מיר אומקוקן? ווער וועט מיר אויסשטרעקן אַ האַנט? ווער וועט מיר קומען צו הילף, ווען כ'וועל זי באַדאַרפן?

אַבער, ער איז געווען דער איינציקער אויסנאַם. דער עולם האָט גע־וואָלט אַרויס פון לאַגער. קודם אַרויס. נאָר קיין ביסל פרייד דערפון איז ביי קיינעם נישטאָ, וואָרעם יעדער ווייסט, אַז ס׳וואַרט אויף אים נישט קיין טאַטע־מאַמע, נישט קיין ווייב און קינד, נאָר בלויז אַ דרויסן, אַ נאַקעטער, פרעמדער דרויסן.



איין מאָל, פאַרטאָג, ווען די בריגאַדעס זענען שוין געשטאַנען אויס־געשטעלט אַרויסצוגיין צו דער אַרבעט, האָט מען געזען ווי דער קאַווּטשע־נאַטשאַלניק גייט אַרויף אויפן גאַנעק וואָס געפינט זיך איבער דער סטאָ־לאָווע.

אַלע האָבן באַלד פאַרשטאַנען, אַז עפּעס וועט ער זאָגן נייעס. וואָרעם פון דעם אָרט פלעגט ער רעדן צו די אַרעסטאַנטן נאָר אין אויסנאַם־פאַלן.

ער האָט אָנגעהויבן אַזוי:

— איך אַליין האָב נישט געהערט, אַבער מען זאָגט, אַז עס זאָל האָבן אָפּגעשלאָסן געוואָרן אַן אָפּמאַך צווישן דער ראַטן־מאַכט און דער פּוילי־שער רעגירונג. נו, אויב אַזוי, זענען מיר דאָך נישט קיין שונאים, נאָר פריינט, דאַרפט איר דאָך אונדז אַוודאי צוהעלפן. דעריבער דאַרפט איר אַרבעטן מיט מער פלייס, מיט מער איבערגעגעבנקייט פאַר אייער און פאַר אונדזער קאַמף מיטן פאַשיסטישן פאַרכאַפּער.

וועגן דעם, אַז לויטן אָפּמאַך דאַרפן די פּוילישע בירגער באַפרייט ווערן פון די לאַגערן — קיין וואָרט נישט.

ווען שמעון קומט דעם פאַרטאָג פון „ראַזוואָד״, פון דעם צעפירן די בריגאַדעס, צוריק אין דער אַמבולאַטאָריע, דערציילט אים די סאַניטאַרין וואַליאַ, אַז דינה האָט אינמיטן דער נאַכט באַקומען ווייען און וואַראַניקידזע האָט זי אָפּגעפירט אין שפּיטאָל.

שמעון בלייבט שטיין אַ צוגעשמידטער צום אָרט. ער ווערט בלייך ווי קאַלך. די סאַניטאַרין שרייט אויס — דאָקטאָר, וואָס איז מיט אייך ? !

שמעון באַהערשט זיך, זעצט זיך אַוועק ביים טיש. נעמט די ליסטע פון די באַפרייטע פון דער אַרבעט אין האַנט. נעמט זי מאַכינאַל. ער פּרובירט לייענען די נעמען און זעט נישט קיין וואָרט. ער לייגט די ליסטע צוריק. שטעלט זיך אויף און ווי ער וואָלט געגאַנגען אויף וואַטענע פיס — דער־שלעפּט ער זיך צו זיין צימערל און וואַרפט זיך אויפן בעט.



צומאַרגנס קומט וואַראַניקידזשע צוריק און דערציילט, אַז דינה האָט געבוירן אַ מיידעלע. אַ האָבן האָט זי געהאַט אַ לייכטס און פילט זיך גאַנץ גוט. דאָס קינד איז געזונט און שיין. דאָס אַלץ דערציילט ער די סאַניטאַרין וואַליאַ, די גריכן. צו איר שטילקייט און איידלקייט ציט אים איצט. שמעון ווערט אַלץ וועגן דינהן געוואָר פון וואַליאַן. אים מיידט וואַראַניקידזע אויס.

די איידעלע וואַליאַ, אַליין אַ פּאַליטישע אַרעסטאַנטין, האָט רחמנות אויף אַלע ליידנדיקע אין לאַגער. זי העלפט יעדן צו מיט וואָס זי קאָן נאָר. אָבער דערביי האָט זי זיך אירע סימפּאַטיעס, וועלכע זי באַשענקט מיט אַ ספּעציעלער אויפמערקזאַמקייט, הערט אויס, ווייטיקט מיט, וויינט אַפילו אויף יענעמס גורל.

איצט איז איר נשמה מיט וואַראַניקידזען. זי דערציילט שמעונען ווי ליב ער האָט דינהן. ווי צוגעבונדן ער איז צו איר, ווי צערטלעך ער באַהאַנדלט זי, ווי גרויס עס איז זיין פרייד מיטן געבוירענעם קינד. זי האָט נאָך קיינמאָל נישט געזען, זאָגט זי צו שמעונען, אַז אַן אַרעסטאַנט, אַ פאַרשלאָסענער אין לאַגער, זאָל קאָנען אַרויסווייזן אַזוי פיל גוטע, איידעלע געפילן, ווי זי זעט דאָס ביי וואַראַניקידזען.

נישט אין אירע רייד, נאָר אין דעם וואַרעמען טאָן זייערן, פילט שמעון, אַז אירע ווערטער זענען געוואָנדן דירעקט צו אים, ווי זי וואָלט געוואָלט פאַרטיידיקן פאַר אים וואַראַניקידזען, אויפקלערן פאַר אים וואַראַניקידזעס געפילן, אונטערשטרייכן זיינע רעכט אויף דינהן, ווי ס׳וואָלט געווען מעגלעך, אַז שמעון זאָל קאָנען עפּעס האָבן קעגן דעם, זאָל זיין באַרעכטיקט צו האָבן זיינע באַוואָרענישן בנוגע דער פאַרבינדונג צווישן וואַראַניקידזען און דינהן.

וואַליאַס אויפן רעדן צו שמעונען, וועקט זיין וואַכזאַמקייט. ער האָט געזען, אַז זייט דעם אויסברוך פון דער מלחמה, האָט וואַראַניקידזע איבגאַנצן געענדערט זיין באַציאונג צו אים. אין אָנהויב, ווען ער האָט זיך פלוצים באַוווסטזיניק געמאַכט, אַז דינה דאַרף געבוירן אַ קינד פון וואַראַניקידזע, האָט ער זיך געטראַכט, אַז וואַראַניקידזעס דערוויטערן אים פון זיין שטוב, איז אַ פאַראויסיקע אייפערזוכט. ער וויל נישט, אַז שמעון זאָל זיין צו היימיש מיט דינהן און זיין קינד. איצט, נאָך וואַליאַס רייד, דערפילט שמעון, אַז וואַראַניקידזע האָט עס געטאָן אין שייכות מיט דער מלחמה, ווי ער וואָלט פאַראויסגעפילט, אַז די מלחמה קאָן אים אַפילו דאָ, אין

לאַגער, דערגרייכן, צעשטערן זיין לעבן, וועלכעס דער גליקלעכער צופאַל האָט אים דערלויבט אויפצובויען. דעריבער וויל ער זיך מיט ווייב און קינד אָפּגרענעצן פון אַלע, ווי דאָס וואָלט אים געקאָנט פאַרהיטן פאַר אַלעם שלעכטן.

מיטאַמאָל שטעלט זיך שמעון אַ גורלדיקע פראַגע: אויב ס'איז אמת, אַז מען וועט באַפרייען פון לאַגער אַלע פּוילישע בירגער, טאָ וואָס וועט זיין מיט דינהן? וואָס וועט זיין מיט איר קינד? ער וווּנדערט זיך אַליין אויף זיך, ווי אַזוי איז מעגלעך, אַז ער זאָל נישט האָבן דערפון ביז איצט געטראַכט? ער איז אינגאַנצן צעטרייסלט פון דער לאַגע. וואָס וועט זיין? וואָס וועט זיין? — רעדט ער צו זיך אַ פאַרצווייפלטער.

אין לאַגער גייט אַלץ אָן ווי פריער. פאַרטאָג דרעזגעט לאַנג דער געהילעך, טעמפּ און מיט כעס דאָס וואָרט „פּאַדיאָם", אויפשטיין! די פאַרטאָגן ווי די אָוונטן, הייבן אָן צו ווערן וואָס אַ מאָל קילער. די בריגאַדעס זאַמלען זיך פאַרן אַרויסגיין פון דער זאָנע. די וואַך איז שטרענג. די בריגאַדירן און די דיעסאַטניקעס ציילן זייערע מענטשן. דער קילער זומערדיקער פאַרטאָג פאַרגרעסערט נאָך דעם אומעט פונעם לאַגער־לעבן. יעדער אַרעסטאַנט טוט זיך אין די דאָזיקע פאַרטאָגן עפּעס דערמאָנען — אַ פאַרטאָגיקער קאַלטער טוי, אַ וואַסער וווּ מען האָט זיך געבאָדן, אַ מיידל, מיט וועלכעס מען איז אַרויס שפּאַצירן. ביי יעדן פון די אַרעסטאַנטן פאַרהאַלט זיך אַזאַ באַלד נישט מער ווי אויף אַ רגע. נישט נאָר די געשרייען פון וואַניאַן און סאַבאַטשאָוון לאָזן נישט טראַכטן, נאָר די אַרעסטאַנטן אַליין האָבן מורא פאַר די דאָזיקע מינוטן פון טרוים, וועלכע קאָנען זיי לייכט אַרויספירן פון גלייכגעוויכט.

דער טאָג־טעגלעכער גאַנג פון לאַגער־לעבן יאָגט פון שמעונען די געדאַנקען וועגן גורל פון דינהן. ווען ער דערמאָנט זיך וועגן איר, באַפאַלט אים אַ שרעק. וואָס וועט וואָראָניקידזע טאָן מיט איר? אין לאַגער האַלטן קאָן ער זי נישט. אין לאַגער איז נישטאָ קיין אָרט פאַר פרייע מענטשן. אָנשטעלן זי אין לאַגער ווי אַ פריי־געדונגענע? וואָס פאַרא קוואַליפיקאַציעס האָט זי? קיין שום. צו קיין פּשוטע אַרבעטן נוצט מען נישט קיין פריי־געדונגענע. אויף דעם זענען דאָ גענוג אַרעסטאַנטן און אַרעסטאַנטינס. שמעון דערמאָנט זיך ווי ער אַליין האָט זיך אַמאָל, באַלד נאָכן אָנקומען אין לאַגער, באַמיט ביים דאָקטאָר אַלעקסעי וואַסיליעוויטש, אַז דינה זאָל ווערן סאַניטאַרין אין דער אַמבולאַטאָריע. דער רוסישער דאָקטאָר האָט אים דעמאָלט אָפּגעשיקט צום לאַגער־נאַטשאַלניק, מיט וועלכן ס'איז אים קיינמאָל נישט אויסגעקומען וועגן דעם צו רעדן.

איצט וואָלט עס וואָראָניקידזע געקאָנט לייכט דערלעדיקן, מיינט שמעון. ער ווייסט אָבער נישט, צי וואָלט מען אָנגענומען אין לאַגער אַ פריי־געדונגענע מיט אַ קינד. ער וויל אימיצן, וואָס איז קאָמפּעטענט אין די לאַגער־געזעצן, וועגן דעם פרעגן. נאָר ער האַלט זיך צוריק דערפון צוליב דער מורא, אַז עס זאָל נישט דערגיין צו וואָראָניקידזען, אַז ער, שמעון, אינטערעסירט זיך אַזוי שטאַרק מיט דינהן.



אַכט טעג נאָכן אָפּפירן דינהן אין שפּיטאָל, ברענגט זי וואָראָניקידזע צוריק מיטן קינד אין לאַגער אַריין. שמעונען ווערט לייכטער דערפון. ער ווייסט נישט פאַרוואָס, נאָר אַזוי איז עס. דאָס ווייסט ער אויף זיכער.

פאַרנאַכט־צו זעט שמעון ווי די אַרעסטאַנטינס פון פרויען־באַראַק גייען צו וואָראָניקידזען אין שטוב, מן־הסתם צו ווינטשן דינהן און זען דאָס קינד. זיי גייען איינציקווייז. די ערשטע גייט מאַרינאַ. אַפילו אָגלי די ציי־גיינערין גייט צו איר. זי גייט די לעצטע.

שמעון באַשליסט אויך אַריינצוגיין צו דינהן. ער וויל זי זען און זען דאָס קינד. ווען ער קלאַפּט אָן אין טיר עפנט אים וואָראָניקידזע. זיין פּנים איז קליין און האַרט. ער זאָגט העפלעך אָבער אַנטשלאָסן, אַז מען קאָן איצט נישט אַריינגיין ווייל דינה שלאָפט. שמעון הערט זייער גוט, ווי פון דער איינציקער שטוב פון וואָראָניקידזע, וווּ ס'געפינט זיך דינה, טראָגן זיך שטימען פון אַ געגנוג הויך געשפּרעך.

שמעון גייט אַוועק פון דער טיר אַ פאַרשעמטער און דערשיטערטער. ווער ווייסט וואָס דער מענטש פאַרטראַכט צו טאָן מיט דינהן — באַפאַלט אים אַ שרעק. אַממיינסטן שרעקט אים דאָס נישט־וויסן, וואָס טראַכט זיך דינה וועגן דעם אַלעם. און אפשר ווייסט זי גאָרנישט וועגן דעם, אַז די פוילישע בירגער דאַרפן באַפרייט ווערן? ווער ווייס. אפשר ווייסט זי יאָ און האָט גאָרנישט אין זינען צו פאַרלאָזן וואָראָניקידזען? ווער ווייס וואָס עס טוט זיך אין אַ נשמה פון אַ זיבעצן־יאָריקע וואָס לעבט דאָס ערשטע מאָל מיט אַ מאַן, זאָל ער אַפילו זיין אַ פאַרברעכער, אַ קאַטאָרזשניק, און האָט פון אים אַ קינד?



דער נאַריאַדטשיק וואַניאַ קומט אַריין פאַרטאָג אין באַראַק פון דעם פוילישן עטאַפּ. ער קומט אַריין אַנדערש ווי אַלע מאָל. געלאַסן רופט ער

אויס די נעמען פון די קראַנקע, באַפרייטע דעם טאָג פון דער אַרבעט. ער קוקט נישט אויף יעדן פון זיי ווי אויף אַ פּערזענלעכן שונא, ווי דאָס פּלעגט זיין ביז איצט. אַרויסגייענדיק זאָגט ער צו די אַרעסטאַנטן וואָס געפינען זיך ביי דער טיר — אין ביוראָ אַרבעט מען ביי טאָג און ביינאַכט ביי צוגרייטן די דאָקומענטן פון די, וואָס דאַרפן באַפרייט ווערן.

שעהן לאַנג אָבסערווירט שמעון די שטוב פון וואַראַניקידזע. ער זעט נישט פון דאָרט אַרויסגיין נישט אים און נישט דינהן. ער איז פול מיט פּחד. ער ווייסט נישט וואָס קומט פאָר ביי זיי. ער שטעלט זיך איין און פרעגט וואַליאַן. זי הייבט אויף אירע טונקעלע אויגן, קוקט אים אָן מיט אַ פאַרהוילענעם בליק און ענטפערט אים נישט.

שמעון ווייסט נישט וואָס געשעט ביי דינהן און וואַראַניקידזען. די טעג גייען. ס'איז שוין סוף אויגוסט. עטלעכע פון די ביי־געקומענע פּאָליאַקן, געוועזענע סיים־דעפּוטאַטן, נעמט מען אַוועק פון לאַגער.



אין איינעם אַ פאַרנאַכט נאָכן צוריקקומען פון דער אַרבעט, זאָגט סאָ־באַטשאָוו אָן אַלע אַרעסטאַנטן פון פּוילישן עטאַפּ, אַז זיי זאָלן גיין אין דער קאַפּטיאָרקע אָפּנעמען זייערע אייגענע מלבושים און אָפּגעבן די אַרעסטאַנטסקע.

ביים רוס מיטן שטאַרק געקנייטשטן פּנים, דעם מאַגאַזינער, איז אַ גע־דראַנג. אַזוי נישט גערן ווי ער האָט געגעבן די אַרעסטאַנטן די מלבושים, נעמט ער זיי נאָך מער נישט גערן צוריק. ער קוקט אין צענדליקער ביכער, אַלע צונויפגעניייטע פון אַלטע צייטונגען, ער טשעפּעט זיך צו יעדן. איינעם פעלט אַ פּאָר שיך, וועלכע ער האָט באַקומען, ווען די פריערדיקע האָבן זיך אים צעריסן. דעם צווייטן פעלן די אָנוצעס. צו יעדן האָט ער טענות און סטראַשעט, אַז זיי וועלן מוזן אָפּאַרבעטן אין לאַגער דעם ווערט פון די פאַרלוירענע זאַכן. ער דראָט טייל אַרעסטאַנטן, אַז זיי האָבן געמאַכט פון די זאַכן אַ תל און ער וועט זיי הייסן באַלד אָפּשיקן דערפאַר אין איזאָלאַ־טאָר. טייל איז ער חושד, אַז די זאַכן וואָס פעלן זיי מכלומרשט, האָבן זיי צוגעגנבעט און זיי וועלן האָבן דערפאַר אַ פּראָצעס.

דער עולם אין דער קאַפּטיאָרקע איז אַ געמישטער. די גרעסטע טייל האָט שוין אָנגעטאָן זייערע אייגענע מלבושים און זענען געקומען אָפּגעבן די אַרעסטאַנטסקע. אַנדערע וואַרטן אויף זייערע פּעקלעך זאַכן בכדי זיך גיין איבערטאָן.

אַ סוף צו דעם איזדעקעווען זיך איבער די אַרעסטאַנטן מאַכט סאַבאַ־טשאָוו. ער קומט אין דער קאַפּטיאַרקע, העלפט צונעמען די זאַכן, יאָגט דעם מאַגאַזינער ער זאָל אַלץ גיך פאַרשרייבן. דער מאַגאַזינער וואַרטשעט — כ'וועל צוליב אייך, פאַרשאַלטענע, שוין קיינמאָל נישט אַרויס פון לאַגער. סאַבאַטשאָוו שרייט צו אים — „מאַלטשי; שווייג! וועסט סיי־ווי פון לאַגער קיינמאָל נישט אַרויס. מאַך אַן עק מיט אָפּנעמען די זאַכן״. ער יאָגט דעם עולם, וואָס דאַרף באַפרייט ווערן, גיין שלאָפן, ווייל ס'וואַרט זיי מאָרגן אַ ווייטער וועג.



שמעון גייט פון די לעצטע אָפּנעמען זיין פעקל זאַכן מיט סאַמעקן. מיט אים איז ער אויך געגאַנגען נאָך זייער אָנקומען אין לאַגער, ווען דער דאַמאָלסטיקער לאַגער־נאַטשאַלניק רייגאַראַדזקי, האָט אים, שמעונען, גע־געבן אַ קוויטל אין דער קאַפּטיאַרקע צו באַקומען מלבושים פון ערשטער קאַטעגאָריע, נייע.

דעמאָלט האָט זיך סאַמעק צעווערטלט מיטן מאַגאַזינער, געקריגט זיך מיט אים צוליב די אַלטע וואַלענקעס, וועלכע ער האָט שמעונען געגעבן שטאָט נייע. אויך איצט בייזערט זיך סאַמעק, וואָס עס דויערט אַזוי לאַנג דאָס אַרויסגעבן די זאַכן — דער דאָקטאָר האָט נישט קיין צייט, ער האָט נאָך אַ סך צו טאָן, גיב אים שוין אַרויס זיין פעקל — שרייט סאַמעק צום מאַגאַזינער איבער די קעפּ פון די אַרעסטאַנטן, וואָס פאַרפולן די קאַפּ־טיאַרקע.

שמעון שטייט אין אַ זייט, רעאַגירט נישט אויף סאַמעקס פאָדערונגען אין זיין נאָמען. ער איז היינט אין דעם זעלבן פסיכישן צושטאַנד ווי ער איז געווען אין די ערשטע טעג נאָך זיין אַרעסטירט ווערן. אַלץ דרויסנדיקע איז פאַר אים פאַרשאַטנט, פאַרשטעלט. ער איז דאַנקבאַר סאַמעקן וואָס ער פאַרנעמט זיך מיט אים ווידער, ווי אין די ערשטע טעג, ווען זיי זענען געווען אויף דער באַרזשע, אויפן וועג אַהער.

שמעון דערמאָנט זיך געגנוי דאָס בילד, ווי ער איז געשטאַנען אַ פאַר־לוירענער ביים הויכן ברעג פון דער צפונדיקער דווינע, לעבן דער הוידנ־דיקער זיך „בריק״ — צוויי לאַנגע ברעטער אָן אָן אָנלען — און ער האָט נישט געוווסט ווי אַזוי ער וועט מיט זיין פעקל צוקומען צו דער באַרזשע, נישט אַריינפאַלן אין די טיפענישן פון די אייליקע כוואַליעס פון טייך. דעמאָלט איז צוגעקומען צו אים סאַמעק און געזאָגט: — גיט מיר, הער

דאָקטאָר, אייער פּעקל, כ'וועל עס אַריבערטראָגן איבער דער בריק — און אים אַ פאַרוווּנדערטן, אַן איבעראַשטן אַרויסגענומען דאָס פּעקל פון די הענט.

ווי אַלץ חזרט זיך איבער, וווּנדערט זיך שמעון. אָבער ער ווייסט, אַז דעמאָלט איז דאָס פאַרפאַנצערטקייט פון זיין מוח געקומען פון די אַזוי ראַש געענדערטע באַדינגונגען, פון משונהדיקן אַרום, אין וועלכן ער איז מיטאַמאָל אַריינגעפאַלן. איצט איז די דרויסנדיקע וועלט פאַר אים פאַר־שטעלט, פאַרשאָטנט, ווייל אַלע זיינע געדאַנקען זענען קאָנצענטרירט אויף איין פראַגע — וואָס וועט זיין מיט דינהן?

אין לאַגער זענען פאַראַן עטלעכע הונדערט יידן, וואָס וועלן אים מאָרגן פאַרלאָזן. שמעון קוקט אויף זיי, ווי יעדער איז אַזוי פאַרנומען מיט זיך — און ער וויל זיי פרעגן, וואָס ער פרעגט זיך אַליין — וואָס וועט זיין מיט דינהן? אָבער ער טוט עס נישט.

ווען סאַמעק נעמט אָפּ שמעונס פּעקל זאַכן, גייען זיי נישט אַריין צו שמעונען אין צימערל לעבן דער אַמבולאַטאָריע, נאָר אין גרויסן באַראַק, ווו ס'שלאָפן ס'רוב יידן פון פּוילישן עטאַפּ און ווו דער דניעוואַלני איז אַ יידישער זייגערמאַכער.

שמעון טוט אַן זיין העל־גרויען, אין אַ קליינער, דראַבנער פּעפּיטאַ, אַנצוג, אין וועלכן מען האָט אים אַרעסטירט אין ביאַליסטאָק. ער טוט אַן אַן אויבער העמד און אַ קראַוואַט. דאָס איז דאָס איינציקע העמד וואָס דער קאָמענדאַנט פון אונטער־פּונקט קאַלצאַוו, האָט אים צוריקגעגעבן, נאָכ־דעם, ווי ער האָט אים באַגגנבעט, בעת שמעון איז דעמאָלט געזעסן אין באַראַק און געוואַרט אויפן סטריעלאָק, וועלכער האָט אים באַדאַרפן אָפּפירן אין איזאָלאַטאָר.

ווען שמעון טוט זיך אַן, באַמערקט סאַמעק ווי אַ סטריעלאָק נעמט אָפּ ביים זייגערמאַכער אַ זייגער. מיט איין בליק דערקענט ער, אַז דאָס איז שמעונס זייגער, וועלכן ער האָט געהאַט פאַרלוירן.

סאַמעק שטייט צו צו שמעונען ער זאָל אַריינגיין צום ספּעציעל באַ־פולמעכטיקטן פון ענקאַוועדע און דערציילן אים די גאַנצע זאַך. שמעון פאָלגט זיך.

אים נעמט אויף אַ הויכער אַפּיציר פון ענקאַוועדע, אַ מענטש אין די פערציקער יאָרן, אַ הויכער, אַ געזונטער, מיט אַ פעסט פאַרזעצטן קאָפּ אויף אַ געזונטן נאַקן. ער ווייזט שמעונען אָן אַ שטול צו זיצן און פרעגט אים — וואָס איז דער ענין?

שמעון דערציילט אים אין קורצן דעם פאַרלויף מיטן זייגער. דער

באַפּולמעכטיקטער פאַרבינדט זיך טעלעפאָניש מיט דעם נאַטשאַלניק פון דער וואַך און באַלד קומט אַריין דער סטריעלאָק, וועלכער האָט דעם זייגער אָפּגענומען.

ער דערציילט, אַז דעם זייגער האָט ער אויסגעבאָרגט ביים קאַסירער פון לאַגער. דער זייגער איז קאַליע געוואָרן, האָט ער אים געגעבן צו פאַר־ריכטן דעם זייגערמאַכער, דעם דניעוואַלני. היינט האָט ער אים אָפּגענומען און צוריקגעגעבן דעם קאַסירער.

מען רופט אַריין דעם קאַסירער. ער זאָגט, אַז ער האָט אַ זייגער, וועלכן ס'האָט אים געגעבן צו באַהאַלטן דער דיעסאָטניק מיעלניקאָוו.

דער באַפּולמעכטיקטער הייסט דעם קאַסירער ברענגען דעם זייגער. ער ברענגט אים. — איז דאָס אייער זייגער? — פרעגט דער באַפּול־מעכטיקטער שמעונען. — יאָ, זיכער, דאָס איז מיינער, — ענטפערט ער.

איצט איז שוין פאַר שמעונען קלאָר, אַז דעם זייגער האָט אים אַרויס־געגנבעט פון קעשענע דער דיעסאָטניק מיעלניקאָוו, וועלכער האָט ספּעציעל איבערגעקערט דעם שליטן און אַריינגעוואָרפן אים אין שניי אַריין.

שמעון דערמאָנט זיך אויך די ווערטער פון דעם האַלב־שכורן נאַטשאַל־ניק פון דער סאַן.־אָפּטיילונג, וועלכער האָט זיך אָנגערופן, ווען שמעון האָט דערציילט אין דער אַמבולאַטאָריע, אַז ער האָט פאַרלוירן דעם זייגער. יענער האָט געזאָגט דעמאָלט — אין לאַגער פאַרלירט מען נישט. אָדער מען גנבעט צו, אָדער מען פאַרקויפט.

מיעלניקאָוו געפינט זיך אויף אַן אונטער־פּונקט. דער באַפּולמעכטיק־טער פאַרבינדט זיך מיטן אונטער־פּונקט. ער הייסט מיעלניקאָוון צוקומען צום טעלעפאָן. ער פרעגט אים פונוואַנען ער האָט דעם זייגער.

מיעלניקאָוו ענטפערט, אַז דעם זייגער האָט ער געהאַט געקויפט ביים דאָקטאָר גוטפריינד. — וויפל האָסטו באַצאָלט? — הונדערט און זעכציק רובל.

— איז דאָס אמת? — פרעגט דער באַפּולמעכטיקטער שמעונען.

— בירגער נאַטשאַלניק, איך האָב קיינמאָל אין לאַגער גאָרנישט פאַר־קויפט. — ער צעלייגט די הענט. — איר קאָנט גלייבן אים, אָדער מיר.

אין לאַגער גלייבט מען נישט קיין אַרעסטאַנט. פאַרן נאַטשאַלניק זיצט שוין אַ פרייער מענטש. דער אָפּיציר שטרעקט אויס די האַנט מיטן זייגע־ און דערלאַנגט אים שמעונען.

שמעון איז צופרידן וואָס סאַמעק איז צו אים צוגעשטאַנען ער זאָל גיין צום באַפּולמעכטיקטן, וואָרעם ער אַליין וואָלט דאָס נישט געטאָן. ס'איז נישט געלעגן אין זיין כאַראַקטער צו גיין מאָנען, זוכן יושר, פאָדערן,

ווען אַפילו דאָס וואָס ער וואָלט געפאָדערט האָט געהערט צו אים. ער האָט זיך געפּאָלגט סאַמעקן און יאָ געגאַנגען, ווייל דאָס האָט געגעבן זיין געדאַנק אַ צייטווייליקע אַנטריננוג פון דעם, וואָס האָט אים כסדר געמאַטערט: וואָס וועט זיין מיט דינהן, און געצוווּנגען אים זיך קאָנצענטרירן אַרום זיינס אַן אייגענער זאַך.

גייענדיק פון באַפּולמעכטיקטן אין דער זאַגע מוז מען אַדורכגיין דאָס הייזל פון דער וואַך. ווען שמעון גייט אַרויף אויף די עטלעכע שטיגלעך וואָס פירן צום אַריינגאַנג, זעט ער פונדערווייטנס אָנקומען אַ גרופּע אַרעס־טאַנטן. ער וואַרט צו אַ רגע און דערקענט אין זיי די יידן, פּוילישע בירגער, פון צווייטן אונטער־פּונקט.

אין דער ערשטער ריי גייט מיט זיין פּעקל אויף די פּלייצעס גריב־פּאַרב. זיין בלייך ווי קאַלך פּנים שטראַלט פון גליק.



אַ גאַנצע נאַכט, פאַרן אַרויסגיין פון לאַגער, האָט שמעון נישט צוגעמאַכט קיין אויג. וואָס קומט פאַר צווישן דינהן און וואַראַניקידזען? חזרט ער איבער פאַר זיך אָן אויפהער. ער וואַרט נישט פון קיינעם קיין ענטפער, פון קיינעם קיין באַשייד.

אין זיין צערודערטקייט שטעלט זיך שמעון די פראַגע: צי וועלן זיי באַשליסן, אַז דינה מיטן קינד גייען אַרויס אויף דער פריי? אָדער פאַרקערט, דינה וועט זיך אָפּזאָגן פון אירע עלטערן, פון אירע נאָענטע, פון איר פאָלק — און בלייבן מיט וואַראַניקידזען, ווען ס׳וועט אפשר געלונגען זי איינצואָרדענען ערגעץ־ווו נאָענט צו זיך?

שמעון ווערט ווילד פון די דאָזיקע געדאַנקען. זיי פּרעסן אים, רויבן זיין ביסל רו אין דער לעצטער נאַכט דאָ אין לאַגער. ער וואַרפט זיך אויף זיין געלעגער פון איין זייט אויף דער צווייטער, וויל כאָטש אויף אַ פּאָר מינוט אַנטדרימלט ווערן, אַנטלויפן פון דעם קאָשמאַר. אָבער ער קאָן נישט. דער קאָשמאַר האַלט אים אין זיינע ביינערדיקע, האַרטע און פעסטע הענט.

פאַרטאָג הערט ער דאָס לעצטע מאָל דאָס דרעזגען פון דעם אייזערנעם לאָם אין דער דיקער שינע. ער טוט זיך אָן אויף גיך, כאָטש ער ווייסט, אַז מיטן „פּאַדיאָם" מיינט מען דאָס מאָל נישט אים. דאָך טוט ער זיך אייליק אָן. ער ווייסט נישט פאַרוואָס ער טוט דאָס.



מען פירט די בריגאַדעס צו דער אַרבעט. די רייען זענען דאָס מאָל געשלאָסענער ווי אַלעמאָל. די אַרעסטאַנטן צונויפגענומען אין זיך. די פּנימער פאַרשלאָסן, די מיילער פאַרביסן. קיין מוזיק שפּילט היינט נישט. מען פילט די משא פון דער שטילקייט.

סאַבאַטשאַוו האַלט אָפן דאָס מויל מיט די גרויסע ציין, אָבער ער שרייט נישט. וואַניאַס אָנגעשפּיצטע אויגן — קוקן זייטיק.

ווען ס׳שליסן זיך נאָך די בריגאַדעס די טויערן עטעמען אַלע אָפּ. די וואָס דאַרפן אַרויס פון לאַגער, דערפילן זיך דאָ מיטאַמאָל היימיש. דאָס באַפרייט ווערן נעמט ביי זיי צו די פּיין פון ביזאַיצטיקן לאַגער־לעבן.

סאַבאַטשאַוו רופט אַלע איבערגעבליבענע אין דער זאָנע זיך צו זאַמלען פאַרן טויער.

איידער זיי גייען צום טויער, גייט שמעון אַריין אין דער אַמבולאַטאָריע זיך געזעגענען. ווען ער קומט אַריין, לויפט פון דאָרט אַרויס דער סאַניטאַר מיראָנאָוויטש, דער עסטאָנער. דער דאָקטאָר אַלעקסעי וואַסיליעוויטש זעט דאָס און גיט צו שמעונען אַ ביטולדיקן מאַך מיט דער האַנט — נישטאָ וועגן וועמען צו רעדן.

שמעון געזעגנט זיך האַרציק מיטן דאָקטאָר, מיט וואַליאַן, ער שטרעקט אויס די האַנט צום דניעוואַלני פון דער אַמבולאַטאָריע, דעם כינעזער וואַן־פו־יען. דאָס ערשטע מאָל זעט ער זיינס אַ האַנט. שטענדיק האַלט דער כינעזער די הענט פאַרשטעקט אין די אַרבל פון דער פופייקע, אָדער בלוזע. די האַנט איז קליין ווי ביי אַ קינד און געל, אָבער האָט אַ שטאַרקן כוח אין זיך. שמעון דערפילט דעם אייזערנעם דרוק פון כינעזערס קליינער האַנט און מעסט אים אָפּ מיט אַ שטוינענדיקן בליק. אויפן כינעזערס פּנים באַווייזט זיך אַ פאַרבאַרגענער שמייכל.

ווען שמעון גייט אַרויס פון דער אַמבולאַטאָריע וואַרט אים אָפּ דער פּוילישער כראַביע און נאָך איינער פון די געבראַכטע פון מאָסקווער טורמע פּאַליאַקן, וועלכע ווערן איצט אויך אַרויסגעלאָזט פון לאַגער. מיט אַן איבערגעטריבענער העפלעכקייט ווענדט זיך דער כראַביע צו שמעונען:

— הער דאָקטאָר, ס׳וואָלט זייער גוט געווען איר זאָלט אויפמערקזאַם מאַכן די יידן, זיי זאָלן זיך פאַרהאַלטן אין וועג רואיק און קולטורעל.

שמעון, וועלכער האָט נישט איינמאָל געזען דעם כראַביע חכנעהדיק זיצן אין באַראַק מיט די יידן, געניסן פון זייערס אַ ביסן ברויט, נעמען אין מויל דאָס אויסגעבעטלטע נאָסע פּיצל פּאַפּיראָס־מאַכאָרקע פון אַ יידיש

מויל, ווערט אויפגעקאָכט. ער קאָן נישט באַהערשן זיין כעס. — פּאַניע כראַביאַ, — ענטפערט ער, — ס'וואָלט נישט אויסגעמאַכט ווען איר אַליין וואָלט זיך אַ ביסל קאָנטראָלירט. ער לאָזט זיי שטיין און גייט איילינק אַוועק.



ביים טויער זענען שוין אַלע פאַרזאַמלט. ס'שטייט אויך גרינפאַרב מיט זיין גרוי זעקל זאַכן. ווען ער דערזעט שמעונען, צעלייגט זיך אַ שמייכל אויף זיין ווייס ווי קאַלך פּנים. אַפילו אין די דאָזיקע געשפּאַנטע מינוטן קאָן פון שמעונען נישט בלייבן אומבאַמערקט די ענדערונג אין גרינפאַרבס פּנים. נישטאָ אין אים די נעכטיקע צעשטראָלטקייט. זיין שמייכל בלאָנדזשעט צווישן האָפענונג און שרעק.

מען עפנט דאָס טויער. ס'שטייט דער זאָנע־קאָמענדאַנט סאָבאָטשאָוו און לעבן אים דער נאַריאַדטשיק, וואַניאַ, מיט אַ פּאַק פּאַפּירן אין די הענט. לעבן טויער — סטריעלקעס. זיי וועלן פירן די אַרויסגעלאָזטע פון לאַגער אין הויפּט־ביוראָ, ביי אַ צוועלף קילאָמעטער ווייט פון דאַנען. דאָרט וועלן זיי באַקומען די באַפרייאונגס־דאָקומענטן. ביז דעמאָלט זענען זיי פאָרמעל אַרעסטאַנטן.

מען רופט אויס ביי די פאַמיליע־נעמען לויטן אַלפאַבעט. שמעון, סאַמעק און גרינפאַרב האָבן דעם זעלבן ערשטן אות אין זייערע פאַמיליע־נעמען. ווען מען רופט אויס דעם אות „ג״ — קומט אויס, אַז דער ערשטער גייט אַרויס פון טויער סאַמעק און אַ ביסל נאָך אים שמעון.

ער שטעלט זיך נישט אין דער ריי, ווי דאָס טוען אַלע אַנדערע, נאָר אין אַ זייט, ווי ער וואָלט אויף עמעצן געוואַרט. ווען סאַמעק זעט דאָס גייט ער אַרויס פון זיין ריי און שטעלט זיך לעבן שמעונען.

מען האָט שוין אויסגערופן אַלע אויף דעם אות „ג״ און מען הייבט אָן רופן אויף „ד״, אָבער גרינפאַרבן רופט מען נישט אויס. ער בלייבט שטיין אויפן אָרט, זיין פּנים ווערט ווי פאַרשטיינערט. ער קוקט מיט זיינע גרויסע ברוינע אויגן אויף וואַניאַס הענט מיט די פּאַפּירן. זיין בליק ציטערט, און אים דאַכט זיך, אַז דאָס ציטערן די פּאַפּירן אין וואַניאַס הענט. וואַניאַ רופט ווייטער מיט אַ געבייזער. ער רופט אויס דעם פאַמיליע־נאָמען און דער באַפרייטער דאַרף דערגענצן מיט זיין נאָמען און מיט זיין פאָטערס נאָמען.

וואַניאַ רופט אויס דינהס פאַמיליע־נאָמען. אָבער קיינער רופט זיך

נישט אָן. ער קוקט זיך אַרום — זי איז נישטאָ, זי איז נישטאָ, טראַכט שמעון. ער קאָן נישט איינשטיין אויפן אָרט. אים ווילט זיך לויפן, אַנטלויפן ווי די אויגן וועלן טראָגן. ער הויבט אויף זיין בליק און זעט סטריעלקעס אָנגעשפּאַרטע אויף זייערע ביקסן.

פון דער זאַנע קומט אַנצולויפן דינה מיטן קינד אויפן לינקן אָרעם און אין דער רעכטער האַנט אַ קעסטעלע. זי זאָגט עפּעס זייער צעטראָגן וואַניאַן. ער מעסט זי אָפּ מיט אַ בייזן בליק און לאָזט זי אַרויס פון טויער.

זי בלייבט שטיין אַ צעטומלטע, קוקט זיך אַרום מיט אַ בליק וואָס זעט נישט, מאַכט נישט קיין טריט.

ס׳גייט צו איר צו שמעון און נעמט ביי איר דאָס קינד. דאָס קינד איז איינגעוויקלט אין אַ וואַרעמע קאָלדרע. ס׳קומט צו סאַמעק און נעמט ביי איר דאָס קעסטעלע. דינה קוקט זיי אָן און רעדט נישט קיין וואָרט. איר פּנים זעט אויס קליין און בלייך אין דעם גרינעם קאָסטיום, אין וועלכן זי איז אַהערגעבראַכט געוואָרן.

שמעון איז אָנגעטאָן אין זיין ווינטערדיקן גראַנאַטענעם פּאַלטן. ער וואַרפט אַ פאַרזאָרגטן בליק אויף דינהס אויסגעוואַקסענעם קאָסטיום. זיין בליק פּאַלט אויפן קעסטעלע אין סאַמעקס האַנט. ס׳איז אַרומגענומען מיט לע־דערנע רימענטן, מיט זיי איז צום קעסטעלע צוגעפעסטיקט אַ שוואַרצע דיקע זאַך. ער דערקענט באַלד וואַראַניקידזעס אונטערגעבעטן פּראַק.

שמעון מיטן קינד אויף דער האַנט שטעלט זיך ווידער אין אַ זייט, לעבן אים דינה און סאַמעק.

ווען מען רופט שוין גאַר ווייטע אותיות — רוקט זיך גרינפּאַרב אַוועק פון טויער. ער בלייבט שטיין אין אַ זייט, ביי אַ שטיקל אָרט, וווּ שטאַט דעם געלן האַלצערנעם פּלויט, איז פאַראַן אַ פאַרצוימונג פון שטעכל־דראָט. ער שטייט און קוקט מיט אַ שטאַרן בליק אויף די פון דער צווייטער זייט לאַגער.

מען ענדיקט דאָס רופן. מען פאַרמאַכט דאָס טויער. גרינפּאַרב בלייבט אינעווייניק. די סטריעלקעס רופן די מענטשן אַנהויבן גיין. שמעון מיטן קינד אין די אָרעמס, דינה און סאַמעק גייען אין דער לעצטער ריי.

עטלעכע מאָל קוקט זיך שמעון אום צום געלן טויער פון דער זאַנע, פון וועלכער די באַפרייטע דערווייטערן זיך וואָס אַ מאָל מער און מער. ער קוקט זיך אום — אפשר וועט זיך באַווייזן וואַראַניקידזע.

יעדעס מאָל טרעפט זיך זיין בליק אָן אויפן טויט־ווייסן פּנים פון גרינפּאַרבן. וואָס מער די גייענדיקע דערווייטערן זיך און גרינפּאַרבס פּנים

דאַרף ווערן קלענער, זעט עס שמעונען אויס וואָס אַ מאָל גרעסער, ביז עס פאַרשטעלט דאָס גאַנצע אָרט אין פּלויט, וועלכעס איז פאַרצויגן מיט שטעכל־דראָט.



דער וועג פאַרקערעוועט אויף רעכטס. דער לאַגער מיטן געלן טויער פאַרשווונדן. ס׳פאַרשווונדט דאָס פּנים פון גרינפאַרבן.

שמעון, דינה און סאַמעק גייען די סאַמע לעצטע פון דער מחנה מענטשן.

ס׳הייבט אָן פאַלן אַ שניי. דער ערשטער שניי. ער איז דין און לייכט. ער פאַלט שטיל און דעקט ווייך צו די שפּורן פון זייערע טריט.

# פּאַרטייטש־רשימה פון פרעמדע ווערטער

אוקאַטשיקעס — די, וואָס צעלייגן דאָס האָלץ לויט די סאָרטן אין באַזונדערע שטאַבלעס.

איזאָלאַטאָר — אַ שטראָף־קאַמער.

אורטשע — ביוראָ פאַר פאַרטיילונג פון ארבעטס־כוח.

בושלאַט — אַ קורץ איבער־מלבוש, אויסגעבעט מיט וואַטע.

באַרזשע — אַ שווערע לאַסט־שיף, געפירט דורך אַ שלעפּ־שיף.

באַנשטשיק — אַ בעדער.

גולאַג — הויפּט־ביוראָ פון אַלע סאָוויעטישע לאַגערן, געפינט זיך אין מאָסקווע.

דניעוואַלני — דער באַראַק־אויפזעער.

דיעסאַטניק — דער, וואָס פאַרצייכנט די אָפּגעטוענע אַרבעט פון די מענטשן פון זיין בריגאַדע.

האַלאַוויק — שלעפּ־שיף.

וואָדאַוואָז — אַן אַרעסטאַנט, וואָס צעפירט וואַסער אין אַ פאַס, אויף אַ וועגעלע.

וויסליאַנאַ — אַ קליין טייכל, וואָס פליסט לעבן דעם לאַגער.

זאָנע — אַ פאַרמאַכטער שטח, אין וועלכן ס׳געפינט זיך דער לאַגער.

זיעמליאַנקע — אַ באַראַק אין דער ערד, אויסגעקלעפּט פון ליים.

זע.־קאַ. — אַן אַרעסטאַנט.

זאַוו.־כאָז. — אויפזעער איבער דער ווירטשאַפט.

זאַם.־קאָמענדאַנט — פאַרטרעטער פון קאָמענדאַנט.

טיעפּלושקעס — פאַרמאַכטע וואַגאָנעס, אין וועלכע ס׳ווערן געוויינטלעך געפירט בהמות.

לאַדיר — לײדיקגייער.

לאַראַק — לאַגער־געוועלבל.

נאַריאַדטשיק — דער, וואָס שטעלט צונויף די רשימות פון די בריגאַדעס.

אַן אַרעסטאַנט, אַ קרימינעלער פאַרברעכער.

נאַריאַדן — אין דעם פאַל — פאַראָרדנונגען אויף צוטיילונגען.

נאַרע — אַ האָלצערנער געשטעל צו שלאָפן, פאַר איינעם אָדער אַ סך מענטשן.

נאַוואַלשטשיק — אַנלאָדענער.
נאָרמיראָוושטשיק — דער, וואָס רעכנט אויס די אָפּגעטועגע אַרבעט, לויט די באַשטימטע נאָרמעס.
נעפּ — נייע עקאָנאָמישע פּאָליטיק, איינגעפירט דורך לענינען אין 1921.

סאַן־אָטדיעל — סאַניטאַרע אָפּטיילונג.
סטאַכאַנאָוויעץ — דער, וואָס אַרבעט אויס איבער דער באַשטימטער נאָרמע.
סושילקע — אַן אָרט ווו מען טריקנט די אַדורכגענעצטע מלבושים פון די אַרעסטאַנטן.
סטריעלאָק — אַ באַוואָפנטער וועכטער, אַ פריי־געדונגענער.
סטאַראָסטע — דער פאַרשטייער פון די אַרעסטאַנטן אין וואַגאָן.
סטאַציאָנאַר — צייטווייליקער שפּיטאָל.
סאָוו.־כאָז. — מלוכהשע לאַנדווירטשאַפט ביים לאַגער.
סטאָלאָווע — דער עס־באַראַק.
סאָוו.־כאָז. — מלוכהשע לאַנדווירטשאַפט ביים לאַגער.
ספּלאַוו — דאָס שיקן דאָס האָלץ מיטן וואַסער.

ענקאַוועדע — פאָלקס־קאָמיסאַריאַט פאַר אינערלעכע ענינים.
עטאַפּ — אַרעסטאַנטן געפירטע דורך באַוואָפנטע וואַכן פון איין אַרעסט־אָרט צום צווייטן.
עשעלאָן — אין דעם פאַל — אַ באַן מיט אַרעסטאַנטן באַוואַכטע פון ענקאַוועדע־זעלנער.

פופייקע — וואַטענער־שפּענצער מיט אַרבל.
פּעדיאַטריע — די לערע פון היילן קינדער־קראַנקהייטן.
פּעדאָלאָגיע — די לערע וועגן דער נאַטור פון קינדער.

קאַוועטשע — קולטור־דערציערישע אָפּטיילונג.
קיפּיאַטאָק — געקאָכט הייס וואַסער.
קיפּיאַטילקע — אַ שטוב מיט אַ גרויסן קעסל, ווו מען קאָכט דאָס וואַסער.
קאַפּטיאָרקע — מאַגאַזין, ווו מען גיט אַרויס דאָס לאַגער־אַנטועכץ און מען גיט צו באַהאַלטן די אייגענע מלבושים.
קאַטער — אַ קליינע שלעפּ־שיף.
ראַזוואָד — דאָס אַרויספירן צו דער אַרבעט.

ראַזסטריעל — דערשיסונג.

שפּאַלעס — שוועלן אונטערצולייגן אונטער באַן־רעלסן.

## ביכער פון דעם זעלבן מחבר

**לידער פון דער נאַכט** — פאַרלאַג א. ב. צעראַטאַ, פאריז, 1950.

מיינע ווארשעווער הייף:

**אַ הויף אויף פאַקאָרנע** — (באַנד 1 און 2) — מיט צייכענונגען פון א. מערזער. — פאַרלאַג י. ל. פרץ, תל־אביב, 1959.

**ר׳ זלמן** — מיט צייכענונגען פון א. קאָלניק. — פאַרלאַג י. ל. פרץ, תל־אביב, 1960.

מיינע ווארשעווער הייף:

**אַ הויף אויף מוראַנאָוו** — (באַנד 1 און 2) — פאַרלאַג י. ל. פרץ, תל־אביב, 1962.

**אַמאָל...** (דערציילונגען). — פאַרלאַג י. ל. פרץ, תל־אביב, 1963.

**מיט יענעם און מיט זיך** — (ליטעראַרישע עסייען). — פאַרלאַג י. ל. פרץ, תל־אביב, 1964.

**ר׳ תנחום** — פראַלאַג י. ל .פרץ, תל־אביב, 1966.

**עברית:**

**חצר בפוקורנה** — תרגם מיידיש והקדים מבוא **דב סדן**. — מוסד ביאַליק, ירושלים, 1968.

**ר׳ תנחום** — תורגם מיידיש בידי אליהו פורת ז״ל וחיים פלג — עם עובד, ספריה לעם, 1968.